עמנואל רינגעלבלום

# כתבים פון געטאָ

באַנד צוויי

## נאָטיצן און אָפּהאַנדלונגען
(1943—1942)

מיט אַ צוגאָב־אָפּטייל פון רינגעלבלומס גישט פאַרעפנטלעכטע
און ניי אָפּגעפונענע נאָטיצן און פאַרצייכענונגען
(אָפּקלויב פון יוסף קערמיש, יד־ושם, ירושלים)




פאַרלאַג י. ל. פרץ תל־אביב, תשמ״ה—1985

**Emanuel Ringelblum**

**WRITINGS FROM THE WARSAW GHETTO**

***Volume* II**

**(1942 — 1943)**

**די ערשטע אויפלאַגע פון בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם**
ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע 1963, אין פאַרלאַג „ייִדיש בוך״
**און צוגעגרייט צום דרוק און מיט הערות פון:**
**א. אייזענבאַך, ט. בערענשטיין, ב. מאַרק, אַ. רוטקאָווסקי**

**פאַרלאַג י.ל. פרץ, תל־אביב, רח' ברנר 14**
**I.L. Peretz Publishing House**
**14, Brener Str., Tel-Aviv, ISRAEL**

**נדפס בישראל, תשמ״ה**
**Printed in Israel, 1985**

**אַרויסגעגעבן דורך דעם רינגעלבלום־אינסטיטוט, תל־אביב, מיט דער מיטהילף פון: קרן להנצחת זכרה של יהדות פולין, פון סאָניע און בצלאל קאַסטנער־פאָנד א.ג. פון מלך ראַוויטש ביים י.ל. פרץ־פאַרלאַג, און פון די חברים: רבקה און יהושע גאָלדבערג (שיע משעכעווער), ליבער אַנשל (לואיס) און גאָלדע קליינמינץ, און ישראל גלאַט, צום אָנדענק פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי, דער חברטע גיטעלע גלאַט און זייערע צוויי קינדער, משהלע און חוהלע, דערמאָרדעטע דורך די נאַציִשע רוצחים.**

**המילואים בסדר חדש — לינוטור, ת״א, רח' יסוד־המעלה 39**
**הדפסה — דפוס אופסט „ראם״, תל־אביב**



3 פון די 10 מעטאלענע קעסטלעך אין וועלכע עמנואל רינגעלבלום האָט אויסבאַהאַלטן די מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען דער ערשטער טייל פון זיין אונטערערדישן ארכיוו און דער ערשטער טייל פון זיינע כתבים.

אין סעפטעמבער 1946 יאָר זענען אונטער די חורבות פון הויז אויף נאַוואָליפּקי 68 די דאָזיקע קעסטלעך געפונען געוואָרן.



מעטאַלענע קעסטלעך און מילכקאַנען אין וועלכע ס'זענען פאַרבאַהאַלטן געוואָרן דאָקומענטן און מאַטעריאַלן פון אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו ווי אויך רינגעלבלומס פאַרצייכענונגען, אויסגעגראָבן דעם 1טן דעצעמבער 1950 אויף נאָוואָליפּקי 68.

* *
*

דער דאָזיקער באַנד נעמט אַרום די כתבים, וועלכע ע. רינגעל־בלום האָט געשריבן אין דער צייט פון האַרבסט 1942 ביז אָנהייב 1944 (פרילינג). דאָס זענען נאָטיצן, ביאָגראַמען פון באַקאַנטע וויסנ־שאַפטלער, שרייבער, זשורנאַליסטן, אַרטיסטן, פּעדאַגאָגן, טוער פון געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו און ווידערשטאַנד־באַוועגונג. חוץ דעם איז דאָ פאַראַן אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן יידיש־פּוילישע באַציונגען אין דער צייט פון די אָקופּאַציע־יאָרן. די אָפּהאַנדלונג איז געשריבן אין דער פּוילישער שפּראַך און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש דורך ב. מאַרק.

די נאָטיצן האָט ע. רינגעלבלום אָנגעשריבן נאָך אין וואַרשע־ווער געטאָ, פאַר אַפּריל 1943, דאַקעגן די אַנדערע כתבים — אויף דער אַרישער זייט, אין בונקער אויף גרויעצקע גאַס 81. די נאָטיצן האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט אין צווייטן טייל פון אונטערערדישן גע־טאָ־אַרכיוו (אונטער די חורבות פון הויז נאָוואָליפּקי 68). די אַנדע־רע מאַטעריאַלן האָט דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט באַקו־מען פון א. בערמאַן, דעם פאָרשטייער פון אונטערערדישן יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט בשעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, וועמען ע. רינגעלבלום האָט דעמלט איבערגעגעבן די אויבן דערמאָנטע כתבים.

אַלע כתבים זענען געדרוקט אָן שום ענ־ערונגען. בלויז אין איי־ניקע פאַלן האָט די רעדאַקציע געענדערט די אינטערפּונקציע, בכדי דער זאַץ זאָל זיין פאַרשטענדלעך. אַלע הערות און אויפקלערונגען אונטערן טעקסט זענען פון דער רעדאַקציע.

# דער אומשלאַגפּלאַץ — זיין איסזען

די העלדישע שוועסטערס — די איינציקע, וואָס אָן געלט געראטעוועט. שמערלינג [1] — דער תלין מיט דער בייטש. די סצענעס פון לאָדענען אין די וואַגאָנען. — דער פּליים פון דער ייד. פּאָליציי. — דאָס צערייסן עלטערן פון קינדער, פרויען פון מענער. הרב קאנאל [2], לובלינער. — דערשיסונגען אויפן פּלאַץ פון די, וואָס ביינאַכט געפּרוווט אנטלויפן דורך לעכער אין די ווענט. — באפרייונג אלס פארשטעלטע דאָקטוירים. קראנקןשוועסטער — פּארטוכער געראטעוועט הונדערטער אינטעליגענץ, אָנגעשמעלטע פון ק.א.ם., קהלה-רעמבא [3] — אויפן פּלאַץ. —

דער גרויסער בעטריב. שמערלינג — פארברעכערישער ריז מיט א קאנטשיק אין דער האנט. נושא חן געווען ביי יענע. נישט איין מאָל האָט ער אראָפּגעריסן נומערלעך ביי פּאָליציאנטן, וואָס האָבן געראטעוועט יידן פון אומשלאַג. געטרייער אויספירער פון זייערע [4] פאראָרדנונגען. — איינגעפירט קאָנטראָל פון קראנקן-שוועסטערס, ווייל [זיי האָבן] ארויסגעלאָזט אָן געלט. — גרויסער כאַבארניק. פאר א קעפּל גענומען איבער 1000 זל.

---

[1] מיעטשיסלאַוו שמערלינג, געוו. באָקסער פון „מכבי", אָפיציר פון אָרדנונגס-דינסט און קאָמענדאַנט פון אומשלאַג-פּלאַץ, זיך אויסגעצייכנט מיט אַכזריות לגבי די יידן. די ייד. קאַמפס-אָרגאַניזאַציע האָט אויף אים אַרויסגעגעבן אַ טויט-אורטייל.

[2] יצחק-מאיר קאַנאַל (1860—1942), עלטסטער וואַרשעווער רב, וויצע-פּאָרזיצער פון אגודת הרבנים אין פוילן, געפּרוווט אויפן אומשלאַג-פּלאַץ אַרויסרייסן אַ ביקס ביי אַ זעלנער, כדי צו ווערן דערשאָסן אויפן אָרט און קומען צו קבר ישראל.

[3] נחום רעמבאַ (1910—1943), לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פון דערציונגס-אָפּטיילונג פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע, פּאָרזיצער פון פּראָפאַריין פון קהילה-אָנגעשטעלטע און טוער פון דער דעמאָקראַטיש-ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „על המשמר", אונטערערדישער טוער אין וואַרשעווער געטאָ. זיך אויסגעצייכנט ביים ראַטעווען מענטשן פון אומשלאַג-פּלאַץ. געשריבן אַ טאָגבוך, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען. איין פראַגמענט פונעם טאָגבוך, וואָס שילדערט קאָרטשאַקס לעצטן וועג, ציטירט רינגעלבלום אין זיין פוילישער אַרבעט „די פּויליש-יידישער באַציונגען בעת דער צווייטער וועלט-מלחמה". אומגעקומען אין מאַידאַנעק.

[4] פון די דייטשן.

דער רוב באפרייט ביינאכט — אונטערגעקויפט די וואך ביים טויער. - געמאכט ריזיקע געלטער די פאָליציאַנטן, אויך פאָגאָטאָוויע[5] געמאכט גרויסע געלטער ביים באפרייען. געזעלש[אפטלעכע] אינסטיטוציעס געשאפן א פאָנד אויף ראטעווען די אינטעליגענץ. —

די טראגעדיע פון די געכאפטע 2—3 און 5 מאָל. — מוטער נישט געוואָלט גיין אָנעם קינד, טאַטע נישט געוואָלט גיין אָן פרוי א.א.וו. און דערנאָך אַלע געגאנגען אין וואגאָן. צוליב קינדער זענען הונדערטער פאמיליעס געגאנגען אויפן אומשלאג.

ביים מאנגל פון קאָנטינגענט די דייטשן געכאפט, געפירט דירעקט אין וואגאָן אריין, נישט אויפן אומשלאַג, נאָר דירעקט אין די וואגאָנען.

12.000 געהרגעטע בשעת דער איבערזידלונג.

## דער זש. ט. ס.

דער פונאנדערפאַל פון דער מעכטיקער אָרגאניזאציע. — אויב אַן אַרבעטס-געטאָ, נישטאָ קיין פלאַץ פאר סאָצ[יאלער] הילף. — די ערשטע קרבנות — די פליטים-פונקטן. צווישן אנדערע דער ארבעטסווארשטאט דזשיקע 3 פאר יוגנט. — די ליקווידאציע פון קינדער-אינטערנאטן און יתומים-הייזער. — די ליקווידאציע פון קינדער-גערטנדל ביי טעבענסן (300 קינדער). — די פרוון פון סאָצ. הילף אין די שאָפּן. — די נויטווענדיקייט פארן אקטיוו.

די באאמטע פון דער קהלה אלס כאפערס. — דאָקטוירים א.א. אין בענדל „אומזידלונגסאקציאָן"[6] געזען א מיטל פון הילף. — די באציונג פון זש.ט.ס. — אָנגעשטעלטע. — די שנאה פון דער פאָליציי און קהלה צום זש.ט.ס. אָפענע און געהיימע צירקולארן וועגן זש.ט.ס.

יענע[7] סוף כל סוף גענומען זיך צום ק.אָ.ם.[8], הגם אָפיציעל אין דער ערשטער מודעה געהייסן האָנאָרירן [די לעגיטימאציעס]. שרעקלעכע שחיטה פון ק.אָ.ם. איינגלידערונג פון ק.אָ.ם. אין קהלה. — די רעדוקציע פון 3000 אויף 150, און דערנאָך אויף 75.

די אינפלאציע פון די זש.ט.ס. לעגיטימאציעס. — געראטעוועט הונדערטער שרייבער, ליטעראטן.

---

5 גיבע-חילף — דעק-אינסטיטוציע פון „דרייצנטל".

6 אויפן אָרעם-באַנד פון די אָנגעשטעלטע אין דער גירוש-אַקציע איז געווען אָנגעשריבן אין דייטש: „יודענראַט אין וואַרשאַו, אומזידלונגסאַקציאָן" מיטן שטעמפל פון יודענראַט און אַ נומער.

7 די דייטשן.

8 ראשי תיבות פון פויליש: „קאָמיטעט אָפיעקי מיעסקעי" — שטאָטישער הילפס-קאָמיטעט, אין געטאָ האָט די פונקציע אויסגעפירט דער זש. ט. ס. („די געזעלשאַפט פאַר סאָציאַלער הילף").

ווײעליקאָווסקי [9] נעמט צו דעם שטעמפּל. האָרנשטיין גנבעט נאָך דעם בײַ ראָמאַניענקאָן [10] די שטעמפּלען. איך קריג געשלאָגן פון פּירסטן [11]. די אויפרעגונג פון קהלה־באַאמטע. באָרנשטיין — דער רעטער [?]. דער צענטער פון אַלע גרופּירונגען.

## געלאָפן פון וואַגאָן!

די וואָס האָבן געהאַט פּראַקטיק. יונגע, מאַנסבילן. איינער געלאָפן 2 מאָל, אָרגאַניזירט 8 שפּרינגערס.

## ווידערשטאַנד

דער ייִד פון קליינעם געטאָ, וואָס אַנגעכאַפּט פאַרן גאָרגל אַ דײַטש. יענער דערשאָסן, געוואָרן ווילד און דערשאָסן אין הויף 13 ייִדן (פּאַנסקאַ, אָדער טוואַרדאַ). — דער ייִד פון נאַלעווקעס אַרויסגעריסן די ביקס דעם אוקראַינער און אַנטלאָפן.

די ראָל פון דער יוגנט. — די איינציקע, וואָס געבליבן אויפן שלאַכט־פעלד, ראָמאַנטיקער, פאַנטאַזיאָרן. — שמואל [12] נישט געקענט איבער־לעבן די טראַגעדיע פון געטאָ. — די באַשלוסן פון די ריכטונגען [13]. דער פּרווו [14] פון שרפה 6 סעפּטעמבער. — די אויפרופן באַטראַכט פאַר פּראָ־וואָקאַציע. דער שאָס אויף שערינסקין [15].

---

[9] גאַמזיי (גוסטאַוו) ווײעליקאָווסקי, וויצע־פּאָרזיצער פון ־ יודענראַט און מיטגליד פון פּרעזידיום פון דער ייִדישער סאָציאַלער אַליין־הילף אין ג. ג. דער־שאָסן געוואָרן דורך די דײַטשן אין די ערשטע טעג פונעם געטאָ־אויפשטאַנד.

[10] שמואל (מוניא) האָרענשטיין, לײַטער פון שול־אָפּטײלונג און אַ געווויס־צײַט אויך — סעקרעטאַר פון יודענראַט. געשטאַנען אין אַ קאָנטאַקט מיט דער ייִדישער אונטערערד. ראָמאַניענקאָ — וואַרשעווער אַ וועכטער אינעם יודענראַט.

[11] ישראל פּירסט, געוו. פאַרוואַלטער פון ייִדישן סטודענטן־הויז אין וואַר־שע, לײַטער פון ווירטשאַפט־אָפּטײלונג פונעם יודענראַט, פאַרטרויונגס־מאַן פון די דײַטשן. דעם 29־טן נאָוועמבער 1942 דערשאָסן געוואָרן דורך דער ייִד. קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

[12] וואַרשעווער שמואל בראַסלאַוו (1920—1942), פון השומר הצעיר, וועל־כער האָט זיך דעם 3 סעפּטעמבער 1942 געוואָרפן מיט אַ מעסער אויף געסטאַפּאָ־לײַט אויף גענשע גאַס און איז אומגעקומען אין אומגלײַכן קאַמף.

[13] נישט געקוקט אויף דער שטעלונג פון דער מערהייט אָנטײלנעמער אויף דער געהיימער קאָנפערענץ פון די פאָרשטייער פון אַלע געטאָ־ריכטונגען (בײַם אָנהייב פון דער ערשטער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ אין יולי 1942) זיך אָפּצוהאַלטן פון ווידערשטאַנד, האָבן די פּאָטענציעלע ווידערשטאַנד־כוחות: די פּ.פּ.ר. (קאָמוניסטן), השומר הצעיר, החלוץ און בונד, מאָביליזירט זייערע קאַמפּס־גרופּן.

[14] אַ חלוצישע גרופּע האָט אונטערגעצונדן אַ מאַגאַזין פון דײַטשישן רוי־שטאָף.

[15] דעם 25־טן אויגוסט 1942 איז געפאַלן דער ערשטער שאָס פון דעם עקיבא־מיטגליד, ישראל קאַנאַל, געווענדט אין דעם אָרדנונגס־דינסט־שעף שע־

די גרופּע מרעגער, וואָס האָט פארלוירן די פאמיליעס, און חלומט וועגן נקמה, גרייט צו געבן געלט. — דער געדאנק וועגן קוילנזייער אלס אָפּוועדמיטל קעגן דער ייד. פּאָליציי. — יוגנט, פּארטיזאנער[16], דיווער־סיע־אַקטן. —

## אָרדנונגסדינסט

די דאנקבארקייט[17]. צוגענומען די פרויען, געשיקט אויף אר־בעטסלאגערן ייד. פּאָליציאנטן — אנטדעקער פון באהעלטענישן, פון קע־לערן, בוידעמער.

כאפּערס: פּאַנגאָטאָוויע, אָנגעשטעלטע פון לוויה־חברות, באאמטע פון קהלה מיטן בענדל „אומזידלונגסדינסט". אָפּגעשאפּן אלע אָפּאַס־קעס[18] — אלע יידן זענען גלייך.

וואָס איז געשען מיט דער ייד. פּאָליציי? 300 געבליבן[19], די גרעסטע לאַפּאָוויקעס. א טייל אויף פּלאַצוווקעס.

שנאה פון דער ייד. מאסע נאָך דער אקציע[20]. — אלס ציוויליסטן[21] דערקלערט, אז זיי האָבן זיך נישט באטייליקט אין דער אקציע. — די שנאה צו זיי גרעסער ווי צו דייטשן. — דער ווילן צו נעמען אין זיי נקמה. — אנדערע פארטיידיקער: זיי זענען פלייש פון אונדזער פלייש. — זייער טירוין: מיין שוועסטער, מיין מוטער אויך צוגענומען. — אלץ ביי זיי די פראגע פון א קעפּל[22]. — האַנדל מיט קעפּלעך אין טעג פון קאָנטינגענטן. — אריינגעשריבן אין ביכל: אזויפיל און אזויפיל קעפּלעך צוגעשטעלט. — געקומען אויף דזשיקע 3[23] און געבעטן ברויט, ווייל ער האָט צוגעשטעלט איבערן קאָנטינגענט. — פון וואנען נעמט זיך אזא דעמאָראליזאציע, פון

---

רינסקי. דער רעוואָלווער, פון וועלכן קאַנאַל האָט געשאָסן, איז אַריינגעשיקט געוואָרן דורך דער פּ. פּ. ר. פון דער „אַרישער זייט".

[16] אין דער צייט פון דער צווייטער העלפט פון דער ערשטער ליקווידאַציע האָט די אונטערערד גענומען אינטענסיוו אַרויסציען יידישע יוגנטלעכע צו די פּאַרטיזאַנער.

[17] געמיינט איראָניש: די „דאַנקבאַרקייט" פון די דייטשן פאַר דער יידי־שער פּאָליציי, וואָס האָט אַזוי אייפעריק געהאָלפן דורכפירן די ליקווידיר־אַקציע.

[18] אָפּגעשאַפן אַלע אַנדערע בענדער, וועלכע האָבן פריער פּריווילעגירט גע־וויסע גרופן אין געטאָ.

[19] פריער איז געווען אַרום 2400 יידישע אָרדנונגס־דינסט־לייט, דערנאָך 1600, נאָך דער ליקווידיר־אַקציע זענען 1300 רעדוצירט געוואָרן.

[20] נאָך דער דעפּאָרטאַציע קיין טרעבלינקע.

[21] נאָכדעם ווי מען האָט זיי באַזייטיקט פון אָרדנונגס־דינסט.

[22] אַ געכאַפּטן ייד האָט מען אינעם פּאָליציייאישן זשאַרגאָן גערופן — „אַ קעפּל".

[23] דאָס הויז אויף דזשיקע 3 האָט זיך געפונען אַ קעגן דעם אומשלאַג־פּלאַץ. דאָ איז געווען אַ זאַמל־פּונקט און איינע פון די קאָמענדאַטורן פון דער יידישער פּאָליציי.

וואנען אזויפיל היצלעס? אַן אַדוואָקאַט זיך גערימט פאר מיר, אז 1000 יידן ארויפגעלאָדנט אויפן וואָגן.

ייד. פּאָליציי טראכטן איצט סוף אָקטאָבער 42 וועגן כאַפּן א ייד, נעמען אים אויפן אומשלאג און אויף זיין אָרט באפרייען פאר 5000 זל. אַן אַנדערן פון אומשלאַג.

## יום כיפור, 22 סעפטעמבער

דער טאָג פון סעלעקציע אין די שאָפּן. — שחיטה פון פרויען, קינדער, אומלעגאלע. — פּאָרויסגעזען, אז יום כיפור וועט עפּעס פּאָרקומען. — דאָס ערשטע יאָר 1939 — באַמבארדירונג פון יידישן געטאָ אין ווארשע; 1940 — די אנטשטייונג פון געטאָ; 1941 — די אויסזידלונג פון שעננא (?).

דער מנהג פון פייניקן יידן אין די שטעט אין יום־כיפור. די בלאָקאַדע פון די דייטשע און יידישע בעל הבתים, סעלעקציע כלומרשט פאַכמעניש, פאקטיש לויט כאבאר. — די „גוטע“ דייטשן ווערן שלעכטע, למשל טעבענס[24].

## דער קעסל אויף ניסקאַ

6 סעפטעמבער — די אכזריות. אין מיטן נאכט געמאָלדן לייקינען[25], אז מאָרגן ביז 10 מוזן אלע יידן זיין אין פירעק: גענשע, סמאָטשע, ניסקא, זאמענהאָף. — צוליב סעלעקציע און אויסכאפּן אומלעגאלע — שחיטה 25.000 און אפשר מער מענטשן. פון די ארויסגערייניקטע בלאָקן— געהייסן אלעמען ארויס פון די בלאָקן, באשטימט פאר יעדן שאָפּ 2—3 הייזער, דער רוב אויפן פעלד. — א טייל שאָפּן דעם זעלבן טאָג צוריקגעקומען אין זייערע דירות, אנדערע ערשט דעם צווייטן, דריטן טאָג.
„אַלעשמי זראָבילי לאדני קאָטשיאָלעק“ [26] — האָט געזאָגט דער אָנפירער פון דער אומזידלונגסאקציע וויטאסעק[27].

---

24 וואַלטער קאַספער טעבענס, אייגנטימער פון די גרויסע שניידער־שאָפּן, וועלכער איז סוף יאַנואַר 1943 באַשטימט געוואָרן דורך אָדיל גלאָבאָצניק פאַרן באַפולמעכטיקן פון דער דעפּאָרטאַציע אין די לאַגערן פּאָניאַטאָווע און טראַווניקי.

25 יאַקוב לייקין, פון פאַך אַן אַדוואָקאַט, שעף פון אָרדנונגס־דינסט נאָכן אַטענטאַט אויף שערינסקין, אָנפירער פון דעם גירוש, דערשאָסן געוואָרן דורך דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע דעם 20 אָקטאָבער 1942.

26 פּויליש: מיר האָבן געמאַכט אַ פיינעם קעסל.

27 פונקציאָנאַר פון דעם רעפעראַט פאַר יידישע ענינים ביי דער געסטאַפּאָ אין וואַרשע. געהערט צו דער פאַרניכטונגס־קאָמאַנדאָ, וואָס האָט דורכגעפירט דעם גירוש קיין טרעבלינקע אין די חדשים יולי—סעפטעמבער 1942.

די צענדליקער טויזנטער געבליבענע אויף ניסקאָ — די כסדרדיקע שחיטות. אין איין דירה אויף וואלינסקא — 70 הרוגים. — אין 2 טעג 1000 הרוגים געבראכט אויפן בית־עולם, הונדערטער הרוגים אויף די גאסן. בשעת דער סעלעקציע, אלע געקניט אויף די שטיינער.

הונדערטער און טויזנטער מענטשן א גאנצע וואָך געלעגן אין באַהעלטעניש אָן וואסער (געפּלאַצט א רער), אָן עסן.

## וויאַזוי איז פאָרגעקומען די סעלעקציע?

אין דער קהלה אָנגעשטעלטע ביי 3000, די איבעריקע גאנצע אָפּטיילונגען אוועקגעשיקט אויפן „אומשלאג". — ביי האלמאנען אָפּגעציילט 700 און אויפן אָרט פון די איבעריקע 30 סטאָלערס געגומען פרויען און קינדער. — ביי די בערשטער אָפּגעציילט 1200 און דעם רעשט אוועקגעשיקט מעכאַניש; צווישן אנדערן דעם הלוצישן שאָפּ מיט ווערטפולע יונגנט.

טויזנטער מענטשן, וואָס גערואמעוועט זיך א גאנצע צייט אדאנק באַהעלטעניש, איצט געגאנגען אויף ניסקא, ווייל געמיינט, אז מען פאַרלאָזט דאָס געטאָ אויף שטענדיק. דער צוועק: ארויסבאקומען די נסתרים געלונגען. צענדליקער טויזנטער געגומען פון ניסקא.

## קאָן און העלער

דערהרגעט קאָן און העלער און דערנאָך ערליכן. די סיבה: זייער אינטערווענץ אויפן אומשלאגפּלאַץ און דאָס באפרייען פון א סך מענטשן פאר געלט און נישט בלויז פאר געלט. — אין זייער שטוב זיך אויסבאהאלטן א סך חסידים. — קאָנטאַקט מיט די רביים. — געוואָרנט וועגן אָנהייב פון דער אַקציע פון אומזידלונג, הגם טשערניאַקאָוו אָפּגעלייקנט. — געפּרוווט מיט געלט מילדערן די אקציע. — ארויסגעגעבן באשטעטיקונגען וועגן מיטארבעט אין דער פירמע קאָן און העלער פאר ליטעראטן, שרייבער, אַרטיסטן א.א. — גערעכנט אלע, אז זיי וועלן איבערנעמען די קהלה.

## פאָרגעשיכטע פון דער איבערזידלונג

בריוו פון לובלין — שאַמעק גראיער [28] וועגן 60.000 יידן אין וואַרשע וועגן אָן ארבעטסגעטאָ. — בריוו פון וולאָדאווע וועגן א מזבח [29], וואָס ווערט געגרייט בשכנות פון ווארשע. — דער קלאַנג וועגן פּעלצאַווייזגע. — די וואָרנונגען פון קאָן און העלער. — די דראָונג פון ס.ס. וועגן בלוטיקן דערשטיקן די פאָרשטייער פון די קלאַגנגען.

---

[28] יידישער געסטאַפּאָ־אַגענט פון לובלין, געקומען קיין וואַרשע העלפן די היטלעריסטן צורעדן די יידן צו פאָרן אין די לאַגערן אין לובלינער געגנט.

[29] וועגן דעם טויט־לאַגער אין טרעבלינקע.

דאָס אָנקומען פון לאַטישן [30] די צוגרייטונגען פון ספּעציעלע וואַגאָנען קיין טרעבלינקי.

## די אַנטשטייונג פון די בלאָקן

די שחיטה ביי שולצן [31], נאָוואָליפּיע. די ערשטע דייטשע בלאָקאַדע, גענומען טויזנטער מענטשן, באַשטימט אַ האַלבן טאָג צום איבערציען זיך. דאָס זעלבע „טעבענס“. — די מעשים פון „יידעלעך“, וועלכע האָבן אונטערגערוקט אַזעלכע פּלענער. די מענטשלעכע האַנדלונג פון האַלמאַנען [32], געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די הויז־קאָמיטעטן וועגן בהדרגהדיקן איבערגעבן דירות.

## די בלאָקן אַלס באַזונדערע געטאָס

אייגענע בעקערייען, אַפּטייקן, שפּייז־געוועלבער, שוסטערס, פריזיערס, אפילו שולעכלעך. — באַזונדערע שטעטלעך, אפילו מיט אַ לאָקאַלפּאַטריאָטיזם — בנוגע געלט־זאַמלונג.

די היגיענע פון די שאָפּן: געלטער פאַר אָנקומען אין שאָפּן, געלטער פאַר יעדער רעיעסטראַציע.

די כלומרשטע אַרבעט פון די שאָפּן בשעת בלאָקאַדעס. — אַנטשטאַנען גיך, נישט געהאַט קיין באַשטעלונגען, נישט געהאַט קיין רוישטאָף, לאָזן די פאַבריקן נאָר ווען דייטשן קומען; ביי די בערשטער דאָס זעלבע.

די שאָפּן אַלס פאַרהיטונגסמיטל. פון אָנהייב — גענומען נעכטיקן מיט די פאַמיליעס אין די שאָפּן. — פון דאַנען געדראַנק פון בלאָקן. — די שחיטה אויף נאָוואָליפּיע.

## פאַרוואָס?

וואַרשע, דעם 15 אָקטאָבער 1942

פאַרוואָס האָט מען זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט בעת מען איז צוגעטרעטן אויסצוזידלען 300.000 יידן פון וואַרשע? פאַרוואָס האָט מען זיך געלאָזט פירן ווי שעפּעלעך אין שעכט־הויז? פאַרוואָס איז עס אָנגעקומען אַזוי לייכט, אַזוי גלאַטיק דעם שונא? פאַרוואָס איז נישט געפאַלן קיין איין קרבן מצד די תליינים? פאַרוואָס האָבן 50 ס.ס.־לייט (אַנדערע זאָגן אפילו ווייניקער) מיט דער הילף פון אַן אָפּטיילונג פון 200

[30] פּריוואַוויליקע לעטישע פאַשיסטן, וואָס האָבן געדינט אין די „אַסקאַרן“־אָפּטיילונגען (געהילפס־ס. ס.).

[31] אינעם שאָפּ פון דייטש פריץ שולץ אויף לעשנאָ און נאָוואָליפּיע.

[32] בערנהאַרד האַלמאַן, אַ דייטש, — אייגנטימער פון שאָפּ פון האָלץ־אויסאַרבעטונגען אויף נאָוואָליפּקי 52.

אוקראַינער[33] און אַזויפיל לאָטישן געקענט אדורכפירן אַזוי רייבונגסלאָז?...

די הונדערט פון 13־טל, וואָס געכאַפּט אויף יענער זייט; ליטעווסקאַ[34] — זייער צענטראַלע, שטערנפעלד[35] דער אָנפירער...

## דאָס אויסזען פון אַ בלאָקאַדע

— 1)יידישע, 2) דייטשע, 3) געמישטע. לכתחילה בלויז יידישע, שפּעטער געמישטע, טייל מאָל בלויז דייטשע. אַלע אויפן הויף, קאָנטראָל פון פּאַפּירן, אויפגעריסן אַלע טירן און טויערן.

דייטש. בלאָקאַדעס מיט אוקראַינער, יעדער טויער באַזעצט מיט אַן אָרדנונגס־מאַן, שיסערייען אויף אָפּצושרעקן. — געקראָכן אויף די דעכער, אַריינגעקוקט אין קוימען. — אין פאַבריקן אויסגעשטעלט אין די רייען. סעלעקציע ביי די בערשטער — אויפן אויג אָן פּאַפּירן. —

די שאָפּן אַלס פּולאַפּקעס — אַרויסגענומען די בעסטע פאַכמענער.

„אַפּאַטהעקער“ — געלאַכט — צוגענומען. — אינטעליגענץ צוגענומען, געקוקט אויף די הענט נקי כפּימניקעס — ביוראָ אָנגעשטעלטע — צוגענומען.

אַ פאַרטיע גייט בלויז אין אַרבעטס קליידער, אין שטעקשיך, אויפן וועג באַגלייטונג פון אוקראַינער, כסדר געשאָסן. —

סעלעקציע אויף דער גאַס פון גאַנצע בלאָקן. לכתחילה פּאַפּירן, שפּעטער לויטן פּנים (געפאַרבט די גרויע האָר). —

אָפּגעשווירן אַלע בערד, אַראָפּגעוואָרפן די קאַפּאָטעס, פּאות. אַ גאַנצן טאָג אָפּגעשטאָרבן די גאַס, גאָר נאָך די בלאָקאַדעס און 5 פאַרטאָג ביז 7 — באַוועגונג פון איין גאַס אין דער צווייטער ווו שוין געווען אַ בלאָקאַדע. יענע פלעגן אָבער טאָג ביי טאָג מאכן בלאָקאַדעס אין דער זעלבער געגנט. —

די ייד. אַגענטן אינפאָרמירט וועגן די שטימונגען, וועגן דעם אופן פון אויסבאַהאַלטן זיך.

די ראָל פון די שאָפּ־איינגטימער ביי די בלאָקאַדעס. — מיטהילף מיט ס.ס. דאָס אַריינגנאַרן דעם עולם, למשל טעבענס־גיסקאַ 65; ער וויל אויכהיטן פאַר אַ בלאָקאַדע, צוגענומען דאָ די גאַנצע וועשעריי.

ייד. דירעקטאָרן העלפן מיט ביים כאַפּן אומלעגאַלע, למשל ביי האַלמאַנען.

## באַהעלטענישן

1)אין שטובן, 2) בוידעמער, 3) קעלערם און חורבות.

דאָפּלטע ווענט, פאַרמויערטע אַלקאָווס, פאַרשטעלטע ביידעמער,

---

33 די אוקראַינישע הילפס־פאָרמאַציע פון ס. ס.

34 אַ נאָמען פון אַ גאַס אין וואַרשע.

35 דוד שטערנפעלד, נאָענטער מיטאַרבעטער פון גאַנצווייכן, אַ געסטאַפּאָאַגענט.

שאַפּעס צוגערוקט צו ווענט און פּאַרדעקט, לעצטע־צימערן, אין געוועלבער פאַרמאַכט פון דרויסן. — קעלערס אויף די שטאָקן, סכראָנעס — טראַנספּאָרמאַטאָרן.

די לערע פון דער פּראָווינץ יושב בסתר?[36] קליינע קינדער דורך געווײַן אויסגעגעבן באַהעלטעניש. הריגות אין באַהעלטעניש, דאָך אַ גרויסער אויפטו — אויסבאַהאַלטן.

די קאָן־העלער־וועגן מיט די געכאַפּטע — איינס פון די שווידערלעכסטע בילדער. — געוואַלדן און געשרייען פון די געכאַפּטע. — קלעפּ פון פּאָליציאַנטן. אויך [זע] אַמפּערט זיך מיט פּאָליציאַנטן. — אויפנאַמעס פון הויז־קאָמיטעטן פאַר פּאָליציאַנטן פאַרן מילדן אַדורכפירן די בלאָקאַדעס. — אָגראָדאָווע 5 — געראַטעוועט אפילו קראַנקע.

פּאָליציאַנטן גייען אַוועק מיט פולע זעק פּראָדוקטן און זאַכן. אַ פרוי מיטגענומען 2 מיל. זל. און געגאַנגען דירעקט אין וואַגאָן. קריגערס, דעב בערשטערס פרוי, געגאַנגען אין וואַגאָן מיט אַ האַלבן מיליאָן און אַ סך חפצים.

## שאָפּן

אַפּראָוויזאַציע פון די שאָפּן — די פאַרשיידענע סיסטעמען גנבות און גזלות פון די מאַכערס, למשל ברויט פאַרערגערט, אַראָפּגענומען דאָס בעסערע אויף זעמל. —

## באַשפּייזונג און ריסטונג־צענטראַלע[37] —

אַרבעטס־רעגולאַמין פון די שאָפּן. אַרבעטסצייט זומער פון 7 ביז 7; קיין לוין, פאַרבאָט. אָ.ב.וו.[38] די ייד. נייגונג צו סאַבאָטאַזש.

ביי שולצן 2 בלוזעס[39], שווערע אַרבעט, ווייניק אַפּראָוויזאַציע, די איינציקע הילף — דאָס „שאַברירן", ד.ה. פאַרקויפן די זאַכן פון די אויסגעזידלטע — ראַבירונגען ביזן היינטיקן טאָג, האַנדל.

קאָנפיסקאַטע פון דעם פאַרמעגן אויפן שטח פון שאָפּן. נייע טעאָריע: אַלץ וואָס אויפן שטח פון שאָפּ, געהערט צו דער פירמע — נישט געשריבענע קאָנסטיטוציע.

פּשעפּוסטקעס אויף אַרויספירן זאַכן פון שאָפּ־טערען פאַר מענטשן, וואָס ווינען אויסער דעם טערען.

שפּראַך. אַלץ אַריבער אויף דייטש, אַלע אויפשריפטן, די קאָרעספּאָנדענץ ביי האַלמאַנען — אויף דייטש.

---

[36] עברית: פאַרשטעקן זיך אין אַ באַהעלטעניש.

[37] די באַוואָפענונג־צענטראַלע פון דער ווערמאַכט.

[38] די פירמע „אָסט־דויטשע באַוטישלערײַ־ווערקשטעטע" אויף גענשע גאַס.

[39] דער אַרבעטער איז מחויב אויפצונייען צוויי בלוזעס אַ טאָג.

וו ע ר ק ש ו ץ. (ווערקשטוץ) — געוו. פּאָליציאַנטן, שמוגלער, אונ־טערוועלט א.א. הויפּטפּאַרדינסט פון אומלעגאַלע, פון שמוגלער, אומ־לעגאַלע בעקערייען.

געסטאַפּאָווייעץ קאָנראַד[40]. טעבענס פּיקטיווער שאָפּ. אַפּערע, צו־גענומען געלט און געשיקט אויפן אומשלאַג, צוגענומען מאַשינען, וואָס יידן האָבן איינגעשטעלט.

אַ פּ ר אָ וו י ז אַ צ י ע. 10 זל. פון א קאָפּ ביי שולצן פאַר די נישט־באַשעפטיקטע, וועלכע באַקומען אַפּראָוויזאַציע.

1) פ א ר ד י נ ס ט פ ו ן ל ע ב ע ד י ק ע ר ס ח ו ר ה, פון האַנדל מיט גומערלעד.

ד י כ ס ד ר ד י ק ע אויספּאַמפּונג פון די שאָפּ־אַרבעטער דורך די דייטשע אונטערנעמער פאַרן רעכט צו לעבן. למשל האָפמאַן[41] באַשטייערונג פון אַלע פּאַרמעגלעכע. דאָס זעלבע פון אַנדערע שאָפּן, כדי דער דייטש זאָל האָבן אַן אינטערעס צו פאַרטיידיקן זיינע יידן.

2) פ א ר ד י נ ס ט פ ו ן ד ע ר פּ ר אָ ד ו ק צ י ע: ווייזט אויס לעצטנס קלענערע, דעריבער 3) פ א ר ד י נ ס ט פ ו ן ד ע ר אַ פּ ר אָ־ ו ו י ז א צ י ע. עס ווערט פאַרקויפט אויפן פרייען מאַרק די לעבנסמיטל, וואָס ווערן צוגעטיילט דורך דער ריסטונגס־קאָמאַנדע. —

## דער סאַניטאַרער מצב פון שאָפּן

פּאַרמאַכט די אַמבולאַטאָריע ביי די בערשטער. — צוגענומען כמעט אַלע אַפּטייקן, אפילו אויפן שטח פון שאָפּן. —

## דירות־פאַרהעלטענישן

שוידערלעכע ענגשאַפט ביי שולצן, טעבענסן א.א. בעסערע ביי האַלמאַנען. — דאָס באַפאָרצוגן די דירעקציע מיט זייערע מקורבים. 8—10 אַרבעטער ביי טעבענסן אין א צימער, א סך דירות ביי שולצן אָן באַלויכטונג און גאַז, צוליב דעם וויל די פריערדיקע בעל הבתים נישט באַצאָלט פאַר באַלויכטונג.

ד י ר ו ת אָ ן פ ר ו י ע ן — דעריבער שמוציקע, פאַרלאָזטע.

## דער מרחק צווישן וווינונגס־בלאָק און אַרבעטס־אָרט

פאַראַן א גאַנצע ריי שאָפּן, וו דער מרחק א גרויסער, מען מוז אויפשטיין האַלב 6 פרי צו דער אַרבעט, גיין א וויטן מהלך און ע־שט

[40] פראַנץ קאָנראַד, אַן ס. ס.־מאַן, לייטער פון „ווערטערפאַסונגסשטעלע", פאַרמשפּט צום טויט אין יולי 1951 דורך א ספּעציעלן געריכט אין וואַרשע.

[41] ווילפריד האָפמאַן, א דייטש, איינגנטימער פון א באַקליידונגס־שאָפּ אויף נאַוואָליפּקי 51 א.

שפּעטער אין אָוונט, אזייגער 6 אַהיימגיין, אָן עפּעס וואַרעמס א גאנצן טאָג. פאַרוואַנדלט די מענטשן אין אמתע שקלאַפן.

פּוילישע אַרבעטער פּרוּוון אריינצוברענגען צו קורט רעהריכן [42], נישט איינגעגעבן, ווייל באַיקאָטירט פּויל. אַרבעטער. נישט געוואָלט מיט זיי האַנדלען. —

די אַנאָנסן אין דער פּויל. פּרעסע פון שולצן און טעבענסן, אַז מען זוכט פּויל. שניידער. די אַנאָנסן אַ טובה פאַר יידן.

די קלאַנגען וועגן באשעפטיקן קריגסגעפאַנגענע שטאָט יידן. שולין שותף, פּיל (?) בעקעריי, מיל, קאַנטינע, אַנאַליזן (אַ העלפּט פאַר שולצן) צוגענומען אַלץ אויפן טערען. פאָטאָגראַפיעס.

1 מיל[יאָן] אַ וואָך טעבענס [43].

דעצ.[עמבער?] צוגענומען אפּראָוויזאציע פון קראַנקע.

אַרבעטער־סאָלידאַריטעט — מען שאַפט קאַסעס פון קעגנזייטיקער הילף ביי שולצן, האַלמאַנען — אין פאַל פון קראַנקהייט.

ביי שולצן קאָן אַן אַרבעטערין נישט אויסאַרבעטן קיין 2 מונדירן, צאָלט מען גוטע פאַכמענער.

## אומזיסטע אַרבעט

אַלע מוזן אומזיסט אַרבעטן: דער אַרבעטער פון שאָפּ, דער שניידער, דער שוסטער, דער פריזיער, דער דאָקטאָר א.א. — מענטשן לעבן פון פאַרראַטן אָדער פון „שאַברירן". — זייט דער איבערזידלונג אויפגעהערט צו צאָלן אפילו די אַרבעטער, וואָס האָבן פריער געאַרבעט אין שאָפּן און באַקומען א הונגער לוין. דער מייסטער פון האַלמאַנען, וואָס האָט פריער פאַרדינט 100 זל. אַ טאָג צאָלט היינט פאַר דער אַפּראָוויזאציע 30 זל. א טאָג. יידן טאָרן נישט באַקומען קיין לוין, אויך באַאַמטע פון קהלה און אַנדערע אינסטיטוציעס.

די דירעקטאָרן פון אַ טייל וואַרשטאַטן, אַז אַזוי ווי זיי האָבן געראַטעוועט דאָס לעבן פון זייער אַרבעטער, האָבן זיי רעכט צו פאַרלאַנגען פון זיי אומזיסטע אַרבעט. דערביי זאָל דער באַטרעפנדער אַליין זאָרגן פאַר זיין אַפּראָוויזירונג. בכלל באַטראַכטן זיך די דירעקטאָרן פון שאָפּן פאַר בעלי־טובות, וועלכע עס איז אַלץ דערלויבט און זייערע אַרבעטער טאָרן נישט טאָן קיין פּיפּס. — זיי פירן א לעבן א סך א בעסערס, ווי פאַר דער מלחמה, אויפן חשבון פון די אַרבעטנדיקע, וועלכע ווערן אין כמעט אַלע שאָפּן באַגנבעט און באַגזלט. אין האַלמאַנס־שאָפּ ווערט דאָס צוגעטיילטע מעל פאַרנוצט אויף באַקן זעמל און גראַהאַמקעס פאַר די די־

42 אַ דויטש, אַן אייגנטימער פון אַ שאָפּ פון רימער־אויסאַרבעטונגען אויף באָוואָליפּיע 80.

43 טעבענס ציט אַרויס אַ וואָך אַ מיליאָן זל.

רעקטאָרן און זייערע מקורבים. אין דערמיט ווערט געבאקן שלעכט ברויט, וואָס מאכט קראנק די ארבעט[ער], דאָס הארט ווייניק די דירעקטאָרן.

## אומזיכערקייט. אומקלאָרקייט פון דער לאַגע

ט ע ר מ י ן. דער דאַמאָקלעס-שווערד פון פארניכטונג הענגט כסדר איבער די קעפ פון די ווארשעווער יידן. זייער גורל איז געבונדן מיט די שאָפּן. ווי לאַנג זיי האָבן באשטעלונגען, אזוי לאַנג האָבן די יידן לעבנסרעכט. איז אָבער די מעשה אזעלכע, אז נישט אַלע שאָפּן האָבן באשטעלונגען אויף א לאנגער צייט. נישט לאנג (מיט אָקטאָבער) האָט שולץ באַקומען באשטעלונגען און רוישטאָף ביז אַפּריל — איז געווען א שמחה אומעטום. מען האָט געטרונקען לחיים, געמאַכט פארוויילונגען ובדומה. איבער געוויסע שאָפּן הענגט ווידער דאַמאָקלעס-שווערד — דער קורצער טערמין. צו אזעלכע שאָפּן געהערט דער בעסטער אין געזעלשאפטלעכן זין דער א.ב.וו.-שאָפּ. (אויסדויטשע בויטישלעריי-ווערקשטעטן), וועמענס טערמין עס האָט זיך געענדיקט דעם 20 אָקטאָבער. סוף כל סוף האָט מען פארלענגערט דעם טערמין אויף ווייטערדיקע 30 טעג. לאָמיר זיך אריינטראכטן אין די נשמות פון די מענטשן, וואָס זייער גורל איז געבונדן [מיטן] שאָפּ. הערט אויף צו עקזיסטירן דער שאָפּ, פארלירן זיי זייער לעבנסרעכט. זיי בלייבן מענטשן אָן נומערלעך, אָן דירות, אָן אַפּראָוויזאציע-קארטן.

## צייכנס פון מאָדערנע שקלאַפן

1) נומערירט און געשטעמפּלט.

2) ווינען אין קאָשאַרן, אפילו אָן די פרויען.

3) צונעמען די פרויען און קינדער, ווייל שקלאפן דארפן נישט האָבן קיין פאמיליעס.

4) גייען מחנות-ווייז און נישט איינצעלן.

5) שלאָגן און טעראָריזירן בשעת דער ארבעט.

6) אוממענטשלעכע עקספּלאָאַטאַציע (אקאָרד ביי שולצן) וואָס דערמאָנט די „קולים“.

7) פארבאָט פון יעטוועדער אָרגאניזאציע.

8) פארבאָט פון יעטוועדן פּראָטעסט און אומצופרידנקייט.

9) דאָס לעבן פון יעדן שקלאַף אָפּהענגיק פון האַר און זיין יידישן העלפער, יעדע מינוט קאָן יעדער געשיקט ווערן אויפן אומשלאַגפלאַץ.

10) די מערדערלעכע דיסציפּלין און דאָס שיקן אין צוואנגס-לאַגערן (שולץ), פאר פארשפּעטיקונג.

11) דער צוואנג צו ארבעטן אפילו ביי טעמפּעראטור.

12 ערגער ווי שקלאפן, ווייל מוזן זאָרגן פאר אייגענער אַפּראָוויזאציע.

13) קאָנפיסקאטע פון פארמעגן פון אַנדערע פאמיליע־מיטגלידער, ווייל אָפּגעשאפן דאָס ירושה־רעכט.

14 פארשלאָסן אין וווינונגס־בלאָק, פארבאָט צו פארלאָזן די דירות נאָך דער אַרבעט.

15) פארבאָט צו פארלאָזן די דירות און דרייען זיך אויף די גאסן נאָך דער אַרבעט אויף דער גאס.

16) באגרענעצונג פון פערזענלעכער פרייהייט, פון באוועגונג.

17) ע ר ג ע ר ווי ש ק ל א פ ן, ווייל יענע האָבן געוווסט, אז זיי בלייבן לעבן, געהאט א האָפנונג צו ווערן פריי. די יידן זענען morituri — צום טויט פארמשפּטע, וואָס דער טויט־אורטייל [איז] אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אן אומבאשטימטן טערמין, אָבער דער אורטייל איז ארויסגעטראָגן געוואָרן.

18) קראנקע און שוואכע נישט נויטיק, דעריבער ליקווידירט אמבולאַטאָריעס, שפּיטעלער א.ד.גל.

ק אָ מ ו נ י ק אַ צ י ע. יעדער שאָפּ פאר זיך אן איינהייט. לויט דער פאראָרדנונג פון... אָקטאָבער, טאָר מען נישט פארלאָזן די טעריטאָריע פון שאָפּ. דאָס איז חל אויך [אויף] דאָס געטאָ. מענטשן, וועלכע מען כאַפּט אין גאס אָן א פשעפּוסטקע, ווערן געשיקט אויפן אומשלאַגפּלאַץ. נאָך די ארבעטסשעהן (7 פרי ביז 6 אָדער 5 אין א טייל שאָפּן אין אָוונט) קען מען זיך א ביסל פרייער באַוועגן אויף פאָלגנדן אופן: מען טשעפּעט זיך צו א גרופּע, וואָס גייט פון דער אַרבעט צום וווינונגס־בלאָק אָדער צו פּלאצוווקעס, וואָס גייען אהיים. עס טרעפט אָבער, אז מען קאָנטראָלירט אזא גרופּע, באזונדערס ווען זי איז א קליינע. איינצלנע יידן טאָרן זיך נישט באוועגן אין גאַס.

א צווייטער אופן פון באוועגן זיך אין גאס באַטאָג אין די ארבעטסשעהן איז דאָס פאָרן מיט פורן. אזעלכע טשעפּעט מען נישט און דאָס האלט מען פאר א זיכערן אופן פון באוועגן זיך.

ט ר ע ב ל י נ ק ע. — די ידיעות פון קב־נים (ראַבינאָוויטש יעקב). **סטאָקער יידן אַנטלאָפענע פון די וואגאָנען מיט זאַכן — אָנגעלאָדן מיט גאָלט און וואַלוטע.** — די איינשטימיקע באשרייבונג פון „באָד“. די קברנים מיט געלע לאַטעס אויף די קני.

דער אופן פון הרגענען: גאַז, פּאַרע, עלעקטריע[44].

די ידיעות וועגן טרעבלינקע פון די אויסשפּירער, געשיקט דורך פאמיליעס פון די ארויסגעשיקטע.

[44] אַ טעות: אין טרעבלינקע האָט מען נישט אויסגעהרגעט די יידן מיט פּאַרע און עלעקטריע (און אויך נישט מיט ציקלאָן ב) נאָר מיטן גאַז פון מאָטאָרן.

די מעשה מיט די טראקטאָרן: לויט איין ווערסיע ווערט דאָס אַש פון די פארברענטע יידן מיט דער הילף פון די טראקטאָרן אריינגעאַקערט אין באָדן. לויט אַנדערע, אַקערן די טראַקטאָרן אויף דעם באָדן, און באַגראָבן דאָרט די מתים.

טרעבלינקי אין די אויגן פון דער ייד. באפעלקערונג. — דאָס באַוווסטזיין וועגן פארניכטונג אין די לעצטע צייטן.

די יידן פון מערב־אייראָפּע ווייסן נישט וואָס טרעבלינקי איז. זיי מיינען, אז דאָס איז אן ארבעטס־קאָלאָניע און פרעגן זיך אויף דער באַן, ווי ווייט עס איז „דער אינדוסטריעלער בעטריב" טרעבלינקי. וואָלטן זיי געוווסט, אז [זיי] גייען צום טויט, וואָלטן זיי זיכער געשטעלט א ווידערשטאַנד. זיי קומען צו פאָרן מיט ערשטקלאסיקע וואַליזקעס.

פּלאַצוווקעס[45]. — פאר דער איבערזידלונג, בשעת דער איבערזידלונג. — דער דראנג צו די פּלאַצוווקעס. — טויזנטער זל. די סעקציעס[46] פארן אָננעמען אין א פּלאַצוווקע. — די קאָשאַרירונג פון די פּלאַצוווקאַזשעס פאר דער איבערזידלונג. — די בלאָקן בשעת דער איבערזידלונג. נישט דער פארדינסט, נאָר דער פארקויף דער עיקר. — וואָס ברענגט מען: קאַרטאָפל.

די פּלאַצוווקאַזשעס פירן ארויס וועש, מלבושים אויף זיך. פרעסערס — אַלץ אין מאָגן אריין, נישט קיין אָפּשפּארונגען. — מארשירן מיט געזאַנג. — מאָג־טענגלער קלעפּ. — גוטע וואַר; שלעכטע וואַר — זילבערגעלט, אויסער זשאַנדאַרן, ס.ס.־לייט.

סעלעקציע פון די פּלאַצוווקאַזשעס אייניקע טעג פארן סוף פון דער אקציע. — „צייג די פיסע", אונטערזוכט די מוסקולן, שוואכע און שלעכט אויסזעענדיקע צוגענומען.

דעצעמבער. פארברענט סחורה. איבערגעקויפט. די זאכן „אָנגעטון". איינגענייט; קליינגעלט צוגענומען. די אַרבעט אין דעם לאַזאַרעט.

נייע ווערטער: אריבער אויף יענער זייט, אקציע, סעלעקציע, טשוכעס.

פרויען, קינדער. שאָפן אָן פרויען. צערייסונג פון פאַמיליעס, קינדער, אומגעבראכט גאַנצע פאַמיליעס. — נישט געוואָלט זיך צעשיידן מיט דעם קינד; מאָן נישט געוואָלט מיט דער פרוי. — דער טאַטע, וואָס וויקלט איין דאָס קינד אין פאלטן. — די קליינע פארברעכער, וואָס מוזן אייניקע חדשים בלייבן פארשטעקט אין די שטובן. — דאָס פארקרימטע פנים פון קינד צוליב מורא פאר דער בלאָקאַדע.

---

45 די אַרבעטס־פּלעצער פאַר יידן, וואָס האָבן זיך געפונען מחוץ דעם געטאָ, האָט מען אָנגערופן פּלאַצוווקעס, די אַרבעטער — פּלאַצוווקאַזשעס.

46 אַ נידעריקע ראַנג פון אַן אונטעראָפיציר אין דער אָרדנונגס־דינסט.

ליקווידאַציע פון די וואַרשעווער אינטערנאַטן. — קאָרטשאַק בראש פון צוג מיט געזאַנג. — אין מיעדזעשין אויפן אָרט ליקווידירט[47],

די טראַגעדיעס פון פאַמיליעס: טויזנטער מענער אָן פרויען, געבליבן מענער, וואָס ווייסן נישט נאָך וואָס זיי לעבן. — בכלל טראַגעדיעס פון מענטשן, פאַרלוירן עטלעכע 30 מיטגלידער פון דער פאַמיליע, געבליבן איינער אליין, אָן א צוועק אין לעבן.

אומגליקלעך די פרויען מיט נומערלעך, פאַרלאָזט זיך דערויף און געשטעלט זיך אין די רייען. די אָן נומערלעך געבליבן. געיאָגט זיך איינצושרייבן קינדער אלס באָטן ראָווערויסטן, — די אלע צוגענומען. — *מענער* דעקן פרויען און קינדער.

העלדנטום פון ד״ר קאָרטשאַק. קאָנינסקי, יאַנאָווסקא (דזיעלנאַ 67) — נישט געוואָלט פאַרלאָזן די קינדער פון זייער אינטערנאַט. — קאָרטשאַק געשאַפן אזא שטימונג, אז אלע זאָלן מיטגיין צום אומשלאַג. געווען לייטער פון אינטערנאַטן, וואָס האָבן געוווּסט, וואָס עס דערוואַרט זיי אויפן אומשלאַג, אָבער געהאַלטן, אז אין אזא שווערן מאָמענט קענען זיי נישט לאָזן די קינדער אליין און מוזן מיט זיי מיטגיין אין טויט אריין.

הערצליכס[43] קינדער ווילן נישט אריבערגיין, טורקאָווס טראַגעדיע אַלס פּאָטער[49].

*אויסלענדישע* בירגער קיין טרעבלינקי.

*די אַרעסטירטע* אויף געגשע קיין טרעבלינקי.

*דער שפּיטאָל* קיין טרעבלינקי. — 1.000 קראַנקע פון סטאַווקי אריבערגעפירט קיין טרעבלינקי.

*טראַגעדיע פון עלטערן.* דאָס פּראָבלעם פון עלטערע פּערזאָנען. — קינדער געסמט עלטערן. — קינדער געגאַנגען צוזאַמען מיט עלטערן אויפן אומשלאַגפּלאַץ. דאָס זקנים־הויז ליקווידירט. — טראַנספּאָרטירט אין ריקשעס מיט וואַליזקעס אויפן אומשלאַג. — קרבנות פון קינדער צו ראַטעווען די עלטערן. דער רוב פון עלטערן דור פאַרניכטעט. — א סך געראַטעוועט אין באַהעלטענישן. — קינדער דעקן נישט די עלטערן. — אין זש.ט.ס. געווען צענדליקער 80־יאָריקע רוימערקעס.

דער רוב עלטערע פאַרלוירן געגאַנגען אויף ניסקא, ביים אריבערגיין אין נייע וווינונגס־בלאָקן. — ליגן באַהאַלטן ביזן היינטיקן טאָג.

---

[47] אין מיעדזעשין, הינטער וואַרשע, האָט זיך געפונען די מעדעם־סאַנאַטאָריע פון ציש׳א פאַר קינדער.

[48] הערצליך־בליט, פייגע (1905—1943), באַקאַנטע יידישע פּעדאַגאָגין, לערערין פון דער יידיש־וועלטלעכער שול א. נ. פון ב. באָראָכאָוו אויף נאָוואָליפּקי 68. זי האָט סוף כל סוף אַרויסגעשיקט אירע צוויי קינדער אויף דער „אַרישער" זייט. זי איז אומגעקומען אין מאַידאַנעק. די קינדער האָבן איבערגעלעבט.

[49] די באַקאַנטע שוישפּילער יאָנאַס טורקאָוו און דיאַנאַ בלומענפעלד האָבן אַרויסגעשיקט זייער טעכטערל אויף דער „אַרישער" זייט.

טעקס פון פאראָרדענונג וועגן אויסזידלונג: אַלע וואַרש. יידן אויסער די, וואָס אַרבעטן אין רייכס דייטשע אונטערנעמונגען, קהלה, י.ס.ס.

אויפרוף פון דער קהלה וועגן די פאַלשע קלאַנגען, אַז די אויסגעזידלטע ווערן נישט געשיקט אויפן מזרח.

## קהלה

דאָס פאַרברעכן פון דער קהלה: נישט געשאַפן קיין אייזערנע בריוו פאַרן אַקטיוו און אינטעלעקטועלע. פאַרברעכערישע גלייכגילטיקייט פון ד"ר וויעליקאָווסקי, אנמעכטיקייק פון טשערניאַקאָוו.

יעדע פאָר טעג מוזן אלע אָנגעשטעלטע פון קהלה, אויך דאָקטוירים, אַרבעטן פיזיש ביים רייניקן דירות, ביים רוימען די גאַסן, אָפּרוימען די חורבות וכדומה.

## פאָסט

צונעמען אלע פעקלער פון אויסלאַנד און פון לאַנד. מיטאָמאָל 3.500 פעקלער. אין דער חלוקה זיך באַטייליקט די ייד. פּאָליציי.

בריוו ווערן נישט פונאַנדערגעטראָגן אין די שטובן, נאָר מען מוז אַליין אָפּנעמען אויף דער פּאָסט. אזוי ווי אָבער ווייניק מענטשן האָבן פשעפּוסטקעס, מילא ווערט די קאָרעספּאָנדענץ נישט אָפּגענומען.

דער ליגן וועגן מזרח. — די כלומרשטע בריוו פון פּינסק, בריסק א.א. באַוווסטזיניק פאַרשפּרייט דעם קלאַנג ביים אָנהייב פון דער אַקציע, כדי אריינצוברענגען א צערודערונג, קיינער נישט געזען די בריוו.

ווער געווען דער פאַרשפּרייטער פון די קלאַנגען? די ייד. אגענטן פון געסטאַפּאָ.

הכחשה פון קהלה. די זעלבע קלאַנגען אין פּראָווינץ־שטעט. — אלץ לויט א לכתחילהדיקן שאַבלאָן און סיסטעם.

די לעצטע גרופּע פון ניסקא — מענער גענומען קיין לובלין אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן. — טויזנטער פרייוויליקע.

די לעגענדע פון עשרת השבטים.

צענדליקער קריסטן געלעבט אין פאַרשידענע געגנטן: לובלין און מזרח.

פּאָליאַקן. דערמאָנט די פאַראָרדנונג וועגן טויט־שטראָף פאַר אויסבאַהאַלטן יידן. — די זייער שוואַכע אקציע פון פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס. — דערוויילע פאַר יחידים[50]. — נאָר רייכע ראַטעווען זיך אויף

[50] די פאַקטישע גרעסערע געזעלשאַפטלעכע אַקציע צו ראַטעווען יידן האָט זיך אָנגעהויבן ערשט סוף 1942, מיטן אַנטשטיין פון דעם ראַט צו העלפן יידן.

יענער זייט. — בריליאַנציאַזש געמוזט באַצאָלן אין איין טאָג שאַנטאַזש=געלט 75.000 זל. א מיידל באַצאָלט 60.000 זל. שאַנטאַזש=געלט. — גאַנצע באַנדעס שמאַלצאָווניקעס [51] טעטיק ביי אלע מויערן.

פויל.[ישע] אָרגאַניזאַציעס באַקעמפן און אָפּגעשאַפן דעם שאַנטאַזש [52]. היטן די טראַמווייען. פויל.[ישע] אינטעליגענץ ציטערט און וויל נישט אָננעמען קיין ייד. פריינט אויסער די אידעישע עלעמענטן

ביז סוף אָקטאָבער זייט אָנהויב איבערזידלונג געכאַפּט 150 יידן פון יענער זייט.

זייער גוטע באַציונג פון פויל. טראַמוואַיאַזשעס צו די ייד.[ישע] פּאַסאַזשירן, וועלכע זענען צוגעטיילט געוואָרן צו דער אַרבעט אין דער טראַמוויי=רעמיזע. דערלויבט זיי צו ארבעטן אָן אָפּאַסקעס, פריינדלעך אויפגענומען און גוטע באַציונג. דאָס זעלבע אויף אַנדערע פּלאַצוווקעס, ווו יידן קומט אוים צו אַרבעטן מיט פּאָליאַקן.

פּאַד=קאָלעגן געזאָרגט פאר זייערע חברים: פּראָפ. הירשפעלד, ברונאָ ווינאַווער א.א.

באַפעל וועגן נישט ארויסגעבן יידן [53].

## האַנדל, ווירטשאַפט

די איבערזידלונג האָט ארויסגערופן א גרויסע רעוואָלוציע אין ווירטשאַפטלעכן לעבן. סיי פון געטאָ סיי פון דער אַרישער זייט. עס איז אריינגעטרעטן א זול אויף געוויסע אַרטיקלען, וועלכע זענען באַדייטנד געפאַלן. פאר מלבושים און באַזונדערס וועש האָט מען געגעבן 4—5 מאָל ווייניקער, ווי פאר דער איבערזידלונג. באַזונדערס איז געפאַלן דער פּרייז פון וועש. בעטגעוואַנט האָט קיין שום ווערט נישט. מען נעמט אראָפּ די ציכלעך און דעם רויטן צודעק און לאָזט ארוים די פעדערן. בעטגעוואַנט וואַלגערט זיך אין אַלע גאַסן, אויף אלע הייף. אין א טייל הייף האָט מען עס אונטערגעצונדן. אויך געשיר האָט קיין שום ווערט נישט און עס וואַלגערט זיך אויף אלע מיסט=קאַסטנס. דאָס איז שייך סיי בלעכערנעם סיי גלעזערן אָדער פּאָרצעלייענע געשיר. בעטן און בכלל מעבל האָט אויך קיין שום ווערט נישט. מעבל ווערט צעהאַקט אויף הייצן. אויך וועש האָט נאָר א ווערט, ווען זי איז א גאַנץ נייע; באַנוצטע, געלאַטעטע האָט נישט קיי=

---

[51] פון וואָרט: שמאַלעץ, שמאַלץ, ד. ה. די שאַנטאַזשיסטן פלעגן אויספּרעסן ביי יידן געלט, „אַראָפּנעמען דעם שמאַלץ“.

[52] עס זענען געווען פאַלן פון אויספירן טויט=אורטיילן איבער שאַנטאַזשיסטן, מצד פּוילישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס.

[53] דאָס איז וואַרשיינלעך געווען אַן אויספירונג פון אַן אינסטרוקציע פון פּרעמיער פון דער פּוילישער גלות=רעגירונג אין לאָנדאָן, וולאַדיסלאַוו שיקאָרסקי.

ווערט און ווערט נישט געקויפט. פאַר א מענער אַנצוג באַקומט מען א 300—400 זל., ד.ה. דעם ווערט פון 2 קילאָ סלאָנינע אָדער פוטער (1 קילאָ פוטער קאָסט איבער 200 זל.).

א וויכטיקער האַנדלס־צענטער איז דער בית־עולם וואהין עס קומען קריסטלעכע שמוגלערס. דאָרט קען מען אויך באַקומען א ביסל א בעסערן פּרייז. די הויפּט פאַרמיטלער צווישן געטאָ און דער אַרישער־זייט זענען די פּלאַצוווקאַזשעס, וועלכע נעמען מיט זאַכן אויף יענער זייט. לעצטנס איז אָבער דער האַנדל באַשווערט צוליב דעם, וואָס מען באַזוכט גענוי יעדן פּלאַצוווקאַזש און מען לאָזט נישט מיטנעמען נישט קיין געלט און נישט קיין זאַכן. עס איז געווען א פאַל, אַז א זשאַנדאַר האָט דערשאָסן א פּלאַצוווקאַזש, ווייל ער האָט געטראָגן 2 פּאָר הויזן.

דער גאַסן־האַנדל ווערט זייער שטאַרק באַקעמפט דורך די דייטשן און זייערע געהילפן: די יידישע פּאָליציי און ווערקשוץ. דער גאַסן־האַנדל (לייען: דער אויספאַרקויף פון די פאַרבליבענע 10% וואַרשעווער יידן) איז ביז נישט לאַנג פאָרגעקומען אויף סמאָטשע און אַנדערע גאַסן אויסער די שאָפּן. איצט קומט ער פאָר אין די בלאָקן, אין שטובן א.ד.גל. עס פאַרנעמען זיך מיט אים אַרבעטער נאָך די אַרבעטס־שעהן.

די הויפּט־אויפקויפער פון יידישע זאַכן איז די פּוילישע פּאָליציי. די קאָמיסאַריאַטן זענען אייגנטלעך האַנדלס־אַגענטורן, וווּ עס ווערט א גאַנצן טאָג געהאַנדלט. עס ווערט אויך אויפגעקויפט גאָלד (35 זל. א גראַם, סוף אָקטאָבער) בריליאַנטן, וואַלוטע (א דאָלאַר־פּאַפּיר 40 זל., א גאָלדענער 200 זל.).

## פאַרוואָס האָט מען איבערגעלאָזט 10% יידן פון וואַרשע?

5 דעצעמבער [1942]

אויף דער דאָזיקער פראַגע האָט נישט איינער געפּרוווט צו ענטפערן, ווייל פון דעם איז דאָך אָפּהענגיק די תשובה: ווי לאַנג פאַרבלייבן מיר אין געטאָ, בכלל ווי לאַנג בלייבן מיר לעבן, און בכלל צי בלייבן מיר לעבן, ווען וועט מען אונדז אויסענדיקן? די מיינונג פון א גאַנצער ריי באַוווסטזיניקע מענטשן איז די, אַז דער צוועק פון איבערלאָזן 10% יידן אין וואַרשע איז נישט קייןווירטשאַפטלעכער, נאָר א ריין פּאָליטישער. עס גייט זיי דאָך ווייניק אָן, וואָס יידן פּראָדוצירן אפילו פאַר דער ווערמאַכט. דעם בלויז, וואָס קען פאַרשאַפן ווערן דורכן יידישן גירוש, וועט דייטשלאַנד, וואָס באַהערשט גאַנץ אייראָפּע, לייכט קאָנען פאַרפולן. וואָלט מען זיך גערעכנט מיט ווירטשאַפטלעכע מאָמענטן, וואָלט מען נישט מיט אַזא לייכטקייט געשיקט טויזנטער ערשטקלאַסיקע בעל־מלאכות אויפן אומשלאַגפּלאַץ. (אַגב ווערן איצט ממש מיט ליכט געזוכט דורך דער ס.ס. יידישע בעל־מלאכות. באַזונדערס סטאָליאַרס, מאַלאַזשעס און דאָס אויף גאַנץ גוטע באַדינגונגען). דאָס זעלבע איז שייך דער פּראָווינץ, ווו מען

האָט גאַנצע שטעט געמאַכט יידן־ריין, הגם די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז דאָרט געווען אַריינגעשטן אין אַרבעט פאַר דער „ווערמאַכט", למשל זאַמאָשטש.

עס בלייבט אלזאָ, אז בנוגע יידן זענען נישט חל ווירטשאַפטלעכע קריטעריעס נאָר פּאָליטישע, פּראָפּאַגאַנדיסטישע. אויב אזוי, דאַן איז דאָך ווידער נאָך שאַרפער די פראגע: טאָ פאַרוואָס־זשע האָט מען טאַקע איבערגעלאָזט דעם שארית הפליטה פון יידן? די תשובה איז א פּאָליטישע. אויב מען זאָל אויסרוימען אלע יידן פון ווארשע און בכלל פון דער גובערניע, דאַן פארלירט מען דעם יידישן ארגומענט. דאַן וועט שווער זיין ארויפצולייגן אַלע שוועריקייטן און דורכפאַלן אויף די יידן. דער ייד מוז בלייבן לויט דעם שפּריך־וואָרט: גאָט זאָל געבן עס זאָל דיר ארויספאַלן אלע ציין, נאָר איינער זאָל דיר בלייבן אויף צאָן־ווייטיק.

עס איז פאַראַן נאָך א מאָמענט, וואָס באַוועגט די דייטשן איבערצולאָזן דערווייַלע דאָס הייפל יידן אין ווארשע. דער דאָזיקער מאָמענט דאָס איז די עפנטלעכע מיינונג פון דער וועלט. מען איז זיך דאָך נישט מודה אין קיין שום עפנטלעכער דערקלערונג, אז מען האָט מיליאָנען יידן אויסגעשאָכטן. ווען מען האָט ליקווידירט 40.000 יידן פון לובלין, האָט מען אין דער „ווארשעווער צייטונג" פאַרעפנטלעכט א קאָרעספּאָנדענץ ווי פיין עס לעבן די לובלינער יידן אין מיידאַן, ווי פיין זיי האָבן זיך שמוגלערס און שאַבערס געמאַכט פּראָדוקטיווע עלעמענטן, וואָס לעבן זיך אויס ווי מענטשן אין מיידאַן [54].

דאָס זעלבע איז מיט וואַרשע. עס ווילט זיך נישט מודה זיין דער וועלט, אז מען האָט אויסגעמאָרדעט אלע ווארשעווער יידן, לאָזט מען איבער נישט בלויז פאַר צאָן־ווייטיק, נאָר פאַר דער וועלט א הייפל יידן, וועלכע מען וועט ליקווידירן דעמאָלט, ווען מען וועט האַלטן פאַר 12. די הבטחה צו באפרייען אייראָפּע פון יידן וועט היטלער מיט אלע מיטלען זוכן מקיים צו זיין און נאָר א נס קאָן אונדז ראטעווען פאַר דער פולשטענדיקער פארניכטונג, נאָר א שנעלע און פלוצומדיקע מפּלה קען ברענגען פאַר אונדז א ישועה.

דעריבער טאַקע הערשט א שטאַרקער פּעסימיזם ביי דער יידישער באַפעלקערונג. מאָריטורי — דאָס איז די ריכטיקע באַצייכענונג פאַר די ווארשעווער יידן. דער רוב עולם איז איינגעשטעלט אויף ווידערשטאַנד. מיר דוכט, אז מען וועט שוין נישט גיין צו דער שחיטה ווי שעפעלעך. דער עולם וויל דער שונא זאָל טייער באַצאָלן פאַרן לעבן. מען וועט זיך וואַרפן אויף אים מיט מעסערס, מיט קלעצערס, מיט קוילן־זויער. מען וועט נישט דערלאָזן צו קיין בלאָקאַדעס. מען וועט זיך נישט לאָזן כאַפּן אין די

[54] דאָס איז געווען שווינדל און אָפּנאַרעריי. אין אַפּריל 1942, נאָך דער דעפּאָרטאַציע האָבן די היטלעריסטן אַרויסגעפירט די רעשט 4000 יידן פון לובלין אין אַ געטאָ אין מאַידאַן טאַטאַרסקי.

גאַסן, ווייל מען ווייסט, אז יעדער אַרבעטסלאָזער הייסט אין היינטיקע צייטן טויט, און שטאַרבן וויל מען אין שטוב, נישט אין דער פרעמד. גאַמירלעך וועט דער ווידערשטאַנד פאָרקומען נאָך דעמלט, ווען ער וועט זיין אָרגאַניזירט און ווען דער שונא וועט נישט אדורכפירן עס אזוי בליץ שנעל ווי אין קראָקע, ווו מען האָט סוף אָקטאָבער אין משך פון 7 נאַכט-שעהן ארייננגעפּאקט אין וואַגאָנען 5.500 יידן[55]. עס באשטעטיקט זיך דאָס באַקאַנטע פּסיכאָלאָגישע געזעץ, אז אנטקעגנשטעלן זיך קען זיך נישט קיין שקלאַף, וואָס איז אינגאנצן צוגעדריקט. עס ווייזט זיך אויס, אז יידן זענען אביסל צו זיך געקומען נאָך די שווערע קלעפּ, מען האָט זיך אביסל אויסגעניכטערט פון די אלע איבערלעבונגען און מען מאַכט א חשבון, אז דאָס גיין צו דער שחיטה האָט נישט פארקלענערט דאָס אומגליק, נאָר עס פארגרעסערט. מיט וועמען איר רעדט, הערט איר איין קול: מען האָט געדארפט נישט דערלאָזן צו דער איבערזידלונג. מען האָט געדארפט ארויסגיין אין גאַס, אונטערצינדן אלץ, אויפרייסן די מויערן און אריבער אויף יענער זייט. די דייטשן וואָלטן דערפאר גענומען נקמה. עס וואָלט געקאָסט צענדליקער טויזנטער קרבנות, אָבער נישט קיין 300.000. איצט זענען מיר באדעקט מיט חרפה און בושה פאר זיך און פאר דער גאנצער וועלט ווי אונדזער נאָכגיביקייט האָט אונדז גאָרנישט געגעבן. איצט טאָר זיך דאָס נישט ווידער איבערחזרן. איצט מוז מען שטעלן א ווידערשטאַנד. קינד און קייט מוז זיך ווערן קעגן שונא.

**האָפמאַנס-שאָפּ** באַשטייט פון צוויי באַטריבן. איינער איז פון דער איבעראַרבעטונג פון אַלטע זאַכן, וואָס ווערן אין דייטשלאַנד געזאמלט. די זאכן ווערן געוואשן, פאררעכט און דערנאָך צוריקגעשיקט.

**אומלעגאַלע**. אומלעגאלע זענען מענטשן אָן נומערלעך, מענטשן, וואָס דארפן — לויטן געזעץ — זיך געפינען אויפן אומשלאַגפּלאַץ און דאָך לעבן זיי. וויפל איז דאָ אזעלכע — ווייס קיינער נישט. פאראן פארשיידענע השערות: מאַנכע שאַצן די צאָל אומלעגאלע אויף 7.000 אנדערע אויף 10.000 און אפילו 15.000. א פאקט, איז, אז זיי זענען דאָ!

ווער זענען זיי? א גרויסע טייל דאָס זענען פאמיליע-מיטגלידער פון די לעגאַלע, דער רוב פון פּאָליציי, פון קהלה באַאמטע א.א. דאָס זענען אויך רעדוצירטע באַאמטע פון קהלה, אָדער פון זש.ט.ס., וועלכע זענען נישט געגאנגען אויפן אומשלאַגפּלאַץ, נאָר זיך אויסבאהאלטן און איצט טוליען זיי זיך לעבן זייערע קאָלעגן.

פאראן אָבער אויך א דריטע קאטעגאָריע — יידן פון א גאַנץ יאָר, וואָס׳האָבן זיך פּשוט גוט אויסבאהאלטן און באהאלטן זיך ווייטער אויס. זיי צאָלן לאַ-יחרין-געלט דעם „ווערקשוץ“ און וווינען אין זייערע דירות א סך פון די אומלעגאלע זענען מענטשן פון די אויפגעלעזטע שאָפּן, וועלכע עס איז געלונגען צו ראטעווען זיך פון אומשלאגפּלאַץ. אזעלכע שאָפּן זענען

55 מען האָט זיי דעפּאָרטירט קיין בעלזשעץ, דעם 28-טן אָקטאָבער 1942.

געווען: הייניץ מיללער (ווו עס זענען אומגעקומען א סך ייד. קינסטלער, ארטיסטן און אנדערע), „אָשמאַן" (געוו. „אָרט"), „אָקסאַקאָ" צימערמאַן און אנדערע [56].

פאראַן גאַנצע הייזער, ווי נאַלעווקי 35, 37, 41 א.א. באַזעצט דורך הונדערטער אומלעגאַלע. — די פראַגע פון הילף פאַר די אומלעגאַלע ווערט פון טאָג צו טאָג דרינגענדער. פאַר די אומלעגאַלע באַאַמטע גיט מען אַרויס זופּן און ברויט.

## קריגס־סטראַטעגיע פון די דייטשן לגבי די יידן פון וואַרשע

די מורא פון די דייטשן צוצורירן זיך צום גרויסן יידישן ישוב. די מורא פאַר אַן אויפשטאַנד, מיט הילף פון פּאָלאַקן און דעסאַנטן.

טייל און הערש — פאַרסמט די באַציונגען צווישן יידן און פּאָלאַקן און אוממעגלעך געמאַכט יעטוועדע הילף פון דער זייט.

אָפּגענאַרט דעם עולם בנוגע איבערזידלונג. כעלמנאָ געבליבן אַ סוד פאַר דעם כלל יידן.

אויפגעשטעלט די וואַרשעווער קעגן די פּליטים. כלומרשט באַפרייען פון די נישט פּראָדוקטיווע עלעמענטן. דעם אָרדונגס־דינסט צוגעזאָגט זייער זיכערקייט און די זיכערקייט פון זייערע פאַמיליע־מיטגלידער, אפילו פעטערס און שוויגערס און ברידער און שוואָגערס געזיכערט.

דערנאָך געזיכערט די שאָפּן קעגן אַנדערע פאַכן. דערנאָך איין שאָפּ קעגן אַ צווייטן. דערנאָך פרויען און קינדער אין די שאָפּן גופא. דערנאָך שוואַכע אַרבעטער קעגן שטאַרקע. בעסערע שאָפּן און ערגערע, רויטע שטעמפּלען, כסדר באַגרענעצט דעם קרייז. כסדר אָפּגענאַרט, אַז די אַקציע איז געענדיקט. כדי נישט צו דערלאָזן צו קיין מרידה.

דער קעסל אויף ניסקאַ.

דאָס הערמעטישע אָפּשליסן די גרענעצן פון געטאָ, כדי נישט צו דער־לאָזן קיין הילף. — הערמעטיש פאַרשלאָסן פון אויסלאַנד און פון אינ־לאַנד דורך אָפּשטעלן די פּאָסט־פאַרבינדונג. — כסדרדיקע בלאָקאַדעס אין אַלע שטאָט־טיילן, כדי אוממעגלעך מאַכן יעטוועדע קאָנטאַקט. — די ליגנפּראָפּאַגאַנדע וועגן דער אויסזידלונג קיין מזרח, כדי אוממעגלעך מאַכן יעדע אָפּאָזיציע. — דאָס אונטערשטיצן דעם אָרדונגס־דינסט ביזן סוף פון דער אַקציע, ווען 1.300 פּאָליציאַנטן פאַרלאָדן אין וואַגאָנען. — דאָס ליקווידירן יידישע געסטאַפּאָווצעס.

מ אָ ר אַ ל י ש ע „צ ע מ י ר ב ו נ ג" אין משך פון 3 יאָר מלחמה.

---

[56] שאָפּן פון די דייטשן: אָשמאַן לעשטשינסקי (נאָוואָליפּיע 18), אַקציע־געזעלשאַפט „אָקסאַקאָ" (סאָכאַטשעווסקאַ 12), אַ־האַ־גע צימערמאַן (מילע).

פלוצלומדיקייט — אפגעלייגט אלע קלאַנגען וועגן אויסזידלונג, כדי פלוצים איבערפאלן דעם יודען־ראט און נישט [געבן], אים קיין מעג־לעכקייט צו פארטראכטן זיך איבער דעם. — שלאַגפערטיקייט פון [נישט פארענדיקט]

## פאַרגלייך מיט דער קריגס־סטראַטעגיע

אָפענסיווע צוגרייטונג. — פראָנטאַל אַטאַקע און צעקלאפן פון שו־נא. — דאָס שאַפן דעם קעסל. — די פולשטענדיקע מפלה פון שונא. —

צוליב טעמים פון פראָפּאַגאַנדע ווערט איבערגעלאָזן א טייל געפאַנ־גענע. — געווינען די ווארשעווער געזעלשאַפט און יודען־ראט קעגן פלי־טים און אָרעמעלייט. — געווינען די שאָפ־איינגטימער (ווערקשויז) צום קאמף מיט די אומלעגאלע און פרויען און קינדער. —

פארבינדענע אין לאַגער פון שונא. — יודען־ראט פון קהלה, אָרדנונגס־דינסט, ווערקשויז, די אָנפירונג פון די ווארשטאַטן פארן פרייז פון לעבן פאר זיך און זייערע פאמיליעס.

פארמאכט די גרענעצן פון געטאָ, אָפגעשטעלט יעטוועדן צופיר פון פראָדוקטן און דערמיט אויסגעהונגערט. — געבראכט צו דעספעראציע, אַפּאַטיע. — געבראכט דערצו, אז פארן פרייז פון א קילאָ ברויט האָבן זיך טויזנטער צוגעשטעלט פרייוויליק (געווען א טאָג, ווען מען האָט צו־ריקגעשיקט פרייוויליקע, נישט האָבנדיק אזויפיל וואגאָנען צו לאָזן די „סחורה“). פארגרעסערט דעם סכום ברויט אויף 3 קילאָ, כדי צו פאר־גרעסערן די צאָל פרייוויליקע.

די פּאָליטיק פון שאַפן וווינונגס־בלאָקן געהאט פאר דעם וויכטיקסטן ציל אויסצוליפערן אויפן אומשלאג די, וואָס האָבן נישט געהאט קיין קוויט־לעך.

כוואַליע פון פיקטיווע התונות. — זין מיט מו־טערס ברידערס מיט שוועסטערס, כדי צו דעקן זייערע נאָענטע. די רבנים פלעגן אַרויסגעבן כתובות נישט זעענדיק דאָס פּאָרפאָלק.

## פאַרבינדעטע

פארראט פון יודען־ראט און אָרדנונגס־דינסט. — הונגער און נויט. — אומבאהאָלפנקייט צו דעם לעבנס־אינסטינקט פון יעדן מענטש. — דאָס שטילשווייגן אויף „יענער“ זייט[57]. — נישט צוגעגרייטקייט פון דער ייד.

---

57 בעת דער ערשטער ליקווידאַציע, זומער־צייט 1942 האָט די פרעסע פון פ. פ. ר. שטאַרק אַליאַרמירט וועגן דעם גירוש פון די יידן, גערופן די יידן צו ווידערשטאַנד און די פּאָליאַקן — צו געבן הילף. א פראָטעסט האָבן אויך אַרויסגעלאָזט די לינקע פ. פ. ס. און דער „פראָנט פון פוילנס ווידער־געבורט“.

באפעלקערונג. — די מורא פאר דער קאָלעקטיווער פאראנטוואָרטלעכקייט, די מורא, אז פאר יעדן אַקט פון ווידערשטאַנד זאָל נישט דארפן באצאָלן די גאנצע געזעלשאפט.

## קינדער

קריסטלעכע מיסיעס אויסגענוצט די גוטע געלעגנהייט, כדי אָפּצושמדן יידישע קינדער. אין א גאנצער ריי קלויסטערס אָנגענומען יידישע קינדער, באזונדערס מיידלעך און זיי אָפּגעשמדט.

א ו מ ש ל א ָ ג. יעדן טאָג פלעגן פאָרקומען סיי אויפן פלאַץ, סיי אויפן בית־עולם עקזעקוציעס פון הונדערטער קרבנות: זקנים, שוואכע, קראנקע, בכלל פון אזעלכע, וואָס האָבן נישט געקענט אויסהאלטן די נסיעה קיין טרעבלינקי. דאָס האָט געדויערט ביים אָנהייב פון דער אקציע, שפּעטער האָט מען עס פארוואָרפן. עס ווייזט אויס, אז מען האָט מורא געהאט דאָס זאָל נישט באוווסט ווערן אין שטאָט און זאָל נישט ווירקן שלעכט אויף דער באפעלקערונג.

איך האָב נישט די ציפערן וועגן פרייוויליקע אויפן אומשלאָג, אָבער מיר דוכט, אז מינימום איז געווען א 20.000 מענטשן, וואָס געטריבן דורך הונגער, פארפלייצונג, אויסזיכטלאָזיקייט פון זייער לאַגע (נישט געהאַט מער קיין כח צו קעמפן, נישט געהאט פשוט ווו צו וווינען, ווייל זיי זענען נישט געווען אין קיין שאָפּן און במילא נישט געהאט קיין דירה, זייער דירה איז צוגעטיילט געוואָרן צו א שאָפּ) און עס איז געבליבן נישט אַנדערש נאָר גיין פרייוויליק צום טויט. ביים אָפּשאצן די צאָל פרייוויליקע זאָל מען נישט פארגעסן [נישט פארענדיקט].

## פאָליציי

די ייד. פאָליציי האָט געהאט זייער א שלעכטן נאָמען נאָך פאר דער איבערזידלונג. אין קעגנזאַץ צו דער פויל. פאָליציי, וועלכע האָט זיך נישט באטייליקט אין דער כאַפּעניש צו די ארבעטסלאַגערן, האָט די ייד[ישע] פאָליציי יאָ געטאָן די דאָזיקע מיאוסע אַרבעט. ייד. פאָליציי האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט איר שווידערלעכער קאָרופּציע און דעמאָראליזאציע. די העכסטע שטופע פון איר געמיינקייט האָט אָבער די ייד. פאָליציי ארויסגעוויזן בשעת דער אויסזידלונג. עס איז נישט געהערט געוואָרן קיין וואָרט פון פראָטעסט לגבי דער עקלהאַפטער פונקציע פון פירן אייגענע ברידער צו דער שחיטה. די פאָליציי איז געווען גייסטיק צוגעגרייט צו דער דאָזיקער ברודיקער אַרבעט און דעריבער האָט זי בשלימות אויסגעפירט. מען ברעכט זיך איצט דעם קאָפּ איבער דער רעטעניש, ווי אזוי איז דאָס מעגלעך געווען, אז יידן, דער רוב אינטעליגענטן, געוועזענע אדוואָקאַטן (דער רוב אָפיצירן זענען פאר דער מלחמה געווען אדוואָקאַטן) זאָלן מיט אייגענע הענט אומברענגען זייערע ברידער. ווי אזוי איז דאָס מעגלעך, אז יידן

וואָלן שלעפּן אויף די וועגן קינדער און פרויען, **זקנים און קראַנקע** — וויסנדיק, אַז דאָס אַלץ גייט אויף דער שחיטה. פאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן, אַז יעדע געזעלשאַפט האָט אַזאַ פּאָליציי אויף וועלכע זי פאַרדינט, אַז די קראַנקהייט: דאָס מיטהעלפן דעם אָקופּאַנט ביים אויסשעכטן 300.000 ייִדן, שטעקט אין דער גאַנצער געזעלשאַפט און נישט אין דער פּאָליציי, וואָס איז אַן אויסדרוק פון דער געזעלשאַפט. פאַראַן אָבער אַנדערע, וואָס ווייזן אָן, אַז אין דער פּאָליציי זענען געגאַנגען שוואַכע טיפּן, וואָס האָבן געשטרעבט מיט אַלע מיטלען איבערצוהאַלטן די שווערע צייט, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אַלע מיטלען פירן צום ציל און דער ציל איז איבערלעבן די מלחמה, אפילו ווען דאָס איז פאַרבונדן מיט מענטשלעכע לעבנס.

ביי אַזאַ מין הפקרדיקער איינשטעלונג, וואָס האָט זיך געלאָזט מערקן פון די העכסטע שפּיצן ביז צו די נידעריקסטע שאַרזשעס, איז נישט קיין חידוש, אַז די ייִד. פּאָליציי האָט אויסגעפירט מיט דעם גרעסטן אייפער די פאַראָרדענונג פון די דייטשן וועגן אויסזידלונג. עס בלייבט דאָך א פאַקט, אַז ייִד. פּאָליציי האָט אין דעם רוב טעג פון אויסזידלונג איבערגעשטיגן דעם קאָנטינגענט, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף דעם באַטרעפנדיקן טאָג. דאָס האָט געהייסן, אַז מען גרייט צו א רעזערוו פאַרן נאָנטסטן טאָג. אויף די פנימער פון די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געפירט די „אקציע", איז נישט געווען קענטיק דער צער און ווייטיק צוליב אזא מיאוסער אַרבעט. פאַרקערט, מען האָט געקענט זען צופרידענע, פריילעכע, אָנגעפרעסענע, אָנגעלאָדענע מיט רויב, וועלכע זיי פלעגן אדורכפירן צוזאמען מיט די אוקראַינער[58].

דאָס אכזריות פון דער ייד. פּאָליציי איז זייער אָפט איבערגעשטיגן דאָס פון די דייטשן, אוקראַינער און לאָטישן. נישט איין באהעלטעניש איז אויפגעדעקט געוואָרן דורך דער ייד[ישער] פּאָליציי, וועלכע האָט געוואָלט שטענדיק זיין plus catholique que le pape[59] און נושא חן זיין ביי דעם אָקופּאַנט. די קרבנות וואָס זענען אַנטרינען פון דעם אויג פון דייטש, האָט אויפגעכאַפּט דער ייִדישער פּאָליציאַנט. איך האָב זיך איייניקע שעה צוגעקוקט דעם מאַרש צו די וואַגאָנען אויפן אומשלאַגפּלאַץ און באַמערקט, אַז א סך ייִדן, וועלכע עס האָט אָפּגעגליקט צוצוגיין צו דעם אָרט, ווו עס זענען געשטאַנען די באַפרייטע, זיינען מיט געוואַלט צוריקגעשלעפּט געוואָרן צו די וואַגאָנען. צענדליקער און אפשר הונדערטער ייִדן זענען אין משך פון די צוויי שעה אומגעבראַכט געוואָרן דורך די יידישע פּאָליציאַנטן. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט בשעת בלאָקאַדעס. די, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געלט אויסצולייזן זיך פון די הענט פון די פּאָליציאַנטן,

58 אוקראַינישע פּאָליציי האָט זיך באַטייליקט אין כאַפּן צו דער דעפּאָרטאַציע.

59 פראַנצויזיש: פּויפּסטלעכער ווי דער פּויפּסט אַליין.

זענען דורך זיי אוועקגעשלעפּט געוואָרן צום וואָגן, אָדער אין די רייען
צו גיין צום אומשלאַג.

דאָס בילד, וואָס איך האָב איינמאָל געזען אויף דזשיקע 3 אנטקעגן
דעם אומשלאַגפּלאַץ אין א טאָג ווען יעדער פּאָליציאַנט האָט געמוזט צו=
שטעלן 5 קעפּלעך (דאָס איז פאָרגעקומען אין משך פון עטלעכע טעג פאַרן
סוף פון דער „אַקציע“), וועט בלייבן א סימבאָל פון דער יידישער פּאָליציי
אין ווארשע. איך האָב געזען א יידישן פּאָליציאַנט פירן אויפן אומשלאַג=
פּלאַץ אן עלטערע פרוי פאַר דער האַנט, און אויף דער אַקסל א האַק.
מיט דער האַק האָט ער אויפגעהאַקט די דירות. קומענדיק גאָענט פון
אומשלאַגפּלאַץ, וו עס איז געשטאַנען א וואַך, האָט דער פּאָליציאַנט זיך
פאַרשעמט און אראָפּגענומען זיין כלי=זין, די האַק, פון אַקסל און זי גע=
טראָגן אין האַנט. בכלל האָט מען אין יענע טעג געזען א סך איינצעלנע
פּאָליציאַנטן שלעפּן פרויען, קינדער, מענער, אויפן „אומשלאַג“. שוואַכע
האָבן זיי באַגלייט אויף ריקשעס.

בכלל האָט די ייד. פּאָליציי ארויסגעוויזן א ווילדע ברוטאַליטעט,
ממש, אן אומפאַרשטענדלעכע. פון וואַנען האָט זיך גענומען אזא רציחה
צו אונדזערע יידן? ווען האָבן מיר דאָס אויפגעהאָדעוועט אזויפיל הונ=
דערטער רוצחים, וואָס כאַפּן אין די גאַסן קינדער און וואַרפן זיי [אויף די
וועגן] און שלעפּן אויפן אומשלאַג. עס איז געווען ממש א כלל, אז פרויען
פלעגן די רוצחים וואַרפן פאַר די הענט און פיס אויף די „קאַן און העלער“=
וועגן, אָדער אויף געוועגלעכע לאַסט=וועגן. אומברחמנותדיק, ווילד פלעגט
מען זיך באַגיין מיט מענטשן, וועלכע האָבן געשטעלט א ווידערשטאַנד.
מען פלעגט זיך גישט באַגנוגענען מיט בייקומען דעם ווידערשטאַנד, נאָר
האַרב, גאָר האַרב באַשטראָפן די „שולדיקע“, וואָס האָבן נישט געוואָלט
פרייוויליק גיין צום טויט. יעדער ווארשעווער ייד, יעדע פרוי און קינד קען
דערציילן טויזנטער פאַקטן פון דער אוממענטשלעכער אכזריות און ווילד=
קייט פון דער יידישער פּאָליציי. די דאָזיקע פאַקטן וועלן די לעבנגעבליבע=
נע קיינמאָל נישט פאַרגעסן און דערפאַר וועט מוזן באַצאָלט ווערן ווי גע=
העריק.

אויסער דער פּאָליציי האָבן זיך אין דער אויסזידלונגס=אַקציע פריי=
וויליק איינגעגלידערט נאָך א ריי אנדערע אָרגאַניזאַציעס און גרופּן. דעם
ערשטן אָרט פאַרנעמט גאַנצווייכס=פּאָגאָטאָוויע ראַטונקאָווע, מיט אמא=
ראַנטענע היטלער. די דאָזיקע אַפּעריסטישע געזעלשאַפט. וואָס האָט קיין
איין ייד נישט געגעבן קיין מעדיצינישע הילף, האָט איר טעטיקייט בא=
גרענעצט צום ארויסגעבן פאַר גראָבע טויזנטער לעגיטימאַציעס און היט=
לער. דאָס דאָזיקע האָט מיט דער הילף פון גאַנצווייכן באַפרייט פון אר=
בעטסלאַגערן און בכלל געשטיצט פון כלערליי צרות און שטייערן. אויסער
דעם האָט דער מונדיר פון „פּאָגאָטאָוויע“ מעגלעך געמאַכט צו מאַכן פאַר=
שיידענע אַפּערעס און שאַנטאַזשן פון סאַניטאַרן כאַראַקטער (מסרן טי=
פּוס=פּאַלן, פּראָוואָקעס וכדומה). אָט דאָס דאָזיקע אַפּעריסטיש=באַנדיטישע

געזינדל האָט זיך עס פּריווילִיק געמאָלדן צו דער זויבערער ארבעט פון שיקן יידן אויף יענער וועלט. און דאָס געזינדל האָט זיך טאַקע אויסגעצייכנט מיט איר ברוטאַליטעט און אוממענטשלעכקייט. די רויטע היטלעך האָבן זיך באַדעקט מיט רויטע בלוט-פלעקן פון דער אומגליקלעכער יידישער מאסע.

אויסער דער פּאָגאָטאָוויע האָבן מיטגעהאָלפן אין דער אַקציע באַאַמטע פון דער קהלה, ווי אויך די פּאָגאָטאָוויע פון ק.אָ.ם.

---

דייטשן. בדרך כלל האָבן אין דער אַקציע זיך באַטייליקט ס.ס.-לייט. זייער שם איז א באַרעכטיקטער. די גאנצע ברוטאַליטעט [נישט פארענדיקט].

5 דעצעמבער [1942]

## די שנאה צו דער פּאָליציי

ווי לאַנג עס האָט געדויערט די „אַקציע“ (אַזוי האָט מען גערופן די שחיטה פון די ווארשעווער יידן), אַזוי לאַנג האָט דער עולם געשוויגן. מען האָט זיך געלאָזט פירן ווי שאָף צום שעכט-הויז. עס איז מיר באַקאַנט, אַז טרעגערס פון „צענטאָס“-מאגאזינען, ריזן וואָס האָבן נישט איינמאָל באַוויזן זייער כח אין דער צייט פון סכנה, האָבן זיך בשעת דער „אַקציע“ געלאָזט פירן ווי לעמעלעך. דאָס זעלבע קען געזאָגט [ווערן] וועגן דעם רוב מאַנסבילן און פרויען גענומענע אויפן „אומשלאַג“ בשעת דער „אַקציע“. דאָס וועט בלייבן אַן אייביק רעטעניש — אָט די דאָזיקע פּאַסיווקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אויך לגבי דער אייגענער פּאָליציי. איצט ווען דער עולם האָט זיך אביסל באַרואיקט און מען מאַכט דעם סך-הכל פון דעם פאָרגעקומענעם, דערוועקט זיך דאָס געפיל פון בושה, וואָס מען האָט נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד אפילו דער אייגענער פּאָליציי. מען דערמאָנט זיך ווער איז געווען שולדיק אין דער מאסן-שחיטה און מען קומט צו דער איבערצייגונג, אַז אַ סך שולד איז דאָ פון דער יידישער פּאָליציי. מאַנכע באַהויפּטן אפילו, אַז די איינציקע שולדיקע אין דעם אַלעם זענען יידישע פּאָליציאַנטן. און איצט נעמט מען נקמה דערפאַר. ביי יעדער געלעגנהייט דערמאָנט מען די יידישע פּאָליציאַנטן זייער חטא. יעדער פּאָליציאַנט, מיט וועלכן איר רעדט איצט, איז גאָט די נשמה שולדיק. ער האָט קיינמאָל נישט אָנטייל גענומען אין דער אַקציע. ער איז געווען צוגעטיילט צו דער אָדער יענער אינסטיטוציע. אין בעסטן פאַל האָט ער געראַטעוועט פון אומשלאַג מענטשן, געכאַפּט האָבן אַנדערע — נישט ער. לויט די דאָזיקע שמועסן קומט אויס, אַז די וואָס האָבן געכאַפּט אויפן אומשלאַג, זענען גאָר צוגענומען געוואָרן אין פארשיידענע

לאגערן אָדער קיין טרעבלינקי. בשעת מיר ווייסן, אז געווען איז פונקט קאַפּויער. די „הויראקעס“, די פרעכע און געמיינע חברה צווישן דער פאָליציי איז געבליבן צווישן די 300 פאָליציאנטן וואָס היטן היינט די אָרדנונג אין געטאָ, דאגעגן די אנדערע, די וויניקער פיפיקע, וואָס האָבן נישט געהאט גענוג געלט און פּראָטעקציע, זיינען אוועק אָדער קיין טרעבלינקי אָדער אין פארשיידענע לאגערן ווי סמאָל[ע]נסק אָדער לובלין.

ווי איך האָב פריער דערמאָנט, איז איצט געקומען די צייט פון חשבון הנפש, די צייט פון רעפלעקסן איבער דעם געשעענעם. מען וויל נעמען נקמה אין די שולדיקע. א געהיימע האנט האָט אוועקגעלייגט לייקיגען[60], וואָס איז דער הויפּטשולדיקער אין דער איבערזידלונג. אויף שריט און טריט דערמאָנט מען דער יידישער פאָליציי איר שולד אין דער איבערזידלונג. מען פארפאלגט די ייד[ישע] פאָליציי ווי מען קען נאָר. אויסער די יידן ווייזן ארויס די דאָזיקע שנאה די פאָלאקן. די געוועזענע ייד[ישע] פאָליציאנטן, וואָס ארבעטן אין דער טראמוויי־רעמיזע, ווערן כסדר פארפאָלגט דורך די פוילישע אַרבעטער[61]. אין רעמבערטאָוו ווערן זיי פארפאָלגט אפילו דורך די דייטשישע זעלנער. אין א סך שאָפּן זיינען געווען פּראָטעסטן קעגן דעם ארייננעמען פאָליציאנטן אין דער ווערקשטאָט אָדער אין דער פאבריק. אין א געוויסער שאָפּ האָט מען אדורכגעפירט א באשלוס, אז אלע געוועזענע פאָליציאנטן זאָלן באזייטיקט ווערן פון שאָפּ. מיר איז באקאנט א פאקט, אז געוועזענע פאָליציאנטן פון א געוויסער פּלאַצוווקע טראָגן די היטלער ביז צו הער וואך, ווייל אין געטאָ איז דאָך א „היטל“ חשוב. אויסערן געטאָ טוען זיי אויס די היטלער, ווייל דאָרט האָבן זיי שוין מורא פאר דעם פוילישן עולם, וועלכער האסט דעם ייד.[שן] אָרדנונגס־דינסט פאר זיינע אויפטוען בשעת דער איבערזידלונג. א זון האָט דערקענט אין גאס א פאָליציאנט, וועלכער האָט צוגענומען זיינע עלטערן. איז ער אויף אים אָנגעפאלן. אין שאָפּ פון האַלמאנען האָט די הילפס־קאָמיסיע צוגעטיילט אן אונטערשטיצונג פאר א קראנקן געוועזענעם פאָליציאנט. די אויפרעגונג קעגן דער הילפס־קאָמיסיע איז אין לשער. און אזוי אויף שריט און טריט — געוועזענע פאָליציאנטן ווערן גערודפט אויף שריט און טריט.

מען דערמאָנט כסדר די מעשים תעתועים פון דער ייד.[ישער] פאָליציי פון דער צייט פון איבערזידלונג. עס ווערט דערציילט פאָלגנדער פאקט: אויף לעשנאָ 50 איז דערהרגעט געוואָרן א ייד. ער איז געלעגן פארן טויער. זיינען געקומען 2 קרבנים מיט א עגלה, צוצונעמען דעם מת. גראָד דעם טאָג זיינען די פאָליציאַנטן אַרומגעגאַנגען ווי פאַרסמטע, ווייל

---

[60] זע הערה 25.

[61] פריער האָט רינגעלבלום געשריבן פאַרקערט, אַז די פוילישע טראַמוויי־אַרבעטער באַציִען זיך גוט צו די יידישע פּאָליציאַנטן. עס קאָן זיין, אַז דאָס זענען געווען צוויי אַנדערע פּעריאָדן.

יעדער האָט דעם טאָג געמוזט צושטעלן 5 „קעפּלעך". אַ נישט האָט מען געדראָט צוצונעמען די פּאָליציאַנטן מיט זייערע פאַמיליעס. נישט לאַנג טראַכטנדיק, האָט דער פּאָליציאַנט צוגענומען די 2 קברנים, איבערלאָזנ־דיק אויף הפקר דעם מת אין מיטן גאַס. אַ צווייטער פאַקט האָט פּאַסירט אויף לעשנאָ 24. אַ 16־יעריקער זון פון אַ בעקער האָט געשלאָגן אַ פּאָ־ליציאַנט, וועלכער האָט געוואָלט צונעמען זיין מוטער. דער בחור האָט צע־ריסן דעם פּאָליציאַנט די קורטקע. מען האָט דאָס יינגל אַרייַנגענומען אויפן הויף פון הויפּט־קאָמאַנדע פון פּאָליציי, האָרט אים געגעבן 25 שמיץ, צוליב וועלכע ער איז געשטאָרבן.

אין אַנדערער נישט ווייניקער שרעקלעכער פאַל האָט פּאַסירט בשעת דער איבערזידלונג. אַ פּאָליציאַנט איז אַריינגעקומען, אָבער ריכטיקער געזאָגט האָט זיך אַריינגעריסן אין אַ וווינונג. אַלע לאָקאַטאָרן האָבן זיך ערגעץ ווו פאַרשטעקט, געבליבן איז בלויז אַ 3־חדשימדיק קינד אין וויג. נישט לאַנג געטראַכט האָט דער פּאָליציאַנט געבראַכט דעם דייטש, וואָס איז געשטאַנען אויפן הויף און אָנגעפירט מיט דער אַקציע. דער דייטש איז אַריינגעפאַלן אין גרימצאָרן, הלמאי ער ברענגט אים אַזעלכע קרבנות, גוט אָנגעשלאָגן דעם פּאָליציאַנט און דאָס קינד דערשאָסן. דעם דאָזיקן פאַקט האָב איך געהערט פון פאַרשיידענע זייטן אַלס הונדערטפּראָצענ־טיקן.

ווען די פּאָליציאַנטן אויפן אומשלאַג ווערן פאַרצײלט פאַרשיידענע שווידערלעכע דערציילונגען. פאַר זיי האָט נישט עקזיסטירט קיין מענטש, נאָר אַ „קעפּל" (לעפּעק — פון וואָרט לעב), פאַר וועלכן מען קען נעמען אויסלייז־געלט. אויסלייזן האָט מען זיך געקענט נאָר פאַר געלט, ברי־ליאַנטן, גאָלד א.ד.גל. דער פּרייז פון אַ קעפּל איז געווען פאַרשיידן. לכת־חילה 1.000—2.000 זל. שפּעטער מער, ביז וואַנען עס איז דערגאַנגען צו 10.000 זל. פאַר אַ קעפּל. די הויך פון דער סומע איז אָפּהענגיק גע־ווען פון אַ גאַנצער ריי סוביעקטיווע און אָביעקטיווע מאָמענטן, וואָס די ייד.[ישע] פּאָליציאַנטן האָבן אין שותּפות געמוזט טיילמאָל אַרייַנציען די „יונאַקעס" (אייגנטלעך „זאָנדער־דינסט" — אַ מין פאָרמאַציע פאַרן געטאָ, דער רוב צוזאַמענגעשטעלט פון פאָלקס־דייטשן, זיי זענען אונ־טערליגן דעם קאָמיסאַר פון געטאָ) און די לאָטישן אָדער אוקראַינער, וואָס האָבן געהאָלפן דינסט ביים אומשלאַגפּלאַץ. קיין רחמנות האָבן די ייד. פּאָליציאַנטן נישט געהאַט. האָט עס געמעגט זיין די ווערטפולסטע פּער־זאָן אויב זי האָט נישט געהאַט קיין אויסלייז־געלט אָדער קרובים, וואָס זאָלן די געפאָדערטע סומע באַצאָלן, האָט מען אַזאַ פּערזאָן אַוועקגעשיקט. עס זיינען באַקאַנט פאַלן ווען פּאָליציאַנטן האָבן אויסער געלט אויך פאַר־לאַנגט אַן אָפּצאָל אין נאַטור: דאָס לייב פון פרויען. מיין פריינד קלמן זילבערבערג זענען באַקאַנט די נעמען פון די פּאָליציאַנטן און די נעמען פון די פרויען, וואָס האָבן באַצאָלט פאַר זייער באַפרייונג מיט זייער קער־פּער. פאַר דעם צוועק האָבן די פּאָליציאַנטן געהאַט אין שפּיטאָל אַ חדר

מיוחד. בכלל איז די פּאָליציאַנטן נישט געווען צו דערקענען בשעת די אומזידלונג. מען האָט זיי כסדר אויפגעהעצט קעגן די ווידערשפּעניקע, וואָס לאָזן זיך נישט אויסזידלען. מען האָט זיי כסדר געדראָט מיט צונגען, זיי און זייערע פרויען און קינדער אויפן אומשלאַג. דעמאָראַליזירט זענען זיי געווען פון פריער. די געכאַפּטע אויפן אומשלאַג, באַזונדערס פרויען, האָבן געשטעלט א ווידערשטאנד. דאָס אלץ צוזאמען האָט געשאַפן אן אומגלעכלעכע אַטמאָספער פאר די פּאָליציאנטן, וועלכע האָבן געווילדעוועט און אָפּגעטאָן שרעקלעכע זאַכן.

14 דעצעמבער 1942

## מיר וועלן בלייבן אָדער נישט?

די צייט וואָס מיר לעבן איצט איבער איז א טראגישע. מיר, דאָס שארית הפליטה פון די ווארשעווער יידן, ווייסן נישט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. מיר גייען ארום מיט דער שטענדיקער פראַגע: וואָס וועט געשען מיט אונדז? וועט אונדז דער שונא איבערלאָזן, אָדער זיינען מיר פארמישפּט צום אונטערגאנג, פונקט ווי דאָס [איז] געשען אין הונדערט[ער] שטעט און שטעטלעך פון פוילן און פון אנדערע לענדער. די וואָס גלויבן, אז מיר וועלן איבערלעבן די מלחמה, ארגומענטירן עם דערמיט: „נאָך וואָס האָבן די דייטשן פּראָקלאמירט דאָס שאפן פון געטאָס“[62], צווישן וועלכע עס איז אויך דאָ ווארשע? זיי האָבן געוואָלט דעמאָנסטרירן פאר דער וועלט. אז יידן זענען נאָך דאָ אין פוילן, מער נישט מען האָט אַ טייל איבערגעזידלט. דאָס רעשט יידן איז נוטיק די דייטשן צוליב פּאָליטישע טעמים. אז מען וועט אויסשעכטן אלע יידן, וועט מען דאָך נישט האָבן אויף וועמען ארויפצולייגן די שולד פאר פארשפּילן קאַמפּאַניעס און אפשר די מלחמה. דאָס רעשט יידן איז פאר זיי נויטיק, כדי צו קאָנען שאַנטאַזשירן די וועלט אין פאל פון אָנווענדן רעפּרעסיעס קעגן דייטשן הן קריגסגעפאנגענע הן ציווילע. דער רעשט יידן איז פאר זיי נויטיק, כדי צו קענען לייקענען שטיין און ביין אין מאַסנמאָרד פון די יידן. יידן זיינען אויסגעשטאָרבן, אָבער נישט חלילה אויסגעמאָרדעט געוואָרן.

די וואָס האלטן, אז דער שונא וועט אונדז רעשטלאָז אויסמאָרדן, פארופן זיך אויף היטלערס פילמאָליקע הבטחות, דערמאָנען די דייטשע פרעסע, וועלכע האָט אין די לעצטע חדשים גערעדט קלאָר און דייטלעך וועגן „אויסראָטונג דעם עאוראָפּעישן יודנטום“. מען ברענגט אלס ביישפּיל אזעלכע שטעט ווי זאמאָשטש, כעלם א.א.וו. מען ליקווידירט אפילו

---

[62] דעם 28-טן אָקטאָבער 1942 האָט דער העכערער ס. ס.- און פּאָליציי-פירער קריגער אַרויסגעגעבן אַ „פּאָליציי-פאַראָרדענונג“ וועגן שאַפן פונדאָסניי געטאָס אין וואַרשעווער און לובלינער געגנט. דערמיט האָט מען געצילט צו כאַפּן יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון די געטאָס און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן.

פאַרבליבענע 10% יידן, מען פרעגט זיך צוליב וואָס ווערן ליקווידירט אַלע לאַגערן אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך[63]. צוליב וואָס מאַכט מען עס פון וואַרשע אַ נייעם יידישן צענטער? וואָס וועט זיין מיט די טויזנטער יידן באַשעפטיקטע ביי דער „ווערטערפאַסונג"? פאַרוואָס איילט מען זיך אַזוי מיט דער „ווערטערפאַסונג"? שוין זשע פילט זיך אַזאַ דירות-מאַנגל, אַז מען מוז אָנקומען צו יידישע דירות? מען דערמאָנט אויך די ידיעה פון ענגלישן ראַדיאָ מיט אַ קורצער צייט צוריק, אַז ביז 1 יאַנואַר וועט דאָס „גוווערנעמאַן"[64] בלייבן יידן-ריין.

די באַונרואיקונג ווערט נאָך פון טאָג צו טאָג פאַרגרעסערט מיט דער פראַגע פון די נישט לעגאַלע. נאָך דער קאָנפערענץ אין דער קהלה מיט די אָנפירונג פון ס.ס.[65] האָט מען געמיינט, אַז עס וועט העררשן רו אויף דעם אָפּשניט. דערווייל זיינען מיר עדות פון נייע אינגערלעכע בלאָקאַדעם אין די שאָפּן. מען אַרעשטירט פרויען פון אַרבעטער אין האַלמאַנס שאָפּ און [מען] וויל זיי שיקן אין געטאָ צו דער „ווערטערפאַסונג". בכלל איז די מורא, אַז מען וועט פרויען און קינדער פון אַרבעטער שיקן אין געטאָ צו דער „ווערטערפאַסונג". און דערנאָך פרעגט זיך דער עולם וואָס וועט זיין, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום וועט זיך פאַרענדיקן די דאָזיקע אַרבעט — אָט פאַר דעם האָט מען שטאַרק מורא. מען ציטערט, צי מיינט נישט דער שונא צו קאָנצענטרירן וואָס מער יידן אין וואַרשע, כדי זיי דערנאָך לייכטער צו ליקווידירן.

איין זאַך איז קלאָר, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן יידן, שפּילן ווירטשאַפטלעכע מאָמענטן קיין שום ראָל נישט. די אויסגיביקייט פון די שאָפּן איז אַזאַ שוואַכע. נישט געקוקט אויף די דראָונגען און סכנות, סאַבאָטירט דער עולם די אַרבעט און טוט וואָס ווייניקער, כדי מען [זאָל] מוזן פאַרבלייבן אין שאָפּ כמעט 12 שעה. עס זיינען באַקאַנט פאַקטן פון פּראָווינץ, אַז גאַנצע שטעטלעך האָבן געאַרבעט פאַר דער ווערמאַכט און דאָך האָט עס זיי נישט געראַטעוועט. ווען עס איז אָנגעקומען דער באַפעל פון פאַרניכטן אַלע יידן, איז ער מיט דער גאַנצער האַרבקייט אויסגעפירט געוואָרן. בכלל איז פאַראַן די איבערצייגונג, אַז די פאַראָרדענונגען וועגן פאַרניכטן יידן טראָגן נישט קיין לאָקאַלן נאָר אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. דער באַפעל קומט פון בערלין איבער קראָקע און די אָרטיקע מאַכט האָט דאָ גאָרנישט צו זאָגן. אין די מאָמענטן געהערט די גאַנצע

---

[63] אין נאָוועמבער 1942 זענען געבראַכט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ גרופּן יידן פון די אַרבעטס-לאַגערן אין טאַרכאָמין, ווילאַנוו, קאַלביעל, טשענסטאָכעוו, קאַרטשעוו, סלאָמטשין (ביי גריצע). אין דעצעמבער 1942 האָט מען אַריינגעפירט אין וואַרשעווער געטאָ די יידן פון די אַרבעטס-לאַגערן אין קאַרטשעוו, קופּלעוו, קלימענטעוו, און פון דער חלוצישער פערמע אין טשערניאַקוו.

[64] געמיינט: די גאַנצע גענעראַל-גובערניע.

[65] די „קאָנפערענץ" איז פאָרגעקומען אין דער העלפט נאָוועמבער 1942.

מאַכט איבער די ייִדן צו דער ס.ס., וועלכע ווייס נישט פֿון קיין שום סענטימענטן. כּל זמן די מאַכט איבער די וואַרשעווער ייִדן ליגט אין די הענט פֿון דער „באַפֿעלסשטעלע“ (אייזנגאַס 103) [66], אַזוי לאַנג איז דער גורל פֿון וואַרשעווער געטאָ אַן אומזיכערער. עס וועט דאָ גאָרנישט העלפֿן די פּראָקלאַמאַציעס, וואָס די באַזונדערע שאָפּן האָבן באַקומען — ווי אַ טייל באַהויפּטן — ביז צום 1 אַפּריל, ווייל ווי עס [איז] פֿריער דערמאָנט געוואָרן, האָבן ווירטשאַפֿטלעכע מאָמענטן קיין שום באַדייטונג נישט אין באַצוג צו ייִדן. סוף כּל סוף קען מען נאָך געפֿינען צווישן די פּלאַקאַטן אָדער די רוסישע קריגס־געפֿאַנגענע פֿאַכלייט, וואָס זאָלן פֿאַרבייטן די ייִדן. האָבן מיר דאָך געזען, מען האָט ליקווידירט 5 — 6 מיליאָן ייִדן פֿון אייראָפּע און מען זעט נישט, אַז די קריגס־מאַשין די דייטשע זאָל צוליב דעם ליידן.

צוליב דעם אַלעם איז דאָ ווייניק ייִדן, וואָס גלויבן, אַז מיר וועלן איבערלעבן די מלחמה. עס איז נאָר אַ פֿראַגע פֿון אַ טערמין: צי די פֿאַרניכטונג וועט פֿאָרקומען אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, אָדער אין אַ פּאָר חדשים — אין פֿרילינג. קיין שום פֿאַנטאַזיע חלומט נישט וועגן דעם, אַז מען וועט אונדז איבערלאָזן נאָך פֿרילינג. מיט אַזאַ מיינונג האָב איך כמעט נישט געטראָפֿן.

אַ גרויסן איינדרוק אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פֿראַגע וועגן פֿאַרבלייבן אָדער ליקווידירן דאָס געטאָ האָט געמאַכט די ליקווידאַציע פֿון די געטאָס אין קאַלושין און שעדלעץ [67]. די דאָזיקע שטעט האָבן געהערט צו דער קאַטעגאָריע, וואָס האָט לויט דער פֿאַראָרדנונג פֿון נאָוועמבער געזאָלט פֿאַרבלייבן אַלס געטאָס, און איצט זיינען זיי ליקווידירט געוואָרן. שעדלעץ — דערפֿאַר ווייל ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט שמוגל, קאַלושין — צוליבן אַנטיסאַניטאַרן צושטאַנד. דער דאָזיקער פֿאַקט באַווייזט, אַז די לעצטע פֿאַראָרדנונג טראָגט אויך נישט קיין מאָמענט פֿון סטאַבילקייט און אַז מיר זיינען ווייטער אָנגעוויזן אויפֿן חסד פֿון די ס.ס.־לייט.

פֿאַראַן נאָך אַ וויכטיקער מאָמענט, וואָס זאָגט קעגן דער סטאַבילקייט פֿון וואַרשעווער געטאָ, דאָס איז דער פֿאַקט, אַז די פֿאַרניכטונגס־קאָמאַנדאָ איז ווייטער טעטיק. עס איז נאָך פֿאַראַן חילוקי־דעות צי עס איז ווייטער טעטיק טרעבלינקי [68], אָדער מען פֿאַרניכטעט די ייִדן אין אָשוויענטשים. אַז די פֿאַרניכטונגס־אַקציע דויערט, דאָס אונטערליגט נישט קיין שום ספֿק.

---

[66] אויף אייזנגאַס (זשעלאַזנע) 103 האָט זיך געפֿונען דער שטאַב פֿונעם לובלינער „איינזאַץ ריינהאַרדט“, וואָס האָט דורכגעפֿירט דעם גירוש פֿון וואַרשעווער געטאָ.

[67] די ייִדישע עדה פֿון קאַלושין איז ליקווידירט געוואָרן אין דעצעמבער 1942, פֿון שעדלעץ — אין נאָוועמבער 1942.

[63] דער טויט־לאַגער אין טרעבלינקע איז געווען ווייטער טעטיק, ביז אויגוסט 1943.

# גלחים ווילן ראַטעווען יידישע קינדער

אין געוויסע קרייזן איז לעצטנס געוואָרן אַקטועל דער פּלאַן צו ראַטעווען אַ געוויסע צאָל (עטלעכע הונדערט) יידישע קינדער דורך איינאָרדענען זיי אין קלויסטערס, צעוואָרפענע איבערן גאַנצן לאַנד. וועלכע מאָטיוון האָבן באַוויגן די גייסטלעכקייט האָס דאָזיקע צו טאָן? דאָס זענען 3 מאָטיוון: דער ערשטער כ אַ פּ ן נ ש מ ו ת. תמיד האָט די קאַטוילישע גייסטלעכקייט אויסגענוצט די שווערע מאָמענטן אין יידישן לעבן ווי פּאָגראָמען, גירושים א. א. אָפּצושמדן דערוואַקסענע און קינדער. דער מאָמענט שפּילט מסתמא דאָס וויכטיקסטע אָרט, הגם דער קלער פאַרזיכערט, אַז ער וועט נישט אָפּשמדן די יידישע קינדער, וועלכע ער וועט אַרייננעמען אין זיינע אַנשטאַלטן.

דער צווייטער: ד ע ר מ אַ ט ע ר י ע ל ע ר. יעדעס יידישע קינד וועט דאַרפן איינצאָלן 600 זל. אַ חודש און דאָס פאַר אַ יאָר פאָרויס. פאַר די אָרדנס, וואָס האָבן אייגענע פעלדער און גיטער און די באַשפּייזונג קאָסט זיי זייער ביליק, איז דאָס אַ גאַנץ גוט געשעפט. די אָרעמע קינדער, וואָס וועלן נישט האָבן צו דעקן דעם אָפּצאָל, וועלן פאַרטרעטן ווערן דורך רייכע, ביי וועלכע מען וועט נעמען אַ דאָפּלטן אָפּצאָל.

דער דריטער: דער פּ ר ע ס ט י ז ש - מ אָ מ ע נ ט. די פּוילישע גייסטלעכקייט האָט ביז איצט זייער ווייניק געטון, כדי צו ראַטעווען יידן פון דער שחיטה, איבערזידלונג, בלע"ז. אין אָנבליק פון די פּראָטעסטן פון דער גאַנצער וועלט קעגן דעם מאַסן-מאָרד פון די פּוילישע יידן וועט דאָס ראַטעווען עטלעכע הונדערט יידישע קינדער קענען זיין אַן אַטעסטאַט, אַז דער פּוילישער קלער איז נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט אין אַזעלכע שווערע צייטן, נאָר, אַז ער האָט אַלץ געטון, כדי צו ראַטעווען יידן און בפרט יידישע קינדער.

איך בין אָנוועזנד געווען אויף אַ דיסקוסיע פון אייניקע יידישע אינטעלעקטועלע וועגן דער דאָזיקער פראַגע. איינער האָט קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז ער איז קעגן דער דאָזיקער אַקציע. הגם עס איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז אין די קלויסטערס וועלן אָנגענומען ווערן קינדער צווישן 10 און 14 יאָר (לויטן וואונטש פון דעם יידישן צד), וועלן דאָך די קינדער אַרונטערפאַלן אונטער דער השפעה פון די גלחים און פריער אָדער שפּעטער זיך אָפּשמדן. עס העלפט דאָ גאָרנישט די הבטחה פון די גלחים, אַז זיי וועלן די קינדער נישט אָפּשמדן. די צייט און די דערציונג וועט טון איירס. דער דאָזיקער דיסקוטאַנט האָט געהאַלטן, אַז מיר דאַרפן באַכטן

[69] עמנואל רינגעלבלום.

דעם ביישפּיל פון אונדזערע אבות און גיין אויף קידוש השם. מיר טאָרן נישט געבן אונדזער ברכה צום שמד פון אונדזערע קינדער. די געזעלשאַפט אַלס כלל טאָר זיך נישט פאַרנעמען מיט דעם ענין. זאָל מען דאָס איבערלאָזן יעדן יחיד באַזונדער. אויב אין ווארשע איז פארניכטעט געוואָרן 300 טויזנט יידן, טאָ וואָס וועט העלפן דאָס ראטעווען פון עטלעכע הונדערט קינדער, זאָלן זיי אונטערגיין אָדער בלייבן לעבן צוזאַמען מיטן כלל.

אַנדערע האָבן געטענהט: מיר מוזן זאָרגן פאַר דער צוקונפט. ביי אַזאַ מין שחיטה פון גאַנצן אייראָפּעישן יידנטום איז יעדער נפש אַ גאַנצער אוצר און מיר מוזן זאָרגן אים צו דערהאַלטן. נאָך דער מלחמה וועט דער קלער נישט האָבן קיין השפּעה, ווער ווייס צי ער וועט בכלל עקזיסטירן. אויב אַזוי, איז נישטאָ קיין מורא, אַז די קינדער וועלן אַרונטערפאַלן אונטער דער השפּעה פון דער גייסטלעכקייט. אויב מען וועט גוט אַדורכקוקן די בלעטער פון אונדזער געשיכטע, וועט זיך אַרויסווייזן, אַז קידוש השם איז נישט געווען קיין כלל אין אונדזער געשיכטע נאָר פאַרקערט — דאָס מאַראַנענטום, דאָס שיין־קריסטנטום. יידן האָבן זיך שטענדיק צוגעפּאַסט צו די שווערסטע באַדינגונגען, שטענדיק געוווּסט ווי אַריבערצוהאַלטן די שווערסטע צייטן. דאָס איבערשיקן אַ קליין הייפל יידישע קינדער וועט ראַטעווען די, וואָס וועלן שאַפן דעם נייעם יידישן דור. מיר האָבן נישט קיין רעכט צוצונעמען דאָס רעכט פון לעבן פאַר דעם נייעם דור.

מען דאַרף דאָ שטאַרק אונטערשטרייכן דעם אונטערשיד צווישן שמד און שיין־קריסטנטום. די גלחים אַליין דערקלערן דאָך, אַז די קינדער וועלן נישט אָפּגעשמדט ווערן, נאָר פאַרן אויג וועלן זיי זיך דאַרפן פירן ווי קריסטן. אמת, עס איז דאָ אַ געפאַר, אַז אויב דאָס זאָל דויערן אַ לענגערע צייט, וועט אַ טייל פון די קינדער אַרונטערפאַלן [אונטער] דער השפּעה פון קלער. עס איז אָבער דאָ אַ צווייטע געפאַר, אויב מיר וועלן נישט אַדורכפירן די אַקציע פון ראַטעווען די קינדער מיט דער הילף פון קלער, וועט אין אַ צייט אַרום גאָרנישט פאַרבלייבן און עס וועט אויך אומקומען דאָס הייפל, וואָס מיר וואָלטן געקענט ראַטעווען. כמות — דערקלערן אַ טייל דיסקוטאַנטן — איז אין איצטיקן מאָמענט איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן. מיר מוזן פאַר יעדן פּרייז ראַטעווען וואָס אַ גרעסערע צאָל יידן און דעריבער דאַרפן מיר איינגיין אויפן פאָרשלאַג וועגן איינאָרדענען די קינדער אין די קלויסטערס.

געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געטענהט: מען דאַרף די זאַך מאַכן, אָבער נישט מיטן הסכם פון די פאָרשטייער פון דער יידישער געזעלשאַפט. עס ראַטעווען זיך איינצעלנע פּערזאָנען אויף פאַרשיידענע אופנים. זאָל די אַקציע פון די קלויסטערס טראָגן אַן אינדיווידועלן כאַראַקטער.

15 דעצעמבער 1942

# עשׂרת השבֿטים

די ייִדישע פֿאָלקס־פּסיכיק האָט קיינמאָל נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די 10 שבֿטים פֿון מלכות ישׂראל זיינען אומגעקומען, זיינען פֿאַרשוווּנדן צווישן אַנדערע פֿעלקער. דאָס פֿאָלק האָט געוועבט פֿאַרשיידענע לעגענדעס וועגן די „רויטע ייִדעלעך“, וואָס וווינען ערגעץ הינטער די הרי חושך, וואָס וועלן בימים ההם אויפֿשטיין און גיין באַפֿרייען דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿון גלות. דאָס פֿאָלק האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט איינלעבן מיטן געדאַנק, אַז 10 צוועלפֿטל פֿון אים איז אונטערגעגאַנגען און געחלומט כסדר, אַז דער אמת וועגן פֿאַרשווינדן פֿון די עשׂרת השבֿטים איז נאָר אַ חלום.

דאָס זעלבע קומט פֿאָר היינט. דריי הונדערט טויזנט ייִדן פֿון וואַרשע זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן אין דעם טויטן־לאַגער טרעבלינקי, אָבער דאָס פֿאָלק, די פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע קען זיך נישט איינלעבן מיט דעם דאָזיקן שוידערלעכן געדאַנק און זוכט דעריבער פֿאַרשיידענע מיטלען ווי אָפּצונאַרן זיך אַליין און אַנדערע. לכתחילה האָט מען סתם נישט געגלויבט אין טרעבלינקי און יעדן, וואָס האָט דאָס איבערגעחזרט, האָט מען פֿאַרשריגן ווי אַ פּאַניקמאַכער, ווי אַ שוואַרץ־זעער, וואָס האָט הנאה פֿון אָנטאָן ייִדן צרות. מען האָט נישט פֿאַרשטאַנען, ווי קאָן מען עס נעמען צענדליקער טויזנטער אומשולדיקע פֿרויען, קינדער, מאַנסבילן און זיי אומברענגען פֿון דער וועלט. מען קען פֿאַרפֿייניקן הונדערטער, טויזנטער, אָבער נישט הונדערטער טויזנטער, מיליאָנען. ווי איז דאָס מעגלעך היינט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט? אָפּגעפֿאַרטיקט דערמיט, אַז דאָס איז נישט מעגלעך האָט מען געמוזט געבן אַ תשובה אויף דער פֿראַגע: ווו זיינען אַהינגעקומען די איבער 300 טויזנט וואַרשעווער ייִדן, ווו זיינען פֿאַרשוווּנדן די 3 מיליאָן פּוילישע ייִדן? און די תשובה האָט מען געפֿונען. עס האָט זיך אָנגעהויבן וועבן אַ לעגענדע וועגן בריוו פֿון די אויסגעזידלטע און דווקא פֿון באַשטימטע ערטער פֿון בריסק, פֿון קאָוועל, פֿון פּינסק א. א. וויפֿל איר זאָלט זיך נישט האָבן באַמיט, האָט איר קיינמאָל נישט געקענט דערגיין צו דער פּערזאָן, וואָס האָט אַליין מיט אירע אויגן דעם בריוו געלייענט. שטענדיק איז עס געווען אַ דריטע פּערזאָן, וואָס האָט געהערט פֿון אַ צווייטער, אַז פּלוני בן פּלוני האָט דעם בריוו געלייענט. שטענדיק איז דער בריוו געווען פֿון דעם זעלבן נוסח און פֿון דער זעלבער פֿאָרם: אויף אַ שטיקל פּאַפּיר פֿון אַ בייטל אָנגעצייכנט עטלעכע ווערטער, מיט קורצע פֿאָר ווערטער, אַז מיר זיינען געזונטערהייט אָנגעקומען אויפֿן אָרט. קיינמאָל זיינען אין אַזאַ בריוו נישט געווען קיין פּרטים וועגן די לעבנסבאַדינגונגען פֿון די אויסגעזידלטע, וועגן זייערע באַשעפֿטיקונגען. שטענדיק אָבער האָט מען איז אַזאַ בריוו געבעטן געלט און זאַכן. שטענדיק האָט מען אין אַזעלכע בריוו דער־

מאַנט און געבעטן אָפּגעבן גרוסן פון אַנדערע אויך אויסגעזידלטע פּערזאָנען און צופעליק זיינען עס געווען תמיד פאַרמעגלעכע פּערזאָנען.

די דאָזיקע בריוו פלעגן מיטברענגען מיט זיך קריסטן, וועלכע עס איז געלונגען נאָך פאַרשיידענע שוועריקייטן צו צוקומען צו די אַנטשפּרעכנדע פּערזאָנען. די פריינדלעכע קריסטן זיינען גרייט געווען מיטצונעמען געלט, מלבושים פאַר די אויסגעזידלטע. זיי זיינען אויך געווען גרייט מיטצוהעלפן אויסצוזוכן אַנדערע אויסגעזידלטע פּערזאָנען, נאַטירלעך פאַר אַ באַפרידיקונג פון הונדערטער אָדער טויזנטער זל. פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן זיך געלאָזט קאָסטן צענדליקער טויזנטער זל., כדי אויסצוגעפינען זייערע נאָענטע און נאָך לאַנגע און קאָסטשפּיליקע באַמיונגען האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז דאָס אַלץ איז כזב ושקר, אַז פון זייערע נאָענטע איז נישט געבליבן קיין שריד ופליט. וויפל מאָל עס זאָלן נישט האָבן אויפגעדעקט ווערן אַזעלכע אַפערעס מיט כלומרשטע ידיעות פון קרובים, געפינען זיך נאָך אַלץ אַזעלכע, וואָס קענען נישט פאַרגעסן אָן זייערע נאָענטע, וועלכע זיינען פון זיי צוגענומען געוואָרן און לאָזן זיך קאָסטן געלט אַבי געוואָר צו ווערן עפּעס וועגן זיי.

אַזוי ווי די בריוו זיינען שוין דערעסן געוואָרן, אַזוי ווי מען האָט אין זיי אויפגעהערט צו גלייבן, זיינען די אַפערעסטן געפאַלן אויף אַ נייעם שפּיצל. מען קומט לעצטנס מיט ידיעות וועגן לאַגערן, אין וועלכע עס האַלטן זיך אויף קינדער, פרויען אָדער דערוואַקסענע. די דאָזיקע לאַגערן זאָלן זיך געפינען ערגעץ אונטער לובלין, אָדער גאָר גאַליציע (סאָקאַל, לעמבערג), מזרח־קרעסן א. א. וו. אויב די דאָזיקע מעשיות מיט די בריוו פון איינצעלנע פּערזאָנען אָדער פון גאַנצע לאַגערן חזרן זיך איבער כסדר, איז עס נישט נאָר דערפאַר, וואָס עס געפינען זיך ראַפינירטע אַפערעסטן, וואָס ווייסן ווי אויסצונוצן יעדע סיטואַציע פאַר זייערע טונקעלע אינטערעסן. די דאָזיקע אַפערעסטן שפּילן אויף די סטרונעס פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע, וואָס חלומט כסדר און וועט נישט אויפהערן צו חלומען, אַז די הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען אויסגעזידלטע לעבן, אַרבעטן און וועלן צוריקקומען. מיר לעבן אין אַ צייט פון אַלע מעגלעכקייטן, איז אויך מעגלעך, — גלויבט די פאָלקס־פאַנטאַזיע — אַז די אַלע צענדליקער טויזנטער קינדער, וואָס זיינען צוגענומען געוואָרן אין לייכטע זומער־קליידלעך, האָבן איבערגעהאַלטן די קאַלטע טריבע יעשען־טעג און האַלטן אויך אויס די קאַלטע ווינטער־טעג. ווי אומגליקלעך מוז זיין אַ פאָלק, כדי צו גלויבן אין אַזעלכע אוממעגלעכקייטן!

אויסער די קריסטלעכע אַפערעסטן, וואָס האָבן חדשים לאַנג געמאַכט אַ לעבן פון אַפערירן די קרובים פון די אויסגעזידלטע, איז נאָך געווען אַ פאַקטאָר, וואָס האָט מיטגעהאָלפן צו פאַרשפּרייטן די דאָזיקע לעגענדעס צווישן פאָלק. דאָס זיינען געווען די יידישע געסטאַפּאָוצעס: לובלינער און וואַרשעווער, וואָס זיינען ביים אָנהייב פון דער אויסזידלונג אינסטאַלירט געוואָרן אין הויז אייזנגאַס 101 און פאַרבונדן געוואָרן דורך אַ ספּעציעלן

טעלעפאָן מיט דעם הויז אײַנגאַנג 103, וווּ עס האָט געאַרבעט דער שטאַב פון דער אויסזידלונג: דער ריינהאַרד־אײַנזאַץ פון לובלין. די ס.ס. האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר קינסטלער פון קענען די מענטשלעכע פּסיכאָלאָגיע און שפּילן אויף די סטרונעס פון די מענטשלעכע נשמות. זיי האָבן עס מיט דער הילף פון די הונדערטער יידישע געסטאַפּאָווצעס פאַרשפּרייט די בלומרשטע בריוו און טעלעגראַמען פון די אויסגעזידלטע. זיי זיינען זיכער געווען די פאַלסיפיקאַטאָרן פון די דאָזיקע בריוו און טעלעגראַמעס. וואַרשע איז אין דעם פּרט נישט געווען קיין אויסנאַם פון דער גאַנצער פּראָווינץ, וווּ מען האָט אויך בשעת אויסזידלונגען פאַרשפּרייט אַזעלכע פאַלסיפיצירטע בריוו פון פּינסק, בריסק א. א. מען האָט זיך אַפילו נישט געגעבן די מי צו ענדערן דעם נוסח פון די בריוו, זייער אָפּשטאַם אָרט. דער עולם האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גולם, אַפילו דער וואַרשעווער יידישער עולם איז נישט געשטאַנען העכער פאַר דער פּראָווינץ. ווייל מען האָט נישט געקענט מסכים זיין מיט דעם, אַז דאָ איז אָפּגעטאָן געוואָרן דאָס גרעסטע פאַרברעך פון דער וועלט — די שחיטה פון מיליאָנען אייראָפּעישע יידן.

איך בין טיף איבערצייגט, אַז היינט, ווען טרעבלינקי איז שוין באַקאַנט ביי דעם איבערגעבליבענעם הייפל וואַרשעווער יידן, וועלן זיך נאָך אַלץ געפינען הונדערטער און אפשר טויזנטער מענטשן, וואָס וועלן נאָך אַלץ גלויבן אין די פאַלשע ידיעות וועגן בלומרשטע קינדער־לאַגערן. האָט זיך דאָך מיט עטלעכע טעג צוריק פאַרשפּרייט אַ קלאַנג וועגן 2.000 קינדער צוריקגעקומענע פון טרעבלינקי. איך גלויב, אַז אין יאָרן נאָך דער מלחמה, ווען אַלע סודות פון אַזעלכע טויטן־לאַגערס וועלן שוין לאַנג זיין אויפגעדעקט, יועלן נאָך אַלץ אומגליקלעכע מאַמעס חלומען, אַז זייערע אַוועקגעריסענע קינדער זיינען נאָך ערגעץ ווייט אין רוסלאַנד פאַראַן. עס וועלן נאָך אַלץ אָרגאַניזירט ווערן פאָרשונגס־עקספּעדיציעס צו זוכן די טויזנטער מחנות פון די אומגעבראַכטע יידן.

אין די צייטן, וואָס זיינען גאָר ווייט פון ראָמאַנטיק וועט זיך זיכער אויסוועבן אַ נייע לעגענדע וועגן די מיליאָנען אויסגעשאָכטענע יידן, אַ לעגענדע ענלעך צו דער, וועגן די עשרת השבטים.

## שטיוול, שטיוול

פאַרוואָס מענטשן פון גרויסע שטעט האָבן אויפגעהערט צו טראָגן שטיוול און אָנגעהויבן טראָגן שיך, איז דוכט זיך אַלעמען פאַרשטענדלעך. אין די קליינע שטעטלעך זענען די וועגן נישט געפּלאַסטערט. די באַלייכטונג הינקט אונטער, מוז מען דעריבער — אויב מען וויל נישט פאַרשמירן די הויזן — אָנטאָן שטיוול. אין די גרויסע שטעט איז די באַלייכטונג אַ גענוגנדע, די טראָטואַרן און וועגן ווערן גלייך אָפּגערוימט, איז דאָך לייכטער און באַקוועמער צו טראָגן שיך ווי שטיוול.

אין געטאָ און, דוכט זיך, נישט בלויז אין געטאָ מערקט זיך אַ טענדענץ מצד געוויסע קאַטעגאָריעס מענטשן אָנטאָן שטיוול. אין געטאָ האָבן אָנגעטאָן שטיוול מענטשן מיט אַ שטאַרקער האַנט, וואָס האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן לעבן דער קהלה אָדער דער פאַרזאָרגונגס-אַנשטאַלט — מענטשן אויפגעקומענע מיט שטאַרקע אַספּיראַציעס, פּאָליציי-לייט, וואָס נישט האָבנדיק קיין געווער, האָבן געוואָלט אימפּאָנירן מיט שטיוול, געמאַפּאָווצעס און ענלעכע טיפּן. דער פאַרשטאָרבענער פּרעזעס טשערניאַקאָוו האָט אין אַ טרויער-רעדע נאָך דעם וויצעפּאָרזיצער זאַבלודאָווסקי דערמאָנט, אַז ער האָט געטראָגן שטיוול. שטיוול איז אַ סימבאָל פון שטאַרקייט — אין קעגנזאַץ צו מענטשן פון וואַקס, וואָס טראָגן שיך.

איצט, זייט דער איבערזידלונג, האָבן אָנגעהויבן טראָגן שיך[70] גאַנץ נייע קאַטעגאָריעס מענטשן. די אָנפירער פון די שאָפּן, די רעדלפירער פון פאַרשיידענע אָפּטיילונגען אין די שאָפּן, דער ווערקשוץ, די אויפגעקומענע גבירים פון די שאָפּן, וואָס האָבן געמאַכט גראָבע געלטער ביים האַנדל מיט נומערלעך, די שותפים צו דער אַפּראָוויזאַציע, די דירעקטאָרן פון די שאָפּן, די מייסטערס און לייטערס פון פאַרשיידענע אָפּטיילונגען און בכלל די אַלע, וועלכע עס גייט גוט אין די שאָפּן, וואָס מאַכן אַ לעבן אויפן חשבון פון עקספּלאָאַטאַציע פון אַנדערע. אָט די אַלע טראָגן איצט מיט גאווה נייע אויפגענייטע קורטקעס און גלאַנצנדיקע שטיוול.

שטיוול האָבן אויך אָנגעהויבן טראָגן פרויען. און פאַרשטייט זיך ווידער זיינען עס די פרויען פון די אויפגעקומענע חברה-לייט אָדער זייערע געליבטע. די שטיוול זיינען לאַנגע, מער נישט די פאָרם איז אַן אַנדערע. שטאָט ברייטע, גלייכע נידריקע קנאַפּל, זיינען דאָ די קנאַפּל שמאָלע און הויכע. די לעדער איז אויך אַן אַנדערע ווי אין די מענער-שטיוול, נישט אַ האַרטע נאָר אַ ווייכע פון אַ ספּעציעלער לעדער.

### AGENTUR UND HANDELSGESELLSCHAFT

פאַרטרעטער פון פיליפּס — געקויפט פּודעלעך. געקויפט פּודעלעך ביי דער פירמע „סטעללאַ“[71]. צימערמאַן איבערגענומען „סטעללאַ“. אָפּטיילונגען: עלעקטראָטעכניש, פאַבריק פון באַטעריעס, פון אַקומולאַטאָרן. איבערגענומען אויף גזשיבאָווער פּלאַץ א גאַנצע ריי יידישע אונטערנעמונגען [פון] אייזן. דער וויכטיקסטער צווייג: פּאַפּיר (קעמפּינסקי אקאוויע,[72]). אויסגעאַרבעט העפטן, ברוליאָנעס, בלאָקן נאָטעסן. גרויסע קאָמפּלעטן פון מאַשינען-פאַבריק פון גילזן (זאמענהאָף 29).
דערלויבעניש אויף 1000 מענטשן — געוווינט 4000 מענטשן.

---

70 אַ טעות, עס דאַרף זיין: שטיוול.

71 „סטעללאַ“ — אַ יידישע פירמע אויף לעשנאָ 76, וואָס האָט אויסגעאַרבעט פּודעלעך, פאַרמלחמהדיקער אייגנטימער: ע. קופּטשיק.

72 יידישע פּאַפּיר-פירמע, אַמאָל זיך געפונען אויף דלוגע 27, די אייגנטימער יעקב און שלמה אַקאַוויע.

מילא־גאַס פון 31 ביז 55 (פון לובעצקעגאָ ביז זאַמענהאָף און זאַמענ־האָף 29).

אומגעקומען 3500 מענטשן. צוריקגעצויגן די קאָנצעסיע.

בלאָקאַדעס דריי גרויסע — אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער — געהייסן אַלע אַראָפּגיין — אויסגעשטעלט אין גרופּן לויט פּאַכן — דירות אַדורכגעזוכט. אין א קעלער דערשאָסן איבער צען פּערזאָן. אין דער בלאָקאַדע בראַנד [73] אַרייַנגעגאַנגען און פונאַנדערגעטיילט אין 2 גרופּן: איינע אויפן „אומשלאַג“, די צווייטע צו סעלעקציע. צוגענומען פון 300 אַ 150. נאָכן 6,[74] געווען יעדן טאָג בלאָקאַדעס און צוגענומען 3500 — געראַטעוועט זיך 500—600 מענטשן.

בשעת אייגער פון די בלאָקאַדעס געהייסן שפּילן אויפן סאַקסאָפאָן. די אַרישע דירעקטאָרן צוגעזאָגט, אַז די פירמע וועט זיין באַשטעטיקט, דערפאַר האָבן זיך מענטשן נישט גערירט. פּרעזעס באַרילסקי, גראַף קאָמאָרניצקי גוט באַהאַנדלט [75], געגאַנגען אויפן אומשלאַג־פּלאַץ און געראַטעוועט. דער פאָלקס־דייטש מיקולסקי געהאַנדלט נישט אָרנטלעך, אויסגענאַרט געלט און אַרייַנגעפירט אין אַ טעות.

„ווערטערפאַסונג“ אין פריוואַטע [76] צוגענומען אַלע סחורות.

איינער פון די יידישע דירעקטאָרן [77].

אָנגעמען פאַר א מיטגליד דורכשניטלעך 2000 זל. פון א פּערזאָן. ווערקשויץ אין 90% צוגענומען אויפן אומשלאַג. דאָס סאָרטירן די מענטשן איז פאָרגעקומען מיט פייטשן סיי די באַפרייטע סיי די, וואָס געשיקט אויפן אומשלאַג. נאָך 2—3 בלאָקאַדעס מענטשן געווען אַזוי צוזאַמענגעבראָכן, אַז געווען גרייט צו גיין פרייוויליק אויפן אומשלאַג.

אין דער העלפט פון סעפּטעמבער ליקווידירט די פירמע, ווייל נישט געאַרבעט פאַר דער „ריסטונג“. פילונגען אויסגעבראָכן, לעבנסמיטל צוגענומען, אַלץ פונאַנדערגעוואָרפן.

## זייער פּערפידיע

אַז מען באַטראַכט זיך איבער דער פראַגע פאַרוואָס האָבן יידן זיך געלאָזט שלעפּן אויפן אומשלאַג און נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד, ווערט דערמאָנט זייער [78] געניאַלע פּערפידיע. זיי האָבן אויף שריט און

---

[73] קאַרל בראַנד (געב. 1907), לייטער פונעם יידן־רעפעראַט ביי דער געסטאַפּאָ אין וואַרשע, מיטאָנפירער פון די ליקווידיר־אַקציע אין זומער 1942 און אַפּריל — מאַי 1943.

[74] נאָכן 6 סעפּטעמבער 1942.

[75] פּוילישע אונטערנעמער, שותפים פונעם שאָפּ.

[76] אין פריוואַטע אונטערנעמונגען.

[77] רינגעלבלום האָט נישט פאַרענדיקט דעם זאַץ

[78] פון די דייטשן.

טריט אָפּגענאַרט אַלעמען וועגן די אמתע צילן פון דער אומזידלונג. איז דאָך אין די ערשטע טעג פון דער איבערזידלונג געקומען א העכערער אָפּיציר פון ס. ס. און געגעבן זיין אָפּיצירן ערן־וואָרט, אַז די יידן וועלן טאַקע געפירט קיין מזרח און נישט אויף שמעלץ. מען האָט כסדר אָפּגענאַרט און פאַרזיכערט, אַז די אַקציע ענדיקט זיך שוין. מען האָט מיט דער הילף פון עטלעכע הונדערט יידישע אַגענטן כסדר געהאַלטן דעם עולם אָנגעשטרענגט, אַז די אַקציע ענדיקט זיך שוין מאָרגן, איבערמאָרגן. איך האָב בייגעוווינט אין אויגוסט אַ באַראַטונג פון עסקנים וועגן ווידערשטאַנד, אויף וועלכער מען האָט באַשלאָסן אָפּצולייגן די דעציזיע, ווייל דעם ערשטן ענדיקט זיך דאָך די אַקציע. מען האָט כסדר אָנגערופן נייע דאַטן, כדי אָפּצושוואַכן יעטוועדן פרווו פון ווידערשטאַנד.

די דאָזיקע גערמאַנישע, ראַפינירטע פערפידיע האָט דערגרייכט איר העכסטע מדרגה אין באַצוג צו דער יידישער פּאָליציי. א גאַנצע צייט האָט די ס. ס. און די אוקראַינער[79] אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינטלעכע באַציאונג צו דער פּאָליציי און זייערע פאַמיליעס. מען האָט זיי תמיד געשאַנעוועט. בשעת בלאָקאַדעס אויסגעטיילט זיי אין באַזונדערע גרופּן און זיי תמיד באַפרייט. די באַציונג צו דער יידישער פּאָליציי איז שטענדיק געווען א קאָרעקטע, מען קען זאָגן אַ קאָלעגיאַלע. מען האָט זיך געחברט און אַפילו געמיינזאַם געמאַט געשעפטן. מען האָט געמיינזאַם אויפגעריסן וווינונגען און אַרויסגענומען די ווערטפולע זאַכן. מען האָט פאַר געלט באַפרייט די געכאַפטע בשעת בלאָקאַדעס. עס זענען אַפילו שוין געווען „גרייקעס“ (שפּילערס) וואָס האָבן געהאַט שטענדיקע קאָנטאַקטן מיט געוויסע ס. ס.־לייט. און דאָך האָבן די זעלבע ס. ס. זייערע געטריייע משרתים אָפּגענאַרט אויף אַ ראַפינירטן אופן. ווען עס איז שוין געווען נאָך דער סעלעקציע, ווען מען האָט שוין נישט געדאַרפט האָבן אַזויפיל פּאָליציאַנטן, ווייל די יידישע באַפעלקערונג איז דאָך פאַרקלענערט געוואָרן, איז מען צוגעטרעטן צו ליקווידירן די דאָזיקע פּאָליציי און זייערע פאַמיליעס, הגם מען האָט זיי אַ גאַנצע צייט באַקויפט מיט דער הבטחה, אַז זיי און זייערע פאַמיליעס זיינען נישט באַרירלעך.

געמאַכט האָט מען עס אויף א זייער ראַפינירטן אופן. מען האָט די מאַנסבילן אין דער צאָל פון עטלעכע הונדערט פאַרנאַרט אויף שטשעשליווע. דאָרט האָט מען דעם 16 סעפּטעמבער מיט זייער הילף אַדורכגעפירט כלומרשט אַ בלאָקאַדע. אינצווישן זיינען אוקראַינער און ס. ס.־אָוועם צוגעקומען צום ווינבלאָק פון דער פּאָליציי אויף אָסטראָווסקא, וו מען האָט די פרויען און קינדער געהייסן אַראָפּגיין כלומרשט צוליב רעיעסטראַציע. די ערשטע גרופּע פרויען פון פּאָליציאַנטן האָט מען כלומרשט רעגיסטרירט צו אַרבעט אין לובלין, צוגענומען ביי זיי די מעלדעקאַרטן. דערנאָך האָט מען דעם גאַנצן עולם א 800 פרויען און קינדער

---

[79] די אוקראַינישע געהילפס־פאָרמאַציעס פון ס. ס.

געשיקט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ און פאַרלאָדנט אין וואַגאָנען. זייערע מע־נער־פּאָליציאַנטן האָבן זיך וועגן זייער אומגליק דערוווּסט בשעת דער בלומרשטער בלאָקאַדע. זיי זיינען געקומען צו לויפן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ אָבער דאָ האָבן זיך אָוועקגעשטעלט אַ פּאָר ס. ס.־אָוויצעס און דערקלערט, אַז דער, וואָס וועט זיך רירן פון אָרט, ד. ה. דערנענטערן זיך צו די וואַגאָנען, וועט ווערן דערשאָסן. אַלע זיינען געבליבן שטיין אויף די ערטער און מיט געוויין באַגלייט זייערע אַרויסגעפירטע פרויען.

דאָס זעלבע איז געשען מיט עטלעכע הונדערט פּאָליציאַנטן אָן נו־מערלעך. מען האָט זיי אָוועקגעשיקט אין דעם טרויעריקן לאַגער טראַווניקי, לעבן לובלין, ווו זיי זיינען זיכער אויסגעגאַנגען [80]. טרויעריקע גרוסן זיינען אויך אָנגעקומען פון די פּאָליציאַנטן, וועלכע זיינען געפאָרן קיין סמאָלענסק. אַזוי אַרום זיינען אין זייער מערהייט אומגעקומען מיט זייערע פאַמיליעס די תּליינים פון די וואַרשעווער יידן, די דעגענערירטע און קאָרומפּירטע יידישע פּאָליציי.

24 דעצעמבער 1942

## באַהעלטענישן

באַהעלטענישן זיינען איצט אין דעצעמבער 42 זייער [אַ] פּאָפּולערע זאַך. אַלע מאַכן איצט באַהעלטענישן. אומעטום אין אַלע שאַפּן און אין נעמאָ ווערן זיי אויפגעשטעלט. עס איז געוואָרן ממש אַ ספּעציעל פאַך, וואָס בלים און אַנטוויקלט זיך. עס האָבן דערביי פּרנסה בעל מלאכות, אינזשעניערן א. א. דער ענין באַהעלטענישן האָט שוין אונטער זיך אַ גע־שיכטע פון יאָרן. זייט עס איז אַריין דער דייטש האָט מען זיך אָנגעהויבן באַהאַלטן, מען האָט באַהאַלטן מענטשן, מען האָט באַהאַלטן סחורות. אויף פראַנצישקאַנער און נאַלעווקעס האָט מען אין די קעלערס, בוידעמער, באַ־זונדערע צימערן פאַרמויערט מאַגאַזינען פון סחורות, וואָרום דער דייטש פלעגט אַלעס רעקווירירן, אַרויספירן גאַנצע פלאַטפאָרמעס מיט סחורות. שוין דעמלט האָבן זיך געפונען אויסוווּרפן, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אויפדעקן די דאָזיקע באַהעלטענישן. דאָס זענען געווען פּראָפעסיאָ־נעלע מוסרים, וואָס פלעגן זיך רעקרוטירן אין זייער מערהייט פון די טרעגערס. זיי פלעגן עס אויפדעקן די מאַגאַזינען, וואָס וואָלטן קיינמאָל נישט אויסגעפינען געוואָרן דורכן דייטש. עס זיינען מיר פאַרבליבן אין זכרון פאַקטן פון צונעמען גאַנצע וואַגאָנען מיט לעדער פון מיליאָנען־ווערט פון דער פראַנצישקאַנער גאַס. גאַנצע טעג פלעגן גרויסע מיליטע־רישע פלאַטפאָרמעס אַרויספירן די דאָזיקע סחורה פון די באַהעלטענישן.

---

80 די דעפּאָרטירטע אין דעם טראַווניקי־לאַגער וואַרשעווער יידן האָבן געלעבט ביזן 3־טן נאָוועמבער 1943. דעמלט האָט זיך אָנגעהויבן זייער ליקווידאַציע אויפן אָרט, וואָס האָט געדויערט ביזן 5־טן נאָוועמבער 1943.

אויסער סחורה פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן מענטשן. מען פלעגט דעמלט אין די יאָרן 1939, 1940 טיילווייז 1941 כמעט יעדן טאָג כאַפּן צו דער אַרבעט. פלעגן זיך די מענער אויסבאַהאַלטן אין שאַפעס, טאַפּטשאַנעס, אונטערסאָלעס, קעמערלעך, קעלערס, בוידעמער א. א. א טייל דירות זענען געווען אַזוי איינגעאָרדנט, אַז מען פלעגט אָפּטיילן א צימער אין וועלכן די מאַנסבילן פלעגן זיך באַהאַלטן. אַזאַ צימער פלעגט אָפּגעטיילט ווערן געוויינלעך דורך אַ שאַפע, קרעדענס אַדגל. די דייטשן האָבן שוין געקענט אַזעלכע באַהעלטעניש אַדאַנק די אינפאָרמאַציעס פון די יידישע באַגלייטער, וואָס האָבן אָנגעוויזן אויף אַזעלכע באַהעלטענישן. באַהאַלטן פלעגן זיך אויך פרומע יידן מיט בערד און פאות. דאָס באַווייזן זיך מיט אַ באָרד איז געווען א סכנה, ווייל זייער אָפט פלעגט זיך געפינען א געסטאַפּאָוויעץ אָדער א סתם מונדירטער דייטש, וועלכער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די נישט ציוויליזירטקייט פון די בערדיקע יידן און פלעגן זיי אָפּשערן אָדער גאָר אָפּרייסן די באָרד צוזאַמען מיט שטיקער פלייש.

אַ גייע סדרה באַהעלטענישן האָט זיך אָנגעהויבן אין די צייטן פון בלאָקאַדעס, פון אויסזידלונג. דאָס מאָל האָט מען זיך שוין געפלייסט צו מאַכן גוטע באַהעלטענישן, ווייל דאָס מאָל איז עס שוין געווען א פראַגע פון לעבן און טויט. באַהאַלטן פלעגט מען זקנים, קינדער, פרויען. די מענער האָבן נישט מורא געהאַט צו גיין אין די בלערליי סעלעקציעס, ווייל זיי האָבן דאָך געהאַט מעגלעכקייטן מיט פאַרשיידענע אויסווייזן און באַשטעטיקונגען.

די באַהעלטענישן זיינען געווען איצט מער ראַפינירטע, מער פאַרמאַסקירטע. מיין פאַמיליע, למשל, פלעגט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער פון אַן אַלט הויז, וואָס האָט זיך געפונען אויפן דריטן שטאָק [?]. דער דאָזיקער קעלער איז באַשטאַנען פון די איינציקע טרעפ פון א צווייטער אַפיצינע. דער אַריינגאַנג איז געווען דורך אַ קלאַפּע אין דער פּאָדלאָגע, וועלכע פלעגט דורך אַ פרוי פון פּאָליציאַנט, וואָס האָט נישט מורא געהאַט פאַר קיין בלאָקאַדעס, פאַרדעקט ווערן מיט א דיוואַן, אויף וועלכן עס פלעגט אַרויפגעלייגט ווערן א טישל. אויף אַ צווייט אָרט האָט געדינט אַלס באַהעלטעניש אַ געהיימע גאַרבעריי, וואָס איז געווען ספּעציעל אויסגעבויט אין אַ קעלער. אויף אַ דריט אָרט האָט אַלס באַהעלטעניש געדינט אַ געהיימע מיל, וועלכע איז געווען גלענצנד פאַרמאַסקירט. אויך די לופטשוץ-קעלערס זיינען באַנוצט געוואָרן אַלס באַהעלטענישן. אויף איין הויף איז דער דאָזיקער לופטשוץ-קעלער געווען אויסגעבויט אונטער דער ערד. דער אַריינגאַנג איז געווען דורך אַ קלאַפּע, וואָס פלעגט דורך די מאַנסבילן פאַרדעקט ווערן מיט ברעטלעך. אין אַ סך הייזער פלעגט מען פאַרמויערן ספּעציעלע צימערן און פאַרמאַסקירן דעם אַריינגאַנג אויף פאַרשיידענע אופנים, ווי למשל דורך אַ קיך אין אַ שכנותדיקן צימער. מען פלעגט אויפהויבן די בלעכן און אַריינגיין. דער אַריינגאַנג אין דעם פאַרמויערטן צימער פלעגט פירן דורך דער קלאָזעט-שיסל, דורך אַ קלאַפּע אין אַ דער-

בייאיק צימער אָדער א צימער איבער דעם, וואָס פלעגט פאַרבינדן דורך אַ לייטער. אין א טייל ערטער פלעגט מען דעם אַריינגאַנג מאַסקירן דורך א באַוועגלעכן בלאָק פון ציגל, כדי אין פאַל פון אַרומקלאַפּן די ווענט, זאָל מען אומעטום אָנטרעפן אויף אַ וואַנט. אויב דאָס באַהעלטעניש איז געווען אין אַ קעלער, האָט מען זיך באַמיט, אַז דאָס זאָל זיין ווייטער אַ ווייטער, ערגעץ אין אַ ווינקל פאַרוואָרפענער אָן פענסטער.

די דאָזיקע באַהעלטענישן פלעגן פאַרשיט ווערן דורך אַ צופאַל. זייער אָפט דורך אַ געוויין פון אַ קינד. עס איז מיר באַקאַנט אַ פאַל אויף גאַוואָליפּיע, וווּ אין פאַרמויערטע 2 צימערן זיינען געווען באַהאַלטן א פּאָר צענדליק מענטשן. די אוקראַינער, וואָס האָבן אַדורכגעפירט אַ בלאָקאַדע אין דעם הויז, האָבן זיך געמאַכט אַ סעודה אין דעם שכנותדיקן צימער. ווען זיי האָבן שוין געהאַלטן ביים אַרויסגיין, האָבן זיי דערהערט אַ געוויין פון אַ קינד, האָבן זיי אויפגעהאַקט די וואַנט און געפונען איין צימער מיט 26 מענטשן. 6 פון די געפונענע האָבן זיי אויפן אָרט דערשאָסן, די איבעריקע האָבן זיך אויסגעקויפט און געגאַנגען אויפן אומשלאַג-פּלאַץ. דאָס צווייטע פאַרמויערטע צימער איז נישט פאַרשיט געוואָרן.

די יידישע פּאָליציאַנטן זיינען אין 90% געווען די אויפדעקער פון די באַהעלטענישן. זיי פלעגן פריער דערגיין ווי עס געפינען זיך באַהעלטענישן און זיי שפּעטער פאַרשיטן פאַר די אוקראַינער און דייטשן. הונדערטער און טויזנטער מענטשן האָבן די דאָזיקע אויסוווּרפן אויף זייער געוויסן.

אַ נייע סדרה באַהעלטענישן האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דער סעלעקציע, ווען עס איז אַריינגעטרעטן א שטיקל באַרואיקונג אין געטאָ. דער עולם האָט זיך אויסגעלערנט נישט גלויבן דעם דייטש. מען פאַרשטייט, אַז כל זמן עס הערשט דער איצטיקער סיסטעם, וועט פריער אָדער שפּעטער פאָרקומען א נייע אַקציע קעגן די יידן און אַז סוף כל סוף וועט ליקווידירט ווערן דאָס יידישע געטאָ. צוויי מאָמענטן האָבן גורם געווען, אַז מען זאָל נישט האָבן קיין צוטרוי צו די באַרואיקונגס-דערקלערונגען פון די דייטשן: ערשטנס — די שחיטה פון יידן, וואָס קומט ווייטער פאָר אין טרעבלינקי און אין אַנדערע שטעט; און צווייטנס — דאָס כאַפּן פון איבער 800 מענטשן פון די שאָפּן קיין לובלין, פון וועלכע עס איז נישט געבליבן קיין זכר.

דער עולם האָט הערייבער אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי צו פאַרזיכערן זיך אין פאַל פון סכנה. אַ טייל, דער רייכעריער, האָט אָנגעהויבן אַריבערגיין אויף יענער זייט. אַנדערע האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן באַהעלטענישן. אין די חדשים נאָוועמבער און דעצעמבער האָט מען פיבערהאַפט גענומען בויען באַהעלטענישן. דאָס זיינען אָבער גאַנץ אַנדערע באַהעלטענישן ווי אין זומער בשעת אַן „אַקציע“. ערשטנס האָבן זיי געמוזט צוגעפּאַסט ווערן צו דער קאַלטער צייט און צווייטנס זענען זיי אויסגערעכנט, אַז מען זאָל אין זיי קענען פאַרברענגען גאַנצע חדשים. דער זין פון די באַהעלטענישן איז געווען אַזעלכער: אויב מען וועט ליקווידירן אַלע יידן פון וואַרשע,

וועלן מיר אַראָפּגיין אין די באַהעלטענישן און דאָרט פאַרברענגען ביז עס וועט קומען די אויסלייזונג. די דאָזיקע באַהעלטענישן זיינען געבויט: 1) אין די קעלערן, 2) אונטער דער ערד, 3) אויף אייבעם פון די שטאָקן.

די איצטיקע באַהעלטענישן זיינען נישט קיין פּראָוויזאָרישע ווי אין זומער, זיי זענען איינגעטילעך אונטערערדישע, אָדער פאַרמאַסקירטע דירות מיט גאַז, עלעקטריע, וואַסער און קלאָזעט. פאַראַן באַהעלטענישן, וואָס האָבן אָפּגעקאָסט צענדליקער טויזנטער זל. אין די באַהעלטענישן ווערן געמאַכט זאַפּאַסן פון לעבנס־מיטל אויף לאַנגע חדשים, (קאָנסערוון, סוכאַרעס א. ד. גל.). אַזוי ווי עס איז פאַראַן די מורא די דייטשן זאָלן אָפּשליסן דעם צושטראָם פון וואַסער, ווי זיי האָבן עס איבעריקנס געטאָן אין אַ גאַנצער ריי הייזער באַוווינטע דורך א. ג. „ווילדע", ווערן געמאַכט זאַפּאַסן פון דעסטילירט וואַסער, וואָס ווערט אין פעסער באַגראָבן אין די באַהעלטענישן. אין אַנדערע ערטער ווערן געבויט ספּעציעלע אַרטעזישע ברונעמער. פאַרשטענדלעך, אַז דערויף קענען זיך ערלויבן נאָר פאַרמעגלעכע מענטשן. מיר איז באַקאַנט א פאַקט, אַז פאַר אַ לאַפּוווקע פון 3000 זל. האָט אַן אַרבעטער פון די וואַסער־לייטונגען פאַרבונדן די וואַסער רערן פון אַ באַהעלטעניש מיט דער וואַסער־לייטונג פון אַן אַרישער פאַבריק. אויף אַזאַ אופן וועלן זיי האָבן וואַסער אויך אין פאַל פון אויסשליסן די וואַסער לייטונג אין דעם הויז.

קעגן דעם אָפּשליסן וואַסער האָבן די יידישע מוחות, וואָס טראַכטן אַריין נאָר אין אַזעלכע מינים פראַגן, אויך אויסגעפונען אַ קונציקן מיטל. מען וועט ביינאַכט אַרויסקריכן פון באַהעלטעניש אין אונטערציגדן א שכנותדיק הויז. אין דעם פאַל — זאָגט מען — וועלן די פייערלעשער מוזן אויפשליסן די וואַסער־לייטונג. פון דעם וועלן געניסן די פאַרשטעקטע יידן, וואָס וועלן זיך מאַכן א פרישן פאָרראַט א געוויסער צייט.

אויך קעגן דעם צונעמען פון גאַז און עלעקטריע האָבן יידישע בעל־מלאכות אויסגעטראַכט אַ מיטל, וואָס איז אָבער באַקאַנט נאָך פאַר פאַכלייט. דער סוד באַשטייט אין גנבענען גאַז און שטראָם אויף אַ קונציקן אופן. דאָס איז נאַטירלעך צו מאַכן נאָר אין פאַל ווען די עלעקטריע אָדער גאַז וועט אויסגעשלאָסן ווערן נאָר אין דעם הויז, אָבער נישט אין דער גאַנצער גאַס.

אַ טייל באַהעלטענישן ווערן געמאַכט אויף די שטאָקן. מען זוכט אויף אַן אַלקאָווע אָדער אַ ווינקל־צימער און פאַרמויערט איר אַזוי, עס זאָל גאָרנישט קענטיק זיין. די גרעסטע צרה מיט אַזעלכע צימערן איז די, אַז זיי האָבן פענסטער, וואָס פאַרראַטן די עקזיסטענץ פון אַזאַ צימער. מיט א פאָר וואָכן צוריק, ווען עס איז קיין וואַרשע אַראָפּגעקומען אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג זשאַנדאַרמען צו דער א. ג. ווערטערפאַסונג, ד. ה. צוצונעמען די יידישע פאַרמעגנס, האָט מען מיט זיי אַדורכגעמאַכט פאָלגנדע איבונגען. מען האָט אָפּגעציילט אין אַ הויף אויף אַ שטאָק די צאָל פענסטער, אַרויסגעשיקט אויף דעם שטאָק אַזוי פיל זשאַנדאַרן

און יעדן געהייסן אַרויסשטעקן דעם קאָפּ. אויף אַזאַ אופן האָט מען לייכט געקענט דערגיין צי איז נישטאָ קיין פאַרבאַהאַלטן צימער.

בכלל איז די פראַגע פון פאַרמויערן די פענסטער הן אין די קעלערן הן אין די צימערן די שווערסטע פראַגע. אין איין הויף האָט מען פאַרמויערט דאָס פענסטער פון קעלער און כדי צו פאַרמאַסקירן, דאָרט אַוועקגעשטעלט אַ מיסט-קאַסטן. אויף אַן אַנדער אָרט האָט מען דאָס פענסטער פאַרמאַסקירט דורך טרעפּ א.ד.גל.

ווי באַוווסט, זענען די מאָדערנע הייזער געבויט געוואָרן אַזוי, אַז אַלע דירות אָדער לכל הפּחות אַלע דירות פון איין אָפּיצינע — האָבן די זעלבע פונאַנדערטיילונג פון די צימערן. דאָס פאַרמויערן אַן אַלקאָווע אויף איין שטאָק לעזט נישט די פראַגע פון באַהעלטעניש, ווייל עס איז דאָך לייכט אויסצוגעפינען די דאָזיקע אַלקאָווע אויף אַ העכערן אָדער נידעריקן שטאָק. קעגן דעם האָט מען אויך געפונען אַן עצה. מען רעדט זיך צונויפמען מיט אַלע שכנים און מען פאַרמויערט אַלע אַלקאָוועס. אין איין הויז ווידער האָט מען אויף אַלע שטאָקן פאַרמויערט צו איין ווינקל-צימער, געמאַכט אַן אַריינגאַנג דורך אַ בעקעריי-אויוון און געמאַכט אַ דורכגאַנג פון איין שטאָק צום צווייטן דורך לייטערס, וואָס פאַרבינדן איין צימער מיטן צווייטן דורך אַן אויסגעהאַקטן לאָך אין דער פּאָדלאָגע. אַזאַ אימפּאָזאַנטע באַהעלטעניש קאָן אַריינגעמען ביז 60 מענטשן.

די וויכטיקסטע פראַגע ביי יעדער באַהעלטעניש איז די פאַרמאַסקירונג פון אַריינגאַנג. עס ווערן יעדן טאָג אַנטדעקט נייע איינפאַלן, וואָס זיינען איינער קליגער פאַרן צווייטן. עס גייט אין דעם, אַז ווען דער דייטש וועט באַקלאַפּן די ווענט, זאָל ער אינגאַנצן נישט אָנטרעפן אויף קיין חלל. אין איין פאַרמויערט צימער האָט מען דעריבער געמאַכט פון יענער זייט אַ בלאָק פון ציגל אַרומגענומען אין אַ ראַם, וואָס ווערט פאַררוקט ביים אַריינגיין אין צימער. אויף אַן אַנדער אָרט האָט מען געמאַכט דעם אַריינגאַנג דורך אַ קלאָזעט-שיסל, אין אַ דריטן דורך אַ בעקעריי-אויוון, דורך אַ קלאַפּע אין אַ פּאָדלאָגע, וואָס ווערט געהעריק מאַסקירט.

אַ וויכטיקע פראַגע איז די פאַרבינדונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט. צו דעם צוועק באַזאָרגט מען זיך באַצייטנס מיט אַ קריסט, וואָס וועט דאַרפן אין יענע טעג, ווען יידן וועלן זיצן באַהאַלטן, באַזאָרגן מיט דעם אַלעם נויטיקן. אין אייניקע שאָפּן זענען די באַהעלטענישן געבויט אַזוי, אַז עס איז פאַראַן אַן אונטערערדישע פאַרבינדונג מיט דער אַרישער זייט. צו דעם צוועק ווערן געבויט אונטערערדישע טונעלן, וואָס ענדיקן זיך אין אַ קעלער פון דעם קריסט אויף דער אַרישער זייט. דאָס בויען אַזאַ טונעל איז איינס פון די שווערסטע זאַכן. מען דאַרף אויסגראָבן גאַנצע שטחים ערד און דאָס אַרויספירן אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן. דאָס איז כלל נישט קיין לייכטע זיך, מען מוז דעריבער

אָנווענדן דעם פּרינציפּ, אַז אין דער באַהעלטעניש גייען אַריין די, וואָס האָבן עס געבויט.

מען זאָגט, אַז אין געוויסע ערטער האָבן די דייטשן אין די פאַרלאָזענע יידישע הייזער נאָכן פאַרטרייבן פון יידן געזוכט די איבערגעבליבענע מיט ער הילף פון הינט. קעגן דעם האָט [מען] דערווײַלע נישט אויסגעפינען קיין מיטל. מען זאָגט, אַז אַקעגן דעם העלפט ליזאָל. איז אָבער דאָ אַ מורא, אַז אויב דייטשן וועלן אין אַ פאַרלאָזן הויז דערפילן דעם גערוך פון ליזאָל, וועלן זיי ערשט וויסן, אַז דאָרט באַהאַלטן זיך אוים יידן.

דאָס מאַכן באַהעלטענישן איז — ווי מיר האָבן פריער באַמערקט — געוואָרן אַן אינדוסטריע, וואָס ברענגט פרנסה יידישע בעל־מלאכות. עס איז אויך געווען אַ געשעפט פאַר פיפיקע חברה־לייט, וואָס פאַרקויפן ערטער אין די סכראָנעס (ווי מען רופט אָן פאָפולער די באַהעלטענישן) פאַר טויזנטער זל. דערביי ווערט שוין אַריינגעברעננט די אַפּראָוויזאַציע.

מען רעדט צופיל וועגן סכראָנעס. מען רעדט מער ווי מען טוט. עס ווייסן וועגן דעם די יידישע געסטאַפּאָוצעס, ממילא ווייסן וועגן דעם אויך די דייטשן. אין האַלמאַנס שאָפּ האָט זיך אַפילו געפונען אַ מסור, וואָס האָט געמסרט אַ גרויסן סכראָן, אויב דייטשן ווייסן וועגן סכראָנען, טענהט מען, האָבן זיי פאַרלוירן זייער ווערט. דעריבער האַלטן אייניקע, אַז דאָס בעסטע איז צו בויען אַ סכראָן אויף יענער זייט. מען דאַרף אויסזוכן אַ קריסטלעכע פאַמיליע, וואָס זאָל דינגען אַ גרעסערע דירה, פאַרמויערן אַ צימער, אין וועלכן עס זאָל זיך אויסבאַהאַלטן יידן, וואָס דאַרפן נאַטירלעך ווי געהעריק באַפרידיקן די קריסטלעכע פאַמיליעס. דער עולם האָט אָבער מורא, אַז ווען עס וועט קומען דער שרעקלעכער מענטש [מאָמענט] וועלן די דייטשן אויסגעפינען אַזאַ קלוג מיטל, וואָס זאָל צונישט מאַכן אַלע באַמיונגען צו ראַטעווען זיך. צי איז די דאָזיקע מיינונג ריכטיק וועט אונדז באַווייזן די צוקונפט.

## ע. ר.[18] — ווי אַזוי איז אונטערגעגאַנגען די יידישע אינטעליגענץ פון וואַרשע?

דעצעמבער 1942

צווישן די אויסגעזידלטע פון וואַרשע פאַרנעמט דעם אויבנאָן די אינטעליגענץ. עס האָט זיך לכתחילה אויסגעדוכט, אַז די „אַקציע“ וועט זיך באַגרענעצן בלויז צו פּליטים, בעטלער און אַנדערע א. ג. נישט פּראָדוקטיווע עלעמענטן. אָבער גאָר אין גיכן האָט מען זיך איבערצייגט, אַז דאָס האָט דער אָקופּאַנט באַנוצט בלויז אַלס פּרעטעקסט. אינדער־

81 עמנואל רינגעלבלום.

אמתן איז זיין כוונה געווען צו פֿאַרניכטן די גאַנצע באַפֿעלקערונג אָן אונ=
טערשייד. צו שפּעט האָט זיך די יידישע אינטעליגענץ ♥ערוווסט, אַז
אויך זי מיינט דער אָקופּאַנט און דעריבער טאַקע איז די רעאַקציע געווען
אַ שוואַכע. די יידישע אינטעליגענץ איז געגאַנגען צו דער שחיטה ווי די
פֿאָלקסמאַסע, שטיל, אָן פּראָטעסט,אָן ווידערשטאַנד. די יידישע פּאָליציי
האָט לכתחילה האָנאָרירט אַזעלכע פּראָפֿעסיעס ווי אַדוואָקאַטור, לערעריי
און אַנדערע פֿרייע פּראָפֿעסיעס אָבער אינגיכן איז מען איבערגעגאַנגען
אויך צונעמען די מיטגלידער פֿון די דאָזיקע פּראָפֿעסיעס. דער מאָטיוו
איז געווען: מען מוז צושטעלן דעם קאָנטינגענט, וועלכן עס פֿאָדערט
יעדן טאָג דער אָקופּאַנט, ווייל אויב נישט האָט מען געטענהט, וועט דער
דייטש זיך אַריינמישן און דעמלט וועלן שוין אַלע מוזן גיין. גאָר אינגיכן
האָט זיך די יידישע פּאָליציי פֿולשטענדיק דעמאָראַליזירט בשעת דער
אַקציע, און זי האָט אַרויסגעלאָזן פֿון אירע הענט נאָר אַזעלכע קרבנות,
וואָס האָבן זיך אויסגעקויפֿט פֿון זייערע הענט. קיין מאָטיוו, אַז מען
איז אַ דאָקטער, אַ שרייבער, אַ זשורנאַליסט האָט נישט געהאַט קיין שום
ווירקונג, דער איינציקער איבערצייגנדיקער אַרגומענט איז געווען אויס=
קויפֿגעלט. אַזוי ווי אָבער די יידישע אינטעליגענץ איז געבליבן אינגאַנצן
אָן קיין שום מיטלען צום לעבן בכלל און בפרט האָט זי נישט געהאַט
קיין אויסקויפֿגעלט, האָט זי אַלץ גערדיכטער פֿאַרפֿולט די רייען פֿון די
געכאַפּטע אויפֿן אומשלאַג=פּלאַץ.

אַ געוויסער טייל ייד[ישע] אינטעליגענץ זעענדיק, אַז די לאַגע איז
אָן אַן אויסוועג, אַז קיין געלט אויף צו באַצאָלן צו 100 זל. פֿאַר אַ ברויט
איז נישטאָ און אַז יעדע מינוט דראָט געכאַפּט צו ווערן אויפֿן אומשלאַג,
האָט פֿאַרכאַפּט די פֿיש פֿאַר די נעץ און אַנטקעגנגעקומען דעם טויט
באַגייענדיק זעלבסטמאָרד. עס זיינען לויט דער סטאַטיסטיק געווען הונדער=
טער פֿאַלן פֿון זעלבסטמאָרד, דער עיקר צווישן דער אינטעליגענץ. עס איז
געווען אַ מאַסן=דערשיינונג, אַז אינטעליגענץ האָט מיט זיך מיטגעטראָגן
אַ פֿלעשל סם (לומינאַל, ציאַנקאַלי). דער באַקאַנטער זשורנאַליסט (מיט=
אַרבעטער פֿון „היינט“) גאַוויזע[82] האָט איינגענומען סם אויפֿן אומשלאַג=
פּלאַץ, ווען מען האָט אים געפֿירט צום וואַגאָן. דער זשורנאַליסט ש. הירש=
האָרן[83] איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין שטוב, דאָס זעלבע דער ראַטמאַן
רחל שטיין, די באַקאַנטע טוערין פֿון „צענטאָס“ און בויערין פֿון דער
פֿרויען=אָרגאַניזאַציע ייפֿ“א.[84] געסמט האָט זיך אויך מיין בעסטער פֿריינד
דער גימנאַזיאַל=פּראָפֿעסאָר שיע ברוידע אין דער נאַכט איידער עס האָט

[82] אהרן גאַוויזע, געב. אין יאָר 1876.

[83] שמואל (סאַמועל) הירשהאָרן (1876—1942), מיטרעדאַקטאָר פֿון דער פּויליש=יידישער צייטונג „נאַש פּשעגלאָנד“, אַמאָליקער טוער פֿון דער פֿאָלקס=פּאַרטיי.

[84] יידישע פֿרויען=אָרגאַניזאַציע.

יך אָנגעהויבן די אויסזידלונג אין אָטוואָצק. דער שווער לײַדנדער אויף ט. ב. צ., ברוידע, האָט נישט געקאָנט לענגער אויסהאַלטן די צרות און גענומען זיך דאָס לעבן. געסמט האָט זיך אויך דער באַקאַנטער פּסיכיאַטער, לײַטער פון דעם משוגעים־אַנשטאַלט, ד״ר מיללער מיט זײַן פרוי. ער איז געווען אַ תלמיד פון פּראָפ. פּאַוולאָוו און איז אייניקע מאָל צו אים געפאָרן צוליב וויסנשאַפטלעכע צוועקן. דאָס זעלבע האָבן געטאָן הונדערטער דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, אַדוואָקאַטן און אַנדערע פאָרשטייער פון פרייע פּראָפעסיעס. אַ סך האָבן עס געטאָן נישט צוליב נויט, נאָר צוליב דער אוממעגלעכקייט איבערצוהאַלטן ווייטער די צרות. מען האָט נישט געקענט איבערשטיין דעם שטענדיקן שרעק פאַר די בלאָקאַדעס, מען האָט נישט געקענט זיך צוקוקן צו די לאַנגע, לאַנגע רייען פון די אויסגעזידלטע, מען האָט נישט געקענט מער צוהערן די געוואַלדן פון די געפּייניקטע, די שטענדיקע שיסערייען אויף די גאַסן בשעת מען האָט געפירט די פּאַרטיעס אויפן אומשלאַג און דאָס וויכטיקסטע: מען האָט נישט געקענט אויסהאַלטן די שטענדיקע שרעק פאַרן טויט און דעריבער האָט מען געמאַכט דעם איינציקן, ריכטיקן אויספיר — זעלבסטמאָרד. עס איז נאָר צו באַוווּנדערן פאַרוואָס די צאָל קרבנות איז נישט געווען קיין גרויסע, פאַרוואָס אויף איבער 300.000 קרבנות איז בלויז עטלעכע הונדערט געווען זעלבסטמאָרדן. דאָס פאָלק, די גרויסע מאַסע און אויך די איבערוויגנדיקע מערהייט אינטעליגענץ האָט זיך נישט געלאָזט צוזאַמענברעכן און פאַסיוו געקעמפט אַזוי לאַנג ווי נאָר מען האָט געקענט. אויף דער פראַגע פאַרוואָס יידן האָבן זיך נישט פאַרטיידיקט דאַרף געענטפערט ווערן: מען האָט געשטעלט אַ שטאַרקן, געלונגענעם ווידערשטאַנד אויפן פּסיכישן געביט. קיין שום פאָלק אין דער וועלט וואָלט זיך נישט אַזוי לאַנג און אַזוי פעסט געהאַלטן פּסיכיש ווי די יידן, און דער בעסטער באַווייז דערפון איז די קליינע צאָל זעלבסטמאָרדן פון די וואַרשעווער יידן. וועגן דעם טאַקע האָבן די דײַטשן נישט איינמאָל געהאַט טענות צו די פּוילישע יידן. מען גיט אפילו איבער, אַז זיי זאָלן זיך האָבן אויסגעדריקט, אַז די פּוילישע יידן האָבן נישט ווי די דײַטשישע יידן קיין ערן־געפיל והראיה די קליינע צאָל זעלבסטמאָרדן צווישן זיי.

אַז מיר שרייבן וועגן דעם ווי אַזוי איז אונטערגעגאַנגען די יידישע אינטעליגענץ, דאַרף אַ באַזונדער אָרט אָפּגעגעבן ווערן דער קליינער גרופּע יידישע שרײַבער. ש. גילבערט,[85] וואָס איז ביי זײַן שווערער מאַטעריעלער לאַגע (געלעבט פון פּעקלעך, וואָס ער פלעגט באַקומען פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס) אַרומגעגאַנגען פול מיט האָפענונג און גלויבן, איז צוגענומען [געוואָרן] זייער פרי, ביים סאַמע אָנהויב פון די בלאָקאַדעס. וואָס איז געוואָרן מיט זײַנע כתבים איז נישט באַוווּסט.

---

[85] שלמה גילבערט (1885—1942), יידישער נאָוועליסט.

י ש ר א ל ש ט ע ר ן[86], וואָס האָט געפירט זייער אַ שווער לעבן בשעת דער מלחמה און איז אייניקע מאָל געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און קראַנקהייטן, האָט זיך אויף אַ וווּנדערלעכן אופן איינגעהאַלטן אין שאַפּ פון האַפּמאַן ביז צום סאַמע סוף, ביז צו דער באַרימטער סעלעק־ציע אויף ניסקע — דאָרט ערשט האָט מען אים צוגענומען אויפן אומ־שלאַג. זיינע כתבים זיינען צוזאַמען מיט אים פאַרפאַלן געוואָרן.

ס ק אַ ל אָ וו ז ל מ ן[87] האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכן אויסדויער בשעת אַלע בלאָקאַדעס. ער פלעגט זיך אין דער צייט פון זייער גרעסטער סכנה אַרומדרייען אין די גאַסן האַנדלענדיק מיט פּאַפּיראָסן. איך האָב אים מיט אייניקע אַנדערע, ווערטפולע פערזאָנען געהאָלפן אַריינ־צובאַקומען זיך אין בערשטער־שאַפּ און פון דאָרט איז ער ווייזט אויס צוגענומען געוואָרן. סקאַלאָוו האָט אַ גאַנצע צייט געשריבן און דווקא אויף אַקטועלע טעמעס — וואָס עס איז דערמיט געוואָרן, ווייס איך נישט.[88]

ק ל מ ן ל י ס[89] איז געווען דער לייטער פון דעם דערציונגס־אָפּ־טיילונג אין אָטוואָצק. ווען [עס] איז אויסגעבראָכן די אויסזידלונג האָט ער זיך באַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט. ער האָט זיך געוואַלגערט ביי אַרטיקע קריסטן און געצאָלט צו טויזנט הונדערט זל. פאַרן רעכט צו זיין אַ פּאָר שעה. סוף כל סוף איז ער אָנגעקומען צו אַ קריסט, וועלכער האָט ביי אים גענומען 1.200 זל. און [ש]פּעטערדיק פאַרראַטן.

אויך יעקב פּרעגער[89א] איז אומגעקומען אָדער אויסגעזידלט געוואָרן פון אָטוואָצק.

די זייער טאַלאַנטירטע יידיש־פּויליש דיכטערין ה ע נ ר י ק אַ ל אַ ז אַ וו ע ר ט[90] איז פרייוויליק מיטגעגאַנגען מיט איר מוטער. אויפן אומשלאַג האָט מען זי געוואָלט ראַטעווען פון גיין אין וואַגאָן — מען האָט אָבער נישט געוואָלט אָדער נישט געקאָנט באַפרייען איר מוטער, איז זי פרייוויליק מיטגעגאַנגען מיט איר מוטער, הגם זי האָט גוט גע־וווּסט, אַז אויסזידלונג הייסט טויט.

---

86 ישראל שטערן (1894—1942) באַקאַנטער יידישער דיכטער.

87 אמתער נאָמען: פּלוסקאַלאָווסקי (1908—1942).

88 אינעם ערשטן טייל פון אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו (רינגעלבלום־אַר־כיוו) איז געפונען געוואָרן אַ מאַשין־שריפט פון אַ ראָמאַן א. נ. „האַק אַן קרייץ", אַ פּסעוודאָנים פון דעם מחבר ה. גרויל. מען האַלט, אַז דאָס איז אַ פּסעוודאָנים פון ז. סקאַלאָוו.

89 קלמן ליס (1904—1942), יידישער דיכטער, זיינע לידער פון דער אָקופּאַציע־צייט זענען געפונען געוואָרן אינעם רינגעלבלום־אַרכיוו.

89א יעקב פּרעגער, געב. 1887, דראַמאַטורג.

90 די אויטאָרין פון פּאָפּולערן געטאָ־ליד „דער קליינער שמוגלער" (אין פּויליש).

יקיר וואַרשאַווסקי[91] האָט זיך אויפגעהאַלטן אַלס באַאַמטער פון אַרבעטס־אַמט אַ לאַנגע צייט ביז כמעט דעם סוף פון דער איבערזידלונג. ווען עס איז אָבער געקומען צו דער סעלעקציע אין אַרבעטס־אַמט, איז געקומען זיין סוף. וואַרשאַווסקי האָט געשריבן מעמואַרן פון דער מלחמה — ווו זיי זיינען, ווייסט קיינער נישט.

געבליבן איז יהושע פערלע[92] אַדאַנק דעם מוט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן בשעת דער בלאָקאַדע פון דייטש אויף נאָוואָליפּיע. דאָס איז געווען די ערשטע בלאָקאַדע פון דייטשן און האָט געקאָסט אַ סך קרבנות — פערלע האָט נישט געפאָלגט דעם באַפעל פון די דייטשן אַראָפּצוגיין אויפן הויף, און אַדאַנק דעם איז ער געבליבן לעבן ביזן היינטיקן טאָג. ער האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון די, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז בלייבנדיק אין שטוב האָבן זיי נאָך וועלכע נישט איז שאַנסן צו בלייבן לעבן. דאַקעגן אַרויסגייענדיק אין הויף זיינען זיי פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג.

אַ טראַגישער גורל האָט פאַרפאָלגט אונדזערע מאָלער און אַרטיסטן. דער רוב פון זיי איז געווען קאָנצענטרירט אין שאָפּ פון קאַרל היינץ מיללער[93]. דער דאָזיקער שאָפּ האָט אָבער נישט נושא־חן געווען ביי די ס.ס. מען האָט אים אויפגעלעזט און צוגענומען די מענטשן פון שאָפּ, אין דער איבערוויגנדיקער מערהייט מאָלער און קינסטלער.

די רבנים זענען דער רוב דערשאָסן געוואָרן בשעת בלאָקאַדעס צוליב דעם, וואָס זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין די דירות. די לאַנגע בערד און פּאות פלעגן אַרויספירן פון די כלים די דייטשן, און נישט איינער האָט באַצאָלט מיטן לעבן פאַר דעם העלדנטום פון טראָגן אַ באָרד און פּאות. אינגיכן האָט מען אָבער אָנגעהויבן אַראָפּוואַרפן די לאַנגע קאַפּאָטעס, מען האָט אָנגעהויבן קירצן די בערד און פּאות אַלץ קירצער, קירצער ביז וואַנען מען איז געבליבן אָן בערד און פּאות. דאָס האָט אָבער נישט פאַרהיטן, אַז דער רוב רבנים און דווקא גדולי הדור זיינען אומגעקומען. אַ טייל רבנים און רביים האָט זיך אַ געוויסע צייט אויסבאַהאַלטן ביי די באַקאַנטע געסטאַפּאָווצעס: קאָן און העלער. איך בין געווען אין זייער דירה און געזען אין איין שטוב זיך דרייען די מאָדערנע דאַמען מיט זייערע באַקאַנטע צווישן דער יידישער פּאָליציי, אין איין שטוב האָט זיך ביי די קאָנס געדרייט אַ כאַפּטע יונגע עלעגאַנטע, אויסגעפּרעסענע געסטאַפּאָווצעס און פּאָליציי־לייט מיט זייערע עלעגאַנטע

[91] יקיר וואָרשאַווסקי (1942—1885), העברעישער שריפטשטעלער.

[92] יהושע פערלע (1943—1888), באַקאַנטער יידישער ראָמאַניסט, מחבר פון דער כראָניק „חורבן וואַרשע“, געשריבן אין וואַרשעווער געטאָ נאָך דעם ערשטן גירוש קיין טרעבלינקע (געפונען אין צווייטן טייל פונעם רינגלבלום־אַרכיוו). אומגעקומען אין אָשוויענטשים.

[93] דער שאָפּ האָט זיך געפונען אויף מילנע גאַס.

דאַמען — אין דער צווייטער האָבן זיך געשאַרט פרומע רבנים און רביצינס מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און בערד און פאות. דער פאַרבינדונגסמאַן צווישן די צוויי באַזונדערע וועלטן איז געווען דאָס אייניקל פון סאָכאַטשעווער רבין, בעהאַריער, אַ יידישער געסטאַפּאָוויעץ מיט אַ לאַנגער געהאַקטער קאַפּאָטע, מיט לאַנגע שטיוול און אַ האַלב מאָדערן היטל. בעהאַריער האָט זיך אין דער צייט פון די גרעסטע בלאָקאַדעס אַרומגעדרייט פראַנק און פריי אין די גאַסן. אין וואָס איז באַשטאַנען זיין זכות איז נישט שווער צו געדאַכטן [?]

דערמאָנענדיק וועגן דער פטירה פון אַזוי פיל רביים און רבנים זאָל דאָ נאָך דערמאָנט ווערן דער טראַגישער טויט פון דעם וואַרשעווער רב הרב קאַנאַל[94]. ער האָט ערקלערט זיינע בני־בית, אַז אויב מען וועט אים נעמען צום אומשלאַג־פּלאַץ וועט ער זיך אַנטקעגנשטעלן, כדי מען זאָל אים דערשיסן, און אַזוי אַרום זאָל ער קומען צו קבר־ישראל. אַזוי איז טאַקע געשען. ווען מען האָט דעם הרב קאַנאַל געשלעפּט צו די וואַגאָנען, האָט ער זיך אַנטקעגנגעשטעלט און טאַקע געפונען דעם טויט פון אַ קויל.

צווישן די אומגעקומענע רבנים דאַרף דאָ געווידמעט ווערן אַ פּאָר ווערטער דעם יונגן וואַרשעווער רב, הרב שמעון הובערבאַנד. דאָס איז געווען אַן איידעלע נאַטור, וואָס איז זעלטן צו טרעפן אין היינטיקן צייטן. הובערבאַנד איז געווען נישט בלויז אַ גרויסער בקי אין רעליגיעזער ליטעראַטור, ער האָט אויך געהאַט אַנלאַגן פאַר אַ גוטן היסטאָריקער. זיינע שקיצן פון דער יידישער געשיכטע אין פוילן האָבן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע בקיאות אין דעם דאָזיקן צווייג פון וויסנשאַפט. בשעת דער מלחמה איז הובערבאַנד לויט מיינע אָנווייזונגען צוגעטרעטן צו באַאַרבעטן די היסטאָרישע מאַטעריאַלן פון די שאלות ותשובות, וואָס זיינען שייך צו פוילן. בלויז אַ טייל פון דעם דאָזיקן אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל איז אויפגעהיטן געוואָרן. דער רוב איז צוזאַמען מיט הובערבאַנדן פאַרשוווּנדן[95].

הובערבאַנד האָט אויך אַ סך אויפגעטאָן אויפן געביט פון דער אַרכיוו־אַרבעט. ער האָט אָנגעזאַמלט אַ רייכן מאַטעריאַל וועגן די ליידן און צרות פון דער יידישער באַפעלקערונג בשעת דער איצטיקער מלחמה. זיינע מאַטעריאַלן צייכענען זיך אויס מיט אַ גרויסער גרינטלעכקייט און סאָלידקייט. זיי וועלן דינען אַלס וויכטיקער מאַטעריאַל פאַר דעם היסטאָריקער פון אונדזער צייט. די פאַרדינסטן פון הרב הובערבאַנד אויף דעם געביט פון דאָקומענטירונג פון יידישן לעבן אין דער איצטיקער מלחמה זיינען זייער גרויסע. זיי וועלן קענען אָפּגעשאַצט ווערן ערשט

[94] זע הערה 2.

[95] הרב שמעון הובערבאַנד (1912—1942). אינעם רינגעלבלום־אַרכיוו איז אָפּגעפונען געוואָרן אַ טייל פון שמעון הובערבאַנדס כתבים, געשריבן אין געטאָ.

דעמלט, ווען דער מאַטעריאַל וועט באַקאַנט ווערן דער יידישער עפנטלעכקייט אין דער גאָרער וועלט. דעמלט ערשט וועט מען זען, וואָס עס האָט געלייסטעט דער באַשיידענער רב הובערבאַנד. בשעת דער אויסזידלונג האָט הרב הובערבאַנד געזוכט און געפונען אַ מקום מקלט ביי די בערשטער. בשעת איינער פון די בלוטיקסטע סעלעקציעס ביי די בערשטער, בשעת וועלכער עס זיינען צוגענומען געוואָרן 1.200 מענטשן, איז אויך צוגענומען געוואָרן דער איידעלער רב. די רוצחים האָבן בשעת דער דאָזיקער סעלעקציע נישט געקוקט אויף די פאַפּירן נאָר אויף די פנימער. דאָס בלייכע, אויסגעדאַרטע, אויסגעהונגערטע פנים פון הרב הובערבאַנד האָט נישט נושא חן געווען ביי די ס.ס.-מערדער. מען האָט אים צוזאַמען מיט אַנדערע געטריבן דירעקט אין די וואַגאָנען און פון דאָרט אין דעם טויטן-לאַגער טרעבלינקי.

דער טאַלענטירטער זשורנאַליסט א. איינהאָרן[96] האָט געלעבט אין שווערע באַדינגונגען בשעת דער מלחמה. אַדאַנק דער מיטהילף פון „דזשוינט“ האָט ער עקזיסטירט. די 3 יאָר מלחמה האָבן אים אינגאַנצן צוזאַמענגעבראָכן. ער פלעגט אַרומגיין פול מיט פעסימיזם און יאוש. אַ שווער קראַנקער איז ער אַרויסגעפאָרן קיין אָטוואָצק. ווען מען האָט שוין געוווסט וועגן דעם, אַז די איבערזידלונג וועט פאָרקומען, האָ[בן] זיך וואַרשעווער [יידן] אין דער לעצטער מינוט געראַטעוועט מיט אַ וואָגן פון פאַנאָטאָוויע. איינהאָרן האָט זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט. ער האָט ערקלערט, אַז ער וועט זיך נישט רירן פון זיין צימער, ער וועט זיך נישט באַהאַלטן. זאָל פאַסירן וואָס עס וויל.. און כך הוה. מען האָט אים דערשאָסן אין זיין צימער אין אָטוואָצק.

צווישן די געכאַפטע אינטעליגענטן האָבן זיך געפונען אויך דרייסטע, מוטיקע, וואָס זיינען געשפרונגען פון די וואַגאָנען קיין טרעבלינקע. אַזעלכער איז געווען אַש[97], דער געוועזענער סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן, אַ מענטש מיט אַ גרויסן רעדנערישן טאַלאַנט, אַ קרישטאָל-ריינער געזעלשאַפטלעכער טוער, וואָס האָט בשעת דער מלחמה באַשאַפן, אַנטוויקלט און אויסגעבויט דעם פאַריין פון די אָנגעשטעלטע פון די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. אַש איז אַרויסגעשפרונגען פון וואַגאָן, אָנגעקומען מיט מזל קיין וואָלאָמין, אָבער דאָרט איז אויך געווען אַן אויסזידלונג. ער איז פון דאָרט אויך אַנטלאָפן, אָבער וו [ער] איז אַהינגעקומען איצט — איז נישט באַוווסט.

דער באַקאַנטער שרייבער און זשורנאַליסט ה ל ל צ יי ט ל י ן[98] איז איינמאָל באַפרייט געוואָרן פון אומשלאַג-פּלאַץ. אַ צווייט מאָל איז

[96] אהרן איינהאָרן (1942—1884), פובליציסט פון „הייננט“ און איבערזעצער פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור.

[97] נתן אַש, טוער פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער פאַרטיי.

[98] הלל צייטלין (1942—1872).

ער געבאַפּט און אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקי. וויסנדיק וואָס עס דערוואַרט אים דאָרטן האָט ציטלין פריער זיך אָנגעטאָן אַ טלית און אַ קיטל לויטן מוסטער פון אונדזערע אבות פון די צייטן פון כמיעלניצקי אָדער אַנדערע גזירות.

הלל ציטלין האָט אַ סך געשריבן בעת דער מלחמה. צווישן אַנדערן האָט ער איבערזעצט תהילים אויף יידיש. זיין גאַנצע ליטעראַרישע ירושה מיט די מלחמה־כתבים איז פאַרבליבן אין זיין דירה אויף שליסקאַ אין קליינעם געטאָ, פון וואַנען די יידן האָבן זיך געמוזט איבערציען בשעת דער איבערזידלונג. דאָס איבערציען זיך פון קליינעם געטאָ איז פאָרגעקומען אין אַזעלכע שווידערלעכע באַדינגונגען, ביי אַ כסדרדיקער בלאָקאַדע, אַז דער רוב האָט מיטגענומען דאָס סאַמע נויטיקסטע. נישט קיין חידוש, אַז ציטלינס כתבים זיינען געבליבן אין זיין דירה, ווו עס האָבן דערנאָך געוועלטיקט צענדליקער און הונדערטער „שאַבראָווניקעס“[99].

ש. סטופּניצקי[100] איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד פאַרן אַריינגיין אין וואַגאָן. געסמט האָט זיך אויך דער באַקאַנטער פּסיכיאַטער און לייטער פון דער משוגעים־אַנשטאַלט ד״ר מילער סטעפּאַן צוזאַמען מיט זיין פרוי. ער איז אין טאָג פון דער איבערזידלונג אַנטלאָפן פון אָטוואָצק קיין מינסק מאַזאָוויעצק, ווען די איבערזידלונג האָט דערגרייכט אויך דאָרט האָט ער געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבן דורך איינגעמען סם. ד״ר מיללער האָט בשעת דער מלחמה געלייסטעט אַ סך פאַר דער „זאָפּיוווקע“, אַדאַנק זיין ענערגיע, איבערגעגעבנקייט און אויסדויער האָט די דאָזיקע אינסטיטוציע איבערגעהאַלטן די שווערסטע מאָמענטן פון איר עקזיסטענץ.

אַ גרויסע שחיטה איז פאָרגעקומען צווישן די מאָלער־פּלאַסטיקער און בינע־אַרטיסטן. די גרעסטע מערהייט האָט געאַרבעט אין דעם שאָפּ פון קאַרל הייניץ מיללער. האָט געטראָפן אַ מאַלער און דער שאָפּ איז נישט אָנערקענט געוואָרן דורך ד״ר סטאַבענאָוו[101], וואָס האָט אין דעם „אומזידלונגס־שטאַב“ דעצידירט וועגן אָנערקענען און שטרייכן שאָפּן פון דער ליסטע. מען איז געקומען אין שאָפּ און אַלעמען צוגענומען, צווישן זיי דעם רוב מאָלער און אַרטיסטן. אין דעם טויט פון אונדזערע אַרטיסטן און קינסטלער זיינען שולדיק די געמיינע אָנפירונג פון די שאָפּן, וואָס האָבן אין זינען געהאַט בלויז זייערע קעשענעס און אָנגענומען אין די שאָפּן נאָר די, וואָס האָבן געגעבן דערפאַר גראָבע טויזנטער. יידישע אַרטיסטן האָבן נישט געהאַט קיין געלט, האָבן זיך געמוזט זוכן אַ מקום מקלט אין

---

[99] די, וואָס האָבן ראַבירט אין די פאַרוואָרלאָזטע הייזער.

[100] שאול סטופּניצקי (1876—1942), באַקאַנטער יידישער פּובליציסט, מיטאַרבעטער פון „מאָמענט“.

[101] סטאַבענאָוו — פונקציאָנאַר פון געסטאַפּאָ אין וואַרשע.

אַ שוואַכן שאָפּ, וואָס איז טאַקע ביי דער ערשטער געלעגנהייט ליקווי־דירט געוואָרן.

ד י י י ד י ש ע פּ ע ד אַ ג אָ ג ן זיינען אומגעקומען אויף זייערע פּאָסטנס. פון די ידיעות אין דער פּראָווינץ האָבן זיי גוט געוווסט, וואָס מען האָט געטאָן אומעטום מיט די יתומים פון די יתומים־הייזער. די דאָזיקע אַנשטאַלטן זיינען אומעטום געגאַנגען די ערשטע אויפן פייער, און דאָך האָט דאָס נישט אָפּגעשרעקט די לערערשאַפט און דעם טעכנישן פּערסאָנאַל פון די אַנשטאַלטן צו פאַרבלייבן אויף זייערע פּאָזיציעס ביז צום לעצטן מאָמענט, ווען די „אַקציע" האָט אַרומגעכאַפּט אויך די קינדער־אַנשטאַלטן. ביים אָנהויב פון דער אומזידלונגס־אַקציע איז דער אָנפירונג פון „צענטאָס" געלונגען אויסצופועלן ביים פּרעזעס טשערניאַקאָוו און דער לייטונג פון אָרדנונגס־דינסט, וואָס האָט געפירט די „אַקציע", אַז די אַנשטאַלטן פון „צענטאָס" דאַרפן געשוינט ווערן פון דער אַקציע. שפּעטער, ווען דער קאָנטינגענט איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג גרעסער, האָט מען איינע נאָך דער צווייטער ליקווידירט גאַנצע אַנשטאַלטן, צונעמענדיק די קינדער צוזאַמען מיטן גאַנצן פּערסאָנאַל. אויף אַזאַ אופן איז צוגענומען געוואָרן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ דער באַרימטער פּעדאַגאָג, דער טאַלענטירטער שרייבער פון קינדער־זאַכן י אַ נ ו ש ק אָ ר ט ש אַ ק (ד"ר גאָלדשמידט). ער צוזאַמען מיט זיין רעכטער האַנט, די באַקאַנטע פּעדאַגאָגין ס ט ע פ אַ ו ו י ל ט ש י נ־ס ק אַ איז געגאַנגען בראש פון דעם קינדער־צוג — ווי מען דערציילט — מיט געזאַנג אויף די ליפּן צו די וואַגאָנען, וואָס האָבן געפירט קיין טרעבלינקי. לויט זיין שטייגער האָט ד"ר קאָרטשאַק אויך דאָס מאָל באַזאָרגט זיינע קינדער מיט אייניקע פעסער וואַסער אויפן וועג.

דאָס זעלבע איז געוועזן מיט דעם לייטער פון דעם מוסטערהאפטן קינדער־אינטערנאַט אויף מילנאַ 18, וואָס האָט נישט פאַרלאָזט זיינע קינדער ביזן לעצטן מאָמענט און צוזאַמען מיט זיי מיטגעגאַנגען אויפן אומשלאַג־פּלאַץ און פון דאָרט קיין טרעבלינקי. מיר דאַרפן בייגן אונדזערע קעפּ פאַר דער דאָזיקער אומנוצלעכער און אפשר נישט נויטיקער מאַרטיראָלאָגיע פון אונדזערע בעסטע פּעדאַגאָגן.

צווישן די עסקנים, וואָס זענען צוגענומען געוואָרן בשעת דער אויסזידלונג, דאַרף אויפן ערשטן אָרט דערמאָנט ווערן שכנא פּראָים סאַגאַן, דער לידער פון די לינקע פּ"צ. פאַר דער מלחמה האָט סאַגאַן פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער פּ"צ באַוועגונג. אין זיין געבורטס־אָרט קראָקע האָט ער געבויט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „יוגנט" און דערנאָך די פּ"צ־פּאַרטיי. צוזאַמען מיט דער באַוועגונג איז ער געוואָקסן און אויסגעוואָקסן פאַר איינער פון די אָנפירנדע פּערזענלעכקייטן אין דער פּויִלישער און אַלוועלטלעכער פּ"צ־באַוועגונג. בשעת דער איצטיקער וועלט־מלחמה האָט זיך באַדייטנד אויסגעשפּרייט דער השפּעה־קרייז פון ח. סאַגאַן. ער איז געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע עסקנים אין דער

יידישער ווארשע. קיין שום געזעלשאַפטלעכער ענין איז נישט ערלעדיקט געוואָרן אָן זיין דעצידירנדיק וואָרט. ער איז געווען איינער פון די אָנפירער פון דעם זש. ט. ס., געבויט דאָס שול-וועזן בשעת דער מלחמה און בכלל געווען איינער פון די פראָמינענטסטע פערזענלעכקייטן אין ווארשע.

סאַגאַן האָט זיך לייכטזיניק באַצויגן צו אַלע פּאָרזיכט-מיטלען, וואָס יידן האָבן אָנגענומען קעגן די בלאָקאַדעס. ער האָט נישט געוואָלט הערן און וויסן וועגן באַהעלטענישן, וועגן פּאַפּירן פון שאָפּן, וואָס האָבן אין די ערשטע צייטן ארויסגעהאָלפן. אָפּטימיסטיש ווי ער איז געווען האָט ער געגלויבט, אַז עס וועט גוט זיין און אַז ער וועט איבערהאַלטן די מלחמה. ער האָט געהאַלטן, אַז יעדער ייד איז [אַ]סאָלדאַט און יעדער סאָלדאַט דאַרף זיך יערע מינוט רעכענען מיט דער מעגלעכקייט פון קריגן א קויל אין קאָפּ און אויב די קויל טרעפט אים נישט, איז עס זיין גליק. ווען אין אַפּריל האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע [102], האָט מען אים פון אַלע זייטן געבעטן ער זאָל זיך אויסבאַהאַלטן, ווייל אלס געוועזענער פּאָליטישער טוער, דאָזאָר פון קהלה, איז ער אויסגעשטעלט אויף א סכנה. סאַגאַן האָט זיך אויסגעלאַכט פון די אלע וואָרנונגען און געבליבן נעכטיקן אין שטוב. סאַגאַן איז צוזאמען מיט זיין פרוי און צווי קינדער געפאַלן א קרבן פון דער ערשטער גרויסער דייטשער בלאָקאַדע אויף נאָוואָליפּיע. די דאָזיקע גאַס האָט געזאָלט אַוועקגעגעבן ווערן פאַר די ארבעטער פון שולצס שאָפּ. סאַגאַן איז נישט געווען בשעת דער בלאָקאַדע אין דער היים. דערוויסנדיק זיך, אַז אויף נאָוואָליפּיע קומט פאָר אַ בלאָקאַדע, איז ער געגאַנגען אהיים און שוין געטראָפן זיין גאַנצע פאַמיליע אויפן הויף. פון דאָרט זיינען זיי אַוועק אין רייען אויפן „אומשלאַג“, פון וואַנען זיי זיינען צוזאמען מיט אַלע געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקי. דער שרייבער שיע פערלע פון דער זעלבער דירה האָט ריזיקירט און נישט אראָפּגעגאַנגען און געבליבן לעבן.

ס אָ נ יע נ אָ וו אָ ג ר ו ד ז ק אַ, אַן אַקטיווע טוערין פון „בונד“, האָט א סך אויפגעטון בשעת דער איצטיקער מלחמה אויפן געביט פון קינדער-הילף, באַזונדערס אויפן שול-געביט. דעם 17-טן אַפּריל האָט זי זיך געפונען אויף דער ליסטע פון די צום טויט פאַראורטיילטע. זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן א לענגערע צייט. בשעת איינער פון די בלאָקאַדעס אויף נאָוואָליפּיע איז זי ארייַנגעפאַלן און אַוועקגעשיקט געוואָרן אויפן אומשלאַג-פּלאַץ.

אַ גרויסער טייל עסקנים פון ציוניסטישן לאַגער איז צוגענומען געוואָרן ביי די בערשטער, וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף שווענטאָ-יערסקאַ. בשעת דער „סעלעקציע“ אויף ניסקאַ האָבן זיך די ס. ס. אַפּ-

102 אין דער נאַכט פון 17-טן אויפן 18-טן אַפּריל 1942 האָט די געסטאַפּאָ אין ווארשעווער געטאָ ארויסגעשלעפּט, לויט צוגעגרייטע רשימות, פון די וווינונגען און דערשאָסן אויפן אָרט עטלעכע און פופציק טוער פון דער אונ-טערערד און אייניציק עטלעכע אייגענע אַגענטן.

געשטעלט אויף דער ציפער 1.200, און די אַלע, וואָס זענען געבליבן מחוץ, זענען צוגענומען געוואָרן. דאָס אומגליק האָט געוואָלט, אז דער בערשטערשאַפט פון די חלוצים איז געבליבן אויסערן קאָנטינגענט.

די שענסטע און די בעסטע יוגנט — יונגע, פרישע און געזונטע בחורים און בחורות זיינען צוגענומען געוואָרן אויפן „אומשלאַג" און גלייך פאַרלאָדן געוואָרן אין די וואַגאָנען. צווישן די צוגענומענע האָבן זיך געפונען אַזעלכע סימפּאַטישע און איבערגעגעבענע טוער, ווי ד אָ ב ר אָ ש ק ל אַ נ ק אַ א. א.

די פירער פון „אָרט" ש. פ ו י ס ט פון לאָדזש און ד"ר מ י י ז נ ע ר זיינען צוגענומען געוואָרן פון זייער פּלאַצוווקע אין שאָפּ. דער „אָרט" האָט געוואָלט ראַטעווען זיינע מענטשן און בכלל פערזאָנען ווערטפולע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געלט אויף צו קויפן זיך אויסווייזן פון שאָפּן. דעריבער האָט דער „אָרט" געשאַפן אַ שאָפּ פון דער פירמע אַטטאַ מאָנגעלסאָן און פאַרשריבן אייניקע הונדערט פערזאָן. שפּעטער איז דער שאָפּ אַריבערגעגאַנגען צו דער פירמע אָשמאַן. נישט אַלע שאָפּן פון דער דאָזיקער פירמע האָבן געהאַט די זכיה צו פאַרבלייבן. דער „אָרט"-שאָפּ פון אָשמאַן איז ליקווידירט געוואָרן צוזאַמען מיט זיין אָנפירונג די הערן: פויסט און ד"ר מייזנער.

א סך ווערטפולע פערזאָנען פון דער אינטעליגענץ זיינען אומגעקומען אין דעם ק. אָ. ם.[103] — דער אינסטיטוציע פאַר סאָציאַלער הילף, וועלכע איז בשעת דער מלחמה אויסגעוואָקסן צו אַ גאָר וויכטיקן פאַקטאָר אין יידישן לעבן. דער ק. א. ם. און אייגנטלעך זיין צווייג, דער זש. ט. ס. איז געווען א האָרן אין אויג פון די קהלה-לייט, וויל אין ק. א. ם. האָבן זיי געזען די פאַרקערפּערונג פון די כוחות, וואָס האָבן באַקעמפט די מעשים תעתועים פון דער קהלה. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונג האָט מען פון ערשטן מאָמענט אָן געזוכט עוקר מן השורש זיין די געזעלשאַפטלעכע עלעמענטן פון זש. ט. ס. מען האָט געשטרעבט צו פאַרניכטן די דאָזיקע אינסטיטוציע, וואָס האָט געשפּילט די ראָל פון געוויסן פון דער יידישער וואַרשע. דעריבער האָט די ליטונג פון אָרדנונגס-דינסט יעדן טאָג אַרויסגעגעבן אַנדערע באַפעלן וועגן דער באַציונג צו די אָנגעשטעלטע פון ק. אָ. ם. אָפיציעל און אַנדערע נישט אָפיציעל.

אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז די אָנגעשטעלטע פון ק. אָ. ם. אונטערליגן נישט דער אויסזידלונג. מינדלעך האָט מען געהייסן די יידישע פּאָליציאַנטן צונעמען אויך די באַאַמטע פון זש.ט.ס. אויף אַזאַ אופן זיינען צוגענומען געוואָרן אדוו. קאַהאַנאָוויטש, אַן אָנגעזעענער טוער פון פאַר דער מלחמה, ווישינסקי — ראַטמאַן פון פ"צ רעכטע פון פּלאָצק א. א.

---

[103] זע הערה 8.

הונדערטער באַאַמטע און אָנגעשטעלטע פון זש. ט. ס. זיינען צוגענומען געוואָרן פון זייערע ארבעטס=פלאצוווקעס, פון די פאָלקס=און קינדער=קיכן, פון די אינטערנאַטן און האַלב=אינטערנאַטן, וועלכע זיי האָבן באַדינט ביזן לעצטן מאָמענט. אַ סך באַאַמטע און אָנגעשטעלטע זיינען דורך דער יידישער פּאָליציי און ס. ס.=לייט צוגענומען געוואָרן פון די ביוראָען. אַ טייל איז געלונגען צו ראַטעווען זיך פון אומשלאַג=פּלאַץ. אַ טייל האָבן דעם „שפּאַציר" מיטגעמאַכט אייניקע מאָל.

די גרעסטע צאָל קרבנות פון זש. ט. ס. האָט געגעבן דער טאָג פון סעלעקציע. דער ק. א. ם. איז שרעקלעך באַהאַנדלט געוואָרן דורך דער קהלה=ליטונג. עס איז באַשטימט געוואָרן א לעכערלעכע צאָל פון עטלעכע און זיבציק ערטער פאַר די אמאָליקע 3.000 באַאַמטע און אָנגעשטעלטע. דאָס רעשט האָט געמוזט גיין אויפן אומשלאַג=פּלאַץ.

די ביוראָ פון ק. א. ם. איז כמעט אַ גאַנצע צייט פון דער איבערזידלונג געווען טעטיק. אַ טייל באַאַמטע פון ק. א. ם. איז אריבער אין שאָפּן. די פאַרבליבענע האָבן געטריי געדינט די אינטערעסן פון דער יידישער געזעלשאַפט ממש ביז צום לעצטן מאָמענט. דער ק. א. ם. איז ביז צום לעצטן מאָמענט געווען דער צענטער פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. נישט איין ווערטפולע פערזאָן איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אַדאַנק די באַמיונגען פון ק. א. ם. אַהער זיינען אָנגעקומען די מעלדונגען וועגן דעם צונעמען אויפן אומשלאַג=פּלאַץ דעם אָדער יענעם שרייבער, מאָלער, אַרטיסט אָדער עסקן. אין די ערשטע צייטן האָבן די אינטערווענצן פון ק. א. ם. געהאַט אַ געוויסע פּעולה. מען האָט זיך נאָך גערעכנט אין די ערשטע טעג מיט דער עפנטלעכער מיינונג. גאָר אינגיכן אָבער האָבן די פאַרשטייער פון דער עפנטלעכער מיינונג, דער ק. א. ם., געמוזט קויפן זייער רעכט אויף אינטערווענצן מיט גאָר שיינע „מתנות" פאַר דעם פירער פון אומשלאַג=פּלאַץ שמערלינג.

דער ק. א. ם. האָט ביז צום לעצטן מאָמענט דערפילט זיינע הילפס=אויפגאַבן. אַ בריגאַדע פון עטלעכע צענדליקער באַאַמטע האָט יעדן טאָג געטיילט ברויט מיט מאַרמאָלאַדע צווישן די „פרייוויליקע" און די בהכרח אויסגעזידלטע. די באַאַמטע פון ק. א. ם. זיינען געווען די איינציקע, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די קראַנקן=שוועסטער און דאָקטוירים געהאָלפן אַנטלויפן פון אומשלאַג=פּלאַץ ווערטפולע פערזאָנען. גלייכצייטיק האָט מען פון די מאַגאַזינען געהאָלפן מיט פּראָדוקטן דעם הייפל יידישע שרייבער, אַרטיסטן א. א., וואָס האָבן געוואַגט צו קומען אין ק. א. ם.

די דאָזיקע הילפס=טעטיקייט פון ק. א. ם. האָט אָבער ווייניק וואָס געהאָלפן קעגן די בלאָקאַדעס. אויך אָפיציעלע, אין אַלע גאַסן פּלאַקאַטירטע מעלדונגען וועגן דער אויסזידלונג, אין וועלכער עס איז צווישן די, וואָס אונטערליגן נישט דער אויסזידלונג, געווען אויסגערעכנט דער ק. א. ם., האָט געהאַט אַ קנאַפּע ווירקונג. די יידישע פּאָליציי האָט נישט געשוינט דעם ק. א. ם. זייערע באַזוכן זיינען געוואָרן אַלץ עפטערע. אָנגע=

הויבן האָט מען פון דעם פיזישן פערסאָנאַל. מען האָט צוגענומען צענדליקער וואָזשנעס, רוימערקעס אין די ביוראָען, דעם פערסאָנאַל פון די קיכן א. א. שפּעטער איז מען אַריבערגעגאַנגען צו די באַאַמטע גופא. די אינסטיטוציע האָט אינטערווענירט, געזוכט ראַטעווען אירע מענטשן. מען האָט געמוזט איבערגיין צו „מתנות" און דערנאָך צו פּשוטע לאַפּוועקעס. עס האָט אָבער געפעלט געלט און דערפאַר זיינען צענדליקער מענטשן געגאַנגען לאיבוד. די פאַרזאָרגונגס-אנשטאַלט האָט געראַטעוועט אירע מענטשן דורך אַ סומע פון 3 מיליאָן זל. דער ק. א. ם. איז בשעת דער אויסזידלונג געבליבן אָן געלט. האָט מען געראַטעוועט מענטשן מיט פעקלעך פּראָדוקטן, מיט לאַבנס ברויט, וועלכע מען האָט געגעבן דער יידישער פּאָליציי. אַזאַ קאָנקרעטער פאַל איז פאָרגעקומען אין מאַגאַזין פון „צענטאָס", ווי די לייטערין פון מאַגאַזין פרוי יהודית ר—ם.[103] האָט פאַרן פּרייז פון צוויי ברויט פער א קאָפּ געראַטעוועט אייניקע באַאַמטע פון מאַגאַזין. די קיכן-אָפּטיילונג פון ק. א. ם. האָט זיך אייניקע מאָל באַפרייט פון בלאָקאַדעס פון יידישער פּאָליציי דורך אַ ריטשאַלט סומע. דאָס אַלץ האָט אָבער אויפגעהערט ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן בלאָקאַדעס מיטן אָנטייל פון דייטשן. אין דעם פאַל האָבן שוין נישט געהאָלפן קיין שום אינטערווענצן. די אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן געטריי געדינט דער אינסטיטוציע, זיינען אַלץ שיטערער געוואָרן אין די ביוראָען.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן אַ זייער אינטערעסאַנטער פאַל בשעת די בלאָקאַדעס פון ק. א. ם., וואָס כאַראַקטעריזירט די שטימונגען צווישן די באַאַמטע. בשעת איינער פון די בלאָקאַדעס איז צוגענומען געוואָרן אַ טייל פערסאָנאַל פון דער קיכן-אָפּטיילונג. צווישן אַנדערע האָט מען צוגענומען די פרוי בירקענהיים, די אינסטרוקטאָרין פון די קיכן, וואָס האָט אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט אין די קיבוצים פון א"י און געווען באַהויכט מיט דעם אידעאַליסטישן גייסט, וועלכער האָט אין זיי געהערשט. ווען מען איז געקומען אויפן אומשלאַג-פּלאַץ, איז די אָנפירונג פון פּלאַץ געווען גרייט צו באַפרייען די פרוי בירקענהיים מיט אייניקע באַאַמטע פון דער אָפּטיילונג. מען האָט אָבער נישט געוואָלט באַפרייען דעם נידעריקן באַאַמטן-פערסאָנאַל, ווי אויך די פיזישע אָנגעשטעלטע. פרוי בירקענהיים האָט דעמלט דערקלערט, אַז אין דעם פאַל גייט זי נישט אוועק פון פּלאַץ. זי איז טאַקע פאַרבליבן און אַוועק צוזאַמען מיטן גאַנצן פערסאָנאַל פון דער קיכן-אָפּטיילונג קיין טרעבלינקי.

ש. סטופּניצקי איז געבליבן צוזאַמען מיט דעם רוב יידישע שרייבער אין וואַרשע ביים אויסברוך פון מלחמה. אַ לאַנגע צייט איז ער געבליבן פאַרשטעקט. ער האָט מורא געהאַט מען זאָל נישט פאַרלאַנגען פון אים אַ חשבון פון זיין זשורנאַליסטישער טעטיקייט פאַר דער מלחמה. די שטענדיקע מורא פאַר רעפּרעסיעס האָט אים פולשטענדיק

---

104 יהודית רינגעלבלום, די פרוי פון עמנואל.

צעבראָכן. עס איז אַרומגעגאַנגען אַ שאָטן פון אַ מענטש, וואָס איז מער געווען אויף יענער וועלט ווי אויף דער וועלט. די הילף פון „דזשוינט" וואָס האָט געהאַט באַגרענעצטע מיטלען, איז געווען אַ נישט גענוגנדע. סטופּניצקי איז אַרומגעגאַנגען אַ האַלב פאַרהונגערטער. אין ווינטער פלעג איך אים טרעפן זיך שעהן=לאַנג וואַרעמען אין דער פאָלקס=קיך, פון וועלכער ער האָט געגאָסן. די אויסזידלונג האָט צום רעשט פאַרניכטעט זיינע כוחות. ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן אויפן אומשלאַג איידער מען האָט אים געפירט אין וואַגאָן.

ד ע ר ר י פּ י נ ע ר ר ב ה ר ב נ ו ט ק ע ו ו י ט ש איז פאַר דער מלחמה געווען אַן אַקטיווער ציוניסטישער טוער. אַן אַקטיווער טוער פון תרבות איז ער אין אַ געזעלשאַפטלעכער שליחות געפאָרן קיין אַמעריקע. אַ מענטש פון אַ קרישטאָל=ריינעם כאַראַקטער, טאָלעראַנט צו איבערצייגונגען פון אַנדערע, האָט הרב נוטקעוויטש געווינען בשעת דער מלחמה די סימפּאַטיע פון די גרויסע מאַסן פּליטים, פאַר וועלכע ער איז געווען זייער טעטיק אין וואַרשע אַלס דעלעגאַט פון דער ריפּינער לאַנדסמאַנשאַפט און מיטגליד פון דער פּליטים=צענטראַלע (צ. ק. אָ. — צענטראַלע קאָמיסיע אוכאָדזצוו). דער דאָזיקער באַשיידענער און פיינער טוער האָט צונויפגעזאַמלט גרעסערע געלט=סומעס לטובת דער יידישער הילפס=אָרגאַניזאַציע. ער האָט געפירט אַ לעבן פון נויט און דחקות, ווידמענדיק זיינע כוחות לטובת הכלל. אין דער צייט פון איבערזידלונג איז ער געכאַפּט געוואָרן אויפן אומשלאַג=פּלאַץ. און וויסנדיק גאַנץ גוט וואָס עס דערוואַרט אים אין טרעבלינקי האָט ער זיך אַנטקעגנגעשטעלט די רוצחים, וואָס האָבן אים געשטופּט אין וואַגאָן. ער איז דערשאָסן געוואָרן. עס איז אָבער נישט באַוווּסט ווו עס איז אַהינגעקומען זיין גוף. ער האָט געפונען זיין רו אין איינעם פון די מאַסן=קברים, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין די צענדליקער אין משך פון דער לעצטער צייט. ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן, אין וועלכן מען האָט אים אַריינגעשטופּט. אַ קאָמאַנדירנדער אוקראַאינער האָט אויף אים אַ געשריי [ג]עטאָן ער זאָל אַריין אין וואַגאָן, אַ נישט וועט ער שיסן. די תשובה פון הרב נוטקעוויטש איז געווען אַ פעסטע: שיס! איך וועל נישט אַריינגיין! דער אוקראַאינער האָט אים דערשאָסן.

מיט גרויס חרפּה דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז שולדיק אין טויט פון אַזאַ גרויסער צאָל יידישע אינטעליגענטן, שרייבער, קינסטלער א. ד. גל. איז די יידישע קהלה און די יידישע פּאָליציי. די יידישע קהלה מיט דעם פּרעזעס אינגזש. ליכטענבוים האָט גאָרנישט געטון כדי צו ראַטעווען דעם געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו. די גאַנצע ענערגיע פון די קהלה=ראַטמענער איז געווען צו ראַטעווען זייערע נאָענטע און אַפילו ווייטע קרובים. אַ ברודער אָדער אַ שוואָגער פון אַ ראַטמאַן איז געווען 10 מאָל מער ווי אַ טאַלענטירטער שרייבער, זשורנאַליסט אָדער מאָלער. מען דאַרף געדענקען, אַז בלויז אין געווויסע טעג האָבן דייטשן געלאָדן די מענטשן גלייך אין די

וואַנען. נאַטירלעך אין דעם פאַל איז נישט געווען קיין שום רעטונג אַפילו פאַר דער גרעסטער סומע. אַנדערש איז אָבער געווען אין דער מערהייט פאַלן. די, וואָס [האָבן] געהאַט געלט, האָבן זיך אויסגעקויפט פון די הענט פון די פּאָליציאַנטן. דער רוב קרבנות צווישן דעם געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו איז געווען פון יידישע הענט. דאָס איז דער טראַגישער און טרויעריקער אמת.

די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער איבערזידלונג: שערינסקי[105] און לייקין[106] און דער קאָמענדאַנט פון אומשלאַג־פּלאַץ שמערלינג — האָבן נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר דער באַדייטונג פון אַקטיוו. דער משומד שערינסקי איז געווען אַן אַנטיסעמיט, וואָס האָט געטראַכט נאָר ווי צו געפעלן די דייטשן, וועלכע האָבן אים אַרויסגעלאָזט פון תפיסה פאַרן פרייז פון אויספירן ווי געהעריק די אינסטרוקציעס פון די דייטשן. (שערינסקי איז פאַר [דער] איבערזידלונג געזעסן אין תפיסה פאַרן אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט זיינע פוטערס). לייקין, אַן אַדוואָקאַט, האָט געוואָלט מאַכן [אַ] קאַריערע ביי די דייטשן און געפלייסט זיך, וואָס גרינגלעכער אויסצופירן די באַפעלן פון די דייטשן. זיין ערשטע אויסצייכענונג און א פרייז פון 300 זל. האָט ער באַקומען פון פרעזעס טשערניאַקאָוו פאַר דעם גלענצנדן אַדורכפירן דאָס כאַפּן יידן אין די אַרבעטס־לאַגערן. לייקין, האָט בשעת דער אויסזידלונג אין זינען געהאַט איין זאַך — פאַרפולן דעם קאָנטינגענט, וועלכן די דייטשן האָבן באַשטימט אויף דעם אַנטשפּרעכנדן טאָג. א קליין מענטשעלע מיט אַ קליינעם גוף און אַ קליין קעפּעלע האָט אים די מאַכט אָפּגענומען דעם שכל. ער איז געוואָרן ווילד, געשלאָגן מכות רצח פּאָליציאַנטן און יידן. יעדער, וואָס האָט אים געזען בשעת אַן אַקציע, האָט נישט באַמערקט אין זיין פּנים קיין טרויער. פאַרקערט, מען האָט געקענט באַמערקן, אַז דער ענין אויסזידלונג געפעלט אים. ער האָט הנאה פון דעם עסק. ביי אַזאַ מין מענטשעלע, וואָס האָט נאָכגעמאַלפּעוועט נאַפּאָלעאָנען, האָט מען פאַרשטייט זיך נישט געקאָנט געפינען קיין פאַרשטענדעניש פאַר ראַטעווען דעם געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו.

דאָס זעלבע איז שייך שמערלינגען, אַ ריז מיט אַ שפּיציק בערדל, מיט אַ פּנים פון אַ רוצח. שמערלינג האָט פאַרשטאַנען איין זאַך: געלט. ווער עס האָט זיך ביי אים אויסגעקויפט, דעם האָט ער באַפרייט. די יידישע אינטעליגענץ האָט קיין געלט נישט געהאַט, האָט זי געמוזט גיין קיין טרעבלינקי. איך וועל נישט פאַרגעסן, ווי ער האָט זיך אויף מיר געוואָרפן מיטן קאַנטשיק, הלמאי איך אינטערוועניר פאַר דער פּיאַ=

---

[105] יוזעף שערינסקי (אַלטער יידישער נאָמען: שענקמאַן), אַ משומד, געוו. קאָמיסאַר פון פּוילישער מלוכה־פּאָליציי, שעף פון דער אָרדנונג־דינסט אין וואַרשעווער געטאָ.

[106] זע הערה 25.

ניסטקע האַלינאַ דיקשטיין, דער מאָלערין רעגינאַ מונדלאַק און דעם עקאָנאָמיסט ד״ר ליפּאָווסקי. דאָס איז געווען מיין ערשטער און לעצטער צוזאַמענטרעף מיט שמערלינגען. שמערלינג האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיין אויפן עולם האמת. אים האָט אָבער געטראָפן אַ גליק. ער האָט צעבראָכן אַ פוס און אַ דאַנק דעם האָט ער נישט געטיילט דעם גורל פון לייקינען און פירסטן. ווען אים גייט אַרום אַ וויץ, אַז ווי לאַנג ער איז קראַנק, אַזוי לאַנג וועט ער בלייבן געזונט. מען לאָזט צו אים קיינעם נישט צו. מען היט אים, ווי אַן אויג אין קאָפּ.

צוזאַמען מיט די יידישע שרייבער, מאָלער, קינסטלער א. א. זיינען אונטערגעגאַנגען ריזיקע קולטור־ווערטן, וואָס זיינען פאַרפאַלן אויף אייביק. גלייך ווי עמיץ איז צוגענומען געוואָרן, האָבן די שכנים זיך אַריינגעריסן אין זיין דירה און געמאַכט פון אַלץ אַ תל. דאָס האָט געהייסן אין זשאַרגאָן: מען האָט ג ע ש אַ ב ר ע ו ו ע ט (אַ וואָרט גענומען פון שלאָסעריי און באַטייט, דוכט זיך, אויסגלעטן). ווי עס איז פריער דערמאָנט געוואָרן זיינען אַ גרויסע צאָל הייזער צוגעטיילט געוואָרן פאַרשיידענע שאָפּן, אַלס וווינונגס־ אָדער אַרבעטס־בלאָקן. סיי אין ערשטן סיי אין צווייטן פאַל האָט מען זיך מיט גאָרנישט גערעכנט. די נישט־נויטיקע מעבל האָט מען פון די העכטסע שטאָקן געוואָרפן אין הויף, ביכער, בילדער, כתב־ידן, האָט מען אַרויסגעוואָרפן אויפן הייף און דערנאָך אָדער אַרויסגעוואָרפן מיטן מיסט, אָדער פאַרברענט אין מיטן הויף. גאַנצע אוצרות פון יידישע ספרים, בילדער א. ד. גל. זיינען אַזוי אַרום פאַרניכטעט געוואָרן. אויף אַזאַ אופן זיינען פאַרניכטעט געוואָרן די כתבים פון ש. גילבערטן, וואָס האָט כסדר געשריבן בשעת דער מלחמה און דווקא אויף אַקטועלע טעמעס. דאָס זעלבע איז אויך געשען מיט ישראל שטערנס שאַפונגען בשעת דער מלחמה. דער באַקאַנטער העברעישער פּעדאַגאָג קאַפּלאַן האָט געפירט אַ גאַנץ אויספירלעכן טאָג־בוך, וועלכער איז צוזאַמען מיט אים פאַרשוווּנדן[107]. דאָס זעלבע איז געשען מיט אַנדערע טאָגביכער פון אַ ריי פּערזאָנען. שמואל הירש־האָרנס טאָג־בוך איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן. דאָס טאָג־בוך פון דעם יונגן, פעיקן עקאָנאָמיסט מנחם לינדער איז דורך זיין פרוי פאַרברענט געוואָרן אין אַ מאָמענט פון פאַרצווייפלונג בשעת דער אויסזידלונג. לינדערס אלמנה האָט דעמלט געגלויבט, אַז אַלץ וועט אַוועקגיין. האָט זי נישט געוואָלט, אַז דאָס טאָג־בוך זאָל אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט, האָט זי עס פאַרברענט. מען ווייסט, אַז אין וואַרשע האָבן א סך מענטשן געפירט טאָגביכער. עס ווייזט אויס, אַז זייער ווייניק פון זיי וועט דערגיין צו דער עפנטלעכקייט. דער מבול פון אומזידלונג פאַרגיסט אַלץ, פאַרניכטעט אַלץ, לאָזט נישט איבער קיין זכר פון גאָרנישט. אומזיסט האָט

107 דער העברעישער טאָגבוך פון חיים־אהרן קאַפּלאַן איז אָפּגעפונען געוואָרן נאָך דער מלחמה

מען געשיקט מענטשן אין די דירות פון די אויסגעזידלטע, כדי צו זוכן די נאָך זיי פאַרבליבענע כתבים. מען האָט גאָרנישט ביי זיי געפונען, ווייל אַלץ איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אין מיסט, אַלץ איז פאַרניכטעט און פאַרברענט געוואָרן.

צווישן די אומגעקומענע עסקנים האָט פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט די גרופּע ניי=אויפגעקומענע, מלחמה=עסקנים, וואָס האָבן אויסגעבויט דאָס שענסטע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן בשעת דער מלחמה — די הויז=קאָמיטעטן. די דאָזיקע גרופּע איז געבליבן טריי די אידעאַלן פון סאָציאַלער הילף אין די שווערסטע מאָמענטן פון יידישן לעבן אין וואַרשע. די עסקנים, וואָס האָבן געזוכט קאַריערע, געלט, פּרנסה, זיינען אַוועק צו דער קהלה און אירע אַנשטאַלטן. דאָס הייפל פאַרבליבענע ביים זש. ט. ס. איז באַשטאַנען פון אַ גרופּע אידעאַליסטן מיט אַ געזעלשאַפטלעכער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָבן געטריי אָן שום פּניות און כוונות געדינט דעם נויט=ליידנדן ייד. דער ערשטער און אפשר איינער פון די בעסטע און שענסטע איז געווען אליהו קאַהאַן — ער איז געפאַלן אַ קרבן פון דער טעראָר=אַקציע, ערב דער איבערזידלונג. קאַהאַן איז פאַר דער מלחמה געווען אַ נאַלעווקער סוחר פון גרויסן פאַרנעם. געזעלשאַפטלעך איז ער נישט געווען טעטיק. בשעת דער מלחמה האָט זיך אין אים דערוועקט דער עסקן. ער איז געווען דער בויער פון דעם ערשטן הויז=קאָמיטעט אין דעם גרויסן הויף נאַלעווקי 23. ער טראָגט הילף די ערשטע פּליטים און נשרפים, וואָס האָבן זיך בשעת דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע געוואַלגערט אויף אַלע שטיגן און הייף. שפּעטער האָט ער זיך מיטן גאַנצן ברען אריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון אויפשטעלן הויז=קאָמיטעטן אין אַלע הייזער פון וואַרשע. מיט אומדערמידלעכער עקשנות און איבערגעגעבנקייט באַקעמפט ער אַלע מניעות, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן וועג פון אויפשטעלן הויז=קאָמיטעטן. שפּעטער ווערט ער דער פּאַטראָן פון די פּליטים. ער ווערט דער פאַנאַטישער פּאַרטייִדיקער פון די רעכט פון די צענדליקער טויזנטער פּליטים. ער בויט הילפס=קאָמיטעטן אין די באַזונדערע הייזער, ער שאַפט פּאַטראָנאַטן פון רייכערע הייזער איבער פּערזאָנען, איבער די פּליטים=פּונקטן, ער שאַפט די אינסטיטוציע פון פּליטים=הילף, די צענטראַלע קאָמיסיע פון פּאַטראָנאַטן, ער ווערט דער פאַנאַטישער פּאַרטייִדיקער פון די פּליטים און מאָנט און וועקט כסדר הילף פאַר די פּליטים=פּונקטן. אַ קויל פון אַ רעוואָלווער האָט אין דער נאַכט פון 17 אַפּריל אויפן 18=טן געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבן.[108]

די צווייטע, וואָס דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, איז פרוי מאָקרסקאַ פון לאָדזש. אין איר שטענדיקן וווינאָרט לאָדזש איז זי געווען טעטיק אין דער פרויען=באַוועגונג. אין וואַרשע האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן אין דער הילפס=אַרבעט פאַר אירע בני=עיר, פאַר די לאָדזשער. זי איז געווען איינע

---

[108] זע הערה 102.

פון די טעטיקסטע פרויען אין דער לאָדזשער לאַנדסמאַנשאַפט. פרוי מאָקרסקא האָט זיך אָבער נישט באַגנוגנט מיט דער דאָזיקער לאָקאַלער טעטיקייט. זי שטעלט זיך בראש פון דעם פרויען-קרייז ביי דעם זש. ט. ס. זי בויט אויס אין יעדן הויז פרויען-קרייזן, וואָס פירן אַ ברייטע הילפס-אַרבעט הן פאַר די נויטליידנדע פון דעם באַטרעפנדן הויף, הן פאַר אַנדערע. פרוי מאָקרסקא איבט אויס אַ שטאַרקע השפעה אויף די יידישע פרויען פון וואַרשע. אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען דערציט זי הונדערטער פרויען אין גייסט פון זעלבסטהילף. זי צינדט אָן די פרויען צו אַ ברייטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אַדאַנק איר אַגיטאַציע און אויפקלערונג ווערן די פרויען די אַקטיווסטע מיטבויער פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע קעמערלעך און אינסטיטוציעס. די פאַטראָנאַטן פאַר אינטערנאַטן, פּליטים-פונקטן און קיכן ווערן פול מיט פרויען, וואָס זיינען אָפט דער נערוו פון דער גאַנצער אינסטיטוציע. פרויען וואַרפן זיך אַריין אין דער הילפס-אַרבעט פאַר קינדער. פרויען האָבן אין די לעצטע חדשים פאַר דער אויסזידלונג פאַרנומען אַלץ אַ וויכטיקערן אָרט אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אומעטום איז דאָ די אומדערמידלעכע טוערין, די פרוי מאָקרסקא.

בשעת דער אויסזידלונג האָט זיך פרוי מאָקרסקא אַריינבאַקומען צו די בערשטער, איינער פון די ווייניקע שאָפּן, וווּ מען האָט געקאָנט אַריינקומען אָן געלט. בשעת דער שרעקלעכער בלאָקאַדע, בשעת וועלכער עס זענען צוגענומען געוואָרן 1.200, איז אויך געפאַלן אַ קרבן פרוי מאָקרסקא.

א ה ר ן  ר אָ ג אָ װ י, אַן אגודהשער זשורנאַליסט, א מיטאַרבעטער פון דעם אַגודהשן „טאָגבלאַט", האָט בשעת דער מלחמה אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע הילפס-טעטיקייט. צוזאַמען מיט אַ צווייטן טוער פון דער אַגודה האָט ער אויפגעשטעלט אַ פאַרטיילונגס-פונקט, וועלכער האָט מיט געזעלשאַפטלעכע מיטלען געטראָגן הילף דער רעליגיעזער אינטעליגענץ. ראָגאָווי איז אויך געווען זייער אַקטיוו אין דער הילפסאַרבעט פאַר די יידישע זשורנאַליסטן.[109] ראָגאָווי איז געכאַפּט געוואָרן אויפן אומשלאַג-פּלאַץ צוזאַמען מיט זיין צאָלרייכער פאַמיליע (11 קינדער). עס איז געלונגען אויסצופּועלן ביי דעם ס. ס.-מאַן מען זאָל אים אַלס זשורנאַליסט באַפרייען. ווען יענער האָט אָבער דערזען, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ גאַנצער אָפּטיילונג פון 11 קינדער, האָט ער דאָס נישט געקענט איבערהאַלטן און צוריקגעצויגן די דערלויבעניש. ראָגאָווי, איז ווי הונדערטער און טויזנטער יידן געפאַלן אַ קרבן פון זיינע קינדער. ער איז אַוועק דאָרט פון וואַנען מען קומט נישט צוריק.

ג א װ ז ע, לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פון „היינט", איז בשעת דער מלחמה געווען זייער טעטיק אויפן געביט פון הילף פאַר די פאַמיליעס

---

109 ראָגאָווי אברהם מרדכי, געב. 1898, איז אויך געווען מיטאַרבעטער פון דעם יודענראַטן-אָרגאַן „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ".

פון די אַוועקגעפאָרענע זשורנאַליסטן (דעם 6 סעפּטעמבער איז אַרויסגעפאָרן דער עוואַקואַציע־צוג פון דער פּוילישער רעגירונג מיט עטלעכע הונדערט זשורנאַליסטן, צווישן זיי אַ גרופּע יידישע באַקאַנטע זשורנאַליסטן), ווי אויך פאַר די פאַרבליבענע זשורנאַליסטן. זיין שטוב איז געוואָרן אַ מין רעטונגס־קאָמיטעט, וואוהין עס האָבן זיך געווענדעט די אַלע, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין הילף. מיט יעדער צרה איז מען געקומען צו גאַוזען. און צרות האָט נישט געפעלט, ווייל פאַמיליעס פון זשורנאַליסטן איז געווען אין וואַרשע מיט 6 טאָגצייטונגען (היינט, מאָמענט, פאָלקס־צייטונג, אונדזער עקספּרעס, טאָג־בלאַט, נאַש פּשעגלאָנד, פּיאָנטאַראַנאָ) אַסך — 170. ווי לאַנג עס איז געווען לרוב געלט אין דער קאַסע פון „דזשוינט", האָט מען זיך נאָך ווי נישט איז געגעבן אַן עצה. ווען עס איז אָבער געוואָרן קנאַפּער מיט געלט, האָט דער גרייז־גראָער גאַוזע געהאַט אויסצושטיין שווערע פּורעניות פון די אומגליקלעכע פאַמיליעס. גאַוזע איז צוזאַמען מיט חילינאָוויטש[110] געווען דער בויער פון דער קיך פאַר זשורנאַליסטן, וואָס האָט אויפגעהאַלטן מאָראַליש דאָס איבערגעבליבענע הייפל זשורנאַליסטן. בשעת דער אויסזידלונג איז גאַוזע געכאַפּט געוואָרן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. ווייסנדיק וואָס אים דערוואַרט אויפן נייעם אָרט, האָט גאַוזע זיך געסמט פאַרן אַריינגיין אין וואַגאָן.

אַזעלכע נאָמבערגישע העלדן, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט פלעשלעך סם אין דער קעשענע איז פאַראַן אַסך — זייער אַסך. די צאָל קאַנדידאַטן אויף סם־פלעשעלעך (דער רוב לומינאַל אָדער ציאַנקאַלי) וואָלט געווען אַסך גרעסער, ווען מען וואָלט געקאָנט באַקומען סם. די צרה איז אָבער די, וואָס בשעת דער איבערזידלונג זיינען דער רוב יידישע אַפּטייקן פאַרמאַכט געוואָרן, דער פּערסאָנאַל איז אין דעם רוב פאַלן אַרויסגעפירט געוואָרן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, דער גאַנצער מאַטעריאַל איז צוגענומען געוואָרן אין דער א. ג. ווערטערפאַסונג. עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די רעקוויזיציע פון די אַפּטייק־זאַכן איז כדי יידן זאָלן זיך נישט קענען סמען.

זעלבסטמאָרד איז אויך באַגאַנגען דער שטילער, ביז גאָר באַשיידענער גרינדער פון דעם באַקאַנטן „טאָמאָר"־פאַרלאַג ש ו ר.[111] שווערע צייטן האָט איבערגעלעבט ה. שור בשעת די 3 יאָר מלחמה. זיין גאַנץ פאַרמעגן, אינוועסטירט אין ביכער, איז געבליבן אין ווילנע. שור האָט געלעבט פון אויספאַרקויפן דעם קליינעם סכום ביכער, וואָס איז אים פאַרבליבן אין וואַרשע. שור האָט נישט געוווסט וויאַזוי אָנצוקומען צו געזעלשאַפטלעכער הילף, וואָס האָט אים אין דער ערשטער צייט געקענט אביסל אונטערהאַלטן. זיין גאַנצע ענערגיע האָט ער געווידמעט דער גרינדונג פון אַ פאָלקסביבליאָטעק אין וואַרשע. באַ דעם מאַנגל אין פאַרשטענדעניש

110 חילינאָוויטש בן־ציון, געב. 1889, מיטאַרבעטער פון „מאָמענט".
111 לייב שור, פון פאַך אַ זעצער.

מצד דער קהלה איז דאָס געווען אַן אמתע כיזיף=אַרבעט און דאָך האָט עס
אַדורכגעפירט דער שטילער און באַשיידענער שור. די ביבליאָטעק האָט
זיך געפונען אין שורס דירה אויף לעשנאַ 56 און איז באַשטאַנען אויסער
זיינע ביכער, [פון] די ביכער פון דער בונדישער גראָסער=ביבליאָטעק,
„דאָס לעבן“,[112] וואָס האָט זיך געפונען אויף דזיעלנע 34. די ביבליאָטעק
איז באַשטאַנען פון עטלעכע טויזנט ביז גאָר ווערטפולע ביבליאָטעקן
[דאַרף זיין ביכער] און וואָלט אָן ספק געשפילט אַ גרויסע ראָל אין וואַר=
שעווער קולטור=לעבן, ווען נישט די איבערזידלונג. שווערע טעג האָבן זיך
אָנגעהויבן פאַר שורן בשעת דער איבערזידלונג. קיין מזומן געלט האָט ער
נישט פאַרמאָגט און ברויט האָט געקאָסט ביז הונדערט זל. אַ קילאָ שור
איז בשעת איינער פון די בלאָקאַדעס גענומען געוואָרן אויפן וואָגן. דער
גליקלעכער צופאַל האָט געוואָלט, אַז איך בין דעמלט דורכגעגאַנגען דורך
לעשנאַ. די יידישע פּאָליציאַנטן האָבן נישט געהערט וועגן קיין פאַרלאַג
„טאָמאָר“ און וועגן שורן, האָבן זיי אים נישט געוואָלט באַפרייען, עס איז
אָבער געלונגען אַדאַנק מיין באַקאַנטשאַפט מיט איינעם פון די פּאָליציי=
אָפיצירן צו באַפרייען אים פון וואַגאָן. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן
די האַרצרייסנדיקע געשרייען פון צוויי ציש“אָ=לערערינס, וועלכע עס איז
מיר נישט געלונגען צו באַפרייען. שור האָט אָבער נישט געקענט אויס=
האַלטן די שווערע באַדינגונגען פון הונגער און כסדרדיקן פחד פאַר בלאָ=
קאַדעס. ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן אויפהענגענדיק זיך אין זיין דירה,
אַרומגערינגלט מיט די טויזנטער פרייַנט — די ביכער פון דער פּאָלקס=
ביבליאָטעק. שורס טויט אין לאָקאַל פון דער ביבליאָטעק איז אַ סימבאָל
פון דעם טויט פון דער יידישער קולטור אין די שרעקלעכע טעג פון
איבערזידלונג, ווען די גאַנצע אינטעליגענץ און אוצרות יידישער קולטור
פון יאָרהונדערט[ער] זיינען פאַרשווינדן אין געציילטע חדשים.

מיר האָבן פריער דערמאָנט דאָס שטילע פּאַסיווע העלדנטום פון
אונדזערע פּעדאַגאָגן מיט דעם באַרימטן ד"ר קאָרטשאַק בראש. מיר האָבן
פאַרציילט וויאַזוי זיי זיינען געגאַנגען פרייוויליק דעם טויט אַנטקעגן, באַ=
גלייטנדיק די קינדער, וועלכע זיי האָבן דערצויגן אין משך פון יאָרן.
ענלעך האָבן געהאַנדלט די יידישע דאָקטוירים און ק ר א נ ק ן=ש ו ע ס=
ט ע ר פ ו ן י י ד י ש ן ש פ י ט א ל א ו י ף ס ט א ו ו ק י.[113]
דער יידישער שפּיטאָל איז איייניקע מאָל איבערגעטראָגן געוואָרן בשעת
די 3 יאָר מלחמה. בשעת דער אויסזידלונג האָט מען אים איבערגעטראָגן

---

[112] „דאָס לעבן“ ביבליאָטעק ביים לינקן יידישן טעקסטיל=אַרבעטער=פּראָ=
פאַריין.

[113] דעם יידישן שפּיטאָל פון טשיסטע גאַס האָט מען טייל ווייז אַריבערגע=
פירט אויף לעשנאָ 1. ווען מען האָט די זייט לעשנאָ געמאַכט „אַריש“ האָט מען
איין שפּיטאָל=אָפּטייל אַריבערגעפירט אויף גענשע 6, וו די דייטשן האָבן אין די
ערשטע טעג פונעם אויפשטאַנד געמאַכט אַ שוידערלעכע שחיטה. אַ צווייטן טייל
פונעם יידישן שפּיטאָל האָט מען אַריבערגעפירט אויף סטאַווקי.

אויף סטאַווקי אַנטקעגן דעם אומשלאַג=פּלאַץ. דער שפּיטאָל האָט געגרענעצט מיטן אומשלאַג=פּלאַץ. אַהין האָבן זיך געטראָגן די געוואַלדן און געשרייען פון די אומגליקלעכע אויסגעזידלטע. אַלע האָבן געוווסט, אַז די אויסזידלונג וועט נישט אויסמיידן אויך דעם שפּיטאָל. מען האָט עס געוווסט פון צענדליקער ביישפּילן, פון דער פּראָווינץ, פון לובלין א. א. שטעט. אַ טייל דאָקטוירים און קראַנקן=שוועסטערס האָבן דעריבער פאַרלאָזט דעם שפּיטאָל. עס האָט זיך אָבער געפונען אַ גרופּע פון עטלעכע צענדליקער דאָקטוירים און קראַנקן=שוועסטערס, וואָס האָבן נישט פאַרלאָזט די קראַנקע ביז צום לעצטן מאָמענט. ווען עס איז געקומען דער טראַגישער מאָמענט, ווען מען האָט פאַרלאָדעוועט די וואַגאָנען איבער 1.000 קראַנקע, זיינען מיט זיי מיטגעגאַנגען פרייוויליק אַ הייפל דאָקטוירים און קראַנקן=שוועסטערס. אַזוי האָבן געהאַנדלט מיטגלידער פון פאָלק, וואָס ווערט דורך די היטלעריסטן באַצייכנט ווי אונטערמענטשן.

צווישן די וויסנשאַפטלער, וואָס זיינען צוגענומען געוואָרן פון אונדז בשעת דער איבערזידלונג, איז געווען ד"ר ל י פּ אָ װ ס ק י. אַן עקאָנאָמיסט פון פאַך, האָט ער איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גאַנצע ריי וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן פון געביט פון יידישער ווירטשאַפט אין פּוילן. זיינע אַרבעטן זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעם „ווירטשאַפט און לעבן“ אין די אויסגאַבן פון ייוו"אָ און פון דער געז. „צעקאָבע“ אין פּוילן. בשעת דער מלחמה האָט ד"ר ליפּאָווסקי מיטגעהאָלפן דעם „דזשוינט“ צו באַאַרבעטן וויסנשאַפטלעך פאַרשיידענע פּראָבלעמען, וואָס האָבן זיך געשטעלט אויף דער טאָגאָרדענונג, באַזונדערס די פראַגע פון פּליטים פאַר וועלכע דער „דזשוינט“ האָט אַ סך געלייסטעט אין דעם ערשטן מלחמה=יאָר. ד"ר ליפּאָווסקי איז געווען אַ קראַנקער, האַרצלײדנדער מענטש, באַשיידן ביז גאָר, ווייניק באַקאַנט דער ברייטער עפנטלעכקייט. ער האָט געלעבט אין גאַנץ שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, באַזונדערס פון מאָמענט ווען די מיטלען פון „דזשוינט“ האָבן זיך פון טאָג צו טאָג פאַרקלענערט.

בשעת דער איבערזידלונג איז ד"ר ליפּאָווסקי צוגענומען געוואָרן אויפן אומשלאַג=פּלאַץ. איך האָב אים געזען שטיין הינטער דעם שטעכיקן דראָט אַ פאַרחלשטן צוליב דער גרויסער היץ, וואָס האָט דעמלט געהערשט. מיין אינטערווענץ ביי דעם קאָמענדאַנט פון אומשלאַג=פּלאַץ, דעם אויסוואורף שמערלינג, האָט נישט געהאַט קיין פּעולה. ער האָט מיר געדראָט מיט אריבערוואַרפן מיך הינטערן שטעכיקן דראָט. עס איז אים אויך נישט געלונגען צו ראַטעווען פאַרשטעלט אַלס דאָקטאָר, צוליב זיין שוואַכקייט און מיזעראַבלען אויסזען. ד"ר ליפּאָווסקי איז אַוועק אין די וואַגאָנען, פאַרגרעסערנדיק דערמיט די צאָל קרבנות פון דעם קולטורעלן=אַקטיוו. די טאָכטער זיינע איז געלונגען אָפּצוראַטעווען פון אומשלאַג=פּלאַץ פאַרקליידט פאַר אַ קראַנקן=שוועסטער.

אַ קרבן האָט אויך געגעבן די יונגע יידישע געשיכטס־וויסנשאַפט פון פוילן אין דער פּערזאָן פון ד״ר ל י פּ מ אַ ן צ אָ מ ב ע ר. ד״ר צאָמבער האָט אָנגעשריבן אַ גרעסערע אַרבעט, געבויט אויף אַרכיוו־מאַטעריאַלן וועגן די פּוילישע יידן אונטער דער פּרייסישער הערשאַפט. איינציקע קאַפּיטלען פון זיין אַרבעט האָט ער פאַרעפנטלעכט אין דעם „יונגן היסטאָריקער" און אין די אויסגאַבן פון ייוו״אָ. ד״ר צאָמבער איז געווען יאָרנלאַנג א לערער אין די צישאָ־שולן אין וואַרשע. אויסער דעם איז ער געווען זייער טעטיק אין דער קולטור־ און בילדונג־געז. „קולטור־ליגע", אַלס איינער פון די בויער פון דער האָזיקער פּראָלעטאַרישער אינסטיטוציע.

בשעת דער מלחמה האָט ער אויסגעבויט דעם „צענטאָס"־אינטערנאַט פאַר גאַסן־קינדער אויף זאַמענהאָף־גאַס. בשעת דער איבערזידלונג איז זיין טאָכטער געכאַפּט געוואָרן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. איז ער געלאָפן אין „צענטאָס" וועגן געלט אויף אויסקויפן די טאָכטער פון די רוצחישע הענט פון יידישע פּאָליציאַנטן. אויפן וועג איז ער געכאַפּט געוואָרן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, פון וואַנען ער איז אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקי.

אין דער גרופּע זינגער און מוזיקער איז די שחיטה [געווען א גרויסע]. עס זיינען צוגעקומען געוואָרן די דיריגענטן און חזנים פון די גרעסטע וואַרשעווער שולן, דער באַקאַנטער דיריגענט סאקס א. א. דעם גרעסטן איינדרוק האָט אָבער געמאַכט דער טויט פון דער שיינער, בליענדער בלוטיונגער מ אַ ר י ש י אַ א יי ז נ ש ט אַ ט, דער טאָכטער פון דעם דיריגענט אייזנשטאַט. מאַרישיאַ איז געווען זייער פּאָפּולער אין וואַרשע בשעת דער מלחמה. זי פלעגט אויפטרעטן מיט איר פּראָגראַם אין פּויליש, העברעיש און יידיש אין די קאַפע־הייזער ווי אויך אויף געזעלשאַפטלעכע פאַראַנשטאַלטונגען. זי האָט מיט אירע אויפטרעטונגען געכשרט און גערייניקט די פאַרשיידענע פאַרווילונגס־ערטער, וווּ זי פלעגט אויפטרעטן. בשעת די בלאָקאַדעס פלעג איך מאַרישיען טרעפן זייך פריי באַוועגן אין די גאַסן. אַפילו ביי אַזעלכע רוצחים, ווי די יידישע פּאָליציאַנטן, איז דער נאָמען מאַרישיאַ געווען געגונט אויף נישט געכאַפּט צו ווערן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. און דאָך איז זי אַריינגעפאַלן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, וווּ זי איז דערשאָסן געוואָרן פאַר די וואַגאָנען, וואָס גייען אָפּ קיין טרעבלינקי.

*  *

*

שאַבּרונעק מיט דער שפּילקע. — סילוועסטער אין וואַרשע. — גענ. פּאַן זאַמערן געראַחפט היינט זיין אין דער קהלה. וויצלער זאָגן צו ווינטש: א גוט ניי־יאָר. — מען האַלט ביים גרינדן אַ יידיש טעאַטער.

קלאַנגען וועגן באַלאַבאַנס זעלבסטמאָרד[114]. —

קאַטשקעס וועגן אַן אַרטיקל אין „שוואַרצן קאָרפּס" וועגן דער אויס־זידלונג פון די פּוילישע יידן, אַז זי האָט זיך נישט איינגעגעבן — יידן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַ נישט אַנטשפּרעכנדער עלעמענט צו דער אויס־זידלונג. דעריבער זיינען 120 טויזנט פרויען, קינדער און זקנים געשטאָרבן. דעריבער וועט שוין מער נישט פאָרקומען קיין אויסזידלונג. אויסגעזידלט איז געוואָרן דער נישט פּראָדוקטיווער עלעמענט. קלאַנגען וועגן גוטע בשו־רות וואָס דערוואַרטן יידן. די קלאַנגען ווערן פאַרשפּרייט אינעם נאָמען פון גאַנצעוויטשן[115]. וואָס פאַר א שייכות ער האָט דערצו איז נישט באַ־וווּסט. — די בשורות זיינען אַזעלכע, אַז די יידן וועלן פאַרנעמען 20% פון דער פּוילישער פּראָדוקציע, יידן וועלן קענען וווינען אויף יענער זייט און וועלן באַפרייט ווערן פון טראָגן אָפּאַסקעס[116]. מען פאַרציילט אויך, אַז די יידן פון קראָקע, לעמבערג טראָגן נישט קיין אָפּאַסקעס[117]. אין לעמבערג טראָגן זיי W, וואָס באַדייט „ווערמאַכט". דער עולם האָט מורא פאַר די גוטע בשורות, ווייל פאַר דער אויסזידלונג אין וואַרשע האָבן זיך אויך פאַרשפּרייט אַזעלכע גוטע בשורות.

אַ מאַיאָר פון דער ווערמאַכט אַ וויכטיקע מיליטערישע שישקע אין וואַרשע האָט געהאַלטן היינט אַ רעדע פאַר די אַרבעטער לכבוד ניי־יאָר פון דער פירמע „טראַנסאַוויאַ"[118]. (לופט־פלי) געגעבן אַן איבערבליק איבער לר.[119].

## יצחק גיטערמאַן[120]

איז אַ קרבן פון דער צווייטער אויסזידלונג פון וואַרשע — ער האָט בשעת זיינע באַזוכן ביי מיר אַדורכגעקוקט די ליסטעס פון די געהרגעטע און

---

114 פּראָפ. מאיר שמואל באַלאַבאַן (1877 — 1942) איז נישט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, נאָר איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק אין דעצעמבער 1942. זיין קבר געפינט זיך אויפן יידישן בית־עולם אין וואַרשע.

115 אברהם גאַנצוויך, אָנפירער פון „דרייצנטל" (לעשנאָ 13), אַגענט פון געסטאַפּאָ.

116 פון פּויליש: אָרעם־בענדער.

117 די יידן אין קראָקע און לוואָוו האָבן יאָ געטראָגן אָרעם־בענדער, פּונקט ווי אין דער גאַנצער גענעראַל־גובערניע.

118 פאַבריק פון רעמאָנטירן טיילן צו אַעראָפּלאַנען אויף סטאַווקי גאַס.

119 דער זאַץ איז נישט פאַרענדיקט.

120 יצחק גיטערמאַן — איינער פון די דירעקטאָרן פון „דזשאָינט" און באַ־קאַנטער קולטור־טוער, האָט געשטיצט פינאַנסיעל די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

אייגנהענטיק צוגעשריבן פֿאַרשיידענע נעמען. איצט פֿיגורירט אויף דער זעלבער ליסטע, ווו עס פֿיגורירט זיין אייגנהענטיקע צושריפֿט דער נאָמען פֿון יצחק גיטערמאַן. עס ציטערט מיר די האַנט ביי די ווערטער, ווייל ווער ווייס צי וועט אויף דעם צעטל דער צוקונפֿטיקער היסטאָריקער, וואָס וועט אַדורכקוקן די דאָזיקע ליסטע נישט צושרייבן אויך מיין נאָמען: ע. רינגעלבלום. מילא מיר זיינען שוין צוגעוווינט צום טויט און ער מאַכט אויף אונדז קיין איינדרוק. אויב עמיץ פֿון אונדז וועט איבערלעבן די מלחמה וועט מען אַרומגיין אין דער וועלט ווי מענטשן פֿון אַ צווייטער פּלאַנעט. עפּעס זיינען מיר געבליבן על פּי נס און על פּי טעות.

יצחק גיטערמאַן איז לעבן זאַגאַגען די צווייטע גרעסטע פּערזענלעכקייט, וואָס איז אַוועק פֿון אונדז בשעת דער איצטיקער איבערזידלונג. דאָס איז איינע פֿון די גרעסטע אבֿידות, וואָס עס האָט געליטן די ייִדי[ישע] באַפֿעלקערונג אין פּוילן. אַ גאַנץ בוך וועט מען דאַרפֿן אָנשרייבן וועגן דער דאָזיקער ביז גאָר וויכטיקער פּערזענלעכקייט. געבוירן אין קיעוו איז ער געווען טעטיק אין דער ס. ס.-פּאַרטיי[121]. אלס אָנהענגער פֿון אַ טעריטאָריאַלער לעזונג פֿון דער ייִדן-פֿראַגע. נאָך בשעת דער פֿריערדיקער וועלט-מלחמה אַרבעט ער געזעלשאַפֿטלעך אין דעם הילפֿס-קאָמיטעט לטובת די מלחמה-געטראָפֿענע ייִדן. אינם נאָמען פֿונם זעמסקי סאָיוז באַזוכט ער דעמאָלט גאַליציע, וואָס האָט באַזונדערס שטאַרק געליטן צוליב[122].

[סוף יאַנואַר 1943]

## ע"ש[123]

אין משך פֿון די $3\frac{1}{2}$ יאָר מלחמה איז געשאַפֿן געוואָרן דאָס ארכיוו פֿון געטאָ דורך דער גרופּע „עונג שבת". דער דאָזיקער מאָדנער נאָמען נעמט זיך דערפֿון, וואָס די באַראַטונגען פֿון דער דאָזיקער גרופּע פֿלעגן פֿאָרקומען אין שבת — האָט מען די גאַנצע אינסטיטוציע צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים אָנגערופֿן „עונג שבת". דעם ערשטן ציגל פֿאַרן ארכיוו האָב איך געלייגט אין אָקטאָבער 1939. די שטימונג איז דעמלט געווען אין וואַרשע זייער אַ געדריקטע. יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע גזירות אויף ייִדן. מען האָט מורא געהאַט פֿאַר פּאָליטישע רעפּרעסיעס, מען האָט געציטערט פֿאַר רעוויזיעס פֿון פּאָליטישן כאַראַקטער. מען האָט מורא געהאַט פֿאַר דער קאַרטאָטעק פֿון רעגירונגס-קאָמיסאַריאַט און פֿון דער

---

121 פּאַרטיי פֿון ציוניסטן-סאָציאַליסטן (טעריטאָריאַליסטן).

122 דער זאַץ איז נישט פֿאַרענדיקט.

123 עונג שבת, קריפּטאָנים פֿון דעם אונטערערדישן געטאָ-ארכיוו, וועלכן עס האָט אָרגאַניזירט רינגעלבלום.

דעפענסיווע[124]. די מורא האָט געהאַלטן לאַנגע חדשים און האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס נישט באַגרינדעטע. דער דייטש האָט נישט געזוכט קיין איינצעלנע „פאַרברעכער". ער האָט געצילט און געטראָפן אין כלל. ער האָט געצילט אין גאַנצע גרופן, גאַנצע פראָפעסיעס, אָבער נישט אין יחידים. אין די ערשטע חדשים פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, באַזונדערס אָבער אין יאַנואַר 1940, זיינען פאָרגעקומען מאַסן־אַרעסטן און וואַרשיינלעך אויך מאַסן־עקזעקוציעס פון דער אינטעליגענץ. אַרעסטירט האָט מען לויט אַ ליסטע פון די אַנטשפּרעכנדע קאָרפּאָראַציעס (דאָקטוירים־קאַמער, אינזשעניערן־פאַריין א. א.). די אַרעסטן זיינען נישט געווען פאַרבונדן מיט קיין געוויסע רעוויזיעס. בכלל האָבן די דייטשן נישט אַדורכגעפירט קיין שום אויספאָרשונגען, נאָר „אויף א קורצן וועג" דערשאָסן די אַלע, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט.

רעוויזיעס זיינען טאַקע אַדורכגעפירט געוואָרן, און דאָס זייער אָפט און זייער גרינטלעך, אָבער געזוכט האָט מען גאָר עפּעס אַנדערש: וואַלוטע, גאָלד, בריליאַנטן, חפצים, סחורה וכדומה. רעוויזיעס פון דעם מין זיינען פאָרגעקומען אין משך פון די גאַנצע 3½ יאָר מלחמה און האַלטן אָן ביזן היינטיקן טאָג.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם כאַראַקטער פון די רעוויזיעס ווייל דאָס האָט געהאַט א גרויסע ווירקונג אויף דעם איבערבלייבן פון שריפטלעכע דאָקומענטן פון דער צייט פון מלחמה. אין די ערשטע חדשים איז דער עולם געווען מוראדיק טעראָריזירט און געציטערט פאַר רעוויזיעס. מען האָט דעמלט פאַרברענט אַלץ, אַפילו אומשולדיקע ביכער, וואָס זיינען אַפילו ביי היטלערן נישט טריף. עס איז דעמלט פאַרניכטעט געוואָרן דער רוב סאָציאַליסטישע ליטעראַטור פון די ביבליאָטעקן און פון פריוואַטע דירות, ווייטער האָבן געליטן די דייטשע שרייבער אויף עמיגראַציע, ווי טאָמאַש און היינריך מאַן, פויכטוואַנגער, לודוויג א. א. דער עולם האָט דעמלט מורא געהאַט צו שרייבן, ווייל מען האָט זיך דעמלט געריכט אויף רעוויזיעס.

דער טעראָר איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער, אָבער — ווי פריער דערמאָנט — האָט מען געצילט אין גאַנצע גרופן, שיכטן. וואָס דער ייד טוט ביי זיך אין שטוב, האָט דעם דייטש נישט געאַרט. האָט טאַקע דער ייד אָנגעהויבן צו שרייבן. געשריבן האָבן אַלע: זשורנאַליסטן, שרייבער, לערער, געזעלשאַפטלעכע טוער, יוגנטלעכע, אַפילו קינדער. דער רוב האָט געשריבן טאָג־ביכער, ווו די טאָגטעגלעכע געשעענישן זיינען באַלויכטן געוואָרן דורך דער פריזמע פון פערזענלעכע איבערלעבונגען. געשריבן איז געוואָרן זייער א סך, אָבער די איבערוויגנדיקע מערהייט פון דעם אלעם

124 אין דער קאַרטאָטעקע פון דער דעפענסיווע (פוילישע געהיימע פּאָליטישע פּאָליציי) האָבן פיגורירט די נעמען און אַדרעסן פון די טוער פון די לינקע פּאַרטייען. די קאַרטאָטעקע איז טאַקע אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן.

איז פאַרניכטעט געוואָרן מיטן אונטערגאַנג פון די וואַרשעווער יידן בשעת דער אויסזידלונג. געבליבן איז בלויז דער מאַטעריאַל, וואָס איז אויפגעהיט געוואָרן אין א. ג. [„עונג שבת“].

איך בין צוגעטראָטן צו זאַמלען מאַטעריאַלן פון דער איצטיקער צייט נאָך אין אָקטאָבער 1939. אַלס אָנפירער פון דער יי"ה. סאָציאַלער אַליינהילף (רעמלט די קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע פון פאַרזאָרגונגס־אינסטיטוציעס) האָב איך טאָג־טעגלעך געהאַט אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט דעם אַרומיקן לעבן. צו מיר זיינען דערגאַנגען ידיעות פון אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען מיט יידן אין וואַרשע און אירע פאָרשטעט. היות די קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע איז געווען אַן עמאַנאַציע פון „דזשוינט“, צו וועלכן עס זיינען כמעט יעדן טאָג געקומען דעלעגאַציעס פון דער פראָווינץ און פאַרציילט וועגן די שווערע איבערלעבונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס אַלץ, וואָס איך האָב זיך אין משך פון טאָג אָנגעהערט, האָב איך אין אָוונט פאַרנאָטירט און פאַרזען מיט מיינע הערות. פון די דאָזיקע טאָג־טעגלעכע נאָטיצן האָט זיך אָנגעקליבן מיט דער צייט אַ היבש בוך פון הונדערטער געדיכט אָנגעשריבענע זייטן, וואָס גיט אַן אָפּשפּיגלונג פון יענער תקופה. די דאָזיקע טאָגנאָטיצן זיינען אין לויף פון דער צייט דורך מיר פאַרבייטן געוואָרן אין וואָכן־ און שפּעטער אין חודש־איבערזיכטן. דאָס האָב איך געטאָן דעמלט ווען דער שטאַב פון די עונג שבת־מיטאַרבעטער איז שוין געווען אַ גרויסער.

שוין אין די ערשטע חדשים פון מיין צוטרעטן צו דער עונג שבת־אַרבעט האָב איך צוגעצויגן צו דער מיטאַרבעט אייניקע פּערזאָן, אָבער גרויס מזל־ברכה איז דערפון נישט אַרויסגעקומען. ערשט מיטן מאָמענט פון צוציען צו דער מיטאַרבעט דעם יונגן היסטאָריקער הרב שמעון הובערבאַנד[125] האָט די עונג שבת געוואונען איינעם פון אירע בעסטע מיטאַרבעטער. צום באַדויערן אָבער האָט הרב הובערבאַנד געשריבן זיינע נאָטיצן אַלס הערות אויף פאַרשיידענע ספרים, כדי עס זאָל אָנגיין ווי הערות צום טעקסט. ערשט שפּעטער האָט זיך הרב הובערבאַנד געלאָזט איבערציינגן, אַז עס איז נישטאָ קיין מורא צו פאַרנאָטירן אַלץ און נישט שרייבן פאַרשטעלט ווי עס האָט געטאָן הרב הובערבאַנד ביים אָנהויב.

מאַי 1940 האָב איך געהאַלטן פאַר צוועקמעסיק צו געבן דער דאָזיקער ביז גאָר וויכטיקער אַרבעט אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. איך האָב געמאַכט אַ גוטן אויסוואַל פון מענטשן און אַדאַנק דעם איז די אַרבעט אַוועק אין דער געהעריקער ריכטונג און איז געפירט געוואָרן אין דעם אַנטשפּרעכנדן פאַרנעם. אַלס סעקרעטאַר פון דעם ע"ש איז באַשטימט געוואָרן דורך דעם דעמאָלטדיקן גרעמיום פון ע"ש דער חבר הירש וו.[126], וועלכער פירט אויס די דאָזיקע אַרבעט ביזן היינטיקן טאָג. אַליין

125 זע הערה 95.

126 הירש וואַסער, טוער פון די לינקע פועלי־ציון, געבליבן לעבן.

אַ פּליט פון לאָדזש, האָט דער חבר ו. אַדאַנק זיין פּאָליטיש=געזעלשאַפט=
לעכער טעטיקייט געהאַט די נויטיקע פאַרשטענדעניש פאַר אַזאַ מין
אַרבעט. זיין טאָג=טעגלעכער קאָנטאַקט מיט הונדערטער פּליטים=דעלעגאַטן
פון אַלע ווינקעלער פון לאַנד האָט מעגלעך געמאַכט, עס זאָלן אַנטשטיין
הונדערטער מאָנאָגראַפיעס פון שטעט, וואָס זיינען דער וויכטיקסטער
אוצר אין דער ע״ש אַרבעט.

דער ליבהאַרציקער חבר מנחם ק.[127] האָט אַוועקגעשטעלט די פינאַנסן
אויף דער געהעריקער מדרגה. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ רייך
געזעלשאַפטלעך לעבן אין וואַרשע. עס קומען פאָר פאָרלעזונגען, אַקאַדע=
מיעס און קאָנצערטן. דאָס שאַפט אַ באָדן פאַר אויסברייטערן און פאַר=
טיפן די ע״ש אַרבעט.

דאָס אַנטשטיין פון געטאָ, דאָס איינשליסן פון די יידן אין די מויערן
האָט געגעבן נאָך גרעסערע שאַנסן דער אַרכיוו=אַרבעט. מען איז געקומען
צו דער איבערצייגונג, אַז דעם דייטש גייט זייער ווייניק אָן וואָס עס טוען
די יידן צווישן זיך. עס זיינען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען אויף אַזעלכע
טעמעס און אין אַזאַ באַפאַרבונג, אַז פאַר דער מלחמה איז דאָס נישט
געווען מעגלעך. אין יעדן הויז=קאָמיטעט, אין יעדן קיך=לאָקאַל, אין יעדן
לאָקאַל פון אַ געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע האָט מען אָן קיין שום
שטערונגען אויסגערעדט אַלץ, וואָס איז עמעצן געקומען אויפן צונג. די
יידישע געסטאַפּאָוצעס זיינען געווען פאַרנומען מיט אויסגעפינען רייכע
יידן, סקלאַדעס מיט סחורה, שמוגעל וכדומה. פּאָליטיק האָט זיי ווייניק
וואָס אינטערעסירט. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז אומלעגאַלע אויסגאַבן
פון אַלע ריכטונגען זיינען אַרויסגעגאַנגען כמעט פראַנק און פריי. מען
האָט זיי געלייענט כמעט אָפן אין די קאַפע=הייזער, געזאַמלט געלט אויף
פּרעסע=פאָנד, דיסקוטירט מיט די געגנערישע אויסגאַבן — מיט איין
וואָרט: זיך אויפגעפירט כמעט ווי פאַר דער מלחמה. ביי אַזאַ „פרייהייט“,
וואָס האָט געהערשט ביי די שקלאַפן פון געטאָ איז נישט קיין חידוש, אַז
די ע״ש אַרבעט האָט געהאַט גוטע מעגלעכקייטן פאַר אַנטוויקלונג. די
אַרבעט איז דאַן געוואָרן פאַרצווייגט. צענדליקער מענטשן זיינען געוואָרן
מיטאַרבעטער פון ע״ש, אַ טייל אַלס שטענדיקע, אַנדערע אַלס צייטווייליקע
מיטאַרבעטער. די בערג פון מאַטעריאַלן זיינען געוואָקסן. די אַרבעט איז
געוואָרן אויסגעברייטערט, אָבער זי איז געבליבן ווייטער קאָנספּיראַטיוו.
מען האָט געזוכט וועגן ווי אַזוי צו געבן לעגאַלע פאָרמען דער דאָזיקער
אַרבעט. צו דעם צוועק האָט מען פאַר איניקע צענדליקער שרייבער,
לערער, בכלל פאַר אינטעליגענץ, פּראָקלאַמירט אַ קאָנקורס מיט אַ גע=
וויסער צאָל געלט=פּריזן. די דאָזיקע פּריזן, וואָס זיינען געווען אונטערגע=
שטיצט דורכן „דזשוינט“ מיט אַן איינמאָליקער געלט=סומע, האָבן באַ=
רייכערט דעם אַרכיוו מיט אַ ריי ווערטפולע אַרבעטן, ווי די אַרבעט וועגן

[127] מנחם=מענדל קאָן, אַ געזעלשאַפטלעכער און קולטור=טוער.

יידישן טעאַטער בשעת דער מלחמה פון ט—וו [128], די מאָנאָגראַפיע פון יידישן לעבן אין לעמבערג אין די רוסישע צייטן פון אסתר מ. און איר מאַן ש—ר [129], די געשיכטע פון אַ יידישער פאַמיליע בשעת דער מלחמה פון דער דיכטערין הענריקאַ לאַזאָווערט, די מאָנאָגראַפיע פון דעם אַרבעטסלאַגער קאַמפינאָס פון הרב הובערבאַנד.

די ע"ש איז זיך אַזוי פונאַנדערגעוואָקסן, עס זיינען געזאַמלט געוואָרן אַזוי פיל ווערטפולע מאַטעריאַלן, אַז עס האָט זיך אונדז אַלעמען געדוכט, אַז עס איז שוין געקומען די צייט אויב נישט צו מאַכן קיין סינטעז איז יעדנפאַלס צו מאַכן געוויסע סך=הכלען פון פאַרשיידענע פראָבלעמען און וויכטיקערע דערשיינונגען אין יידישן לעבן. ווען דער פלאַן וואָלט רעאַליזירט געוואָרן, וואָלט דאָס געווען אַ גאָר וויכטיקערביישטייער צו דער געשיכטע פון די יידן בימי=היטלער. צום גרויסן באַדויערן איז פאַרווירקלעכט געוואָרן נאָר אַ טייל פון דער געפלאַנטער אַרבעט. עס האָט געפעלט די רואיקייט, וואָס איז נויטיק פאַר אַן אַרבעט פון אַזאַ פאַרנעם און גרייס. די מחברים, וועלכע האָבן זיך אונטערגענומען צו באַאַרבעטן דעם אָדער יענעם קאַפיטל, האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט דערפירן זייער אַרבעט ביז צום סוף. נישט איינער פון די שרייבער איז אַוועק אויפן אומשלאַג (פרוי סלאַפאַק [130], הרב הובערבאַנד, שערעשעווסקא [131]), נישט איינער איז אומגעקומען פון אַ קויל (מנחם לינדער [132], שמואל ברעסלאַוו, יוסף קאַפלאַן [133]), נישט איינער איז אַריבער אויף יענער זייט [134].

דעם דאָזיקן פלאַן האָבן מיר פאָפולער אָנגערופן „צ ו ויי אַ ה אַ ל ב י אָ ר" ווייל עס האָט געזאָלט געגעבן ווערן אַן איבערבליק און אַ סך=הכל פון יידישן לעבן אין וואַרשע אין משך פון 2½ יאָר מלחמה. די אַרבעט האָט זיך געטיילט אויף 3 [פאַקטיש 4] טיילן: אַן אַלגעמיינעם, אַ ווירטשאַפטלעכן, קולטור=וויסנשאַפטלעך=ליטעראַריש=אַרטיסטישן און אַ טייל געווידמעט דער סאָציאַלער הילף. די אַרבעט, וועלכע איז אָנגעהויבן געוואָרן אָנהויב 1942, איז געלייטעט געוואָרן דורך אַ רעדאַקציע=קאָלעגיע פון דעם שרייבער פון די שורות, מנחם לינדער און ליפע ל. ב—ך. [135]

---

[128] יאָנאַס טורקאָוו — באַקאַנטער שריפטשטעלער, רעזשיסער און אַקטיאָר.

[129] די ציוניסטישע טוערין אסתר מאַנגעל, וואַרשעווער: שווייגער.

[130] אַ יידישע ליטעראַטור=קריטיקערין, וואָס האָט געשריבן אין פויליש.

[131] העלענאַ שערעשעווסקאַ האָט איבערגעלעבט אויף דער „אַרישער" זייט און אין יאָר 1959 אַרויסגעלאָזט אירע זכרונות אין יידיש, אין אַרגענטינע.

[132] דער עקאָנאָמיסט מנחם לינדער (1911—1942) איז אומגעקומען אין דער נאַכט פון 18 אויפן 19 אַפריל 1942 בעת דער געסטאַפּאָ=אַקציע אין געטאָ.

[133] די טוער פון השומר הצעיר און אַנטיפאַשיסטישן בלאָק שמואל ברעסלאַוו (1920—1942) און יוסף קאַפלאַן (1913—1942) זענען דערשאָסן געוואָרן דורך געסטאַפּאָ אין סעפטעמבער 1942.

[134] אויף דער „אַרישער".

[135] ליפע=לייזער (אליעזר) בלאָך (1889—1944), אַ טוער פון דעם דעמאָקראַטישן פליגל פון די אַלגעמיינע ציוניסטן (פראַקציע „על המשמר") און אַנפירער

דער שרייבער פון די שורות האָט איבערגענומען דעם ערשטן און דריטן טייל, ליגדער דעם ווירטשאַפטלעכן און ליפע ב. די סאָציאַלע הילף. די אַרבעט האָט געזאָלט טראָגן אַ האַלב=לעגאַלן כאַראַקטער. עס זיינען צו דער מיטאַרבעט צוגעצויגן געוואָרן נייע כוחות, פאַכמענער אויף פאַרשיידענע געביטן פון לעבן. די אַרבעט איז פאַרמאָסטן געוואָרן אויף איבער 100 דרוקבויגן און האָט געזאָלט ווערן איינער פון די וויכטיקסטע דאָקומענטן אין דער צייט פון מלחמה. אויף שעהן=לאַנגע רעדאַקציע=זיצונגען זיינען באַטראַכט געוואָרן די טעזן צו יעדער טעמע. מיר האָבן געוואָלט לענקען די אויפמערקזאַמקייט פון די מיטאַרבעטער אויף געוויסע טענדענצן און אָנווייזן די ריכט=ליניען פון דער געגעבענער טעמע. דערמיט זיינען מיר גישט אויסן געווען אָנצוּוואַרפן אַ געוויסע טענדענץ די שרייבער פון די טעמעס. עס זיינען באַאַרבעט געוואָרן טעזן וועגן אָרדנונגס=דינסט (יידישע פּאָליציי), וועגן קאָרופּציע און דעמאָראַליזאַציע אין געטאָ, וועגן געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועגן שול=וועזן, אַנקעטע וועגן לעבן און שאַפן פון יידישן קולטורעלן אקטיוו בשעת דער מלחמה, וועגן יידיש=פּוילישע באַציונגען, וועגן שמוגעל, אַנקעטע וועגן דעם מצב אין די באַזונדערע בראַנזשעס, וועגן יוגנט, וועגן פרויען א. א. וו.

זעענדיק, אַז עס איז שווער ארויסצובאַקומען ביי די באַזונדערע מחברים די באַ זיי באַשטעלטע אַרבעטן, האָבן מיר איינגעפירט אַ פּרינציפּ, אַז יעדער מיטאַרבעטער איז מחויב צו געבן אונדז די רויע מאַטעריאַלן, וועלכע ער זאמלט אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין אַרבעט, ווי צ .ב. די ביאָגראַפיעס פון יוגנטלעכע אויפן יסוד פון וועלכע דער מחבר האָט געדאַרפט אָנשרייבן די צוזאַמענפאַסנדע אַרבעט וועגן דער יוגנט. אויף אַזאַ אופן איז אָנגעזאמלט געוואָרן אַן אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל פון פאַרשיידענע געביטן פון אונדזער ווירקלעכקייט אין דער צייט פון מלחמה.

אין לויף פון דער אַרבעט זיינען מיר רייכער געוואָרן מיט אסך דערפאַרונג ווי אַזוי אַזעלכע אַרבעטן דאַרפן געמאַכט ווערן. אסך מחברים האָבן שוין ווייט געהאַלטן מיט זייערע אַרבעטן, אָבער אינצווישן, ווען די 2½ יאָר האָט געהאַלטן זיך פאַרוואַנדלען אין „3 יאָר“=אַרבעט, איז אַראָפּגעפאַלן אַ נייע אומגליק אויף די קעפּ פון די וואַרשעווער יידן — אַן אומגליק, וואָס האָט אונדז געקאָסט 300.000 קרבנות — די אויסזידלונג.

די ע״ש=אַרבעט איז ווי דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע און ווירטשאַפטלעכע לעבן איבערגעריסן געוואָרן. בלויז געציילטע חברים האָבן אין יענע אומגליקלעכע טעג געהאַלטן די פען אין דער האַנט און ווייטער געשריבן וועגן דעם וואָס קומט פאָר אין וואַרשע. צו הייליק איז אָבער געווען

---

פון „קרן קימת“ אין פוילן, זינט דעצעמבער 1942 מיטגליד פון אונטערערדישן יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט, האָט געהאָלפן דער יידישער קאַמפס=אָרגאַניזאַציע. אומגעקומען אינעם קאָנצלאַגער מאַוטהאַוזען.

די אַרבעט, צו שטאַרק איז זי געווען איינגעבאַקן אין די הערצער פון די ע״ש־מיטאַרבעטער, אַ צו וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע פונקציע האָט געשפילט ע״ש, אַז די דאָזיקע אַרבעט זאָל קענען אָפּגעשטעלט ווערן. מען האָט זיך גענומען צו רעקאָנסטרואירן די צייט פון איבערזידלונג, מען האָט גענומען זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן דעם שעכט־הויז פון אייראָפּעיִשן יידנטום — וועגן טרעבלינקי. מיר האָבן געפּרוווט אויפן יסוד פון די דערציילונגען פון די צוריקגעקומענע פון פאַרשיידענע פּראָווינץ־לאַגערן אויפשטעלן אַ בילד פון די איבערלעבונגען פון די יידן אין די פּראָווינץ־שטעט אין דער צייט פון אויסזידלונג. ווען מיר שרייבן די ווערטער איז די אַרבעט אין פולן ברען און אויב מען וועט נאָך האָבן אביסל מנוחה, וועט קענען דערגרייכט ווערן דאָס, אַז קיין שום וויכטיקער פאַקט פון יידישן לעבן אין דער צייט פון מלחמה זאָל ניט בלייבן פאַרבאַהאַלטן פאַר דער וועלט.

די מיטאַרבעטער פון ע״ש זיינען געווען צווייערליי. געווען ש ט ע נ ד י ק ע מיטאַרבעטער, וואָס האָבן זיך אינגאַנצן געווידמעט דער דאָזיקער אַרבעט, געווען אויך צייטווייליקע, וואָס האָבן אָנגעשריבן איין מאָל זייערע איבערלעבונגען אין דער מלחמה, אָדער באַשריבן די איבערלעבונגען פון זייער שטעטל אָדער שטאָט און דערמיט האָט זיך געענדיקט זייער שייכות צו ע״ש.

אַלע האָבן געהאַט די פאַרשטענדעניש פאַר דער וויכטיקייט פון דער אָפּגעטוענער אַרבעט. מען האָט פאַרשטאַנען ווי וויכטיק עס איז פאַר די צוקונפטיקע דורות עס זאָל פאַרבלייבן אַ שפור פון דער טראַגעדיע פון די פוילישע יידן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער געזאַמלטער מאַטעריאַל דינט אויך איצט אויף צו אינפאָרמירן די וועלט וועגן די גרוילטאַטן איבער דער יידישער באַפעלקערונג. געווען אייניקע צייטווייליקע מיטאַרבעטער, וואָס האָבן זיך אַזוי אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט, אַז זיי זיינען פאַרבליבן אונדזערע שטענדיקע מיטאַרבעטער.

אונדזערע שטענדיקע מיטאַרבעטער אין דער צאָל פון עטלעכע צענדליק זיינען אין זייער איבערוויגנדיקער מערהייט באַשטאַנען פון פאָלקס־אינטעליגענטן, דער רוב פון פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען. מיט אַ כיוון האָבן מיר אויסגעמיטן אַריינצוציען אין אונדזער אַרבעט פּראָפעסיאָנעלע זשורנאַליסטן, ווייל מיר האָבן ניט געוואָלט, אַז די אַרבעט זאָל שאַבלאָניזירט ווערן. מיר האָבן געשטרעבט, אַז דער לויף פון די געשעענישן אין יעדן שטעטל, די איבערלעבונגען פון יעדן ייד — און יעדער איז בשעת דער איצטיקער מלחמה אַ וועלט פאַר זיך — זאָלן איבערגעגעבן ווערן וואָס פּשוטער, וואָס געטרייער. יעדעם איבעריקע וואָרט, יעדע ליטעראַרישע באַפאַרבונג אָדער באַפּוצונג האָט געגרילצט אין די אויערן און אַרויסגערופן פאַרדרוס. דאָס יידישע לעבן בשעת דער מלחמה איז אַזוי רייך אין טראַגעדיעס, אַז עס איז איבעריק געווען צו באַרייכערן עס מיט אַן איבעריקער שורה. צווייטנס איז דאָ געקומען דער מאָמענט פון איינהאַלטן אַ סוד און

דאָס איז ווי באַוווּסט — איינע פון די הויפּט־חסרונות פון זשורנאַליסטן פון אַנטפּלעקן סודות. אייניקע פּעאיקע זשורנאַליסטן וואָלטן אפשר מיט דער צייט יאָ אַריינגעצויגן געוואָרן צו דער מיטאַרבעט, האָט זיך זיי פאַרגלוסט צו שטיין אין קאָנטאַקט מיט דעם געסטאַפּאָוויעץ גאַנצווייך און הגם די דאָזיקע באַציונגען זענען געווען נישט פון „פּראָפעסיאָנעלן" כאַראַקטער, האָט עס אָבער פאַר אונדז אוממעגלעך געמאַכט צו שטיין מיט זיי אין וועלכע נישט איז פאַרבינדונגען.

אונדזערע איינמאָליקע מיטאַרבעטער זיינען באַשטאַנען פון פאָלקסמענטשן, וואָס האָבן געפירט אין זייערע היימערטער דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן. קומענדיק קיין וואַרשע מיט דער מחנה פון 150 טויזנט פּליטים, האָבן זיי דאָ ווייטער אָנגעפירט מיט זייערע לאַנדסלייט אין די א. ג. לאַנדסמאַנשאַפטן, אָרגאַניזירטע דורך דער פּליטים־צענטראַלע ביי דער ייִד. סאָציאַלער אַליינהילף. די דאָזיקע דעלעגאַטן פון די לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן עס נאָך א טאָג שווערע אַרבעט אין קאָמיטעט ביים פאַרטיילן ברויט, אָדער ביים טראָגן אַנדערע מין הילף, אין די אָוונטן געשריבן לויט אונדזער קאָנספּעקט — די געשיכטע פון זייערע שטעטלעך, אָדער עס פאַרציילט אונדזערע מיטאַרבעטער, וואָס האָבן עס שפּעטער באַאַרבעט. די דאָזיקע אַרבעט איז געווען זייער אַ מיפּולע און שווערע. ביי דער שרעקלעכער ענגשאַפט אין געטאָ האָבן די פּליטים געלעבט אין פּשוט אומבאַשרייבלעכע דירות־באַדינגונגען. איינהאַלטן קאָנספּיראַציע אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט געהערט צו די שווערע זאַכן. אין די קאַלטע ווינטער־טעג איז געווען קאַלט, קיין עלעקטריע איז אין דעם רוב יידישע הייזער נישט געווען אין לעצטן ווינטער. ממילא איז דאָס שרייבן אָנגעקומען מיט ריזיקע, ממש אומבאַשרייבלעכע שוועריקייטן און אַרויסבאַקומען אַן אַרבעט וועגן א שטעטל האָט געפאָדערט לאַנגע וואָכן און חדשים פון אָנשטרענג. עס האָט מיך געקאָסט אַ סך מי אויפצומונטערן מיינע מיטאַרבעטער נישט אָפּצושרעקן זיך פאַר די אַלע מניעות נאָר טאָן זייער אַרבעט. דערצו לאָמיר נאָך צוגעבן די לכתחילהדיקע מורא פאַר אויפגעדעקט צו ווערן דורך געסטאַפּאָוצעס און דאָס בילד וועט זיין א פולעס. נישט איין מאַנוסקריפּט באַשטימט פאַר ע"ש איז צוליב אַ רעוויזיע אין הויף פאַרניכטעט געוואָרן.

ווי דערמאָנט זיינען אונדזערע מיטאַרבעטער באַשטאַנען דער רוב פון פאָלקס־מענטשן, געווען צווישן זיי מענטשן מיט טאַלאַנט, וואָס זיינען דורך אונדז אויפגעוועקט געוואָרן צו א ליטעראַרישער שאַפונג. וואָלטן די מענטשן נישט אומגעקומען צוליב הונגער, קראַנקהייט אָדער צוליב אויסזידלונג, וואָלטן מיר באַרייכערט געוואָרן מיט נייע שריפטשטעלערישע טאַלאַנטן. עס וואָלטן צוגעקומען נייע ליטעראַרישע כוחות אויף אַ געביט, וואָס איז אַזוי אָרעם ביי אונדז, אויפן געביט פון זכרונות שרייבן. ווי דערמאָנט זיינען אונדזערע מיטאַרבעטער דער רוב געווען אַרבעטער, בעל מלאכות א. א., וואָס האָבן שטאַרק געהונגערט אין דער שטאָט פון אומ־

בארמהארציקע יידן, וואַרשע. דער ע״ש האָט דעריבער געמיזט זאָרגן דערפֿאַר, אַז די מענטשן זאָלן נישט אויסגיין פֿאַר הונגער. מען האָט זיך דעריבער באַמיט פֿאַר זיי וועגן פּעקלעך מיט לעבנסמיטל אין די געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס.

אויסער דערוואַקסענע האָבן אויך מיטגעאַרבעט מיטן ע״ש יוגנטלעכע און אַפֿילו אויסנאַמסווייז קינדער. ע״ש האָט געשטרעבט צו געבן אַן אַלזייטיק בילד פֿון יידישן לעבן אין דער צייט פֿון מלחמה. עס האָט זיך געהאַנדלט אין דעם עס זאָל געגעבן ווערן אַ פֿאָטאָגראַפֿיש בילד פֿון דעם, וואָס עס האָבן איבערגעלעבט, געטראַכט און געווייטיקט די יידישע פֿאָלקס־מאַסן. מיר האָבן געשטרעבט דערצו, אַז די זעלבע געשעעניש, למשל, די געשיכטע פֿון אַ ישוב, זאָל באַשריבן ווערן דורך אַ דערוואַקסענעם און דורך אַ יוגנטלעכן, דורך אַ פֿרומען יידן, וואָס האָט ביי יעדער געלעגנהייט אין זינען דעם רב, די שול, דעם בית־עולם און אַנדערע רעליגיעזע אינסטיטוציעס און דורך אַ וועלטלעך־געשטימטן ייד, וואָס שטרייכט אונטער אין זיין באַשרייבונג אַנדערע נישט ווייניקער וויכטיקע מאָמענטן.

דער טיפֿוס, וואָס האָט איינגעשלונגען טויזנטער קרבנות צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג אין וואַרשע, האָט זיך שטאַרק פֿאַרשפּרייט צווישן אונדזערע מיטאַרבעטער. און נישט קיין חידוש.אונדזערע מענטשן האָבן געאַרבעט צווישן טויזנטער פּליטים, וואָס האָבן געליפֿערט דעם הויפּטקאָנטינגענט קראַנקע. אונדזערע מענטשן האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די צוריקגעקומענע פֿון די אַרבעטסלאַגערן, וואָס זיינען געווען די הויפּט־פֿאַרשפּרייטער פֿון טיפֿוס צווישן דער באַפֿעלקערונג. קיין איינער איז נישט געווען געאימפֿט קעגן טיפֿוס, ווייל קיין 500—600 זל. אויף אַ שטשעפּיאָנקע[136] האָט קיינער נישט געהאַט. דעריבער טאַקע האָבן אַדורכגעמאַכט דעם טיפֿוס הרב הובערבאַנד, הירש וו., פּרץ אָ.[137] אַ גאַנצע ריי גאָר וויכטיקע מיטאַרבעטער זיינען אומגעקומען פֿון טיפֿוס. צו זיי האָט געהערט ק אַ מ פּ ע ל מ אַ כ ע ר, אַ לערער פֿון אַ פּוילישער שול פֿאַר יידישע קינדער אין גריצע. ה. ק.[אמפּעלמאַכער] איז אין גריצע געווען איינער פֿון די אַקטיווסטע, געזעלשאַפֿטלעכע טוער. אין וואַרשע האָט ער נישט געפֿונען פֿאַר זיך קיין פֿעלד פֿאַר אַרבעט. ערשט אין ע״ש האָט ער געפֿונען פֿאַר זיך אַ תיקון. ער האָט זיך פֿאַרמאָסטן אָנצושרייבן אַ גרויסע מאָנאָגראַפֿיע פֿון די איבערלעבונגען פֿון די יידן אין גריצע[137א]

[136] פֿון פּויליש: איינשפּריצונג.

[137] פּרץ אָפּאָטשינסקי (1892—1943), שרייבער און זשורנאַליסט, מחבר פֿון אַ ריי ווערק, געשריבענע אין געטאָ (צוו. א. אַ טאָגבוך), וואָס זענען אויפֿגעהאַלטן געוואָרן אינעם רינגעלבלום־אַרכיוו. אומגעקומען וואַרשיינלעך פֿאַרן געטאָ־אויפֿשטאַנד.

[137א] וואַרשיינלעך אַ טעות. קאַמפּעלמאַכער איז געווען לערער פֿון אַ שול נישט אין גריצע, נאָר אין גראָדזיסק מאַזאָוויעצקי. די אַרבעטן פֿון קאַמפּעלמאַכער וועגן גראָדזיסק געפֿינען זיך אינעם רינגעלבלום־אַרכיוו.

אָנגעהויבן האָט ער פֿון באַשרייבן די לאַגע פֿאַר דער מלחמה. די ערשטע קאַפּיטלעך זײַנען געװען געשריבן זייער לעבעדיק און אינטערעסאַנט. יעדעס מאָל װען קאָמפּעלמאַכער פּלעגט מיך טרעפֿן פּלעגט ער מיר אויסדריקן אַ דאַנק פֿאַרן געבן אים די זכיה מיטצואַרבעטן מיטן ע״ש. איצט האָט ער אַ ציל אין לעבן. ער וויל זיך אײַנגאַנצן װידמען דער דאָזיקער הייליקער אַרבעט. ער באַדויערט נאָר פֿאַרוואָס ער האָט אַזויפֿיל צייט פֿאַרלוירן און נישט געוווּסט, אַז אַזאַ מין אַרבעט ווערט געטון. אינמיטן פֿון זײַנע פּלענער איז קאָמפּעלמאַכער קראַנק געוואָרן אויף טיפֿוס, מיט וועלכן ער האָט זיך אָנגעשטעקט אַלס דעלעגאַט פֿון זײַן לאַנדסמאַנשאַפֿט און שוין מער נישט אויפֿגעשטאַנען פֿון קראַנקן־בעט. אַזוי זײַנען אויך אומגעקומען אַנדערע מיטאַרבעטער אונדזערע. מיט אַ ציטערדיק האַרץ זײַנען מיר געשטאַנען בײַם קראַנקן־בעט פֿון דעם מאַריופּאָלער דערציילער, וועלכער איז גלייך נאָך דעם ערשטן סעאַנס קראַנק געוואָרן אויף טיפֿוס. דאָס זעלבע פּאַסירט מיט דעם רויט־אַרמייער פֿון אָרשע און מיט צענדליקער אַנדערע. און נישט קיין חידוש. די צוריקגעקומענע זײַנען געווען אויסגעמאַטערט פֿון די אַדורכגעמאַכטע צרות און פּלאָגן און דעריבער זײַנען [זיי] געווען אַ גינסטיקער באָדן פֿאַר די באַצילן פֿון טיפֿוס. דער טיפֿוס און דערנאָך די איבערזידלונג זײַנען געווען די דם־שונאים פֿון ע״ש צוליב זיי האָבן מיר געהאַט די גרעסטע צאָל קרבנות.

אַלזײטיקײט איז געווען דער הויפּט־פּרינציפּ פֿון אונדזער אַרבעט.

אָביעקטיוויטעט איז געווען דער צווייטער פּרינציפּ, וואָס האָט געלייטעט מיט אונדזער אַרבעט. מיר האָבן געשטרעבט דערצו, אַז עס זאָל געגעבן ווערן אין אונדזערע אַרבעטן דער גאַנצער אמת, ווי ביטער ער זאָל נישט זײַן. די פֿאָטאָגראַפֿיעס אונדזערע זײַנען געטרייע, נישט קיין רעטושירטע. מיר האָבן באַהאַנדלט אין אונדזערע אַרבעטן, למשל די באַציונגען אין די באַזעצטע דורך די באָלשעוויקעס טעריטאָריעס. מיר האָבן סיי ענטוזיאַסטישע באַשרײַבונגען פֿון אָנהענגער פֿון דעם נײַעם סדר, מיר האָבן אויך באַשרײַבונגען ווו דער מחבר לאָזט נישט איבער קיין טרוקענעם פֿאָדעם אויף די באָלשעוויקעס. די דאָזיקע באַשרײַבונגען וועלן דינען אַלס מאַטעריאַל פֿאַר דעם צוקונפֿטיקן היסטאָריקער ווי עס האָבן געטראַכט געוויסע קאַטעגאָריעס מענטשן אין דער צייט פֿון מלחמה.

די גרויליטאַטן פֿון די דײַטשן לגבי דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, פֿאַרנעמען דעם אויבנאָן אין אונדזערע אַרבעטן. איר וועט אָבער אויך געפֿינען נישט ווייניק מאַטעריאַל וועגן מענטשלעכקייט בײַ די דײַטשן. אין די אויסגעאַרבעטע טעזן, ווי אויך אין די מינדלעכע אָנווייזונגען, איז כסדר אָנגעוויזן געוואָרן דערויף, אַז מיר מוזן זײַן אָביעקטיוו, אפֿילו לגבי אונדזערע דם שונאים און געבן אַן אָביעקטיוו בילד פֿון די באַציאונגען פֿון דײַטשן צו ייִדן.

דאָס זעלבע איז שייך צו די באַציאונגען פון פּאָלאַקן צו ייִדן. עס הערשט ביי אונדז אַ מיינונג, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז באַדייטנד געוואַקסן אין דער צייט פון מלחמה, אַז די פּאָלאַקן אין זייער מערהייט זיינען צופרידן פון די אומגליקן, וואָס האָבן געטראָפן די ייִדן אין די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן א. ד. גל. דער אויפמערקזאַמער לייענער פון אונדזערע מאַטעריאַלן וועט געפינען הונדערטער דאָקומענטן, וואָס באַווייזן קעגנזעצלעכעס. ניט אין איין באַריכט פון א שטעטל וועט ער לייענען ווי האַרציק עס האָט זיך באַצויגן די פּוילישע באַפעלקערונג צו די ייִדישע פּליטים. איר וועט זיך דערוויסן וועגן הונדערטער פאַלן, ווען פּויערים האָבן חודשים לאַנג אויסבאַהאַלטן און גוט דערנערט די ייִדישע פּליטים פון די אַרומיקע שטעטלעך 138.

כדי צו פאַרזיכערן אַ וואָס שטאַרקערע אָביעקטיוויטעט, כדי צו האָבן וואָס אַ גענויער און אַלזייטיק בילד פון די מלחמה־געשעענישן אויף דער ייִדישער גאַס, האָבן מיר געשטרעבט, אַז די זעלבע פּאַסירונג זאָל באַשריבן [ווערן] דורך וואָס אַ גרעסערער צאָל פּערזאָנען. דורך פאַרגלייכן די פאַרשיידענע באַשרייבונגען איז דעם היסטאָריקער ניט שווער אויסצושיילן דעם היסטאָרישן אמת, דעם ווירקלעכן פאַרלויף פון דער געשעעניש.

אונדזערע מיטאַרבעטער האָבן געשריבן דעם אמת, נאָך צוליב אַ טעם. מיר האָבן אַלעמען פאַרזיכערט, אַז דער מאַטעריאַל אויף וויפל ער איז שייך צו לעבעדיקע מענטשן וועט אין איצטיקן מאָמענט ניט אויסגענוצט ווערן פאַר די באַדערפעניש פון טאָג. דער מאַטעריאַל איז באַשטימט דער עיקר פאַר געשיכטלעכע צוועקן. דעריבער דאַרף יעדער שרייבן איצט אַזוי ווי עס וואָלט שוין געווען נאָך דער מלחמה. ער דאַרף ניט מורא האָבן ניט פאַר די דייטשן און ניט פאַר די יעניקע ייִדן פון דער קהלה, וואָס ווערן אָנגעגריפן אין דעם באַריכט פון דער געגעבענער שטאָט. צוליב דעם טעם האָבן די מאַטעריאַלן פון ע״ש אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דעם צוקונפטיקן טריבונאַל, וואָס וועט נאָך דער מלחמה צוציען צו פאַראַנטוואָרטלעך[קייט] די שולדיקע צווישן ייִדן, פּאָלאַקן און אַפילו דייטשן.

די מלחמה האָט געענדערט דאָס ייִדישע לעבן אין די שטעט פון פּוילן זייער שנעל. איין טאָג איז ניט ענלעך געווען צום צווייטן. די בילדער האָבן זיך געביטן אַזוי שנעל, ווי אין דער קאַמערע פון אַ קינאָמאַטאָגראַף. די צייט פון געטאָ איז פאַר דעם וואַרשעווער ייִדן, דעם איצט איינגעשלאָסענעם אין די ד' אמות פון זיין שאָפּ — ממש אַ גן עדן, און די צייט פון פאַרן געטאָ ממש אַן אידיליע. יעדער חודש האָט געבראַכט טיפע ענדערונגען, וואָס האָבן גרונדזעצלעך געענדערט דאָס ייִדישע לעבן.

---

138 אויספירלעך וועגן דעם דאָזיקן פּראָבלעם האָט געשריבן רינגעלבלום אין זיין אַרבעט „די פּויליש־ייִדישע באַציונגען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה“.

דעריבער איז געווען וויכטיק צו כאַפּן יעדע דערשיינונג אין יידישן לעבן אויף דער הייסער מינוט, ווען זי איז נאָך פריש, צאַפּלדיק. דער שאָפּ פון פאַר דער איבערזידלונג אין פאַרגלייך מיטן שאָפּ פון נאָך דער איבערזידלונג איז געווען ווייט כרחוק מזרח ממערב. דאָס זעלבע וועגן שמוגל, וועגן געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן לעבן, אַפילו די קליידונג פון יידן איז געווען אַן אַנדערע אין די פאַרשיידענע תקופות. דער ע״ש האָט געשטרעבט דעריבער אויפצוכאַפּן יעדע דערשיינונג אויף דער הייסער מינוט, ווייל יעדער טאָג איז געווען געגליכן צו יאָרצענדליקער אין די פריערדיקע צייטן. ביי אסך דערשיינונגען איז עס טאַקע געלונגען. אסך האָט דאָ מיטגעהאָלפן דאָס פירן פון טאָגביכער דורך אייניקע חברים, אין וועלכע עס ווערן נישט בלויז נאָטירט פאַקטן און פאַסירונגען פון טאָגטעגלעכן לעבן, נאָר אויך אָפּגעשאַצט דערשיינונגען פון געטאָ, וואָס האָבן געצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט.

די אַרבעט פון ע״ש איז, ווי שוין דערמאָנט, געווען פאַרקאָנספּירירט. מען האָט געמוזט זוכן וועגן וויאַזוי צו פאַרדעקן די זאַמלונג פון מאַטעריאַלן. עס איז געווען אַ מורא, אַז ביים אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט הונדערטער פּליטים פון פּראָווינץ, זאָל מען נישט אָנטרעפן אויף איינעם פון די עטלעכע הונדערט אַגענטן פון „דרייצנטל“, וועלכע האָט דעמלט איבערגעלעבט איר „גלאַנץ“־פּעריאָד. און דאָך האָט מען גליקלעך אויסגעמיטן די דאָזיקע סכנה און דאָס אַדאַנק דער שטאַרקער פאָרזיכטיקייט ביי דער אַרבעט פון ע״ש. אונדזער פּרינציפּ איז געווען: איידער מיר האָבן זיך פאַרבונדן מיט אַ פּערזאָן, דערוויסן זיך פריער וועגן איר כאַראַקטער, געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער פאַרגאַנגענהייט וכדומה. ערשט נאָך די דאָזיקע אינפאָרמאַציעס האָט מען זיך געזעצט רעדן מיט דעם מענטש און אַרויסבאַקומען ביי אים די נויטיקע ידיעות. זייער ווייניק מענטשן האָבן געוווּסט דעם אייגנטלעכן צוועק פון די געפּירטע מיט זיי געשפּרעכן. זייער אָפט, באַזונדערס אין די לעצטע חדשים פאַר דער איבערזידלונג, האָבן אונדזערע מיטאַרבעטער פאַרשריבן דאָס געהערטע נישט אין דער אַנוועזנהייט פון דעם אינטערלאָקוטאָר, נאָר שפּעטער נאָכן געשפּרעך. אַזאַ מין אופן פון נאָטירן האָט פאַרקלענערט דעם ווערט פון די מאַטעריאַלן, עס איז אָבער נישט געווען קיין אַנדערער אויסוועג ווען מען האָט געוואָלט געהעריק פאַרקאָנספּירירן די אַרבעט.

ביים שרייבן די מאָנאָגראַפיעס האָבן מיר אָפּגעגאַרט דעם עולם, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן זאַמלען ידיעות פון דער שטאָט, ווייל דאָס איז נויטיק צו דער אַרבעט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. דער רוב מענטשן האָט אָבער זיך געמאַכט תמעוואַטע און געמאַכט דעם אָנשטעל ווי זיי וואָלטן נישט געוווּסט, וואָס מיר זיינען אויסן מיט אונדזער אַרבעט.

די קאָנספּיראַציע, וואָס האָט געמוזט אָנגעווענדעט ווערן אין דער ע״ש־אַרבעט, האָט גורם געווען, אַז ווי ברייט די אַרבעט איז נישט גע־

פירט געוואָרן, איז זי אָבער געווען שמאָל אין פאַרגלייך מיט די ריזיקע אוצרות פון ידיעות און פאקטן, וואָס האָבן געקענט און געדאַרפט אָנגעזאמלט ווערן בשעת דער מלחמה. מיר מוזן ארבעטן שלעכט — אין געווען דער פאַראָל פון ע"ש, אַלץ מוז געטאָן [ווערן], כדי נישט צו דעקאָנספירירן דעם רייכן אוצר פון ע"ש.

צוליב דעם דאָזיקן טעם האָבן מיר אויסגעמיטן יעטוועדן קאָנטאַקט מיט קהלה=מענטשן, אפילו מיט די אָרנטלעכסטע צווישן זיי. די ווענט פון דער קהלה זיינען געווען אַדורכגעווייקט מיט געסטאַפאָ=לופט און מיר האָבן מורא געהאַט צו שטיין מיט זיי אין וועלכער נישט מגע ומשא. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז מיר זיינען אַזוי אָרעם אין אָפיציעלע מאַטעריאַלן פון דער קהלה.

וואָס פאַראַ מין מאַטעריאַלן זיינען אויפגעהיט אין אַרכיוו פון ע"ש? דער וויכטיקסטער אוצר דאָס זיינען מ אָ נ אָ ג ר א פ י ע ס פון שטעט און שטעטלעך. זייער אינהאַלט איז די איבערלעבונגען פון דעם געגעבענעם [שטעטל] זייט אויסבּרוך פון מלחמה ביז צום גירוש, ביז צו דער ליקווידאַציע פון דעם געגעבענעם ישוב. די מאָנאָגראַפיעס, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן לויט אונדזער קאָנספּעקט, האָבן אַרומגענומען אַלע זייטן פון לעבן: דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן, די באַציונג פון די דייטשן און פּאָלאַקן צו דער יידישער באַפעלקערונג, די קהלה און איר טעטיקייט, די סאָציאַלע הילף, די וויכטיקסטע פּאַסירונגען אין לעבן פון דעם ישוב, ווי דאָס אַריינמאַרשירן פון די דייטשן, די פּאָגראָמען, גירושים, אקטן פון אכזריות בשעת יידישע יום=טובים, דאָס רעליגיעזע לעבן, ארבעט און ארבעטס=פראַגן (ארבעטס=לאַגערן, ארבעטספליכט, כאַפּן צו דער ארבעט, ארבעטס=אָפּטיילונג פון דער קהלה, באַציאונג פון דייטשן צו יידן בשעת ארבעטן) א. א. וו.

אַזוי האָט אויסגעזען דער אַלגעמיינער פּלאַן פון אַזאַ מאָנאָגראַפיע. אין דער אמתן אָבער האָבן ווייניק מאָנאָגראַפיעס אַנטשפּראָכן דעם אויבּיקן פּלאַן. די מחברים האָבן געשריבן פאַרשיידן. אין אַלע מאָנאָגראַפיעס זיינען אָבער געקומען צום אויסדרוק די טראַגישע ליידן פון די יידן אין פאַרשיידענע שטעט פון פּוילן. די מאָנאָגראַפיעס זיינען געשריבן מיט א וואַרעם האַרץ. אָפטמאָל באַוואונדערט מען ווי אַזוי די שרייבער גיבן איבער מיט אן עפּישער רואיקייט די טראַגישסטע פאַקטן פון זייער שטעטל. דאָס איז א רואיקייט פון בית=עולם, א רואיקייט וואָס נעמט זיך פון שווערע ליידן און רעזיגנאַציע נאָך די דאָזיקע ליידן. אַזוי רואיק קענען שרייבן מענטשן, וואָס ווייסן, אַז פון א דייטש קען מען אַלץ דערוואַרטן. עס איז זיך גאָרנישט צו וואונדערן איבער די אָפּגעטויטע אומבאַשרייבלעכע געוואַלד=טאַטן.

די דאָזיקע מאָנאָגראַפיעס שטאַמען דער עיקר פון דעם געוועזענעם קאָנגרעס=פּוילן. די אַנדערע געגנטן פון דעם פאַרמלחמהדיקן פּוילן זיינען שוואַך רעפּרעזענטירט. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס די מאָנאָגראַפיעס

זיינען אַלע געשריבן געוואָרן אין וואַרשע און דאָ זיינען געווען פּליטים דער רוב פון דעם געוועזענעם קאָנגרעס־פּוילן. פון גאַליציע, דער עיקר פון לעמבערג, האָבן מיר אָנגעהויבן באַקומען ידיעות ערשט דעמלט, ווען עס זיינען נאָכן אויסברוך פון דער רוסיש־דייטשער מלחמה געקומען צוריק קיין וואַרשע פּערזאָנען, וואָס האָבן פאַרלאָזט די הויפּטשטאָט אין סעפּטעמבער 1939, ווי אויך אין די שפּעטערדיקע חדשים. דאָס זעלבע איז שייך ווילנע, סלאָנים, גראָדנע, ראָווגע א. א. שטעט פון די אָקופּירטע מזרח־געביטן. אויך פון דאָרט האָבן מיר באַקומען ידיעות פון די צוריקגעקומענע פון יענע שטחים, באַזונדערס אסך ידיעות האָט מיט זיך געבראַכט די כוואַליע פון די צוריקגעקומענע פון ביאַליסטאָק און ביאַליסטאָקער געגנט.

די אַרבעטסבאַדינגונגען פון קאָנספּיראַציע מיט מענטשן, וואָס האָבן קיין מאָל נישט געפירט קיין היסטאָרישע פאָרשונגסאַרבעט, האָט גורם געווען, אז עס איז נישט פאַראַן קיין עווידענץ פון דעם, וואָס איז פאַראַן אין די מאַטעריאַלן פון ע"ש. עס איז דעריבער מיר שווער צו ענטפערן וויפל מאָנאָגראַפיעס פון שטעט מיר פאַרמאָגן. יעדנפאַלס איז זיכער, אַז די צאָל גייט אין די הונדערטער. פון א טייל שטעט זיינען פאַראַן צו עטלעכע, אָדער אַפילו צו עטלעכע צענדליקער מאָנאָגראַפיעס.

אויסער אַלזייטיקע מאָנאָגראַפיעס האָבן מיר געשטרעבט צו האָבן באַשרייבונגען פון איינצעלנע, וויכטיקע פּאַסירונגען אין די באַזונדערע שטעט. די דאָזיקע באַשרייבונגען האָבן מיר ארויסבאַקומען פון פּערזאָנען, וועלכע זיינען אויף א דירעקטן, אָדער אומדירעקטן אופן געווען פאַרבונדן מיט דער דאָזיקער געשעעניש אלס באַטייליקטע, אלס עדות, אָדער פאַרבונדענע אויף אַן אַנדערן אופן מיט דער דאָזיקער געשעעניש. צו דער קאַטעגאָריע געהערט, למשל, די באַשרייבונג פון טויט איבער 52 יידן פון נאַלעווקי 9 צוליב דעם דערמאָרדן דורך א יידישן אונטערוועלט־העלד א פּוילישן פּאָליציאַנט, ווייטער די באַשרייבונג פון טויט איבער עטלעכע צענדליקער לאָדזשער יידן פון דער רעסטאָראַציע „סאַוואָי" [139][?] א.א. מיר האָבן שטענדיק געשטרעבט דערצו, אַז די באַשרייבונג פון יעטוועדער געשעעניש זאָל טראָגן אויף זיך דעם חותם פון אוממיטלבאַרקייט, פון אַן אמתדיקער איבערלעבונג. דעריבער זיינען די מאַטעריאַלן פון ע"ש אזוי שטאַרק באַפאַרבט מיט סוביעקטיווע מאָמענטן, מיט באַשרייבונגען פון איבערלעבונגען, זייער אָפט ביז גאָר דראַמאַטישע.

פון דעם דאָזיקן סוביעקטיוון צוגאַנג זיינען נישט פריי די מאָנאָגראַפיעס פון די שטעט.

---

[139] א טעות. געמיינט דעם מאָרד־אָנפאַל פון די דייטשן אויף דעם קאַפעהויז „אַסטאָריאַ" אין לאָדזש דעם 1־טן נאָוועמבער 1939, ווו עס זענען אַרעסטירט און דערשאָסן געוואָרן 15 יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער.

כדי דער שרייבער אָדער דערציילער זאָל וואָס אומיטלבאַרער דערציילן זיינע איבערלעבונגען, האָבן מיר אין א סך פאַלן רעזיגנירט פון סיסטעמאַטישקייט און געהייסן דערציילן דער פערזאָן לויט דעם סדר, וואָס זי האַלט פאַר ריכטיק. פון די דאָזיקע דערציילונגען האָבן דער רוב געטראָגן דעם כאַראַקטער פון ד ע ר צ יי ל ו נ ג ע ן, פ ו ן וו א נ ד ע ר ו נ ג ע ן. איינע אַזאַ דערציילונג, אַ ביז גאָר דערשיטערנדע, ברענגט די ידיעה וועגן דעם טויטן=מאַרש פון 800 יידישע קריגסגעפאַנגענע, וואָס זיינען אויפן וועג פון לובלין קיין ביאַלא אין דער העלפט אויסגעמאָרדעט געוואָרן.

א צווייטע רייזע=באַשרייבונג פון אַ יידישן רויטאַרמייער, אָפּשטאַמיק פון וואַרשע, ציט זיך אַזש פון אָרשע. דער דאָזיקער וועג איז אומעטום געצייכנט מיט טייכן יידיש בלוט פאַרגאָסן אויף די פעלדער פון ווייסרוסלאַנד, אוקראַינע, פּאָדאָל און גאַליציע. וועגן מאַסן=הריגות פון יידן אין די דרומדיקע טיילן פון רוסלאַנד פאַרציילט אונדז אויך די וואַנדערונגס=באַשרייבונג פון וואַרשעווער יונגנמאַן, וואָס איז פאַרוואָגלט געוואָרן קיין מאַריופּאָל אין דער קרים.

ר ו י ט ע ש ל אַ כ ט ן — קענען מיר אָנרופן די אַלע וואַנדער=באַשרייבונגען פון יידישע מענער און פרויען, יונגטלעכע און קינדער, וואָס האָבן כסדר געוואַנדערט פאַרן אַריינגאַנג פון דייטש אין זייער היים=אָרט ביז וואַנען זיי האָבן געפונען א מקום מנוחה, זיך באַזעצט אָנגעשפּאַרט אין אַן אָרט, פון וואַנען מען האָט שוין ווייטער נישט געקאָנט וואַנדערן. די אַלע ר ו י ט ע שלאַכטן זיינען געצייכנט, ווי די יידישע געשיכטע, מיט פאַסעם פון פאַרגאָסן יידיש בלוט דורך די רוצחים פון דער געסטאַפּאָ אָדער פון דער ווערמאַכט. צו דער קאַטעגאָריע געהערן די וואַנדער=באַשרייבונגען פון אָרשע דורך [נישט פאַרענדיקטער זאַץ].

א וויכטיק געביט פון דער ע"ש=אַרבעט זיינען די א ר ב ע ט ס=ל אַ ג ע ר ן, אין וועלכע עס זיינען אומגעקומען טויזנטער פון דער יידישער יוגנט. די אַרבעטסלאַגערן זיינען אויסער די געטאָס געווען איינער פון די וויכטיקסטע אופנים צו פאַרניכטן די יידישע באַפעלקערונג דורך צורייבן ביי איר דעם בעסטן עלעמענט, די יוגנט און מענער אין אַרבעטס=עלטער. נישט דאָ איז דער אָרט צו באַשרייבן די אַרבעטס=לאַגערן. איינס קאָן אָבער געזאָגט ווערן, אַז מיט קליינע אויסנאַמען זיינען די אַרבעטס=לאַגערן געווען איינגעשטעלט נישט אויף אַרבעט נאָר אויף אומברענגען זייערע תושבים. די וואָס זיינען נישט געשטאָרבן צוליב די שרעקלעכע אַרבעטס=באַדינגונגען און מאַנגלהאַפטער דערנערונג, די וואָס זיינען נישט דערשאָסן אָדער פאַרפייניקט געוואָרן דורך דעם אומענטשלעכן באַרימטן „לאַגערשוץ", זיינען אין זייער מערהייט אויסגעגאַנגען נאָכן צוריקקומען אַהיים. אַ שטאַרקע שולד אין דעם טראָגן די יודען=ראַטן, וואָס האָבן זייער ווייניק געזאָרגט פאַר זייערע קרבנות אין די לאַגערן און

האָבן זייער ווייניק געטון צו דערהאַלטן ביים לעבן די צוריקגעקומענע. די וואַרשעווער קהלה איז צווישן אַלע קהלות געווען די ערגסטע אין איר באַציונג צו די לאַגעריסטן. עס איז געלונגען דעם ע״ש צונויפצוברענגען אַ רייכן מאַטעריאַל וועגן כמעט אַלע אַרבעטס-לאַגערן, יעדנפאַלס די וויכטיקסטע. איינע פון די וויכטיקסטע און די אומפּאַסנדסטע איז די אויספירלעכע באַשרייבונג פון דעם אַרבעטס-לאַגער אין קאַמפּינאָס, וווּ עס זיינען אויף דעם באַרימטן „מתים-בערגל“ געבראַכט געוואָרן צו קבורה איבער 50 יונגע יידישע לעבנס, דערשאָסענע און פאַרפּייניקטע, דורך דעם „לאַגערשויץ“. די באַשרייבונג צונויפגעשטעלט דורך הרב הויבערבאַנד איז איינער פון די וויכטיקסטע דאָקומענטן פון דער היטלעריסטישער אכזריות איבער די אַרבעטנדיקע יידן.

קאַמפּינאָס איז פּונקט ווי אַסך אַנדערע לאַגערן געווען אַ טייל פון דער א. ג. „וואַסער-ווירטשאַפט“, וואָס האָט אַדורכגעפירט אַ גאַנצע ריי רעגולאַציע-אַרבעט פון פאַרשיידענע טייכן אין דער גענעראַל-גובערניע. די אַרבעט איז איבער די קני אין וואַסער, אָן אַנטשפּרעכנדע אַרבעטס-מלבושים און ביי אַ שרעקלעכער הונגערדערנערונג האָט געפירט צו פאַרשיידענע קראַנקהייטן, דער רוב צום טיפוס און צו מאַסן-טויטפאַלן. מיט קראַנקע האָט מען זיך לייכט געגעבן אַן עצה. דורך מאַסן-עקזעקוציעס פון די קראַנקע און געזונטע, ווי דאָס איז געשען למשל אין...

די אַרבעטס-לאַגערן אין דער צייט פון דער איבערזידלונג און נאָך דער איבערזידלונג זענען אויס ערגער ווי די פריערדיקע. כדי צו כאַראַקטעריזירן די דאָזיקע אַרבעטס-לאַגערן איז כדאי צו דערמאָנען 2 פאַקטן פון פאַרמויערן לעבעדיקערהייט 2 שוואַכע אַרבעטער אין רעמבערטאָוו און דערהרגענען אויף אַ בעסטיאַלישן אופן 32 אַרבעטער פון לאַגער... (שטיקער אברים האָבן זיך געוואַלגערט אויפן „שלאַכט-פעלד“!). די עקזעקוציע האָבן אַדורכגעפירט דאָס מאָל נישט די פּאַטענטירטע יידן מערדער — די ס. ס., נאָר די „ווערמאַכט“, וואָס כלומרשט האָבן [זיי] אַ בעסערע באַציונג צו יידן ווי די ס. ס. און געסטאַפּאָ.

די אַפּטיילונג: באַשרייבונג פון איבערלעבונגען אין תפיסות און קאָנצענטראַציע-לאַגערן איז אַן אָרעמע נישט דערפאַר, ווייל ווייניק יידן האָבן פאַרבראַכט אין זיי, נאָר צוליב דעם פּשוטן טעם, וואָס פון ערשטן מאָמענט אָן האָט געהערשט אַ פּרינציפּ, אַז אַ ייד קומט נישט אַרויס קיין לעבעדיקער. טויזנטער פּוילישע יידן זיינען געשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים, אָבער נישטאָ קיין איינער, וואָס איז פון דאָרט צוריקגעקומען. דער איינציקער דאָקומענט פון די דאָזיקע קרבנות איז די טעלעגראַמע צו די פאַמיליעס מיט דער סטערעאָטיפּישער ידיעה, אַז דער דעליקווענט איז געשטאָרבן און אַז זאַכן קאָן מען אָפּנעמען אויף אַן אָנגעוויזענעם אָרט. פון צוריקגעקומענע פון דאַכאַו האָב איך געקענט צוויי. האָט איינער מורא געהאַט

צו דערציילן דאָס מינדסטע, דער צווייטער, אגב אַ זייער אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט, באַשריבן דורך רחל אויערבאַך[140] אין איר טאָגבוך — איז געשטאָרבן פון הונגער.

אויך די צוריקגעקומענע פון תפיסות זיינען אַזוי טעראָריזירט, אַז זיי האָבן מורא צו פאַרציילן דאָס מינדעסטע. עס איז מיר געלונגען צו פועלן ביי צוויי געוועזענע אַרעסטאַנטן צו פאַרציילן זייערע איבערלעבונגען. איינער איז מ ל ך ש ט יי נ ב ע ר ג, אַן אַקטיווער מיטגליד פון די לינקע פועלי־ציון, פון פאַך אַ דרוקער, האָט פאַר דער מלחמה געהאַט גרויסע פאַרדינסטן ביים איינהאַלטן די לינקע־פועלי־ציוניסטישע „אַרבעטער צייטונג", פאַר וועלכער ער איז נישט איין מאָל געזעסן אין די פּוילישע תפיסות. אויך איצט בשעת מלחמה איז ער איינגעזעסן געוואָרן אין פּאַוויאַק[141] צוליב זיינע אַלטע חטאים. ער האָט גרויס גליק, וואָס שפּילנדיק די ראָל פון אַ תם, איז אים געלונגען צו באַפרייען זיך פון תפיסה. דער חבר שטיינבערג איז צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע אומגעקומען בשעת דער איבערזידלונג.

דער צווייטער, וואָס זיינע תפיסה־שילדערונגען זיינען אויפגעהיט געוואָרן, איז אַ סאָוויעטישער בירגער, וואָס איז אויך אומגעקומען בשעת דער איבערזידלונג.

דער ע"ש האָט אויך געזאָרגט פאַר מאַטעריאַלן פון דער פּויליש־דייטשער מלחמה אין 1939. די ייִדישע באַפעלקערונג האָט גוט געדענקט די ליידן פון ייִדן אין דייטשלאַנד און אַנדערע אָקופּירטע לענדער. מען האָט גוט געפילט, וואָס עס גרייט צו היטלער פאַר די פּוילישע ייִדן. דערי־בער האָבן די ייִדישע זעלנער געקעמפט מיט אויסערגעוויינלעכן העלדנמוט. דאָס ווערט אָנערקענט דורך אסך מיליטערישע אָנפירער פון דער פּוילישער אַרמיי. פאַר דער צוקונפטיקער געשיכטע, פאַר די קעגנזייטיקע ייִדיש־פּוילישע באַציונגען איז זייער וויכטיק געווען אויפצוזאַמלען די באַשרייבונגען פון די א י ב ע ר ל ע ב ו נ ג ע ן פ ו ן יי ד י ש ע ז ע ל נ ע ר אין דער דייטש־פּוילישער מלחמה. די אויפגעזאַמלטע מאַטעריאַלן גיבן אַ בילד פון דעם איבערבראָך אין די שטימונגען פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט אויף אַ קורצער ווײַלע זיך באַפרייט פון דער אַנטיסעמיטישער פעסט. די מפּלות אויף די שלאַכטפעלדער און די נויטווענדיקייט צו זוכן שולדיקע האָט געבראַכט צום ווידעראויפלעבן פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט למשל אין וואַרשע געבראַכט צום אַנט־

[140] די באַקאַנטע שריפטשטעלערין רחל אויערבאַך איז געווען אַ מיטאַר־בעטערין פון „עונג שבת".

[141] אַ תפיסה, אויפגעבויט דורך דער צאַרישער מאַכט, וואָס איז געלעגן אויפן שטח פון געטאָ און וו די דייטשן פלעגן אַרייַנזעצן פּאָליאַקן, ייִדן און אַנדערע פּאָליטישע אַרעסטירטע.

שטיין פון אַ נייער יאַבלאָננע[142], ד. ה. אויסשטיילן יידן פון אַלגעמיינע אָפּטיילונגען און שאַפן ספּעציעלע יידישע באַטאַליאָנען אָן געווער, באַשטימטע פאַר פּאָרטיפיקאַציע־אַרבעטן.

די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע שטימונגען, וואָס האָבן זיך שוין געלאָזט פילן ביי דער גרילה פון דער פּוילישער מלוכה, האָבן אויפגעוואַקסט און פאַנאַנדערגעשפּילט זיך אין די לאַגערן פון קריגסגעפאַנגענע, ווו יידישע זעלנער האָבן אַסך מער געליטן פון זייערע פּוילישע קריגס־חברים, ווי פון די דייטשע אויפזעער. אַ פולע פון אַזעלכע פאַקטן ווערן געשילדערט אין די באַשרייבונגען פון די איבערלעבונגען פון יידישע קריגסגעפאַנגענע אין דייטשלאַנד, פון וועלכע די בעסטע איז פון דניאל פליגעלמאַן א. נ. „דיע וואַרען אין דויטשלאַנד געפאַנגען“.[143]

די דאָזיקע שילדערונגען אַנטפּלעקן פאַר אונדז אַ ביז גאָר דערפרייענדן פאַקט, אַז דער יידישער קריגסגעפאַנגענער האָט זיך דערלאָבערט אין דייטשלאַנד אַ שם אַלס אַרבעטזאַמער און געוווּנטשענער עלעמענט. „איר זייט געקומען קיין דייטשלאַנד אַלס פאַרשאָלטענע יידן און פאָרט צוריק אַהיים אַלס געבענטשטע קינדער פון ישראל“ — אַזוי האָט לאַפידאר כאַראַקטעריזירט אַ דייטש די געענדערטע שטימונגען לגבי די יידישע קריגסגעפאַנגענע. עס קען גרייליך געמאָלט זיין, אַז דאָס איז טאַקע געווען די עיקר סיבה פאַרוואָס מען האָט די יידישע זעלנער באַפרייט פון דער געפאַנגענשאַפט בשעת פאָלאַקן האָט מען איין ביזן היינטיקן טאָג.

עס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען די אַלע געביטן, וועלכע עס נעמט אַרום די ע״ש אַרבעט. זיי זיינען אַזוי צאָלרייך און אַזוי פילפאַרביק ווי פאַרשיידנאַרטיק עס איז אונדזער לעבן. אויף אַסך געביטן האָט מען זיך פאַרמאָסטן, נישט אויף אַלע איז אָבער געלונגען צו געפינען די אַנטשפּרעכנדע מיטאַרבעטער. מען קען אָבער דרייסט באַהויפּטן, אַז נישטאָ קיין וויכטיקערע דערשיינונג אין יידישן לעבן בשעת דער מלחמה, וואָס זאָל נישט האָבן געפונען קיין אָפּשפּיגלונג אין די מאַטעריאַלן פון ע״ש. אַזאַ געביט ווי שמוגעל, וואָס האָט אין אַלע מלחמות אַ גאָר גרויסע באַדייטונג, איז רעפּרעזענטירט אין ע״ש דורך אַן אַרבעט פון חבר ט—ן.[144] פון דער דאָזיקער אַרבעט זעען מיר דעם גרויסן פאַרנעם פון שמוגעל אין וואַרשע, וואָס האָט די גאַנצע צייט פון דער עקזיסטענץ פון געטאָ געראַטעוועט דעם 400 טויזנט קעפּיקן ישוב פון הונגער טויט.

---

[142] אין יאָר 1920 איז אויפן באַפעל פון גענעראַל סאָסנקאָווסקי געשאַפן געוואָרן אין שטעטל יאַבלאָננע, ביי וואַרשע אַן אינטערנירלאַגער פאַר יידן־זעלנער און אָפיצירן פון דער פּוילישער אַרמיי. אַ סך יידן זענען דאָ אומגעקומען.
[143] די באַשרייבונגען האָבן זיך אויפגעהיט אינעם רינגעלבלום־אַרכיוו.
[144] טיטעלמאַן.

וואָלטן די וואַרשעווער יידן געמוזט לעבן פון די 18 דעקאָ ברויט אַ טאָג לויט דער אָפיציעלער צוטיילונג, וואָלט לאַנג שוין נישט געבליבן קיין זכר פון יידישן וואַרשע. דער שמוגעל האָט טאָג־טעגלעך געקאָסט עטלעכע יידישע קרבנות און פאַר דער איבערזידלונג אַ צענדליג אָדער צענדליגער מענטשן אַ טאָג. אין דעם צוקונפטיקן באַפרייטן פוילן וועט מען דאַרפן אויפשטעלן אַ מאָנומענט דעם שמוגלער, וואָס האָט אַגב אויך געראַטעוועט די פוילישע באַפעלקערונג פון די שטעט פון הונגער טויט.

די אַרבעט וועגן שמוגעל פון חבר ט. גיט מערער אַ בילד פון דער פאָלקלאָר־זייט פון שמוגעל, פון זייער זשאַרגאָן, זייערע מנהגים וכדומה, איידער וועגן דער ווירטשאַפטלעכער באַדייטונג פון שמוגעל. בכלל איז דעם ע"ש ווייניק געלונגען אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט. עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן גוטע פלענער מיט גענויע טעזן צו פאַרשיידענע ווירטשאַפטלעכע טעמעס, אָבער זייער ווייניק דערפון איז געוואָרן פאַרווירקלעכט, ווייל עס האָבן געפעלט אַנטשפרעכנדע מיטאַרבעטער. ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען פאָדערן אַ רואיקע שטימונג. זיי פאָדערן צייט, געהעריקע מאַטעריאַלן אויפן יסוד פון אַלזייטיקע אויספאָרשונגען, און צו דעם איז נישט געווען נישט קיין צייט און נישט קיין געהעריקע אַרבעטס־באַדינגונגען. דאָך איז געלונגען אַרויסצובאַקומען אייניקע ווערטפולע אַרבעטן. איינע פון זיי חבר וו—ר.[145] באַהאַנדלט די טעמע די צופאַסונגס־פעיקייט פון דער מלחמה צו די געענדערטע, ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען. דער מחבר באַווייזט ווי אַזוי די יידן האָבן אין די אומדערטרעגלעכע געטאָ־באַדינגונגען אויסגעבויט אַ גאַנצע ריי פּראָדוקציע־צווייגן, וואָס האָבן באַדינט די א. ג. אַרישע זייט. די וואונדער, וואָס יידן האָבן באַוויזן ביים שאַפן דעם רוישטאָף, אָדער ערזאַץ־שטאָפן, זאָגן עדות וועגן די אומגעהויערע פעאיקייטן פון יידן צו געפינען אַן אויסוועג פון די שווערסטע סיטואַציעס. דאָס איז אַ באַווייז פון דער לעבנס־האַפטיקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט נישט בלויז געשאַפן די דאָזיקע פּראָדוקציע, נאָר אויך אויסגעבויט דעם שמוגעל צו דער מדרגה, אַז די גאַנצע פּראָדוקציע זאָל קענען אָנקומען צו „אויסלאַנד".[146]

פון די פראַגמענטאַרישע אַרבעטן פון דער אָפּטיילונג ווירטשאַפט איז כדאי צו דערמאָנען די אַרבעט פון חבר ג—י[147] וועגן וואַלוטע האַנדל — אויך אַ קריגס־דערשיינונג, וואָס האָט אַ גאָר וויכטיקע באַדייטונג. חבר ג. איז געלונגען אַריינצודרינגען אין די טיפסטע סודות פון דעם וואַלוטע־מסחר. ער שילדערט נישט בלויז די ווירטשאַפטלעכע זייט

145 ווינקלער.

146 ד. ה. די סחורות זאָלן אָנקומען אויף דער „אַרישער זייט, צום קאָנסומענט.

147 דער פּעדאַגאָג און היסטאָריקער אליהו גוטקאָווסקי.

גאָר אויך דעם שטייגערישן מאָמענט. די שפּראַך פון די וואַלוטשאַזשעם און זייערע מנהגים. ביז גאָר וויכטיק איז די טאַבעלע פון די וואַלוטע־שוואַנקונגען טאָג ביי טאָג אין משך פון כמעט דער גאַנצער צייט מלחמה. עס וועט זיין אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט פאַרן צוקונפטיקן פאָרשער צו געפינען אין די פּאָליטישע וועלט־געשעענישן, אין די פּאַסירונגען פון אַרומיקן יידישן און פּוילישן לעבן, ווי אויך אין אַנדערע מאָמענטן, געפינען דעם שליסל צו די וואַלוטע־שוואַנקונגען. אגב פון דער אַרבעט פון חבר ג. דערוויסן מיר זיך אַזאַ „סוד“, אַז אויף פּאַוויאַ־גאַס האָט עקזיסטירט אַ וואַלוטע־פאַבריק, ווו מען האָט אַ ביסעלע אונטערגעפעלשט „האַרטע“ (גאָלד־דאָלאַרן) און „חזירים“ (גילדענע רובלס). מיט דער וואַלוטע „מעיד אין געטאָ“ וועלן זיך מסתמא מוזן פאַרנעמען, נאָך דער מלחמה, די נאַציאָנאַלע בענק פון די אַנטשפּרעכנדע מלוכות...

צו פראַגמענטאַרישע אַרבעטן פון קהלה־געביט געהערט די יידישע פּאָסט, וואָס האָט נאָך אַ מער הונדערט יאָריקן שלאָף אויפגעשטאַנען תחית המתים. איינער פון די בריוו־טרעגער איז געווען א יידישער זשורנאַליסט פּרץ אָ—י,[148] וואָס שילדערט אונדז די שווערע אַרבעט פון אַ יידישן בריוו־טרעגער, די באַציונג פון דער יידישער באַפעלקערונג צו די בריוו־טרעגער, וועלכע האָבן אָפט געמוזט צונויפזאמלען ביי די שכנים דעם אָפּצאָל, וואָס די קהלה האָט באַשטימט אַלס צוגאָבאָפּצאָל פון דער קאָרעספּאָנדענץ, ווי אויך פון פּעקלעך.[149]

פון דעם סאַניטאַרן געביט זיינען פאַראַן אייניקע אַרבעטן: איינער פון דעם זשורנאַליסט פּרץ, אָ [אָ—י] איז געווידמעט איינער פון די עשרת מכות, וואָס האָבן געפּלאָגט דאָס געטאָ, דער מכה פון דעזינפעקציע קאָלומנעס. דער שרייבער שילדערט א „פּאַרוווקע“ אין א הויף פון יידישער אָרעמקייט אויף וואָלינסקאַ. די צווייטע אַרבעט פון אַ מיטגליד פון די דעזינפעקציע־קאָלומנעס טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ ווידוי. דער מחבר איז זיך מודה און באַווייזט עס מיט קאָנקרעטע פאַקטן, אַז די דעזינפעקציע־קאָלומנעס זיינען געווען די פאַרשפּרייטער פון טיפוס צוליב דער קאָרופּציע און דעמאָראַליזאַציע, וואָס האָבן געהערשט צווישן זיי. צו דעם זעלבן אויספיר קומט אויך פּרץ אָ—י.

דער אויבן דערמאָנטער פּרץ אָ—י האָט געמאַכט אַן אינטערעסאַנטן פּרוּוו, וואָס איז אָבער צום באַדויערן נאָך נישט דערפירט געוואָרן ביזן סוף. ער האָט געגעבן א געשיכטע פון א וואַרשעווער הויף בשעת דער מלחמה. דער אויסגאַנגס־פּונקט איז געווען די געשיכטע פון אַ הויזקאָמיטעט אויפן פאָן פון דער אַלגעמיינער לאַגע פון הויף און זיינע איינוווינער. די אַרבעט, וואָס איז לכתחילה פאַר־

---

148 פּרץ אָפּאָטשינסקי.

149 די אַרבעט איז פאַראַן אינעם רינגעלבלום־אַרכיוו.

מאָסטן געוואָרן גאַנץ שמאָל, איז אויסגעוואָקסן צו א געשיכטע פון אַ הויף און פון זיינע איינוווינער, אָנגעהויבן ערב דער מלחמה, איבער דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע, דעם אַריינקומען פון די דייטשן, דער אויסוואַנדערונג קיין רוסלאַנד א. א. וו. דער דאָזיקער מיקראָקאָסמאָס קאָן זיין אַ שטיקל אַריינבליק אין דער געשיכטע פון וואַרשע — דעם מאַקראָקאָסמאָס [150].

די געשיכטע פון הויז־קאָמיטעט נאַלעווקי 23, שילדערט די אַנטשטייונג און טעטיקייט, פון איינער פון די אינטערעסאַנטסטע אינסטיטוציעס אין וואַרשע בשעת דער מלחמה. די הויז־קאָמיטעטן זיינען פון קעמערלעך פון סאָציאַלער הילף פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אינסטיטוציעס פון עפנטלעכן כאַראַקטער, וואָס האָבן אויסגעפירט אַ גאַנצע ריי פונקציעס פון אַדמיניסטראַטיוון כאַ־ראַקטער. אויסער דעם האָבן די הויז־קאָמיטעטן געשפּילט א ראָל פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער דורך איינאָרדענען פאַרשיידענע קולטור־אימפּרעזעס און פאַרווייַלונגען. נישטאָ קיין איין פראַגע אין יידישן לעבן אין דער צייט פון מלחמה, וואָס זאָל נישט האָבן קיין שייכות מיט די הויז־קאָמיטעטן. די הויז־קאָמיטעטן האָבן געזאָרגט פאַר די פּליטים, צוריקגעקומענע פון די לאַגערן, פּאַטראָנירט פאַרשיי־דענע קינדער־אינסטיטוציעס, געזאָרגט פאַר דער ריינקייט פון הויז, געשאַפן קאָנסטרוקטיווע הילף פאַר זייערע שכנים, ליקווידירט פאַרשיי־דענע סכסוכים צווישן די שכנים, און דער עיקר געטראָגן די אחריות פאַרן גורל פון די נויטליידנדע שכנים, וואָס האָבן אין הויז־קאָמיטעט געפונען דעם אַדרעס, צו וועלכן זיי פלעגן זיך ווענדן אין יעדן נויטפאַל.

פרוי ד״ר צעלינאַ לעווין האָט געגעבן אַ בילד פון איינעם פון די עלטסטע און אַמבעסטן אָרגאַניזירטע הויז־קאָמיטעטן, וואָס האָט געפירט לאַנגע חדשים אַ אייגענע קיך און אַפילו געקויפט אין דער צייט פון באָמבאַרדירונג אַן אייגענע מאָטאָפּאָמפּע פאַר אַ סכום פון 7.000 זל.

דער שרייבער פריץ אָ. [אָ—י] שילדערט אונדז די טעטיקייט פון אַן אַנדערן הויז־קאָמיטעט אויף לעשנאָ 24.

פון אָפּשניט פון סאָציאַלער הילף איז כדאי דאָ צו דערמאָנען די אַרבעט פון דער שריפטשטעלערין ר ח ל א—ך [151] וועגן דער פאָלקס־קיך לעשנאָ 40. באַשרייבנדיק די אַנטשטייאונג פון דער דאָזיקער קיך און כאַראַקטעריזירנדיק אירע קאָנסומענטן, קומט די שרייבערין צום טרויעריקן אויספיר, אַז די יידישע פאָלקס־

[150] אויך די אַרבעט, ווי אויך די ווייטערדיקע (די געשיכטע פון הויז־קאָמיטעט נאַלעווקי 23 און וועגן הויז־קאָמיטעט אויף לעשנאָ 24) האָבן זיך פאַרהיט אינעם רינגעלבלום־אַרכיוו.

[151] אויערבאַך.

קיך, וואָס האָט באַדינט אין געוויסע מאָמענטן ביז 100.000 קאָנסומענטן, ד. ה. א פערטל יידן אין וואַרשע, האָט קיין איין מענטשן נישט געראַטעוועט פֿון הונגער־טויט. דעריבער מאַקע פלעגן זיך אַזוי אָפּט טוישן די קאָנסומענטן פֿון קיכן. בשעת איין גרופּע האָט געפֿונען איר פּלאַץ אין די מאַסן־קברים פֿון וואַרשעווער בית עולם, איז אין דער קיך אַריינגעקומען אַ נייע כוואַליע קאָנסומענטן צווישן ניי־צוגעקומענע פּליטים אָדער פֿאַראָרעמטע מענטשן, וואָס זייערע איינציקע שפּייז איז פֿון איצט אָן געווען די שיטערע זופּ פֿון דער פֿאָלקסקיך. צווישן די פֿאַרשיידענע טיפּן פֿון דער פֿאָלקסקיך לעשגאָ 40 ווערט אָם שטאַרקסטן איינגעקריצט די פּערזאָן פֿון[152], אַ פּליט פֿון דייטשלאַנד, וואָס האָט זיין געזונט פֿאַרלוירן אין דעם באַרימטן דאַכאַו. עס האָבן נישט געהאָלפֿן די 5—6 זופּן, וואָס די לייטערין פֿון קיך, די שריפֿטשטעלערין רחל א—ר, האָט אים געשטופּט יעדן טאָג. דער אָרגאַניזם באַרויבט פֿון פֿעטס און אַנדערע לעבנס־זאַפֿטן, האָט פֿאַרזאָגט דעם ווייטערדיקן דינסט. נישט געקוקט אויף אַלע באַמיונגען פֿון רחל א—ר איז ה. געשטאָרבן פֿון הונגער. דער דאָזיקער טויט האָט באַשיימפּערלעך דערוויזן, אַז די סאָציאַלע הילף האָט אַ זכות הקיום נאָר דעמלט, ווען זי דיספּאָנירט מיט ריזיקע געלטמיטלען און קאָן ממשותדיק העלפֿן דעם נצרך — אַ סאָציאַלע הילפֿסטעטיקייט אין אַ קליינעם פֿאַרנעם איז אַן אַרויסגעוואָרפֿענע אַרבעט.

אַ רייך געביט פֿון דער ע״ש זיינען געווען די ט אָ ג ב י כ ע ר. ווי עס איז שוין אויף אַן אַנדער אָרט דערמאָנט געוואָרן, אַז אין דער איצטיקער מלחמה האָבן אַלע געשריבן, דער עיקר טאָגביכער. אַ טייל האָט געשריבן טאָגביכער אין אַ פֿאַרענדיקטער פֿאָרם, אַנדערע האָבן זיך באַגנוגנט צו קורצע נאָטיצן, וואָס האָבן ערשט נאָך דער מלחמה געזאָלט פֿאַרענדיקט ווערן. דער רוב פֿון די דאָזיקע טאָגביכער איז פֿאַרניכטעט געוואָרן אין דער צייט פֿון איבערזידלונג, אָדער צוליב דעם, וואָס זייערע שרייבער זיינען אַוועק אויפֿן אומשלאַגפּלאַץ און די פֿאַרבליבענע נאָך זיי כתבים זיינען צוזאַמען מיט זייער גאַנץ האָב און גוטס פֿאַרניכטעט געוואָרן. אויך די איבערגעבליבענע שרייבער פֿון טאָגביכער האָבן אָפּט צוליב די כסדרדיקע בלאָקאַדעס און דעם כסדרדיקן ציען זיך פֿון גאַס צו גאַס, פֿאַרלוירן דעם רוב פֿון זייערע כתב־ידן. מען דאַרף רעכענען, אַז עס זיינען פֿאַרלוירן געגאַנגען צענדליגער אויב נישט הונדערטער טאָג־ביכער, ווייל געדענקען דאַרף מען, אַז נאָר אַ קליינער ברוכטייל שרייבער פֿון טאָגביכער האָט זיך דערצו מודה געווען. דער רוב איז געבליבן פֿאַרקאָנספּירירט.

דער טאָגבוך פֿון דעם העברעישן שרייבער און לערער ק אַ פּ ל אַ ן[153] געשריבן אין העברעיש האָט געציילט טויזנטער זייטן און האָט

---

[152] עס פֿעלט דער נאָמען.

[153] חיים־אהרן קאַפּלאַן.

אַנטהאַלטן אַ שלל מיט ידיעות וועגן דעם, וואָס איז יעדן טאָג פאָרגעקומען אין וואַרשע. קאַפּלאַן האָט נישט געהאַט קיין ברייטע האָריזאָנטן, אָבער דאָס וואָס יעדער דורכשניטלעכער וואַרשעווער ייִד האָט דעמלט איבערגעלעבט, זיינע ליידן און געפילן, זיין דורשט צו נקמה וכדומה — דאָס אַלץ ווערט געטריי איבערגעגעבן אין קאַפּלאַנס טאָגבוך. דווקא די דורכשניטלעכקייט פון מחבר איז געווען דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין דעם טאָג=בוך. נישט איין מאָל האָב איך ה. קאַפּלאַן געבעטן איבערצוגעבן אין דעפּאָזיט זיין כתב=יד, גאַראַנטירנדיק אים, אַז נאָך דער מלחמה וועט ער אים צוריקבאַקומען. ער האָט קוים באַוויליקט מיר זאָלן דעם כתב=יד איבערשרייבן. דאָס איז אָבער אָנגעקומען מיט גרויסע שוועריקייטן. אַ טייל איז פאַרבליבן אין אַרכיוו פון ע"ש. דער גאַנצער כתב=יד איז פאַרלוירן געוואָרן אין דער צייט פון דער איבערזידלונג צוזאַמען מיטן מחבר, וועלכער איז צוגענומען געוואָרן אויפן אומשלאַגפּלאַץ [154].

א צווייטער טאָגבוך פון דעם אומגעקומענעם טוער פון „השומר הצעיר" י ו ס ף ק אַ פּ ל אַ ן זאָל זיך געפינען אויף דער אַרישער זייט [155]. דער טאָגבוך, וואָס האַלט הונדערטער זייטן, איז זייער וויכטיק דערפאַר, ווייל ער נעמט אַרום פאַרשיידענע תקופות און פאַרשיידענע געביטן פון פּוילן. קאַפּלאַן האָט אין אָנהויב מלחמה פאַרבראַכט אין ווילנע, פון דאָרט איז ער געקומען קיין פּוילן און כסדר אַרומגעוואַנדערט. ער גיט דעריבער אַ בילד פון דעם ייִדישן לעבן אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן. אויסער דעם זיינען אין דעם טאָגבוך פאַראַן ידיעות וועגן דער אַרבעט פון „השומר הצעיר" אין די פאַרשיידענע שטעט פון פּוילן. אָט די סודותדיקע זייטלעך וועגן דער טעטיקייט פון „השומר הצעיר" האָבן גורם געווען, אַז יוסף קאַפּלאַן האָט אַ לאַנגע צייט זיך געוואַקלט אונדז צו דערלויבן צו קאָפּירן זיין טאָגבוך. ווען ער האָט שוין דערויף מסכים געווען, איז שוין געווען צו שפּעט.

דער ראש הקהל פון וואַרשע, דער אומגליקלעכער א י נ ז ש. ט ש ע ר נ י אַ ק אָ וו [156] האָט געפירט אַ ג אָ ט י ץ=ב ו ד וועגן אַלעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין געטאָ אין דער צייט פון זיין פּרעזעסור [157]. דער טאָג=בוך, אָדער ריכטיקער געזאָגט נאָטיץ=בוך, איז מסתמא זייער אַן אינטערעסאַנטער, ווייל טשערניאַקאָוו איז טאָג=טעגלעך געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די פאַרשיידענע דייטשע מאַכטפאַקטאָרן, ווי אויך מיט דער פּוילישער קאָמונאַלער מאַכט און אַלס פּרעזעס פון קהלה האָט ער געהאַט די פעדעם פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין זיינע הענט.

---

154 זע הערה 107.

155 דער טאָגבוך איז נישטאָ.

156 באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דעם 24=טן יולי 1942.

157 דער טאָגבוך איז נישטאָ.

דער באַרימטער אַדוואָקאַט לודוויק בערענסאָן[158], דער גלענצנדער פּאַרטיידיקער פון פּוילישע פרייהייטס־קעמפער. דער עיקר פּוילישע סאָציאַליסטן אין די רוסישע צייטן, דער באַרימטער פּאַרטיידיקער אין דעם בריסקער פּראָצעס[159], איינע פון די קרישטאָל־ריינסטע פּערזענלעכקייטן אין פּוילישן לעבן, האָט געפירט אַ טאָגבוך אין דער צייט פון מלחמה. בערענסאָן, וואָס איז שטענדיק געווען ווייט פון יידישן לעבן, האָט זיך בעת דער מלחמה, וווינענדיק אין געטאָ, דערנענטערט צום יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער האָט אפילו געפּרוווט צו טון עפּעס אין דער קהלה. ער האָט געוואָלט אויסרוימען דעם זומפּ פון קאָרופּציע און דעמאָראַליזאַציע, אין וועלכן די קהלה האָט זיך געטונקען, ער האָט אפילו געחלומט צו שאַפן אויפן אָרט פון דער גאַנגרעניזירטער יידישער פּאָליציי — אַ בירגער־מיליץ. דער אידעאַליסטישער בעל־חלומות האָט זיך אָבער אינגיכן איבערצייגט, אַז אינסטיטוציעס, געשאַפענע לויטן באַפעל פון אָקופּאַנט מוזן זיין לויט זיין געשטאַלט. בערענסאָן האָט זיך אינגיכן אויסגעהיילט פון זיינע חלומות און געפונען אַ .מקום מקלט אין דער יידישער סאָציאַלער אַליינהילף, וואָס האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך אַלע געזעלשאַפטלעכע כוחות. דאָס טאָגבוך פון בערענסאָן איז, לויט די אינפאָרמאַציעס פון בערענסאָנען, וועלכע ער האָט מיר אַליין ערטיילט, געווען אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פון אַלע געשעענישן אין יידישן לעבן. זיינע תלמידים און פאַרערער, וואָס זיינען געזעסן אין פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון דער קהלה, האָבן אים כסדר אינפאָרמירט וועגן אַלץ און אַלעם. דאָס טאָגבוך פלעגט העפטנווייז אַריבערגעשיקט ווערן יעדע וואָך אויף דער אַרישער זייט, ווו עס איז אויפגעהיט געוואָרן ביי זיינע פריינט[160].

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז בערענסאָן האָט אין אַ געשפּרעך מיט מיר אויסגעדריקט זיין הסכמה צו פאַרנעמען זיך מיטן שאַפן אַ יורידישע אָפּטיילונג פון ע״ש, וואָס זאָל באַשרייבן דאָס רעכטלעכע (ריכטיקער געזאָגט: רעכטלאָזע) לעבן פון די יידן אין דער צייט פון מלחמה: די פאַראָרדנונגען וועגן יידן, די רעכטלעכע לאַגע פון די קהלות, די געריכטן און זייער באַציונג צו יידן וכדומה. צוליבן טויט פון בערענסאָנען איז די דערמאָנטע אָפּטיילונג נישט געשאַפן געוואָרן. אַנדערע פּרוון אויף דעם געביט זיינען נישט געלונגען.

פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן האָט אין דער צייט פון מלחמה אָנגעהויבן שרייבן זיינע זכרונות פון די יינגסטע יאָרן. ווי עס

---

158 עס דאַרף זיין לעאָן.

159 ערב די וואַלן צום סיים און סענאַט אין יאָר 1930 האָט פּילסודסקיס רעגירונג אַרעסטירט און אַריינגעזעצט אין דער תפיסה אין בריסק אַ ריי פירער פון דער אָפּאָזיציע (פ.פ.ס., פּויערים־פּאַרטיי א.א.). זייער משפּט האָט מען אָנגערופן בריסקער פּראָצעס.

160 דער טאָגבוך, חוץ איינצעלנע זייטלעך, איז נישטאָ

אינפאָרמירט מיך זיין זון ד"ר אַלעקסאַנדער באַלאַבאַן, איז באַלאַבאַן [דערגאַנגען] ביז צו דער מלחמה־צייט, ווען וועלכער ער האָט אַ היפּש ביסל געשריבן. דער טאָגבוך געפינט זיך אויף דער אַרישער זייט[161].

דער באַרימטער פּויליש־יידישער קינדער־שרייבער און נישט ווייניקער באַקאַנטער קינדער־דערציער ד"ר י אַ נ ו ש ק אָ ר ט ש אַ ק (ד"ר גאָלדשמיט) האָט געפירט אַ טאָגבוך, וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט. ד"ר קאָרטשאַק, וואָס איז געווען אַ מייסטער אין דער פּוילישער שפּראַך, האָט זיכער אין דעם טאָגבוך געשטעלט אַ דענקמאָל דער טראַגעדיע פון יידישן קינד, ביי וועלכן דער גערמאַנישער אָקופּאַנט האָט צוגענומען דאָס רעכט אויף לופט, זון, שול און ברויט[162].

אַסך מאַטעריאַל פאַר אַ טאָגבוך האָט געזאַמלט דער באַקאַנטער זינגער און זשורנאַליסט ק י פּ נ י ס. נאָך קיפּניסעס טויט האָבן מיר געמאַכט באַמיונגען אַריינצובאַקומען די דאָזיקע מאַטעריאַלן אין ע"ש. די אלמנה איז אָבער דערויף נישט איינגעגאַנגען. זי איז צוגענומען געוואָרן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ און פון די מאַטעריאַלן איז נישט געבליבן קיין זכר.

דאָס זעלבע איז געשען מיטן טאָגבוך פון דעם זשורנאַליסט ק ר י מ ס ק י, וועלכער איז צוגענומען געוואָרן בשעת דער איבערזידלונג.

געבליבן זיינען מ יי נ ע ט אָ ג־ א ו ן ש פּ ע ט ע ר וו אָ כ ן־ א ו ן ח ו ד ש־נ אָ ט י צ ן, וועלכע זיינען באַזונדער וויכטיק פאַר דעם ערשטן יאָר פון דער מלחמה, ווען אַנדערע האָבן קיין טאָגביכער נישט געפירט. די וואָכן־ און חודש־באַריכטן ברענגען נישט בלויז מאַטעריאַלן וועגן די וויכטיקסטע געשעענישן פאַר דער דאָזיקער צייט, נאָר ברענגען אויך אַן אָפּשאַצונג וועגן דעם פאַרגעקומענעם. צוליב מיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט זיינען די דאָזיקע אָפּשאַצונגען וויכטיקע דאָקומענטן, ווייל זיי ברענגען צום אויסדרוק דאָס, וואָס עס האָבן געבראַכט די איבערגעבליבענע רעשטלעך פון יידישער געזעלשאַפטלעכקייט וועגן די לויפנדע פראַגן פון אונדזער לעבן.

אַ וויכטיקער דאָקומענט איז דאָס ט אָ ג ב ו ך פ ו ן א. ל—ן[163], דער מחבר פון דעם בוך „ק אַ נ ט אָ נ י ס ט ן". דער מחבר ל. פירט דאָס דאָזיקע טאָגבוך זייט יאָר—אָנדערהאַלבן און לייגט אין אים אַריין זיין גאַנצע ליטעראַרישע שאַפונג. יעדער זאַץ אין דעם טאָגבוך איז ווי אָפּגעמאָסטן. חבר ל. לייגט אין אים אַריין אַלץ, וואָס עס קומט אויס צו הערן נישט בלויז וועגן וואַרשע, נאָר אויך וועגן די שווערע ליידן פון

---

161 דער טאָגבוך איז נישטאָ.

162 דער טאָגבוך איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין קאָרטשאַקס כתבים. דער אָריגינאַל פונעם טאָגבוך געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון פּוילישן ליטעראַטן־פאַריין אין וואַרשע.

163 דער פּעדאַגאָג און היסטאָריקער אברהם לעווין (1893 — 1943), אומגעקומען אין יאַנואַר 1943.

די פּראָווינצער ייִדן. אויך אין דער צייט פון איבערזידלונג, ווען עס האָט אים געטראָפן דאָס שווערע אומגליק, וואָס מען האָט ביי אים צוגע־נומען זיין פרוי לובאַ, האָט ער טאָג־טעגלעך געפירט זיין טאָגבוך אין די אוממעגלעכסטע באַדינגונגען פון אַרבעט און שאַפן. צוליב דער ריינ־קייט און קאָמפּרעסטקייט פון סטיל, דער פּינקטלעכקייט און גענויקייט ביים איבערגעבן פאַקטן, דעם טיפן אינהאַלט פון דעם טאָגבוך קען עס קוואַליפיצירט ווערן ווי אַ וויכטיקער ליטעראַרישער דאָקומענט, וואָס דאַרף נאָך דער מלחמה וואָס גיכער דערשיינען. דער טאָגבוך איז געפירט געוואָרן ביז דער איבערזידלונג אין ייִדיש, זייט דער איבערזידלונג אויף העברעיש 164.

די איבערזידלונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 22 יולי 1942 יאָר, הייבט אָן אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פון די וואַרשעווער ייִדן. אויך די ע״ש אַרבעט ענדערט איר כאַראַקטער. עס קומט פאָר אַן איבעררייס פון עטלעכע חדשים אין אונדזער טעטיקייט. אין אַ צייט ווען יעדע סע־קונדע האָט געדראָט די סכנה געכאַפּט צו ווערן קיין טרעבלינקע, האָט נישט געקענט זיין קיין רייד וועגן אַ סיסטעמאַטישער זאַמל־אַרבעט, נאָר איינצלנע חברים האָבן אויך אין דער צייט פון איבערזידלונג געפירט זייערע טאָגביכער און פאַרצייכנט דאָרט זייערע טאָגטעגלעכע איבער־לעבונגען. ווי נאָר עס האָט זיך אַביסל באַרואיקט איז מען פאַר אַ נייס צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. עס האָט אָבער איצט נישט געקענט זיין קיין רייד וועגן מאָנאָגראַפיעס פון שטעט, וואָס...165

די מיטאַרבעטער פון ע״ש האָבן געבילדעט און בילדן הייגט אַן איינ־הייטלעכע קערפּערשאַפט, באַהויכט פון איין גייסט, דורכגעדרונגען מיט איין אידיי. ע״ש איז נישט קיין פאַראייניקונג פון וויסנשאַפטלער, וואָס קאָנקורירן איינער מיטן צווייטן און באַקעמפן זיך קעגנזייטיק, נאָר אַן איינהייטלעכע קערפּערשאַפט, אַ ברודערשאַפט, ווו אַלע העלפן זיך אַרויס קעגנזייטיק און שטרעבן צו דעם זעלבן ציל. לאַנגע חדשים זיינען געזעסן ביי איין טיש דער פרומער הרב הובערבאַנד לעבן דעם לינקן פּ״צ הירש וו., און דעם אַלגעמיינעם ציוני אברהם ל. 166 און דאָך האָט מען האַרמאָניש געאַרבעט. ע״ש האָט אין זינען געהאַט זיינע מיטאַרבעטער. דער טרייער פּאָטער און פאַרזאָרגער איז געווען דער האַרצליידנדער אָבער היים־האַר־ציקער מנחם ק. 167, וואָס האָט אַרויסגעראַטעוועט פון טיפוס סיי הירש וו. סיי הרב הובערבאַנד, וואָס האָט אין זינען געהאַט דאָס קראַנקע קינד

---

164 ביידע טיילן, סיי דער יידישער, סיי דער העברעישער זיינען אָפּגעראַטע־וועט געוואָרן אינעם רינגעלבלום־אַרכיוו און פאַרעפנטלעכט אין „בלעטער פאַר געשיכטע“ און — אין פּוילישער איבערזעצונג — אין „ביולעטין פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט“.

165 דער זאַץ — נישט פאַרענדיקט.

166 אברהם לעווין.

167 מנחם־מענדל קאָן.

פון ה. ג—סקי [168] און וואָס האָט אויך שטאַרק געהאָלפן דעם שטענדיק הונגער־לײדנדן שרײבער און זשורנאַליסט פּרץ א—סקי. וואָלט די שטילע טויב דניאל פליגעלמאַן נישט לאַנג שוין אומגעקומען, ווען נישט די שטענדיקע און וואַרעמע הילף פון דעם טײערן חבר מנחם. װיפל מאָל איז ער מיר דערגאַנגען די יאָרן איך זאָל אַרויספאָרן פון װאַרשע נאָך דער בלוטיקער אַפּריל־נאַכט 1942. יעדער מיטאַרבעטער פון ע״ש האָט געװוּסט, אַז זײַן מי און פּײַן, זײַן שװערע האָרעװאַניע און מאַטערניש, זײַן ריזיקירן 24 שעה אַ טאָג מיט דער „טריפּהנער" אַרבעט בשעת איבערטראָגן מאַטעריאַלן פון אײן אָרט צום צווייטן — אַז דאָס אַלץ איז צוליב אַ הויכן אידעאַל און אַז די געזעלשאַפט װעט עס אין די טעג פון פרײַהײט געהעריק אָפּשאַצן און באַלױנען מיט די העכסטע אָפּצײכענונגען, װאָס װעלן זײַן אין דער פרײַער אײראָפּע. ע״ש איז געװען אַ ברודערשאַפט, אַ אָרדן פון ברידער, װאָס האָבן אויף זײער פאָן אױפגעשריבן: קרבנות־גרײטקײט, געטרײַשאַפט פון אײנעם צום אַנדערן און דינסט פאַר דער געזעלשאַפט.

---

168 אליהו גוטקאָװסקי

# סאַגאַן — דער אַרבעטער־טוער
# בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה

שכנא אפרים סאַגאַן, אַלט עטלעכע און פופציק יאָר,[169] געבוי.־ן אין קראָקע איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע פּערזענלעכקייטן אין דער יידישער וואַרשע אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין די יונגע יאָרן אז ער געווען טעטיק אין דער פּועלי־ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג „יוגנט" אין קראָקע, פון וואַנען ער האָט זיך ווייטער אַרויסגערוקט אין דער פּ"צ־פּאַרטיי פון גאַליציע. אַדאַנק זיינע פעיקייטן נעמט אים די באַוועגונג אַריבער קיין וואַרשע, וו אין יאָר 1920 שאַפט זיך די פאַראייניקטע פּ"צ־פּאַרטיי, וועלכע נעמט אַרום טויזנטער חברים פון גאַליציע און קאָנגרעס־פּוילן. נישט דאָ איז דאָס אָרט צו שילדערן די פאַרדינסטן פון ח' סאַגאַן פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן. דאָ וועל איך בלויז דערמאָנען, אַז דאָס הויפּט־געביט פון ח' סאַגאַנס טעטיקייט אין דער צייט פון די לעצטע צען יאָר איז געווען דער פאַרלאַג „האַמער" מיט דער וועכנטלעכער „אַרבעטערצייטונג", וואָס איז פון 1918 יאָר ביז צום אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה רעגולער דער־שינען און געוועקט די יידישע אַרבעטערשאַפט צום קאַמף פאַר אַ בעסערן מאָרגן. די זאָרג פאַר דערהאַלטן די „אַרבעטערצייטונג" איז געווען זייער אַ שווערע. דער קאַמף האָט געמוזט געפירט ווערן אויף צוויי פראָנטן: דעם פינאַנסיעלן און דעם רעכטלעכן. די צייטונג פלעגט זייער אָפט ליידן פון קאָנפיסקאַטעס און יעדע קאָנפיסקאַטע האָט נאָך זיך געצויגן גרויסע מאַטעריעלע פאַרלוסטן. די רעדאַקציע פון דער צייטונג, וואָס איז אין דער לעצטער צייט געלעגן אין די הענט פון די ח"ח סאַגאַן און בוקס־בוים[170] האָט געפאָדערט אַ סך געניטקייט, אויסדויער און קלוגשאַפט. מען האָט כסדר געמוזט אַזוי מאַנעווורירן, אַז מען זאָל שרייבן דאָס, וואָס מען האָט געוואָלט זאָגן, אָבער אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם, אַז דער צענזאָר זאָל עס אַדורכלאָזן. דאָס מאָביליזירן יעדע וואָך די געלט־מיטלען אויף אַרויסגעבן די „אַרבעטערצייטונג" האָט נישט געהערט צו קיין לייכטע אויפגאַבן.

---

169 שכנא זאַגאַן (1892—1842).

170 נתן בוקסבוים (1890—1843) איינער פון די פירער פון די לינקע פּ.צ. אין פוילן.

איינס פון די גלענצנדיקסטע לייסטונגען פון ח' סאַגאַן איז געווען דאָס אַרויסגעבן די יובל־אויסגאַבע פון דער „אַרבעטערצייטונג" מיט אַ קורצער צייט פאַרן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה. די רייך־אילוסט־רירטע אויסגאַבע מיט אַרטיקלען פון כמעט אַלע אָנגעזעענע שרייבער איז געווען אַ גרויסע געשעעניש נישט בלויז ביי די פּ"צ־מחנה, נאָר בכלל אין דער יידיש־ליטעראַרישער וועלט.

ח' שכנא איז אַלס מיטגליד פון צ.ק. פון פּועלי־ציון לינקע געווען אַריינגעטון אין דער טאָגטעגלעכער פּאַרטיי־אַרבעט. ער איז אַרומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, געהאַלטן לעקציעס און רעפעראַטן, באַטיי־ליקט זיך אין וואַל־מיטינגען צום שטאָטראַט און קהלה און בכלל מיט־געהאָלפן צו דער פאַרשפּרייטונג און פאַרשטאַרקונג פון די פּ"צ־אידעאַלן צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט. אַלס איינער פון די פירנדע פּאַרטיי־חברים האָט ח' סאַגאַן רעפּרעזענטירט די פּאַרטיי אין פאַרשידענע אינס־טאַנצן און געזעלשאַפטן. יאָרנלאַנג האָט ער רעפּרעזענטירט די פּאַרטיי אין קהלה־ראַט אַלס פּרנס פון דער וואַרשעווער קהלה, וווּ ער האָט גע־פירט אַ קאַמף פאַר אַ מאָדערנעם, וועלטלעכן כאַראַקטער פון דער דאָזי־קער אינסטיטוציע.

די לינקע פּ"צ זענען געווען אַן אָרעמע פּאַרטיי. דער „בונד" פלעגט באַקומען טויזנטער דאָלאַרן פון אַמעריקע; די רעכטע פּ"צ האָבן באַקו־מען גרויסע אונטערשטיצונגען פון דער הסתדרות אין א"י. די ציוניסטן און „אגודה" האָבן געהאַט רייכע אָנהענגער אין לאַנד גופא. די לינקע פּ"צ, בראש פון וועלכע סאַגאַן איז געשטאַנען, האָט נישט געהאַט קיין רייכע מומע. זיי האָבן אַלץ געמוזט אָנשפּאַרן אויף אייגענע כוחות, אויף די אייגענע באַשיידענע מיטלען. אָנפירן מיט אַזאַ פּאַרטיי איז געווען אַ גאַנץ שווערער ענין. אָנפירן מיט אַ וואַל־קאַמפּאַניע צום שטאָטראַט אָדער קהלה ביי אַזאַ קאַטאַסטראָפאַלן געלט־מאַנגל האָט געפאָדערט אַ סך אָנשטרענ־גונגען. ח' סאַגאַן האָט מיט אַנדערע אָנפירנדע חברים פון דער באַוועגונג (בוקסבוים, לעוו א.א.) געמוזט אויסטראָגן אויף זיינע פּלייצעס די שווע־רע לאַסט פון מאַטעריעלע שוועריקייטן, וואָס זענען געוואָרן אַלץ שווע־רער — וואָס ערגער עס איז געוואָרן די מאַטעריעלע לאַגע פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן.

די פאַשיסטישע סאַנאַציע האָט גערודפט די נאַציאָנאַלע מינדער־הייטן. אונטער אירע פליגלען האָט זיך געטוליעט דער חיהשער אַנטיסע־מיטיזם, וואָס האָט געזאָלט זיין דער בליץ־אָפּלייטער קעגן די אַלץ־וואַקסנדע רעוואָלוציאָנערע, אַנטיפאַשיסטישע כוחות. פון די הויכשולן, וואָס זענען געווען נעסטן פון כוליגאַניזם און קולטור־באַרבאַריזם, האָבן זיך די פּאָג־ראָמען איבערגעטראָגן אין דער פּראָווינץ, אין אַלץ נייע געגנטן פון לאַנד. עס האָט געדראָט, די כסדרדיקע עקסצעסן און פּאָגראָמען זאָלן אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון די אונטערדריקטע פויערים און אַרבעטער פון די אמתע שולדיקע אין די אַלע צרות.

די פּאַראינטערעסירטע קרייזן הייבן אָן צו פאַרשטיין, וואָס עס דראָט זיי מצד דעם פאַנאַנדערגעבלאָזענעם אַנטיסעמיטיזם און פּרוּוון אַנטקעגנצווווירקן די דאָזיקע טענדענצן דורכן שאַפן אַ גרויסן אַנטיפאַשיסטישן פראָנט. ח' סאַגאַן צוזאַמען מיט אַנדערע אָנפירנדע חברים פון דער באַוועגונג באַטייליקט זיך אין די אַנטיפאַשיסטישע אינסטיטוציעס און קערפּערשאַפטן, וואָס זיינען דעמלט אַנטשטאַנען. אינעם נאָמען פון דער פּאַרטיי האָט זיך ח' סאַגאַן באַטייליקט אין דעם קולטור-פראָנט, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע ראַדיקאַלע עלעמענטן אין דער יידישער געזעלשאַפט מחוץ דעם „בונד", וואָס האָט געשאַפן אַן איינהייטס-פראָנט מיט דער פּ.פּ.ס. (פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי). דער „קולטור-פראָנט" האָט זיך פאַרמאָסטן אויף אַ פאַרצווייגטער אַרבעט. צוליבן פאַרמאַכן די גרויסע בילדונגס-געזעלשאַפט, די פּועלי-ציוניסטישע „געזעלשאַפט אָוונט-קורסן פאַר אַרבעטער אין פּוילן" איז געוואַלדיק געוואַקסן דער אַנאַלפאַבעטיזם צווישן דער אַרבעטער- און פאָלקס-יוגנט.

אין ביבליאָטעק-וועזן האָט געהערשט אַ שרעקלעכע אַנאַרכיע. אין יעדן שטעטעלע האָבן עקזיסטירט אַזויפיל ביבליאָטעקלעך, וויפל פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך. דער „קולטור-פראָנט" האָט געדאַרפט מאַכן אַ סוף צו דעם קולטור-באַרבאַריזם, וואָס האָט זיך אַלץ מער פאַרשפּרייט אויף דער יידישער גאַס. נאָך מיט יאָרן פריער האָט ח' סאַגאַן רעפּרעזענטירט די פּועלי-ציון-באַוועגונג צוזאַמען מיטן ח' בוקסבוים אין דעם בשעתו וויכטיקן אַמנעסטיע-קאָמיטעט, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אַ גרויסער מאַסן-באַוועגונג פאַר באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע, וואָס האָבן אין די טויזנטער געשמאַכטעט אין די פּוילישע תפיסות.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה איז צוליבן שטאַרקן דרוק פון פאַשיזם, דער געדאַנק פון איינהייטס-פראָנט אַריינגעדרונגען אין אַלץ ברייטערע מאַסן. צו די שטאָטראַט- און קהילה-וואַלן גייט די יידישע אַרבעטערשאַפט נישט צעשפּליטערט, נאָר אין גרעסטן טייל פאַראייניקט. ח' סאַגאַן איז איינער פון די הייסעסטע אָנהענגער און פאַרטיידיקער פון דעם דאָזיקן איינהייטס-געדאַנק.

ח' סאַגאַן, אַלס איינער פון די אָנפירער פון דער גרעסטער פּועלי-ציון-פּאַרטיי, דער פּוילישער, איז מיט טויזנטער פעדעם געווען פאַרבונדן מיט דער אַלוועלטלעכער פּ"צ-באַוועגונג. אומעטום: אין פראַנקרייך, אין בעלגיע, אין ארץ-ישראל, איז גוט באַקאַנט די פּערזאָן פון ח' שכנא אַדאַנק די ענגע פעדעם, וואָס האָבן פאַרבונדן פּוילן מיט די איבעריקע לאַנד-פּאַרטייען פון דער אַלוועלטלעכער פּ"צ-באַוועגונג.

אינעם נאָמען פון דער פּ"צ-באַוועגונג איז ח' סאַגאַן באַטייליקט אין דער מאָדערנער שול-באַוועגונג, אין דער ציש"אָ (צענטראַלער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע אין פּוילן), וואָס האָט געשטרעבט צו דערציען דעם יונגן דור אין גייסט פון וועלטלעכקייט און סאָציאַליזם. אַלס וויצע-פּאָרזיצענדער פון דער ציש"אָ, איז ח' סאַגאַן — צוזאַמען מיטן ח' בוקס-

בוים — איינער פון די בויער און זיילן פון דער מאָדערנער שול=באַוועגונג. די לאַגע פון די יידיש=וועלטלעכע שולן אין די צייטן פון דער פאַשיסטישער סאַנאַציע איז ביז גאָר אַ שווערע. אָן אַ פּאַרוואָס ווערן צענדליקער שולן געשלאָסן, די סובסידיעס פון די שטאָטראַטן און קהילות ווערן כסדר געשטראָכן. די שול=מאַכט פּלאָגט די שולן מיט דער פאָדערונג פון כסדרדיקע רעמאָנטן. עס ווערן קוועסטיאָנירט די רעכט פון די לערער צו לערנען אין די ציש"אָ=שולן. מען פאַרלאַנגט פון זיי אַלץ נייע און נייע קוואַליפיקאַציעס. ח' סאַגאַן איז באַטייליקט אין אַלע אַקציעס פון און פאַר דער ציש"אָ.

אַלס איינער פון די אַקטיווסטע פאַרוואַלטונגס=מיטגלידער פון דעם ליטעראַטן= און זשורנאַליסטן=פאַריין (אויף טלאָמאַצקע 13) זאָרגט חבר סאַגאַן פאַרן גורל פון די יונגע שרייבער און זשורנאַליסטן, וועמענס לאַגע עס איז דעמאָלט געווען זייער אַ טראַגישע. לויט דער איניציאַטיוו פון ח' סאַגאַן, ווערט געשאַפן אַ ספּעציעלע סעקציע פון אַרבעטסלאָזע מיטגלידער, וואָס האָט אויסגעקעמפט פאַר נישט איין ווערטפולן שרייבער אַרבעט און דערמיט געשאַפן אַ שטיקל ברויט אין דער טאָג=פּרעסע אָדער אין די פאַרשיידענע אויסגאַבן פון געזעלשאַפטן און פאַריינען.

עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט=מלחמה. ח' שכנא איז געבליבן אין וואַרשע. פון אַלע [זייטן] זיינען געקומען צו אים חברים און פריינד מיט פאָרווורפן, הלמאי איז ער געבליבן און נישט פאַרלאָזט פּוילן, ווי עס האָבן עס געטאָן אַנדערע. ח' סאַגאַן האָט אויף די אַלע טענות געענטפערט, אַז ער האָט עס געטאָן דערפאַר, ווייל ער האָט נישט געקאָנט לאָזן די באַוועגונג אַליין, אָן קיין אָנפירערשאַפט. עס הייבט זיך אָן אַ נייע קאַפּיטל אין ח' סאַגאַנס טעטיקייט, אַ קאַפּיטל פון פרוכטבאַרער, אינטענסיווער טעטיקייט נישט בלויז פאַר דער ענגער פּאַרטיי=מחנה, נאָר לטובת דער גאַנצער געזעלשאַפט. ח' סאַגאַן ווערט איצט דער אָנערקענטער פירער פון דער וואַרשעווער געזעלשאַפטלעכקייט.

קיין וואַרשע קומען דעמאָלט הונדערטער און טויזנטער פּ"צ=חברים, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן מקריב געווען פאַר דער באַוועגונג. ח' סאַגאַן קאָנצענטרירט אַרום זיך די הילפס=אַרבעט. פאַר דער יידישער אַרבעטער=באַוועגונג, פאַר די רעשטלעך איבערגעבליבענע טוער שטעלט זיך די פראַגע פון הילף אַלס די צענטראַלע אויפגאַבע, אַלס איינע פון די וויכטיקסטע פראַגן. די אַרבעטער=באַוועגונג, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציונג צו כאַריטאַטיווער טעטיקייט, האָט איצט געענדערט איר שטעלונג צו דער דאָזיקער פראַגע. ח' סאַגאַן איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פאַרשטאַנען דעם גייסט פון די נייע צייטן. וואָס קומען אָן און דער עיקר פאַרשטאַנען גלייך צו האַנדלען לויט נייע באַדערפעניש.

בשעת איינער פון די שטאַרקסטע באָמבאַרדירונגען פון דער הויפּטשטאָט, באַזונדערס פון צענטר=שטאָט אין סעפּטעמבער 1939 יאָר, איז

ח׳ סאַגאַן געקומען צו דעם דעמאָלטיקן „דזשוינט"־דירעקטאָר גוזיק, אַ מענטש מיט אַ וואַרעם האַרץ, און אים פאָרגעלייגט אַ פּלאַן פון גרינדן אַ פאָלקס־קיך. דירעקטאָר גוזיק האָט דעם פאָרשלאַג אָנגענומען מיט דער גרעסטער צופרידנקייט. דאָס איז געווען די ערשטע פאָלקס־קיך אין וואַרשע, די שוואַלב, וואָס האָט אָנגעזאָגט אַ מחנה פון איבער 100 פאָלקס־ און קינדער־קיכן. די פּועלי־ציון־קיך אויף זאַמענהאָף 9 איז געווען די ערשטע פאָלקס־קיך. אין דער דאָזיקער קיך באַקומען די חברים פון פּועלי־ציון נישט בלויז מאַטעריעלע הילף, נאָר אויך גייסטיקע שפּייז. די פאָלקס־קיך ווערט דער צענטער פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָרט קומען פאָר פון צייט צו צייט אונטערנעמונגען פון ליטעראַרישן און אַלגעמיין־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. דאָרט קאָנצענטרירט זיך די יוגנט־באַוועגונג פון דער פּועלי־ציון. דאָרט קומען פאָר דיסקוסיעס איבער פאַרשידענע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן. אין דער אַרבעטער־קיך קומען פאָר פייערונגען לכבוד דעם יאָרצייט פון בער באָראָכאָוו. דאָרט ווערן דיסקוטירט פראַגן פון ווייטערדיקן פאַרלויף פון דער מלחמה און דעם ענדזיג פון דער פּראָלעטאַרישער מלוכה אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

נאָך דער קיך אויף זאַמענהאָף 9, גרינדעט די פּ״צ אַנדערע קיכן פאַר דערוואַקסענע און קינדער. אויך אַנדערע אַרבעטער־ און בירגערלעכע ריכטונגען שטעלן אויף זייערע קיכן, וואָס ווערן צענטערן פון געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט. וואַרשע איז געבליבן אָן פּראָפעסיאָנעלע פאַ־ריינען, אָן פּאַרטיי־קלובן, אָן קולטור־קלובן — אָן אַלעמען. דאָס אַלץ האָט געזאָלט פאַרטרעטן די אַרבעטער־קיך.

אין דער מלחמה איז די פראַגע פון הילף געוואָרן דאָס וויכטיקסטע, אַרום וואָס עס האָט זיך געדרייט דאָס לעבן פון יעדן יחיד. ח׳ סאַגאַן האָט ריכטיק פאַרשטאַנען, אַז איצט איז זיין וויכטיקסטע אויפגאַבע צו העלפן חברים און נישט בלויז חברים. ח׳ סאַגאַן האָט אין זינען געהאַט די ווערטפולע פערזאָנען: שרייבער, זשורנאַליסטן א.א., ער האָט אויסגע־נוצט זיינע השפּעות און באַציונגען צו ערלעדיקן די אַלע ווענדונגען פון אַזעלכע פערזאָנען.

דער אַרבעטס־טאָג פון ח׳ סאַגאַן איז באַשטאַנען אין אַ גרויסער מאָס אין גיין פון אינסטיטוציע צו אינסטיטוציע און ערלעדיקן די כלער־ליי ביטעס פון זיינע פּעטענטן. צוזאַמען מיט פאָרשטייער פון אַנדערע ריכטונגען האָט ער אַדורכגעפירט אין דער יידישער סאָציאַלער אַלייג־הילף (יס״א) דעם פּרינציפּ פון אינדיווידועלער הילף, ד.ה. אַז פאַר ווערטפולע פערזאָנען זאָל רעזערווירט ווערן אַ געווויסער סכום פון אַלע מינים זאַכן, וואָס די אינסטיטוציע פלעגט באַקומען פון אויסלאַנד. די דאָזיקע פערזאָנען זענען געווען באַפרייט פון אַלע פאָרמאַליטעטן, פון שטיין אין דער ריי וכדומה.

ח׳ סאַגאַן פלעגט יעדן טאָג פאַרפּלייצט ווערן מיט בקשות. די ערש־טע און די וויכטיקסטע איז געווען די פראַגע פון אַרבעט און דאָ האָט

ח׳ סאַגאַן אַ סך דערגרייכט. ער האָט איינגעאָרדנט פּאַרטיי=חברים און ווערטפולע פּערזאָנען אין די פאַרשיידענע קעמערלעך פון יס״א, פון „צענטאָס“, פון „טאָז“ א.ד.גל. די צווייטע פאָרם פון הילף איז געווען דאָס פאַרשאַפן פון לעבנס=מיטל, מלבושים, געלט=אונטערשטיצונגען פאַר קראַנקע און נויטבאַדערפטיקע א.ד.גל. עס זענען געווען אַנדערע פּערזאָנען, וואָס האָבן פאַרנומען די זעלבע פּאָזיציע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס ח׳ סאַגאַן, און האָבן געהאַלטן דאָס מטפל זיין זיך מיט דער אינדיווידועלער הילף פאַר אַ זאַך, וואָס שטייט זיי נישט אָן. זיי, די פירער, זיינען באַשטימט פאַר גרעסערע, וויכטיקערע אויפגאַבן, פאַר פּרינציפּיעלע, אַלגעמיינע פראַגן, אָבער נישט פאַר טאָגטעגלעכע פראַגן פון יחידים. מיט גרויס ווייטיק האָט ח׳ סאַגאַן געמוזט פעסטשטעלן, אַז זיין הילף איז נישט געווען קיין גענוגנדיקע, נישט געקוקט דערויף, אַז ער האָט אין דעם אַריינגעלייגט אַזויפיל מי און מאַטערניש. אין די פאַלן ווען די געזעלשאַפטלעכע הילף איז געווען בלויז אַ צוגאָב צו דעם, וואָס די פּעטענטן האָבן זיך געשאַפן ערגעץ ווו אַנדערש, האָט די הילף געקאָנט דערגרייכן איר ציל. אין די פאַלן, ווען די געזעלשאַפטלעכע הילף איז געווען פאַר דעם פּעטענט אַליין, האָט זי נישט געקאָנט דערגרייכן איר ציל. די פּעטענטן זענען איינער נאָך דעם אַנדערן געשוואָלן געוואָרן און אַוועקגעשטאָרבן.

ח׳ סאַגאַן, וואָס איז פאַר דער מלחמה געווען ווייט פון כאַריטאַטיווער טעטיקייט, ציט זיך אַריין אין דער הילפס=אַרבעט און ווערט איינער פון די בויער פון דער קאָאָרדיניר=קאָמיסיע און פון דעם שפּעטערדיקן זש.ט.ס. — דער גרויסער הילפס=אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אין די צייטן פון דער וועלט=מלחמה. סאַגאַן האָט צוזאַמען מיט די פאַרטרעטער פון אַנדערע ריכטונגען משפיע געווען אויף דער אַנטוויקלונג פון דער הילפס=אַרבעט, ער באַמיט זיך זי זאָל נישט אַוועק אויף די וועגן פון פאַרמלחמהדיקער פילאַנטראָפּיע, וואָס האָט יעדן פּעטענט באַטראַכט פאַר אַ בעטלער פון אויבן אַראָפּ. די נייע מלחמה=קרבנות, די געפאַלענע אינטעליגענץ, די עקאָנאָמיש געדריקטע אַרבעטער=מאַסן האָבן זיך גענויטיקט אין הילף, אָבער אין אַזאַ פאָרם, וואָס זאָל נישט באַליידיקן דעם מקבל. דער נעמער אַליין האָט געדאַרפט אַריינגעצויגן ווערן אין דער הילפס=אַרבעט. צו דעם צוועק זענען געשאַפן געוואָרן די הויז=קאָמיטעטן, וואָס האָבן פאַראייניקט די נותנים מיט די מקבלים. צו דעם צוועק האָט די יס״א געשאַפן פאַר די פליטים — די לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די פליטים פון די באַזונדערע שטעט און אַנטוויקלט די זעלבסטהילף פון די פליטים גופא אין אַ גאַר ברייטן פאַרנעם.

אין דער הילפס=אַרבעט האָבן דעמאָלט געקעמפט צוויי טענדענצן. די אַנטיגעזעלשאַפטלעכע עלעמענטן, די פאָרשטייער פון סוחרים=פאַריין, וואָס האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויפן פערדל, האָבן געוואָלט באַהערשן די

הילפס-אַרבעט, זי גלייכשאַלטן, אַוועקגעמען פון איר אַלע געזעלשאַפטלעכע מאָמענטן און פאַרוואַנדלען זי אין אמתער פאַרמלחמהדיקער פילאַנטראָפּיע. דער פאַראייניקטער פראָנט פון אַלע פּראָלעטאַרישע און בירגערלעכע ריכטונגען האָט געשטרעבט צו געבן דער הילפס-אַרבעט אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. ח' סאַגאַן איז געווען דער פאָרקעמפער פון דער דאָזיקער געזעלשאַפטלעכער ריכטונג אין דער הילפס-אַרבעט, פון דער ריכטונג, וואָס האָט פאַרלאַנגט, אַז די פּאָליטישע ריכטונגען זאָלן דעצידירן וועגן די באַדערפעניש און כאַראַקטער פון דער הילפס-אַרבעט.

אויסער די דאָזיקע אַנטיגעזעלשאַפטלעכע עלעמענטן האָבן אַטאַקירט די זעלבסטהילף די קהלה-קרייזן, וועלכע האָבן אין דער יס"א געזען אַ קאָנצענטראַציע פון אַלע געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס האָבן זיך קריטיש באַצויגן צו דער קהלה און איר פאָלקספיינטלעכער פּאָליטיק. די יס"א האָט אין אירע הויז-קאָמיטעטן קאָנצענטרירט די גאַנצע אָפּאָזיציע, וואָס האָט אויף שטורמישע פאַרזאַמלונגען אויסגעדריקט איר שאַרפסטן פּראָטעסט קעגן דער שענדלעכער פּאָליטיק פון די פאַרשידענע קהלה-אָפּטיילונגען. דאָס גלייכשאַלטן פון דער הילפס-אַרבעט און פאַרוואַנדלען די יס"א אין אַ קהלה-אָפּטיילונג האָט געזאָלט דעקן די שאַנדטאַטן פון דער קהילה און לייטערן זי אין די אויגן פון דער פאַרפייניקטער יידישער באַפעלקערונג.

די מלחמה האָט אַוועקגעשטעלט פאַר די יידישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן ביז גאָר וויכטיקע פראַגן. עס האָבן געמוזט אויפהערן די פאַרמלחמהדיקע, פּאָליטישע באַציונגען. עס האָט געמוזט געשאַפן ווערן אַ יידישער איינהייטס-פראָנט פון לינקס ביז רעכטס. דער קאַמף פון היטלעריזם קעגן דער יידישער באַפעלקערונג האָט געטראָגן אַ אויסראָטונגס-כאַראַקטער. ער איז געווען געווענדט קעגן אַלע שיכטן און אַלע קלאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג אַלס גאַנצקייט. פאַר דעם היטלעריזם איז נישט געווען קיין חילוק צווישן ציוניסטן און בונדיסטן, ביידע זענען געווען גלייך פאַרהאַסט. ביידע האָט ער געוואָלט פאַרניכטן. אַנטשפּרעכנד צו דעם האָט אויך געמוזט געשאַפן ווערן אַ קאַמפס-ליניע אין דער יידישער געזעלשאַפט. עס האָט געמוזט געשאַפן ווערן אַן איינהייטלעכער, נאַציאָנאַלער פראָנט קעגן די פאַרניכטונגס-כוחות פון דייטשן פאַשיזם. די יידישע באַפעלקערונג איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אַזעלכע קאַרדינאַלע פראַגן פון זיין אָדער נישט זיין, אַז קיינער האָט אַליין נישט געקאָנט נעמען אויף זיך די אחריות פאַר אַזעלכע וויכטיקע פראַגן. נאָר מיט געמיינזאַמע כוחות האָט מען געקאָנט פאַרענטפערן די פּראָבלעמען, וואָס דאָס לעבן האָט כסדר אַרויסגערוקט. די אינסטיטוציע פון פּאַרטיי-באַראַטונגען פון אַלע ריכטונגען האָט נישט געהאַט קיין נאָמען, זיי זענען אָבער געווען אַ שטענדיקע קערפּערשאַפט, וועמענס מיינונג עס האָט אָנגעפרעגט דער „דזשוינט", די יידישע סאָציאַלע אַליינהילף און נישט איינמאָל אפילו די קהלה.

עס איז מיר זייער אָפּט אויסגעקומען צו באַטייליקן זיך אין די דאָזיקע קאָאָרדינירבאַראַטונגען. אויף די דאָזיקע באַראַטונגען האָט ח׳ סאַגאַן צוגעצויגן צו זיך דעם אַלגעמיינעם אינטערעס. זיין מיינונג, פאָרמולירט אין אַ פיינעם יידיש, רואיק און זאַכלעך, מיט אַן אייזערנער לאָגיק, מיט אַ ברייטער פּערספּעקטיוו, איז זייער אָפּט געווען די מיינונג, וואָס פלעגט גובר זיין, וואָס פלעגט אָנגענומען ווערן דורך אַלע. זי איז זייער אָפּט געווען די דעצידירנדיקע, מיט וועלכע אַלע האָבן זיך גערעכנט. אַדאַנק זיין פּערזענלעכן טאַקט, פּערזענלעכער קולטור, געזונטער לאָגיק, גוטער פּאָליטישער אָריענטאַציע, האָט ח׳ סאַגאַן אינגיכן געוואונען די אַלגעמיינע סימפּאַטיע און אָנזען. סאַגאַן איז געוואָרן דער אָנגעזעענסטער פאָרשטייער פון די געזעלשאַפטלעכע קרייזן און אין זייער נאָמען פלעגט ער אַרויסטרעטן פאַר די עקזיסטירנדיקע קערפּערשאַפטן און אינסטיטוציעס.

מיט דער צייט איז די דאָזיקע אינסטיטוציע פון פּאַרטיי=באַראַטונגען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער קאָאָרדינירקאָמיסיע פון די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכער עס זענען געווען פאַרטרעטן: לינקע און רעכטע פּועלי=ציון, בונד, השומר הצעיר, החלוץ, אַלגעמיינע ציוניסטן און לינקע [171]. די קאָאָרדינירקאָמיסיע פון די פּאָליטישע פּאַרטייען איז געוואָרן די אמתע רעפּרעזענטאַנץ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן. פאַר איר זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַזעלכע פּראָבלעמען, ווי פאַרטיידיקונג פון געטאָ, באַוואָפענונג פון דער אָרגאַניזירטער יוגנט, באַציִונג פון דער קהלה צו דער פראַגע פון אויסזידלונג וכדומה. אויך אין דער קאָאָרדינירקאָמיסיע האָט ח׳ סאַגאַן פאַרנומען דעם אויבנאָן.

די טאָגטעגלעכע הילפס=אַרבעט, די פּראָבלעמען פון יידישן לעבן האָבן אָבער פאַר ח׳ סאַגאַן נישט פאַרשטעלט די אַלגעמיינע פּאָליטישע פּראָבלעמען, וועלכע ער האָט נאָכגעפאָלגט מיט דעם גרעסטן אינטערעס און אין וועלכע ער איז געווען אַ בקי. ח׳ סאַגאַן האָט געגלויבט אין נצחון פון ראַטנפאַרבאַנד און פון זיין העלדישער רויטער אַרמיי. דעם דאָזיקן גלויבן האָט ער געגעבן אויסדרוק סיי אויף פּאַרטיי=פאַרזאַמלונגען אין די יאָרן 1941 און 1942, סיי אויף די שפּאַלטן פון דעם אומלעגאַלן „פּראָלעטאַרישן געדאַנק“, וואָס איז דערשינען אונטער זיין רעדאַקציע. געגלויבט האָט ער אין דעם נצחון פון ראַטנפאַרבאַנד אין יאָר 1941, ווען עס האָט זיך אַלעמען אויסגעדוכט, אַז דער היטלערישער בלאָק פון אייזן און פון שטאָל וועט זיך איבערוועלצן איבער דעם ראַטנפאַרבאַנד, פון וועלכן עס וועט אין אייראָפּע נישט בלייבן קיין שריד ופליט. ח׳ סאַגאַן האָט צוזאַמען מיט דער גאַנצער פּ״צ=באַוועגונג געגלויבט אין דעם נצחון פון דער וועלט=רעוואָלוציע. ער איז געווען זיכער, אַז די צווייטע וועלט=מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן מיט דעם ענדגילטיקן פונאַנדערפאַל פון

---

171 געמיינט קאָמוניסטן.

דער קאפיטאליסטישער ארדענונג, אויף וועמענס ארט עס וועט אויפקומען א נייע סאציאלע ארדענונג, אויף וועמענס חורבות עס וועט זיגן די וועלט-רעוואליציע. ח׳ סאגאן האט געגלויבט, אז דער בלוטדורשטיקער פאשיזם, וואס האט דערפירט צו דער טאטאלער וועלט-שחיטה, וועט פארניכטעט ווערן דורך דער זיגרייכער רויטער ארמיי. פון דער צווייטער זייט אבער האט ח׳ סאגאן פארשטאנען, אז דער ארבעטער-קלאס פון די א. ג. דעמאקראטישע לענדער וועט נישט איבערחזרן די פעלערן פון 1918 יאר און נישט לאזן זיך ארויסרייסן די פרוכטן פון זיג.

ח׳ סאגאן האט זיך נישט באגנוגנט מיט שרייבן ארטיקלען וועגן דער העלדישקייט פון דער רויטער ארמיי און וועגן די רעוואלוציאנערע פערספעקטיוון, וואס עפענען זיך אין רעזולטאט פון דער צווייטער וועלט-מלחמה. ח׳ סאגאן האט געהאלטן, אז ידער יידישער ארבעטער-קלאס דארף, נישט געקוקט אויף זיין שווערער, שרעקלעכער לאגע, מיטהעלפן מיט אלע מיטלען צום זיג פון ארבעטער-קלאס אין דער וועלט. דאס פארשקלאפטע יידישע פאלק אין פוילן, וואס איז דורך דעם אומברחמנותדיקן אקופאנט דערפירט געווארן צו דער מדרגה פון נידעריקער ווי פאריער, האט געהאט גאר קליינע מעגלעכקייטן מיטצוווירקן אויפן פאליטישן געביט. עס בלייבט דער פארדינסט פון אזעלכע פערזענלעכקייטן ווי סאגאן, אז אין די שרעקלעכסטע באדינגונגען האט מען זיך נישט פארלוירן, נישט געווארן אפהענטיק. ח׳ סאגאן האט גערופן די באוווסטזיניקע יידישע ארבעטערשאפט צו א דירעקטן קאמף מיטן אקופאנט. ח׳ סאגאן איז געווען דער איניציאטאר פון דעם געדאנק צו גיין אין וואלד אין די פארטיזאנער-גרופן. צוזאמען מיט די פארשטייער פון אנדערע ריכטונגען האט זיך ח׳ סאגאן אריינגעווארפן אין דער אויסבילדונג פון די ערשטע פארטיזאנער-גרופן. דער ערשטער פארטיזאנער-קורס איז נאך צוויי חדשים טעארעטישער און פראקטישער אויסבילדונג אוועק אין וואלד. אין יולי 1942 יאר האט שוין די צווייטע גרופע אבסאלווירט דעם קורס און זיך געלאזט גיין אין וואלד. עס איז אבער אויסגעבראכן די אויסזידלונגס-אקציע אין יולי 1942 און געמאכט א סוף צו דער אנגעהויבענער ארבעט פון ארייננציען די יידישע יוגנט אין דירעקטן קאמף מיטן אקופאנט.

דער ביישפיל פוןווארשע האט געווירקט אויף דער פראווינץ. דער לאזונג פון קאמף אין דער פארם פון פארטיזאנער-גרופן האט זיך אנגענומען אין דער פראווינץ און האט געפירט הונדערטער און טויזנטער יידישע יוגנטלעכע אין די רייען פון די קעמפער מיט די דייטשן. דער געדאנק פון קאמף האט געגעבן גוטע רעזולטאטן אין דער בארימטער פארטיידיקונג פון ווארשע אין יאנואר און אפריל 1943 יאר[172], אין דער

[172] געמיינט די באוואפנטע ארויסטרעטונגען אין 18—20 יאנואר און בעתן אויפשטאנד אין אפריל—מאי 1943 י. אין ווארשע.

העלדישער פֿאַרטיידיקונג פֿון די ווילנער ייִדן[173], פֿון די ייִדן פֿון ביאַליסטאָק[174], פֿון פֿאַרשיידענע שטעט אין וואָלין און ליטע. אויב די ייִדישע יוגנט, געוועזענע פּראָנט־סאָלדאַטן, די באַוווּסטזיניקע ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט האָט נישט פֿאַרנומען דעם אָרט אין די פּאַרטיזאַנער־קאַמפֿן, איז עס אין דער ערשטער ריי די שולד פֿון די פּוילישע רעגירונגס־קרייזן, וועלכע האָבן צוליב די נאָר זיי פֿאַרשטענדלעכע טעמים מורא געהאַט צו באַוואָפֿענען ייִדן.

ח׳ סאַגאַן האָט אין דער צייט פֿון מלחמה אַנטוויקלט אַ גאָר ברייטע טעטיקייט אויף פֿאַרשיידענע געביטן פֿון געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט. אַממייסטן איז ער געווען איבערגעגעבן דער שול־אַרבעט. אַלס געוועזענער וויצע־פּאָרזיצער פֿון דער ציש״אָ, גיט זיך ח׳ סאַגאַן איבער דער פֿראַגע פֿון דערציִונג פֿון יונגן דור. לויט זיין איניציאַטיוו האָט מען זיך אין די קינדער־קיכן אָנגעהויבן פֿירן אַן אומלעגאַלע דערציִונגס־אַרבעט אין גייסט פֿון די אידעאַלן, פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער ריכטונג, וואָס האָט געהאַט די אפּוטרופּסות איבער דער געגעבענער קינדער־קיך. פֿון קיין ביכער האָט מען מורא געהאַט צו לערנען, אָבער אונטערן מענטעלע פֿון ריינקייטס־אַקציע האָט מען אַדורכגעפֿירט אַ שטיקל פּראָגראַם פֿון ייִדיש, ייִדישער ליטעראַטור, פּויליש א.א. דער אָפּטימיסטישער, גלויבנספֿולער סאַגאַן האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף זיך ווייניק רעכענען מיט די דייטשן און זייערע פֿאַראָרדענונגען. זיי גייט ווייניק אָן וואָס עס טוען דאָרט די ייִדישע דערציִער מיט די ייִדישע קינדער.

אינצווישן האָט ח׳ סאַגאַן צוזאַמען מיט די פֿאָרשטייער פֿון אַנדערע שול־ריכטונגען אויסגעאיבט אַ דרוק אויף דעם פּרעזעס פֿון יודענראַט אינזש. טשערניאַקאָוו, ער זאָל אַרויסבאַקומען פֿון די דייטשן אַ דערלויבעניש אויף עפֿענען שולן. נאָך לאַנגע באַמיונגען איז געלונגען אויסצופּועלן אַ הסכם אויף עפֿענען קינדער־שולן. איצט האָט די שול־קאָמיסיע מיט איר פּאָרזיצער ח׳ סאַגאַן אָנגעהויבן ווידער מאַכן באַמיונגען, די שולן זאָלן נישט געפֿירט ווערן אין דעם גייסט פֿון די פֿאַר־מלחמהדיקע קהלה־שולן, וואָס זענען געווען נעסטן פֿון אַסימילאַציע. עס איז געלונגען צו איבערצייגן דעם שוואַכן טשערניאַקאָוו, אַז מען טאָר נישט דערשטיקן די טעטיקע געזעלשאַפֿטלעכע כוחות, נאָר אַז מען דאַרף איבערלאָזן די אַלע שול־סיסטעמען, וואָס האָבן עקזיסטירט פֿאַר דער מלחמה. אַדאַנק דעם טאַקע האָט ווידער אויפֿגעבליט די באָראָכאָוו־שול אויף נאָוואָליפּקי 68, וואָס איז פֿאַרבאַהאַלטענערהייט געווען טעטיק אַלס קינדער־קיך.

---

173 דער באַוואָפֿנטער זעלבסטשוץ אין ווילנער געטאָ, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון ישראל שנייבלום, איז פֿאָרגעקומען דעם 1־טן סעפּטעמבער 1943, בעת דעם אָנהייב פֿון גירוש אין די לאַגערן אין עסטאָניע.

174 געמיינט דער באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד אין אויגוסט 1943.

אײנע פון די וויכטיקסטע פראַגן פון דעם יידישן לעבן אין געטאָ, — אַ פראַגע וואָס האָט אַרויסגערופן דעם גרעסטן אינטערעס מצד דער געזעלשאַפט, איז געווען די באַציונג צו דער קהלה. די געזעלשאַפטלעכע קרייזן זענען געשטאַנען ווייט פון דער קהלה, האָבן זיך נישט באַטייליקט אין איר אַרבעט און אויסגעמיטן יעדע פאָרם פון מיטאַרבעט. אין אַ גאַנצער ריי דעלעגאַציעס צו טשערניאַקאָוון, וועלכער האָט זיך געוואָלט זיכערן אַ גוטן נאָמען נאָך דער מלחמה און דאָך זיך גערעכנט מיט דער פאַרמלחמהדיקער עפנטלעכער מיינונג, האָבן די פאָרשטייער פון די ריכטונגען מיט ח' סאַגאַן בראש אָנגעוויזן אויף די עוולות, וואָס ווערן באַגאַנגען לגבי דער יידישער באַפעלקערונג מצד דער קהלה און אירע אָפטיילונגען. סאַגאַן איז געווען דער פירשפרעכער פון די געזעלשאַפטלעכע קרייזן. ער האָט עס דער רוב פאָרמולירט די אומצאָליקע טענות לגבי דער קהלה אין דער פראַגע פון שטייערן=פאָליטיק, פון אַרבעטס=לאַגערן, פון מיסברויכן און פראָטעקציע אין דער קהלה, אין דער פראַגע פון פערסאָנאַלער פאָליטיק וכדומה. די שאַרפע קריטיק לגבי דער קהלה צוליב איר פאָלקספיינטלעכער, אַנטיגעזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אָן קיין שום קאָנטראָל מצד דער געזעלשאַפט האָט געווירקט אויף טשערניאַקאָוון. ער איז מסכים געווען צו שאַפן געזעלשאַפטלעכע קאָמיסיעס ביי די באַזונדערע קהלה=אָפטיילונגען, מיט וועמענס מיינונגען עס האָבן זיך געזאָלט רעכענען די לייטער פון די אַנטשפרעכנדיקע אָפטיילונגען. ח' סאַגאַן איז געשטעלט געוואָרן בראש פון דעם דעמאָלט וויכטיקסטן צווייג — פון די אַרבעטס=לאַגערן. ח' סאַגאַן האָט געפרווט אויסצוגלייכן די פאַלשע ליניע פון דער קהילה, וואָס האָט געטריבן אין די אַרבעטס=לאַגערן די אָרעמע שיכטן, באַפרייענדיק די רייכע און פראָטעקציע=קינדער פאַר לאַפוועקעס אָדער פאַר אַ שיבוש=אָפצאָל. ח' סאַגאַן און די פאָרשטייער פון אַנדערע ריכטונגען האָבן זיך גאָר איינגיכן איבערצייגט, אַז די אימפרעזע איז נישט קיין געלונגענע. דער קהילה=אַפאַראַט איז געווען צו שטאַרק אַדורכגעפרעסן דורך דעמאָראַליזאַציע און קאָרופציע, אַז עמעצער זאָל קאָנען עפעס ענדערן אין דעם שוין איינגעשטעלטן, צעפוילטן קהילה=אַפאַראַט. נאָך אייניקע חדשים פון פרוון מצד די געזעלשאַפטלעכע עלעמענטן דאָך עפעס צו דערגרייכן, האָבן זיך כמעט אַלע געזעלשאַפטלעכע קאָמיסיעס אויפגעלעזט. דער איינציקער געווינס פון ח' סאַגאַנס באַטייליקונג אין דער קאָמיסיע ביים אַרבעטס=אַמט איז געווען דאָס אַרויסראַטעווען אַ געוויסע, נישט איבעריק גרויסע צאָל חברים און ווערטפולע פערזאָנען פון די נעגל פון די אַרבעטס=לאַגערן.

ח' סאַגאַן איז אין דער צייט פון מלחמה אויסגעוואַקסן צו אַן אויטאָריטעט, מיט וועלכן אויך קעגנער האָבן זיך גערעכנט. די געזעלשאַפטלעכע עלעמענטן האָבן צוליב דער אַמעריקאַניש=דייטשישער מלחמה און דעם אָפשטעלן דעם צופלוס פון אויסלענדישער הילף מצד דעם „דזשוינט“

אָנגעוווירן זייער באַדייטונג אין דער יס"א. פינאַנסן זענען געלעגן אין די הענט פון די עלעמענטן פון סוחרים=פאַריין, וואָס האָבן ווייניק געהאַלטן פון צאָלן אָנגעשטעלטע שכירות. זיי האָבן די אָנגעשטעלטע פון דער יס"א באַהאַנדלט ווי משרתים אין אַ פּאַרצייטיק געוועלב, וועלכע מען צאָלט ווען מען וויל און וויפל מען וויל. דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז דער נידעריקער הונגער=לוין פון די יס"א=אָנגעשטעלטע איז חדשימלאַנג נישט אויסגעצאָלט געוואָרן. האָט טאַקע דער הונגער אין דעם וואָרט=ווערטלעכן זין געהויזט אין די שטובן פון די יס"א=אָנגעשטעלטע, וועלכע זענען אין זייער איבערוויגנדיקער מערהייט באַשטאַנען פון ווערטפולע עלעמענטן: פון שרייבער, קינסטלער, עסקנים א.א. דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט ביי די קרובהשע אינסטיטוציעס, ביים „צענטאָס" און „טאָז". די אָנגעשטעלטע זענען דעריבער דערפירט געוואָרן צו אַזאַ לאַגע, אַז זייער איינציקער אויסוועג זענען געווען שטרייקן, הגם זיי האָבן גוט געוווסט, אַז יעדער שטרייק קאָן זיך פאַרענדיקן מיט אַ קאַטאַסטראָפע, מיט אַרעסטן וכדומה. אין אַזעלכע פאַלן פלעגן זיך די אָנגעשטעלטע פון די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס ווענדן וועגן אַן אינטערווענץ צום ח' סאַגאַן, אַלס צו דער פּערזאָן, וואָס וועט קאָנען ווירקן אויף די זאַטע כלל=פאַרזאָרגער, זיי זאָלן אַנטקעגנקומען די ווונטשן פון די אָנגעשטעלטע. ח' סאַגאַנס אינטערווענצן פלעגן דער רוב האָבן די געהעריקע פעולה.

די פּאַרטיי איז בשעת דער מלחמה געוואָרן אַ גרויסע זאַך. פאַר דער מלחמה האָבן עקזיסטירט צענדליקער פעדעם פון פּראָפעסיאָנעלן, געזעלשאַפטלעכן, קולטורעלן א.א. כאַראַקטער, מיט וועלכע דער רוב באַוווסטזיניקע עלעמענטן זענען געווען פאַרבונדן. איצט איז געבליבן בלויז די פּאַרטיי. אַרום איר האָבן זיך געוואַרעמט אַקטיווע און פּאַסיווע מיטגלידער, יונגע און אַלטע, וואַרשעווער און פּראָווינצער. די פּאַרטיי, צעבראָכן און צעריבן דורך דעם אָקופּאַנט, טעראָריזירט דורך פּאַרטער, אויסגעליידיקט פון די בעסטע, אָנפירנדיקע און אַקטיווע כוחות, אָפּגעשוואַכט און פאַרקלענערט דורך דער מאַסן=עמיגראַציע קיין ראַטנפאַרבאַנד — איז געבליבן דער איינציקער ווירקנדיקער כוח אויף דער יידישער גאַס[175]. פאַרשטעקט, פאַרבאַהאַלטן אין פּריוואַטע דירות, אין געזעלשאַפטלעכע קיכן און אין אַנדערע קעמערלעך פון דער סאָציאַלער אַליינהילף, האָט די פּאַרטיי געוווּנען אַ מאַגישע קראַפט. זי איז געוואָרן דער איינציקער כוח, פאַר וועלכן עס האָבן געציטערט די יידישע געסטאַפּאָוצעס. זיי האָבן געשפּעט, געמסרט, שאַנטאַזשירט רייכע, זיי האָבן זיך אָבער נישט דערוועגט צוצורירן זיך מיט זייערע שמוציקע הענט צו דער פּאַרטיי. די פּאַרטיי איז געווען דער איינציקער כוח, מיט וועלכן עס האָבן זיך גערעכנט די עולם=הזהניקעס, וואָס האָבן פאַר קיינעם און פאַר קיין זאַך

---

175 אַלס אַקטיווער טוער פון די לינקע פּ.צ. איז ע. רינגעלבלום אין דעם פאַל סוביעקטיוו.

נישט מורא געהאַט, ווייל זיי האָבן אַלץ געשטעלט אויף דער קעגנוואַרט, אויף דעם היינטיקן טאָג. די פּאַרטיי איז געוואָרן דאָס שרעקנסוואָרט, וואָס עס האָבן געפּרעפּלט מיט שרעק די אָנגעפּרעסענע גבירים, וועלכע האָבן קיין גראָשן נישט געוואָלט געבן פאַר פּאַרטיידיקונגס=צוועקן. די פּאַרטיי איז געוואָרן דאָס וואָרט, וואָס די יידישע פאָלקס=מאַסע האָט דערמאָנט מיטן גרעסטן יראת=הכבוד ווי די פאַרקערפּערונג פון דעם שענסטן, פון דעם יושרדיקן אין דעם אַרומיקן ים פון רשעות. די פּאַרטיי איז געוואָרן די קראַפט, וואָס האָט נישט דערלאָזט, אַז דאָס גאַנצע יידישע לעבן זאָל ווערן סדום, ווו עס הערשן די פויסט און פיזישע געוואַלד. די פּאַרטיי האָט נישט דערלאָזט, אַז די יידישע געסטאַפּאָווצעס זאָלן באַהערשן דאָס יידישע לעבן. דאָרט, ווו די פּאַרטיי האָט זיך אַריינגעמישט, פון דאָרט האָט זיך מיט דרך=ארץ צוריקגעצויגן די יידישע געסטאַפּאָ.

נעמט מען דאָס אויביקע אין אַכט, וועט מען פאַרשטיין וויאַזוי אַזעלכע מענטשן ווי סאַגאַן, דער פירער פון אַ לינקער באַוועגונג, וועמען טויזנטער וואַרשעווער יידן האָבן געקענט פון זיינע אַרויסטרעטונגען אין דער קהלה, אויף גרויסע וואַל=מיטינגען, אויף פּאַרטיי=פאַראַנשטאַלטונגען, אויף הויז=פאַרזאַמלונגען בשעת דער מלחמה — האָט זיך עטלעכע יאָר מלחמה געקאָנט פריי באַוועגן אין דער גאַס און ווירקן אָן מורא פאַר קיינעם. געוווסט וועגן סאַגאַנען האָט סיי דער גראָב=יונגישער, געפערלעכער געסטאַפּאָוויעץ יאָסל „קאַפּאָטע“ (ערליך), וואָס האָט גוטברודעריש געקלאַפּט ח׳ סאַגאַן איבער די פּלייצעס און אים געזאָגט: „דיך וועל איך נישט טשעפּען, ווייל דו ביסט אַ נאַש בראַט“ — און סיי דער אינטעליגענטער זשורנאַליסט, דער אבי אבות הטומאה גאַנצוויַיג, וואָס האָט געפּלייסט זיך אַריינצובאַקומען אין זיינע נעצן מיטגלידער פון פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען. זיי — די געסטאַפּאָווצעס — האָבן געוווסט, אַז וועט אַ האָר פון קאָפּ פאַלן פון ח׳ סאַגאַן, דעמאָלט איז זייער לעבן נישט ווערט קיין האַלבע פּרוטה. איך געדענק אַ שטורמישע סצענע, ווען אַ גרופּע פּאַרטיי=חברים מיט ח׳ בערלינסקי [176] פון לאָדזש בראש האָבן זיך געאַמפּערט מיטן ח׳ סאַגאַן וועגן אַ טעראָר=אַקציע קעגן אַ שאַנטאַזשיסט, וואָס האָט פאַרלאַנגט לאַ=יחרץ=געלט פון ח׳ סאַגאַן. די פּאַרטיי=גרופּע האָט דעם חברה=מאַן געוואָלט אַוועקליינגן. עס האָט דעם ח׳ סאַגאַן און אַנדערע אָנפירנדיקע חברים געקאָסט אַ סך מי אָפּצוהאַלטן די פּאַרטיי=גרופּע פון דעם פּריציייטיקן שריט. דער שלום=בית צווישן דער פּאַרטיי און די געסטאַפּאָווצעס האָט שפּעטער שוין נישט אָנגעהאַלטן. ווען די פּאַרטיי איז אַרויס מיט דער לאָזונג פון פאַרטיידיקונג, זענען די ערשטע

---

[176] הירש בערלינסקי (1908—1944), טוער פון די לינקע פּ.צ., מיטגליד פון שטאַב און קאָמאַנדיר פון אַ קאַמפּס=גרופּע פון זשאָב, אָנטיילנעמער אין אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ, געפאַלן בעתן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין וואַרשע, אויגוסט 1944 י.

קרבנות געפֿאַלן די יידישע געסטאַפּאָווצעס[177]. די הענטשקע האָט געוואָרפֿן די פּאַרטיי... ה' סאַגאַן איז שוין אָבער דעמאָלט נישט געווען.

ה' סאַגאַן האָט כסדר געוואָלט אָפּטון היטלערן אויף צו להכעיס. היטלער האָט געוואָלט אין דער ערשטער ריי אומברענגען די יידישע קינדער, חבר סאַגאַן האָט געבויט קיכן פֿאַר די הונגעריקע, גויטלויידנדיקע קינדער פֿון דער יידישער אָרעמקייט. ה' סאַגאַן האָט אויף צו להכעיס היטלערן אויפֿגעשטעלט אַן אינסטיטוציע, וועלכע פּועלי=ציון לינקע זענען נישט געווען אימשטאַנד אויפֿצובויען פֿאַר דער מלחמה. איך מיין דאָ די פּרעווענטאָריע פֿאַר קראַנקע קינדער אין ראַדאָשטש, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער איניציאַטיוו און באַמיונגען פֿון ה' סאַגאַן מיט דער הילף פֿון „דזשוינט". מען האָט געדאַרפֿט זען מיט וויפֿל ליבשאַפֿט און זאָרגעווודיקייט ה' סאַגאַן האָט מיט די אייגענע הענט צונויפֿגעשטעלט דעם אינווענטאַר פֿון דער אַנשטאַלט. אויף צו להכעיס היטלערן האָט ה' סאַגאַן מיט דער הילף פֿון אַ ספּעציעלן פּאַטראָנאַט געשאַפֿן אַזעלכע באַדינגונגען אין דער באָראָכאָוו=שול אויף נאָוואָליפּקי 68, אַז דער לאָקאַל איז נאָכן רעמאָנט געווען אַ סך שענער, ריינער און עסטעטישער ווי פֿאַר דער מלחמה.

אויף צו להכעיס היטלערן, וואָס האָט געוואָלט די יידישע באַפֿעלקערונג אין פּוילן מאָראַליש צוזאַמענברעכן, דערפֿירן צו אַ כוואַליע פֿון זעלבסטמאָרדן, צו שטענדיקן יאוש און פֿאַרצווייפֿלונג, האָט ה' סאַגאַן געשטעלט זיך פֿאַר אַ ציל צו צעטרייבן די שווערע וואָלקנס פֿון יאוש און צוזאַמענברוך. ה' סאַגאַן איז אַרומגעגאַנגען אַ מונטערער, אַ פֿריילעכער, פֿול מיט גלויבן אין דעם ענדגילטיקן נצחון פֿון אַרבעטער=קלאַס, אין דער ענדגילטיקער מפּלה פֿון פֿאַשיזם אין זיינע פֿאַרשיידענע געשטאַלטן. אפֿילו אין די שווערע מאָמענטן פֿון יידישן ישוב אין פּוילן, ווען די רעדעם פֿון דעם פֿאַרשאָלטענעם „פֿירער" האָבן אָנגעזאָגט, אַז די יידן, וואָס לאַכן נאָך, וועט פֿאַרגיין דאָס געלעכטער, האָט ה' סאַגאַן אַלעמען אָנגעשטעקט מיט זיין נאַטירלעכן, געזונטן הומאָר, צוליב וועלכן עס האָבן אים אַזוי ליב געהאַט אייגענע און פֿרעמדע, נאָענטע און ווייטע.

„געוואַלד, יידן זייט אייך נישט מתייאש" — די לאָזונג האָב איך אַראָפּגעלייענט פֿון די ווענט פֿון דעם בראַסלאַווער שטיבל פֿון די „טויטע חסידים"[178] אויף נאָוואָליפּיע=גאַס. די לאָזונג איז געוואָרן דאָס מאָטאָ פֿון ה' סאַגאַנס טאָגטעגלעכער פּראָפּאַגאַנדע. מיט דער לאָזונג פֿלעגט ער אַרויסטרעטן אויף פּאַרטיי=פֿאַרזאַמלונגען, אויף פֿאַרזאַמלונגען פֿון הויז=קאָמיטעטן, אויף גרויסע ליטעראַריש=קינסטלערישע אימפּרעזעס, וועלכע די יס"א, דער „ייקאר" (יידישע קולטור=אָרגאַניזאַציע) אָדער די פּאַרטיי פֿלעגן זייער אָפֿט איינאָרדענען. „מיר וועלן איבערלעבן די מל=

177 געמיינט פֿורסט, לייקין, נאָסיג א.א.

178 אַזוי האָבן זיך אָנגערופֿן די בראַסלאַווער חסידים.

חמה" — האָט ח' סאַגאַן געדונערט אויף אַזעלכע פאַרזאַמלונגען אויף צו להכעיס די בייזע כוחות, וואָס ווילן אונדז פאַרטיליקן. דער, וואָס האָט זיך דעמאָלט צוזאַמענגעטראָפן מיט דעם יידישן פאָלקס־מענטש, וואָס האָט יעדן טאָג געהאַט אויסצושטיין נייע גזירות און צרות, קאָן פאַרשטיין וואָס פאַר אַ גרויסע באַדייטונג עס האָבן געהאַט אַזעלכע ווער־טער אָרויסגעזאָגט באמונה שלימה פון אַן עפנטלעכער טריבונע. אויב עס איז נישט דערגאַנגען צו קיין מאָראַלישן צוזאַמענברוך פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, אויב די כוואַליע פון זעלבסטמאָרדן ביי יידן איז בשעת דער מלחמה נישט געווען קיין גרעסערע ווי פאַר דער מלחמה, האָבן מיר עס צו פאַרדאַנקען אַזעלכע עסקנים ווי סאַגאַנען.

מיט דעם וויץ זיינעם, מיט דעם הומאָר פלעגט סאַגאַן מנצח זיין אפילו... דייטשן. איינמאָל איז אין אַ טויער געשטאַנען אַ דייטש, וועלכער האָט יידן געכאַפּט צו דער אַרבעט. ח' סאַגאַן האָט נישט באַמערקט דעם דייטש און איז דורך אים פאַהאַלטן געוואָרן. ח' סאַגאַן האָט אויף אים אָנגעשטעלט זיינע גרויסע לאַכעדיקע אויגן, אַ זאָג געטאָן — „האַסטו טאַקע נישט קיין יינגערע מענטשן צו דער אַרבעט" — און אַוועק נאָך איידער דער צעטומלטער דייטש האָט זיך געקאָנט אָריענטירן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. אפילו די שווערסטע איבערלעבונגען פלעגט סאַגאַן פאַרוואַנדלען אין אַ וויץ. ווען מען האָט אים געכאַפּט צו דער אַרבעט אין ס.ס.־גוט אין פאַלענטי (לעבן וואַרשע), האָט ח' סאַגאַן גאַנצע טעג געהאַט צו פאַרציילן מיט הומאָר וועגן זיינע איבערלעבונגען דאָרט.

ח' סאַגאַן האָט מיט זיין אָפענעם, פריינדלעכן כאַראַקטער איינגע־נומען אַלעמען. אפילו קעגנער האָבן אים ליב געהאַט. דער אַלטער געפּ־נער, דער פאָרזיצער פון דער אָפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג ביי דער קהלה, וואָס האָט אויף זיין אויטאָקראַטישן, פאַרציימיקן שטייגער געפירט די אַפּראָוויזאַציע פון דעם געטאָ אָן שום קאָנטראָל מצד דער געזעלשאַפט, האָט שטאַרק ליב געהאַט סאַגאַנען צוליב זיין וויץ, זיין הומאָר. דער אַלטער געפּנער האָט זיך שטאַרק געמישט אין די ענינים פון די יידישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס און אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון רעאָרגאַניזירונג פון דער יידישער הילפס־אַרבעט, לויט וועלכן די גאַנצע אָנפירונג מיט דער אינסטיטוציע האָבן באַדאַרפט איבערנעמען די באַאַמטע. סאַגאַן האָט דעם פּלאַן פון ביוראָקראַטיזירן די הילפס־אָרגאַניזאַציעס שטאַרק באַקעמפט און אויף אַ זיצונג אַוועקגעלייגט מיטן פאָלגנדיקן ווערטל: „ווען איך, פאַניע געפּנער, וואָלט איבערגענומען די אָנפירונג פון אייער מעמאָל־אונטערנעמונג, וואָלט איך זי אין אַ פּאָר וואָכן אַוועקגעלייגט — דאָס זעלבע וועט געשען, ווען איר, פאַניע געפּנער, וועט זיך אַריינמישן אין די ענינים פון סאָציאַלער הילף. זי וועט דעמאָלט האָבן דעם זעלבן פּנים וואָס אייער געשעפט אונטער מיין אָנפירונג".

דעם זעלבן אָפּטימיזם פלעגט סאַגאַן אַריינגיסן אין די רייען פון פּאַרטיי־חברים, וועלכע ער פלעגט אויף פּאַרטייאישע פאַרזאַמלונגען

אויפמונטערן און וועקן צו ווייטערדיקער טעטיקייט. איך געדענק די לעצטע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג אין דעם ניי צוגעטיילטן לאָקאַל אויף וואָלנאָשטש 96, די לעצטע פאַר דער אויסזידלונג פון די וואַרשעווער יידן. דער רחבותדיקער לאָקאַל מיט אַ גרעסערער צאָל שול־זאַלן האָט געדינט פאַר אַ פּאָלקס־קיך. דאָרט האָט מען אויך פאַר די ווערטפולע עלעמענטן פון דער אַרבעטערשאַפט אַרויסגעגעבן פרישטיקן און מיטאָגן. אין אַ שבת, ערגעץ אין מערץ 1942 יאָר, איז פאָרגעקומען די פייערלעכע דערעפענונג פון דער נייגעגרינדעטער פּאַרטיי־קיך. געווען איז עס אַ פּאָר חדשים פאַר דער יולי־שחיטה, פאַר דעם אונטערגאַנג פון דער יידישער וואַרשע. אין זאַל זענען געווען פאַרזאַמלט כמעט 200 פּאַרטיי־חברים און חברטעס, פון וועלכע 97% איז פּונקט ווי די גאַנצע יידישע וואַרשע אַוועק קיין טרעבלינקע אָדער אין די לאַגערן פון ס.ס.,וו עס האָט זיי מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער דערגרייכט דער טויט. ביים טיש זענען געזעסן: לאָזער סטאָלער (ריכטער), איינער פון די עלטסטע פּאַרטיי־חברים, פאָרזיצער פון דעם פּ״צ־יסטישן בוי־פאַריין, מלך פיינקינד (עסדעק), אַן אויסגעפּרוווטער אַלטער חבר, מיטגליד פון הויפּט־ראַט פון פּ״צ. ד״ר בערמאַן, אַ חבר פון דער יינגערער גענעראַציע, וואָס איז בשעת דער מלחמה אויסגעוואַקסן צום אָנפירער פון דער קינדער־געזעלשאַפט „צענטאָס“, ברוך שאַפּירא, געוועזענער ראַטמאַן פון לאָדזשער שטאָט־ראַט, פּאָלע עלסטער[179], אַ יונגע אָבער טעטיקע חברטע פון דער יונגער גענעראַציע, חבר סמאָלאַר[180] און חברטע הערצליכט, די לייטערין פון דער באָראָכאָוו־שול אויף נאָוואָליפּקי 68, אברהם פריינד, איינער פון די עלטסטע חברים פון גאַליציע, איינער פון די בויער פון דער יוגנט־באַוועגונג. ווייטער, אַ לאָדזשער חבר, וואָס האָט זיך בשעת דער מלחמה באַשעפטיקט מיט זאַמלען מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער יידישער טראַגעדיע אין פּוילן, לענט, אַן אַקטיווער אַלטער פּאַרטיי־חבר, איינער פון די דריי יידן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין די שטאָטישע טראַמווייען; טיטעלמאַן, דער בויער פון דעם ספּאָרט־קלוב „שטערן“ א.אַ.

ביי שיין געדעקטע טישן האָט מען קאָנסומירט דאָס געמיינזאַמע מיטאָג־עסן. דעם טיש האָט געפירט חבר סאַגאַן. קיין רעדעס האָט מען נישט געהאַלטן צוליב פאָרזיכטיקייט. עס איז אָבער געווען גענוג, אַז די חברים זאָלן זיך צונויפטרעפן נאָך אַזאַ לאַנגן איבעררייס, אַז עס זאָלן זיך אין דער לופטן הערן די נישט גערעדטע רעדעס. עס איז געווען, ווי עס שטייט אין דער עוואַנגעליע, דאָרט וו צוויי האָבן זיך צונויפגעקומען צוזאַמען, דאָרט בין איך (קריסטוס) דאָ צווישן זיי. ח׳ סאַגאַנס

---

179 פּאָלע עלסטער (1909—1944), טוערין פון די לינקע פּ.צ., אַקטיוויסטקע פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, מיטגליד פון אונטערערדישן אַלגעמיין־פּוילישן לאַנדראַט (ק.ר.נ.), געפאַלן אין וואַרשעווער אויפשטאַנד, אויגוסט 1944 י.

180 נתן סמאָלאַר (1898—1943).

הויכע, ברייטבײנערדיקע געשטאַלט האָט געהערשט איבער דעם גרויסן זאַל. זיין געזונט געלעכטער האָט אַלעמען אָנגעשטעקט מיט פרייליכקייט. מען האָט אויף אַ פּאָר שעה פאַרגעסן וועגן די דייטשן, אפילו וועגן די געטאָ=מויערן, וואָס זענען געווען פּונקט קעגנאיבער דעם הויז. בלויז איינצלנע שאָסן פון די זשאַנדאַרן=פּאַטראָלן, וואָס האָבן זיך אָפּגערעכנט מיט די שמוגלער, האָבן געגעבן צו וויסן וועגן דעם, אַז דער אָקופּאַנט איז נאָך דאָ אין וואַרשע. דאָס איז געווען דער לעצטער זונען=שטראַל, איידער די זון גייט אונטער... די לעצטע פּועלי=ציון=פאַרזאַמלונג אין וואַרשע...

אין די ערשטע צייטן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין פּוילן זענען געווען געוויסע מעגלעכקייטן אַרויסצופאָרן קיין ארץ=ישראל. עס איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן די קאָאָרדיניר=קאָמיסיע פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכער ח׳ סאַגאַן האָט רעפּרעזענטירט די פּועלי=ציון לינקע. די דאָזיקע קאָמיסיע האָט דיספּאָנירט מיט די צערטיפיקאַטן, אויפן גרונט פון וועלכע אַ געוויסע צאָל פּערזאָנען זענען טאַקע אַוועקגעפאָרן קיין א״י. חברים האָבן פאַרלאַנגט פון ח׳ סאַגאַן, ער זאָל נישט שטעלן אין סכנה זיין פּערזאָן און וואָס גיכער אַרויספאָרן קיין א״י. ח׳ סאַגאַן איז אָבער נישט מסכים געווען. ער וועט אַרויספאָרן דער לעצטער, ווען די חברים, וועלכע די פּאַרטיי האָט באַשטימט, וועלן שוין זיין אויף יענער זייט גרענעץ.

עס קומט פאָר די אויסזידלונג פון לובלין. דער עולם פאַרשטייט, אַז איצט קומט די ריי אויף וואַרשע. ח׳ סאַגאַן האָט נישט קיין אילוזיעס. ער פאַרשטייט, אַז אויך די הויפּטשטאָט וועט נישט אויסמיידן דער גורל פון לובלין. ח׳ שכנא פאַרלירט זיך נישט. עס פאַרשווינדט דער שמייכל פון ח׳ סאַגאַנס פּנים. ער ווערט ביטער ערנסט. ער זעט דעם טויט פאַר די אויגן. ער מאַכט הכנות צו דעם גרויסן אומגליק, צו דער שוואַרצער כמאַרע, וואָס רוקט זיך אָן אויף וואַרשע. עס ווערן געגרייט פּאַרטיזאַנער=גרופּן, וואָס זאָלן פירן אַ קאַמף מיטן שונא. אויף דער טאָגאָרדענונג ווערט אַוועקגעשטעלט די פראַגע פון פאַרטיידיקונג. מען קאָן אָבער נישט באַקומען קיין געווער. עס קומען זיך צוזאַמען די פאָרשטייער פון אַלע ריכטונגען מיט דער באַטייליקונג פון ח׳ סאַגאַן און באַשליסן נישט אַרויסצוטרעטן דערווייל קעגן דער ס.ס.[181]. מען האָט מורא די פאַרטיידיקונג זאָל נישט דינען אַלס פּרעטעקסט צו דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ. בעת עס קומט פאָר די באַראַטונג פון די פּאַרטיי=פאָרשטייער, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג — ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן איז דער קלאַנג פאַרשפּרייט געוואָרן דורך יידישע געסטאַפּאָווצעס — אַז די אַקציע האַלט שוין ביים פאַרענדיקן זיך. די באַראַטונג פון די פּאַרטייען האָט מורא געהאַט, אַז די

---

[181] זע אין טעקסט ז׳

פּריצייטיקע פאַרטיידיקונגס-אַקציע קאָן האָבן טרויעריקע פאָלגן. מען האָט דעריבער באַשטימט זיך אַ צווייט מאָל צונויפטרעפן און אָפּוואַרטן דערווייל דעם ווייטערדיקן פאַרלויף פון דער אַקציע. קיין צווייט מאָל איז מען זיך אָבער שוין נישט צוזאַמענגעטראָפן. ח׳ סאַגאַן איז שוין נישט געווען, ער איז געוואָרן „אויסגעזידלט“ קיין טרעבלינקע. קיין צווייט מאָל האָט מען זיך נישט צוזאַמענגעטראָפן, ווייל עס איז נישט געווען קיין פיזישע מעגלעכקייט זיך צו טרעפן צוליב די שרעקלעכע בלאָקאַדעס, וואָס האָבן אוממעגלעך געמאַכט דאָס צוזאַמענטרעפן זיך פון עסקנים.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די אויסזידלונגס-אַקציע אין וואַרשע אין יולי 1942 און דער יידישער „אָרדנונגסדינסט“ האָט איבערגענומען די אָנפירונג מיט דער אַקציע, איז ח׳ סאַגאַן געווען אויסער זיך. ער האָט געהאַלטן, אַז די יידישע קהלה האָט זיך דערפון געדאַרפט אָפּזאָגן אפילו ווען דאָס זאָל דראָען די דייטשן זאָלן דאַרפן פירן די אַקציע און דאָס זאָל קאָסטן טייערער די יידישע באַפעלקערונג, הגם מען האָט געקאָנט האָפן, אַז ווען די קהלה וועט פירן די אַקציע, וועט מען קאָנען אָפּראַטעווען די ווערטפולע עלעמענטן. ח׳ סאַגאַן האָט דאַן באַזוכט דעם אַבמאַן פון יודענראַט און אים אויסגעדריקט זיין פּראָטעסט קעגן דער אומווירדיקער האַנדלונג פון דער קהלה, וואָס האָט גענומען אויף זיך די ראָל פון תלין און אונטערהעלפער פון די ס.ס.-מערדער — די טרויעריק באַרימטע „יודען-זיעגער“.

ח׳ סאַגאַן האָט זיך נישט געקאָנט פּאַסיוו צוקוקן צו די שרעקלעכע סצענעס, ווי יידישע אָרדנונגסמענער כאַפּן קינדער פון די גאַסן און לאָדן זיי אויף די וועגן, וועלכע גייען צום אומשלאַג-פּלאַץ. ער האָט נישט געקאָנט טאָלערירן, ווי די יידישע אָרדנונגסמענער שלעפּן פאַר די האָר יידישע פרויען, וואָס רייסן זיך פון די נעגל פון טויט. איין מאָל האָט סאַגאַן בשעת אַזאַ ברוטאַלער סצענע שטאַרק אינטערווענירט, הלמאי די אָרדנונגסמענער פירן זיך אויף אַזוי ברוטאַל. די צעיושעטע חברהלייט האָבן דאָס נישט געקאָנט פאַרטראָגן, האָבן זיך געוואָרפן אויפן ח׳ סאַגאַן און געוואָלט אים אַרויפשלעפּן אויפן וואָגן צום אומשלאַג-פּלאַץ. עס האָט זיך אָבער געפונען אַן אָרדנונגסמאַן, וועלכער האָט דערקענט דעם ח׳ סאַגאַן און אים באַפרייט פון דער באַלאַגערונג.

קיינער האָט נישט געקאָנט פאָרויסזען, אַז גראָד ח׳ סאַגאַן וועט זיין צווישן די ערשטע קרבנות פון אויסזידלונגס-שטאַב. ח׳ סאַגאַן איז פון דער נאַטור געווען אַן אָפּטימיסט. אויף דער פראַגע, וואָס איז כמעט יעדן טאָג איבערגעחזרט געוואָרן דורך די מיליאָנען פּוילישע יידן: צי וועט מען איבערלעבן די מלחמה, צי וועלן די היטלער-מערדער אָפּשטעלן זייער שחיטה אָדער אַדורכפירן זייער פאַרניכטונגס-פּלאַן ביזן סוף, האָט ח׳ סאַגאַן געהאַט זיין אָריגינעלע תשובה: מיר, יידן, זענען אַ צד, מיט וועלכן היטלער פירט מלחמה. מיר זענען אויפן פראָנט און אַלס געוועזענער פראָנט-סאָלדאַט פון יענער וועלט-מלחמה, האָט ח׳ סאַגאַן

געוווסט, אַז אַ זעלנער קאָן יעדע מינוט טרעפן אַ קויל. יעדער ייִד דאַרף יעדע מינוט זיין גרייט אויף דער קויל פון שונא. ח׳ סאַגאַן איז געווען אַ פּאַטאַליסט. ער האָט נישט געהאַלטן פון קיין פאָרזיכט־מיטלען. ווען מיר האָבן אים געוואָרנט און געבעטן ער זאָל זיך היטן, נישט נעכטיקן אין דער היים — האָט ער וועגן דעם נישט געוואָלט הערן. אפילו אין דער באַרטאָלאָמעוס־נאַכט פון די וואַרשעווער יידן, אין דער נאַכט פון 17 אויפן 18 אַפּריל 1942 יאָר, ווען אויף די גאַסן פון וואַרשע זענען אויסגעשאָכטן געוואָרן איבער 50 פּערזאָן, האָט ח׳ סאַגאַן, נישט געקוקט אויף אונדזער בקשה און וואָרענונג, גענעכטיקט אין דער היים.

עס איז געקומען דער טרויעריק־באַרימטער פרייטיק, דער 5 אויגוסט 1942 יאָר. ער איז געווען אין די ערשטע צוויי וואָכן פון דער איבערזידלונגס־אַקציע. די „אַקציע“ האָט זיך נאָך געפונען אין די הענט פון יידישן „אָרדנונגסדינסט“, וואָס האָט יעדן טאָג צוגעשטעלט דעם ס.ס.־מולך די געפאָדערטע צאָל קרבנות. דעם 5 אויגוסט האָט געטראָפן, אַז די יידישע פּאָליציי האָט נישט געקאָנט צושטעלן דעם געפאָדערטן קאָנטינגענט. די ליידיקע וואַגאָנען קיין טרעבלינקע האָבן געדאַרפט זיין לער, זיי האָבן געוואַרט אויף זייער רויב. זענען זיך די ס.ס. מיט די אוקראַינער אין די שפּעטע אָוונטשעהן מטריח געווען אויף נאָוואָליפּיע, וואָס האָט אגב געדאַרפט אויסגעליידיקט ווערן פאַר דעם ווין־בלאָק פון דער פירמע שולץ. זיי האָבן אָפּגעשניטן די גאַס, בלאָקירט זי פון אַלע זייטן און צוגענומען אַלע איינוווינער פון די בלאָקירטע הייזער אויפן אומשלאַג־פּלאַץ און פון דאָרט אין די וואַגאָנען קיין טרעבלינקע. בייטאָג, ווען די יידישע פּאָליציי האָט אונטער דער אויפזיכט פון די דייטשן געפירט די אַקציע, איז מעגלעך געווען אויפן אומשלאַג־פּלאַץ גופא צו באַפרייען געוויסע פּערזאָנען. אין אָוונט, ווען די ס.ס. האָט אַליין געפירט איר טייוואָלישע שפּיל, האָבן קיין שום אינטערווענצן נישט געהאָלפן. מען האָט נישט האָנאָרירט און בכלל נישט געקוקט אויף קיין שום פּאַפּירן. אַלץ איז געגאַנגען דירעקט אין די טויטן־וואַגאָנען קיין טרעבלינקע. דעם טרויעריק־באַרימטן פרייטיק איז ח׳ שכנא געווען צו באַזוך ביי זיינע פריינד. דאָרט האָט ער זיך דערוווּסט, אַז נאָוואָליפּיע־גאַס, ווו ח׳ סאַגאַן האָט געוווינט, איז בלאָקירט דורך ס.ס. ח׳ סאַגאַן האָט געוווּסט, וואָס אים דראָט מצד די דייטשן. ער האָט אָבער געוואָלט טיילן דעם גורל פון זיין פאַמיליע, פון זיין פרוי מיט צוויי קינדער. ער איז אַוועק אויף נאָוואָליפּיע, פון וואַנען ער איז צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקע. ח׳ סאַגאַן האָט געוווינט אין איין דירה מיט דעם באַקאַנטן שרייבער שיע פּערלע און דעם זשורנאַליסט בן־ציון כיליגאָוויטש. פּערלע האָט באַשלאָסן נישט אַראָפּצוגיין אויף דער גאַס, הגם די ס.ס. האָבן געדראָט, אַז יעדער ייִד, וועלכן זיי וועלן טרעפן אין שטוב, וועט דערשאָסן ווערן. פּערלע האָט געהאַלטן, אַז עס איז גלייכער צו בלייבן אין שטוב איידער צו זוכן דעם טויט אין טרעבלינקע. אויך ח׳ סאַגאַן האָט

געהאַט באַשלאָסן צו בלייבן אין זיין דירה אויפן 5-טן שטאָק. ווען ער איז אָבער צוגעקומען צו זיין הויז, איז שוין זיין פאַמיליע געשטאַנען אין גאַס אין די רייען אין דער ריכטונג פון אומשלאַג-פּלאַץ. בלית ברירה האָט זיך ח׳ סאַגאַן אָוועקגעשטעלט אין דער ריי, וואָס האָט געפירט צום טויט. פערלע איז טאַקע ניצול געוואָרן. די ס.ס. האָט זיך נישט געגלוסט צו קריכן אויפן 5-טן שטאָק.

דאָס צונעמען פון ח׳ סאַגאַן האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג. מען האָט נישט געוואָלט גלייבן, אַז ח׳ סאַגאַן איז צוגענומען געוואָרן. דעם צווייטן טאָג האָבן זיך געפונען פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך געשוווירן, אַז זיי האָבן געזען סאַגאַנען. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געוווסט צו פאַרציילן, אַז סאַגאַן איז אַריבער אויף דער אַרישער זייט. פריינד און חברים האָבן נישט געוואָלט גלויבן, אַז אַזאַ מוטיקער, לעבנסלוסטיקער חבר און פירער זאָל האָבן אומגעקומען אויף אַזאַ אומזיניקן אופן.

געווען דעמאָלט אַ גאָר גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט אָנגענומען באמונה די "קאַטשקע" פון דער קהלה, אַז וואַרשעווער יידן גייען אויף מזרח צו לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע. גאָר וויניק מענטשן האָבן דעמאָלט געגלייבט אין דעם טרעבלינגקער טויטן-לאַגער. דאָס שטילשווייגן פון ח׳ סאַגאַן אין משך פון לאַנגע וואָכן האָט ענדגילטיק געמאַכט אַ סוף צו די אַלע קלאַנגען וועגן דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע אויפן מזרח. מען האָט ערשט דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז אַלץ גייט צום טויט.

## יצחק גיטערמאַן —
## דער דירעקטאָר פון „דזשוינט“ אין פוילן

די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון דיר. גיטערמאַן האָט זיך אָנגעהויבן אין די צייטן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה. זיין אָפּפערפולע אַרבעט פאַר די גאַליצישע פליטים, וועלכע זענען אין די טויזנטער געבראַכט געוואָרן קיין אוקראַינע, האָט ער אויספירלעך און מיט טאַלאַנט באַשריבן אין דער אויסגאַבע פון מ. שאַליט „אויף חורבות פון מלחמות“. דאָרט געפינען מיר אַ פולע ידיעות וועגן גיטערמאַנס יוגנט אין קיעוו, ווו ער איז אויפגעצויגן געוואָרן אין אַן אמתדיקער יידישער משכילישער שטוב מיט טראַדיציעס פון חסידות פון דער מאַמעס צד, וועלכע האָט געשטאַמט פון דער באַקאַנטער משפחה שניאורזאָן.

דער באַקאַנטער קריטיקער ניגער האָט זיך אויסגעדריקט מיט גרויס אָנערקענונג וועגן די לעבעדיק אָנגעשריבענע ביאָגראַפישע בלעטלעך פון גיטערמאַנען און געהאַלטן, אַז מען דאַרף גיטערמאַנען איינזעצן אין תפיסה, אַז ער זאָל פאַרענדיקן די ביאָגראַפישע בלעטלעך. דער מחבר

פון די שורות האָט נישט איינמאָל גערעדט מיטן דיר. גיטערמאַן ווענן קאָנטינואירן די דאָזיקע בלעטלעך. אָבער וויפל מאָל איך האָב אים נישט דערמאָנט, האָט ער עס נישט באַוויזן צו מאַן צוליב איבערגעלאָדנקייט מיט אַרבעט. פּאָליטיש האָט ח׳ גיטערמאַן געהערט צו ס.ס.[182], וואָס האָבן פאַר דער וועלט־מלחמה געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אין רוסלאַנד.

ח׳ י. גיטערמאַן קומט קיין פּוילן אין יאָר 1920 און איז טעטיק לכתחילה אין דעם אוקראַיִנישן קאָמיטעט, וואָס האָט טויזנטער אוק־ראַיִנישע יידן איבערוואַנדערער, קרבנות פון פּעטלורעס פּאָגראָמען געהאָלפן אַרויסצופאָרן קיין אַמעריקע. שפּעטער גייט ער איבער אין „דזשוינט“, וואָס האָט דעמאָלט געפירט אַ פאַרצווייגטע הילפס־טעטיקייט אין פּוילן. דער „דזשוינט“ וויל היילן די מלחמה־חורבות און אויפבויען די פאַרניכ־טעטע, פאַרברענטע יידישע ישובים. גאַנצע שטעטלעך ווערן צוריק אויפ־געשטעלט. אין בריסק ווערט אַ גאַנצער שטאָט־קוואַרטאַל אויפגעשטעלט צוריק מיט די מיטלען פון „דזשוינט“. אַדאַנק דעם „דזשוינט“ ווערן אויפ־געשטעלט מעכטיקע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי דער פאַרבאַנד פון קאָאָפּעראַטיוון, וואָס וויל מיט הלוואות העלפן דעם יידישן סוחר און בעל־מלאכה; דעם פאַרבאַנד פון יתומים־צענטראַלעס („צענטאָס“) און די געזעלשאַפט צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקע־רונג („טאָז“). די דאָזיקע געזעלשאַפטן אַנטשטייען אויפן אָרט פון אַנטשפּרעכנדע דעפּאַרטאַמענטן ביים „דזשוינט“, וועלכע גייען בהדרגה איבער אין די הענט פון דער אָרטיקער געזעלשאַפט.

דאָס יידישע לעבן האָט זיך פּאַמעלעך אויסגעהיילט פון די מלח־מה־וווּנדן און דער „דזשוינט“ האָט געהאַלטן פאַר איבעריק צו פירן ווייטער זיין הילפס־אַרבעט. אין יאָר 1926 ברעכט אויס אין לאַנד אַ שווע־רער עקאָנאָמישער קריזיס. דער רוף נאָך הילף דערגייט קיין אַמעריקע. דער „דזשוינט“ באַשליסט צו באַנייען זיין הילפס־אַרבעט. גיטערמאַן, וועלכער איז אינצווישן געווען באַשעפטיקט אין דעם באַקאַנטן ביכער־פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, ווערט גערופן דורך דער „דזשוינט“־צענטראַלע אין בערלין צו באַנייען די אַרבעט אין פּוילן. עס אַנטשטייען דעמאָלט אין די גרעסערע שטעט הילפס־קאָמיטעטן, וואָס באַקומען דעמאָלט גרע־סערע געלט־סומעס צום פאַנאַנדערטיילן צווישן דער קריזיס־געליטענער באַפעלקערונג. פריינד גיטערמאַן האָט מיר איבערגעגעבן ווי אַזוי ער איז געקומען אויפן געדאַנק צו שאַפן „ג״ח־קאַסעס. אין אַ שטעטל אויף די קרעסן (קאָרעץ אין וואָהלין) האָט דער הילפס־קאָמיטעט נישט געוואָלט אָננעמען דאָס געלט פון „דזשוינט“ אַלס אונטערשטיצונג, נאָר אַלס הלוואה, ווייל — האָט מאָטיווירט דער הילפס־קאָמיטעט — מיר ווילן שאַפן אַ ג״ח־קאַסע און ווילן, אַז די הלוואות, וואָס מיר גיבן אַרויס, זאָלן זיך אומקערן. אין דעם מאָמענט, ווען דער עולם וועט וויסן, אַז

---

[182] ציוניסטן־סאָציאַליסטן.

דאָס געלט פון „דזשוינט“ איז אַן אונטערשטיצונג, וועט קיינער נישט וועלן צוריקצאָלן די הלוואות.

דיר. גיטערמאַן, וואָס האָט שטאַרק געהאַלטן פון דעם פּרינציפּ פון ק אָ נ ס ט ר ו ק ט י ו ו ק יי ט, האָט אויפגעכאַפּט דעם געדאַנק און צוגעטראָטן צו בויען די ג״ח־קאַסע. די ג״ח־קאַסעס זענען שפּעטער געוואָרן די פּאָפּולערסטע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע לאַנד. נישט געווען דאָס קלענסטע שטעטל אָדער אַפילו א. ג. ישובים קלענערע ווי שטעטלעך, וו עס זאָל זיך נישט האָבן געפונען קיין ג״ח־קאַסע. געווען ישובים, וו קיין קהלה איז נישט געווען, דאָרט איז אָבער געווען אַ ג״ח־קאַסע, וועלכע האָט פאַרטרעטן אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אין וועלכע עס נייטיקט זיך אַ יידישער ישוב, ד. ה., אַז די ג״ח־קאַסע האָט פאַרטראָטן סיי די קהלה, סיי דעם קליינהענדלער־ אָדער האַנטווערקער־פאַריין א.א. די ג״ה־קאַסע איז געוואָרן דער אַדרעס פאַר דער יידישער נויט, פאַר אַלע באַדערפעינישן פון דער יידישער באַפעלקערונג. די ג״ח־קאַסעס זענען געוואָרן די קרעדיט־אינסטיטוציעס פון די קליינהענדלער, וועמענס קאַפּיטאַל איז באַשטאַנען טיילמאָל בלויז פון דער הלוואה פון דער ג״ח־קאַסע, זיי האָבן באַדינט די בעל־מלאכות, דעם יאַריד־פאָרער, מאַרק־הענדלער, די סעדרער, די גערטנער א.א.וו. דאָס קליינע מענטשל, וואָס האָט נישט געקאָנט אָנקומען צו דעם קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוו צוליב דעם פּאי און די פּראָצענטער, מיט וועלכע עס איז געווען פארבונדן דאָס נעמען אַ הלוואה אין דער ג״ח־קאַסע, האָט גענאָסן פון דער הלוואה אין דער ג״ח־קאַסע. וואָס פאַר אַ צרה עס איז נישט געקומען אין שטעטל, איז די ג״ח־קאַסע געווען די אינסטיטוציע, צו וועלכער מען פלעגט זיך ווענדן נאָך הילף. איז אַרויס אַ גזרה פון האַנטווערקער־עקזאַמענס, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט באַדייטנדע אָפּצאָלן, האָבן די ג״ח־קאַסעס געגעבן דערויף לאַנגטערמיניקע הלוואות. איז אַרויס די אורבאַניזאַציע־גזרה, ווען מען האָט געמוזט אין געציילטע וואָכן אַדורכפירן רעמאָנטן אין אָרעמע הייזקעס — אַנישט האָט זיי געדראָט דאָס פאַנאַנדערנעמען, האָבן די דאָזיקע לאַסט אויסגעטראָגן די ג״ח־קאַסעס. האָט דער קליינהענדלער געדאַרפט האָבן אַ הלוואה אויף איינצוקויפן סחורה אויף אַ יאַריד־טאָג, איז ער געגאַנגען צו דער ג״ח־קאַסע. מיט איין וואָרט, דער אַדרעס פון דעם קליינעם מענטשל איז געווען די ג״ח־קאַסע. די ג״ח־קאַסעס זענען געווען די פּאָפּולערסטע יידישע אינסטיטוציעס מיט צענדליקער טויזנטער מיטגלידער, וואָס האָבן אויף אַלגעמיינע פארזאמלונגען אויסגעווילט די פארוואַלטונגען, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער טאָגטעגלעכער אַרבעט פון די קאַסעס און באַשטאַנען פון די אַקטיווסטע טוער פון יעדער שטאָט און שטעטל. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די ג״ח־קאַסעס האָבן אין שטעטל אָדער אַפילו אין גרעסערע שטעט אַרויסגערופן אַ גרעסערן אינטערעס, ווי די וואַלן צו דער קהלה אָדער צום שטאָט־ראַט. אין ביאַליס־

טאָג, למשל, האָבן זיך אין די וואַלן צו דער ג"ח=קאַסע באַטייליקט מער פּערזאָנען, ווי ביי די קהלה=וואַלן.

די ג"ח=קאַסעס האָבן אָרגאַניזירט די יידישע באַפעלקערונג קעגן די אַלע עקסטערמינאַציע=פּרוּוון מצד די פּוילישע מאַכט=פאַקטאָרן און מצד די באָיקאָט=העלדן פון דעם פּוילישן בירגערטום. מיט דער הילף פון די ג"ח=קאַסעס זענען דורך די געלט=מיטלען פון „דזשוינט" אויפגעשטעלט געוואָרן די שטעטלעך און שטעט (פּשיטיק, אָדזשיוואָל, בריסק א.א.), וואָס זענען דורך די פּוילישע פאַשיסטן פּאָגראָמירט געוואָרן. די ג"ח=קאַסעס האָבן אַדאַנק זייערע לאַנגטערמיניקע קרעדיטן דערמעגלעכט די געליטענע בעל=מלאכות און קליינהענדלער איבערצוהאַלטן די שווערע צייט פון אָרגאַניזירטן טעראָר און באָיקאָט. אַדאַנק דער פּראָפּאַגאַנדע פון די ג"ח=טוער זענען די בעל=מלאכות און קליינהענדלער נישט אַוועק פון זייערע ביזאיצטיקע ווינערטער, נאָר אויסגעהאַלטן דעם געווער פון קאַמף מיט די באָיקאָט=העלדן.

דירעקטאָר גיטערמאַן איז געווען בלב ובנפש איבערגעגעבן דער זאַך פון די ג"ח=קאַסעס, מיט וועלכע ער האָט אָנגעפירט. פון דעם מאָמענט פון זייער אַנטשטייונג אין יאָר 1926 ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט=מלחמה, ווען די ג"ח=קאַסעס זענען ווי דאָס גאַנצע יעזעלשאַפטלעכע לעבן דערשטיקט געוואָרן. ער האָט זיי פאַרוואַנדלט אין דעמאָקראַטישע פאָלקס=אינסטיטוציעס, אין וועלכע עס האָבן זיך קאָנצענטרירט צענדליקער טויזנטער פריינד און מיטגלידער. די ראַיאָן=קאָנפערענצן פון די ג"ח=קאַסעס זענען דורכן ח' גיטערמאַן אויסגענוצט געוואָרן אויף צו שטאַרקן די ענערגיע און מוט פון די עסקנים פון די ג"ח=קאַסעס און דורך זיי ווירקן אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג. דער שם פון די ג"ח=קאַסעס אַלס אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די ענערגיע און די פּאָטענציאַלע כוחות פון די יידישע מאַסן צום קאַמף מיט די אַלע אומגליקן, וואָס האָבן זיך אָנגערוקט אויפן יידישן שטעטל — איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. אויך די פּאָליאַקן האָבן זיך גענומען אַ ביישפּיל פון די יידן און לויטן מוסטער פון די יידישע ג"ח=קאַסעס האָבן זיי גענומען אויפשטעלן אַ נעץ פּוילישע אָנפּראָצענטיקע קאַסעס. דער פּראָפ. גאָדלעווסקי, דער גרינדער פון דער ערשטער פּוילישער אָנפּראָצענטיקער קאַסע, האָט אין אַן אינטערוויו מיט אַ פּוילישער צייטונג פאַרציילט, אַז די ערשטע קאַסע האָט ער געגרינדעט אויף אַזאַ אופן, אַז ער האָט אין סטאַטוט פון דער יידישער אָנפּראָצענטיקער קאַסע אַריינגעשטעלט שטאָט דעם וואָרט „ייד" דאָס וואָרט „פּאָליאַק".

דיר. גיטערמאַן האָט אויף אַ גלענצנדן אופן אָנגעווענדט דעם פּרינציפּ „פּיפּטי=פּיפּטי" (פופציק אויף פופציק), וואָס האָט באַטייט, אַז אויף יעדע פופציק דאָלאַר געשאַפן דורך דער אָרטיקער געזעלשאַפט, האָט דער „דזשוינט" געגעבן זיינע 50 דאָלאַר. כדי צו דערציען די אָרטיקע געזעלשאַפט און באַוועגן זי צו אַלץ גרעסערע לייסטונגען האָט

דער „דזשוינט“ זיינע אַסיגנירונגען פאַר די קרעדיט=קאָאָפּעראַטיוון, פאַר די ג"ח=קאַסעס און פאַר אַנדערע באַשטימטע אין דער פאָרם פון לאַנגטערמיניקע הלוואות (8—10 יאָר). אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן האָט דיר. גיטערמאַן אָנגעווענדעט דעם פּרינציפּ לגבי די ג"ח=קאַסעס. צוזאַמען מיטן דיר. גוזיק, וואָס איז געווען דער פינאַנס=דירעקטאָר פון „דזשוינט“, האָבן זיי אויסגעאַרבעט אַן אויספירלעכן רעגולאַמין פון פּינקטלעכן אומקערן די ראַטעס פון הלוואות צוויי מאָל אַ יאָר. גלייכצייטיק פלעגט צוויי מאָל אַ יאָר פאָרקומען די פאַרטיילונג פון נייע קרעדיטן פאַר די ג"ח=קאַסעס, דערביי פלעגן גענומען ווערן אין אַכט אַ גאַנצע ריי מאָמענטן, אין דער ערשטער ריי די אָרטיקע זאַמלונגען, דער אומזאַץ פון די ג"ח=קאַסעס, ד.ה. צי ווערן די הלוואות פון די ג"ח=קאַסעס פּינקטלעך צוריקגעצאָלט, פּינקטלעכקייט אין אומקערן די ראַטעס פון די „דזשוינט=קרעדיטאָרן, די צאָל מיטגלידער א.ד.גל. דער דאָזיקער פּרינציפּ האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע דערציערישע באַדייטונג. די אַמעריקאַנער דאָלאַרן, וואָס האָבן אין דעם ערשטן פּעריאָד פון דער „דזשוינט“=טעטיקייט געהאַט אַ נעגאַטיווע ווירקונג אויף די יידישע מאַסן, צוגעוווינט זיי צו פילאַנטראָפּיע, צו אויסשטרעקן אַ האַנט, און אינגאַנצן באַפרייט די אָרטיקע געזעלשאַפט פון אירע פליכטן לגבי די הונגעריקע ברידער. די דאָזיקע דעמאָראַליזיזאַציע האָט איצט אַדאַנק די „דזשוינט“=געלטער אינגאַנצן אויפגעהערט. די אַמעריקאַנער דאָלאַרן זענען איצט אַדאַנק דיר. גיטערמאַן געוואָרן די געבענטשטע אינסטיטוציע, וואָס האָט געשטאַרקט די אָרטיקע באַפעלקערונג מאָראַליש און פאַרפעסטיקט זי עקאָנאָמיש.

גיטערמאַן איז געווען דער גלעצנדיקער אָנווענדער פון דעם פּרינציפּ פון ק אָ נ ס ט ר ו ק ט י וו ע ר הילף, וועלכן דער „דזשוינט“ האָט זיך זייט 1926 געשטעלט אַלס הויפּט=פּרינציפּ, אַלס לייט=פאָדעם פון זיין טעטיקייט. אויסער די ג"ח=קאַסעס, וואָס האָבן אָפּגעהאַלטן די דעקלאַסירונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט גיטערמאַן אויסגעבויט אַ נייע אָפּטיילונג, די א ו י פ ב ו י=אָ פּ ט יי ל ו נ ג, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו שאַפן נייע פּרנסה=צווייגן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, איבערצופירן די יידישע באַפעלקערונג צו נייע פּראָדוקציע=צווייגן און בכלל צופאַסן דאָס יידישע ווירטשאַפטלעכע לעבן צו די פאָדערונגען פון דער צייט. די אויפבוי=טעטיקייט איז געוואָרן דאָס צווייטע ליבלינגסווערק פון דיר. גיטערמאַן, צו וועלכן ער האָט זיך אָפּגעגעבן טאָג און נאַכט. פירן אַן אויפבוי=אַרבעט אין אַ לאַנד, ווו דער אַנטיסעמיטיזם איז דערהויבן געוואָרן צו אַ מלוכה=פּרינציפּ, ווו דער פּרעמיער האָט פון דער סיים=טריבונע אָפּן דערקלערט, אַז זיין אויפגאַבע איז אויסצושאַלטן די יידן פון דעם ווירטשאַפטלעכן לעבן. האָט דאָס בויען נייע פּראָדוקציע=צווייגן אָן הילף מצד דער מלוכה, פאַרקערט ביי כלערליי שטערונגען מצד איר — געווען אַ גאַנץ שווערער ענין. דיר. גיטערמאַן האָט צענדליקער

מאָל אונטערגעשטראָכן, אַז אין דער אויפבוי=אַרבעט איז נישט אַזוי וויכטיק די ציפער, צי פאַר הונדערט, צי פאַר טויזנט איינגעאָרדנטע פאַמיליעס, ווייל איין פאַראָרדענונג פון דער מלוכה קאָן אַ סך מער יידישע עקזיסטענצן צעברעכן. וויכטיקער — האָט געטענהט גיטערמאַן — איז די מאָראַלישע באַדייטונג. דער גערודפטער, דער געפּלאָגטער ייד פון דעם קליינעם שטעטל, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט פּיקעטן, מיט אַנטיסעמיטישע עקסצעסן בשעת יאַרידן, האָט דערזען, אַז ער איז נישט פאַראייניזאַמט, אַז עס איז דאָ אַ געזעלשאַפטלעכער כוח, וואָס טראַכט וועגן אים, וואָס איז גרייט אים אַרויסצוהעלפן אין זיין שווערער נויט!

דיר. גיטערמאַן האָט געשטרעבט צו ווייזן אין פאַרשידענע שטעט מוסטערן, ביישפּילן פון נייע פּרנסות, לויט וועלכע אַנדערע זאָלן שוין מיט אייגענע מיטלען אויפשטעלן פאַר זיך נייע באַשעפטיקונגען. דאָס צעטל פון פּרנסה=צווייגן, וואָס די אויפבוי=אָפּטיילונג האָט איינגעפירט, איז פון טאָג צו טאָג געוואַקסן. אינספּעקטאָרן פון דער אויפבוי=אָפּטיילונג זענען געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט און געזוכט נייע פּרנסה=מעגלעכקייטן. די אַלע געזעלשאַפטלעכע כוחות זענען אַקטיוויזירט געוואָרן אין דער ריכטונג פון זוכן נייע פּרנסה=צווייגן, קיין קליענטן פון דער אויפבוי=אָפּטיילונג האָבן נישט געפעלט. דער פאַרשאַרפטער אַנטיסעמיטישער באָיקאָט, באַגלייט דורך דעם אַנטיסעמיטישן טעראָר, האָט יעדן טאָג אַרויסגעוואָרפן אין גאַס נייע מחנות פּרנסהלאָזע. די ווירטשאַפטלעכע געזעצגעבונג האָט געצילט צו דערשטיקן דאָס יידישע ווירטשאַפטלעכע לעבן. אַלס ביישפּיל וועלן מיר דערמאָנען די מעכאַניזירונג פון די בעקערייען, וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין אַ קורצער צייט. אויב דער דאָזיקער גאַנצער פּרנסה=צווייג איז נישט אַרויסגעריסן געוואָרן פון די יידישע הענט, איז עס געשען אַדאַנק דער אויפבוי=אָפּטיילונג, וועלכע האָט צונויפגענומען די באַזונדערע בעקעריי=אייגנטימער אין קאָאָפּעראַטיוון און מיט דער הילף פון גרעסערע לאַנגטערמיניקע קרעדיטן אַדורכגעפירט די מעכאַניזירונג פון די בעקערייען.

אויך אויפן געביט פון גרויסאינדוסטריע האָט די אויפבוי=אָפּטיילונג געהאַט געוויסע מעגלעכקייטן פון אַנטוויקלונג. אין די לעצטע יאָרן האָט די נויט געטריבן אַלץ גרעסערע מחנות פּרנסהלאָזע יידן אין די פאַבריקן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם הערשנדיקן קריזיס זענען אין געוויסע אינדוסטריע=צווייגן פאָרגעקומען רעגרעסיע=פּראָצעסן, וואָס האָבן דערמעגלעכט יידן אַריינצודרינגען דאָרט. צוליב די הויכע אָפּצאָלונגען אויף סאָציאַלער פאַרזאָרגונג האָט זיך געוויסע פאַבריקאַנטן געלוינט גיכער אַרויסצוגעבן אַרבעט כאַלופּניקעס, איידער צו האַלטן אַרבעטער אין זייערע פאַבריקן. אַדאַנק דעם איז מעגלעך געווען טויזנטער יידישע אַרבעטער אַריינצודרינגען אין דער טעקסטיל=אינדוסטריע אין לאָדזשער געגנט, ווו עס איז פאַר דער מלחמה פאָרגעקומען אַ קאָנצענטראַציע פון דער אינדוסטריע.

גיטערמאַן, פֿול מיט ברויזנדיקער ענערגיע, מיט אויסערגעוויינלעכער אַרבעטזאַמקייט און ברייטער איניציאַטיוו, פֿלעגט ער שאַפֿן און בויען אַלץ נײַע און נײַע קעמערלעך פֿון געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט. דער „דזשוינט“ האָט לויט זײַנע אָנשוויונגען געדאַרפֿט זײַן דער וועקער און אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿט. די נײַ־געשאַפֿענע אינסטיטוציעס, וועלכע עס האָט אָנגעוואָרפֿן דאָס לעבן, האָבן געוואָלט פּרווון לעזן די נײַע פֿראַגן, וועלכע דאָס לעבן האָט כסדר אַוועקגעשטעלט. כדי צו אַנטוויקלען דעם עקספּאָרט פֿון האַנטווערקער־אויסאַרבעטונגען קיין אויסלאַנד, איז לויט דער איניציאַטיוו פֿון דיר. גיטערמאַן געשאַפֿן געוואָרן די געזעלשאַפֿט „טער“. „דער קאָמיטעט פֿאַר די ענינים פֿון יידישער מלאכה“, געשאַפֿן לויט דער איניציאַטיוו פֿון דיר. גיטערמאַן, האָט געזאָלט אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג קעגן די פּרווון צו באַזייטיקן די יידן פֿון דעם האַנטווערק מיט א.ג. לעגאַליזאַציע־מיטלען, מיט צעכן־צוואַנג, מיט געזעלן־עקזאַמענס וכדומה.

די צוויי פּרינציפּן: פֿון „פיפטי־פיפטי“ און פֿון קאָנסטרוקטיוויזם האָט דיר. גיטערמאַן אָנגעווענדעט אין אַ ברייטער מאָס צו אַ געביט, וואָס איז געווען שטאַרק פֿאַרוואָרלאָזט און האָט זיך שטאַרק גענייטיקט אין טיפֿע ענדערונגען. איך מיין דעם געביט פֿון לאַנדסמאַנשאַפֿטן־הילף פֿון אַמעריקע. יעדעס יאָר פֿלעגן די לאַנדסמאַנשאַפֿטן אַרײַנשיקן טויזנטער דאָלאַרן פֿאַר זייערע היימערטער אין פּוילן, וועלכע פֿלעגן אָבער פֿאַרווענדעט ווערן אויף אַ נישט ראַציאָנעלן אופֿן. מיט דער הילף פֿון דעם שרײַבער פֿון די שורות איז דורך דעם דיר. גיטערמאַן געשאַפֿן געוואָרן אַן אָפּטיילונג פֿון לאַנדסמאַנשאַפֿטן, וואָס האָט געהאַט 2 אויפֿגאַבן: סטימולירן די לאַנדסמאַנשאַפֿטן אין אַמעריקע צו א געשטייגערטער הילפֿס־אַרבעט פֿאַר זייערע היימערטער און צווייטנס ווירקן, אַז די געלטער פֿון די לאַנדסמאַנשאַפֿטן זאָלן ברענגען דעם גרעסטן נוצן פֿאַר די היימערטער. אין משך פֿון איין יאָר איז געלונגען אַרומצונעמען די גאַנצע הילפֿס־אַרבעט פֿון די לאַנדסמאַנשאַפֿטן אין די ראַמען פֿון דער „דזשוינט“־טעטיקייט, פֿאַרפֿילפֿאַכן די הילף פֿון די לאַנדסמאַנשאַפֿטן און אַרײַנברענגען אין איר סיסטעמאַטישקייט און אָרדענונג. דער פּראַכטפֿולער, אימפּאָזאַנטער לאַנדסמאַנשאַפֿטן־נומער פֿון „פֿאָלקס־הילף“ איז געווען אַ קרוינונג פֿון דער „דזשוינט“־אַרבעט אויפֿן געביט פֿון די לאַנדסמאַנשאַפֿטן.

דירעקטאָר גיטערמאַן איז געווען אַ מענטש מיט אַ גרויס יידיש וויסן. ער איז געווען אַ בקי אין די קליינע אותיותלעך. אַן אייניקל פֿון די שניאורזאָנס. פֿון דער מוטערס צד איז ער געווען אַדורכגעדרונגען מיט די אוצרות פֿון דער יידישער פֿאַרגאַנגענהייט, מיט וועלכער ער האָט זיך אינטערעסירט זײַן גאַנץ לעבן. ער איז געווען אַ גרויסער פֿרײַנד פֿון דער מאָדערנער יידישער קולטור. דער ייוו״אָ האָט געהאַט אין אים איינעם פֿון זײַנע איבערגעגעבנסטע בויער און פֿרײַנד. נישט אומזיסט איז ער

אויסגעקליבן געוואָרן צום עקזעקוטיוו=מיטגליד פון יידישן וויסנשאַפטלעכן
אינסטיטוט אין ווילנע. גיטערמאַן איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פון
דער יידישער וועלטלעכער שול און איר אָרגאַניזאַציע, דער ציש״אָ. ער
האָט געהערט צו פּאַטראָנאַטן פון פאַרשידענע שולן און מיטגעהאָלפן
צו פאַרפעסטיקן זייער קיום. אויך אַנדערע געביטן פון יידישער קולטור=
שאַפונג, ווי דאָס יידישע טעאַטער, יידישע קונסט א.א. האָבן געהאַט
אין גיטערמאַנען זייערן אַ פריינד און בויער.

יאָרנלאַנג איז דירעקטאָר גיטערמאַן געווען פאָרזיצנדער פון דער
וואַרשעווער אָפּטיילונג פון ייווו״אָ, וואָס האָט אַ וויכטיק אָרט אין דער
ייווו״אָ=טעטיקייט. דיר. גיטערמאַן איז געווען אַריינגעטאָן אין די טאָג=
טעגלעכע ענינים פון דער ייווו״אָ=אַרבעט. ער האָט מיט ראַט און טאַט
געהאָלפן די וואַרשעווער אָפּטיילונג זאָל אַנטוויקלען אַ וואָס ברייטערע
טעטיקייט. גיטערמאַן האָט אין זיין „דזשוינט״=אַרבעט אין זינען געהאַט
צו ראַטעווען די קולטור=אוצרות, וואָס זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט
איבערן גאַנצן לאַנד. אין דאַנציק איז אים געלונגען אָפּצוראַטעווען די
באַרימטע זאַמלונג פון יידישע קולטור=אוצרות פון פּוילן, וואָס זענען
געווען צוזאַמענגעבראַכט אין דעם מוזיי ביי דער קהלה. דאָס מוזיי
האָט געטראָגן דעם נאָמען פון איר גרינדער, דעם וואָלאָצלאַווקער ייד געל=
דזשינסקי. דיר. גיטערמאַן האָט אָפּגעקויפט די זאַמלונג פאַר די מיטלען
פון „דזשוינט״ און אַרויסגעשיקט זיי קיין אויסלאַנד.

גיטערמאַן האָט פון דער מוטערס צד געשטאַמט פון די שניאור=
זאָנס און געהאַט אונטער זיך אַ לאַנגע קייט פון רביים און רבנים. אויך
מיט די האַלבערשטאַמס (דעם סאַנדזער גזע) איז ער געווען בקרובהט.
דאָס חסידות האָט איבערגעלאָזט טיפע שפּורן אין ח׳ גיטערמאַנס טעטי=
קייט. פון חסידות האָט ער געירשנט דעם ברען און התלהבות, מיט
וועלכע ער פלעגט אָנשטעקן זיינע מיטאַרבעטער און עסקנים. דאָס רביש=
קייט האָט געווירקט אויף זיין באַציונג צו דעם פּשוטן ייד, וועלכער פלעגט
אַרויסגיין פון גיטערמאַנס קאַבינעט אַ געשטאַרקטער און געפעסטיק=
טער ווי אַ חסיד, וואָס גייט אַרויס פון רבין.

גיטערמאַן האָט אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון דער
הילף פאַר די גאַליציאַנישע פּליטים. אין פּוילן האָט ער אָנגעהויבן זיין
טעטיקייט אין „דזשוינט״ מיט דער אַרבעט פאַר די אוקראַאינער פּליטים.
שפּעטער איז ער געוואָרן דער פאָטער פון די דייטשע פּליטים, וואָס פלעגן
זיין נאָמען דערמאָנען מיט דעם גרעסטן יראת=הכבוד. אין אָקטאָבער
1938 יאָר האָט די דייטשע רעגירונג אַרויסגעוואָרפן כמעט 20 טויזנט
פּוילישע יידן, ביי וועלכע די אַנטיסעמיטישע פּוילישע רעגירונג האָט
צוגענומען די פּוילישע בירגערשאַפט. זבאָנשין, דאָס קליינע גרענעץ=אָרט
ביי דער פּויליש=דייטשער גרענעץ, איז געוואָרן דעמלט באַרימט אין דער
גאַנצער וועלט. אַהין האָט היטלער=דייטשלאַנד אַריבערגעוואָרפן כמעט
10 טויזנט יידן, פּוילישע בירגער, וועלכע די פּוילישע מאַכט האָט אָבער

נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין לאַנד צו זייערע קרובים און פריינד. טויזנ=
טער מענטשן האָבן זיך אין דעם קליינעם גרענעץ=פונקט געוואַלגערט אונ=
טערן פרייען הימל, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָן אַ לעפל געקעכטס.
דיר. גיטערמאַן איז מיט דעם שרייבער פון די שורות גלייך אַרויסגעפאָרן,
כדי צו אָרגאַניזירן די הילף. אין אַ בליץ=שנעלן טעמפּאָ איז אויפגע=
שטעלט געוואָרן אַ גאַנץ שטעטל מיט קיכן, באַקליידונגס=מאַגאַזינען,
פּאָסט, עמיגראַציע=אָפּטיילונג, אַמבולאַטאָריעס וכדומה. מען האָט גע=
מוזט אָרגאַניזירן דאָס צוזאַמענלעבן פון די פּליטים אין די באַראַקן און
אין די עפּנטלעכע בנינים, אין וועלכע די פּליטים האָבן געוווינט. מיט
דער הילף פון די פּליטים גופא איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ גאַנצע
נעץ פון הילפס= און אַנדערע קאָמערלעך, מיט וועלכע עס האָבן אָנגע=
פירט די פּליטים גופא. 18 שעה אין אַ מעת=לעת האָט גיטערמאַן געאַר=
בעט מיט די אייניקע באַאַמטע פון וואַרשע און עסקנים פון פּויזן. גי=
טערמאַן האָט עלעקטריזירט גאַנץ פּוילן מיטן רוף נאָך הילף פאַר די
פּליטים, וואָס זענען אין אַ טייל דייטשע שטעט אַרויסגעריסן געוואָרן פון
די בעטן אין שטעק=שיך און פּיזשאַמעס. אויף גיטערמאַנס טעלעפאָנישן
רוף האָבן זיך אָפּגערופן לאָדזש, וואַרשע, בענדין, קאַטאָוויץ, ביליץ, קאַ=
ליש א.א. שטעט. עס איז געזאַמלט געוואָרן: וועש, קאָצן, מלבושים, געלט
וכדומה. גיטערמאַן האָט אַרויסגערופן אַ הילפס=באַוועגונג פאַר די געלי=
טענע פּליטים פון דייטשלאַנד. גיטערמאַן האָט אין די פאָר וואָכן פון
זיין אויפהאַלט אין זבאָנשין אַלעמען אָנגעשטעקט מיט זיין מסירת=נפש.
טויזנטער פּליטים זענען אַדאַנק דיר. גיטערמאַן געראַטעוועט געוואָרן פון
הונגער=טויט, טויזנטער זענען אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד אַדאַנק דער
מיטהילף פון „דזשוינט“.

אין משך פון כמעט 20 יאָר האָב איך צוזאַמענגעאַרבעט מיטן חבר
גיטערמאַן אַלס מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון ייוו“אָ, זייט 1930
יאָר אַלס רעדאַקטאָר פון „פאָלקס=הילף“ (דעם חודש=זשורנאַל פון די
ג“ח=קאַסעס), אַלס לייטער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט=אָפּטיילונג ביים
„דזשוינט“, ווי אויך דער פרעסע=אָפּטיילונג. דיר. גיטערמאַן האָט אַלס
מיטגליד פון דער „דזשוינט“=דירעקציע געוווסט, ווי אַזוי צו שאַפן אַ גע=
העריקע אַטמאָספער פון אַרבעט. ער האָט געוווסט ווי אַזוי צו באַפליגלען
זיינע מיטאַרבעטער און אָנציגדן זיי צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער,
וואָס האָט פאַרבראַכט אין ביוראָ פון די פריסטע מאָרגן=שעהן ביז שפּעט
אין דער נאַכט, האָט מיט זיין ביישפּיל אָנגעשטעקט זיינע מיטאַרבעטער,
פון וועלכע ער פלעגט אַרויסבאַקומען דעם מאַקסימום פון אַרבעטס=לייס=
טונגען. ער איז געווען דער קעגנזאַץ פון דעם, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר
אַלס דירעקטאָר פון אַן אַמעריקאַנער אינסטיטוציע מיט דעם עכט ביו=
ראָקראַטישן צוגאַנג צו דער אַרבעט. דער פאָלקס=מענטש האָט זיך ביי
גיטערמאַנען אין ביוראָ געפילט ווי ביי זיך אין דער היים. יעדע אָפּטיי=
לונג, מיט וועלכער גיטערמאַן האָט אָנגעפירט, האָט זיך געפונען אין

שטענדיקער ברויזונג, אין כסדרדיקער באַוועגונג. אויף יעדן אָפּשניט האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט נייע געדאַנקען, מיט נייע פּלענער. יעדע איניציאַטיוו פון זיינע מיטאַרבעטער האָט ער אויפגענומען מיט דער געהעריקער פאַרשטענדעניש. ער האָט געהאַט אַ גוט אויער אויפצונעמען יעדן נייעם פאָרשלאַג, וואָס האָט געצילט צו פאַרבעסערן דעם אָדער יענעם אָפּשניט פון ווירטשאַפטלעכן לעבן.

גיטערמאַן, ווי אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, האָט געהאַט געוויסע נייגונגען צו זעלבסטהערשאַפט. געווען מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז גיטערמאַן איז אַ שווערער מענטש, מיט וועלכן עס איז שווער מיטצואַרבעטן. מען האָט געהאַלטן, אַז ער איז צו קאַנטיק אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אַז ער דערלאָזט נישט צו קיין שום קאָמפּראָמיסן, אַז ער פאַרטיידיקט שאַרף און פעסט זיין ליניע אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. די פּאַרטייען האָבן נישט געלעבט בשלום מיט גיטערמאַנען. אָבער זיי האָבן אָנערקענט, אַז ער ווייסט צו וואָס ער שטרעבט. די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן גיטערמאַנען אָפט באַקעמפט, טענהנדיק, אַז ער לאָזט נישט צו די פּאַרטייען צו דער אָנפירונג מיט די געזעלשאַפטן און אינסטיטוציעס, וועלכע דער „דזשוינט“ האָט געשאַפן, אַז ער זוכט זיך אויס מאַריאָנעטקעס, מיט וועלכע ער קאָן טאָן וואָס ער וויל. דער, וואָס האָט געקאָנט די שרעקלעכע, פּאָליטישע צעשפּליטערונג אין פּוילן, די שטאַרקע פּאַרטיי-רייסעניש, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אפילו פאַרן צעברעכן די אַנטשפּרעכנדיקע אינסטיטוציעס, דער וועט מוזן מודה זיין, אַז גיטערמאַן האָט געהאַט אַ סך רעכט אין זיין מורא פאַר די פּאַרטיי-רייסענישן, וואָס האָבן צווישן אַנדערע שלעכט געווירקט אויף דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

דיר. גיטערמאַן האָט געהאַלטן אַז די ג״ח-קאַסעס דאַרפן שטיין איבער אַלע פּאַרטייען. עס טאָר נישט דערלאָזט ווערן דערצו, אַז די באַזונדערע פּאַרטייען זאָלן האָבן זייערע עמיסאַרן אין די פאַרוואַלטונגען פון די ג״ח-קאַסעס, אַז נישט דראָט די סכנה, די ג״ח-קאַסעס זאָלן געשפּאָלטן ווערן פּונקט ווי דאָס איז געשען מיט אַנדערע געביטן פון יידישן לעבן.

עס בלייבט אָבער אַ גרויסער פאַרדינסט פון דיר. גיטערמאַן, אַז ער האָט פאַרוואַנדלט דעם „דזשוינט“ און די דורך אים געשאַפענע אינסטיטוציעס אין אַ פּאָליטיש געצייג פון די פּוילישע יידן. נישט אומזיסט האָט די אַנטיסעמיטישע פּרעסע פאַרלאַנגט פון דער רעגירונג דאָס שליסן פון „דזשוינט“ און פון די ג״ח-קאַסעס, וועלכע קרייצן די טענדענצן פון דער רעגירונג צו באַזייטיקן די יידן פון דעם עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד. גיטערמאַן האָט פאַרשטאַנען צו פירן די טעטיקייט פון די ג״ח-קאַסעס און די אויפבוי-אַרבעט אַזוי, אַז זי זאָל דערגרייכן פּאָליטישע עפעקטן, אַז זי זאָל קרייצן די פּלענער פון דעם אַנטיסעמיטישן בירגערטום. די פּוילישע אַנטיסעמיטן און פאַשיסטן האָבן געוואָלט שאַפן מוסטער-ראַ-

יאָגנען אָן יידן, וואָס זענען פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן דורך דעם אָרגאַניזירטן טעראָר און באָיקאָט פון די עקאָנאָמישע פיקעטן. איז געקומען דער „דזשווינט“ אין דער פערזאָן פון דיר. גיטערמאַן און געענטפערט דערויף מיט אַ פאַרשאַרפטער הילפס-אַקציע. דווקא, ווייל איר ווילט באַזיימיקן די יידן, וועלן מיר אָנווענדן אַלע מיטלען דערצו נישט צו דערלאָזן. דיר. גיטערמאַן האָט אין אַזלכע פאַלן מאָביליזירט גרעסערע סומעס און זיי געוואָרפן אויף צו שטאַרקן דאָרט די יידישע באַפעלקערונג און נישט דערלאָזן צום בהלהדיקן אַנטלויפן פון בעל-מלאכות און קליינהענדלער. גיטערמאַן האָט פאַרשטאַנען בליצשנעל אויפצוכאַפן אַזעלכע געפערלעכע מאָמענטן און אויסמיידן די סכנה. אַדאַנק אַזאַ טאַקטיק פון פאַרטיידיקן באַדראָטע ערטער איז פשיטיק, וואָס איז געוואָרן דאָס שלאָגוואָרט פון די ענדעקעס, נאָך אַ קורצער צייט ווידער אויפגעבויט געוואָרן. די ענדעקעס האָבן זיך מיט שרעק אַרומגעזען, אַז נאָך אַ האַלב יאָר ענדעקישע אַרבעט האָט כמעט קיין איין ייד נישט פאַרלאָזט די שטאָט. אַן ענדעקישע צייטונג האָט געשריבן וועגן פשיטיק: „מיר וועלן זען, ווער וועט פריער מיד ווערן — מיר צי דער „דזשווינט“, וועלכער שטיצט מיט געלט די פשיטיקער יידן און לאָזט זיי נישט פאַרלאָזן די שטאָט“.

עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט-מלחמה. גיטערמאַן פאַרלאָזט דעם בנין, וועלכן ער האָט מיט אַזויפיל מי און מאַטערניש אויסגעבויט אין משך פון 20 יאָר. וואָס גיטערמאַן און דער „דזשווינט“ האָבן געטאָן אויף די מזרח-קרעסן, איז מיר נישט גענוי באַקאַנט. אין ווילנע האָט דיר. גיטערמאַן אָנגעפירט מיטן „דזשווינט“ און אַוועקגעשטעלט דאָרט אַ ברייטפאַרצווייגטע אַרבעט. פאַר שרייבער, זשורנאַליסטן א. א. איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ספּעציעלער אינטערנאַט, ווו עס האָבן אויך געפונען אַ מקום-מקלט פוילישע שרייבער און זשורנאַליסטן. דיר. גיטערמאַן האָט סוף 1939 יאָר באַשלאָסן אַרויסצופאָרן קיין פאַריז אין די ענינים פון „דזשווינט“. ער שטייגט איין אין איינעם פון די באַלטישע האַפנס אויף אַ שיף, וואָס איז געפאָרן אין דער ריכטונג פון שטאָקהאָלם, פון וואַנען ער האָט מיט אַן אַעראָפּלאַן געזאָלט פליען קיין פאַריז. פופצן מינוט פאַרן אָנקומען קיין שטאָקהאָלם איז די שיף פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ דייטשע קריגשיף. די איבער 80 פוילישע בירגער אויף דער שיף, צווישן זיי גיטערמאַן, ווערן אַראָפּגענומען פון דער שיף און געבראַכט אין אַ לאַגער פון קריגסגעפאַנגענע אין דייטשלאַנד. אין דעם לאַגער פאַרברענגט ער אַ פאָר חדשים און ווערט צוזאַמען מיט אַלע יידישע קריגס-געפאַנגענע באַפרייט אין מערץ 1940 יאָר. גיטערמאַן קומט צוריק פון די שווערע איבערלעבונגען אין געפאַנגענען-לאַגער אַ געשטאַרקטער אין זיין גלויבן אין כוח פון די יידישע פאָלקס-מאַסן, אין זייער אויסדויער. די יידן — האָט דערציילט גיטערמאַן — האָבן אַלס קריגס-געפאַנגענע איינגענומען דייטשלאַנד. גיטערמאַן האָט זיך אין סטאַר-

גאַרד (פּאָמערן) באַקאַנט מיט טויזנטער יידישע קריגסגעפאַנגענע פון פאַרשידענע „סטאַלאַגערן“ (סטאַלדאַטן־לאַגערן), וועלכע זענען דאָרט קאָנצענטרירט געוואָרן פאַר דעם צוריקשיקן זיי קיין פּוילן.

לויט די איינשטימיקע באַריכטן פון די פאַרשידענע לאַגערן, האָט זיך די באַציִונג פון דער דייטשער באַפעלקערונג ראַדיקאַל געענדערט. לכתחילה האָט מען געקוקט אויף די יידן ווי שעדיקער, ווי פּאַראַזיטן לויטן מוסטער פון שטרייכערס „שטירמער“. אינגיכן האָט מען זיך אָבער איבערצייגט, אַז יידן קאָנען אַרבעטן, אַז זיי זענען גלענצנדע בעל־מלאכות, אַז זיי טויגן אפילו צו דער אַרבעט אין דער לאַנדווירטשאַפט. נאָך אַזאַ דערפאַרונג מיט יידן האָט מען געביטן די באַציִונג צו יידן און אָנגעהויבן קוקן אויף זיי מיט אַנדערע אויגן. ווען יידישע קריגס־געפאַנגענע האָבן געהאַלטן ביים אַוועקפאָרן, האָבן אַ טייל גוטסבאַזיצער, ביי וועלכע יידישע קריגס־געפאַנגענע זענען געווען באַשעפטיקט, געמאַכט אָנשטרענגונגען, מען זאָל ביי זיי איבערלאָזן די יידישע אַרבעטער. אַ טייל זענען אַזוי שטאַרק געווען צופרידן מיט זייערע יידישע אַרבעטער, אַז זיי זענען געפאָרן אפילו קיין בערלין צו דער צענטראַלער מאַכט, כדי אויסצופועלן די פּראָלאָנגירונג פון זייערע יידישע אַרבעטס־כּוחות. פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע באַמיונגען האָבן נישט געהאַט קיין שום פּעולה. די געענדערטע באַציִונג צו יידישע קריגס־געפאַנגענע האָט פּאַראַדאָקסאַל כאַראַקטעריזירט אַ דייטש: „איר יידן, זענט געקומען קיין דייטשלאַנד, ווי פאַרשאָלטענע יידן, איצט פאָרט איר אַהיים ווי געבענטשטע קינדער פון פאָלק ישראל“.

גיטערמאַן, וואָס איז אַליין געווען אַ פרייער, האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ ספר־תורה — דאָס לעצטע איבערבלייבעניש פון דער יידישער קהלה אין סטאַרגאַרד (פּאָמערן). גיטערמאַן פאַרציילט אַ סך אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן דער באַציִונג פון די וועכטער צו די קריגס־געפאַנגענע. אַ טייל האָבן זיך באַצויגן גאַנץ מענטשלעך צו יידן. דער וואַכמייסטער, וואָס האָט באַגלייט די יידישע קריגס־געפאַנגענע, האָט זיך מיט זיי האַרציק געזעגנט.

געקומען קיין וואַרשע, האָט ח' גיטערמאַן, אַלס ליטווישער בירגער, געהאַט די מעגלעכקייט צו פאָרן קיין ליטע און פון דאָרט אפשר קיין אויסלאַנד. ער רעזיגנירט אָבער פון געדאַנק, ווייל ער האַלט, אַז דער גורל האָט אים איצט באַשטימט צו בלייבן אין פּוילן און צו דינען דער יידישער פאָלקס־מאַסע. גיטערמאַן וואַרפט זיך אַריין מיטן גאַנצן ברען אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דיר. גוזיק צוזאַמען מיטן ח' גיטערמאַן שאַפן גרעסערע געלט־מיטלען פאַר דער סאָציאַלער הילף. ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט דער „דזשוינט“ נישט געהאַט קיין גרעסערע געלט־רעזערוון, זיי האָבן קוים געקלעקט אויף אַ פּאָר חדשים. צוליב דעם, וואָס אין פּוילן איז זייער שווער געווען אָנצוהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער צענטראַלע, וואָס האָט געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט,

זענען די אויסלענדישע געלט=איבערווייזונגען נישט געווען פון דעם פאַרנעם, ווי עס האָט זיך גענויטיקט אין אַזאַ שווערן מאָמענט. שפּעטער, ווען עס איז אין סוף 1941 יאָר אויסגעבראָכן די דייטש=אַמעריקאַנער מלחמה, האָבן די דירעקטע געלט=איבערווייזונגען אויפגעהערט. דער איינציקער וועג פון געלט=איבערווייזונגען איז געבליבן דער טראַנספער, פאַרבונדן מיט די געלט=איבערווייזונגען פון דייטשע יידן, וואָס האָבן דעמלט אויסגעוואַנדערט קיין אויסלאַנד. היות די כאַריטאַטיווע אינסטיטוציעס האָבן זיך גענויטיקט אין ריזיקע געלט=מיטלען, האָט די דירעקציע פון „דזשוינט" אין די פּערזאָנען פון די הערן גוזיק, גיטערמאַן און נוישטאַט גענומען שאַפן גרעסערע הלוואות פאַרן „דזשוינט" ביי פּריוואַטע פּערזאָנען. די דאָזיקע טראַנזאַקציע, וואָס איז דורכן „דזשוינט" אָנגעווענדט געוואָרן די גאַנצע צייט פון מלחמה, איז געווען פון אָנהייב ביזן סוף אַ טריפה. דער דאָזיקער אומלעגאַלער טראַנספער האָט געקאָנט קאָסטן קעפּ פון דער „דזשוינט"=דירעקציע, באַזונדערס, אַז דאָס איז געווען אַן עפנטלעכער סוד, מיט וועלכן גאַנץ וואַרשע האָט געקלונגען. דער 9=חדשימדיקער אַרעשט פון דיר. גוזיק איז טאַקע געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דעם דאָזיקן אומלעגאַלן טראַנספער.

גיטערמאַן ציט זיך אַריין אין דער טעטיקייט פון די הילפס=אָרגאַניזאַציעס. ער ווערט דער פאָנענטרעגער פון דער געזעלשאַפטלעכער ריכטונג אין דער הילפס=אַרבעט, ער פירט אָן מיט דעם קאַמף פון די געזעלשאַפטלעכע עלעמענטן אין דער יס"א קעגן די פּרוּוון מצד דעם יודענראַט צו ליקווידירן די אויטאָנאָמיע פון די הילפס=אינסטיטוציעס, גלייכשאַלטן זיי און מאַכן פון זיי אַן אָפּטיילונג פון דער קהלה. דער דאָזיקער קאַמף אַרום דעם כאַראַקטער פון דער הילפס=אַרבעט ווערט אַלץ שטאַרקער, וואָס קנאַפּער עס ווערן די מיטלען פון „דזשוינט", וועלכער האָט געשטיצט די הילפס=אינסטיטוציעס קעגן די פאַרכאַפּערישע טענדענצן מצד דער קהלה. די דאָזיקע טענדענצן פון יודענראַט ווערן אַלץ שטאַרקער, וואָס פאַרהאַסטער ער ווערט ביי דער באַפעלקערונג, וועלכע פילט אַלץ שטאַרקער דעם דרוק פון דעם קהלה=אַפּאַראַט מיט די „לאַפּאַנקעס" צו די אַרבעטס=לאַגערן, מיט די אומיושרדיקע שטייערן, וואָס זענען געפאַלן אויפן אָרעמען מאַן, מיט די כסדרדיקע עוולות און שיקאַנעס פון די צעווילדעוועטע „אָרדנונגס=מענער", מיט די טרויעריק באַרימטע „פּאַרוווקעס" א.ד.גל.

דער דאָזיקער קאַמף האָט געדויערט אַ גאַנצע צייט ביז ממש דעם לעצטן אָטעם. דירעקטאָר גיטערמאַן האָט פון איין זייט באַמיט זיך צו שאַפן וואָס גרעסערע געלט=סומעס דורך דער פאַרמיטלונג פון „דזשוינט" פאַר די צענדליקער טויזנטער פּליטים און מלחמה=קרבנות. פון דער צווייטער זייט האָט דיר. גיטערמאַן געהאַלטן, אַז די פאַרמעגלעכע אָרטיקע עלעמענטן זענען פאַרפליכטעט אַריינצוטראָגן באַדייטנדיקע סומעס פאַר הילפס=צוועקן. די פרייוויליקע באַשטייערונגען פלעגן אַריינברענגען

צענדליקער טויזנטער זלאָטעס, בשעת פֿאַר דעם צוועק זענען נויטיק געווען מיליאָנען. אין דער פּראָווינץ (אין בענדין א.א.) האָבן די יודענראַטן מאָביליזירט פֿאַר די הילפֿס־צוועקן גרעסערע געלט־סומעס אויף אַ צוואַנגס־אופֿן. די, וואָס האָבן פֿרייוויליק נישט אײַנגעשטימט, האָט מען אַרײַנגעזעצט אין תּפֿיסה און אַזוי לאַנג געהאַלטן, ביז וואַנען זיי האָבן זייער פֿליכט נישט דערפֿילט.

דעם זעלבן געדאַנק פֿון שאַפֿן גרעסערע געלט־מיטלען פֿאַר הילפֿס־צוועקן האָט גיטערמאַן פּראָפּאַגירט אין וואַרשע. הגם דער פּרעזעס טשערניאַקאָוו איז אײַנגעגאַנגען דערויף, האָט אָבער דעם פּרעזעס סבֿיבֿה אַלץ געטאָן צו נישט צו מאַכן דעם דאָזיקן געדאַנק פֿון צוואַנגס־באַשטײַערונג פֿון די אויפֿגעקומענע מלחמה־גבֿירים. די קהלה־לײַט, וואָס האָבן בשעת דער מלחמה געמאַכט גלענצנדע געשעפֿטן אויפֿן חשבון פֿון די ברייטע פֿאָלקס־מאַסן, האָבן נישט געהאַלטן פֿון פּרינציפּ פֿון געבן און כּדי אַליין נישט צו געבן, האָבן זיי נישט דערלאָזט אַנדערע זאָלן געבן. די הילפֿס־אַקציע פֿאַר די פּליטים, באַזירט אויף צוואַנגס־מיטלען (אַרײַנזעצן פּליטים אין די דירות פֿון רײַכע, צוואַנגס־אַרבעט פֿון די גבֿירים און די ערגסטע פּליטים־פּונקטן א.ד.גל.) האָט אַרײַנגעבראַכט איבער 1 מיליאָן זלאָטעס, זי האָט אָבער דעם אײַגנטלעכן צוועק נישט דערגרייכט. מיט אַזאַ נישטיקער סומע האָט מען קיין סך נישט געקענט אויפֿטאָן. די דאָזיקע אַקציע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דיר. גיטערמאַן — דיר. בלאָך, ח. ראַלאַפּענקאַ, מנחם קאָן און דער מחבר פֿון די שורות, איז געווען אַ מאָראַלישע רעהאַביליטאַציע פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע כּוחות, וואָס האָבן אָנגעוויזן דעם ריכטיקן וועג פֿון דער הילפֿס־אַרבעט. די שולד פֿון די דעגענערירטע און דעמאָראַליזירטע קהלה־לײַט איז עס געווען, וואָס די אַקציע האָט נישט דערגרייכט איר ציל.

ווען גיטערמאַן איז צוריקגעקומען פֿון געפֿאַנגען־לאַגער קיין וואַרשע, האָט ער געטראָפֿן אַ שווער פּראָבלעם פֿון פּליטים, נישט בלויז אין וואַרשע, נאָר אין גאַנצן לאַנד. גיטערמאַן האָט שטאַרק געוויטיקט, וואָס די פּוילישע ייִדן, באַזונדערס די וואַרשעווער, האָבן נישט די געהעריקע פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער פֿראַגע פֿון פּליטים־הילף, וואָס האָבן פֿאַרשטאַנען הכנסת־אורחים אין דעם זין פֿון הכנסה פֿ ו ן אורחים. ער, וואָס האָט גוט געדענקט, ווי אַזוי די אוקראַאינער ייִדן האָבן אויפֿגענומען די גאַליציש ייִדן, בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט נישט געקאָנט פֿאַרשטיין די קאַלטע, נישט מענטשלעכע אַכזריותדיקע באַציונג לגבי אייגענע ברידער. אויף גרויסע פֿאַרזאַמלונגען פֿון הויז־קאָמיטעטן האָט דיר. גיטערמאַן געשטורעמט קעגן די וואַרשעווער ייִדן, וואָס האָבן פֿאַרמאַכט זייערע הערצער און זייערע קעשענעס צו דער נויט פֿון דער איבער 100־טויזנט קעפּיקער מחנה פֿון פּליטים פֿון אַלע ווינקלען פֿון פּוילן. דיר. גיטערמאַן האָט געמאַכט שטאַרקע באַמיונגען צו שילדערן

דעם מצב פון פּליטים, וואָס זיינען אין די טויזנטער אומגעקומען אין די פּליטים־פּונקטן, די נעסטן פון אַלע מגיפות, וואָס האָבן דערנאָך אַרומגע־נומען גאַנץ וואַרשע. מיט די טויזנטער קרבנות פון טיפוס צווישן די וואַרשעווער גבירים האָבן זיך די צענדליקער טויזנטער פּליטים אומגע־בראַכטע דורך הונגער און קראַנקהייטן גענומען נקמה אין די נישט מענטשלעכע ברידער.

די פּראָווינץ איז פון ערשטן מאָמענט אָן פון דיר. גיטערמאַנס צוריקקערן קיין וואַרשע געווען אַ וויכטיקער אַרבעטס־געביט, מיט וועלכן דיר. גיטערמאַן האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט. צענדליקער טויזנטער יידן האָבן זיך געוואַלגערט פון אָרט צו אָרט, אַריבערגעוואָרפן דורך דעם אומברחמנותדיקן אָקופּאַנט, וואָס האָט דורך די כסדרדיקע איבערזיד־לונגען געוואָלט די ברייטסטע יידישע מאַסן דערפירן צו דער מדרגה פון דעגענערירטע בעטלער. דיר. גיטערמאַן האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז די פּאָר צענדליקער טויזנטער זלאָטעס פון צענטער וועלן קיין סך נישט העלפן, זיי האָבן אָבער געהאַט די מאָראַלישע באַדייטונג, זיי האָבן באַ־וויזן, אַז עס איז דאָ אַ צענטער, וואָס זאָרגט און טראַכט פאַר די גע־ליטענע. אין יאָר 1942 איז אָבער דער קאָנטאַקט מיט דער פּראָווינץ געוואָרן אַלץ אַ לויזערער און לויזערער צוליב דער סכנה, מיט וועלכער עס איז געווען פאַרבונדן דאָס באַוועגן זיך אויף די באַנען.

דיר. גיטערמאַן, וואָס האָט שטענדיק אין זינען געהאַט די קולי־טור־טעטיקייט, האָט אויך בשעת דער מלחמה מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט פון דעם אומלעגאַלן „איקאר“ (יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע), וואָס האָט איינגעאָרדנט ליטעראַריש־קינסטלערישע אימפּרעזן און גע־קעמפט פאַר די רעכט פון דער יידישער שפּראַך אין עפנטלעכן לעבן פון געטאָ. דיר. גיטערמאַן האָט אויך מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט פון „דעם אַרכיוו פון געטאָ“, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ צוועק אויפ־צוזאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן וועגן די שווערע איבערלעבונגען פון די פּוילישע יידן. דאָס איז איבריקנס געווען אַ המשך פון דער אַרבעט, וואָס דיר. גיטערמאַן האָט געפירט אין ווילנע, ווו ער האָט אַוועקגעשטעלט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס האָט געזאַמלט גבית־עדות פון די אַנט־לאָפענע פון פּוילן. אַדאַנק די חברים גיטערמאַן און גוזיק האָט דער „דזשוינט“ אונטערגעשטיצט מיט געלט די היסטאָרישע זאַמל־אַרבעט אין פּוילן.

גיטערמאַן איז געווען די פאַרקערפּערונג פון אַ געזעלשאַפטלעכן עסקן אין דעם בעסטן זין פון וואָרט. ער האָט אַרומגענומען מיט זיין ברייטן פאַרנעם אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. פּאַראַפראַזירנ־דיק דאָס באַקאַנטע לאַטיינישע שפּריכוואָרט: „Homo sum: humani nihil a me alienum puto“, קאָן געזאָגט ווערן וועגן גיטערמאַנען, אַז עס איז נישט געווען קיין געביט פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, ווו דיר. גיטערמאַן זאָל נישט האָבן געווען טעטיק אין אַ גרעסערער אָדער

קלענערער מאָס. די קאַמפּס⸗אָרגאַניזאַציע, די פראַגן פון פּאַרטיידיקונג און ווידערשטאַנד פון ווארשעווער און פון אנדערע געטאָס, די הילף פאַר דער חלוצישער, שומרישער יוגנט, קאָנטאַקט מיט דער פּראָווינץ, כדי זיי צו אינפאָרמירן וועגן דעם אַלעם, וואָס קומט פאָר אין דער גענעראַל⸗גובערניע און אַוועקשטעלן פאַר זיי די פראַגן פון פּאַרטיידיקונג א.א.וו. — אין די אַלע און אין צענדליקער אנדערע פראגן, וואָס דאָס לעבן האָט יעדן טאָג ארויסגערוקט, האָט גיטערמאַן ארויסגעזאָגט זיין וואָרט, אומעטום אריינגעמישט זיך מיט ראַט און טאַט, געהאָלפן מיט זיין אויטאָריטעט און מיט די מיטלען פון „דזשוינט“.

באַזונדערס נאָענט זענען געווען דעם דיר. גיטערמאַן די פראַגן פון דער קאַמפּס⸗אָרגאַניזאַציע. אַלס מיטגליד פון דער פינאַנס⸗קאָמיסיע ביי דער קאַמפּס⸗אָרגאַניזאַציע האָט ער צוזאַמען מיטן שרייבער פון די שורות, דיר. בלאָך, מנחם קאָן און דיר. גוזיק געשאַפן געלט⸗מיטלען פאַר די פּאַרטיידיקונגס⸗צוועקן. אַזוי ווי די זאַמלונגען זענען פאָרגעקומען אויף אַ פרייוויליקן אופן, האָבן זיי זייער ווייניק דערגרייכט. מיר האָבן דעמלט איינגעזען, אַז דער איינציקער וועג פון געלט⸗זאַמלונג פאַר די צוועקן זיינען עקספּראָפּריאַציעס.

ווען עס איז אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה וועגן דער שרעקלעכער שחיטה אין ווילנע, ווו 50 טויזנט יידן זענען סיסטעמאַטיש אויסגעשאָכטן געוואָרן אין די טרויעריק⸗באַרימטע בענזין⸗גריבער אויף פּאָנאַרי (Ponary), אין שכנות פון ווילנע, האָבן דיר. גיטערמאַן און דיר. גוזיק אַרויסגעשיקט מאַטעריעלע הילף פאַר די איבערגעבליבענע 12 טויזנט יידן. ווען עס איז פאָרגעקומען די אויסזידלונג פון לובלין, ווו פון 50 טויזנט יידן זענען איבערגעבליבן אַ פּאָר טויזנט, האָט די „דזשוינט“⸗דירעקציע געהאָלפן צו ראַטעווען אַ פּאָר צענדליק טוער קיין וואַרשע. דאָס זעלבע איז געווען אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע אויסזידלונגס⸗אַקציע פון די וואַרשעווער יידן, אין יולי 1942 יאָר, איז דער „דזשוינט“ געשטאַנען אָפּהענגטיק און פּאַסיוו. עס איז געווען אַ פעלער מצד די „דזשוינט“⸗דירעקטאָרן, וואָס פון די קנאַפּע געלט⸗מיטלען האָט מען נישט געשאַפן קיין רעזערוו אויף אַזעלכע טראַגישע מאָמענטן ווי אויסזידלונג. פאַר געלט האָט מען דעמלט געקאָנט אויסקויפן פון די יידישע אָרדנונגס⸗מענער און זייערע דייטשע און פוילישע מיטהעלפער ווערטפולע פּערזאָנען, ווי דאָס האָט למשל געטאָן דער פּרעזעס געפּנער, וועלכער האָט אַוועקגעשיקט אַ ספּעציעלן באַאַמטן אויפן אומשלאַג⸗פּלאַץ — מיט געלט — אויף אויסצולייזן זיינע געכאַפּטע באַאַמטע. מיט ווייטיק האָט מען זיך געמוזט צוקוקן, ווי די בעסטע כוחות גייען צום טויט דערפאַר, ווייל עס האָבן געפעלט נישטיקע פּאָר טויזנט זלאָטעס פאַר די יידישע „כאַפּערס“.

די ערשטע אויסזידלונג פון די וואַרשעווער יידן האָט נישט צוזאַמענגעבראָכן דעם דיר. גיטערמאַן, ווי דאָס האָט פּאַסירט מיט אַ סך טוער, וועלכע האָבן זיך נאָך דער שחיטה פון איבער 300 טויזנט וואַרשעווער יידן געפילט אינגאַנצן פאַרלוירן. דיר. גיטערמאַן טראָגט איבער זיין גאַנצע ענערגיע אויפן געביט פון די שאָפּן, ווו עס קאָנצענטרירט זיך דעמלט דער רוב איבערגעבליבענע וואַרשעווער יידן. אין יעדן שאָפּ, אין יעדן וואַרשטאַט אַנטשטייט אַדאַנק די געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס זיינען פריער טעטיק געווען אין די הויז־קאָמיטעטן, אין די פּאַטראָנאַטן פון די קינדער־אַנשטאַלטן, פון די פּליטים־פּונקטן א.א. — זעלבסטהילפס־קאָמיטעטן, וואָס זאָרגן פאר די הונגעריקע, פאר די נויטליידנדע פון יידן שאָפּ, און א טייל שאָפּן, ווערן געשאפן פארן גאנצן בלאָק הילפס־קאָמיטעטן, וואָס האָבן געארבעט אויף א גאָר גרויסן פארנעם. אלס ביישפּיל וועלן מיר דערמאָנען דעם הילפס־קאָמיטעט אין בלאָק פון האַלמאַן סטאָלער־שאָפּ אויף נאָוואָליפּקי, ווו דער מחבר פון די שורות האָט צוזאַמען מיטן דיר. בלאָך געשאַפן אין אַ קורצער צייט פון באַשטייערונגען אַ סכום פון 50 טויזנט זלאָטעס. דירעקטאָר גיטערמאַן כאַפּט אויף די דאָזיקע הילפס־אַקציע אין די באַזונדערע שאָפּן. לויט זיין איניציאַטיוו ווערט ביים יודענראַט געשאַפן אַ ראַט פון די שאָפּן, אויף וועלכן עס ווערן אַוועקגעשטעלט נישט בלויז פראַגן פון הילפס־אַקציעס, נאָר אויך פראַגן פון אַפּראָוויזאַציע פון די שאָפּן, וואָס האָט גאָר שטאַרק אונטערגעהינקט. עס איז דורך דעם מחבר פון די שורות אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ רעגולאַמין, וואָס זיין לייטפאָדעם איז געווען די קעגנזייטיקע הילף פון די שאָפּן.

די שאָפּן מיט אַ גרעסערער צאָל מקבלים ווי נותנים האָבן געזאָלט באַקומען שטיצע מצד רייכערע שאָפּן. דער צוזאַמענטרעף פון די פאָרשטייער פון די הילפס־קאָמיטעטן אין די באַזונדערע שאָפּן איז געווען אַ נייער פרווו צו אָרגאַניזירן די געזעלשאַפטלעכע כוחות פון דער איבערגעבליבענער וואַרשעווער עדה. אונטערן דעקמאַנטל פון סאָציאַלער הילף האָבן געזאָלט אַדורכדיסקוטירט ווערן די עיקרדיקע פראַגן פון דער יידישער געזעלשאַפט. דער שאָפּן־קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן געזעלשאַפטלעכע אַקציעס, צווישן אַנדערע אַ מלבושים־זאַמלונג פאַר די צוריקגעקומענע פון די לאַגערן, וועלכע האָבן געגעבן גאַנץ שיינע רעזולטאַטן. עס זענען געפּלאַנט געוואָרן פאַרשידענע אַקציעס, צווישן אַנדערע אַ געלט־זאַמלונג פאַר די נויטליידנדע אין די שאָפּן. די דאָזיקע אָנגעהויבענע אַרבעט איז אָבער איבערגעריסן געוואָרן דורך דער צווייטער אויסזידלונגס־אַקציע אין יאַנואַר 1943 יאָר, וועמענס קרבן עס איז געפאַלן דיר. גיטערמאַן גופא.

גיטערמאַן איז געווען אַן אָריגינעל־דענקנדיקער מענטש, וואָס האָט אין יעדער פראַגע געהאַט זיין אייגענע שטעלונג. יאָרנלאַנג פאַרן איבערנעמען די מאַכט דורך היטלערן, האָט גיטערמאַן, וואָס פלעגט באַזוכן

דייטשלאַנד צוליב דעם, וואָס אין בערלין האָט זיך געפונען די צענטראַלע פון „דזשוינט“, פאָרויסגעזאָגט דאָס איבערנעמען די מאַכט דורך היטלערן. ער האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז די ס.ד. און דעמאָקראַטן, וואָס באַגייען זיך מיט זיידענע הענטשקעס מיט היטלערן און זיינע ס.א.=מחנות, וועלן איבערגעבן די מאַכט אָן שום קאַמף.

אויף דער פראַגע, וואָס טויזנטער יידן פלעגן יעדן טאָג איבערחזרן: וואָס וועט ווייטער זיין מיט די יידן, וועט מען שוין דעם רעשט לאָזן לעבן, כדי צו האָבן אַן אַליבי נאָך דער מלחמה — פלעגט גיטערמאַן ענטפערן: ווי אַזוי קאָנען מיר מענטשן מיט אַ נאָרמאַלן אופן פון דענקען פאַרשטיין און פאָרויסזען, וואָס עס טראַכט אַ פאַרדרייטער משוגענער קאָפּ פון אַ דעגענעראַט און סאַדיסט.

די ערשטע פסח=נאַכט 1940 יאָר האָבן מיר אַ פאָר פריינד פאַרבראַכט צוזאַמען ביים ח׳ סאַגאַן אין זיין דירה אויף זשעלאַזנע נר׳ 101 (דאָס הויז איז שפּעטער געוואָרן אַ שם דבר אין וואַרשע, דאָרט האָט זיך זייט יולי 1942 יאָר געפונען דער אויסזידלונגס=שטאַב; דאָרט זענען פאָרגעקומען מאַסן=עקזעקוציעס פון יידן געכאַפּטע אויף דער אַרישער זייט). צווישן די געסט האָט זיך געפונען דיר. גיטערמאַן, וועלכער איז אָקאָרשט געקומען פון דער געפאַנגענשאַפט אין דייטשלאַנד. גיטערמאַן האָט פאַרציילט באריכות וועגן זיינע איבערלעבונגען אין דער דייטשער געפאַנגענשאַפט. ער האָט איבערגעגעבן אינטערעסאַנטע פרטים פון דעם פויליש=יידישן צוזאַמענלעבן אין לאַגער. די פאַרביסנסטע אַנטיסעמיטן זיינען אין לאַגער געוואָרן די בעסטע פריינד פון די יידישע חברים, זיי האָבן אָפן דערקלערט, אַז זיי האָבן נישט געקענט נענטער יידן און דעריבער האָבן זיי געגלויבט אין דעם אַלעם, וואָס מען האָט זיי איינגערעדט, וואָס עס האָט געשריבן די אַנטיסעמיטישע פרעסע. גיטערמאַן האָט צווישן די פאָרשטייער פון פוילישן אַדל, הויכע שטאַבס=אָפיצירן, פוילישע אינטעלעקטואַליסטן א.א., וואָס האָבן זיך צוזאַמען מיט אים געפונען אין דעם לאַגער, געוואונען איבערגעגעבענע פריינד, וואָס זענען געווען גרייט אָפּצוגעבן פאַר אים דאָס לעבן. פאַרן אַוועקפאָרן קיין פוילן האָבן די פוילישע חברים איינגעאָרדנט אַ געזעגענונגס=אָוונט לכבוד חבר גיטערמאַן, אויף וועלכן די פוילישע חברים האָבן זיך אויסגעדריקט מיט גרויס אַכטונג וועגן אים. גיטערמאַן האָט דערויף געענטפערט מיט אַ רעדע, וועלכע איך גיב דאָ איבער בקיצור. די פויליש=יידישע באַציונגען זענען געווען שלעכטע — האָט געזאָגט ח׳ גיטערמאַן — צווישן אַנדערע צוליב דעם, וואָס עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ מויער פון פאָראורטיילן און מיספאַרשטענדנישן צווישןביידע פעלקער. די הויפּט=סיבה פון דער שנאה צווישן יידן און פאָליאַקן שטאַמט דערפון, וואָס הגם יידן זענען שכנים פון פאָלאַקן, ווייסן זיי אָבער וויינק וועגן זייער לעבן, זייער גייסטיקן שאַפן וכדומה: וואָס עס קאָן אויפטאָן שוין נישט קיין מויער נאָר אַ דין וועגטל, האָבן מיר זיך געקאָנט איבערציינגן ביי אונדז

אין באַראַק. מיר האַלטן פון די אײַנגווינער פון אונדזער באַראַק. מיר — פּאָלאַקן און ייִדן פון דעם באַראַק — לעבן גוט צווישן זיך צוזאַמען, ווייל מיר קענען זיך, ווייל מיר פאַרברענגען אַ גאַנצן טאָג. אַנטאַגאָניזמען האָבן זיך געשאַפן נישט צווישן ייִדן און פּאָלאַקן פון יעדן באַראַק באַזונדער, נאָר צווישן איין באַראַק און צווייטן. מיר רעדן אויס כל דבר אסור אויף אַנדערע באַראַקן, ווייל עס טײלט אונדז אַ דין ווענטל פון גישט קענען איינע די אַנדערע. די באַציונגען צווישן ייִדן און פּאָלאַקן וועלן זיך ענדערן ווען ביידע פעלקער וועלן זיך בעסער באַקענען איינער מיטן צווייטן, ווען עס וועט פאַלן די כינעזישע וואַנט, וואָס טײלט אָפּ ביידע פעלקער, ווען עס וועט אויפהערן דער גיפטיקער אַנטיסעמיטיזם צו פאַרשפּרייטן סם צווישן פּוילישן פאָלק.

אין דער לאַנגער סדר־נאַכט האָט זיך דעמלט פאַרפירט אַ ברייטע דיסקוסיע וועגן נעמען נקמה איבער די דייטשן. מען דאַרף וויסן, אַז אין די פיר און אַ האַלב יאָרן פון מלחמה איז דאָס הויפּט־געשפּרעך פון אַלע אָן אויסנאַם ייִדן געווען [נעמען] נקמה פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט. איך האָב געקענט איידעלע מענטשן, וואָס זייערע צאַרטע הענט זענען נישט געווען אימשטאַנד אַ פליג אָנצורירן, וועלכע האָבן געשווירן, אַז זיי זענען גרייט אייגנהענטיק צו דערשטיקן דעם ערשטן בעסטן דייטש. אפילו לינק־געשטימטע ייִדן האָבן געהאַלטן, אַז דייטשן זענען אין זייער איבערוועגנדיקער מערהייט אַ פאָלק מיט פאַרברעכערישע אינסטינקטן, וואָס מוז פאַרטיליקט ווערן פון אייראָפּע. גיטערמאַן האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם געדאַנק וועגן קאָלעקטיווער נקמה, וועגן נקמה איבערן גאַנצן פאָלק. אין לאַגער האָט ער געהאַט צו טאָן מיט אַ סך דייטשן מיט אַ מענטשלעכער האַנדלונג. דאָס זעלבע האָבן אויך דערציילט ייִדישע קריגסגעפאַנגענע פון אַנדערע לאַגערן. גיטערמאַן האָט געהאַלטן, אַז עס וועט נישט נעמען קיין סוף צו די קעגנזייטיקע מערדערייען און פעלקער־שחיטות, אויב מען וועט ווידער שטיין אויפן שטאַנדפּונקט פון נקמה. אַ נישט איז אין לדבר סוף, וועלן די דייטשן טראַכטן וועגן נקמה איבער זייערע פייניקער און אַזוי ווייטער. אַנדערע בײַזיצער בײַם סדר־טיש האָבן אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז די נייע סאָציאַלע אָרדענונג, וועלכע וועט אַ סוף מאַכן צו אַלע עוולות, וועט נעמען נקמה אין די קלאַסן און שיכטן, וואָס טראָגן די שולד פאַר דעם היטלעריסטישן אימפּעריאַליזם און די שחיטות פון ייִדן, רוסן און אַנדערע פעלקער.

גיטערמאַן האָט שטאַרק געוואָלט איבערלעבן די מלחמה. אין דער לעצטן יאָר (1941/2) האָט ער געזוכט וועגן ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען זיך פון פּוילן. ער האָט זיך פאַרשאַפן אַרגענטינער פּאַפּירן, וועלכע האָבן זיך אָבער אַרויסגעוויזן פאַר פאַלשע. די זעלבע, צוליב וועלכע דער דירעקטאָר פון „דזשוינט“, לייב נייששטאַט איז אויפן פּאַוויאַק דערשאָסן געוואָרן. גיטערמאַן האָט געטראַכט וועגן איינאָרדענען זיך אויף יענער זייט און האָט זיך וועגן דער פראַגע געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט זיינע

פוילישע פריינד פון לאַגער פון די קריגסגעפאַנגענע. עס האָט אָבער נאָך עקזיסטירט אַ ישוב פון איבער דרייסיק טויזנט יידן און דער אמתער עסקן גיטערמאַן האָט זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דער אַרבעט און אַוועק אויף יענער זייט. דעם 18=טן יאַנואַר 1943 יאָר, מאָנטיק פאַר= טאָג, האָט זשאַנדאַרמעריע מיט ס.ס. און אוקראַינער אַרומגערינגלט דאָס געטאָ, גיטערמאַן האָט געוווינט אין געטאָ אויף מילאַ 69, אין הויז פון די קהלה=אָנגעשטעלטע, ווו די איינוווינער האָבן אָקאָרשט פאַרענ= דיקט אַ באַהעלטעניש אין קעלער. גיטערמאַן האָט זיך נאָך נישט באַוויזן צו דערוויסן דאָס אָרט פון דעם באַהעלטעניש. ער איז פאַרטאָג אַרויס פון צימער, כדי זיך צו דערוויסן דעם אַדרעס פון דער באַהעלטעניש. אויף די טרעפּ האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט דעם לייטער פון דער תרבות=שול ראָזענבלום און דעם סעקרעטאַר פון דער קהלה באָרענשטיינען און מיט זיי פאַרפירט אַ שמועס וועגן די נייעסן פון שטאָט. גיטערמאַן איז געשטאַנען אין ווינקל פון די טרעפּ, אַ שריט פאַר דער טיר פון זיין דירה. פלוצים האָט זיך דערהערט אַ שאָס און גיטערמאַן איז געפאַלן טויט אויף די טרעפּ. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די ס.ס.=לייט האָבן געהאַט באַזעצט דאָס הויז און זעענדיק שטיין אַ גרופּע פון דריי יידן, האָבן זיי, נישט לאַנג טראַכטנדיק, געשאָסן און דערהרגעט גי= טערמאַנען. גיטערמאַן איז מקבר געוואָרן לעבן נאָמבערגן. קיינער פון זיינע פריינד האָט נישט זוכה געווען אָפּצוגעבן גיטערמאַנען דעם לעצטן כבוד. צום בית=עולם האָבן דעמלט געהאַט אַ צוטריט בלויז קברנים. גיטערמאַנס טויט האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף אַלע= מען. ער איז געווען די פאַרקערפּערונג פון די טעטיקע געזעלשאַפטלעכע כוחות. ער האָט געדינט געטריי די אינטערעסן פון די יידישע פאָלקס= מאַסן. זיין אָנדענק וועלן מיר שטענדיק דערמאָנען מיט יראת הכבוד.

## מרדכי אַניעלעוויטש —
## דער קאָמענדאַנט פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע

א יונגער בחור, אַלט א 25 יאָר[183], פון מיטעלן וווקס, א שמאָל, בלייך, שפּיציק פּנים, לאַנגע האָר, אַ סימפּאַטישער אויסזען. צום ערשטן מאָל האָב איך זיך באַקענט מיט אים אין אָנהייב מלחמה, ווען ער איז געקומען צו מיר געקליידעט ספּאָרטמעסיק און געבעטן צו באָרגן אים אַ ביכל. פון דעמלט אָן איז ער אָפט צו מיר געקומען באָרגן ביכלעך פון געביט פון יידישער געשיכטע, באַזונדערס עקאָנאָמיע, מיט וועלכער ח' מרדכי האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט. ווער האָט עס געקאָנט וויסן, אַז דער שטילער, באַשיידענער און סימפּאַטישער בחור וועט אויס= וואַקסן צום מענטש, וואָס וועט אין דריי יאָר אַרום זיין דער וויכטיקס=

[183] מ. אַניעלעוויטש (1919—1943).

טער מענטש אין געטאָ, וועמענס נאָמען עס וועלן דערמאָנען מיט אָפּשיי אײנע און מיט שרעק אַנדערע.

די מלחמה האָט שרעקלעך דעמאָראַליזירט די יידישע יוגנט. דער איינציקער אידעאַל פון דער יוגנט איז געווען צו לעבן אַ גוטן טאָג. קאָרטן, בראָנפן, פרויען, דאָס פאַרמאַכן זיך אין די ד׳ אמות פון דעם אייגענעם איך — זענען געוואָרן די מכות מדינה פון דער יידישער יוגנט, וואָס האָט אין דער גרעסטער מערהייט פאַרלוירן יעדן אינטערעס צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אויב געוויסע יוגנטלעכע עלעמענטן האָבן זיך געשטופּט אין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס (אין ייס״א, „צענטאָס" א״א), אין דער קהלה א״א, האָבן זיי עס געטאָן צוליב אויסגערעכנטקייט, כדי צו זיין געדעקט פאַר אַרבעט־לאַגערן, אָבער נישט צוליב דעם, וואָס עס האָט זיי ווייי געטאַן די נויט און עלנט פון די פּליטים אָדער פון די מלחמה־קרבנות.

דער „השומר הצעיר", וועמענס אָנפירער עס איז געווען ח׳ מרדכי, איז געווען איינע פון די קעמערלעך, וווהין עס האָבן געצויגן די אידעישע עלעמענטן פון דער יוגנט, ביי וועלכע עס איז נישט אויסגעשעפּט געוואָרן דער ניצוץ פון אידעאַליזם און דער פונק פון קרבנות־גרייטקייט פאַר דעם כלל און זיינע אינטערעסן.

נישט דאָ איז דער אָרט אָפּצושאַצן די דערציונגס־אַרבעט פון „השומר הצעיר", וועלכער האָט דערצויגן די יוגנט אין גייסט פון אי־דעאַליסטישן פּאַלעסטיניזם, שטרענגער אומפּאַרטייאישקייט און עקסט־רעמען העברעיזם. איך וויל דאָ בלויז באַמערקן, אַז די שומרישע דער־ציונג האָט אפשר אַרויסגעבראַכט ווערטפולע עלעמענטן, וועלכע האָבן אָבער גאָרנישט געטאָן, כדי צו הייבן די קולטור פון די פאָלקס־מאַסן און בכלל זיך ווייניק אינטערעסירט מיטן מצב פון דער יידישער באַ־פעלקערונג אין די א״ג „גלות־לענדער", קאָנצענטרירט זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף ארץ־ישראל און זיינע פּראָבלעמען. דער „השומר" האָט דערצויגן יוגנטלעכע, וואָס זענען נאָכן פאַרלאָזן דעם „השומר", געבליבן הענגען אין דער לופטן, נישט געקאָנט געפינען פאַר זיך קיין תיקון אין דער אַרומיקער סביבה.

דער „השומר הצעיר" האָט אונטער דער אָנפירונג פון ח׳ מרדכי גלייך פון אָנהייב מלחמה גענומען פירן קרייזן פון בילדונג און קולטור, וואָס האָבן אַרומגענומען הונדערטער יוגנטלעכע פון ביידע מינים. די קולטור־אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין דעם פּליטים־פּונקט אויף נאַ־לעווקי 23, ווו עס האָבן געפונען אַ מקום־מקלט הונדערטער חברים פון דער פּראָווינץ. דער „השומר" האָט געזאָרגט נישט בלויז דערפאַר, אַז די חברים זאָלן האָבן גייסטיקע שפּייז. עס איז אויך גלייכצייטיק אַ סך געטאָן געוואָרן פאַר זייער גייסטיקער אויסבילדונג. עס ווערן געשאַפן קרייזן און סעמינאַרן, אין וועלכע די יוגנט באַקומט אַלגעמיינע און יידישע בילדונג. אין די סעמינאַרן פאַר עלטערע חברים ווערן צוגע־

גרייט אָנפירער פון שומרישע קרייזן. דער „השומר“ נעמט אַרום מיט זיין טעטיקייט נישט בלויז וואַרשע, נאָר אויך די פּראָווינץ. אינסטרוקטאָרן פון „השומר“ שטעלן איין זייער לעבן, פאָרן איבערן לאַנד אויף „לינקע“ פּשעפּוסטקעס אַלס יידן און נאָך אָפטער אַלס אַריער, פאַרשפּרייטן די אומלעגאַלע אויסגאַבן פון דער באַוועגונג און וועקן צום לעבן לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס.

כדי אויסצובילדן אָנפירער פון די פּראָווינצער קרייזן, ווערן געשאַפן סעמינאַרן פאַר דער פּראָווינץ. אויף אַזעלכע סעמינאַרן קומען נישט בלויז בחורים און מיידלעך פון דער גענעראַל־גובערניע, נאָר עס שמוגלען זיך קיין וואַרשע חברים פון „רייך“, (בענדין, סאָסנאָוויעץ). אַ טייל גייען עטלעכע וואָכן צופוס ביז זיי קומען אָן קיין וואַרשע. נאָר דער, וואָס קאָן די געפאַרן, מיט וועלכע עס איז געווען פאַרבונדן דאָס באַוועגן זיך אויף די באַנען, קאָן אָפּשאַצן דעם העראָיזם פון דער וויסנדורשטיקער יוגנט, פאַר וועלכער עס האָבן נישט עקזיסטירט קיין שום מניעות אין איר דראַנג צו בילדונג. עס איז מיר אויסגעקומען צו זיין אייניקע מאָל פּרעלעגענט אויף די סעמינאַרן פון „השומר“. דאָס האַלטן לעקציעס פאַר אַזאַ יוגנט, וואָס האָט הויך געטראָגן די פאָן פון אידעאַליזם אין דעם אַרומיקן ים פון באַרבאַריזם, איז געווען איינע פון מיינע שטאַרקסטע איבערלעבונגען. ווען איך האָב אָנגעקוקט די פאַרפלאַמטע פּנימער פון דער וויסנדורשטיקער יוגנט, האָב איך פאַרגעסן, אַז עס איז דאָ אַ מלחמה אויף דער וועלט. די אַרבעט פון די סעמינאַרן איז פאָרגעקומען פונקט אַנטקעגן דער דייטשער וואַך, וואָס האָט געהיטן די טויערן פון געטאָ. די שומרישע חברה האָט זיך אַזוי גוט געפילט אין זייער לאָקאַל, אַז נישט איין מאָל פלעגט מען זיך פאַרגעסן, אַז אַרום קומט פאָר מלחמה. נישט איין מאָל פלעגט די חברה מאַכן אַ „האָראַ“, באַגלייט מיט ארץ־ישראלדיקע אָדער רעוואָלוציאָנערע געזאַנגען. איין מאָל האָט דאָס געזאַנג פאַרלאָקט אַ דייטשן זשאַנדאַר, וואָס איז געקומען זיך פרעגן, וואָס דאָ קומט פאָר. דערוויסנדיק זיך, אַז דאָ קאָנצענטרירט זיך די סקויטישע יוגנט, האָט דער זשאַנדאַר אַוועקגעזעצט זיך, אַדורכצושמועסן זיך מיט די יוגנטלעכע. פאַרטאָג האָט ער זיך האַרציק געזעגנט מיט די שומרים און אַוועק צו זיין פאָסטן.

ח׳ מרדכי איז אויסערגעוויינלעך געווען איבערגעגעבן די חברים פון „השומר הצעיר“. ער האָט טאָג און נאַכט געטראַכט וועגן זיי און געזאָרגט פאַר זיי. ער האָט פון פאַרשידענע קוועלן געשאַפן לעבנסמיטל פאַר דער קיך פון שומרישן קיבוץ. ווי לאַנג די ייס״א האָט געהאַט מעגלעכקייטן, האָבן מיר אונטערן מאַנטל פון פּליטים־הילף געשטיצט דעם קיבוץ אויף נאַלעווקי 23. די אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג פון יודענראַט האָט אויך פון צייט צו צייט, באַזונדערס אַדאַנק דעם דירעקציע־מיטגליד

[184] ש. ווינטער (1891—1943).

ח׳ ווינטער[184], געשטיצט די שומרים מיט פּראָדוקטן. דער רוב אויס־האַלטונג האָט אָבער דער „השומר" געהאַט פון די פאַרדינסטן פון איי־גענע חברים, וואָס האָבן געאַרבעט אויף פאַרשידענע פּלאַצווויקעס און דאָס פאַרדינטע געלט אַריינגעטראָגן אין דער חברים־קאַסע.

די געטריישאַפט פון ח׳ מרדכי צו זיינע חברים איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע, וועלכע מען טרעפט זעלטן אין אַ געזעלשאַפט צי אַ פּאַרטיי. פאַר אַן אייגענעם חבר איז ער געווען גרייט אין פייער אַריינצוגיין. אַלס ביישפּיל וויל איך דערמאָנען דעם פאַקט, וועלכן איך האָב אַליין בייגעוווינט. געשען איז דאָס מיט אַ חבר פון „השומר", זאַנדמאַן, אין שאָפּ פון האַלמאַן אויף נאָוואָליפּקי, וווּ איך האָב געוווינט נאָך דער ערשטער אויסזידלונג; געווען איז דאָס אין יאַנואַר 1943 יאָר. די קאַמפס־אָרגאַניזאַציע האָט דעמאָלט אַדורכגעפירט אַ ריי טעראָר־אַקטן קעגן פעריזאָנען, וואָס האָבן געהאַט חטאים קעגן דעם יידישן כלל אין וואַרשע. אַלס שטראָף פלעגט מען זיי באַגיסן מיט וויטריאָל. ביי האַל־מאַנען האָט מען באַגאָסן אַ געוויזענעם פּאָליציאַנט. די אויספירער זע־נען מיט מזל אַוועק, נאָר זאַנדמאַן, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו דעם אורטייל, איז דורך דעם ווערקשוץ פאַרהאַלטן געוואָרן און באַגאָסן געוואָרן מיט וויטריאָל. אויך די דייטשע דירעקציע איז דורכן ווערקשוץ אינפאָרמירט געוואָרן וועגן דעם פאַרהאַלטן פון ח׳ זאַנדמאַן. ח׳ מרדכי, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם אַלעם, איז דעם זעלבן טאָג געקומען אין האַלמאַנס שאָפּ און צוזאַמען מיט דער לייטונג פון דער קאַמפס־אָרגאַני־זאַציע און מיט מיר אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פון באַפרייען דעם חבר זאַנדמאַן. פאַרטאָג, אַזייגער 4, זיינען אין לאָקאַל פון ווערקשוץ אַריין 5 באַוואָפנטע באָיאָוווצעס[185] מיט מאַסקעס אויף די פנימער, באַפרייט דעם ח׳ זאַנדמאַן און ביי דער געלעגנהייט צוגענומען אַלע פּאַפּירן און אָפּצייכענונגען פון ווערקשוץ. געשען איז עס אַ פאַר שעה איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די יאַנואַר־אַקציע.

ח׳ זאַנדמאַן איז אַ צווייט מאָל געגומען געוואָרן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, פון וואַנען עס האָבן אים חברים פון דער באַוועגונג באַפרייט. דער פאַל זאַנדמאַן איז נישט געווען קיין פאַראיינצלטער. ח׳ מרדכי איז געווען גרייט צו גיין אין פייער אַריין פאַר די חברים, פונקט ווי די חברים פון דער באַוועגונג זענען געווען גרייט איינצושטעלן זייער לעבן פאַר אים. אַזאַ צוגעבונדנקייט פון אַן אָנפירער צו זיינע חברים איז זעלטן געווען צו טרעפן אין דעם געטאָ. דאָס איז געווען אַ געטריישאַפט, וועלכע מיר טרעפן אין געהיימע, אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס, וווּ אַלע באַ־טראַכטן זיך ווי אמתע ברידער און וווּ יעדער איז גרייט מקריב זיין זיך פאַר אַנדערע. אַזאַ קעגנזייטיקע הילף און געטריישאַפט האָט מען דעמאָלט געקאָנט טרעפן נאָר אין די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן אָרגאַ־

[185] באָיאָוווצעס — מיטגלידער פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע.

ניזירט הילפס=קרייזן נישט בלויז אין די שאָפּן, נאָר אפילו אין די אַר= בעטס=לאַגערן פון ס.ס.

ח׳ מרדכי און די אַנדערע חברים פון הנהגה הראשית האָבן פון אָנהייב מלחמה געהאַט אַ קלאָרע פּאָליטישע ליניע, אַז אויסגעהאַלטענע ליניע, וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אויף אַלע סעמינאַרן, אין די אָרגאַנען אין דער פּוילישער און העברעישער שפּראַך („נגד הזרם" האָט געהייסן דער העברעישער אָרגאַן).[186] און ווירקלעך איז צו באַוווּנדערן די קאָנסעקווענטקייט און כאַראַקטער=פעסטקייט פון די שומרים, וואָס האָבן קעגן די בירגערלעכע ספערן, פון וואַנען זיי האָבן געשטאַמט, אַוועק= געשטעלט אַן אייגענע פּאָליטישע ליניע, אַ ליניע, וואָס איז שטאַרק נישט געפעלן נישט די אַלגעמיינע ציוניסטן און נישט די רעכטע פּועלי=ציון. די אָריענטאַציע פון „השומר" איז געווען אַ פּראָסאָוויעטישע, גלויבן אין זיג פון ראַטנפאַרבאַנד און פון זיין העלדישער אַרמיי. די איינציקע פּאַרטיי אויף דער יידישער גאַס, וואָס האָט געהאַט די זעלבע פּאָליטישע איינשטעלונג זיינען געווען די לינקע פּועלי=ציון. די שומרים האָבן אין הסכם מיט דער דאָזיקער ליניע געגרייט צוזאַמען מיט אַנדערע פּאַר= טיזאַנער=גרופּן, איינגעשטעלט ענגע באַציונגען מט דער פּפּר (פּאָלסקאַ פּאַרטיאַ ראָבאָטניטשאַ) און בכלל געווען גרייט צו טאָן אַלץ צום זיג פון ראַטנפאַרבאַנד און זיין העלדישער רויטער אַרמיי. הונדערטער חברים פון „השומר" האָבן זיך טאַקע אין פאַרשידענע געגנטן פון לאַנד גע= שטעלט אין פאַרבינדונג מיט פּאַרטיזאַנער=גרופּן, מען דאַרף דערביי געדענקען, אַז דאָס האָט נישט אויף קיין איין האָר פאַרקלענערט זייער פּאָזיטיווע באַציונג צו ארץ=ישראל און צו פּאַלעסטיניזם אַלס לעזונג פון דער יידן=פּראַגע. וועגן דעם האָבן עדות געזאָגט די פּראָגראַמען פון די סעמינאַרן און די אומלעגאַלע אויסגאַבן פון „השומר הצעיר".

ח׳ מרדכי האָט נאָך פאַר דער מלחמה איינגעשטעלט גוטע באַצי= אונגען מיט דער פּוילישער סקויטן=באַוועגונג, דעם „פּוילישן האַרצעוש". דאָס איז געווען אפשר איינע פון די זעלטענע געביטן, אויף וועלכע אַ יידישע אָרגאַניזאַציע האָט צוזאַמענגעאַרבעט מיט אַ פּוילישער. די דאָזיקע פאַרבינדונגען זענען דעם „השומר" שטאַרק צונויץ געקומען בשעת דער איצטיקער וועלט=מלחמה. אין ווילנע האָבן די פאַרבינדונגען מיטן פּוילישן „האַרצעוש" געעפנט די שומרים אַ וועג צו דער פּוילישער גייסטלעכקייט, וואָס האָט מיטגעהאָלפן אין דער אומלעגאַלער טעטיקייט פון „השומר". אַדאַנק דעם זענען איינצלנע פערזאָנען פון „השומר" איינגעאָרדנט געוואָרן ביי פּוילישע פאַמיליעס אין דער געגנט פון ווילנע.

---

186 דער „השומר הצעיר" האָט אין וואַרשעווער געטאָ אַרויסגעגעבן צייט= שריפטן אויך אין יידיש (למשל „אויפברוי") און אין פּויליש (למשל „פּשעד= וויאָסניע").

ח׳ מרדכי האָט מיר איבערגעגעבן אַן אינטערעסאַנטן פּאַקט פון די פריינדלעכע באַציונגען צווישן די פּוילישע סקויטן און די שומרים. אייגער פון די אָנפירער פון פּוילישן „האַרצעזש“ איז צוליב זיין דייטשער אָפּשטאַמונג מאָביליזירט געוואָרן אַלס דאָקטאָר אויפן מזרח־פראָנט. פון לענינגראַד האָט ער דורך דער פעלד־פּאָסט געשיקט אַ באַגריסונג צו דעם אומלעגאַלן צוזאַמענפאָר פון „השומר“ אין וואַרשע. דער דאָזיקער דאָקטאָר האָט שפּעטער, זייענדיק אויף אורלויב אין וואַרשע, זיך אַריינגעשמוגלט אין געטאָ און דאָרט פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג מיט די חברים פון „השומר“. ער האָט איבערגעגעבן אינטערעסאַנטע פּרטים פון דער שווערער קאַטאַסטראָפע, וואָס די דייטשע אַרמיי האָט איבערגעלעבט אין ווינטער 42—1941 יאָר. דער פראָנט — האָט מיר איבערגעגעבן ח׳ מרדכי — האָט דעמלט געהאַלטן ביים צוזאַמענברוך. היטלער האָט דעמלט פּערזענלעך באַזוכט די באַדראָטע פראָנט־אָפּשניטן, ווו די דעמאָראַליזאַציע אין דער אַרמיי האָט אָנגענומען אַ דראָענדיקן כאַראַקטער. היטלער האָט געהאַלטן רעדעס פאַר די זעלנער, איינגעפירט צוריק אָרדענונג און צוריקגעשטעלט די דיסציפּלין. די גענעראַלן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט דערהאַלטן אין אָרדענונג זייערע פראָנט־אָפּשניטן, האָט ער מיטגענומען מיט זיך אין אויטאָ, און ווי מען האָט פאַרציילט צווישן די זעלנער האָט מען זיי שפּעטער דערשאָסן. אויך אויף דעם אָפּשניט, ווו אונדזער סקויט איז געווען, איז געקומען היטלער, געהאַלטן אַ רעדע צו די זעלנער און געבראַכט אַלץ אין אָרדענונג. אויף דער פראַגע פון איינעם פון די יידישע פריינד, הלמאי האָט ער נישט געשאָסן צו אים, אויב ער איז געווען נאָענט צו אים, איז ער געבליבן שולדיק די תשובה.

ח׳ מרדכי, אַ באַשיידענעם, אַ שטילן, האָב איך איינמאָל געזען אין דער ראָל פון קאָמענדאַנט פון „השומר“. געווען איז עס אין ווינטער 42—1941 יאָר. ח׳ מרדכי האָט איין מאָל געוואָלט צונויפנעמען אַלע חברים פון דער באַוועגונג און שטאַרקן אין זיי דאָס באַוווסטזיין פון קאָלעקטיווקייט און באַווייזן וואָס פאַר אַ כוח עס שטעלט מיט זיך פאָר די שומרישע באַוועגונג. נישט געקוקט אויף דער סכנה, מיט וועלכער דאָס איז געווען פאַרבונדן, האָב איך דעם צווייטן שטאָק פון יודאַיסטישן אינסטיטוט אויף טלאָמאַצקע 5, ווו עס האָט זיך געפונען דער געזעלשאַפטלעכער סעקטאָר, ווען עס זיינען געווען אונטערגעאָרדנט די הויזקאָמיטעטן, איבערגעגעבן דעם „השומר“ אויף זייער אָוונט. דער אָוונט איז געוואָרן לעגאַליזירט, ווי אַ ליטעראַריש־קינסטלערישע אימפּרעזע. אין זאַל האָט מען צונויפגענומען די ביורקעס, אויסגעשטעלט בענקלעך אין רייען און געמאַכט אַ בינע ווי ביי לייטן. אין זאַל איז זיך צונויפגעקומען אַן עולם פון אַן ערך 500 שומרים און שומרות, די לעצטע אין ווייסע בלוזקעס. דער ליטעראַריש־קינסטלערישער פּראָגראַם פון אָוונט איז אויסגעפירט געוואָרן דורך אייגענע חברים און חברטעס. דער ניוואָ פון אָוונט איז געווען זייער אַ הויכער. נאָכן פּראָגראַם איז פאָרגעקומען אַ דעפילאַדע

פון דעם גאַנצן „קן“ [187]. גלייכצייטיק איז פאָרגעקומען דאָס איבערגיין פון איין גרופּע אין דער צווייטער, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ פייערלעכער דעקלאַראַציע פון געטריישאַפט צו דער באַוועגונג. די דעפילאַדע האָט ביינעוווינט אַ חברטע פון דער פּוילישער סקויטן־באַוועגונג [188]. די דאָזיקע פאַראַנשטאַלטונג האָט מיר באַוויזן מיט וואָס פאַראַ ליבשאַפט, דרך־ארץ און איבערגעגעבנקייט עס איז געווען אַרומגערינגלט די פּערזאָן פון ח׳ מרדכי מצד די מיטגלידער פון „השומר“. די זעלבע סימפּאַטיע פלעגט אים שפּעטער אַרומוועבן אַלס קאָמענדאַנט פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. די מאַכט האָט אים אָבער נישט געשלאָגן אין קאָפּ אַריין. ער איז געבליבן באַשיידן ווי פריער.

איין מאָל בשעת אַ הפסקה צווישן איין לעקציע און דער צווייטער אויף אַ סעמינאַר פון „השומר“ (איך האָב דאָרט געלייענט די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג), האָבן מיך די חברים מרדכי און יוסף קאַפּלאַן אַראָפּגערופן אין הויף נאַלעווקי 23, אַריינגעפירט אין אַ חדר־מיוחד און געוויזן 2 רעוואָלווערן. די דאָזיקע רעוואָלווערן — האָבן מיר דערקלערט די חברים פון דער הנהגה הראשית — דאַרפן דינען דער אויסבילדונג פון דער יוגנט אין באַנוצן זיך מיט געווער. דאָס איז געווען דער ערשטער שריט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורכן „השומר“ נאָך פאַרן אַנטשטיין פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע.

עס האָבן זיך אָנגערוקט שווערע צייטן. פון גאַנצן לאַנד האָבן גענומען שטראָמען טרויעריקע ידיעות, צום ערשט פון דער שרעקלעכער שחיטה אין ווילנע [189], וועלכע עס האָבן געבראַכט די חברים ווילנער פון דעם ווילנער „השומר“ און סאַלאָמאָן [190] פון דעם „הנוער הציוני“ — און אין אַנדערע ליטווישע שטעט. דערנאָך זענען אָנגעקומען באַריכטן וועגן דער שחיטה אין סלאָנים [191] און אַנדערע שטעט פון מזרח. ח׳ מרדכי פאַרשטייט, אַז דער גורל פון די פּוילישע יידן איז געחתמעט, אַז די יידן פון גאַנץ פּוילן זענען פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. דער יונגער, אָבער שנעל רייף געוואָרענער ח׳ מרדכי פאַרשטייט, אַז איצט שטייט נאָר די פראַגע: וואָס פאַראַ טויט עס וועלן זיך אויסקלייבן די פּוילישע יידן: צי דער טויט פון שעפּעלעך, וואָס ווערן געפירט צו דער שחיטה אָן ווידער־

---

[187] קן — פון דער גאַנצער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע.

[188] דאָס איז געווען אירענע אַדאַמאָוויטש.

[189] די ערשטע שחיטה פון ווילנער יידן האָבן די דייטשן אויסגעפירט דעם 10־טן יולי 1941 יאָר (פאַרן אָרגאַניזירן דעם געטאָ).

[190] אָנהייב 1942 יאָר האָט די פ.פ.א. פון ווילנער געטאָ געשיקט אין וואַרשעווער געטאָ אַ געהיימע דעלעגאַציע פון 5 פּערזאָן, בתוכם אריה ווילנער און סאַלאָמאָן ענטין, איבערצוגעבן די ערשטע ידיעות וועגן דער פאַרניכטונג פון די יידן אין ווילנע און אַנדערע אָקופּירטע סאָוויעטישע געביטן.

[191] די שחיטה אין סלאָנים איז פאָרגעקומען דעם 14־טן נאָוועמבער 1941 י. עס זענען דאָ אומגעקומען לערך 10 טויזנט יידן.

שטאַנד — אָדער ווי מענטשן מיט כבוד, וואָס ווילן, אַז פאַר זייער טויט זאָל דער שונא באַצאָלן מיטן אייגענעם בלוט?! ח' מרדכי וויל, אַז דאָס אויסשעכטן די פּוילישע יידן זאָל דעם שונא נישט אָנקומען אַזוי לייכט, אַז ער זאָל דערפאַר מוזן בלוטן. מיטן מאָמענט, ווען ח' מרדכי האָט זיך דעצידירט אויף קאַמף, עקזיסטירן פאַר אים נישט קיין שום אַנדערע פראַגן. עס הערן אויף די וויסנשאַפטלעכע קרייזן און סעמינאַרן. עס ווערט איבערגעריסן די ברייטע קולטור= און בילדונגס=אַרבעט. איצט ווערט אַלץ ביי אים און זיינע חברים קאָנצענטרירט אויפן געביט פון קאַמף. ווען דער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט [192], צו וועלכן עס געהערט אויך מרדכי, באַשליסט אין די חדשים פעברואַר—מערץ 1943 יאָר צו העלפן דעם געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן אַקטיוו איינצואָרדענען זיך אויף דער „אַרישער“ זייט, באַציט זיך ח' מרדכי זייער קאַלט צום אָנגענומענעם פאָרשלאַג. ער וואָלט אוודאי געוואָלט, אַז דער דיכטער קאַצענעלסאָן, דער שרייבער פּערלע, דער היסטאָריקער שיפּער, דער עסקן בלאָך, דער אַרטיסט סאַמבערג, דער מאָלער טרעמבאַטש [193] א.א. זאָלן איבערלעבן די מלחמה און געראַטעוועט ווערן פאַרן יידישן פאָלק. אָבער ער און זיינע חברים ווילן נישט צולייגן קיין האַנט צו דעם. עס קומט אָן אַ מאָמענט ווען די וויכטיקסטע פּערזאָנען פון אַקטיוו וואָלט מען געקאָנט איינאָרדענען אויף דער „אַרישער“ זייט, ווען מען האָט אַ ביסל געלט — איז ח' מרדכי נישט מסכים מען זאָל דאָס געלט נעמען פון אַן אַנדערער קאַסע, צו וועלכער ח' מרדכי האָט אַ שייכות. פאַר אים עקזיסטירט איצט נאָר איין ציל און אַלץ איז ער מקריב דעם דאָזיקן ציל: דעם קאַמף מיטן שונא.

דער ח' מרדכי, וואָס איז אַזוי שנעל געוואָרן רייף, אַזוי גיך אויסגעוואַקסן צו דעם פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט פון קאָמענדאַנט פון דער קאַמפּס=אָרגאַניזאַציע, האָט איצט שטאַרק באַדויערט, פאַרוואָס ער און זיינע חברים האָבן פאַרטאַכלעוועט דריי יאָר מלחמה אויף קולטור= און בילדונגס=אַרבעט. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען די גייע צייט פון היטלערן, וואָס קומט אָן — האָט באַדויערט ח' מרדכי, — מיר האָבן געדאַרפן שולן די יוגנט אין באַנוצן זיך מיט העיס און קאַלט געווער. מיר האָבן זיי געדאַרפט דערציען אין גייסט פון נקמה מיט דעם גרעסטן שונא פון די יידן און פון דער גאַנצער מענטשהייט אין אַלע צייטן.

אונדזער ח' מרדכי איז אָבער באַגאַנגען אַ צווייטן, שווערן פעלער, וואָס איז זיך נוקם געווען אין דער געשיכטע פון די וואַרשעווער און פּוילישע יידן; ח' מרדכי און די יונגע חברים פון „השומר“ און פון די אַרבעטער=אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך צופיל גערעכנט מיט די מיינונגען פון

---

[192] יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט

[193] טאַדעוש טרעמבאַטש, אַ קרי פון באַרימטן קונסט=מאָלער מאַוריצי טרעמבאַטש.

דעם דור דערוואַקסענע, די קלוגע, פון די אויסגערעכנטע, וואָס האָבן געמאָסטן, געוווינן און געהאַט אין אַרבל אַ מאַסע קלוגע אַרגומענטן קעגן קאַמף מיטן אָקופּאַנט. עס האָט זיך געשאַפן אַ פּאַראַדאָקסאַלע לאַגע. דער דור פון דערוואַקסענע, וואָס האָט שוין געהאַט אַ האַלב לעבן הינטער זיך, האָט גערעדט, געטראַכט, געזאָרגט וועגן איבערלעבן די מלחמה, געחלומט וועגן לעבן. די יוגנט — דאָס בעסטע, דאָס שענסטע, דאָס איידלסטע, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט באַזיצט, האָט גערעדט, האָט געטראַכט נאָר וועגן אַ בכבודיקן טויט. זיי האָבן נישט געטראַכט וועגן איבערלעבן די מלחמה, זיי האָבן זיך נישט באַזאָרגט מיט קיין „אַרישע" פּאַפּירן, נישט געהאַט קיין דירות אויף יענער זייט. זייער איינציק טראַכטן איז געווען אויסגעפינען דעם ווערדיקסטן, דעם בכבודיקסטן טויט, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אַלט פאָלק מיט אַ פאַר־טויזנטיעריקער געשיכטע.

אונדזער יוגנט האָט צו ווייניק שטודירט די געשיכטע פון פרייהייטס־קאַמפן, אַנישט וואָלטן זיי געוווסט, אַז די אידעאַליסטן, וואָס האָבן זייער לעבן געוואָרפן אויף דער וואָגשאָל פון די געשעענישן, זענען געווען יונגע מענטשן, וועמענס הענט און פיס זענען נישט געווען דער רוב געפּענטעט דורך פאַמיליע־באַנדן, דורך פרויען און קינדער. דער אַלטער דור איז אין אַזעלכע פאַלן אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר געשעענע פאַקטן, פאַר סיטואַציעס, ווען פאַר זיי איז געבליבן איין־איינציקער אויסוועג — פאַראייניקן זיך מיט די קעמפער. ח' מרדכי און די חברים פון דער יונגער גענעראַציע האָבן צו ווייניק געקאָנט די געשיכטע פון פרייהייטס־קאַמפן, אַ נישט וואָלטן זיי געוווסט, אַז אין אַזעלכע שטורמישע צייטן האָט מען זיך ווייניקער געדאַרפט רעכענען מיט החלטות פון קאָמיטעטן און פאַרוואַלטונגען און מער שטעלן אויף זיך, אויף דעם אייגענעם, געזונטן אינסטינקט. ליידער איז אונדזער יוגנט געווען צו שטאַרק דיסציפּלינירט און דאָס האָט גורם געווען, אַז 300 טויזנט יידן האָבן די דייטשן געקאָסט שפּאָט ביליק, קיין איין דערהרגעטן דייטש. דעם האָזיקן אמת האָט פאַרשטאַנען די יוגנט ערשט דעמלט, ווען עס איז געווען צו שפּעט, ווען דער רוב וואַרשעווער יידן איז שוין געווען אין טרעבלינקע.

ח' מרדכי וואַרפט זיך אַריין מיטן גאַנצן ברען אין דער פּאַרטיידי־קונגס־אַרבעט. צוזאַמען מיט אַנדערע גרופּן און פּאַרטייען ווערט געשאַפן די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע[194], בראש פון וועלכער עס ווערט דורך דער קאָאָרדינירקאָמיסיע פון די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס אַוועקגעשטעלט ח' מרדכי. נישט דאָ איז דער אָרט צו באַשרייבן די געשיכטע פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. ח מרדכי איז געווען די נשמה פון דער אָרגאַניזאַציע, איינער פון זיינע איבערגעגעבנסטע טוער. ער האָט נישט געהערט צו די אָנפירער, וואָס שיקן אַנדערע אין פייער אַריין און אַליין שטייען

---

[194] צום „זשאָב" האָבן געהערט פּ.פּ.ר., השומר הצעיר, דרור, לינקע און רעכטע פּ.צ., בונד און אַנדערע.

זיי פון דערוויטנס. אין יאַנואַר 1943 [195] באַטייליקט ער זיך אַקטיוו אין דער קאַמפּס־אַקציע. פון זיין רעוואָלווער פאַלן דייטשע קרבנות. איין מאָל האָט ער צוגעשטעלט אַ דייטשן זשאַנדאַר דעם רעוואָלווער צום קאָפּ, דער רעוואָלווער האָט זיך אָבער פאַרהאַקט און ח׳ מרדכי ווערט קוים ניצול. אַדאַנק אַ חבר [196], וואָס האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פון דער באַדרענגעניש. אין דער אַפּריל־אַקציע איז ער שטאַרק טעטיק. ער געפינט דעם טויט אַ פּאָר וואָכן נאָכן אָנהויב פון דער אַקציע, צוזאַמען מיט די בעסטע קאַמפּס־חברים. ער געפינט זיך אין אַ באַהעלטעניש אין געטאָ, וואָס האָט געהאַט 5 איינגענג [197]. עמעץ האָט געמוזט פאַראַטן די הייל פון די מוטיקע קעמפער, וואָס פלעגן פון דאָרט מאַכן אַרויספאַלן אויף די ס.ס. און אוקראַינער. די „יודען־זיגער“, ווי די ס.ס. ווערן אָנגערופן דורך דער „ווערמאַכט“, זענען אַריין פון 5 זייטן אין דער באַהעלטעניש, אָבער פריער זיי באַוואָרפן מיט גאַז. חבר מרדכי קומט אום צוזאַמען מיט זיינע בעסטע חברים פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. אַזוי איז אומגעקומען אייגער פון די בעסטע, פון די איידלסטע, וואָס האָט פון ערשטן מאָמענט געשטעלט זיין לעבן אין דינסט פון יידישן פאָלק, פון זיין כבוד און ווערדע. די אַרבעטערשאַפט וועט געדענקען, אַז ער איז געווען איינער פון די געציילטע, וואָס האָבן פון ערשטן מאָמענט אָן זיך געשטעלט אין דינסט פון דער וועלט־רעוואָלוציע און פון דער ערשטער אַרבעטער־מלוכה אין דער וועלט

## די וויסנשאַפטלער

ד״ר יצחק שיפּער — דער בויער פון דער מאָדערנער יידישער היסטאָריאָגראַפיע — געבוירן אין טאַרנע (מערב־גאַליציע), אַלט עטלעכע און פופציק יאָר, באַוווסטער יידישער היסטאָריקער, סיים־דעפּוטאַט, באַקאַנטער פּאָליטישער טוער. ביז צום אַנטשטיין פונעם אומאָפּהענגיקן פוילן האָט ד״ר שיפּער געוווינט אין אַמאָליקן עסטרייך, אין די גאַליצישע שטעט טאַרנע, קראָקע, לעמבערג און פון צייט צו צייט אין ווין. פּאָליטיש האָט ד״ר שיפּער געהערט צו די עסטרייכישע פּ״צ, וואָס זיינען געווען דער המשך פון דעם פּועלי־ציוניסטישן האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַריין. [די] פּ״צ האָט דעמאָלט געהאַט אַ שטאַרקע השפעה צווישן די גאַליצישע אַרבעטער און דער עיקר האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וועלכע מען האָט אין גאַליציע גערופן „שטעה־אומלעה־פּראָלעטאַריאַט“, צוליב די האַרטע ווייסע שטעה־אומלעה־קאָלנערס, וואָס די האַנדלס־אָנגעשטעלטע פלעגן טראָגן.

---

195 מ. אַניעלעוויטש האָט געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל בעתן זעלבסטשוץ אין יאַנואַר 1943 י.

196 אין יאַנואַר 1943 יאָר, בעת דעם ערשטן זעלבסטשוץ, האָט אַניעלעוויטשן געראַטעוועט דער זשאַב־מיטגליד יצחק סוקעניק (פון דער השומר־הצעיר־גרופּע).

197 געמיינט דעם בונקער פון זשאַב־שטאַב אויף מילע 18.

דער יונגער שיפּער פאָרט אַרום איבער שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע, אַגיטירט און פּראָפּאַגירט די פּ"צ־אידעען, האַלט גלייכצייטיק פאָרלעזונגען אויף ליטעראַרישע, וויסנשאַפטלעכע טעמעס. זיינע ערשטע אַרטיקלען פאַרעפנטלעכט ער אין דעם שילער־אָרגאַן פון פּ"צ א. ד. ט. „נאַשע האַסלאַ" („Nasze Hasła") און אין דער פּועלי־ציוניסטישער „אַרבייטער־צייטונג". שיפּער אַבסאָלווירט צוויי פאַקולטעטן: דעם פילאָ־סאָפישן און דעם יורידישן פאַקולטעט. אויף דעם פילאָסאָפישן פאַקולטעט שרייבט ער אַ דיסערטאַציע א. ד. ט. „שטודיעס איבער דער געשיכטע פון יידן אין פוילן בשעתן מיטלאַלטער", וואָס איז געקרוינט געוואָרן מיט דעם וואַוועלבערג־פּריז פון לעמבערגער אוניווערסיטעט און איז אַרויס אין דער פוילישער שפּראַך א. ד. ט. „Studia nad dziejami gospodarczymi Żydów w Polsce podczas średniowiecza". די אַרבעט איז דורכן מחבר פון די שורות איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש און אַרויס אין פאַר־לאַג בזשאָזאַ.

גלייכצייטיק שרייבט שיפּער אַן אַרבעט אין דייטש וועגן „אָנהייב פון קאַפּיטאַליזם ביי די מערב־אייראָפּעישע יידן אין אָנהייב פון מיטל־אַלטער" („Anfänge des Kapitalismus bei den abenländischen Juden"). וואָס איז אין יאָר 1920 אַרויס אין אַ יידישער איבערזעצונג פון דעם באַקאַנטן זשורנאַליסט הלל מיימאָן. די דאָזיקע אַרבעטן האָבן ד"ר שיפּער גלייך פאַרזיכערט אַן אָנגעזעען אָרט אין דער יידישער געשיכטע־שרייבונג אין פוילן. ד"ר שיפּער האָט געגעבן דעם אָנהייב פון דער ווירט־שאַפטלעכער שול אין דער יידישער געשיכטשרייבונג. אין זיין בוך וועגן „אָנהייב פון קאַפּיטאַליזם", האָט שיפּער פּאָלימיזירט מיט ווערנער סאָמבאַראַטס טעאָריע וועגן דער ראָל פון די יידן אין דער אַנטשטייונג פון קאַפּיטאַליזם. שיפּער אָפּערירט מיט נייע קוועלן און מאַטעריאַלן, אויפן יסוד פון וועלכע ער קומט צו גאָר אַנדערע אויספירן.

שיפּערס „שטודיעס" האָבן געעפנט אַ נייע תקופה אין דער גע־שיכטעשרייבונג פון די פוילישע יידן. פאַר אים האָבן די היסטאָריקער פון אַסימילאַטאָרישן חדר (קרויסהאַר, נוסבוים א"א) געגעבן אַ בילד פון די רעכטלעכע פאַרהעלטענישן, באַשריבן די פּריווילעגן און אַנדערע רעכט, וואָס די פוילישע קיניגן האָבן געגעבן די באַזונדערע קהלות. אין די דאָזיקע „געשיכטעס" פון די פוילישע יידן געפינט איר די לעגענדעס און מעשיות, וועלכע האָבן אַרומגעוועבט דאָס יידישע, פּאַרצייטיקע לעבן. די היסטאָריקער באַלאַבאַן און שאָר זיינען געגאַנגען ווייטער ווי די אַסימילאַטאָרישע געשיכטע־שרייבער. זיי האָבן געגעבן אַ בילד פון דעם קולטור־ און שטייגער־לעבן, פון די רדיפות און וויכטיקע געשעענישן אין לעבן פון די גרעסערע קהילות. עס האָט אָבער אין זיי געפעלט די באַשרייבונג פון דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע. שיפּער איז געגאַנגען ווייטער. אין דער הקדמה צו די „שטודיעס" שרייבט ער: „מיר האָבן

ביז היינט געקאָנט דעם שבתדיקן, יום־טובדיקן יידן, אָבער נישט דעם ייד פון אינדערוואָכן, דעם יידן פון אַ גאַנץ יאָר". ד"ר שיפּערס געשיכטלעכע פאָרשונגען זיינען ענג פאַרבונדן מיט זיין פּאָליטישער טעטיקייט. ד"ר שיפּער, דער פירער פון די פּ"צ אין גאַליציע, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט די אַנאָמאַליע פון יידישןווירטשאַפטלעכן לעבן אַלס יסוד פון פּאַרטיי־פּראָגראַם, האָט געזוכט אין דער פאַרגאַנגענהייט די יסודות פון דער איצטיקער ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור. דאָס זעלבע איז געווען מיט די ווייטערדיקע פאָרשונגען פון ד"ר שיפּער. זיין אַרבעט וועגן דער יידישער אויטאָנאָמיע, זיינע שטודיעס איבער דעם אמאָליקן יידישן סיים, דעם וועד ד' ארצות, וועלכע איז נאָך טיילווייז פאַרעפנטלעכט געוואָרן א. ד. ט. „Die partiellen Judenfrage" און אין יידיש (אין די אויסגאַבן פון ייוו"א), איז געווען אַ ביז גאָר אַקטועלע טעמע אין דעם דעמאָלטיקן יידישן לעבן. די לאָזונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער, נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע איז דעמאָלט היים דיסקוטירט געוואָרן אין די באַזונדערע פּאַרטייען. שיפּער האָט דורך זיינע פאָרשונגען געוואָלט שאַפן אַ געהעריקן פונדאַמענט צום פּראָבלעם פון יידישער אויטאָנאָמיע. שיפּערס פאָרשונגען וועגן דער געשיכטע פון אַוטאָנאָמיע האָבן זיך געצויגן גאַנצע יאָרצענדליקער. ער האָט געזאַמלט מאַטעריאַלן צו זיין אַרבעט אין די אַרכיוון פון קראָקע, לעמבערג און אין די לעצטע יאָרן פון וואַרשע. דאָרט האָט ער ספּעציעל שטודירט די אַקטן פון פּוילישן פינאַנס־מיניסטעריום (Akta podskarbinskie) וועלכער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דעם ראש־המדינה (דעם פּרעזידענט פון יידישן סיים). דער סאָציאַליסט שיפּער האָט אין דעם אַנאַליז פון ועד ד' ארצות, אין קעגנזאַץ צו אַנדערע היסטאָריקער (באַלאַבאַן, שאָר) אַנטפּלעקט דעם אמתדיקן, קלאַסן־כאַראַקטער פון ועד, וועלכער ווערט דורך די דאָזיקע היסטאָריקער פאַרהערלעכט ווי די פאַרקערפּערונג פון דעם שענסטן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דער יידישער פאַרגאַנגענהייט. ד"ר שיפּער האָט באַוויזן, אַז דער יידישער סיים איז געשאַפן געוואָרן אויסשליסלעך צוליב פינאַנסיעלע טעמים, כדי אויפצומאָנען דעם קאָפּ־שטייער, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן. פון דער צווייטער זייט האָט דער סאָציאַליסט ד"ר שיפּער אַנטפּלעקט דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון דער ד' ארצות, וואָס האָט דער פּלוטאָקראַטישער קליקע געדינט אַלס מיטל צו שווידערלעכער עקספּלאָאַטאַציע פון די ברייטסטע פאָלקסמאַסן. די מלוכה־שטייערן, פאַר וועלכע דער ועד איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך, האָבן געדינט דער קהלהשער קליקע אַלס מיטל פון אונטערדריקונג און עקספּלאָאַטאַציע. זיי האָבן דערמעגלעכט יעדער קהלה אַרויפצולייגן אַ ריזיקע לאַסט פון שטייערן, אונטער וועלכע די יידישע מאַסן זיינען צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן. כאַראַקטעריסטיש, אַז די יידישע פאָלקסמאַסן האָבן זיך געבונטעוועט קעגן דער דאָזיקער עקספּלאָאַטאַציע און פאַרלאַנגט אָפּצושאַפן

די פאַרמישלונג פון ועד ביים קאָפּ־שטייער און איינמאָנען אים דירעקט דורך דער מלוכה. אין די קהלה־פּנקסים לייענען מיר אַ סך וועגן די פּאָלקסמרידות, וואָס האָבן טיילמאָל אָנגענומען גאַנץ שאַרפע פאָרמען. די קליקע האָט אָנגעווענדעט גאָר שאַרפע מיטלען קעגן די דאָזיקע בונטן, דערשטיקנדיק זיי אומברחמנותדיק. בלויז אַ קלייַנער ברוכטייל פון די דאָזיקע פאַרשונגען איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן. שיפּערס לעבנס־ווערק, זיין גרויסע אַרבעט אין דער דייטשער שפּראַך (דער כתב־יד האָלט איבער 600 זייטן), האָב איך געזען אין שיפּערס שטוב. דאָס ווערק איז אומגעקומען בשעת דער לעצטער ליקווידאַציע־אַקציע פון וואַרשעווער יידן.

„די געשיכטע פון יידישן ווירטשאַפטלעכן לעבן“ אין פיר בענדער, לכתחילה פאַרמאָסטן אַלס דערגענצונג צו גרעצס איבערזעצונג, וואָס איז אַרויס אין פאַרלאַג „צענטראַל“ איז אויך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט ד״ר שיפּערס פּאָליטישער טעטיקייט. שיפּער האָט געוואָלט דערגיין די יסודות פון דער יידישער אַנאָרמאַלער סטרוקטור אין דער פאַרגאַנגענהייט. שיפּער האָט געוואָלט אויפווייזן, ווי אַזוי עס איז געקומען צו דער איצטיקער ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור.

דאָס יידישע טעאַטער אין פּוילן, דער קאַמף פון די בעסערע עלעמענטן פאַר אַ העכער, קינסטלעריש יידיש טעאַטער האָט ד״ר שיפּערן באַוואויגן צו ווענדן זיין בליק צו דער פאַרגאַנגענהייט פון יידישן טעאַטער. שיפּער האָט אין דער פאַרגאַנגענהייט געזוכט די גילדענע יחוס־קייט פון מאָדערנעם יידישן טעאַטער, וואָס ציט זיין יחוס פון מיטלאַלטער. די געשיכטע פון יידישן טעאַטער איז דערשינען אין 4 בענד און איז דערפירט געוואָרן ביז דעם 19־טן י״ה. די לעצטע תקופה איז באַאַרבעט געוואָרן אין 5־טן באַנד, וואָס האָט זיך געפונען אין כתב־יד ביי שיפּערן.

זיין בוך: „קולטור־געשיכטע פון די יידן אין פּוילן בשעתן מיטלאַלטער“ איז אַ גלענצנדע שאַפונג. דאָס איז באמת אַ מאָזאאיק־אַרבעט. פון ברעקלעך און שטיקלעך ידיעות אין פאַרשידענע מיטלאַלטערלעכע נאָטיצן און קראָניקעס האָט שיפּער געגעבן אַן אינטערעסאַנט בילד פון יידישן לעבן בשעתן מיטלאַלטער. מיר זעען דאָרט דאָס לעבן פון יידישן אָפּשוים, די גייסטיקע וועלט, די געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך, פון איר אָנהויב און עלטסטע געשיכטע אד״גל.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה, האָט ד״ר שיפּער אָנגעשריבן אַ גרעסערע אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון יידישן האַנדל אין פּוילן.

עס ווערט דאָרט געשילדערט דער יידישער האַנדל פון די עלטסטע צייטן ביז צו די נייסטע. נישט דאָ איז דאָס אָרט צו געבן אַן אָפּשאַצונג פון דער דאָזיקער וויכטיקער אַרבעט. דער הויפּט־חסרון — לויט מיין מיינונג — איז די שוואַכע פאַרבינדונג פון דעם האַנדל מיט דער אַלגע־

מיינער ווירטשאַפטס=געשיכטע, און דאָך איז די דאָזיקע אַרבעט אַ ביז גאָר וויכטיקע לייסטונג.

אַ גאַנצע ריי גרעסערע און קלענערע אָפּהאַנדלונגען האָט ד"ר שיפּער געווידמעט די צייטן פון רעפאָרמאַציע און הומאַניזם, וועלכע האָבן שטאַרק אינטערעסירט אונדזער היסטאָריקער. ער האָט אויפגעוויזן, וואָס פאַראַ ענגע באַנדן עס האָבן פאַרבונדן די ראַדיקאַלע ריכטונגען פון דער רעפאָרמאַציע מיט דער יידישער סביבה.

אין דער קליינער, אָבער זייער אינטערעסאַנטער אָפּהאַנדלונג Żydzi polsko-litewscy a Palestyna האָט שיפּער געגעבן א בילד פון די משיחישע באַוועגונגען און זייער אָפּקלאַנג אין פוילן.

יאָרצענדליקער האָט ד"ר שיפּער געזאַמלט אין פאַרשידענע ביבליאָטעקן און אַרכיוון היסטאָרישע מאַטעריאַלן. טאָג איין טאָג אויס האָט ער געזאַמלט פאַרשידענע דאָקומענטן צו די טעמעס און פּראָבלעמען, מיט וועלכע ער האָט זיך אינטערעסירט דאָס גאַנצע לעבן. ניט קיין איין אַרבעט וואָלט געקאָנט אַנטשטיין אויפן יסוד פון די דאָזיקע מאַטעריאַלן. בשעת דער צווייטער וועלט=מלחמה האָט ד"ר שיפּער ווייטער געשריבן. ער האָט זיך אָפּגעשלאָסן פון דער אַרומיקער וועלט, געזיצן על תורה ועל עבודה און ווייטער געשאַפן. די אַרומיקע פריינד און חברים האָבן ניט איין מאָל זיך געוווּנדערט און געשטעלט די פראַגע: וואָס איז דאָס — אַ הויכע מדרגה, אָדער... דאָס וויסנשאַפטלעכע שאַפן איז שיפּערן געווען נויטיק, ווי אַ פיש וואַסער. שיפּער האָט בשעת דער מלחמה אָנגעשריבן אַ גרויסע אַרבעט וועגן זיין ליבלינגס=טעמע — די כוזרים. שוין אין ד.ג.ר אַרבעט, וואָס איז צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָר, אין דער פויליש=יידישער אויסגאַבע „Moriah" א. ד. ט. „Początki Żydów na ziemiach polskich i ruskich" האָט זיך שיפּער ארויסגעזאָגט אלס אָנהענגער פון דער כוזרישער טעאָריע. איצט האָט ער צונויפגענומען דאָס אַלץ, וואָס איז אין משך פון די לעצטע יאָרצענדליקער געשריבן געוואָרן וועגן די כוזרים, און אויף דעם יסוד אָנגעשריבן אַן אויספירלעכע אַרבעט. די צווייטע אַרבעט, געשריבן בשעת דער איצטיקער וועלט=מלחמה, איז געווען די געשיכטע פון חסידות אין 19=טן י"ה, געשריבן אויפן יסוד פון די מאַטעריאַלן פון דער וואַרשעווער קהילה און פון פוילישע אַרכיוון. ביידע אַרבעטן זענען צוזאַמען מיט דעם כתב=יד וועגן דער אויטאָנאָמיע און אַנדערע ווערטפולע מאַטעריאַלן אומגעקומען.

ד"ר שיפּער האָט נאָכן אַבסאָלווירן דעם יורידישן פאַקולטעט פּראַקטיצירט אַלס אַדוואָקאַטישער קאָנציפּיענט אין לעמבערג. קיין אַדוואָקאַט איז ער אָבער קיינמאָל ניט געווען. בעת דער ערשטער וועלט=מלחמה, האָט שיפּער געדינט אין מיליטער=געריכט אַלס ריכטער. נאָכן ענדע פון דער מלחמה טראָגט ער זיך איבער קיין וואַרשע. ער פיגורירט אויף

דער ליסטע פון די פועלי=ציון בשעת די וואַלן צום סיים אויפן צווייטן אָרט אין כעלמער קאַנט. און אַזוי ווי דער ערשטער קאַנדידאַט, דער באַקאַנטער פועלי=ציון=פירער ד"ר ראָזענפעלד, דער מחבר פון אַ ריי אַרבעטן וועגן די פראַגן פון אויטאָנאָמיע און פלוצים געשטאָרבן, איז שיפער אַריין אויף זיין אָרט אין סיים. דער ערשטער סכסוך צווישן ד"ר שיפער און דער פאַרטיי=אָנפירונג דרינגט אַרויס צוליב דער פראַגע פון אָנגעהעריקייט צו דער יידישער סיים=קאָלאָ, אין וועלכער שיפער האָט געוואָלט אַריינטרעטן. שיפער, וואָס האָט זיך דעקלאַרירט צום רעכטן פליגל פון דער פועלי=ציון, איז פון דאָרט אַריבער צו די אַלגעמיינע ציוניסטן, ביי וועלכע ער איז שוין פאַרבליבן ביז צו זיין טויט. שיפער האָט געהערט צו דעם דעמאָקראַטישן פליגל פון די ציוניסטן, צו דער א"ג על המשמר=גרופע (גרינבוימיסטן). מצד די ציוניסטן האָט שיפער פאַרנומען פאַרשידענע פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן, ווי יאָרגלאַנג אַ סיים=מאַנדאַט, פרנס אין די וואַרשעווער קהלה, מיטגליד פון צ"ק פון דער ציוניסטישער פאַרטיי אין פוילן, אַ געוויסע צייט פאָרזיצער פון צ"ק, מיטגליד און דעלעגאַט פון דעם רוב ציוניסטישע קאָנגרעסן, מיטגליד פון נאַציאָנאַל=ראַט אד"גל. מיר ווילן דאָ נישט געבן קיין אָפּשאַצונג פון שיפערס פּאָליטישע גלגולים. געווען וועגן דעם פאַרשיידענע מיינונגען. געווען מענטשן, וואָס האָבן פאַרגעהאַלטן שיפערן דאָס אַוועקגיין פון זיינע יוגנט=אידעאַלן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז שיפער איז אַוועק צום בירגערלעכן לאַגער צוליב אַמביציע, צו קאָנען שפּילן אַ ראָל אין לאַנד, וואָס איז אין אַ פּראָלעטאַרישער פאַרטיי נישט מעגלעך געווען. געווען מענטשן, וואָס האָבן בכלל נישט גענומען ערנסט זיין פּאָליטישע טעטיקייט לויטן באַקאַנטן שפּריכוואָרט: דער שוסטער זאָל היטן זיין וואַרשטאַט...

נישט געקוקט אויף שיפערס פּאָליטישע גלגולים, איז ער אָבער געטריי געווען דער יידישער שפּראַך און דער מאַסן=קולטור, וואָס איז אין דער דאָזיקער שפּראַך געשאַפן געוואָרן. אַ גייסטרייכער, שיינער רעדנער, פול מיט esprit , האָבן זיינע לעקציעס פון געביט פון יידישער געשיכטע, ליטעראַטור, קונסט א"א געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער געזעלשאַפט. שיפער איז געווען אַ ליבנסווירדיקער, האַרציקער מענטש, וואָס האָט זיך געפרייט מיט אַלעמענס סימפּאַטיע. שיפער האָט געהאַט אַ סך תלמידים. יאָרגלאַנג האָט ער אַקטיוו מיטגעהאָלפן דעם אַקאַדעמישן קרייז פון יידישע היסטאָריקער. שיפער האָט ווי אַ ליבנדיקע מאַמע געפרייט זיך פון דעם אויפקום און וווּקס פון יונגע כוחות. ער האָט זיי געהאָלפן און געשטיצט. נישט געווען אין פוילן קיין פאַרשטענדניש פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. נישט געווען קיין געזעלשאַפט, קיין גרופּע, וואָס זאָל שטיצן די פאָרשונגען סיי פון געשיכטע, סיי פון אַנדערע געביטן. די יידישע וויסנשאַפטלער, בפרט די יונגע, האָבן זיך געפילט פאַראיינזאַמט, דעריבער איז די מאָראַלישע הילף פון ד"ר שיפער געווען

פֿון גרויס באַדייטונג פֿאַר די יונגע, נאָכגעשט פֿאַרהאַרטעוועטע אין קאַמף וויסנשאַפֿטלעכע כוחות. שיפּער איז געווען איינער פֿון די פּאָפּולערסטע פּערזענלעכקייטן פֿון יידישן לעבן אין פּוילן און אין אויסלאַנד. ער האָט געהאַט אַ פּערזענלעכן רייץ, וואָס האָט געוואונען פֿאַר אים אַלגעמיינע סימפּאַטיע.

עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. שיפּער איז דעמאָלט געווען נאָך אַ שווערער קראַנקהייט, וואָס האָט אים צוגעבונדן צום בעט אויף לאַנגע חדשים. די אַרומיקע האָבן שיפּערן געהאַלטן פֿאַר אַ פֿאַרלאָרענעם, פֿאַר אַ נישטפֿעיקן צו ווייטערדיקע וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרשונגען. און דאָך איז געשען אַ גרויסער נס. אין דער צייט פֿון דער באַלאַגערונג פֿון וואַרשע, ווען שיפּער מוז זיך אויסבאַהאַלטן אין באַהעלטעניש, אין קעלערן, ווערט ער צוריק געזונט. דער איינגעבראָכענער שיפּער גלייכט זיך אויס. עס לעבט אויף דער אַלטער שיפּער, דער לעבנס־פֿרייִדיקער, דער אָפּטימיסט, וואָס איז פֿול מיט גלויבן אין דער צוקונפֿט. שיפּער נעמט זיך צו זיינע וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרשונגען, זיי מוח אַרבעט פֿריש ווי ביי א יונגנמאַן. שיפּער האַלט לעקציעס און פֿאָרלעזונגען, ער טרעט אַרויס אויף גרויסע פֿאָלקספֿאַרזאַמלונגען, אויף פֿייערלעכע אַקאַדעמיעס, אויף פּאַרטיי־פֿאַרזאַמלונגען. שיפּער האַלט לעקציעס וועגן יידישער געשיכטע אין די סעמינאַרן פֿון החלוץ, פֿון השומר, אין דעם פֿאָלקסאוניווערסיטעט פֿון דער געז. „איקאָר“ אא״וו. שיפּער שאַפֿט זיך אַן אייגנאַרטיקע טעאָריע וועגן די יידישע אומגליקן בשעת דער איצטיקער מלחמה: מיר יידן זיינען אַ קריגספֿירנדיק פֿאָלק. היטלער האָט אונדז דערקלערט מלחמה, הגם מיר זיינען נישט באַוואָפֿנט, זיינען מיר אַ צד אין דער מלחמה. פֿאַר טרעבלינקע פֿלעגט שיפּער זאָגן: „אַלס קריגספֿירנדיק פֿאָלק האָבן מיר זיך נישט צו קלאָגן אויף צופֿיל קרבנות; אויפֿן פֿראָנט פֿאַלן מער קרבנות“.

שיפּער האָט אין אָנהייב פֿון מלחמה געפּרוווט פֿאַרלאָזן פּוילן און פֿאָרן קיין ארץ־ישראל. ער האָט געמאַכט די געהעריקע הכנות דערצו און בלויז צוליב אַן אומגליקלעכן צופֿאַל איז ער פֿאַרבליבן אין פּוילן. די איטאַליענישע געזעלשאַפֿט „לאָיד טריעסטינאָ“, ווו שיפּער האָט צוזאַמען מיט אַ גרופּע אַנדערע חברים געזאָלט אָפּנעמען די פּאַפּירן, איז געשלאָסן געוואָרן פּונקט דעם טאָג, ווען שיפּער האָט געזאָלט אָפּנעמען די פּאַפּירן.

פּסח 1942 איז אין דער ציוניסטישער קיך אויף זאַמענהאָף 13 פֿאַרגעקומען אַ סדר, ביי וועלכן שיפּער האָט געהאַלטן אַ פֿייערדיקע רעדע וועגן פֿאַרטיידיקונג אין פֿאַל פֿון אַן איבערזידלונגסאַקציע אין וואַרשע. דעמאָלט זענען דערגאַנגען די ערשטע ידיעות וועגן דער העלדישער פֿאַרטיידיקונג פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין דעם שטעטל נאָוואָגרודעק, וו די דייטשן האָבן געליטן לפֿי ערך גרויסע פֿאַרלוסטן. שיפּער האָט גערופֿן די יידישע

יוגנט צו נעמען זיך אַ ביישפּיל פון די יידן, פון דער יידישער געשיכטע, פון די מאַקאַבעער, פון די קעמפער אין יאָר 1905 א״א עס שלאָגט דער זייגער פינף מינוט פאַר צוועלף, די יידישע יוגנט פון וואַרשע דאַרף זיין גרייט צו פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד. מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער, ווען די ליקווידאַציע־אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן אין וואַרשע, איז אָבער דער זעלבער שיפּער געווען קעגן דער פאַרטיידיקונג. אויף דער באַראַטונג פון אַלע ריכטונגען איז שיפּער געווען, לעבן זישע פרידמאַן, דער הייסערסטער פאַרטיידיקער פון פּאַסיווקייט, פון נישט אַנטקעגנשטעלן זיך דעם שונא, ווייל דאָס קאָן גורם זיין אַן אומגליק פאַרן גאַנצן כלל.

שיפּער איז בשעת דער איצטיקער מלחמה געווען אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. צוזאַמען מיט פאָרשטייער פון אַנדערע פּאָליטישע ריכטונגען האָט שיפּער זיך באַטייליקט אין דער געזעלשאַפטלעכער קאָמיסיע, וואָס האָט געפּרוּווט צוזאַמענאַרבעטן מיט דעם יודענראַט און אויסגלייכן זיינע קרומע וועגן. שיפּער איז דעלעגירט געוואָרן אין דער קאָנטראָל־אָפּטיילונג און אין אַרבעטסאַמט. נאָכן איבעררייסן אַלע באַציונגען מיט דער קהלה מצד די געזעלשאַפטלעכע קרייזן איז שיפּער אַרויסגעטראָטן פון די אויבּיקע אָפּטיילונגען.

אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט אין געטאָ די פאַרטיידיקונג פון ד״ר מ ו נ וו ע ס דורך ד״ר שיפּערן פאַר דעם דיסציפּלינאַר־געריכט פון דער קהלה. מונוועסן איז פאָרגעוואָרפן געוואָרן דאָס אַרויסגעבן אַ העקטאָגראַפירטן מאַטעריאַל מיט אַ שאַרפער קריטיק פון דער טעטיקייט פון דעם יידישן שפּיטאָל.

מונוועס האָט דאָרט אַ ביסל אויפגעדעקט די שווינדלערישע אַנטיסאַניטאַרע און אוממענטשלעכע באַדינגונגען, וואָס האָבן געהערשט אין שפּיטאָל, פון וועלכע קראַנקע פלעגן אַנטלויפן נישט קאָנענדיק מער אויסהאַלטן. די קהלה־מושלים איז שטאַרק נישט געפעלן געוואָרן דאָס אויפדעקן פון דער קאָרופּציע און דעמאָראַליזאַציע פון דעם קהלה־אַפּאַראַט. דעריבער האָט מען פאַרפירט קעגן אים אַ פּראָצעס. אַ דאַנק שיפּערס צעשמעטערנדיקער קריטיק איז ד״ר מונוועס אַרויס מיט גאַנצע ביינער.

בשעת דער יולי־אַקציע האָט ער זיך געוואַלגערט פון אָרט צו אָרט, זוכנדיק אַ מקום־מקלט. איינציקע מאָל איז ער געווען באַהאַלטן אין „טאָז", אין וועמענס הויפּטפאַרוואַלטונג שיפּער איז געווען טעטיק נאָך פון פאַר דער מלחמה. שפּעטער האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן אין דעם לאָקאַל פון דער גמינע. בשעת דעם טרויעריק באַרימטן „קעסל" אויף ניסקע האָט ד״ר שיפּער באַקומען אַ נומערל פון דער קהלה. ער האָט פון דעמאָלט אָן ביז צו דער ליקווידאַציע פון דעם וואַרשעווער ישוב געאַרבעט אין אַרכיוו פון דער קהלה.

שיפּער האָט געהאַט גליק אין דער צייט פון דער צווייטער ליקווידאַציע־אַקציע, אין יאַנואַר 1943. פּלוצים זענען דעם 18 יאַנואַר פאַרטאָג זשאַנדאַרן און אוקראַינער אַריין אין דעם הויז קוזשאַ 18, אין דעם ווין־

בלאָק פון די קהלה־אָנגעשטעלטע. זיי האָבן גענוי אַדורכגענישטערט אַלע דירות אין דעם הויז מיטן אויסנאַם פון דער דירה, וווּ עס האָבן געוווינט ד"ר שיפּער און דיר. גוזיק, הגם די דירה איז געווען אין פראָנט אויפן צווייטן שטאָק — שיפּער איז דעמאָלט על פּי נס געראַטעוועט געוואָרן פון טרעבלינקע.

שיפּער האָט נאָך דער יאַנואַר־אַקציע פאַרשטאַנען, אַז דער גורל פון וואַרשע איז געחתמעט. ער גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון, אַז דער איינציקער אויסוועג איז די אַרישע זייט, אָבער שיפּער איז אָרעם ווי אַ קלויסטער־מויז, ער האָט נישט קיין געלט אויף קיין דירה אויף יענער זייט, וואָס דאַרף קאָסטן לכל הפחות 20 טויזנט זל., אויסער דער גענוג טייערער אויסהאַלטונג, וואָס דאַרף קאָסטן אויף צו פּאָר טויזנט זל. פון אַ פּערזאָן. נישט געווען אָבער דעמאָלט קיין געזעלשאַפטלעכע מיטלען. דער דזשוינט האָט קיין געלט נישט געהאַט, קיין הלוואות האָט מען אויך נישט געקאָנט מאַכן. דאָס יידישע בירגערטום, די אָנגעשטאָפּטע גבירים האָבן געהאַט אָנגעפּראָפּטע גראָבע טייסטערס מיט וואַלוטע, גאָלד, און טייערע חפצים, זיי האָבן אָבער נישט געוואָלט געבן קיין געלט אויף איינצואָרדענען דעם געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו. די מלחמה־גבירים האָבן נישט געקאָנט פאַרדייען די גרעסערע באַשטייערונגען פאַר פאַרטיידיקונגס־צוועקן, אויפגעמאָנטע מיט געוואַלט אונטער דער דראָונג פון רעוואָלווערן. האָבן זיי געוואָלט נקמה נעמען ביי די געזעלשאַפטלעכע קרייזן און אָפּגעזאָגט זיך צו געבן געלט פרייוויליק אויף איינאָרדענען דעם געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו. צוזאַמען מיט אַ גרופּע עסקנים (קירשנבוים, בלאָך, מאָרגנשטערן א"א) האָבן מיר געפּרווט אין טעבענס שאָפּ אויף לעשנאָ צו שאַפן אַ גרעסערע הלוואה אויף דעם צוועק אין נאָמען פון „דזשוינט“ און דער יידישער אַגענץ. די מיליאָנערן: אַפּאָליאָן, ראָטשטיין, נייפעלד, שענבערג א"א, וואָס האָבן בשותפות מיט די דייטשן געמאַכט ריזיקע געשעפטן, האָבן אַזוי לאַנג געדרייט, ביז וואַנען עס איז אויסגעבראָכן די אויסזידלונגס־אַקציע אין אַפּריל 1943, ווען עס איז שוין געווען צו שפּעט.

נאָכן אויסברוך פון דער אַפּריל־אַקציע, האָט מען אַ לאַנגע צייט נישט געוואוסט, וואָס עס איז געשען מיט שיפּערן. מען האָט בלויז געוואוסט, אַז די אַפּריל־אַקציע האָט שיפּערן געטראָפן אין געטאָ און פון דאָרט איז מען אָדער אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן, דערשטיקט געוואָרן אין די בונקערס, פאַרברענט געוואָרן בשעת די שרפות פון הייזער, אָדער אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די אַרבעטסלאַגערן פון ס.ס. אין לובלינער קרייז. צופעליק האָב איך אָפּגענומען פון ד"ר שיפּער דעם לעצטן גרוס פון לובלין. דעם גרוס האָב איך באַקומען אויף פאָלגנדיקן אופן: איין מאָל האָב איך, זייענדיק אין אַרבעטס־לאַגער אין טראַווניק, באַזוכט דעם דאָרטיקן שפּיטאָל. דאָרט האָב איך זיך דערוווסט, אַז עס געפינט זיך אַ קראַנקער פון דעם טאָרף־פעלד אין שכנותדיקן דאָראָהוטשע, וועלכער איז געקומען אַהין פון לובלינער ק"ל, דער דאָזיקער יונגערמאַן האָט עס

געאַרבעט צוזאַמען מיט ד״ר שיפּער אויף איין פּעלד נ״ר 11, בלאָק 3 אין ק״ל. שיפּער איז — לויט דער דערציילונג פון דעם יונגנמאַן — געכאַפּט געוואָרן אין אַ בונקער אויף קוזשא. ער איז מיט זיין פאַמיליע געבראַכט געוואָרן קיין לובלין. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע, בשעת וועלכער שיפּערס פרוי און טאָכטער זענען געגאַנגען אין „קעסל“. שיפּער אַליין איז געשיקט געוואָרן צו שווערער אַרבעט אין נאָך אַ שווערערן רעזשים אין ק״ל, וווּ קיין שפּיטאָל איז נישטאָ און יעדער קראַנקער ווערט אויססעלעקציאָנירט צום טויט. שיפּער האָט שווער געאַרבעט אין דער צעגעלניע אין ק״ל. זיין „קאַפּאָ“ (אָנפירער פון אַ גרופּע), אַ געוועזענער יידישער פּאָליציאַנט פון וואַרשע מיטן נאָמען ראָזענצווייג האָט שלעכט באַהאַנדלט ד״ר שיפּער, נישט געאַכטעט אויף זיין עלטער, און אים איינגעשפּאַנט צו שווערער אַרבעט. ער האָט נישט איין מאָל געקריגן געשלאָגן פון אים. די אָנפירער פון דער קאַמפּסאָרגאַניזאַציע אין טראַוווניק האָבן אויסגענוצט דעם פּאַקט, אַז די עלעקטרישע איינריכטונגען אין טראַוווניק האָבן באַדינט די זעלבע האָלענדישע אַרבעטער און אינזשינירן, וואָס אין לובלין און דורך זייער פאַרמיטלונג איבערגעשיקט געלט און בריוו צו ד״ר שיפּער און אַנדערע פריינט. אַרויסראַטעווען ד״ר שיפּער פון דעם שרעקלעכן ק״ל אין לובלין איז אָבער נישט געווען מעגלעך צוליב דעם שוידערהאַפטן טעראָר און רעזשים, וואָס האָט דאָרט געהערשט. דעם 5 נאָוועמבער 1943 איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון אַלע לאַגערן אין לובלינער קאַנט, צווישן אַנדערע איז פּריטיק, דעם 5 נאָוועמבער ליקווידירט געוואָרן דער ק״ל און אַלע לובלינער לאַגערן. אַלע לאַגעריסטן זיינען צוזאַמענגעטריבן געוואָרן אויפן באַרימטן מיידאַנעק און דאָרט אויסגעשאָסן געוואָרן.

אַזוי איז אומגעקומען פון די הענט פון די ס.ס.-מערדער און זייערע העלפער „די פירשטן פון לעשנע“ (ווי מען האָט גערופן די שאָפּ-איינגטימער ביי טעבענסן) דער גרויסער היסטאָריקער, דער באַוווסטער עסקן, דער בויער און שעפער פון דער מאָדערנער יידישער קולטור אין דער יידישער שפּראַך.

## דער פאַרדינסטפולער היסטאָריקער פון די פוילישע יידן

פּראָפ. מאַיר באָלאַבאַן, געבוירן אין לעמבערג, אַלט אַן ערך 60 יאָר, באַקאַנט אַלס היסטאָריקער פון די פוילישע יידן. ער האָט געגעבן דעם אָנהויב פון אַ נייער שול. די פריערדיקע היסטאָריקער: נוסבוים, קרויסהאַר א״א האָבן זיך געפלייסט צוצובייגן די יידישע געשיכטע אין פוילן צו זייערע פּאָליטישע טענדענצן, צו די טענדענצן פון אַסימילאַציע, וועלכע זיי האָבן רעפּרעזענטירט. זיי האָבן זיך געפלייסט אונטערצושטרייכן נאָר די מאָמענטן, וואָס האָבן געזאָלט באַווייזן, ווי גאַסט-

פריינדלעך עס זענען געווען די פּאָליאַקן צו די יידן פון אַמאָליקן פּוילן. אין די אַרבעטן פון די היסטאָריקער פון אַסימילאַטאָרישן כאַראַקטער האָבן זיך געמישט „דיכטונג און ווארהייט" — פאַנטאַזיע און היסטאָרישע פאַקטן. באַלאַבאַן און שאָר האָבן געמאַכט אַ שריט פאָרויס. זיי זענען צוגעגאַנגען צו דער יידישער געשיכטע מיט מאָדערנע פאָרשונגס־מעטאָדן. זיי האָבן געבויט זייערע אַרבעטן אויפן יסוד פון אַרכיוואַלע היסטאָרישע דאָקומענטן.

באַלאַבאַן — אַרבעטסזאַם און פעיק — האָט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט דער אויפזאַמלונג פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן אין די אַרכיוון פון קראָקע, לעמבערג, ווארשע א"א שטעט. באַלאַבאַן האָט אויך דער ערשטער גענומען שטודירן די פּנקסים פון קהילות, צו וועלכע עס האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט די פריערדיקע היסטאָריקער. אויפן יסוד פון זיין רייכן היסטאָרישן מאַטעריאַל, האָט ער אָנגעשריבן זיין דאָקטאָרישע דיסערטאַציע וועגן די לעמבערגער יידן „Żydzi lwowscy na przełomie XVI i XVII w." איינע פון די בעסטע אַרבעטן, וועלכע באַלאַבאַן האָט ווען נישט איז אָנגעשריבן. די דאָזיקע אַרבעט האָט אַלע מעלות און אַלע חסרונות פון באַלאַבאַנס אַרבעטן. דער קולטור־שטייגערישער מאָמענט איז דאָרט זייער גוט אויפגעכאַפּט. עס פעלט אָבער דאָרט דער ריכטיקער עקאָנאָמישער הינטערגרונט. באַלאַבאַן האָט פאַר דעם נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש, פונקט ווי ער האָט אויך נישט געקאָנט גענעריק אָפּשאַצן די סאָציאַלע קעגנזאַצן, וואָס האָבן געהערשט אין לעבן פון דער יידישער עדה. פאַר באַלאַבאַן זיינען דאָס געווען קריגערייען און סכסוכים, וואָס פלעגן פאָרקומען אויך אין די אַמאָליקע צייטן. באַלאַבאַן האָט נישט געוואָלט זען אין דעם מער ווי קריגערייען וועגן אַ שטאָט אין בית־מדרש אָדער אַ באַנק אין מקוה.

די צווייטע וויכטיקע אַרבעט פון באַלאַבאַנען איז געווען די 2־בענדיקע געשיכטע פון די יידן אין קראָקע און אין קוזמארק „Dzieje Żydów w Krakowie i na Kazimierzu" באַלאַבאַן האָט דאָרט, ה׳ אויף אַ ברייטן לייוונט, פאַנאַנדערגעוויקלט דאָס לעבן און שאַפן פון דער יידישער עדה מיט יאָרהונדערטער צוריק. די בעסטע קאַפּיטלען זיינען פון קולטור־היסטאָרישן כאַראַקטער, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט דער אָריגינעלער און רייכער לעבנסשטייגער פון די קראָקעווער יידן, ווי חתונות, יום־טובים, שולן, בתי־מדרשים, דאָס רעליגיעזע לעבן און רעליגיעזע מנהגים, הלבשה, אָבערגלויבנס, צדקה אד"גל.

באַלאַבאַן, דער מייסטער פון היסטאָרישן פעליעטאָן, האָט אָנגעשריבן אַ רייע שקיצן צו דער געשיכטע פון די יידן אין פּוילן א. ד. ט.: „Szkice i studia. Z historii Żydów w Polsce" וו עס ווערן געגעבן פּרעכטיקע טיפּן פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט אין פּוילן. אין זכרון איז מיר גע־

בליבן די באַשרייבונג פון יידישן — „זאיאזד“ — אַ באַשרייבונג, אַ זייער אָפּטע אין דער תקופה, ווען „פּוילן איז געשטאַנען אויף אומאָרדענונג“. עס ווערט דאָרט געבראַכט אַ טיפּ פון אַ יידישן אַוואַנטוריסט, וואָס באַמייליקט זיך אין פאַרשידענע קאַמפן און קומט צוריק אַהיים אין געטאָ נאָכן שטורמישן לעבן. אַ צווייטער טיפּ, וואָס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון, איז פון דעם קראָקעווער ראש=הקהל, אַ תקיף — אַ טיפּ, וואָס האָט געהערשט אין יידישן לעבן אין פּוילן ביז צו דער מיט אָדער אַפילו סוף פון 19=טן י״ה. מען מוז מודה זיין, אַז קיין בעסערע כאַראַקטעריסטיק פון אַן עקספּלאָאַטאַטאָר, פון אַן אונטערדריקער איז נישט צו געפינען אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע. אין אַ לערנבוך פון אַ סאָציאַליסטישער שול קאָן מען די געשטאַלט פון דעם תקיף דרייסט אַריינשטעלן, קיין בעסער בילד פון אַ קלאַסן=שונא פון יענע צייטן איז שווער צו געפינען. אויסער דער מאָנאָגראַפיע פון קראָקע און לעמבערג האָט באַלאַבאַן פאַרעפנטלעכט אין דער דייטשער שפּראַך אַן אַרבעט וועגן לובלין, איינער פון די גרעסטע און וויכטיקסטע קהלות, דעם זיצאָרט פון דער ד' ארצות („Die Judenstadt von Lublin”)

אַ וויכטיקער אויפטו פון באַלאַבאַנען איז דאָס בוך וועגן יידישע אַלטערטימלעכקייטן אין פּוילן „Zabytki historyczne Żydów w Polsce”

אין דעם בוך ווערט געשילדערט די געשיכטע און כאַראַקטעריסטיק פון די אינטערעסאַנטע היסטאָרישע שולן אין פּוילן: די געמויערטע שולן, וואָס האָבן גלייכצייטיק געדינט אַלס פעסטונגען אויף די מזרח=קרעסן קעגן די אָנפאַלן פון טאָטערן, קאַזאַקן א״א, די הילצערנע שולן, געבויט אין אָריענטאַלישן סטיל, ענלעך צו די אינדישע פּאַגאָדן. אין דעם בוך ווערן באַשריבן די חפצים פון רעליגיעזן כאַראַקטער און פון טאָג=טעגלעכן געברויך, וואָס זיינען נאָך אויפגעהיט געוואָרן אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער, דאָס בוך האָט איצט אַ ריזיקע באַדייטונג. דאָס אַלץ איז איצט פאַרגאַנגענהייט. יידישע שולן פון די עלטסטע ביז די מאָדערנסטע (די סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע) זיינען חרוב, אַלץ איז פאַרברענט און פאַרניכטעט געוואָרן דורך די דייטשן.

דאָס זעלבע איז געשען מיט די יידישע בית=עלמינס — היסטאָרישע מצבות פון גרויסער קינסטלערישער באַדייטונג זיינען פאַרווענדעט געוואָרן אויפן ברוק אָדער פאַר אַנדערע בוי=צוועקן. דער רוב בית=עלמינס איז אויסגעגליכן געוואָרן מיט דער ערד, דער באָדן פאַראַקערט און פון דעם אַלעם איז נישט געבליבן קיין זכר. פונדאַנען געמט זיך, אַז מיר שאַצן אַזוי הויך די אַרבעט פון פּראָפ. באַלאַבאַן, ווו מיר געפינען אַ באַשרייבונג פון די אַלע דענקמעלער פון דער יידישער קונסט אין פּוילן. מיר האָבן אויך דאָ אַ גאַנצע ריי באַוואָרענישן פון מעטאָדישן כאַראַקטער.

איינע פון די ערשטע אַרבעטן פון באַלאַבאַן איז געווען די געשיכטע פון די יידן אין גאַליציע „Dzieje Żydów w Galicji” אין די עסטרייכישע צייטן, וואָס ליידט, פּונקט ווי אַלע אַנדערע אַרבעטן, אויף איינזייטי=

קיים. מיר געפינען דאָרט זייער ווייניק ידיעות וועגן דעם טאָג-טעגלעכן לעבן פון די יידן, וועגן יידישע פרנסות, וועגן דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע. באַלאַבאַן האָט אויך געהאַט ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר סטאַטיסטישע פאָרשונגען, פאַר שאַצונגען וכדומה. דאָס זענען וויכטיקע בלויזן אין באַלאַבאַנס אַרבעט, וועלכע ווערן קענטיק, ווען מען פאַרגלייכט באַלאַבאַנס אַרבעט מיט דער אַרבעט פון דעם יונגן היסטאָריקער ד"ר פרידמאַן אויף דער זעלבער טעמע.

באַלאַבאַן האָט אַ גאַנץ לעבן געזאַמלט מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די יידן אין פוילן. אַ גאַנץ קליינער טייל פון די דאָזיקע מאַטעריאַלן האָט ער אויסגענוצט אין זיין לערנבוך וועגן דער געשיכטע פון די יידן אין פוילן אין 3 בענדער „Historia i literatura żydowska” וואָס האָט אַלע חסרונות פון באַלאַבאַנס מעטאָד. דאָרט ווערט די געשיכטע פון די יידן געשילדערט כראָנאָלאָגיש, דערביי ווערט דער מאַטעריאַל געבראַכט אויף אַ זייער נישט סיסטעמאַטישן און נישט פלאַנמעסיקן אופן. די ווירטשאַפטלעכע מאָמענטן ווערן געבראַכט אַגב-אורחאַדיק, אומזיסט וועט איר דאָרט זוכן עפּעס אַן איבערבליק איבער די וויכטיקסטע פּאַסירונגען פון יידישן לעבן. אומזיסט וועט איר זוכן אַ פאַרבינדונג פון די געשיכטלעכע געשעענישן מיט דער אַרומיקער סביבה, מיט דער אַלגעמיינער געשיכטע.

פון גאָר גרויסער באַדייטונג זיינען די ביבליאָגראַפישע אַרבעטן פון פּראָפ. באַלאַבאַן. זייט יאָרצענדליקער האָט באַלאַבאַן געזאַמלט מאַטעריאַלן צו דער ביבליאָגראַפיע פון יידן אין פוילן. דער וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, ווייסט וואָס פאַר אַ מניעה עס איז דער מאַנגל אין ביבליאָגראַפישע מאַטעריאַלן. עס הראָט, אַז וועגן דער זעלבער טעמע זאָלן שרייבן גלייכצייטיק צוויי אָדער מערער פערזאָן. באַלאַבאַן האָט אַ טייל פון זיין רייכן ביבליאָגראַפישן מאַטעריאַל אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין דער פאָרם פון ספּעציעלע העפטן. דעם כתב-יד פון דער גאַנצער ביבליאָגראַפישער אַרבעט וועגן די יידן אין פוילן, וואָס איז געווען דער המשך פון עסטרייכערס ביבליאָגראַפיע, האָט באַלאַבאַן פאַרטיילט צווישן אַ גאַנצע ריי וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

יאָרנלאַנג איז באַלאַבאַן געווען לערער פון יידישער און אַלגעמיינער געשיכטע אין די יידיש-פוילישע גימנאַזיעס אין טשענסטאָכאָוו און וואַרשע. אין דעם לעצטן יאָרצענדליק פאַר דער וועלט-מלחמה האָט באַלאַבאַן צוזאַמען מיט פּראָפ. שאָר געשאַפן אַן אינסטיטוט פון יודאַאיסטישע וויסנשאַפטן, לויטן מוסטער פון ענלעכע אינסטיטוטן אין מערב-אייראָפּע, באַזונדערס אין דייטשלאַנד. כדי צו כאַראַקטעריזירן דעם גייסט פון יודאַאיסטישן אינסטיטוט איז כדאי צו דערמאָנען צוויי פאַקטן: אין דעם אינסטיטוט האָט מען נישט געלערנט קיין יידיש און קיין יידישע ליטעראַטור, און ביבל-קריטיק האָט נאָך נישט איבערגעטרעטן די שוועל

פון דער דאָזיקער רעאַקציאָנערער אַנשטאַלט. נישט געקוקט אויף דעם רעליגיעז־קאָנסערוואַטיוון כאַראַקטער פון דעם אינסטיטוט, איז דאָס געווען די איינציקע העכערע אַנשטאַלט, וווּ די יוגנט האָט זיך געקאָנט בילדן אויפן געביט פון יידישע וויסנשאַפטן. באַלאַבאַן איז אויסער דעם געווען פּראָפעסאָר פון יידישער געשיכטע אויף דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט און אויף דער פרייער הויך־שול (וואָלנאַ ווּשעכניצאַ).

נישט געקוקט אויף אַלע חסרונות פון באַלאַבאַנס פאָרשונגען, נישט געקוקט אויף דעם פאַלשן שטאַנדפּונקט, וואָס ער האָט פאַרנומען אין דער יידישער וויסנשאַפט, נישט געקוקט אויף דער איינזייטיקייט פון זיינע פאַראינטערעסירונגען, זיינען אָבער זיינע גרויסע אַרבעטן און הונדערטער קלענערע אַרבעטן, אַרטיקלען, רעצענזיעס וכדומה, אַ וויכטיקער צושטייער צו דער געשיכטע פון די יידן אין פּוילן. באַלאַבאַן האָט געלייגט דעם יסוד פאַר דעם גרויסן בנין פון יידישער היסטאָריאָגראַפיע אין פּוילן.

בשעת דער מלחמה איז פּראָפ. באַלאַבאַן געווען באַשעפטיקט אין דער קהלה, אין דער אַרכיוו־אָפּטיילונג, מיט וועלכער באַלאַבאַן האָט אָנגעפירט די גאַנצע צייט. באַלאַבאַן האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט די ענינים פון שולוועזן און געמאַכט שטאַרקע באַמיונגען, עס זאָלן געעפנט ווערן שולן פאַר קינדער. באַלאַבאַן האָט לויט דער אויפפאָדערונג פון די דייטשן צוגעשטעלט אַ גאַנצע ריי אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פון די יידן אין פּוילן. איינע פון די אַרבעטן איז געווען אַן אָפּהאַנדלונג וועגן די קאַראַאימער, וועלכע באַלאַבאַן האָט צוגעשטעלט אויף דער אויפפאָדערונג פון פּראָפ. סעראַפים אין קראָקע, אַ נאַצ. סאָצ. היסטאָריקער, דער מחבר פון אַ גרויס בוך וועגן די יידן אין פּוילן. אויך אַ צווייטער נאַצ. סאָצ. היסטאָריקער ד״ר זאָמערפעלד, וואָס האָט אין דער „בורג“ און אין אַנדערע אויסגאַבן פאַרעפנטלעכט אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פון די יידן אין פּוילן, פאַרשטייט זיך, פון היטלערישן שטאַנדפּונקט, האָט פאַרלאַנגט געוויסע אַרבעטן פון פּראָפ. באַלאַבאַן. אַרום די דאָזיקע מאַטעריאַלן האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַרשיידענע קלאַנגען, פאַרבונדן מיטן פּלוצימדיקן טויט פון פּראָפ. באַלאַבאַן. די קלאַנגען האָבן פאַרציילט, אַז מען האָט פאַרלאַנגט פון באַלאַבאַנען, ער זאָל צושטעלן אַ היסטאָרישע אַרבעט, וועלכע איז נישט געווען אין הסכם מיט באַלאַבאַנס איבערצייגונגען. דער אמת איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער. באַלאַבאַן איז געשטאָרבן אויף אַ האַרץ־שלאַג.

באַלאַבאַן האָט בשעת דער מלחמה געשריבן מעמואַרן פון די יינגסטע יאָרן. באַלאַבאַן איז געווען אַ גוטער דערציילער און זיינע מעמואַרן זיינען מסתמא זייער אינטערעסאַנטע. האָפנטלעך זיינען זיי מיט אַנדערע באַלאַבאַנס מאַטעריאַלן אויפגעהיט ביי פאַד־קאָלעגן אויף דער אַרישער זייט.

---

# מנחם לינדער —
# דער בויער פֿון דער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע („איקאָר")

מ נ ח ם   ל י נ ד ע ר — מאַגיסטער פֿון יוס — אַלט אַן ערך 30 יאָר, אַ יונגער עקאָנאָמיסט און געזעלשאַפֿטלעכער טוער. לינדער האָט געשטאַמט פֿון דעם גאַליצישן שטעטל סניאַטין, ביי דער רומענישער גרענעץ. מנחם האָט איינגעזאַפּט אין זיך פֿון די יינגסטע יאָרן די צוגעבונדנקייט צו דער יידישער קולטור און שפּראַך. בשעת זיינע אַקאַדעמישע סטודיעס אויפֿן לעמבערגער אוניווערסיטעט ביי דעם באַקאַנטן פּוילישן געלערנטן פּראָנטשישעק בויאַק איז ער „אַנטדעקט" געוואָרן דורך דער נעז. „צעקאַבע". די דאָזיקע געזעלשאַפֿט, אָנגעפֿירט דורך דעם דזשאָינט־דירעקטאָר י. גיטערמאַן, האָט געשאַפֿן אַן עקאָנאָמיש=וויסנשאַפֿטלעכע אָפּטיילונג, וואָס האָט אין י. 1936 פֿאַרעפֿנטלעכט אַ קאָנקורס א. ד. ט. מאָנאָגראַפֿיע פֿון אַ שטעטל. צווישן די 300 אַרבעטן, וואָס זיינען איינגעפֿלאָסן צום קאָנקורס פֿון אַלע עקן פֿון פּוילן, האָט זיך לינדערס אַרבעט אַרויסגעוויזן פֿאַר די בעסטע און געווונען דעם ערשטן פּריז. די אַרבעט וועגן שטעטל סניאַטין האָט גלייך אַנטפּלעקט, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן ערשטקלאַסיקער וויסנשאַפֿטלעכער קראַפֿט, וואָס איז אַריינגעטאָן אין די פּראָבלעמען פֿון דעם יידישן עקאָנאָמישן לעבן.

דיר. גיטערמאַן האָט זיך פֿאַראינטערעסירט מיטן גורל פֿון דעם פֿעיקן וויסנשאַפֿטלער. לינדער ווערט אַספּיראַנט פֿון יידישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, וואָס איז אויסן דורך דער אַספּיראַנטור אויסצובילדן יונגע, וויסנשאַפֿטלעכע כוחות אויפֿן געביט פֿון „יידיסטיק" (וויסנשאַפֿט וועגן יידישע פּראָבלעמען — אַ וואָרט געשאַפֿן דורך נח פּרילוצקי): יידישע שפּראַך, ליטעראַטור, יידישע געשיכטע, עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, פֿאָלקלאָר, עטנאָגראַפֿיע א"א. ח' לינדער באַדט זיך צוויי יאָר אין די רייכטימער פֿון ייוו"א, ער זאַפּט אין זיך אַריין די ווילנער אַטמאָספֿער. לינדער, דער גאַליציאַנער, ווערט אויף אייביק אַ ווילנער — אַ שטאָט צו וועלכער ער איז צוגעבונדן, וועלכע ער באַטראַכט פֿאַר זיין צווייטער געבוירן=שטאָט, פֿאַר דער שטאָט, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן גייסטיק. מנחם רעדט אַפֿילו יידיש מיטן ליטווישן דיאַלעקט. מיר דוכט, אַז אויך ווילנע האָט מנחמען אַדאָפּטירט פֿאַר אירן אַ בירגער. לינדערס שם דערגייט קיין וואַרשע. לינדער ווערט איינגעלאַדן אַלס סעקרעטאַר פֿון דער וואַרשעווער אָפּטיילונג פֿון ייוו"א, גלייכצייטיק אַרבעט לינדער מיט אין דער עקאָנאָמישער אָפּטיילונג פֿון ייוו"א, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דעם באַקאַנטן עקאָנאָמיסט יעקב לעשטשינסקי. לינדער איז אויך די נשמה פֿון דער „יידישער עקאָנאָמיק", אַן אויסגאַבע, וואָס דערשיינט אונטער דער רעדאַקציע פֿון יעקב לעשטשינסקי. אַ געוויסע צייט איז אויך ח' לינדער געווען סעקרעטאַר פֿון דער היסטאָרישער קאָמיסיע אין

וואַרשע, וואָס האָט צווישן אַנדערן אַדורכגעפירט אַן אַנקעטע וועגן די פּנקסים אין פּוילן און אַריינגעבראַכט גוטע רעזולטאַטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז נישט בלויז אַ פעיקער וויסנשאַפטלער, נאָר האָט אויך גוטע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיקייטן. לינדער האָט מיט דער מיטהילף פון די חברים גיטערמאַן, ד״ר מאַלער, יאַשונסקי און דעם שרייבער פון די שורות געהאָלפן שאַפן אין וואַרשע אַזאַ וויסנשאַפטלעכע אַטמאָספער, אַז עס זאָלן אַנטשטיין העכערע וויסנשאַפטלעכע קורסן, אַ מין צוגרייטונג צו אַן אמתדיקער הויכשול.

עס איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה. דאָס גאַנצע קולטור־לעבן איז געלעגן אין חורבות. די גאַנצע אינטעליגענץ האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער הילפס־אַרבעט. ח׳ לינדער נעמט איבער די רעגיסטראַציע־אָפּטיילונג פון דער יס״א, וואָס האָט געפירט די גאַנצע עווידענץ פון די מקבלים פון דער יידישער סאָציאַלער אַליינהילף. דאָס איז אָבער געווען בלויז אַ קליינער טייל פון דער ברייטער וויסנשאַפטלעכער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון לינדערן, וועלכער איז בשעת דער מלחמה אויסגעוואַקסן צו דער מדרגה פון אַ זעלבסטשטענדיקן, וויסנשאַפטלעכן אַרבעטער.

די עווידענץ־אָפּטיילונג פון דער יס״א איז אויסגעוואַקסן צו דער מדרגה פון אַ וויכטיקער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוציע, וואָס האָט פאַרעפנטלעכט אויספירלעכע און אינטערעסאַנטע באַריכטן, אָנגעשפּיקעוועטע מיט אַ רייכן סטאַטיסטישן מאַטעריאַל, וואָס איז ווייט, ווייט איבערגעטרעטן די ראַמען פון סאָציאַלער הילף. ח׳ לינדער האָט נישט געפּראַוועט וויסנשאַפט לשם וויסנשאַפט. אַלס איבערצייגטער סאָציאַליסט האָט ער די וויסנשאַפט געשטעלט אין דינסט פון דער טאָג־טעגלעכער הילפס־אַרבעט. זיינע אויספאָרשונגען האָבן באַוויזן, ווי שטאַרק די פּליטים און גולים (אַ ניי וואָרט אָנגעווענדעט דורך ח׳ לינדער אַלס קעגנזאַץ צום וואָרט פּליטים, די גולים זענען בהכרח געבראַכט געוואָרן קיין וואַרשע און נישט געקומען פרייוויליק ווי די פּליטים) ווערן בעוולהט אין פאַרגלייך מיט זייער גויט און זייערע באַדערפענישן. ח׳ לינדער האָט אַדורכגעפירט אַ ריי וויכטיקע אויספאָרשונגען וועגן דער גרויסער שטאַרביקייט פון דער ייד[ישער] באַפעלקערונג אין וואַרשע. ער האָט באַוויזן, אַז עס שטאַרבן אין דער ערשטער ריי די פּליטים, דאַן די וואַרשעווער אָרעמקייט, קאָנצענטרירט אין די א״ג „טויטן״־הייזער. צווישן אַנדערן האָט ער אויך פעסטגעשטעלט, אַז מענער שטאַרבן אין אַ סך גרעסערער פּראָפּאָרץ ווי פרויען און קינדער. ח׳ לינדער האָט אויך אויסגעפאָרשט די שרעקלעכע אַפּראָוויזאַציע־נויטן פון דער וואַרשעווער באַפעלקערונג אויפן סמך פון די בודזשעטן פון איינצלנע פאַמיליעס.

ח׳ לינדער האָט אַדורכגעפירט אַן אינטערעסאַנטע אַנקעטע צווישן די הויז־קאָמיטעטן, וועלכע זענען אונטערליגן דער ייס״א. די אַנקעטע האָט באַוויזן, וואָס פאַראַ גרויסע הילפסאַרבעט עס האָבן געפירט די הויז־קאָמיטעטן, וועלכע האָבן אין אַ גרויסער מאָס פאַרטרעטן די הילפסאינס־

מיטוציע, וואָס אירע מיטלען האָבן זיך כסדר פאַרקלענערט. דער עיקר פון די אַלע פאַרשיידנאַרטיקע אויספאָרשונגען, וואָס לינדער האָט אַדורכגעפירט אין דער יימ״א, אין דער אַפּראָוויזאַציע=אָפּטיילונג ביי דער קהלה א״א האָט ח׳ לינדער צונויפגעזאַמלט אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע — אַ מין וואַדעמעקום פון דער מלחמה=סטאַטיסטיק, צונויפגעזאַמלט אין אַ ריי סטאַטיסטישע טאַבעלן. די דאָזיקע אויסגאַבע איז אויפגעהיט אין „אַרכיוו פון געטאָ״.

לויט דעם פאָרשלאַג פון דעם שרייבער פון די שורות, האָט ח׳ לינדער אונטערגענומען זיך די באַאַרבעטונג פון דער טעמע: „צוויי אַ האַלב יאָר געטאָ אין וואַרשע״. לינדער האָט געוואָלט באַאַרבעטן דעם עקאָנאָמיש=סטאַטיסטישן טייל פון אַ קאָלעקטיווער אַרבעט אויף דער דערמאָנטער טעמע. די רעדאַקציע פון דעם עקאָנאָמישן טייל האָט איבערגענומער ח׳ לינדער צוזאַמען מיט דעם יונגן, פעיקן עקאָנאָמיסט, מאַגיסטער ווינקלער, וועלבער איז צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקע בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע=אַקציע. די סינטעטישע אַרבעטן, וועלכע לינדער, ווינקלער א״א פערזאָנען האָבן געוואָלט שרייבן, האָבן געזאָלט אַדורכגעפירט ווערן אינטערוויוען מיט פאָרשטייער פון פאַרשיידענע בראַנזשעס, ווי אויך אַנדערע צוגרייטונגס=אַרבעטן. עס איז אויפגעזאַמלט געוואָרן אַ זייער אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל. צום באַאַרבעטן די מאַטריאַלן איז אָבער נישט דערגאַנגען צוליבן טויט פון ח׳ לינדער. ח׳ מנחם איז געווען איבערגליקלעך צוליב דער פאַרצווייגטער, וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. אַזעלכע מעגלעכקייטן האָט ער נישט געהאַט פאַר דער מלחמה. די יימ״א האָט אַדאַנק אַזעלכע פערזאָנען ווי דיר. גיטערמאַן, דיר. בלאָך, דעם שרייבער פון די שורות א״א געשטיצט די וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן פון ח׳ לינדער. אויך די קהלה האָט אונטער דער השפעה פון ח׳ יאַשונסקי געשטיצט וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. דאָס זעלבע האָט געטאָן די אַפּראָוויזאַציע=אָפּטיילונג ביי דער קהלה.

ח׳ לינדער איז אויך געווען די נשמה פון דער קולטור=געזעלשאַפט „איקאָר״, וואָס איז געגרינדעט און געפירט געוואָרן דורך די חברים סאגאַן, נאָוואָגרודזקא, דעם שרייבער פון די שורות, בראָטשטיין, מאזאָ, שיע ראַבינאָוויטש א״א. „איקאָר״ האָט געפירט איר אומלעגאַלע טעטיקייט אין די ראַמען פון דער יידישער סאָצ. אַלייןהילף און די דורך איר געשאַפענע הויז=קאָמיטעטן. נאָכן שאַפן פון געטאָ האָט דער אָקופּאַנט געלאָזט אַ פריי פעלד פאַר אינערלעכע קולטור=טעטיקייט. דעם קאָמיסאַר איבער דעם יידישן ווין=פערטל, אַדוו. אַוערסוואַלד, האָט ווייניק אינטערעסירט, וואָס עס טוען דאָרט די יידן אין געטאָ, אים האָט געאַרט איין זאַך: די יידן זאָלן אויסגיין פאַר הונגער. די דאָזיקע סיטואַציע האָבן מיר טאַקע אויסגענוצט און האָבנדיק די דעצידירנדיקע העלפער אין דער הילפסאַרבעט, האָבן מיר טאַקע די גאַנצע קולטור=אַרבעט געפירט אין די ראַמען פון דער יימ״א, אין אירע לאָקאַלן און אונטער אירע פליגלען.

אַלס באַזע האָבן אונדז געדינט די הויז־קאָמיטעטן, וואָס פלעגן איינאָר־דענען פאַר טויזנטער יידן אַקאַדעמיעס, פאָרלעזונגען, ליטעראַריש־קינסט־לערישע אונטערנעמונגען לכבוד מענדעלען, שלום־עליכמען און אַנדערע אונדזערע קלאַסיקער. דער „איקאָר" האָט וואָר־ווערכנטלעך אין דעם בנין פון ייכ"א, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהערט צום יודאאיסטישן אינ־סטיטוט, ווו יידיש איז פאַר דער מלחמה געווען טרייף, איינגעאָרדנט ליטעראַריש־קינסטלערישע אימפּרעזן.

דער „איקאָר" איז אַרויסגעטרעטן פאַר די רעכט פון יידיש אין עפנטלעכן לעבן. אַדאַנק די באַמיונגען פון די קהלה־ראַטמענער, שמואל ווינטער און יוסף יאַשונסקי, האָט די קהלה אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אירע מודעות אין יידיש. ה' לינדער, פאַרליבט אין דער יידישער שפּראַך, האָט אויך געזאָרגט פאַרן שאַפן נייע ווערטער פון מלחמה־לעקסיקאָן. ער האָט, ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט, פאָרגעלייגט צו באַצייכענען גולים פאַר די צוואַנגס־פּליטים; ווייטער האָט ער פאָרגעשלאָגן דעם נאָמען „אַליינ־הילף".

ה' לינדער האָט פון די ייִנגסטע יאָרן, פון די יאָרן פון זיין אַרבעט אין השומר־הצעיר און אויך אין די מלחמה־יאָרן געפירט אַ טאָגבוך, וואָס איז אָבער צום באַדויערן נישט איבערגעגעבן געוואָרן אין „אַרכיוו פון געטאָ" און דעריבער פאַרלוירן געגאַנגען. אַן ענטוזיאַסט און אַ מענטש פון פאַנטאַזיע, האָט דער יונגער לינדער נישט געגלייבט אין איבערלעבן די מלחמה. ער האָט פאָרויסגעפילט דעם טויט, געווען זיכער, אַז ער וועט די מלחמה נישט איבערלעבן. אַ פּאָר שעה פאַרן טויט האָט ער מיט זיין יונגער פרוי, אַ ווילנערין, אַן אַבסאָלוטנטקע פון יידיש־וועלטלעכע שולן, געלייענט תהילים אין יהואשס איבערזעצונג. גראָד דעם טאָג, ווען לינדער איז דערמאָרדעט געוואָרן, האָט מיין פרוי געטראָפן לינדערן אין גאַס, געוואָרנט אים נישט צו שלאָפן אין שטוב. מען האָט דעמלט מורא געהאַט פאַר נקמה צוליב אַ דערהרגעטן אין געטאָ דייטש. מנחם האָט צוגעזאָגט אַזוי טאַקע צו טאָן. אָבער ווייזט אויס, אַז ער האָט געהאַלטן די וואָרענונג פון מיין פרוי פאַר אַן איבערגעטריבענע. ה' לינדער איז דער־מאָרדעט געוואָרן אין דער באַרטאָלאָמעי־נאַכט פון וואַרשעווער געטאָ. אין דער נאַכט פון 17־טן אויפן 18־טן אַפּריל 1942, אין דער ערשטער סדר־נאַכט, דריי חדשים פאַר דער אויסזידלונג פון די וואַרשעווער יידן.

אַגענטן פון געסטאַפּאָ זענען ביינאַכט געגאַנגען פון שטוב צו שטוב מיט אַ צעטל אין דער האַנט, אַרויסגעשלעפּט זייערע קרבנות און איינעם נאָכן צווייטן דערשאָסן אויף עפנטלעכע פּלעצער. אַרום האַלב 12 ביינאַכט זענען צום ה' לינדער אַריינגעקומען געסטאַפּאָ־אָפיצירן, זיך אויסגעפרעגט וועגן זיינע שטודיעס, אויפגעפירט זיך העפלעך און דזשענטלמעניש, צום סוף אים מיטגענומען מיט זיך אין אויטאָ און אַוועקגעפירט מיט זיך צו דער מילנא־גאַס. דאָרט האָבן זיך שוין געפונען אַנדערע אַגענטן פון געסטאַפּאָ, וועלכע האָבן לינדערן געהייסן גיין פאָר־

אויס, באַלויכטן אים פון הינטן און אַרייגגעפּאַקט אַ קויל אין קאָפּ אַריין. אַ פּאָר שעה האָט זיך מנחם געמאַטערט אין שווערע ווייען אויף דעם קאַלטן ברוק אין דער פינצטערער נאַכט, איינער אַליין, האָט ער געגאָסט, ביז צום מאָרגן־גרויען. זיין הייס יונג בלוט האָט פאַרגאָסן דעם קאַלטן ברוק. מען האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ, פאַרוואָס לינדער האָט זיך געפונען צווישן די 50 דערשאָסענע שמוגלער, געסטאַפּאָוצעס, בעקערס יכדומה. עס איז געווען אַ סברה, אַז לינדער איז דערשאָסן געוואָרן דערפאַר, ווייל ער האָט צוגעשטעלט סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן פאַר אַן אומלעגאַלער אויסגאַבע, וואָס איז דעקאָנספּירירט געוואָרן. עס איז געווען אַ צווייטע סברה, לינדער איז אומגעקומען צוליב זיין טעטיקייט אין „איקאָר". אַלס באַווייז האָט מען געבראַכט דעם פאַקט, אַז געסטאַפּאָ־אַגענטן זענען דעם אָוונט פון לינדערס דערמאָרדונג געקומען אין לאָקאַל פון דער קיך לעשנאָ 40, זוכן לינדערן און גראָד דעם זעלבן טאָג האָט דער מחבר פון די שורות געזאָלט האָבן אַ לעקציע א. ד. ט. „קידוש השם אַמאָל און היינט".

אויפן הויף לעשנאָ 52, ווו לינדער האָט געוווינט איז פאָרגעקומען אַ שטילע, שטומע, אָבער אויסדרוקספולע דעמאָנסטראַציע. עס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט עטלעכע הונדערט באַקאַנטע, פריינד, חברים, וואָס זיינען געקומען אָפּגעבן כבוד דעם יונגן מנחם. אַ קליינע גרופּע פון עטלעכע צענדליק פערזאָן האָט באַוויזן זיך דורכצושמוגלען צום בית־עלמין, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען מחוץ די גרענעצן פון געטאָ. לינדער איז נקבר געוואָרן לעבן שמואל לעהמאַנען, נישט ווייט פון נאָמבערגן.

ד " ר   ל י פּ אָ ו ס ק י,   באַקאַנטער יידישער עקאָנאָמיסט, אַלט איבער 50 יאָר. אַ מענטש מיט אַ רייך וויסן אויפן געביט פון עקאָנאָמיע, איז ער, נאָכן פאַרענדיקן זיינע שטודיעס אין דער שווייץ, געקומען קיין פוילן, ווו ער באַטייליקט זיך אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. נאָך דער וועלט־מלחמה באַטייליקט ער זיך אין דער סטאַטיסטישער אָפּטיילונג פון „דזשוינט" וואָס האָט דעמאָלט אונטער דער אָנפירונג פון דעם אינזש. העלער, אַדורכגעפירט אין יאָר 1921 אַ גרויסע ציילונג פון יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער אַנקעטע זיינען שפּעטער ביי דער מיטאַרבעט פון ד"ר ליפּאָווסקי דערשינען אין צוויי ריזן־בענדער, וועלכע זיינען געווען אַ יסוד פאַר אַ גאַנצער ריי אויספאָרשונגען וועגן דעם יידישן עקאָנאָמישן לעבן אין פוילן. נאָך אַ לענגערן איבעררייס איז ד"ר ליפּאָווסקי צוגעטרעטן צו דער מיטאַרבעט אין דער עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישער אָפּטיילונג ביים „צעקאַבע", וועלכע איז געווען געשטיצט דורכן „דזשאָינט". אין די אויסגאַבן פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, ווי אויך אין די עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע אַרבעטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, האָבן זיך באַוויזן אַ גאַנצע ריי ערנסטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן פון ד"ר לי־

פאָווסקי, צווישן אַנדערע אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט וועגן סלאָנים. צוליב זיין שוואַכער געזונטהייט, האָט ד"ר ליפאָווסקי זייער ווייניק געקענט אויסנוצן זיין רייכן וויסן אויפן געביט פון עקאָנאָמיע, זיין רייכע דערפאַרונג אין די פּראָבלעמען פון יידישןווירטשאַפטלעכן לעבן. ליפאָווסקי האָט אויך נישט געהאַט די געהעריקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיקייטן, וואָס זיינען נויטיק ביי אַזאַ אַרבעט.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט=מלחמה, איז ד"ר ליפאָווסקי צוגעצויגן געוואָרן צו דער מיטאַרבעט אין דער באַריכטס=אָפּטיילונג פון דער גע"ז. „צעקאַבע". ער פלעגט אויפנעמען די פּראָווינצער דעלעגאַטן און אויפן יסוד פון זייער גבית עדות פלעגט ער צוזאַמענשטעלן באַריכטן איבער די דייטשע גרוילטאַטן אין פּוילן.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך געזען ד"ר ליפאָווסקי בשעת דער ערשטער אויסזידלונגס=אַקציע אין וואַרשע. די יס"א האָט דעמאָלט פאַרנומען דאָס הויז אויף דזשיקא 3, פּונקט אַנטקעגן דעם אומשלאַגפּלאַץ, וווּ די באַאַמטע האָבן געטיילט ברויט און מאַרמאָלאַדע פאַר די אויסגעזידלטע פון די צוטיילונגען פון דער קהלה. איך האָב פאַר יעדן פּרייז געוואָלט צוקומען צום אומשלאַגפּלאַץ, כדי אויפן אָרט צו אינטערווענירן וועגן אייניקע פּערזאָן, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן אויפן אומשלאַגפּלאַץ. איך האָב אָנגעטאָן דאָס ווייסע בענדל מיט דער אויפשריפט Umsiedlungsaktion און בין מיט אַ גרופּע יס"א=באַאַמטע, באַלאָדן מיט ברויט, אַריין אויפן אומשלאַגפּלאַץ. אויף אַ ברייטן פּלאַץ אַרומגערינגלט מיט שטעכיקן דראָט, האָב איך דערזען אַ ריזן=מחנה, וואָס האָט זיך מיט אַלע כוחות געשטופּט צום אַרויסגאַנג. לעבן דעם דראָט האָב איך געזען זיצן אויף דער ערד דעם שוואַכן ד"ר ליפאָווסקי צוזאַמען מיט זיין איינציקער טאָכטער. איך האָב זיך געווענדעט צו דעם קאָמענדאַנט פון אומשלאַגפּלאַץ, דעם יידישן פּאָליציי=אָפיציר, שמערלינג (די דייטשן האָבן אים גערופן „דעם יידישן הענקער", די יידן האָבן אים, צוליב זיין ענלעכקייט מיט דעם איטאַליענישן מאַרשאַל, גערופן „באַלבאָ"). איך האָב דעמאָלט אינטערווענירט ביי אים וועגן 3 פּערזאָן: וועגן ד"ר ליפאָווסקין, וועגן דער באַקאַנטער פּיאַניסטקע האַננאַ דיקשטיין און וועגן דער באַקאַנטער מאָלערין רעגינאַ מונדליאַק. שמערלינג האָט מיר צוגעזאָגט צו באַפרייען די דאָזיקע פּערזאָנען און אָפּגערעדט מיט מיר, איך זאָל קומען צו אים אין 3 שעה אַרום. ווען איך בין אין אַ פּאָר שעה אַרום געקומען אַ צווייט מאָל, איז די לאַגע שוין געווען אַ גאָר אַנדערע. שמערלינג, דער תליין פון די וואַרשעווער יידן, איז אַריינגעפאַלן אין איינעם פון זיינע שגעון=אָנפאַלן, ער האָט שוין נישט געוואָלט הערן וועגן קיין שום קינסטלער און ווּיסנשאַפטלער. ווען איך האָב גענומען ענערגיש פאָדערן, האָט ער אויפגעהויבן די פּייטש און גענומען מיר דראָען, אַז אויך איך וועל אַוועק קיין טרעבלינקי. דער סוף איז געווען, אַז ד"ר ליפאָווסקי איז אַוועק קיין טרעבלינקי.

ד״ר עדמונד שטיין איז פאר דער מלחמה געווען דאצענט פון יודאאיסטישן אינסטיטוט אין װארשע, וו עס זענען אויסגעבילדעט געווארן לערער פון רעליגיע אין די פאלקס־ און מיטל־שולן. ד״ר שטיין האט געהערט צו דער יונגער גענעראציע יידישע וויסנשאפטלער, וואס האט אבער, אדאנק זיינע ארבעטן פון געביט פון עלטערער יידישער געשיכטע, באזונדערס דער העלעניסטישער תקופה, זיך קונה שם געווען אין דער יידישער וויסנשאפטלעכער וועלט. באזונדערס באקאנט איז געווען זיין ארבעט וועגן פילא. הגם א יונגער אין די יארן איז אבער ד״ר שטיין בנוגע דעם באנעמען די געשיכטע געווען א פארשטייער פון דער עלטערער גענעראציע, וואס האט באטראכט די יידישע געשיכטע פון רעליגיעזן שטאנדפונקט, נישט געזוכט דעם אלגעמיינעם ברייטן פאן, די סאציאלע און ווירטשאפטלעכע לאגע, אויף וועמענס יסוד עס האט זיך געשטאלטעט דאס גייסטיקע לעבן פון פאלק. אין דער צייט, ווען דער באקאנטער פילאלאג, דער װארשעווער אוניווערסיטעט פראפעסאר זיעלינסקי האט פארעפנטלעכט זיין בוך א. ד. ט. „Hellenizm a Judaizm” (העלעניזם און יודאיזם) האט ד״ר שטיין פאלעמיזירט מיט אים און אנגעשריבן א בראשור, וואס האט אבער גאנץ שוואך אפגעוועגדעט זיעלינסקיס ארגומענטן.

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ד״ר שטיין אנגאזשירט געווארן אין דער קהלה אלס לייטער פון דעם לערער־סעמינאר. א חוץ דעם האט ד״ר שטיין געהאלטן לעקציעס אין כלערליי סעמינארן פון החלוץ, פון השומר הצעיר, אין דער העברעישער גימנאזיע, אין דער העברעאיסטישער געזעלשאפט „תקומה", ער איז אויך ארויסגעטרעטן אויף פארשידענע אונטערנעמונגען פון די העברעאיסטן פון ליטעראריש־קינסטלערישן כאראקטער.

אינצווישן הייבט זיך אן די אויסזידלונג פון די װארשעווער יידן. ד״ר שטיין טראגט זיך איבער אין שולצס שאפ, וו ער איז באשעפטיקט אין ביורא. בשעת איינער פון די סעלעקציעס ווערט זיין פאמיליע צוגענומען קיין טרעבלינקי. דאס האט אים פולשטענדיק צוזאמענגעבראכן. ער פארלירט דעם אינטערעס פארן לעבן. ער וויל זיך נישט ראטעווען אויף דער ארישער זייט, הגם געוויסע איידעלע פאליאקן לייגן אים דאס פאר לא על מנת לקבל פרס. נאך דער לעצטער ליקווידאציע־אקציע פארט ער קיין טראווניק אין ס.ס.־ארבעטס־לאגער, וו ער לעבט אין זייער שווערע באדינגונגען. אויך דארט האלט ער לעקציעס און טרעט ארויס אויף פייערונגען (הערצל־יארצייט, יארטאג פון דער װארשעווער אויסזידלונג). אין חודש אויגוסט [1943] ווערט דורך דעם לאגער־קאמענדאנט בארעטעשקא צוזאמענגעשטעלט א ליסטע פון די א. ג. פראמינענטע יידן, וועלכע דארפן אויסגעטוישט ווערן אויף דייטשן פון אויסלאנד. די דאזיקע פראמינענטע יידן פארן קיין לובלין אין א ספעציעלן

לאַגער. דעם 5 נאָוועמבער קומט פאָר די ליקווידאַציע פון די אַרבעטסלאַגערן אין לובלין, ווי אויך אין דער שטאָט גופא. ד״ר שטיין קומט אום, צוזאַמען מיט 14 טויזנט יידן פון די לובלינער לאַגערן, וועלכע זיינען צוזאַמענגעטריבן געוואָרן אויף דעם שרעקלעכן מיידאַנעק און דאָרט אויסגעשאָסן געוואָרן.

ד״ר רוזשאַנסקי, אַ יונגער וויסנשאַפטלער אויפן געביט פון סטאַטיסטיק און עקאָנאָמיע. איייניקע קלענערע אַרבעטן האָט ער פאַרעפנטלעכט אין פוילישע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבן. בשעת דער מלחמה איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין יס״א, אין איר סטאַטיסטישע באַריכטס־אָפטיילונג. דער יונגער וויסנשאַפטלער, וועמען די פוילישע פראָפעסאָרן האָבן פאָרויסגעזאָגט אַ וויסנשאַפטלעכע קאַריערע, האָט זיך אין די מלחמה־יאָרן באַקענט מיט די פראָבלעמען פון דער יידישער קעגנוואַרט. די סטאַטיסטישע אָפטיילונג פון דער יס״א איז געווען אַ וויכטיק קעמערל פון וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט, ווו עס איז אויפגעזאַמלט געוואָרן אַ רייכער מאַטעריאַל פון דעם יידישן לעבן אין פוילן. ח׳ רוזשאַנסקי איז שפעטער געווען לייטער פון דער אָפטיילונג פון אויסלענדישע בריוו ביי דער יס״א, וועלכע פלעגט אַרויסשיקן בריוו צו קרובים אין קריגספירנדיקע לענדער דורך דער פאַרמיטלונג פון דייטשן רויטן־קרייץ. אַדאַנק דער דאָזיקער אָפטיילונג האָבן טויזנטער פאַמיליעס אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט זייערע קרובים אין די אַליאַנטישע לענדער.

בשעת דער יולי־אַקציע איז ד״ר רוזשאַנסקי איייניקע מאָל געשלעפט געוואָרן אויפן אומשלאַגפּלאַץ, אָבער עס איז געלונגען אים יעדעס מאָל אַרויסצובאַקומען. איין מאָל איז געלונגען צו באַפרייען ח׳ רוזשאַנסקי אַדאַנק דער אינטערווענץ ביי די געסטאַפּאָוצעס קאָן און העלער. דאָס איז געשען דעמאָלט, ווען די קהלה האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אינטערווענירן לטובת די יס״א־אָנגעשטעלטע, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען ד״ר רוזשאַנסקי. די געסטאַפּאָוצעס האָבן געשיקט זייערס אַן אָרדענונגס־מאַן און דער האָט די באַאַמטע פון יס״א באַפרייט פון אומשלאַגפּלאַץ.

נאָך דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע איז ד״ר רוזשאַנסקי קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. עס איז אים געלונגען אַרויסצוראַטעווען זיך פון דער שווערער קראַנקהייט. דעם 18־טן יאַנואַר 1943 האָבן די ס.ס. מיט די אוקראַאינער אַרומגערינגלט דאָס הויז אויף זאַמענהאָף 56, ווו עס האָבן געוווינט די באַאַמטע פון דער יס״א. אַן אָפּגעשוואַכטן, אַ האַלב־לעבעדיקן האָבן אים די ס.ס. געהייסן אַראָפּגיין אין הויף און דאָרט אים דערשאָסן.

ד״ר אָסטערזעצער,[198] אַ יונגער, פעיקער וויסנשאַפטלער, אַלט איבער 30 יאָר, געשטאַמט פון גאַליציע. זיין ספּעציאַליטעט איז געווען די אַלטע יידישע געשיכטע, באַזונדערס די העלעניסטישע

---

198 ישראל אָסטערזעצער (1904—1943).

תקופה. אויסער דעם איז ער געווען אַ בקי אין תלמוד, אַלס תלמיד פֿון
דעם באַקאַנטן לובלינער רב שפּיראָ. אין וואַרשע איז ד״ר אָסטערזעצער
געווען לערער פֿון יידישער געשיכטע אין דעם סעמינאַר פֿאַר רעליגיע=
לערער און שפּעטער, ווען עס איז אַנטשטאַנען דער יודאַאיסטישער אינס=
טיטוט, איז ער געוואָרן זיין סעקרעטאַר. ער האָט אויך פֿאָרגעטראָגן אין
דעם יודאַאיסטישן אינסטיטוט.

ד״ר אָסטערזעצער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט עטלעכע קלענערע אָפּהאַנד=
לונגען פֿון דער עלטערער יידישער געשיכטע. זיין צוגאַנג צו יידישער גע=
שיכטע איז געווען אַ פּאַרצייטיק=רעליגיעזער.

עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט=מלחמה, ד״ר אָסטערזעצער
האָט זיך געפֿונען אין גאַליציע, אין דער שטאָט פּשעמישל. גלייך נאָכן
אַריינגיין אין דעם טייל פּשעמישל, וואָס געפֿינט זיך אויפֿן רעכטן ברעג
סאַן א. ג. דייטש=פּשעמישל, האָבן אים געכאַפּט די דייטשן און צוזאַ=
מען מיט אַ גרעסערער צאָל יידישע אינטעליגענץ דערשאָסן.

## דער בויער פֿון פּוילישן פֿאָלקלאָר

א ד א ל ב ע ר ג  ס אַ מ ו ע ל  איז אין יאָר 1940 אַלט געווען
אַן ערך 65 יאָר. אַסימילירט פֿון די יינגסטע יאָרן האָט ער זיך געווידמעט
דער פּוילישער עטנאָגראַפֿיע און פֿאָלקלאָר. זיין ווערק „Księga przysłów
polskich” איז געווען אַן עפּאָכן מאַכנדע דערשיינונג אין דער געשיכטע
פֿון פּוילישן פֿאָלקלאָר. אדאלבערג האָט אין זיין בוך אָנגעזאַמלט אַ רייכן
מאַטעריאַל פֿון אַ צענדליק יאָר אינטענסיווע זאַמל=אַרבעט. דאָס ראָזיקע
ווערק איז שטאַרק געשעצט געווען אין די פּוילישע וויסנשאַפֿטלעכע
קרייזן. צוזאַמען מיט דעם באַרימטן, פּוילישן היסטאָריקער שמעון
אשכנזי, האָט ער אַרויסגעגעבן
„Kwartalnik do badania przeszłości Żydów w Polsce”

אַ פּערטליאָרשריפֿט צו דער געשיכטע פֿון די יידן אין פּוילן,
וואָס איז אַרויס אין 3 אָדער 4 נומערן פֿאַר דער ערשטער וועלט=מלחמה.
נאָכן אַנטשטיין פֿון אומאָפּהענגיקן פּוילן איז אדאלבערג געוואָרן
רעפֿערענט פֿאַר יידישע ענינים ביים מיניסטעריום פֿאַר בילדונג און רע=
ליגיעזע ענינים. דעם רעפֿעראַט האָט ער געפֿירט אין גייסט פֿון אַסימי=
לאַציע, אָבער אַלס ריינער און אָרנטלעכער מענטש האָט ער געפֿונען
אַכטונג צו זיין אַרבעט. מיטן אָנקומען פֿון דער סאַנאַציע, ווען דער
קי=האַנדל מיט די בלוטיקסטע אינטערעסן פֿון די יידישע מאַסן איז מצד
דער אגודה געוואָרן אַ סיסטעם, ווען פֿאַר יעדן סאַנאַציע=מאַנדאַט, דעראָ=
בערט דורך יידן מיט דער הילף פֿון אגודהשער פּראָפּאַגאַנדע, האָט די
סאַנאַציע דורך דעם רעפֿערענט פֿאַר יידישע ענינים ביים בילדונגס=מיניס=

מעריום געצאָלט מיט רבנישע בענקלעך און מאַגדאַטן אין די קהלות, מיט קאָמיסאַרישע לייטונגען איבער די קהלות אד"גל קאָנצעסיעס — האָט דער אָרנטלעכער אדאלבערג דאָס נישט געקאָנט פאַרטראָגן. ער האָט אַלס פּראָטעסט קעגן דער דאָזיקער האַנדלונג רעזיגנירט פון זיין אַמט אַלס רעפערענט אין בילדונגס־מיניסטעריום.

אדאלבערג איז געווען מיטגליד פון קוראַטאָריום פון יודאַאיסטישן אינסטיטוט אין וואַרשע און געשטיצט לויט [זיינע] מעגלעכקייטן יונגע וויסנשאַפטלעכע כוחות.

אַדאַלבערג האָט נישט געהאַט קיין פאַמיליע. זיין גאַנץ פאַרמעגן, זיין גאַנצע ענערגיע האָט ער געווידמעט זיין ביבליאָטעק, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע צאָל יקר־המציאותן פון יודאַאיסטיק. אין ערשטן יאָר פון דייטשער אָקופּאַציע איז אדאלבערג באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. ער האָט נישט געהאַט קיין אָנשפּאַר אין יידישן לעבן. די יידישע פאָלקסמאַסן זיינע אים געווען פרעמד. אַלס אַסימילאַטאָר האָט ער זיך איבערצייגט, אַז זיין וועג פירט אויך אינערגעץ נישט. אַדאַלבערג איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. נאָכן אָנקומען פון די דייטשן האָט ער נישט געקאָנט פאַרטראָגן די שווידערלעכע ליידן פון דער יידישער באַפעלקערונג און זיך גענומען דאָס לעבן.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אַדאַלבערג געווען סעקרעטאַר פון דער באַרימטער בלאָך־אויספאָרשונג פון דעם עקאָנאָמישן מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קאָנגרעס־פּוילן. יאַן בלאָך, אַ משומד, איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע פערזענלעכקייטן אין דעמאָלטיקן קאָנגרעס־פּוילן — אַדאַנק זיינע גרויסע פעיקייטן און אַדאַנק זיינע ריזיקע פאַרדינסטן פאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד, באַזונדערס פון די באַנען. אין בלאָכס־אויספאָרשונג איז געווען באַטייליקט די דעמאָלטיקע יידישע אינטעליגענץ; צווישן אַנדערע דער דעמאָלט נאָך זייער יונגער פּרץ (די בלאָך־עקספּעדיציע האָט געפונען אַן אָפּשפּיגלונג אין פּרצס שאַפונג), ד"ר גרשון לעווין, פלוים (דער שפּעטערדיקער דירעקטאָר פון דער „פונדאַציע") א"א.

פּראָפ. מאַרצעלי האַנדעלסמאַן, אַ פּראָפעסאָר פון דער וואַרשעווער אוניווערסיטעט, איינער פון די באַקאַנטסטע פערזענלעכקייטן אין דער פּוילישער וויסנשאַפט. פּראָפ. האַנדעלסמאַן, אַ ייד פון אָפּשטאַמונג, אַ זון פון אַ באַקאַנטן מעדיצין־דאָקטאָר, האָט זיך אָפּגעשמדט אין די יונגע יאָרן און זייט דעמאָלט איבערגעריסן אַלע פעדעם מיט דער יידישער געזעלשאַפט. האַנדעלסמאַן האָט אַפילו נישט געהערט צום לאַגער פון אַסימילאַציע, ווייל די אַסימילאַטאָרן קעמפן דאָך אין דער יידישער געזעלשאַפט פאַר געוויסע פּרינציפּן, פאַר געוויסע אידעען. האַנדעלסמאַן איז אויסגעוואַקסן צו דער מדרגה פון אַן ערנסטן

פּוילישן געלערנטן, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער וויסנ־שאַפטלעכער וועלט. האַנדעלסמאַן האָט אָנגעשריבן אַ גרויס בוך וועגן נאַפּאָלעאָן און פּוילן, אַ בוך „צווישן פּרייסן און פּוילן“ („Między Prusami a Polską“), אויסער דעם אַ גאַנצע רײ היסטאָרישע שקיצן פון יענער תקופה, אַ בראָשור וועגן 3־טן מאי פון יאָר 1791, אַ לערנבוך וועגן מעטאָדיק פון געשיכטע א. א. האַנדעלסמאַן האָט זייט לאַנגע יאָרן צוגעגרייט זיין לעבנס־ווערק: אַן אַרבעט וועגן גראַף אַדאַם טשאַרטאָריסקי, אַ פּערזענלעכקייט, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין לעבן פון פּוילן אין 19־טן יאָרהונדערט און קאַנדידירט אויפן פּוי־לישן בסא־מלכות.

האַנדעלסמאַן האָט געהאַט גרויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיקייטן. ער איז געווען די פירנדיקע פּערזענלעכקייט אין וואַרשעווער וויסנשאַפטלעכן לעבן. יאָרנלאַנג איז ער געווען דעקאַן פון דעם הומאַניסטישן פאַקולטעט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט און אויך רעקטאָר פון דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט. האַנדעלסמאַן האָט דערצויגן גענעראַציעס פון פּוילישע היסטאָריקער, וואָס זיינען געווען אים טריי ווי קינדער אַ טאַטן. יאָרנלאַנג האָבן זיינע תלמידים אָנגעהאַלטן מיט אים די וואַרעמסטע באַציונגען אויך נאָכן פאַרענדיקן די שטודיעס. האַנדעלסמאַן האָט שטאַרק געזאָרגט פאַר זיינע תלמידים. דער רוב פון זיי איינגעאָרדנט אויף פּאָסטנס. ניט אומזיסט האָבן אים דעריבער זיינע תלמידים, פון וועלכע אַ טייל זיינען אויסגעוואַקסן צו דער מדרגה פון אָנגעזעענע געלערנטע, ליב געהאַט, ממש אים פאַרגעטערט.

פּראָפ. האַנדעלסמאַן איז יאָרנלאַנג געווען טעטיק אין דער. פּויל־שער היסטאָרישער געזעלשאַפט, אין דער געזעלשאַפט פריינד פון וואַרשע. ער האָט רעפּרעזענטירט די פּוילישע וויסנשאַפט אויף פאַר־שיידענע, וויסנשאַפטלעכע צוזאַמענפאָרן. ער איז געווען אַ מיטגליד פון פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע קערפּערשאַפטן. אויף דעם אינטערנאַציאָ־נאַלן היסטאָריקער־קאָנגרעס אין וואַרשע אין יאָר 1933 איז ער געווען דער רעדל־פירער, דער טאָן־געבער, דער פירער פון דער פּוילישער דע־לעגאַציע. די ענדעקעס און די רעכטע סאַנאַטאָרן האָבן באַקעמפט האַנ־דעלסמאַנען. זיי האָבן געשטרעבט אַרויסצורייסן פון זיינע הענט די פאַר־שיידענע אַמטן, וואָס ער האָט פאַרנומען. אין יאָר 1932 איז דאָס בוך פון דעם מחבר פון די שורות „וועגן די יידן אין וואַרשע זייט די עלטסטע צייטן“ געוואָרן אַ קעגנשטאַנד פון קאַמף מצד די אַנטיסעמיטישע היס־טאָריקער קעגן האַנדעלסמאַנען. דאָס דאָזיקע בוך איז אַרויס אין פּויליש אַלס אויסגאַבע פון דער געזעלשאַפט פריינד פון וואַרשע, וועמענס פאַר־זיצער עס איז געווען האַנדעלסמאַן. די אַנטיסעמיטישע היסטאָריקער האָט געאַרט, וואָס אין דעם בוך ווערט געשריבן וועגן פּאָגראָמען אָרגאַ־ניזירט דורך דעם פּוילישן קלער, וועגן די „מתנות“ און אַנדערע אָפּצאָלן פאַר די פּוילישע קיניגן פאַרן האַלטן די יידן, וועגן וווכער פון קריסטן

אד"גל. מיט איין וואָרט, די אַנטיסעמיטן האָט געאַרט, וואָס אין דעם בוך ווערט צעבלאָזן די אידיליע וועגן דער „גאַסטפריינדלעכקייט" פון די פוילישע קיניגן, וועגן די אידילישע באַציונגען, וואָס זאָלן האָבן געהערשט צווישן יידן און פאָליאַקן אד"גל. דאָס בוך איז געוואָרן אַ קעגנשטאַנד פון שאַרפן קאַמף. מען האָט צוזאַמענגערופן ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען פון דער „געזעלשאַפט פריינד פון געשיכטע פון וואַרשע" און אַטאַקירט דאָס בוך, אייגנטלעך האַנדעלסמאַנען.

שפּעטער האָבן די אַנטיסעמיטן, פאַרבונדן מיט פאַשיסטן, אַטאַקירט האַנדעלסמאַנען אויף די הויכשולן, ווו ער האָט פאָרגעטראָגן. ענדעקישע סטודענטן האָבן אים איין מאָל צעשלאָגן, אין די צייטן, ווען די פאַשיסטישע אָ. נ. ר. האָט פאַרוואַנדלט די הויכשולן אין שעכט-יאַטקעס, ווו עס האָט זיך טאָג-טעגלעך געגאָסן בלוט פון יידישע און לינקע אַקאַדעמיקער. האַנדעלסמאַנס נאָמען איז אויף קיין איין מינוט נישט אַראָפּ פון די שפּאַלטן פון דער אַנטיסעמיטישער פרעסע, וועלכע האָט אים אומאויפהערלעך אַטאַקירט. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט זיך אַלס פרייוויליקער באַטייליקט אין די קאַמפן פון פוילישע לעגיאָנען אין דער ערשטער וועלט-מלחמה, האָט מען האַנדעלסמאַנען 10 מאָל אַ טאָג דערמאָנט וועגן זיין יידישער אָפּשטאַמונג.

עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט-מלחמה. האַנדעלסמאַן איז לויט די נירענבערגער געזעצן געווען אַ ייד. ער האָט זיך אַ גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן און נישט געקומען אין געטאָ. פיר יאָר איז דאָס אים געלונגען. אין פינפטן יאָר האָט מען אים אַנטדעקט אין סאָקאָלאָוו פּאָדל., ווו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי זיין געוועזענער דינסט. מען האָט אים דאָרט דערשאָסן [199].

ד"ר ליפמאַן צאַמבער, אַ יונגער, עטלעכע און פערציק יאָריקער היסטאָריקער. זיין דאָקטאָר-אַרבעט איז געווען פון די פריסישע צייטן (1795 — 1805), מיט וועלכע ער האָט זיך ספּעציעל אינטערעסירט. ער האָט אין דעם אַרכיוו פון אַלטע אַקטן אין וואַרשע און אין אַנדערע אַרכיוון אָנגעזאַמלט אַ רייכן מאַטעריאַל צו אַ גרויסער אַרבעט. אַ טייל פון דער אַרבעט „די שול-פּאָליטיק פון דער פריסישער רעגירונג אין דעם א. ג. דרום-פרייסן, האָט ער פאַרעפנטלעכט אין דער אויסגאַבע פון היסטאָריקער-קרייז ביים ייוו"א אין „יונגע היסטאָריקער".

---

[199] זונט 1941 י. האָט פראָפ. מ. האַנדלסמאַן געוווינט אין פּאָדקאָוואַ-לעשנאַ און שפּעטער אין מילאַנוּוועק אויף אַ קאָנספּיראַטיווער דירה. די פּוילישע נ.ס.ז. האָט אים לאַנג געזוכט, און יולי 1944 יאָר זיך ענדלעך דערוווּסט זיין וווין-אָרט, אינפאָרמירט די געסטאַפּאָ. דעם 14-טן יולי איז האַנדעלסמאַן אַרעסטירט געוואָרן, דורכגעגאַנגען די לאַגערן אין ראַדאָם, טשענסטאָכאָוו, גראָס-ראָזען און צום סוף אין נאָרדהאַוזען. ער זאָל האָבן דאָרט געשטאָרבן דעם 20-טן מערץ 1945 יאָר.

**בשעת דער מלחמה איז ד"ר צאַמבער, אַ לערער פון פאַך, געווען לייטער פון אַן אינטערנאַט פאַר גאַסן-קינדער. ער איז צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקי בשעת דער ערשטער אויסזידלונגס-אַקציע אין וואַרשע.**

## שמואל לעהמאַן — דער מענטש — די אינסטיטוציע

דער באַרימטער יידישער עטנאָגראַף, האָט פאַר דער מלחמה אָנגעזאַמלט אַ ריזיקן מאַטעריאַל, ווי וויצן, גלייכווערטלעך, מעשיות, לעגענדעס, פאָלקס=לידער, רעטענישן אד"גל. פון וועלכן אַ מינימאַלער טייל איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן (וועגן יאָר 1905). צוזאַמען מיט פרילוצקין האָט לעהמאַן פאַרעפנטלעכט אַ טייל פון זיינע מאַטעריאַלן אין דער אויסגאַבע: אַרכיוו פון יידישן פאָלקלאָר, עטנאָגראַפיע א"א. אַ קליינעם טייל פון זיינע מאַטעריאַלן האָט לעהמאַן פאַרעפנטלעכט אין די אויסגאַבן פון ייוו"א.

אין די ערשטע מלחמה יאָרן האָט מען נאָך געלאַכט אין דער גאַס. מען האָט געלאַכט מיט דער גאַל, אָבער געלאַכט. די דייטשן זיינען אין יאָר 1940 געגאַנגען פון זיג צו זיג, פון לאַנד צו לאַנד, און דאָך האָבן די יידן כסדר געטענהט... ס'איז גוט. דער דייטש וועט זיך אָנפרעסן און פלאַצן. און דער צייט פון דער פאַרניכטונגס=אַקציע האָבן שוין די יידן נישט געלאַכט. עס האָבן אויפגעהערט די אַקטועלע וויצן, גלייכווערטלעך וכדומה. עס איז די יידן פאַרגאַנגען דאָס געלעכטער, ווי דאָס האָט פאָראויסגעזאָגט היטלער אין איינער פון זיינע רעדעס.

לעהמאַן איז לויט זיין שטייגער געווען זייער אַקטיוו. טאָג און נאַכט האָט ער געזאַמלט מאַטעריאַלן פון דעם מלחמה=פאָלקלאָר: וויצן, גלייכווערטלעך אד"גל. לעהמאַן פלעגט כסדר פאַרגלייכן זיין ריזיקן מאַטעריאַל פון יענער וועלט=מלחמה מיט די פאָלקלאָר=מאַטעריאַלן פון דער איצטיקער מלחמה. לעהמאַן האָט געלעבט אין גרויס נויט און דחקות. די יס"א האָט אים פון ערשטן מאָמענט אויסגעשטרעקט די האַנט. ער מיט זיין זון האָבן באַקומען גלייך אין די ערשטע צייטן אַרבעט און דער יס"א. לעהמאַן פלעגט באַקומען שפייז=פעקלעך. ווען די אינסטיטוציע איז אָבער אָרעמער געוואָרן, איז לעהמאַנס לאַגע געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער. דער נידעריקער, דאַרער לעהמאַן האָט פשוט געהונגערט. לעהמאַן האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע אידעאַליסטן, וואָס זיינען פאַר זייער אידעע אַלץ מקריב: דאָס פאַרמעגן, און אַפילו ווען דאָס זאָל נויטיק זיין זייער גאַנץ לעבן. לעהמאַן האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע אידעאַליסטן, וואָס ווייסן נישט פון קיין שום גרענעצן, ווען עס גייט וועגן זייער באַליבטער אידעע. פון מאָמענט אָן, ווען לעהמאַן האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן יידישן פאָלקלאָר — האָט ער אים אָפגעגעבן זיין גאַנץ לעבן, זיין פאַרמעגן — אַלץ. אַלס ייגנערמאַן איז לעהמאַן געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, פון שטעטל צו שטעטל און געזאַמלט אָן רו, אָן איבערריים פאָלקלאָר. לעהמאַן האָט דערגרייכט אַ גאָר הויכע מדרגה, הגם

ער האָט נישט געהאַט קיין ספּעציעלע, פאַכמענישע בילדונג. די לאַנגיאָריקע פּראַקטיק און די איינגעבוירענע אינטואיציע האָבן אים געוויזן דעם ריכטיקן וועג, צו אונטערשיידן די קערנדלעך פון פּלעווע — די פאַכמענישע קריטיק פּלעגט זיך אויסדריקן מיט גרויס אָנערקענונג וועגן לעהמאַנס פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן.

דער אידעאַליסט, וואָס האָט נישט געהאַט קיין זיינסגלייכן, איז איצט אין די מלחמה-צייטן נאָך לאַנגע יאָרן פון אונטערדערנערונג שווער קראַנק געוואָרן. דער „איקאָר" און די יס"א האָבן אים געהאָלפן. אָבער דער אָרגאַניזם זיינער איז געווען צו שטאַרק אָפּגעשוואַכט. פאַר אונדז, מיטאַרבעטער פון „איקאָר" האָט זיך געשטעלט אַ וויכטיקע אויפגאַבע צו אַנטציפערן לעהמאַנס מאַטעריאַלן, וואָרעם לעהמאַן האָט געשריבן מיט דורך און אים אויסגעטראַכטער סטענאָגראַפיע. מיר האָבן אַנגאַזשירט אַ יונגן ליבהאָבער פון פאָלקלאָר, וועלכער האָט מיט דעם קראַנקן לעהמאַן געגומען איבערשרייבן די מאַטעריאַלן און אויסערדן זיי. די דאָזיקע אַרבעט איז שוין געווען ווייט פאָרויסגערוקט. גלייכצייטיק האָט דער „איקאָר" איינגעאָרדנט אַ גרויסע פייערונג לכבוד לעהמאַנס 55-יאָריקן געבורטס-טאָג. אין דעם גרויסן זאַל פון יודאַאיסטישן אינסטיטוט, אויף טלאָמאַצקע 5, ווו יידיש איז פאַר דער מלחמה געווען פאַרבאָטן, האָט זיך צונויפגעקומען אַן עולם פון איבער 500 פריינד און פאַרערער, כדי אָפּצוגעבן כבוד דעם גרויסן אידעאַליסט. דאָס איינלייטונגס-וואָרט האָט געהאַלטן ד״ר. י. גיטערמאַן. ח' שיע ברוידע האָט איבערגעגעבן אויספירלעך וועגן לעהמאַנס שאַפן. ער האָט אויך ציטירט אַ גאַנצע ריי פאָלקלאָר-מאַטעריאַלן. שפּעטער האָט גערעדט מנחם ליגדער. דער שרייבער פון די שורות האָט אונטערגעשטראָכן די קולטור-היסטאָרישע באַדייטונג פון לעהמאַנס שאַפונג. איך האָב אָנגעוויזן, אַז פאַר לעהמאַנען זיינען געווען דייטשע „יאהודים", ווי דער האַמבורגער רב גרונדוואַלד, זעגעל א״א, וואָס האָבן אויך געזאַמלט און פאַרעפנטלעכט פאָלקלאָר-מאַטעריאַלן. פאַר זיי איז אָבער דאָס יידישע פאָלקס-שאַפן געווען דאָס שאַפן פון אַן אונטערגייענדיק פאָלק, בשעת פאַר לעהמאַנען איז פאָלקלאָר געווען אַ לעבעדיקע זאַך. ווען נישט לעהמאַנס מאַטעריאַלן וואָלט נישט אַנטשטאַנען ד״ר שיפּערס גרויסע אַרבעט וועגן יידישן טעאַטער. לעהמאַנס מאַטעריאַלן האָבן אויסגענוצט דאָס יידישע טעאַטר (מכירת-יוסף-שפּילן א״א), יידישע היסטאָריקער, פּעדאַגאָגן (קינדער-דערציילונגען אד״גל) א״א — אַלע האָבן מיט פולע עמערס געשעפּט פון לעהמאַנס רייכער ירושה. איך האָב פאַרגליכן לעהמאַנס ראָל אין דעם יידישן פאָלקלאָר צו באָראָכאָווס ראָל אין דער יידישער שפּראַך-פאָרשונג. פאַר באָראָכאָוון זיינען געווען ליגגוויסטן, דייטשע יאהודים, וואָס האָבן באַטראַכט יידיש פאַר אַ טויטע שפּראַך ווי לאַטיין און גריכיש. באָראָכאָוו איז געווען דער ערשטער פּיאָנער, וואָס האָט יידיש געפאָרשט מיט גרויס ליבשאַפט צום יידישן פאָלק, צו זיין שאַפן, צו זיין שפּראַך. זיינע פאָרשונגען האָבן געצילט אין

דער ריכטונג פון באַרייכערן, פאַרשענערן, פאַרפּיינערן די יידישע שפּראַך. דאָס זעלבע איז אויסן געווען לעהמאַן מיט זיינע פאָרשונגען.

נאָך די רעדעס האָבן אַרטיסטן רעציטירט פאָלקס־לידער, דערציילונ־גען פון לעהמאַנס זאַמלונגען. לעהמאַנען איז נישט באַשערט געווען אייפ־צושטיין פון קראַנקן־בעט. ער איז געשטאָרבן מיט אַ פּאָר חדשים פאַר דער פאַרניכטונגס־אַקציע פון די וואַרשעווער יידן. זיין פרוי און זיין איינ־ציקער זון זיינען אומגעקומען. די מאַטעריאַלן איז נישט געלונגען צו ראַטעווען, זיי זיינען פאַרניכטעט געוואָרן.

## ווי אַזוי זיינען אומגעקומען די יידישע שרייבער [200]

שווער איז געווען דאָס לעבן פון די יידישע שרייבער פאַר דער מלחמה. נישט געווען קיין שום אינסטיטוציע, וואָס זאָל זאָרגן פאַרן גורל פון שרייבער. נישט געווען קיין מלוכה אָדער קאָמונאַלע אַנשטאַלט, וועלכע זאָל שטיצן דעם יידישן שרייבער, פונקט ווי מען פלעגט עס דורך פּריזן און סטיפּענדיעס טון מיט די פּוילישע שרייבער. ביי דעם פאַשיס־טיש־אַנטיסעמיטישן קורס פון פּוילן האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן הילף פאַר קיין שום נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אַ פּשיטא — יידן דאָס יידישע ביהגערטום געשטימט אַסימילאַטאָריש אָדער העברעיסטיש, האָט פּייגט געהאַט די יידישע שפּראַך און נישט געהאַלטן פאַר איר פליכט צו שטיצן דעם הונגעריקן, אַרבעטסלאָזן שרייבער. דער יונגער שרייבער האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו בילדן זיך ווייטער, צו אַנטוויק־לען זיך, צו אַרבעטן. דער איינציקער אָנשפּאַר פאַרן יידישן שרייבער איז געווען די יידישע פּרעסע, וואָס האָט אָבער געקאָנט געבן אויסהאַלטונג נאָך פאַר אַ קליינע צאָל אויסדערוויילטע. דער ליטעראַטן־פאַריין האָט גע־שאַפן אַ ספּעציעלע אַרבעטסלאָזע סעקציע, וואָס האָט געזוכט אַרבעט פאַר די יונגע שרייבער אין דער טאָג־פּרעסע אָדער אין אויסגאַבן פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטן און אינסטיטוציעס. דער דזשאָינט האָט בלויז ספּאָראַדיש געשטיצט יידישע שרייבער, ווייל זיין שטאַנדפּונקט איז געווען ווירטשאַפטלעכע הילף, אָבער נישט קיין קולטורעלע.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די איצטיקע וועלט־מלחמה איז די לאַגע פון שרייבער געוואָרן אַ סך אַן ערגערע. די פּרעסע האָט אויפגעהערט צו דערשיינען. אַ טייל שרייבער האָבן געפונען באַשעפטיקונג אין דער יס״א, „צענטאָס״ אָדער אין דער קהלה. אָבער אויך די באַשעפטיקטע שרייבער האָבן פאַרדינט זייער ווייניק, אַז עס זאָל קלעקן אויף אויסהאַל־טונג. אָן אַ באַדייטנדיקער הילף פון געזעלשאַפטלעכע קוועלן וואָלט קיין איין שרייבער נישט געקאָנט איבערלעבן די מלחמה.

---

200 פג״ל די נאָטיץ וועגן אומקום פון דער יידישער אינטעליגענץ.

ביז צום אויסברוך פון דער דייטש=אַמעריקאַנער מלחמה האָט דער „דזשאָינט“ מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט די יידישע שרייבער און בכלל אַלע ווערטפולע עלעמענטן. ער האָט געגעבן אַ סטאַבילע געלטשטיצע, שפייז=פעקלעך וכדומה. אייניקע פון די ווערטפולע מענטשן האָט דער „דזשאָינט“ באַשעפטיקט אין זיין ביוראָ אָדער אין די אינסטיטוציעס, וואָס זיינען אַנטשטאַנען מיט הילף פון „דזשאָינט“, ווי יס“א, „צענטאָס“, א“א. די לאַגע האָט זיך ראַדיקאַל געביטן מיטן צוטרעטן פון אַמעריקע צו דער מלחמה, און מיטן אויסשעפּן זיך פון די רעסורסן פון „דזשאָינט“, וועלכער איז געווען אָנגעוויזן אויף די הלוואות אין פוילן גופא. זייט דעמאָלט איז די שטיצע פאַר די ווערטפולע פערזאָנען געווען אַ נישטרעגלמעסיקע און זייער נידעריקע. אויף איר יסוד האָט מען נישט געקאָנט בויען קיין בוחזשעט. די יס“א האָט מיט דער אונטערשטיצונג פון „דזשאָינט“ געשאַפן אַ קיך פאַר שרייבער, זשורנאַליסטן א“ג“ל, וואָס פלעגט אַרויסגעבן גאַנץ געשמאַקע מיטאָגן און געווען דערמיט אַ שטאַרקע שטיצע פאַר די נויטלייַדנדיקע שרייבער, זשורנאַליסטן א“א. אויך פרישטיק און אָוונט=ברויטן האָט מען אַרויסגעגעבן פאַר זיי. פון צייט צו צייט פלעגט מען אַרויסגעבן שפייז=פעקלעך. דאָס אַלץ צוזאַמען איז אָבער נישט געווען גענוגנד. דער „דזשאָינט“ איז קיינמאָל נישט דערגאַנגען אין דער צענטראַל=גובערניע צו דער מדרגה ווי אין ווילנע, וווּ ער האָט איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלן אינטערנאַט פאַר שרייבער און זשורנאַליסטן, וווּ זיי האָבן באַקומען די גאַנצע אויסהאַלטונג. אין וואַרשע האָט דער „דזשאָינט“ נישט פאַרמאָגט די דאָזיקע מיטלען. עס וועט בלייבן אַ שאַנדפלעק אויף די יידישע גבירים פון וואַרשע, אַז אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט=מלחמה האָבן זיי נישט געשאַפן די געהעריקע מיטלען אויף איינטערצוהאַלטן דעם קולטורעלן און פּאָליטישן אַקטיוו, וועלכער איז אומגעקומען צוליב הונגער און צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין געלטמיטלען אויף איינצואָרדענען זיך אויף דער אַרישער זייט. אַזאַ באַציונג מצד דער א. ג. יידישער געזעלשאַפט האָט געבראַכט דערצו, אַז יידישע שרייבער, זשורנאַליסטן א“א זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שנאָרער, וואָס האָבן אַ האַלבן טאָג פאַרברענגט יעדן טאָג אין די קאָרידאָרן פון די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי זיי האָבן געוואַרט אויף אַ געלט=שטיצע אָדער אויף אַ שפייז=פעקל. אַראַנק געזעלשאַפטלעכע עלעמענטן איז די מלבושים=הילף פאַר שרייבער און זשורנאַליסטן. געגעבן געוואָרן אין אַזאַ פאָרם, עס זאָל קיינעם נישט באַליידיקן. פאַר די דאָזיקע עלעמענטן האָבן עקזיסטירט ספּעציעלע קאָנטינגענטן פון מלבושים.

עס איז צום באַוווּנדערן, אַז אין די דאָזיקע שרעקלעכע באַדינגונגען, ווען דער יידישער שרייבער האָט אָפט מיט זיין פאַמיליע אונטערגעהונגערט, ווען, נישט אין יאָר 1940 נישט 1941 און אוודאי נישט אין 1942 איז קיין קוילן אין שטוב נישט געווען — האָט דער יידישער שרייבער ווייטער געטאָן זיינס. דער יידישער שרייבער האָט אַ סך געשריבן אין דער

צייט פון דער מלחמה. און וואָלט דאָס אַלץ אויפֿגעהיט געוואָרן, וואָלט דאָס געווען אַ ווײַכטיקער דאָקומענט פון דער צייט. די טראַגיק פון אונ־דזער גורל האָט געוואָלט, אַז מיטן אויסנאָם פון די שרייבער, וואָס זײַנען אַוועק קיין מזרח, וועגן וועמענס גורל מיר ווייסן גאָרנישט, זײַנען אַלע שרייבער, זשורנאַליסטן א״א אומגעקומען.

## שיע פּערלע

ש י ע פּ ע ר ל ע, באַוווסטער יידישער שרייבער, דער מחבר פון „די יידן פון אַ גאַנץ יאָר" א״א איז ביים אָנהייב מלחמה אַוועקגע־פֿאָרן קיין מזרח. ער האָט זיך באַזעצט אין לעמבערג, וווּ ער האָט געפירט אַ ברייטע ליטעראַרישע טעטיקייט. אייניקע זײַנע אַרבעטן זײַנען אַרויס אין די מלוכה־פֿאַרלאַגן. לויט דער איינלאַדונג פון יידישע שרייבער פון ראַטנפֿאַרבאַנד, האָט ער באַזוכט קיעוו, מאָסקווע און אַנדערע שטעט. אין דער געזעלשאַפט „איקאָר" (יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע) האָט ער אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון וועלכן מען האָט געקאָנט דרינגען, אַז דער פּראָצעס פון אַסימילאַציע איז ביי דער יידישער באַפעלקערונג געגאַנגען זייער ווייט פאָרויס. פון דעם פֿאַרצווייגטן שול־וועזן אין דער יידישער שפּראַך זענען געבליבן שוואַכע רעשטלעך. פון דעם העברעין יידישן שול־וועזן איז נישט געבליבן קיין זכר.

פּערלע איז נאָכן קומען פון די דייטשן געקומען קיין וואַרשע. אַדאַנק די באַמיונגען פון פריינד שמואל ווינטער איז פּערלע איינגעאָרדנט גע־וואָרן אין דעם פאַרזאָרגונגס־אַנשטאַלט ביי דעם „יודענראַט" אין דער פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטיילונג. פּערלע פלעגט עס רעדאַגירן אַלע פּלאַקאַטן פון דעם פאַרזאָרגונגס־אַנשטאַלט. פּערלע האָט אָנגעשריבן פאַרן „עונג שבת" (אַרכיוו פון געטאָ) אַ גרויסע אַרבעט וועגן די איבערלעבונגען אין לעמ־בערג, ווו עס איז נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן פאָרגעקומען אַ פּער־מאַנענטער פּאָגראָם.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ליקווידאַציע־אַקציע אין וואַרשע איז פּערלע על פּי נס ניצול געוואָרן. אין די ערשטע טעג פון אויגוסט 1942 האָבן די ס.ס. אַרומגערינגלט די נאָוואָליפּיע־גאַס ווו פּערלע האָט גע־וווינט, און אַלעמען געהייסן אַראָפּגיין. די פאַרבליבענע אין זייערע דירות האָט געדראָט אַ קויל אין קאָפּ. פּערלע האָט באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז צו פאַרבלייבן אין זיין וווינונג אויפן פינפטן שטאָק. אַדאַנק דעם איז ער געבליבן לעבן. דער באַקאַנטער זשורנאַליסט חילינאָוויטש און די פאַ־מיליע פון דעם לידער פון די לינקע פּ״צ סאַגאַן זענען אַראָפּגעגאַנגען פון דער זעלבער דירה און דערפאַר אַוועק קיין טרעבלינקי. פּערלע איז פאַר דער אַפּריל־אַקציע 1943 אַוועק אויף דער אַרישער זייט, ווו ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אייניקע חדשים. אין חודש יולי 1943 איז ער אַוועקגעפאָרן אַלס אויסלענדישער בירגער (ער האָט באַקומען פאַראַגווייער פּאַפּירן) קיין בערגען לעבן האַנאָווער, ווו עס איז געווען אַ לאַגער פאַר אינטער־

גירטע אויסלענדער. אין חודש נאָוועמבער 1943 זענען אָנגעקומען באַ־אומרואיקנדיקע ידיעות וועגן דעם לאַגער. עס איז דאָ אַ סברה, מען זאָל האָבן אַלע דאָרטיקע לאַגעריסטן אַוועקגעשיקט אין דעם שרעקלעכן מאָרד־לאַגער אָשוויענטשים, ווו קיין ייד איז נישט אַרויסגעקומען קיין לעבעדיקער.

## יחיאל לערער

דער יונגער באַגאַבטער דיכטער, באַקאַנט פאַר דער מלחמה אַדאַנק זיין פּאָעמע „מיין היים", איז בשעת דער מלחמה געווען פּאָסט־באַאַמטער אין געטאָ. בשעת דער ליקווידאַציע־אַקציע אין יולי 1942 איז ער צוזאַמען מיט אַנדערע באַאַמטע פון דער קהלה צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקי.

## שלמה גילבערט

האָט געפירט זייער אַ שווער לעבן בשעת דער איצטיקער מלחמה. ער האָט געהונגערט, און דאָך כסדר געשאַפן. דאָס איז געווען דער שע־פערישסטער פּעריאָד אין זיין לעבן. יעדן שבת פלעגט ער קומען אין דעם בנין פון יס"א און דאָרט פאָרלייענען זיינע ווערק פאַר אַ גרופּע פריינד פון דער יידישער ליטעראַטור. בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע איז גילבערט צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקי. נאָך דער אַקציע בין איך געקומען אין זיין דירה, כדי אָפּצוזוכן די כתב־ידן און באַהאַלטן זיי אין אַרכיוו פון געטאָ. אין דעם ריזיקן הויף נאָוואָליפּיע 58, ווו גיל־בערט האָט געוווינט, איז פון 500 לאָקאַטאָרן בסך הכל געבליבן 2 פּאַ־מיליעס, דער רעשט איז אַוועק קיין טרעבלינקי, אָדער האָט זיך אַריבער־געצויגן אין אַנדערע וווין־בלאָקן. די כתב־ידן פון גילבערטן האָב איך נישט געפונען, זיי זיינען אַוועקגעקומען.

## קלמן לים

דער טאַלענטירטער יונגער דיכטער איז נאָך פאַר דער מלחמה געווען באַשעפטיקט אַלס לייטער פון „צענטאָס"־אַנשטאַלט פאַר דעפעק־טיווע קינדער אין אָטוואָצק. פאַרטאָג, אין דעם טאָג פון מלחמה אויסברוך, איז די אַנשטאַלט באָמבאַרדירט געוואָרן דורך דייטשע עראָפּלאַנען. אַ גרעסערע צאָל קינדער פון דער אַנשטאַלט איז דערהרגעט אָדער פאַר־וווּנדעט געוואָרן. דער דיכטער לים איז אויך שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין די פיס. לים איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ קראַנקן־הויז אין וואַר־שע, ווו די באַדינגונגען פון היילן זענען בשעת דער באָמבאַרדירונג געווען ממש אוממעגלעכע. עס האָט געפעלט וואַסער, עלעקטריע, וכדומה.

זדאַנק גרויסע באַמיונגען איז דאָך געלונגען אַרויסצוראַטעווען דעם דיכטער פון דעם שווערן מצב, ער האָט אָבער געלאָמט. לים איז צוריק־

געקומען צו זיין באַליבטער אַנשטאַלט, וועלכער ער איז געווען איבערגעגעבן בלב ובנפש. פון צייט צו צייט פלעגט ער קומען קיין וואַרשע אין דער צענטראַלע „צענטאָס“, וועלכער דער אַנשטאַלט איז אונטערליגן. דאָס אָנפירן מיט דער אַנשטאַלט איז געווען פאַרבונדן מיט זייער גרויסע שוועריקייטן און צרות. פון וואַרשעווער געטאָ האָט מען נישט געקאָנט אַרויספירן קיין לעבנסמיטל און דעריבער האָט מען געמוזט זוכן פאַרשיידענע וועגן ווי אַזוי דאָך נישט לאָזן אויסגיין פון הונגער עטלעכע הונדערט קינדער.

ה' לים איז געווען ליטעראַריש טעטיק, צווישן אַנדערע האָט ער אָנגעשריבן אַ שטאַרק ליד וועגן דער באָמבאַרדירונג פון דער אַנשטאַלט. דעם 16 אויגוסט [1942] האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אָטוואָצק און אויף דער גאַנצער „וויסל=ליניע“. אַלע קינדער פון די אַנשטאַלטן זענען אויפן אָרט אויסגעשאָסן געוואָרן. לים באַהאַלט זיך ביי אַ באַקאַנטן קריסט. ער ווערט אַנטדעקט און פאַלט אַריין אין די הענט פון דער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע דערשיסט אים אויפן אָרט.

## הלל צייטלין

דער גרייזגראָער שרייבער און רעליגיעזער דענקער איז בשעת דער מלחמה געזעסן אין דער היים און ווייטער געאַרבעט. אין דער צייט פון דער ערשטער ליקווידאַציע=אַקציע האָט ער אויפן וואָגן, וואָס האָט אים געפירט אויפן אומשלאַגפּלאַץ אָנגעטאָן דעם טלית און הויך געזאָגט ווידוי. ער איז מער נישט צוריקגעקומען. עס זיינען געווען קלאַנגען, אַז ער איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אומשלאַגפּלאַץ.

## אלחנן צייטלין און זיין זון, דער אויפגייענדיקער שטערן אין דער יידישער ליטעראַטור

זיין זון, אַ באַקאַנטער זשורנאַליסט און שרייבער, איז בשעת דער מלחמה געווען באַשעפטיקט אין דער באַריכטס=אָפּטיילונג פון דער יס"א. די זייער אינטערעסאַנטע באַריכטן פון דער אינסטיטוציע, וואָס האָבן געגעבן אַ בילד וועגן די פאַרשיידנאַרטיקע געביטן פון דער יס"א=טעטיקייט האָבן געגעבן צייטלינען אַ שטיקל מעגלעכקייט אויסצולעבן זיך אין דער אויפגעצווונגענער אַרבעטסלאָזיקייט. בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע=אַקציע איז צייטלין צוגענומען געוואָרן אויפן אומשלאַגפּלאַץ. ער האָט גראָד געהאַט איבערגעקומען אַ שווערן טיפוס און זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. נחום רעמבא, דער געוועזענער סעקרעטאַר פון דער פאַרמלחמהדיקער קהילה אין וואַרשע, דער רעטער פון הונדערטער ווערטפולע מענטשן פון אומשלאַגפּלאַץ, האָט אויך אלחנן אַרויסגעראַטעוועט.

ער האָט אים אַריינגענומען אין דעם שפּיטאָל פון אומשלאַגפּלאַץ. „באַ־דאַזשירט“ אים און אַלס פאַרוואונדעטן אַרויסגעפירט מיט דעם שפּיטאָל־אויטאָ. שפּעטער איז צייטלין נאָכאַמאָל קראַנק געוואָרן און פון די שווערע איבערלעבונגען געשטאָרבן אין יאָר 1942.

זיין זון, אַ יונגער בחור פון אַ 19 יאָר, איז געווען אַן אויפגייענדי־קער שטערן אין דער יידישער ליטעראַטור. מיינע באַקאַנטע, וואָס האָבן געלייענט זיינע לידער, האָבן זיך אויסגעדריקט וועגן זיי מיט גרויס אָנער־קענונג. דאָס זיינען געווען צאַרטע, לירישע לידער. דער יונגער צייטלין איז געווען הויז־וועכטער פון דעם הויף מוראַנאָווסקא 44, ווו עס האָבן געוווינט קהילה־אָנגעשטעלטע. אין יאַנואַר 1943 איז דער יונגער צייטלין מיט זיין מוטער, אַ געוועזענע באַאַמטין פון דער יס״א און זיין יונגן ברודערל צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקי.

דער יונגער צייטלין איז אַריינגעפאַלן אין אַ וואַגאָן, ווו עס זענען געווען קהילה־אָנגעשטעלטע און קהילה־פּרנסים. דער עולם האָט שוין נישט מורא געהאַט פאַרן טויט. דאָס לעבן אין בסדרדיקע אַנגסטן און שרעק איז נמאס געוואָרן. האָט זיך דער עולם געוויצלט... היטלער האָט געהאַט אַ טעות, אויב ער האָט געמיינט, אַז עס וועט די יידן פאַרגיין דאָס געלעכטער. מען האָט זיך געוויצלט: מיר וועלן זיך טרעפן אויף די פּולקעס פון געוועלבער אַלס זייף, פון די קהילה דאַזאָרעס וועט מען מאַכן פיין־זייף, טאָאַלעט זייף! דער דאַזיקער וויץ האָט זיך באַזירט אויף ידיעות פון דער פּוילישער אומלעגאַלער פּרעסע, אַז אין „דער כעמישער פאַבריק אין ברעסלע“ האָט מען געבראַכט פּושקעס מיט פעטס, וואָס האָבן אַרויס־געגעבן אַ שרעקלעכן גערוך. די אומלעגאַלע פּרעסע האָט געשריבן, אַז דאָס פעטס איז פון די דערהרגעטע יידן אין טרעבלינקי. דער יינגער צייטלין איז אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן.

נישט איינער איז בשעת אַזאַ שפּרינגען אומגערגעשאָסן געוואָרן דורך די אוקראַינישע קאָנוואָיענטן. צייטלינען איז געלונגען. ער איז געקומען קיין וואַרשע. אָבער ביי דער גאַנצער ליקווידאַציע־אַקציע אין אַפּריל 1943 איז ער אומגעקומען אין געטאָ.

## ישראל שטערן

דער שטילער, באַשיידענער דיכטער, דער אמתדיקער ל״וניק האָט בשעת דער איצטיקער מלחמה אַ סך געשאַפן. ווי עס האָט מיר איבער־געגעבן זיין ברודער, האָט ער זייער אַ סך געשריבן. דער שטילער שטערן האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען שטיצע און שפּייז־פּעקלעך פאַר זיך. ער איז אַרומגעגאַנגען שטיל ווי אַ טויב און געהונגערט. ער האָט געוווינט אין אַ פּליטים־פּונקט פאַר דער אינטעליגענץ אויף לעשנע 14 און צוזאַמען מיט אַנדערע פּליטים געליטן הונגער. די יס״א און פריינד

האָבן זיך דערוווּסט, אַז שטערן גייט אַרום אַ געשוואָלענער פאַר הונגער. מען האָט פאַר אים געשאַפן אַ פריוואַטע דירה, אַריבערגעטראָגן אַהין דעם דיכטער, געזאָרגט פאַר אַ בעסערע דערנערונג און אים אַ האַלב פאַר־חלשטן געראַטעוועט פון טויט.

עס איז געקומען די ליקווידאַציע־אַקציע פון די וואַרשעווער יידן. ישראל שטערן באַהאַלט זיך אין דעם שאַפּ פון האָפּמאַנען. אַ לאַנגע צייט געלינגט אים צו האַלטן זיך אויף דער אויבערפלאַך. בשעת איינער פון די צאָלרייכע סעלעקציעס, ווערט שטערן צוגענומען אויפן אומשלאַגפּלאַץ און פון דאָרט קיין טרעבלינקי. זיינע כתבים זיינען צוזאַמען מיט אים פאַרשווונדן.

## יקיר וואַרשאַווסקי

דער באַקאַנטער העברעאיש־יידישער שרייבער האָט זיך בשעת דער מלחמה פאַרשטעקט אין אַרבעטסאַמט, וואָס האָט אים געהיט פאַר אַר־בעטסלאַגערן און אויך אין דער ערשטער צייט פון דער פאַרניכטונגס־אַקציע, פון צוגענומען ווערן אויפן אומשלאַגפּלאַץ. צום סוף פון דער אַקציע איז געקומען די ריי אויף דעם אַרבעטסאַמט. ס.ס. האָט אַרומגע־רינגלט דאָס וווין־הויז פון די באַאַמטע פון אַרבעטסאַמט און זיי אַלעמען צוגענומען קיין טרעבלינקי. צווישן די צוגענומענע האָט זיך אויך געפונען וואַרשאַווסקי. בשעת דער מלחמה האָט ח' וואַרשאַווסקי געפירט אַ טאָג־בוך, וואָס איז אָבער צוזאַמען מיט אים פאַרשווונדן.

## יוסף קירמאַן

באַקאַנטער אַרבעטער־דיכטער, איז בשעת דער מלחמה געווען באַ־שעפטיקט אין דער מאַרמעלאַדע־ און צוקערלעך־פאַבריק „פאַלמאַ". עס איז אים געלונגען אַרויסצוראַטעווען זיך פון אַלע דריי פאַרניכטונגס־אַק־ציעס אין וואַרשע. בשעת דער לעצטער פאַרניכטונגס־אַקציע איז ער אַוועק אין דעם אַרבעטסלאַגער פון ס.ס. פּאָניאַטאָוו, וווּ ער איז אומגעקו־מען בשעת דער אַלגעמיינער ליקווידאַציע פון אַרבעטסלאַגער, אין נאָ־וועמבער 1943.

## יצחק בערנשטיין

ליטעראַטור־קריטיקער און פּסיכאָלאָג. געבוירן אין פּלאָצק, האָט פאַר דער מלחמה מיטגעאַרבעט אין דער טאָג־פּרעסע, אין „היינט" און אין „מאָמענט", ווו ער האָט געשריבן אויף טעמעס פון ליטעראַטור־קריטיק. בערנשטיין איז געווען זייער אַ פעאיקער פּסיכאָלאָג. ער האָט אַדורכגעפירט אַ גאַנצע ריי אויספאָרשונגען ביי הונדערטער קינדער פון פאַרשיידענע שול־טיפּן. איינע פון די אַנקעטעס וועגן דעם פּראָבלעם פון

תכלית ביי קינדער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די „פּסיכאָלאָגישע שריפטן“ פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע. בערנשטיין האָט אויך אָנגעשריבן אַ ריי פּסיכאָאַנאַליטישע אַרבעטן וועגן די יידישע קלאַסיקער: פּרץ, שלום־עליכם א"א, אויפן יסוד פון זייער אויטאָביאָגראַפיע און ווערק.

אין אָנהויב פון דער איצטיקער מלחמה איז ער געווען אין פּלאָצק, וואָס איז אָנגעשלאָסן געוואָרן אין „רייך“ און ווי יידן האָבן גלייך פון די ערשטע מינוטן שווער געליטן. בערנשטיין איז קוים אַ לעבעדיקער אַנטלאָפן קיין וואַרשע. דאָ האָט ער געאַרבעט אין דער יס"א. זיין אויפגאַבע איז געווען, באַזוכן די פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך געווענדעט וועגן הילף, אויספאָרשן זייער מצב און קוואַליפיצירן זייער מאַטעריעלן מצב. בערנשטיינס אינטערוויוען, ליידער זיינען זיי נישטאָ, זיינען געווען אַן אמתדיקע, ליטעראַרישע ליסטונג. זיי זיינען געווען אינטערעסאַנטע דאָקומענטן פון דער איצטיקער מלחמה. שפּעטער האָט ח' בערנשטיין געאַרבעט איי דעם געזעלשאַפטלעכן סעקטאָר פון דער יס"א. ער האָט צונויפגעזאַמלט באַריכטן פון די באַזונדערע הויז־קאָמיטעטן אויפן יסוד פון לענגערע אינטערוויוען מיט די פּאָרזיצערס פון די הויז־קאָמיטעטן.

בשעת דער מלחמה האָט ח' בערנשטיין אַ סך געשריבן אויף אַקטועלע טעמעס. זיינע עסייען זענען זייער אינטערעסאַנטע און גיבן אַ רייכע אָפּשפּיגלונג פון דעם יידישן לעבן אין דער צייט פון מלחמה. אַ טייל פון זיינע אַרבעטן איז אויפגעהיט אין דעם „אַרכיוו פון געטאָ“. ה' בערנשטיין איז אומגעקומען בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע פון וואַרשע.

## שטערנבערג

באַקאַנטער יידישער דיכטער, האָט אין דער צייט פון דער מלחמה זיך אַרומגעדרייט אַ פאַרצווייפלטער, אַ הונגעריקער. ער איז אומגעקומען בשעת דער אויסזידלונגס־אַקציע פון וואַרשע, אין יולי 1942.

## אַלטער קאַציזנע

באַקאַנטער יידישער שרייבער, איז ביים אויסברוך פון דער מלחמה אַוועק קיין לעמבערג. אין סאָוויעטישע צייטן איז ער געווען זייער טעטיק ליטעראַריש און געזעלשאַפטלעך. נאָכן אָנקומען פון די דייטשן איז ער אַוועק קיין טאַרנאָפּאָל. דאָרט האָט מען אים געכאַפּט צו דער אַרבעט. קאַציזנע האָט בשעת דער מלחמה פּראָטעסטירט קעגן דעם באַליידיקן אים דורך דעם אוקראַאינישן וועכטער. אַלס שטראָף איז ער פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט.

## די פּויליש־יידישע שרייבער

# הענריקאַ לאַזאַווערט

אַ יידיש־פּוילישע דיכטערין, אַלט עטלעכע און צוואַנציק יאָר. פֿאַר דער מלחמה האָט זי אַרויסגעגעבן אַ ריי לידער־זאַמלונגען אין דער פּוילישער שפּראַך, וואָס האָבן איר קונה שם געווען אַלס אַ טאַלענטירטער דיכטערין. צוליב אירע גרויסע פֿעיקייטן האָט זי נישט געקוקט אויף איר יידישער אָפּשטאַמונג גענאָסן פֿון מלוכהשע סטיפּענדיעס ווי אויך פֿון דער סטיפּענדיע פֿון דער אַקאַדעמיע פֿאַר ליטעראַטור. זי איז אויפֿן השבון פֿון דער אַקאַדעמיע אַרויסגעפֿאָרן קיין איטאַליע צו פֿאַרפֿולקאָמען איר בילדונג און באַרייכערן איר וויסן.

בשעת דער איצטיקער וועלט־מלחמה האָב איך פֿריילין לאַזאַווערט אַריינגעצויגן אין דער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט פֿאַר דער יס"א. אירע פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַלן, פּלאַקאַטן, אויפֿרופֿן, בריוו וכדומה האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער לייכטן, פּשוטן, האַרציקן סטיל. זיי האָבן געווירקט צוליב זייער פּשטות און אויפֿריכטיקייט, ווייל די דיכטערין האָט עס געשריבן מיטן בלוט פֿון איר צעווייטיקט האַרץ, וואָס האָט געבלוטיקט מיט דעם גרויסן אומגליק פֿון די יידישע פֿאָלקס־מאַסן.

דאָס יידישע לעבן אין וואַרשע אין די צייטן פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געווען רייך אין טעמעס, וואָס האָבן זיך פּשוט געבעטן מען זאָל זיי באַאַרבעטן. יעדע יידישע קהילה בשעת דער מלחמה, יעדע יידישע פֿאַמיליע און יעדער באַזונדערער ייד — איז אַ שפּאַנענדער ראָמאַן, וואָס די רייכסטע פֿאַנטאַזיע איז נישט אימשטאַנד עפּעס מער אויסצוקלערן, צוצוגעבן דעם קלענסטן פּרט צו דער רעאַלער יידישער ווירקלעכקייט איז באמת אַן עוולה, ווייל דאָס יידישע לעבן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז רייכער, פֿאַרביקער ווי דער פֿאַנטאַסטישער ראָמאַן. דעם דאָזיקן אמת האָט פֿאַרשטאַנען פֿריילין לאַזאַווערט, זי האָט זיך דעריבער גענומען שרייבן מאָנאָגראַפֿיעס פֿון איינצעלנע משפּחות, וואָס האָבן גערירט דעם לעזער ביז טרערן. איינע אַזאַ מאָנאָגראַפֿיע האָט זי געגעבן צו לייענען געזעלשאַפֿטלעכע טוער, וואָס האָבן גוט געקענט דאָס לעבן פֿון פּליטים און דאָך איינגעזען, אַז ערשט די יונגע שרייבערין האָט זיי געעפֿנט די אויגן אויף דער שווערער טראַגעדיע, וואָס עס לעבט איבער יעדע משפּחה פֿון די צענדליקער טויזנטער פּליטים־משפּחות אין וואַרשע.

דער טוער, דער עסקן האָט פֿאַר זיך שטענדיק די ציפֿער, די מאַסע. אַפֿילו ווען ער קומט אין אַ פּליטים־פּונקט, האָט ער פֿאַר די אויגן נישט דעם יחיד, נאָר דעם כלל. לאַזאַווערט האָט פֿאַר די וואַרשעווער געזעלשאַפֿטלעכע טוער געעפֿנט די שווערע טראַגעדיע, וואָס עס לעבן איבער יעדע פֿון דער 100־טויזנטיקער פּליטים־מאַסע. אין איינער פֿון די פּליטים־מאָנאָגראַפֿיעס האָט זי נישט צוגעגעבן קיין איין וואָרט צו דער געשיכטע פֿון דער פּליטים־משפּחה פֿון בראָמבערג [בידגאָשטש] אין פּשוטסטע

װערטער האָט זי געשילדערט װי אַזױ אַ גוט סיטואירטע ייִדישע משפּחה פֿון בראָמבערג, אַריבערגעפֿאָרן קײן װאַרשע איז שריט בײ שריט געפֿאַלן אַלץ נידעריקער און נידעריקער ביז װאַנען זײ האָבן אַלץ אױסגעפֿאַרקױפֿט און שטיל, פֿאַמעלעך געצאַנקט, און איז אױסגעגאַנגען װי אַ ליכט פֿון הונגער. די דיכטערין האָט זיך פֿאַראינטערעסירט מיטן גורל פֿון דעם דאַרן, קלײנעם ײנגעלע, װאָס איז פֿאַרבליבן פֿון דער גאַנצער פֿאַמיליע, און עס דערהאַלטן בײם לעבן אַדאַנק געזעלשאַפֿטלעכער הילף.

די דיכטערין לאַזאָװערט האָט אַקטיװ מיטגעאַרבעט אין דעם „עונג שבת“ (אַרכיװ פֿון געטאָ). זי האָט אָנגעשריבן אַ גאַנצע רײ אַרבעטן. אין דעם קאָנקורס, װאָס „עונג שבת“ האָט פֿאַרעפֿנטלעכט צװישן אַן ענגן קרײז פֿרײנד און מיטאַרבעטער, האָט זי מיט דער אױבנדערמאָנטער מאָנאָגראַפֿיע געװונען אײנעם פֿון די ערשטע פּריזן.

די דיכטערין האָט געשריבן אַ סך, זײער אַ סך. געשריבן לידער אױף אַקטועלע טעמעס, אײנער פֿון זײ געװידמעט דעם „קלײנעם שמוגלער“ (Mały szmugler) איז געװען א מין פֿאַרערונג פֿון דער דיכטערין פֿאַר די טױזנטער 4 — 5 יאָריקע שמוגלער־קינדער, װאָס האָבן עטלעכע מאָל אַ טאָג אײנגעשטעלט זײער לעבן, כּדי צו שפּײַזן זיך און דעם ייִדישן כּלל. דאָס ליד װעגן דעם קלײנעם שמוגלער, רעציטירט אױף אַקאַדעמיעס און ליטעראַרישע אָװנטן, האָט געמאַכט אַ גרױסן רושם אױף אַלע. אַ טײל פֿון איר ליטעראַרישער שאַפֿונג — צום באַדױערן אַ גאַנץ קלײנער — איז אױפֿגעהיט אין די זאַמלונגען פֿון „עונג שבת“ (אַרכיװ פֿון געטאָ).

עס האָבן זיך דערנענטערט שװערע צײטן. די טראַגעדיע לובלין האָט אױפֿגעטרײסלט װאַרשע. ייִדן האָבן געזוכט אַ מקום־מקלט אױף „יענער זײט“. די דיכטערין לאַזאָװערט איז געװען קראַנק אױף די לונגען. אָן קײן גרעסערע געלט־מיטלען, אָן צענדליקער טױזנטער זלאָטעס, האָט מען נישט געקאָנט חלומען װעגן דער אַרישער זײט. לאַזאָװערט האָט געהאַט אַ סך פּױלישע פֿרײנד — האָט זי דאָך געהאַט נישט קײן אײן ליטעראַריש־אָװנט, איז זי דאָך געװען מיטגליד פֿון דעם פּױלישן ליטעראַטן־פֿאַרײן — און דאָך האָט זי נישט געפֿונען קײן פֿרײנד, װאָס זאָל זי אַרױסראַטעװען. בשעת דער ערשטער ליקװידאַציע־אַקציע איז זי אומגעקומען צוזאַמען מיט איר מוטער, אַ לײטערין פֿון אַ מלוכהשער שול, אין טרעבלינקי.

## גוסטאַװאַ יאַרעצקאַ

אַ טאַלענטירטע פּױלישע שרײַבערין פֿון ייִדישער אָפּשטאַמונג. זי האָט אָנגעשריבן אַ גאַנצע רײ ראָמאַנען און איבערזעצונגען פֿון דער װעלט־ליטעראַטור אין דער פּױלישער שפּראַך. פֿאַר דער מלחמה איז די יונגע, עטלעכע און דרײַסיק יאָריקע שרײַבערין געװען װײַט פֿון ייִדישן לעבן. דאָס געטאָ האָט זי בהכרח אַרײנגעצװיגן אין דער ייִדישער סבֿיבֿה. זײענדיק באַשעפֿטיקט אין סעקרעטאַריאַט פֿון דער ייִדישער קהילה, איז

זי געווען אין צענטער פון יידישע צרות און ליידן. גאַנצע נאָכמיטאָגן פלעגט זי איבערשרייבן די וויכטיקערע דאָקומענטן פון קהילה־אַרכיוו און זיי איבערגעגעבן דעם „עונג שבת" (אַרכיוו פון געטאָ). לויט דער ווענ־דונג פון „עונג שבת" האָט זי אויך אָנגעשריבן אַ גרעסערע אַרבעט וועגן דער ערשטער אויסזידלונג פון די וואַרשעווער יידן. די אַרבעט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר שיינעם סטיל, גרינטלעכקייט און זאַכלעכקייט.

פרוי יאַרעצקאַ האָט אויך אָנגעשריבן אַנדערע אַרבעטן פון דעם יידישן לעבן אין געטאָ. זי האָט גליקלעך אויסגעמיטן די כלערליי סכנות פון דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע פון די וואַרשעווער יידן. נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו רעדן מיט איר וועגן אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט. פרוי יאַרעצקא האָט אָבער געהאַט צוויי גרעסערע קינדערלעך (איינער אַ 12־יאָריקער בחור איז געווען באַשעפטיקט אין דער קהילה אַלס שיק־ייִנגל) און נישט געהאַט די גרויסע געלט־מיטלען צום אַריבערגיין. זי האָט געזוכט הילף ביי אירע פוילישע פריינד. די הילף איז אָבער נישט געקומען. מען האָט אָן איר פאַרגעסן. אין יאַנואַר 1943 איז געקומען די צווייטע ליקווידאַציע־אַקציע. דער שונא האָט פאַרשטאַנען, אַז די יידן וועלן זיך באַהאַלטן ווי מייז אין די לעכער. דעריבער האָט מען אומפאַרהאָפט, אין דער נאַכט פון 17 אויפן 18 יאַנואַר אַרומגע־רינגלט דאָס געטאָ און פאַרטאָג אַרויסגעשלעפט פון די בעטן די קרבנות. די יידישע קהילה מיט אירע באַאַמטע איז געווען דער הויפט־קרבן. צווישן זיי האָט זיך געפונען פרוי יאַרעצקא מיט איר צוויי קינדערלעך.

## צעציליאַ סלאַפּאַק

פרוי סלאַפּאַק איז געווען באַקאַנט אַלס איבערזעצערין פון דובנאָוון אין דער פוילישער שפּראַך. אין דער צייט פון דער איצטיקער מלחמה האָט פרוי סלאַפּאַק לויט דעם אויפטראָג פון „עונג שבת" (אַרכיוו פון געטאָ), געאַרבעט איבער דער טעמע: „די יידישע פרוי אין דער צווייטער וועלט־מלחמה".

זי האָט אַדורכגעפירט אַ גאַנצע ריי אינטערוויוען מיט פאָרשטייערינס פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע קרייזן. זי איז צוגעקומען געוואָרן קיין טרעבלינקי אין דער צייט פון דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע.

## באַרמאַנאָוואַ

באַקאַנטע איבערזעצערין פון דער וועלט־ליטעראַטור אין דער פּויל־שער שפּראַך, איז אומגעקומען אין אַרבעטס־לאַגער פון ס.ס. אין טראַווניק (לובלינער קרייז) בשעת דער אַלגעמיינער ליקווידאַציע פון לאַגער אין נאָוועמבער 1943.

## וולאַדיסלאַוו שלענגעל — דער דיכטער פון געטאָ

אַ יידיש־פּוילישער דיכטער, געשטאַמט פון לאָדזש. זיינע לידער געשריבן אין פּויליש זענען געווען זייער פּאָפּולער אין געטאָ. זיי האָבן אָפּגעגעבן די שטימונגען פון געטאָ [201]. די לידער זיינע פלעגן דעקלאַמירט און רעציטירט ווערן אויף פאַרשיידענע פאַרווייל׳ונגען. זיי האָבן געוואַנדערט פון האַנט צו האַנט אין אָפּשריפטן אויף מאַשין אָדער העקטאָגראַפירטע. נישט געקוקט דערויף, וואָס די לידער זיינען קינסטלעריש געשטאַנען נישט הויך, האָבן זיי אָבער שטאַרק אויסגענומען, גערירט די צוהערער ביז טרערן, ווייל זיי זיינען געווען אַקטועלע, באַרירט טעמעס, מיט וועלכע דאָס געטאָ האָט געלעבט, געפיבערט.

דאָס ליד Rzeczy, rzeczy גיט איבער דעם פאַרניכטונגס־פּראָצעס פון יידישן פאַרמעגן אין די צייטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע. דער דיכטער רעכנט אויס קודם דעם לאַנגן צעטל זאַכן, אַפילו מעבל־שטיק, וואָס יידן האָבן מיטגענומען מיט זיך ביים איבערטראָגן זיך פון דרום־וואַרשע אין צפונדיקן טייל. פון געמישטע קוואַרטאַלן אין ריין־יידישע, אין געטאָ. פון קליינעם געטאָ אין גרויסן געטאָ — האָבן זיך יידן שוין איבערגעצויגן מיט אַ גאַנץ קלענערן צעטל פון זאַכן. ווען יידן גייען שוין פון געטאָ אין די באַזונדערע שאָפּן, איז שוין פון רייכטום און זאַכן געבליבן ווייניק, בלויז אַ ברויט־זאַק און מאַניערקע מיט וואַסער. אין די דירות, וואָס יידן פאַר־לאָזן בלייבט אַ פּאַסטילקע אַלס קאָרפּוס דעליקטי.

Gdy veritas victi!

Pozostanie pastylka jako corpus delicti

דאָס ליד Pożegnanie trzech czapek שילדערט די געזעגענונג פון יונגען דיכטער מיט דריי היטלעך: דער שילערישער, דער זעלנערישער און פּאָליצייאישער. דער דיכטער באַשרייבט זיין אָנטייל אין דער פאַר־טיידיקונג פון וואַרשע. די געזעגענונג מיט דעם זעלנערישן היטל. צום סוף באַשרייבט ער די ליקווידאַציע־אַקציע פון די וואַרשעווער יידן, אין וועלכער דער דיכטער האָט געדאַרפט אָנטיילנעמען אַלס פּאָליציאַנט.

דער דיכטער קאָן ביי זיך נישט פועלן צו העלפן די דייטשן אין זייער פאַרניכטונגס־אַקציע. ער געזעגנט זיך מיטן פּאָליצייאישן היטל. אַזעלכע פּאָליציאַנטן צווישן די יידן איז געווען ווייניק.

איך ברענג דאָ צוויי סטראָפקעס פון דעם ליד:

Tym jesteś w jakiej cię czapce widzą
Ważniejsze to niż aryjska babka
Zanim ci w spodnie lub papiery zajrzą
Wpierw twoją wartość ogłosi czapka.

---

[201] אין אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט געפינען זיך אַ רײ לי־דער פון וו. שלענגעל.

די געזעגענונג מיט דעם פּאָליציייאישן היטל...

Świat zamknięty dla mnie wszędzie
Każda brama jest pułapką
Nie wiem czy lepiej czy gorzej mi będzie
Do widzenia moja czapko.

אין דעם ליד „Dlaczego"? הערן מיר טויזנט מאָל אַ טאָג די קינדערישע פראַגע פאַרוואָס? אַ קינד וואָס איז אויסגעוואַקסן אין געטאָ, שטעלט דער מאַמען די פראַגע, וואָס איז דאָס אַ וואַלד, אַ בוים אא״וו.

אין דעם ליד „Obrachunek z Bogiem" גיט איבער שלענגעלדי אַנטירעליגיעזע שטימונגען, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט ברייטע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן, צוליב דעם ים פון צרות. אַ גלויביקער טענהט זיך אוים מיט גאָט: דו האָסט געהייסן פאסטן — האָב איך געפאַסט, דו האָסט געהייסן דאַווענען — האָב איך געדאַוונט אא״וו. ער רעכנט אוים די אַלע דינים און מצוות, וואָס ער האָט אָפּגעהיטן און דאָך — האָט עס גאָרנישט געהאָלפן. דאָס ליד ענדיקט זיך מיט גאָט־לעסטערונג.

דאָס ליד הייבט זיך אָן פון די ווערטער:

Może był to sen
Chociaż nie
A może zmorzył mnie trunek
Siedzieliśmy razem Bóg i Ja.
Robiliśmy obrachunek.
Bóg to siwy starszy pan
O spojrzeniu pełnym łaski
Ubrany był zwyczajnie
Lecz chodził bez opaski
Kennkarty wprawdzie nie miał
Lecz przybył prosto z raju
Obywatelstwo miał podobno Urugwaju.
Wyjąłem wielką księgę
A Pan Bóg — Watermanna.

דאָס ליד „Mała stacja Treblinki" גיט אַ שוואַכן אָפּקלאַנג פון דעם, וואָס מיר פאַרבינדן מיטן נאָמען און באַגריף טרעבלינקי. טרעבלינקי — שרייבט דער דיכטער — איז אַ קליינע סטאַציע, אָן אַ בופעט, אַ קיאָסק מיט צייטונגען. נישטאָ דאָרט קיין פּאָרטיער. אַפילו פּאַר אַ מיליאָן זל. באַקומט מען נישט קיין בילעט אויף צוריק. אַלץ שווייגט דאָרט:

I milczy słup stacyjny
I milczą trzy choinki
I milczy stary napis
Że stacja jest Treblinki.

דאָס ליד ענדיקט זיך:

**I tylko skądziś z dala**
(Reklama w każdym razie)
Widnieje stary napis
Gotujcie na gazie.

די אויסזידלונג פון די וואַרשעווער יידן, דער גרויסער אונטערשייד צווישן דער ערשטער אַקציע און דער צווייטער, ווערט איבערגעגעבן אין דעם ליד „Kontratak”. בשעת דער אַקציע זעען מיר פאַרצווייפלטע, פּאַסיווע, צעבראָכענע יידן, וואָס גייען ווי שאָף אין שעכטהויז. עמעץ פון דער מאַסע גייט צו צו אַ ס.ס.-מאַן, פאַלט פאַר אים אויף די קני און בעט אים ארויסצולאָזן אים אויף דער פריי. די תשובה פון ס.ס.-מאַן איז אַ פּשוטע. ער נעמט אַרויס דעם רעוואָלווער, דערשיסט דעם ייד, פאַרריכערט דעם פּאַפּיראָס און וואַרפט אויפן מת אַ פּודעלע פון זאַפּאַלקעס. די צווייטע אויסזידלונג זעט אויס גאָר אַנדערש. עס ווערן אַראָפּגעבראַכט ס.ס.-לייט פון פראָנט. דאָס געטאָ איז גרייט אויפצונעמען די קאָנטראַטאַקע. דער ס.ס.-מאַן, וואָס האָט מיט אַזאַ גרינגשעצונג געוואָרפן דאָס פּודעלע פון זאַפּאַלקעס אויף דעם מת, איז דערשטוינט צו זען ווי יידן פאַרטיידיקן זיך. אונדזער באַקאַנטער ס.ס.-מאַן פאַלט פון אַ יידישער קויל. זיינע חברים אַנטלויפן אין גרויס בהלה. זיי האָבן אַפילו נישט קיין צייט מיטצונעמען מיט זיך זייער טויטן חבר. על פּי צופאַל וואַרפט עמיץ אַ פּודעלע זאַפּאַלקעס אויף דעם דערהרגעטן ס.ס.-מאַן.

„Sąd nad Lejkinem” דער משפּט איבער לייקינען, דעם לייטער פון דעם יידישן אָרדנונגס-דינסט, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אויסזידלונג, איז געשריבן אין פּראָזע. פאַרן רבונו של עולם שטעלן זיך פאַרשיידענע געסטאַפּאָווצעס. קאָן און העלער באַרימען זיך, וויפל יידן זיי האָבן אַרויסגעראַטעוועט פון דייטשע הענט. ווען לייקין באַווייזט זיך, ווערט אַ גערויש ביים עולם. עס קומען צו לויפן טויזנטער יידן, אומגעקומענע אין טרעבלינקי. לייקין איז שטום. פון זיין צוזאַמענגעפּרעסטן האַלדז רייסט זיך אַרויס בלויז איין וואָרט: „לויט באַפעל”, ד. ה. „אַלץ וואָס ער האָט געטון איז געווען לויט באַפעל” נישט פון אייגענער איניציאַטיוו, און אַלעם איז שולדיק די קהילה. דער צונויפגעלאָפענער עולם שעפּטשעט איין וואָרט Oszukani (אָפּגענאַרטע). פון עולם הערן זיך קולות: ברויט מיט מאַרמאָלאַדע. דער עולם איז אויפגערעגט, הלמאי האָט מען זיי מיט דעם ברויט מיט מאַרמאָלאַדע אָפּגענאַרט, געזאָגט, אַז די אויסזידלונג גייט קיין מזרח און אין דער אמתן איז זי געגאַנגען קיין טרעבלינקי.

דאָס ליד „Paszporty” פירט אונדז אַריין אין דער בהלה פון אויסלענדישע פּאַפּירן אין וואַרשעווער געטאָ. יידן האָבן געפּרווט זיך צו ראַטעווען דורך אויסלענדישער בירגערשאַפט. דער דיכטער רעכנט אויס

די אַלע פּאַפּירן, וואָס האָבן קורסירט אין געטאָ: אַרגענטינער, האָנדוראַסער, ווענעזועלער א"א. דאָס ליד ענדיקט זיך מיט די ווערטער: איך וואָלט וועלן האָבן אַן אַרגענטינער פּאַס, כדי צו קאָנען רואיק זיצן אין וואַרשע, ווייל דאָס איז דאָס שענסטע לאַנד.

דאָס ליד „Golem" באַשרייבט דעם מאַרטירער־וועג פון די הונדערטער יידן, אַנטלאָפענע פון די טויטן־וועגן קיין טרעבלינקי. הונדערטער יידן זיינען געשפּרונגען פון וואַגאָן, ווייל זיי האָבן גיכער געוואָלט שטאַרבן פון אַ קויל פון דעם אוקראַיִנישן קאָנוואָיענט איידער אין דער טויטן־מאַשין אין טרעבלינקי. איינער אַזאַ אַנטלאָפענער פון טרעבלינקי קומט אַריין צו אַ פּויערטע אין שטוב. זי דערשרעקט זיך פאַר אים צוליב זיין הולך: ער איז אַרומגעוויקלט מיט שטרוי, אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, מיט פיבער אין די אויגן און טויט־שרעק אויפן פּנים. דער פּויערטע דוכט זיך אויס, אַז דאָ איז אַריינגעקומען אַ געשפּענסט און גישט קיין מענטש. די פּויערטע לאָזט אים נישט אַריין. ערשט ווען ער הייבט אָן צו שילדערן זיינע איבערלעבונגען, די שרעקלעכע טראַגעדיע אין געטאָ, די שווערע ליידן אויפן אומשלאַגפּלאַץ, די טויט־שרעק אין וואַגאָן — ברעכט אויס די פּויערטע אין טרערן און לאָזט אים אַריין אין שטוב. „און דער גולם איז צווישן מענטשן געוואָרן אַ מענטש".

I golem wśród ludzi
Stał się człowiekiem.

רירנד איז דאָס ליד „Synowie Jakubowi" לויט דער מעלאָדיע פון דעם אַלטן פּאַרטיזאַנישן פאָלקס־ליד „אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל". דער אַלטער יעקב זיצט ביים חנוכה־לעמפּל און מאַכט אַ סך־הכל פון זיינע קינדער, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער שבעה ימים. דער דיכטער טראָגט אונדז איבער אויפן שלאַכטפעלד, ווארשיינלעך דעם רוסישן. פאַר אונדזערע אויגן אַנטפּלעקט זיך אַ פּאָזיציע, אַ שטאַרק באַפעסטיקטע, אַ געפּאַנצערטע, אַ שווערע צום דעראָבערן, אַן אַרומגערינגלטע מיט שטעכיקן דראָט. יעקבס זון, אַ לייטענאַנט, מעלדעט זיך פרייוויליק צו דער אַטאַקע. אים טרייבט די שנאה צו היטלערן. ער איז גרייט יעדע מינוט אָפּצוגעבן זיין לעבן.

עס ענדערט זיך דאָס לייוונט. פאַר אונדזערע אויגן אַנטפּלעקט זיך אַ צווייט בילד: די ו ו ס פּ ו ל נ ע  ג אַ ס. אויף דער אַרישער זייט וווינט ר' יעקבס צווייטער זון, אַ בלאָנדין, אָבער נישט פון קיין גוטן, ד. ה. אַרישן אויסזען. אין זיין שטוב הויזט די כסדרדיקע שרעק. איינמאָל דערהערט זיך אַ האַסטיקער קלאַפּ אין טיר און עס קומט אַריין דער אַנטיסעמיטישער הויז־וועכטער מיט אַ שאַנטאַזשיסט. נאָכן אויסקויפן זיך פון זייערע הענט, אַנטלויפט ער פון דער דירה. דעם צווייטן טאָג שטייט שוין דער זון אַ פאַרצווייפלטער, אַ ציזאַמענגעבראָכענער — וואוהין זאָל איך גיין?

אַ דריט בילד — פּ אָ ד אָ ל י ע, אַ קאָנצענטראַציע-לאַגער, אַרומגערינגלט מיט שטעכיקן דראָט, מענטשן-געשפּענסטער, זעען אויס ווי חיות. דאָרט איז דאָ דער דריטער זון יעקבס. די לאַגעריסטן איז קאַלט אין די באַראַקן, זיי זייַנען נישט אויסגעשלאָפן, נישט געוואַשן. זיי חלומען וועגן זון, אפשר וועט דאָס וועטער נישט זיין אַזוי קאַלט, אפשר וועט דער דייטש נישט זיין אַזוי אומברחמנותדיק.

דאָס פערטע בילד — אַ מ ע ר י ק ע — נ י ו - י אָ ר ק. דער פערטער זון זיצט בײַם חנוכה-לעמפּל. דער ראַדיאָ מעלדעט אַ טרויער נאָך די אומגעקומענע אייראָפּעישע ייִדן. דער זון צינדט אָן דאָס חנוכה-לעמפּל, שטעלט אויף דעם ראַדיאָ און נעמט אָפּ אַ טרויער-פייערונג נאָך די אומגעקומענע, אייראָפּעאישע ייִדן. בשעת דער אווידיציע ווערט אויך רעקלאַמירט אַ ליכט-פירמע, „באַנוצט צום טרויער נאָר די ליכט פון דער און דער פירמע“. אַזוי נוצן אויס די סוחרישע, אַמעריקאַנער ייִדן די טראַגעדיע פון די ייִדן אין אייראָפּע.

## זשורנאַליסטן

## בן־ציון חילינאָוויטש

באַקאַנטער זשורנאַליסט, לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פון „מאָמענט“ סיים-קאָרעספּאָנדענט. בײַם אויסברוך פון דער איצטיקער וועלט-מלחמה איז ער צוגעצויגן געוואָרן צו דער מיטאַרבעט אין „דזשאָינט“. די פּוילישע פּראָווינץ איז דעמלט געווען פאַרפלייצט מיט אַ מבול פון פּאָגראָמען, אַדורכגעפירט דורך דער זיגרייכער דייטשער אַרמיי. דער „דזשאָינט“ האָט דעמאָלט געפירט אַ גאָר ברייטע אַרבעט. אין צענדליקער שטעט זייַנען געשאַפן געוואָרן הילפס-קאָמיטעטן, וואָס האָבן מיט די מיטלען פון „דזשאָינט“ און אייגענע מיטלען געטראָגן הילף פאַר צענדליקער טויזנטער פליטים, וואָס האָבן געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט, אַריבערגעוואָרפן פון אָרט צו אָרט דורך די דייטשע מאַכטהאָבער. טאָגטעגלעך פלעגן קומען קיין וואַרשע צענדליקער דעלעגאַטן פון דער פּראָווינץ מיט שוידערלעכע באַריכטן וועגן די דייטשע גרויל-טאַטן. איין מאָל בין איך געווען עדות, ווי פון אַ דרייפערזאָניקער דעלעגאַציע פון אַ שטעטל זייַנען געקומען צוויי מיט אַ פאַרבלוטיקטער באַפּולמעכטיקונג פון דעם דריטן, וואָס איז אויפן וועג געטראָפן געוואָרן דורך אַ קויל פון אַ דייטש. ח׳ חילינאָוויטש פלעגט אויפנעמען די דעלעגאַטן און אויפן יסוד פון זייערע אינפאָרמאַציעס צונויפשטעלן אַלגעמיינע באַריכטן וועגן דער לאַגע אין דער פּראָווינץ.

אַלס פאַרוואַלטונגס-מיטגליד פון זשורנאַליסטן-סינדיקאַט האָט ח. חילינאָוויטש אַ גאַנצע צייט מלחמה אַ סך געטון פאַר די איבערגעבליבענע זשורנאַליסטן אין וואַרשע און זייערע פאַמיליעס, ווי אויך פאַר די פאַמיליעס פון די זשורנאַליסטן אַוועקגעפאָרענע מיט דעם עוואַקואַציע-

צוג דעם 5 סעפּטעמבער 1939. זיין הילפס־צעטל האָט אַרומגענומען אַ ליסטע פון 160 זשורנאַליסטן־פאַמיליעס. אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון ה' חילינאָוויטש און גאַוזען איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע קיך פאַר זשורנאַליסטן און שרייבער, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אַ היים פאַר די פאַרלאָזענע, עלנדע זשורנאַליסטן און שרייבער. דער „דזשאָינט" האָט לכתחילה מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט די זשורנאַליסטן, באַשטימט חודש־שטיצע פאַר די אָנגעזעענסטע, געגעבן שפּייז־פּעקלעך אד"גל.

ה' חילינאָוויטש האָט אויסערן „דזשאָינט" געשאַפן געלט־מיטלען אויך אין אַנדערע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, ווי קהילה, יס"א א"א. וואָס מער די מלחמה האָט זיך פאַרלענגערט, וואָס קלענער עס זענען געווען די מיטלען פון „דזשאָינט", אַלץ שווערער איז דעם ה' חילינאָוויטש געוואָרן דאָס מאָביליזירן געלט־מיטלען פאַר די זשורנאַליסטן. נישט אין איין שטוב פון אַ זשורנאַליסט האָט זיך פאַרגנבעט נויט, קעלט און הונגער. אייניקע זשורנאַליסטן האָבן נאָך שווערע באַמיונגען מצד חילינאָוויטשן באַקומען אַרבעט אין דער קהילה אָדער אין אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. אַפילו דער אבי אבות הטומאה, דער שעף פון די יידישע געסטאַפּאָווצעס — גאַנצוויך האָט זיך געוואָלט אָנוואַרעמען אין דער ביטערער לאַגע פון די זשורנאַליסטן און באַשטימט שטיצע פאַר אַ ריי זשורנאַליסטן. אין די ערשטע טעג פון דער איבערזידלונגס־אַקציע פון וואַרשע האָט די ס.ס. איין מאָל פאַרפעלט „סחורה". די יידישע פּאָליציי האָט נישט באַוויזן צוצושטעלן דעם אומזידלונגס־שטאַב דעם געפאָדערטן קאָנטינגענט — האָבן זיך אין די אָוונט־שעהן די דייטשן אַליין אַוועקגעלאָזט אין די יידישע גאַסן. זיי האָבן אויסגעקליבן די נאָוואָליפּיע־גאַס. זיי האָבן אַרומגעשטעלט אַ טייל גאַס פון אַלע זייטן, בלאָקירט זי מיט ס.ס. און אוקראַינער. אויך דאָס הויז נאָוואָליפּיע 20 איז בלאָקירט געוואָרן. חילאָנאָוויטש מיט זיין פאַמיליע זיינען גלייך פאַרלאָדן געוואָרן אין די וואַגאָנען, וואָס זענען אַוועק קיין טרעבלינקי.

## [אהרן] גאַוזע

איינער פון די עלטסטע מיטאַרבעטער און בויער פון דער טאָג־צייטונג „היינט", צוזאַמען מיטן ה' חילינאָוויטש האָט ער אויף זיינע פּלייצעס אויסגעטראָגן די הילפס־אַרבעט פאַר 160 זשורנאַליסטן־פאַמיליעס. בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע איז גאַוזע צוגענומען געוואָרן אויפן אומשלאַגפּלאַץ ווו ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

## אהרן איינהאָרן

באַקאַנטער זשורנאַליסט, לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פון „היינט" און פון דער יידישער פרעסע אין אויסלאַנד. די מלחמה האָט איינהאָרנען גייסטיק צוזאַמענגעבראָכן. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרלוירענער, אַ פע־

סימיסט, אַ שווערער פּאַטום האָט אים פֿאַרפֿאָלגט. גלייך פֿון ערשטן מאָמענט האָט ער זיך געקליבן צו פֿאָרן קיין ארץ־ישראל. אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט צו דער נסיעה, געהאַט גרייטע פּאַפּירן צום אַרויספֿאָרן דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון דער איטאַליענישער געזעלשאַפֿט „לאָיד טריעסטינאַ“. פּונקט דעם טאָג, ווען איינהאָרן מיט אַ ריי אָנגעזעענע פּערזאָנען האָבן געזאָלט אַרויספֿאָרן, איז די געזעלשאַפֿט געשלאָסן געוואָרן און איינהאָרן האָט געמוזט בלייבן.

איינהאָרן האָט מיטגעאַרבעט אין דער יס״א, ווו ער האָט רעדאַגירט די חודש־באַריכטן פֿון דער געזעלשאַפֿט. בכלל האָט זיך דער ח. איינהאָרן שלעכט געפֿילט בשעת דער איצטיקער מלחמה. זיין פֿאַרמלחמהדיקע דירה איז בשעת דער באַלאַגערונג פֿון וואַרשע באָמבאַרדירט געוואָרן. פֿינף אָדער זעקס מאָל האָט ער געמוזט טוישן די דירה, ווייל ווי נאָר ער האָט זיך אַריינגעצויגן אין אַ דירה, איז זי אין אַ קורצער צייט אַרויסגעפֿאַלן פֿון געטאָ. יעדע אַזאַ טראַנסלאָקאַציע האָט אין די שווערע געטאָ־באַדינגונגען באַדייט אַ מאַטעריעלע רואין.

איינהאָרן איז געווען אַ שטאַרקער פּעסימיסט. ער האָט פֿאָרויסגעזען דעם חורבן פֿון די פּוילישע יידן, געזען דעם דערנעענטערנדיקן סוף. זיין אני מאמין — אַזוי צו זאָגן — האָט ער אויסגעדרוקט אין איינלייטונגסוואָרט בשעת אַ פּריוואַטן צוזאַמענטרעף פֿון אַ גרופּע עסקנים, שרייבער א״א צו דער טעמע: „וואָס האָט אונדז געגעבן אַ יאָר געטאָ?“ איינהאָרנס סך־הכל איז געווען אַ טרויעריקער. דאָס געטאָ — האָט געזאָגט איינהאָרן — איז געווען אין דער געשיכטע אַ פֿאַרקערפּערונג פֿון גוטע, יידישע מידות. אין די געטאָס האָט געבליט די יידישקייט, עס האָט פּולסירט אַ רייך רעליגיעז, קולטורעל לעבן. אין די געטאָס האָט זיך אַנטוויקלט אַ רייכע קולטור. דאָס וואַרשעווער געטאָ איז אַ טרויעריק בלאַט אין דער יידישער געשיכטע. די אַסימילאַציע איז קיינמאָל נישט געווען אַזוי גרויס ווי איצט. אויף קאַרמעליצקאַ האָט מען קיינמאָל נישט געהערט אַזויפֿיל פּויליש ווי איצט. אין וואַרשע איז קיינמאָל נישט געווען קיין טעאַטער פֿאַר יידן אין פּויליש, ווי דאָס איז געשען איצט אין געטאָ. עס בליט דאָס עם־הארצות אין אַ ברייטן מאַסשטאַב. די דעמאָראַליזאַציע האָט קיינמאָל נישט אַרומגענומען אַזעלכע ברייטע קרייזן ווי איצט. די דעמאָראַליזאַציע און קאָרופּציע אין דער קהילה האָבן פֿאַרפּעסטעט דאָס גאַנצע יידישע לעבן. די יידישע „אָרדנונגס־דינסט“ איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַנדע „כאַפּערס“, וואָס פֿאַרביטערט דאָס לעבן פֿון די יידישע מאַסן. די יידישע באַפֿעלקערונג האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. זי איז איבערגעלאָזן געוואָרן זיך אַליין אין דעם געטאָ און זי באַלאַבאַטעוועט מיט די ענינים ערגער, וואָס ערגער קאָן נישט זיין. אַ סך ערגער, ווי אַנדערע וואָלטן מיט אונדז געהערשט. דאָס רחמנות־געפֿיל פֿון געטאָ איז פֿולשטענדיק אָפּגעטעמפּט געוואָרן. פֿון איין זייט אַנטשטייען יעדן טאָג נייע רעסטאָראַציעס, קאַפֿע־הייזער און בכלל פֿאַרווייַלונגס־ ער־

טער, פון דער צווייטער זייט — ליגן מענער, פרויען און קינדער אויף די גאַסן און ווערן געשוואָלן פאַר הונגער, מתים וואַלגערן זיך אין די רינשטאָקן. עס קומען צו יעדן טאָג נייע לויה־חברות. עס איז אויך נישטאָ קיין קידוש־השם אין געטאָ. אונדזערע אבות זענען מיט דורות צוריק געגאַנגען אויף די שייטער־הויפנס פרעפּלענדיק „שמע ישראל“. היינט זיינען מיר עדות, ווי אונדזערע הייליקטימער ווערן געטראָטן מיט די פיס און מען זעט נישט פרומע יידן זאָלן איינשטעלן זייער לעבן צוליב אַ ספר־תורה, אָדער אַ בית־המדרש. פאַרקערט, עס זענען אונדז באַקאַנט אַ סך פאַלן, ווען פרומע יידן האָבן אויפן באַפעל פון די דייטשן מיט די אייגענע הענט פאַרשוועכט תכשיטי קדושה. אייגנהאָרנס סך־הכל פון דעם יאָר געטאָ איז געווען אַ טרויעריקער.

אין דער דיסקוסיע, וואָס האָט זיך געצויגן אַ פּאָר שבתים, האָבן זיך באַטייליקט ש. סאַגאַן, דר. שיפּער, ד"ר מילייקאָווסקי, ד"ר עדמונד שטיין, ד"ר בלאָך, מ. קירשנבוים, דער שרייבער פון די שורות א"א. די דיס־קוסאַנטן האָבן אָנגעוויזן דערויף, אַז מען קאָן נישט ציען קיין פאַרגלייך צווישן דעם געטאָ אַמאָל און היינט, ווייל דאָס היינטיקע געטאָ איז נאָר לויטן נאָמען אַ געטאָ. פאַקטיש איז עס אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, וועמענס איינוווינער עס מוזן זיך אויסהאַלטן אויף אייגענעם חשבון. עס איז צו קורץ די צייט, אַז עס זאָל קאָנען אַנטשטיין קולטור־ווערטן. די דעמאָראַליזאַציע און קאָרופּציע איז אַ מלחמה־דערשיינונג און נישט קיין ספּעציפיש יידישע דערשיינונג, עס איז טאַקע ריכטיק, אַז ביי אַ טייל יידן איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דאָס רחמנות־געפיל, פון דער צווייטער זייט זעען מיר אָבער, אַז טויזנטער מענטשן האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון די געליטענע. די דאָזיקע מענטשן האָבן געשאַפן אַ נעץ פון הויז־קאָמיטעטן, וואָס זאָרגן פאַר די הונגעריקע פון זייערע הייף, די דאָ־זיקע מענטשן האָבן דורך פאַטראָנאַטן איבער קינדער־אַנשטאַלטן געראַ־טעוועט טויזנטער קינדער פון אונטערגאַנג אא"וו.

אייגנהאָרנס געזונטהייטס־צושטאַנד האָט זיך באַדייטנד פאַרערגערט בשעת דער מלחמה צוליב די שווערע איבערלעבונגען. ער איז קראַנק גע־וואָרן אויף די לונגען און איז דורכן „דזשוינט“, וועלכער האָט אים אַ גאַנ־צע צייט אויסגעהאַלטן, אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אָטוואָצק. אין אויגוסט [1942] איז אויסגעבראָכן די אויסזידלונגס־אַקציע אין אָטוואָצק און אויף דער גאַנצער „ווייסל־ליניע“. אייניקע פּערזאָן האָבן זיך אין דער לעצטער מינוט געראַטעוועט פון אָטוואָצק קיין וואַרשע, דורך דעם אויטאָ פון דער רעטונגס־געזעלשאַפט. אייגנהאָרן האָט זיך נישט געוואָלט ראַטעווען, נישט געוואָלט אַנטלויפן. ער האָט דערקלערט, אַז ער וועט זיך נישט רירן פון אָרט, זאָל געשען וואָס עס וויל. ער איז אין זיין צימער דערשאָסן געוואָרן דורך די ס. ס.־מערדער. זיין פאַמיליע: די פרוי און צוויי טעכטער מיט אַ זון זיינען אומגעקומען בשעת די שפּעטערדיקע אַקציעס.

## [שאול] סטופּניצקי

אַ באַקאַנטער זשורנאַליסט, לאַנגיאָריקער רעדאַקטאָר פון „לובלינער טאָגבלאַט“, אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה מיטגעאַרבעט אין „מאָמענט“ און אין אַנדערע צייטונגען. סטופּניצקי איז געווען יאָרנ־לאַנג אַ פירנדע פערזענלעכקייט אין פּרילוצקיס פאָלקס־פּאַרטיי. די איצ־טיקע וועלט־מלחמה האָט סטופּניצקין איננאַנצן צוזאַמענגעבראָכן. אַ לאַנ־גע צייט האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן אין זיין דירה. ער האָט מורא געהאַט פאַר רדיפות מצד די דייטשן פאַר זיין זשורנאַליסטישער טעטיקייט. סטופּניצקי איז געוואָרן אַ שטיק עובר־בטל בשעת דער איצטיקער מלחמה. אין דער "Gazeta Żydowska„ , וואָס איז אַרויסגעגעבן דורך אַ קאַטאַ־וויצער ייד — די צייטונג האָט געטראָגן אַן אינפאָרמאַטיוון כאַראַקטער, זי האָט געלויבט די טעטיקייט פון וואַרשעווער אָבמאַן טשערניאַקאָוו און פון דעם שעף פון די יידישע געסטאַפּאָווצעס, גאַנצוויַיך. סטופּניצקי האָט דאָרט אָנגעשריבן אַ פּאָר קליינע אַרטיקלען. אין געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט סטופּניצקי נישט גענומען קיין שום אָנטייל. בשעת דער ערשטער פאַרניכטונגס־אַקציע אין וואַרשע, האָט ער אויפן אומשלאַג־פּלאַץ באַגאַנ־גען זעלבסטמאָרד.

## סעלים (בערנהאָלץ)

מיטאַרבעטער פון „היינט“, איז אין אָנהייב מלחמה אַוועק קיין לעמ־בערג. נאָכן קומען פון די דייטשן איז ער צוריקגעקומען קיין וואַרשע. ער איז געוואָרן אַ סעקרעטאַר פון אַ תרבות־שול. לויט דער ווענדונג פון „עונג שבת“ (אַרכיוו פון געטאָ) האָט ער אָנגעשריבן אַן אַרבעט וועגן זיינע איבערלעבונגען אין לעמבערג. סעלים איז אומגעקומען בשעת דער ערשטער אויסזידלונגס־אַקציע אין וואַרשע.

## שמואל הירשהאָרן

באַקאַנטער זשורנאַליסט, מיטאַרבעטער און גרינדער פון דער יידיש־פּוילישער טאָג־צייטונג „נאַש פּשעגלאָנד“. הירשהאָרן האָט אָנגעשריבן אַ קאָמפּילאַטיווע אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון די יידן אין פּוילן אין 19 י"ה אין יידיש און פּויליש. הירשהאָרן האָט זיך אַ גאַנצע צייט אויס־באַהאַלטן אין זיין דירה אויס מורא פאַר נקמה מצד די דייטשן פאַר זיינע אַנטיהיטלעריסטישע אַרטיקלען אין דער פּרעסע. דאָס אויסבאַהאַלטן זיך אין דער דירה און די מורא פאַר דייטשישער נקמה, האָט געווירקט אויף אים דעפּרימירנד. אין דער צייט פון דער ערשטער פאַרניכטונגס־אַקציע פון די וואַרשעווער יידן האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן דורך סם. זיין טאָגבוך איז איבערגעגעבן געוואָרן אין אַרכיוו פון געטאָ.

## (בער אייזיק) עקערמאַן

מיטאַרבעטער פון אגודהשן „טאָגבלאַט", איז פאַר דער מלחמה געװען אין דער אָנפירונג פון דער אַגודהשער קאָאָפּעראַטיװער באַװעגונג. בשעת דער מלחמה איז ער געװען נאָמינירטער ראַטמאַן פון דעם װאַרשעװער יודענראַט און אָנגעפירט מיט דער בית־עולם־אָפּטיילונג. קיין גרויסע השפּעה אויפן אָבמאַן פון יודענראַט האָט ער נישט געהאַט. עקערמאַן איז געװען קעגן דעם סיסטעם פון קאָרופּציע און דעמאָראַליזאַציע, װאָס האָט געהערשט אין דעם װאַרשעװער געטאָ, עקערמאַן איז אומגעקומען בשעת דער יאַנואַר־אַקציע [1943 י.], װען די גאַנצע קהילה איז צוזאַמען מיט אַלע ראַטמענער צוזענומען געװאָרן קיין טרעבלינקע.

## אברהם־מרדכי ראָגאָװי

מיטאַרבעטער פון אגודהשן „טאָגבלאַט". בשעת דער מלחמה איז ער געװען לייטער פון אַן אגודהשן פּאַרטייליגונגס־פּונקט, װאָס האָט געטיילט שפּייז־פּעקלעך פאַר דעם רעליגיעזן אַקטיװ. ראָגאָװי איז צוזאַמען מיט 11 זיינע קינדער צוגענומען געװאָרן אויפן אומשלאַגפּלאַץ. דער ס.ס.־מאַן איז שוין גרייט געװען צו באַפרייען ראָגאָװין , צוליב אַן אינטערװענץ פון דער קהילה, װען ער האָט אָבער דערזען די 11 קינדער, האָט ער דעם פאָטער דערקלערט, אַז אים קאָן ער באַפרייען, די קינדער אָבער נישט. דערויף איז ראָגאָװי נישט מסכים געװען און אַװעק קיין טרעבלינקע. ראָגאָװי האָט מיטגעאַרבעט אין „Gazeta Żydowska" , װאָס איז אַרויסגעגעבן געװאָרן דורך אַ דייטשן ייד פון קאַטאָװיץ. ראָגאָװי פלעגט דאָרט שרייבן דער רוב אויף טעמעס פון יידישער סאָציאַלער הילפס־טעטיקייט און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען.

אויסער די דערמאָנטע זיינען אומגעקומען די װייטערדיקע זשורנאַליסטן:

אַ ב ו אַ ז ש אַ נ ע ק פון ל אָ ד ז ש, י פ ת (שפּיראָ) פון „היינט"[202], װאָס האָט געהאַט אַ זייער רייכע יודאַיסטישע ביבליאָטעק, איינע פון די שענסטע אין װאַרשע.

ר אַ ק אָ װ ס ק י[203] פון „היינט", געװען באַשעפטיקט אין דער ים"א, אין דער באַריכטס־אָפּטיילונג.

ק ר י מ ס ק י פון „מאָמענט".

פּ ש ע פּ י ו ר ק ע י ה ו ד ה[204] מיטאַרבעטער פון די אויסגאַבן פון די רעכטע פּ.צ.

---

202 יהודה יפת האָט געאַרבעט אין „מאָמענט".

203 צבי ראַקאָװסקי, אַ העברעישער שרייבער.

204 עס דאַרף זיין אברהם פּשעפּיורקאָ.

נ ח מ י ה  פ י נ ק ע ל ש ט י ן, איינער פון די בייגרינדער פון „היינט“. געווען טעטיק בשעת דער מלחמה אין „טאָז“ אַלס איינער פון די הויפּט־טוער.

פּ ר אָ פּ ע ס[205] — איינער פון די עלטסטע מיטאַרבעטער פון „מאָ־מענט“, איז אומגעקומען בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע.

## דער אומקום פון בינע־אַרטיסטן

וואַרשע איז פאַר דער מלחמה געווען דער צענטער פון יידישן טעאַטער־לעבן. דאָ האָבן געלעבט די אָנגעזעענסטע יידישע אַרטיסטן, וואָס פלעגן פון וואַרשע אויס אונטערנעמען פאַרשיידענע גאַסטראָלן אין דער פּראָווינץ אָדער אין אַנדערע לענדער. ווען עס איז אויסגע־בראָכן די פאַרניכטונגס־אַקציע פון די וואַרשעווער יידן, זיינען דאָס רוב אַרטיסטן געבליבן אַרבעטסלאָז. אַ גרויסע טייל איז אַוועק קיין רוסלאַנד, פון וואַנען עס פלעגן אָנקומען גוטע גרוסן, דער רוב אַרטיסטן האָט באַקומען אַרבעט אין מלוכה־טעאַטערס, געקאָנט ווייטער אַרבעטן, זיך אַנטוויקלען און גיין פאָרויס. דער גרעסטער טייל אַרטיסטן, גע־בונדן מיט פאַמיליע־באַנדן, איז געבליבן אין וואַרשע און געליטן הונגער צוליב דעם, וואָס די יידישע טעאַטערס זיינען אין ערשטן מלחמה־יאָר נישט געווען טעטיק. די איבערגעבליבענע מיטגלידער פון אַרטיסטן־פאַ־ריין האָבן אין לאָקאַל פון פאַריין, אויף לעשנע 2, געשאַפן אַ קיך פאַר אַרטיסטן, וואָס האָט אַ ביסל געמילדערט די ביטערע לאַגע פון די פאַ־ריינס־מיטגלידער. די פאַרוואַלטונג פון פאַריין האָט אויך געזוכט אַנ־דערע וועגן, ווי אַזוי צו מילדערן די לאַגע. די פאַרוואַלטונג האָט גע־שאַפן געלט־מיטלען אין „דזשוינט“ און אין אַנדערע ערטער, באַמיט זיך וועגן שפּייז־פּעקלעך, וועגן מלבושים א. א.

מיטן אַנטשטיין פון געטאָ האָט זיך די לאַגע פון יידישע אַרטיסטן פאַרבעסערט. עס אַנטשטייען טעאַטערס, דער רוב פון רעווי־כאַראַק־טער, וואָס באַשעפטיקן די אַרבעטסלאָזע אַרטיסטן. דאָס ניוואָ פון די דאָזיקע טעאַטערס איז צום באַדויערן זייער אַ נידעריקס און איז אויס־גערעכנט אויף דעם נידעריקסטן עולם, אויף שמוגלער, אויף מלחמה־נבירים א"א.

געוויסע יידישע געסטאַפּאָווצעס האָבן אַרונטערגענומען אונטער זיי־ער פליגל געוויסע אַרטיסטן און אפילו טעאַטערס. יעדע פאַמיליע־פאַי־ערונג פון די געסטאַפּאָווצעס איז באַצירט געוואָרן מיט אַרטיסטישע אַרויסטרעטונגען. ווען דער שעף פון די יידישע געסטאַפּאָווצעס —

---

[205] פּראָפּעס. יצחק יעקב (1943—1880), דיכטער און רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון „מאָמענט“.

גאַנצוויי, האָט איינגעאָרדנט בר־מצווה פון זיין זון, האָט ער אָפּגע־דונגען אַ ספּעציעלע טעאַטער־פֿאָרשטעלונג, צו וועלכער ער האָט איינ־געלאַדן אַלע זיינע פריינד און חברים.

## קלאַראַ סעגאַלאָוויטש

די באַקאַנטע אַרטיסטקע, וואָס איז אַדאַנק איר טאַלאַנט באַרימט געוואָרן אין פּוילן און אויסער אירע גרענעצן, איז בשעת דער מלחמה טעטיק געווען אַ לענגערע צייט אין דער באַקליידונגס־אָפּטיילונג פון דער יס"א. דאָרט האָט זי אויסגענוצט איר ווירטשאַפטלעכן טאַלאַנט, וואָס זי האָט געוויזן אין די טעאַטער־גאַרדעראָבעס. זי האָט אין דער באַ־קליידונגס־אָפּטיילונג איינגעפירט אַ ריי נייעסן און געלונגענע איינפאַלן. די געזעלשאַפט יס"א האָט דעמלט אונטערגענומען אַ גרויסע זאַמל־אַקציע פון גענוצטע מלבושים פאַר טויזנטער פּליטים און קרבנות פון באָמבאַרדירונג. פרוי סעגאַלאָוויטש האָט איינגעאָרדנט מיט אַ סך גע־שמאַק אַ רעפּעראַטור־אָפּטיילונג, וואָס האָט פון די ברודיקע, צעריסענע, שמאַטעס געמאַכט נייע, ריינע מלבושים. אַדאַנק איר אינטענסיווער מיט־אַרבעט האָבן טויזנטער פּאָלקס־מענטשן, קרבנות פון דער וועלט־מלחמה אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע באַקומען ריינע, ציכטיקע מלבושים און שיך.

פרוי סעגאַלאָוויטש האָט בשעת דער מלחמה חתונה געהאַט מיט דעם „דזשוינט"־דירעקטאָר ניישטאַט. איר פּאָזיציע האָט זי אויסגענוצט אויף צו העלפן יידישע אַרטיסטן אין זייער שווערע מאַטעריעלער לאַגע.

אַ פּאָר טעג פאַר דער פאַרניכטונגס־אַקציע האָט די מאַכט פאַר־אָרדנט, אַז אַלע אויסלענדישע בירגער זאָלן זיך מעלדן אויפן פּאַוויאַק, כדי צו ווערן אינטערנירט. פרוי סעגאַלאָוויטש האָט געהאַט „לינקע" אַר־גענטינער פּאַפּירן. זי האָט זיך מיט איר מאַן געמאָלדן אויפן פּאַוויאַק. זי איז צוזאַמען מיט איר מאַן דערשאָסן געוואָרן.

## (אייזיק) סאַמבערג (סאַמבאָרעק)

באַרימטער יידישער אַרטיסט, האָט בשעת דער מלחמה נישט גע־האָט קיין געהעריקעס פעלד פאַר זיין אַרטיסטישער עקספּאַנסיע. דאָס יידישע טעאַטער אין געטאָ איז ווייט נישט אַוועק פון לאַטיינערן און צונזערן. נאָך דער ערשטער פאַרניכטונגס־אַקציע האָט ער זיך פאַר־שטעקט אין שולצס שאָפּ, ווו ער פלעגט אַרויסטרעטן אויף פאַרוויילונגס־אָוונטן פון דעם „היי־לייף" פון שאָפּ. סאַמבערג איז אומגעקומען אין דעם אַרבעטס־לאַגער פון ס. ס. אין פּאָניאַטאָוו, בשעת דער אַלגעמיינער ליקווידאַציע פון לאַגער, דעם 7 נאָוועמבער 1943.

## אסתר גאָלדינבערג

די באַקאַנטע אַרטיסטקע האָט בשעת דער איצטיקער אַקציע נישט געפונען קיין פּלאַץ פאַר זיך אין דעם וואַרשעווער יידישן טעאַטער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער מדרגה פון „כינקע־פּינקע". דאָס איינציקע, וואָס איז געבליבן פאַר אַזאַ קינסטלערין ווי גאָלדינבערג, זענען געווען אַרויסטרעטונגען פון ליטעראַריש־קינסטלערישן כאַראַקטער. פרוי גאָלדינבערג פלעגט אַרויסטרעטן מיט גרויס דערפאָלג אין יידיש און טיילמאָל אין פויליש. דעקלאַמירן אָדער רעציטירן פלעגט זי אַקטועלע זאַכן ווי אויך פאַרמלחמהדיקע.

פרוי גאָלדינבערג איז געלונגען אויסצובאַהאַלטן זיך בשעת די ערשטע צוויי פאַרניכטונגס־אַקציעס. שפּעטער האָט זי געזען, אַז די פּאָזיציע פון די וואַרשעווער יידן איז אַ פאַרשפּילטע. זי האָט דעריבער געזוכט אַ קאָנטאַקט מיט די פּוילישע קינסטלערישע קרייזן, כדי איבערצוגיין אויף יענער זייט. זי האָט אָבער נישט באַוויזן אַדורכצופירן איר פּלאַן. עס איז אויסגעבראָכן די אַפּריל־אַקציע (1943), בשעת וועלכער זי איז צוזאַמען מיט איר מאַן, מרדכי מאַזאַ, אומגעקומען אין אַ בונקער, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן דורך די אָנגעשטעלטע פון דעם פאַראָרגאַניזירונגס־אַנשטאַלט ביי דעם יודענראַט.

## בראַז חנה

די באַקאַנטע אַרטיסטקע האָט בשעת דער איצטיקער וועלט־מלחמה געלעבט אין זייער שווערע באַדינגונגען. זי איז געווען באַשעפטיקט אין דער יס"א, פון וואָס מען האָט אָבער געהאַט קנאַפּ וואָס פּרנסה.

דער איינציקער ליכטיקער מאָמענט אין איר שווער לעבן איז געווען איר גרויסער דערפאָלג אויף די ליטעראַריש־קינסטלערישע פאַראַנשטאַלטונגען פון דער יס"א, פון „איקאָר", באַזונדערס גרויס דערפאָלג האָט זי געהאַט אויף די אונטערנעמונגען פאַר קינדער, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דעם „צענטאָס" פאַר די קינדער אין די אינטערנאַטן אָדער אין אַנדערע קינדער־אינסטיטוציעס. דער „צענטאָס" האָט געשטרעבט דורך אַזעלכע פאַראַנשטאַלטונגען אַריינברענגען אַ ביסל פרייד און ליכטיקייט אין דעם פינצטערן לעבן פון יידישן יתום אָדער גאַסן־קינד. איינמאָל האָט מען די טויער פון יס"א איינגעלאַדן אויף אַ מאַריאָנעטן־פאָרשטעלונג פאַר קינדער. היליכיק קינדריש געלעכטער און שטאַרקע בראַוועס האָבן באַגלייט חנה בראַזס אַרויסטרעטונג.

זי איז צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקע בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע פון די וואַרשעווער יידן.

## מרים אָרלעסקאַ

פעיקע אַרטיסטקע, באַקאַנט פון אירע ראָלן אין „דיבוק". אין דער צייט פון דער מלחמה איז זי איינגעלאַדן געוואָרן צו דער מיטאַרבעט אין דער יס"א. איר אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויספאָרשן די לאַגע פון פעטענטן, וואָס האָבן זיך געווענדעט וועגן הילף צו דער אינסטיטוציע. אָרלעסקאַ פלעגט פון צייט צו צייט אַרויסטרעטן אויף קינסטלערישע אונטערנעמונגען. זי האָט אָבער נישט געהאַט דעם דערפאָלג, וואָס אין די צייטן פון דער „ווילנער טרופּע". זי האָט געפּרוווט אַרויסטרעטן אין פּויליש, אָבער אויך נישט געהאַט דעם געהעריקן דערפאָלג. בלויז אירע אַרויסטרעטונגען אין קלוב פון די יס"א־אָנגעשטעלטע מיט אַ רע־פּערטואַר פון ערנסטע יידישע און פּוילישע שרייבער, פלעגן אַרויסרופן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג. זי איז אומגעקומען אין דער צייט פון דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע.

## וויסקינד

אַ פעיקער רעזשיסער, אַן אויפגייענדיקער שטערן אין יידישן טעאַ־טער, איז בשעת דער מלחמה אַוועק קיין מזרח. נאָכן אָנקומען פון די דייטשן איז ער צוריקגעקומען קיין וואַרשע, ווו ער האָט אָבער נישט געפונען קיין פאַרווענדונג פאַר זיינע רעזשיסאָרישע פעיקייטן. ווען עס איז אויסגעבראָכן די פאַרניכטונגס־אַקציע אין וואַרשע, האָט זיך ח' וויס־קינד פאַרשריבן אין שאָפּ פון די יידישע גראַפיקער, וואָס איז געווען טעטיק אויפן נאָמען פון דער פירמע מיללער. אין חודש אויגוסט 1942 זענען געקומען די ס. ס. מיט די אוקראַינער און צוגענומען דעם גאַנצן שאָפּ פון מיללער. דעמאָלט איז אַוועק דער רוב פון די יידישע גראַפיקער און מיט זיי דער טאַלאַנטירטער רעזשיסער וויסקינד.

## מרדכי מאַזאָ

באַקאַנטער און פאַרדינטער לייטער פון דער „ווילנער טרופּע". בשעת דער מלחמה איז ער געווען טעטיק אין יס"א, אין דער אָפּטיילונג פון דערנערונג. מאַזאָ איז געווען שטאַרק טעטיק געזעלשאַפטלעך אין „איקאָר". ער איז געווען איינער פון די זיילן פון דער דאָזיקער געזעל־שאַפט. ער פלעגט אַרויסטרעטן אויף גרויסע אַקאַדעמיעס פון ליטעראַ־ריש־קינסטלערישן כאַראַקטער. מאַזאָ פלעגט געווייגלעך האַלטן דאָס איינלייטונגס־וואָרט און אויף קינסטלערישע אונטערנעמונגען פלעגט ער זיין אַ קאָנפעראַנסיע. די ביבליאָטעק פון דער געזעלשאַפט „איקאָר" איז אין אַ גרויסער מאָס געווען זיין פאַרדינסט.

ער איז אומגעקומען אין אַ בונקער אויף פראַנציסקאַנער נ"ר 30 בשעת דער אַפּריל־אַקציע אין יאָר 1943.

## מאָוושאָווסקי

אַ לאָדזשער מאַנופאַקטור-סוחר, איז צוזאַמען מיט דער גרויסער מחנה פּליטים געקומען קיין וואַרשע. דאָ האָט ער זיך אַנטפּלעקט אַלס גלענצנדער אַרטיסט. באַזונדערס גוט האָט ער רעציטירט שלום-עליכמען. מאָוושאָווסקי איז אויך אַנגאַזשירט געוואָרן אין דעם טעאַטער אין דער פּוילישער שפּראַך (קאַמעראַל-טעאַטער), וואָס אַנדזשיי מאַרעק (מאַרעק ארנשטיין) האָט געגרינדעט און אָנגעפירט. מאָוושאָווסקי איז אומגע- קומען אין דער צייט פון דער ערשטער אויסזידלונגס-אַקציע אין וואַרשע.

## קוטנער, ווײַנבערג, סאַנדלער

זיינען אומגעקומען אין דעם אַרבעטס-לאַגער אין טראַווניק (לוב- לינער געגנט) בשעת דער ליקווידאַציע פון גאַנצן לאַגער מיט 10.000 יידן, דעם 3 נאָוועמבער 1943. כאַראַקטעריסטיש, אַז אפילו אין דעם ס. ס.-ישן אַרבעטס-לאַגער האָבן די לאַגעריסטן געהאַט אַ באַדערפעניש אין קולטור און אין די באַראַקן פלעגן אָפט פאָרקומען אונטערנעמונגען פון קינסטלערישן כאַראַקטער. אפילו אַ מינוט פאַרן טויט האָט די יידישע פאָלקס-מאַסע געגאַרט נאָך באַפרידיקונג פון אירע קולטור-באַדער- פענישן.

## דאָראַ פאַקעל

די באַקאַנטע אַרטיסטקע פון ד"ר ווייכערטס „יונ-טעאַטער", איז נאָך דער אַפּריל-אַקציע אַוועק קיין פּ אָ נ י אַ ט אָ וו (ס.ס. ארבעטס- לאַגער), וווּ זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די 15.000 יידן פון דעם דאָזיקן ס. ס.-לאַגער אין נאָוועמבער 1943.

## דוד שערמאַן

איז געשטאָרבן אויף טיפוס אין יאָר 1941, בשעת דער גרויסער טיפוס-עפידעמיע אין וואַרשעווער געטאָ, בשעת וועלכער טויזנטער מענטשן זיינען געשטאָרבן פון דער מגפה.

## קורץ, לוריע

זיינען אומגעקומען בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע-אַקציע אין וואַרשע.

## גרישע גערמאַן

טאַלאַנטירטער העברעאישער אַקטיאָר, האָט פאַר דער מלחמה גע- שפּילט אין ארץ ישראל אין „אוהל". אין יאָר 1939 איז ער געקומען

קיין וואַרשע אויף אַ באַזוך. בשעת דער מלחמה פלעגט ער מיט גרויס דערפאָלג אַרויסטרעטן אויף די אימפּרעזן פון דער העברעאיסטישער „תקומה“. גערמאַן האָט אויך געשפּילט מיט גרויס דערפאָלג אין אָרנשטיינס קאַמעראַל־טעאַטער אין דער פּוילישער שפּראַך. אַ פּאָר טעג פאַר דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע האָט ער זיך אַלס ארץ־ישראלדיקער בירגער געמאָלדן אין פּאַוויאַק, פון וואַנען ער איז אין אַ קורצער צייט שפּעטער געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקי. נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער פאַל פון ברעכן דאָס אינטערנאַציאָנאַלע רעכט דורך די היטלעריסטישע וועלט־מערדער.

## מיכאַל זניטש (פּייערטאַג)

איינער פון די פּעאיקסטע קינסטלער אויף דער פּוילישער בינע, געשטאַמט האָט ער פון לאָדזש, וווּ ער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אויף דער פּוילישער בינע. שפּעטער האָט ער געשפּילט אין דעם פּוילישן „טעאַטער לעטני“ אין וואַרשע און געווען איינער פון די הויפּט־סטאַרן פון דעם דאָזיקן פּאָפּולערן אין וואַרשע טעאַטער. ער פלעגט שפּילן דער רוב קאָמישע ראָלן — דאָס איז אָבער געווען אַ טראַגישער קאָמיזם, אונטער דער מאַסקע פון געלעכטער פלעגט דער קינסטלער באַהאַלטן טיפע מענטשלעכע טראַגעדיעס.

בשעת דער איצטיקער מלחמה האָט זניטש געמוזט זיך אומקערן אין געטאָ, וווּ ער האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלן אין דעם קאַמעראַל־טעאַטער אין דער פּוילישער שפּראַך אונטער דער רעזשי פון אַנדזשיי מאַרעק. זניטש איז קראַנק געוואָרן גייסטיק און אָפּגעשיקט געוואָרן אין דעם משוגעים־אַנשטאַלט „זאָפּיוווקע“ אין אָטוואָצק. אויגוסט 1942 האָט זיך אין דער געגנט פון וואַרשע אָנגעהויבן די פאַרניכטונגס־אַקציע. דעמאָלט זיינען אַלע קראַנקע פון דעם אַנשטאַלט דערשאָסן געוואָרן, צווישן זיי דער גרויסער קינסטלער זניטש.

## מיעטשקאָווסקי (מיעליאַ)

יידיש־פּוילישער אַרטיסט איז אומגעקומען אין דעם אַרבעטס־לאַגער פון ס.ס. אין טראַווניק דעם 3 נאָוועמבער 1943.

## דער אומקום פון יידישע מוזיקער

פאַר דער אַנטשטייונג פון געטאָ איז די לאַגע פון יידישע מוזיקער געווען זייער אַ שווערע, זיי האָבן געהונגערט אין דעם פשוטסטן זין פון וואָרט. באַרימטע אָפּערן־זינגער האָבן געשפּילט אויף די הייף אָדער אויף די גאַסן און אַזוי אַרום פאַרדינט אויף אַ דאַר שטיקל ברויט.

די מוזיקער פלעגן זיך אָרגאַניזירן אין אָרקעסטערס, וואָס פלעגן באַזעצן אַ טייל לעבעדיקע גאַסן און געבן אין די גאַסן אָדער אין גרע־סערע הייף אמתע קאָנצערטן. די לאַגע פון די מוזיקער האָט זיך פאַר־בעסערט מיט אַנטשטיין פון געטאָ. עס ווערן געגרינדעט אַ פאַר טעאַ־טערס אין דער יידישער און פוילישער שפּראַך. עס קומען אויף פאַר־ווײַלונגס־ערטער, קאַפעען, רעסטאָראַציעס, קאַבאַרעטן, וו דער רוב מו־זיקער האָבן געפונען אַ תיקון פאַר זיך. די בעסערע קינסטלער טרעטן אַרויס אויף מוזיקאַליש־ליטעראַרישע אונטערנעמונגען. די פאַרשריפטן פון דייטשן פּראָפּאַגאַנדע־אַמט, וואָס פאַרווערן צו שפּילן יאַכן פון אַרי־שע קאָמפּאָזיטאָרן, ווערן נישט אָפּגעהיט אין געטאָ, וו עס הערשט דער פּרינציפּ פון „פרייהייט". מען שפּילט, וואָס מען וויל און מען גיט נישט אַכטונג אויף די צענזורקעס, וועלכע האָבן אַרומגענומען אַ מיני־מאַלן טייל פון מוזיקאַלישער פּראָדוקציע.

אַ טייל בעסערע כוחות צווישן די מוזיקער געפינט באַשעפטיקונג אין די קינדער־שולן, וו זיי בילדן אויס קינדער־כאָרן, וועלכע טרעטן אַרויס מיט גרויס דערפאָלג.

## פּראָפ. פּיוווישים

דער באַגרינדער און אָנפירער פון דעם באַרימטן כאָר אין לאָדזש, האָט אין וואַרשע אָנגעפירט מיט אַ כאָר, וואָס איז באַשטאַנען פון די איבערבלייבענישן פון שניאורס באַרימטן כאָר. פּיוווישים האָט אויך געלייטעט מיט קינדער־כאָרן פון אייניקע שולן. די אַרויסטרעטונגען פון פּיוווישים כאָר זיינען געווען אַ יום־טוב פאַר דער יידישער אינטעלי־גענץ, וואָס פלעגט מאַסנהאַפט באַזוכן די דאָזיקע אימפּרעזעס. פּיוווישים האָט גליקלעך איבערגעקומען אַלע אַקציעס און צום סוף אַוועק אין דעם ס. ס.־אַרבעטס־לאַגער אין פּאָניאַטאָוו, וו ער איז אומגעקומען בשעת דער ליקווידאַציע פון לאַגער אין נאָוועמבער 1943.

## פּראָפ. סאַקס

פון לאָדזש, דער באַקאַנטער קאָמפּאָזיטאָר און מחבר פון אַ העברע־אישער אָפּערע „סמון", איז עטלעכע חדשים פאַר דער אויסזידלונג פון וואַרשע אַהערגעקומען. דאָ האָט ער אָרגאַניזירט אַ כאָר, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ גאָר גרויסער מדרגה. זיינע אַרויסטרעטונגען זיינען געווען אַ יום־טוב פון דער יידישער געזעלשאַפט. בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע איז פּראָפ. סאַקס פאַרשוווּנדן, מסתמא קיין טרעב־לינקי.

## די ברידער גלאַדשטיין

לייטער פון קינדער־כאָרן אין די יידיש־וועלטלעכע שולן, האָבן אויך אין דער צייט פון דער מלחמה אָנגעפירט מיט קינדער־כאָרן. זיי זיינען אומגעקומען בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע.

## דיריגענט שמעון פּולמאַן

האָט פאַר דער מלחמה נישט געהאַט קיין שייכות צום יידישן קולטור-לעבן. ער איז געווען דיריגענט פון דער וואַרשעווער אָפּערע. אין די צייטן פון געטאָ האָט ער געמוזט זיך אריבערציען אין יידישן ווינפּערטל. פּולמאַן האָט מיט אַ ריי מוזיקער פון דער אַמאָליקער וואַרשעווער אָפּערע געגרינדעט אַ סימפאָנישן אָרקעסטער, וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער אין געטאָ. פּולמאַן איז בשעת דער ערשטער אויסזידלונגסאַקציע פון וואַרשע אַוועק קיין טרעבלינקע.

## דיריגענט נייטייך

אַוועק קיין טרעבלינקי בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע-אַקציע.

## די פּיאַניסטקע וויערא ניימאַרק
## דער פּיאַניסט מאַקס פּילאַי

זענען אומגעקומען בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע-אַקציע.

## מאַרישאַ אייזענשטאַט — דער סאָלאָווי פון געטאָ

אַ יונגע, קוים 20-יעריקע טאַלאַנטירטע זינגערין, די טאָכטער פון דעם באַקאַנטן דיריגענט פון דער טלאָמאַצקער שול אייזענשטאַט, איז אַנטפּלעקט געוואָרן בשעת דער מלחמה. מיט אירע לידער אין פּויליש, העברעאיש און יידיש פלעגט זי פּשוט באַצויבערן גאַנץ וואַרשע. זי איז געווען די הויפּט-אַטראַקציע פון די גרויסע ליטעראַריש-קינסטלערישע אונטערנעמונגען. די יונגע, שיינע, שוואַרץ-חנעוודיקע מאַרישע איז געווען די פּאָפּולערסטע געשטאַלט אין וואַרשע. איר רעפּערטואַר איז אַן ערנסטער פון די בעסטע יידישע, פּוילישע און העברעאישע דיכטער.

אין אויגוסט האָבן איר דייטשן געכאַפּט אויפן אומשלאַג-פּלאַץ, ווו זי איז דורך דעם רעטער פון די ווערטפולע עלעמענטן, רעמבעז, אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פון דעם טויטן-וואַגאָן, ווהין זי איז צוזאַמען מיט אירע עלטערן געטריבן געוואָרן. דעם „שמוגל“ האָט באַמערקט אַ ס.ס.-מאַן, וועלכער האָט די פאַמיליע אייזענשטאַט מיט פעסטע קלעפּ צוריקגעטריבן אין וואַגאָן אַריין. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט רעמבאַ נאָך אַ מאָל געשיקט זיינע מענטשן צו ראַטעווען מאַרישען מיט די עלטערן. מאַרישע איז אָבער געווען צו שטאַרק צעטומלט, נאָך די דערהאַלטענע קלעפּ, נאָך אַמאָל צו פּרווון גליק. זי איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אומשלאַג-פּלאַץ בשעת זי האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די ס. ס.

# אַנעטאַ רייזער

באַקאַנטע יידישע טענצערין, האָט אָנגעפירט מיט לעקציעס פון ריטמיק אין דער תרבות=שול אויף קאַרמעליצקאַ 22. אירע קינדער=פאָרשטעלונגען זיינען געווען אַ גרויס געשעעניש, וועגן וועלכע מען האָט אַ לאַנגע צייט גערעדט אין וואַרשע. אַנעטאַ רייזער איז געקומען פון ראַטנפאַרבאַנד קיין וואַרשע באַוואָפנט מיט אַ רייכן וויסן. איר הויכע קונסט איז קאָנטיק געווען אין יעם הויכן ניוואָ פון אירע קינדער=פאָר שטעלונגען. די קינדער האָבן געשפּילט ווי עכטע קינסטלער און האָבן אַלעמען אַנטציקט מיט דער רעאַליסטישקייט פון זייער שפּיל. אַנעטאַ רייזער איז צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקי.

# אַרקאַדי פלאַטוי

דער וויאָלאָנטשעליסט, איז אומגעקומען אין אַרבעטס=לאַגער פון ס. ס. אין טראַווניק (לובלינער קאַנט) בשעת דער ליקווידאַציע פון גאַנצן לאַגער אין נאָוועמבער 1943.

# פעדאַגאָגן

# שיע ברוידע

גימנאַזיאַל=לערער, געשטאַמט פון לאָדזש, אַלט איבער 45 יאָר — איז ער געווען איינער פון די לערער פון די יידיש=וועלטלעכע שולן אין ווילנע, ווו ער איז געווען באַליבט און פאַרערט דורך טויזנטער זיינע תלמידים און פריינד.

אַ ליבער און האַרציקער מענטש האָט ער אַלעמען איינגענומען מיט זיין אוממיטלבאַרער נאַטור, מיט זיין אויפריכטיקייט. נישט געווען קיין מענטש, וואָס זאָל זיך האָבן צוזאַמענגעטראָפן מיט שיען און נישט האָבן אים ליב באַקומען. די שילער און שילערינס האָב אים פשוט פאַרגעטערט. אין לימוד פון לאַטיין, וואָס אז געוויינלעך ווייניק באַליבט דורך די תלמידים, האָט ער אַריינגעבראַכט אַזויפיל לעבן און אינטערעס, אַז די לאַטיינישע שפּראַך איז אַדאַנק שיען געוואָרן איינע פון די באַליבטסטע קעגנשטאַנדן. ער פלעגט די טויטע שפּראַך באמת לעבעדיק מאַכן, פאַרבינדן זי מיט יידיש, מיט אַנדערע לעבעדיקע שפּראַכן, אויפווייזן די אָפּשטאַמונג פון הונדערטער ווערטער פון לאַטייניש.

אַ גרויסער פריינד פון יידישער שפּראַך, יידישער ליטעראַטור און וויסנשאַפט, האָט ער אין ווילנע און שפּעטער אין וואַרשע אַ סך געטאָן צו פאַרשפּרייטן די קענטעניש פון יידיש צווישן דער אַסימילירטער יידישער אינטעליגענץ.

שיע האָט געהאַט אַ ספּעציעלע פאָרליבע צו יידישער פאָלקסקענטעניש און פאָלקלאָר און אויף דעם געביט האָט ער אַ סך דערגרייכט.

אַ לאַנגע צייט האָט ער אין וואַרשע געפירט דעם עטנאָגראַפישן קרייז
א"נ פון ש. אַנסקי.

בשעת דער איצטיקער מלחמה איז ח. שיע אַריינגעצויגן געוואָרן
אין דער הילפס=אַרבעט פון דער יס"א און דאָ אַרויסגעוויזן אַזאַ געטריי=
שאַפט און איבערגעגעבנקייט, וואָס איז זעלטן ווען צו טרעפן. אָנגעהויבן
האָט ער די אַרבעט אין דער צייט פון באָמבאַרדירונג. בשעת אַנדערע
האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס איז ח. שיע יעדן טאָג געקומען
אין ביוראָ אויף יאַסנאַ און שפּעטער, ווען דער לאָקאַל איז פאַרניכטעט
געוואָרן, אויף וויעלקאַ. טאָג איין, טאָג אויס איז ער געגאַנגען אין דעם
פּוילישן הילפסקאָמיטעט, ווו ער האָט יעדן טאָג אויסגעפּועלט פּראָדוקטן
פאַר די איבער 7 טויזנט פּליטים, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער
השגחה פון דער קאָאָרדיניר=קאָמיסיע פון די יידישע הילפסאָרגאַניזאַ=
ציעס. געווען טעג באַרימטע אין דער וועלט: דער שוואַרצער מאָנטיק,
דער 25 סעפּטעמבער 1939, ווען הונדערטער דייטשע באָמבאַרדיר=
עראָפּלאַנען האָבן געוואָרפן אַ האָגל פון באָמבעס אויף דער שוצלאָ=
זער באַפעלקערונג. אפילו אין אַזעלכע שרעקלעכע טעג איז שיע גע=
שטאַנען פאַרן בנין פון פּ. ק. אָ. (אָפּשפּאָרונגס=אַנשטאַלט), ווו עס
זיינען יעדן טאָג געפאַלן קרבנות פון דער באָמבאַרדירונג. שיע פלעגט
יעדן טאָג קומען פאַרציילן וועגן די קרבנות אין דער ריי נאָך פּראָדוקטן
פאַרן בנין פון פּ. ק. אָ. און דאָך האָט דאָס אים נישט אָפּגעהאַלטן פון
שטעלן זיך אין דער ריי נאָך לעבנסמיטל. ח. שיע האָט בשעת דער
באָמבאַרדירונג פאַרלוירן די פרוי, וועלכע איז געטראָפן געוואָרן דורך
אַ שראַפּנעל און איז צוליב מאַנגל אין מעדיקאַמענטן און מאַנגל אין באַ=
דינגונגען צום היילן (עלעקטריע, וואַסער אד"גל) געשטאָרבן.

נאָכן אָנקומען פון די דייטשן ווערט די הילפסאָרגאַניזאַציע אויס=
געבויט אין אַ גאָר גרויסן מאַסשטאַב. ח. שיע נעמט איבער די אָפּטיי=
לונג פון פאָלקסקיכן און מאַכט פון איר אַ גראַנדיעזע אינסטיטוציע,
וואָס באַדינט איבער 100 טויזנט פּליטים און מלחמה=קרבנות. פאַר דער
מלחמה האָט עקזיסטירט אין וואַרשע איין קיך פאַר אָרעמעלייט. איצט
האָט מען געמוזט פון גאָרנישט אַרויסשטעלן אַ גאַנצע נעץ. שול=לאָ=
קאַלן ווי בכלל עפנטלעכע לאָקאַלן האָט מען געמוזט איבערבויען און
צופּאַסן צו די פאָדערונגען פון אַ קיך. מען האָט געמוזט פון געוועזענע
לערער, געזעלשאַפטלעכע טוער א"א מאַכן לייטער פון קיכן און קיך=
פּערסאָנאַל. ברוידע האָט אָרגאַניזירט קורסן פאַר קיך=לייטערס און קיך=
פּערסאָנאַל. אין כסדרדיקע קאָנפערענצן און באַראַטונגען מיט די קיך=
לייטערס פלעגט ער זיי לערנען, ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט די קאָנ=
סומענטן, ווי אַזוי אַוועקצושטעלן די אַרבעט אַזוי, אַז די רייען אין די
קיכן זאָלן נישט זיין קיין צו לאַנגע און בכלל די גאַנצע אַרבעט זאָל
זיין אַ ראַציאָנעלע.

די קיכן האָבן דערפילט נישט בלויז אַ וויכטיקע הילפס־פונקציע, זיי זיינען גלייכצייטיק געווען צענטערן פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. די פאַלקסקיכן ווערן געגרינדעט דורך אַלע אָן אויסנאַם פאַרטייען: בירגערלעכע, ווי פּראָלעטאַרישע, פּועלי־ציון לינקע און רעכטע, בונד, אגודה — און דאָך איז ה. ברוידע באַליבט דורך אַלע צוליב זיין אויפ־ריכטיקייט און גראַדליניקייט, צוליב זיין אָביעקטיווקייט און פאַכקענט־ניש. יעדער קיך־לייטער פילט, אַז ברוידע לייגט אַריין זיין גאַנץ האַרץ, זיין נשמה, אַלע אברים אין דער אַרבעט, וואָס איז ביי אים אַ הייליקע זאַך.

ה. ברוידע איז אַ מענטש, וואָס ווייסט נישט פון קיין האַלבקייטן. אויב ער גיט זיך איבער אַ זאַך, טוט ער עס בכל נפשו ובכל לבבו, ער איז זיך מוסר נפש דער וויכטיקסטער אַרבעט פון העלפן די מלחמה־קרבנות. ער ווערט פון דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט שווער קראַנק אויף די לונגען. ער פאָרט אַרויס קיין אָטוואָצק, וו ער פאַרברענגט לאַנגע, לאַנגע חדשים אין דער סאַנאַטאָריע פאַר טובערקולאָז־קראַנקע אין דעם „בריאות". שיע ווערט דער ליבלינג פון אַלע קראַנקע. ער זאָרגט פאַר זיי, ווי אַ טאַטע, ער שיקט כסדר בריוו מיט פאַרשידענע בקשות פון זיינע חברים. שיע זאָרגט פאַר זייער גייסטיקער שפּייז. דער שטענדיק אַרבעטזאַמער שיע גייט אויך דאָרט נישט אַרום ליידיק. ער נעמט זיך צו פאַרווירקלעכן זיין ליבלינגס־פּלאַן: באַקענען די יידישע געזעל־שאַפט מיט די טיפע אמתן, וואָס זיינען אויפגעהיט אין די האַלב אראַ־נישע געשפּרעכן פון סאָקראַטעס, אין די פּשוטע אָבער טיפע דיאַלאָגן פון דעם געטלעכן פּלאַטאָ, וועלכע שיע האָט גוט געקענט אין זייער אָריגינאַל־שפּראַך, אין גריכיש. אַ סך פון די דאָזיקע ווערק האָט ער איבערגעזעצט אין יידיש, אין דער ערשטער ריי דעם דיאַלאָג וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה, אין „פעדאָן". מיט זיינע איבערזע־צונגען האָט ער דערקוויקט זיינע חברים פון דער סאַנאַטאָריע „בריאות". פון צייט צו צייט פלעגט זיך זיין געזונט־צושטאַנד פאַרבעסערן און שיע פלעגט זיך אומקערן צו זיין שווערער אַרבעט אין די פאָלקס־קיכן, וועמענס לאַגע עס איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן שווערער.

צוליב דער אַמעריקאַנער־דייטשישער מלחמה האָבן זיך די מיטלען פון „דזשוינט" באַדייטנד פאַרמינערט און עס האָבן שטענדיק געפעלט די פאָנדן אויף צו פירן די קיכן. מען האָט געמוזט פירן אין די קיכן אַ ווירטשאַפט פון היינט אויף מאָרגן, פון מויל צו האַנט. שפּעט נאָכ־מיטאָג פלעגט מען איינקויפן די פּראָדוקטן פאַר די קיכן אויף דעם נאָענטסטן טאָג. די קיכן פלעגן כסדר אַרבעטן מיט איבעררייסן פון טעג און אפילו וואָכן, דער הונגעריקער פּערסאָנאַל האָט נישט איינמאָל געשטרייקט. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, אַן אָנשטרענגענדיקע און האָט צוגענומען דעם רעשט כוחות פון ה. ברוידע. עס איז שווער געווען צו איבערצייגן דעם ה. ברוידע, אַז ער דאַרף אַוועקגיין פון דער ארבעט

און צורעכט מאַכן דעם שוואַכן אָרגאַניזם. די קיכן האָבן שיען כסדר געצויגן ווי אַ מאַגנעט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונג פון וואַרשע. דעם 16 אויגוסט 1942 האָט זיך די אַקציע איבערגעטראָגן אויף דער וואַרשעווער ליניע. אַ נאַכט פריער האָט מען שוין געוווסט, אַז די אַקציע הייבט זיך אָן דעם צווייטן טאָג. ח. ברוידע האָט זיך אין דער נאַכט פון 15 אויפן 16 אויגוסט געסמט מיט לומינאַל, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון ס. ס.

שיעס איבערזעצונגען פון די גריכישע שרייבער זיינען צוזאַמען מיט אים אומגעקומען. ברוידעס שוועסטער זיינען צוזאַמען מיט זיינע גראָטענע ייוגלעך אַוועק קיין טרעבלינקי.

# דער גרויסער קינדער־פריינד יאַנוש קאָרטשאַק (ד"ר גאָלדשמידט)

מעדיצין=דאָקטאָר, באַקאַנטער פעדאַגאָג און שרייבער פון קינדערזאַכן. אָנגעהויבן האָט ער אַלס אַסימילאַטאָר, אונטער דער השפעה פון די נייע שטרעמונגען האָט ער זיך אַלץ מער דערנעענטערט צו די יידישע פאָלקס=מאַסן און אָפּגעזאָגט זיך פון זיינע אַסימילאַטאָרישע טענדענצן. ער איז געווען אַ זייער טאַלאַנטירטער קינדער=שרייבער. זיינע ביכער זיינען דורך טויזנטער קינדער געלייענט געוואָרן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. זיי האָבן אים באַרימט געמאַכט נישט בלויז צווישן די יידישע קינדער, נאָר אויך צווישן די פוילישע. אין זיינע ביכער האָט ער דערצויגן גאַנצע גענעראַציעס קינדער, געפורעמט זייער כאַראַקטער, געווינט זיי צום גוטן און איידעלן. צו ריינקייט און באַשיידנקייט. אַממערסטן איז באַרימט זיין „Król Maciuś Pierwszy". „Joski, Moszki i Srulki". אין אַ רעפּאָרטאַזש פון אַ קינדער=קאָלאָניע, אַ באַריכט וועגן די דערגרייכונגען אויפן געביט פון דערציונג, אַ מין רעקלאַמע און רעקאָמענדאַציע פון די קינדער=קאָלאָניעס אַלס וויכטיקער דערציונגס=מיטל. דאָס זעלבע בוך איז צוגעפּאַסט געוואָרן צו דער פוילישער סביבה און אַרויס א. ד. ט. „Józki, Jaśki, Franki". אויסער דעם האָט ער אָנגעשריבן „Feralny Tydzień", אַ בוך וועגן לעבן פון קינדער אין דער רוסישער שול. „Spowiedź Motyla", „Koszałki Opałki", „Antek"

פּאַראַלעל מיט זיין ליטעראַרישן שאַפן, וואָס האָט אים פאַרשאַפן אַ נאָמען אַלס איינעם פון די בעסטע קינדער=שרייבער אין פוילן, האָט ער גלייכצייטיק פאַרווירקלעכט די דערציערישע אידעאַלן, וועלכע ער האָט געפּריידיקט אין זיינע ביכער. קאָרטשאַק נעמט איבער די אָנפירונג פון דעם יתומים=אַנשטאַלט אויף קראָכמאַלנע 92, וואָס האָט אים באַרימט געמאַכט אַלס גרויסן קינדער=פריינד, אַלס גלענצנדן דערציער, אַלס גאָט=געזאַלבטן פעדאַגאָג, וואָס האָט טיף, נאָר טיף אַריינגעדרונגען

אין די קינדערשע נשמות. אין דעם אַנשטאַלט האָבן געהערשט אויסערגעוויינלעכע באַציונגען צווישן די דערציער און די קינדער. אַלע אַרבעטן אין דעם יתומים=הויז זענען אויסגעפירט געוואָרן דורך די קינדער גופא. נישט געווען דאָרט קיין שום געצאָלטער פּערסאָנאַל, ווי אין אַנדערע יתומים=הייזער. די אידעע פון קינדער=זעלבסטפאַרוואַלטונג איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דער פולסטער מאָס. אַ קינדער=געריכט פלעגט משפּטן אַלע איבערשטרייטונגען פון דעם רעגולאַמין פון דעם אַנשטאַלט. אין קאָרטשאַקס אינטערנאַט האָט געהערשט אַ פיינלעכע ריינקייט און די בעסטע באַציונגען צווישן דערציער און קינדער. דער אַנשטאַלט האָט געזאָרגט וועגן זיינע תלמידים אויך נאָכן ענדיקן דעם אַנשטאַלט. די אַבסאָלווענטן פון קאָרטשאַקס אַנשטאַלט האָבן געוווינט אין אַ בורסע אונטער דער השגחה פון דערציער. די תלמידים און די אַבסאָלווענטן זענען געווען צוגעבונדן צו דעם אַנשטאַלט, ווי זעלטן ווען אין דער וועלט. מיט יאָרן שפּעטער, ווען די אַבסאָלווענטן האָבן זיך שוין געפונען אין אויסלאַנד, איבער שבעה ימים, האָבן זיי ווייטער אָנגעהאַלטן אַ האַרציקן בריוולעכן קאָנטאַקט מיט זייער הייסגעליבטן דערציער ד"ר קאָרטשאַק און בכלל מיט דעם פּעדאַגאָגישן פּערסאָנאַל.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די איצטיקע וועלט=מלחמה, האָט קאָרטשאַק געהאַט זייער אַ שווערע אויפגאַבע צו דערהאַלטן דעם אַנשטאַלט אויף דער מדרגה, וואָס פאַר דער מלחמה. לכתחילה האָט זיך דער אינטערנאַט געפונען אויף קראָכמאַלנע 92. ביים באַשטימען די גרענעצן פון געטאָ, האָט זיך דער אַנשטאַלט געמוזט איבערטראָגן אויף כלאָדנע 33. עס האָט געקאָסט אַ סך מי און מאַטערניש איבערצוטראָגן דעם אַנשטאַלט אויף דעם נייעם אָרט. אָבער אויך דאָרט האָט דער אַנשטאַלט נישט געהאַט קיין מקום=מנוחה. אויך דער טייל כלאָדנע איז שפּעטער אַרויסגעפאַלן פון געטאָ און דער אינטערנאַט האָט זיך ווידער געמוזט איבערטראָגן אויף אַ נייעם אַדרעס, אויף שעננע 16, אין דעם לאָקאַל פון דעם געוועזענעם פאַריין פון פּוילישע האַנדלס=אָנגעשטעלטע. פון דאָרט האָט זיך דער אַנשטאַלט איבערגעטראָגן אַהין פון וואַנען עס איז נישטאָ קיין צוריק — קיין טרעבלינקי.

ד"ר קאָרטשאַק מיט זיין רעכטער האַנט — פרוי סטעפאַניאַ ווילטשינסקאַ — האָט אָנגעווענדט אָן אַ שיעור כוחות צו שאַפן די גרויסע מיטלען אויף צו דערהאַלטן עטלעכע הונדערט קינדער. די אַלטע פריינד פון דעם באַרימטן אין וואַרשע אַנשטאַלט זענען אַוועק. מען האָט געדאַרפט ווערבירן נייע מיטגלידער און פריינד, וואָס זאָלן זאָרגן און טראַכטן וועגן די הונדערטער יתומים און גאַסן=קינדער. ד"ר קאָרטשאַק האָט אַלאַרמירט אַלע אינסטיטוציעס פון סאָציאַלן כאַראַקטער, אין דער ערשטער ריי דעם „צענטאָס" וועגן הילף פאַר זיין אַנשטאַלט.

אין קאָרטשאַקס אַנשטאַלט האָבן די קינדער אויך אין די ביטערסטע צייטן פון געטאָ נישט געהונגערט. ד"ר קאָרטשאַק, דער גרויסער

קינדער=פריינד, האָט זיך נישט באַגרענעצט צו זיין אַנשטאַלט. ער האָט אַרומגענומען אונטער זיינע פליגלען דעם כלל יידישע קינדער אין וואַרשע. ער איז געווען זייער פּאַרטייִדיקער, זייער הייסער אַדוואָקאַט. ער האָט גערופן און געוועקט די גאַנצע באַפעלקערונג צו העלפן די נויטליידנדע קינדער און דאָרט, ווי די סכנה איז געווען ספּעציעל גרויס, האָט ער פּערזענלעך אינטערווענירט. אַזוי איז געווען מיט דעם קינדער=אַנשטאַלט אויף דזשעלנע 39. אין דעם דאָרטיקן פינדל=הויז פלעגן קינדער שטאַרבן ווי פליגן. דאָס האָט אויפגערודערט וואַרשע. ד"ר קאָרטשאַק נעמט איבער דעם אַנשטאַלט און מאַכט אַ סוף צו דער מיסווירטשאַפט, וואָס האָט דאָרט געהערשט. ד"ר קאָרטשאַק פלעגט זיך נישט באַגנוגן מיט אַלאַרמירן די יידישע אינסטיטוציעס וועגן דער קינדער=נויט. ער פלעגט צוזאַמען מיט דעם לערער=פּערסאָנאַל איינאָרדענען קאָנצערטן און ליטעראַריש=קינסטלערישע אונטערנעמונגען מיטן צוועק צו שאַפן מיטלען און פריינד פאַר דעם אַנשטאַלט.

ד"ר קאָרטשאַק איז געווען אַ טיפּ פון אַ בונטאַר, וואָס רעכנט זיך נישט מיט גאָרנישט, וואָס וויל זיך נישט צופּאַסן צו דעם אַרום. ווען די דייטשן האָבן איינגעפירט די שאַנד=באַנד, האָט ד"ר קאָרטשאַק געהאַלטן, אַז ער, אַלס מאַיאָר פון דער פּוילישער אַרמיי, איז נישט פאַרפליכטעט עס צו טראָגן. דערמיט האָבן זיך אָבער זייער ווייניק גערעכנט די דייטשן. מען האָט אים איינגעזעצט אין תפיסה און עס האָט געקאָסט אַ סך מי זיינע פריינד און תלמידים צו באַפרייען אים פון דאָרט.

קאָרטשאַק האָט בשעת דער מלחמה געפירט אַ טאָגבוך. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ דרייבענדיק בוך "Dzieci z Erec„ אַלס רעזולטאַט פון זיין נסיעה קיין א"י. די אַרבעטן זענען וואַרשיינלעך געראַטעוועט געוואָרן, ווייל קאָרטשאַק האָט זיי איבערגעשיקט צו זיינע פריינד און תלמידים אויף דער אַרישער זייט.

אַ גאַנצע צייט פאַר דער מלחמה און בשעת דער מלחמה האָט קאָרטשאַק געאַרבעט צוזאַמען מיט פרוי סטעפאַניאַ ווילטשינסקאַ, אַ גאַנץ לעבן האָבן זיי צוזאַמען מיטגעאַרבעט. זיי האָט אויך נישט צעשיידט דער טויט. זיי זיינען צוזאַמען געגאַנגען צום טויט. אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט קאָרטשאַקס נאָמען: דער אינטערנאַט, די פּראָפּאַגאַנדע פון קינדער=ליבע א"א, דאָס אַלץ איז אַ געמיינזאַמע לייסטונג פון ביידע. עס איז שווער צו זאָגן, וווּ עס הייבט זיך אָן קאָרטשאַק און וווּ עס ענדיקט זיך ווילטשינסקאַ. זיי זיינען אַ צווילינג, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין נשמה, אין איין אידעע: קינדער=ליבע.

ווילטשינסקאַ האָט די רייכע דערפאַרונג פון איר אַנשטאַלט איבערגעטראָגן אין אַנדערע קינדער=אינסטיטוציעס. זי פלעגט לוסטרירן אַנדערע אינטערנאַטן און לערנען די דערציער ליב צו האָבן די קינדער און דערציען זיי לויט די נייסטע פּרינציפּן פון פּעדאַגאָגיק. אפילו אין די שווערע מלחמה=יאָרן האָט פרוי ווילטשינסקאַ אָרגאַניזירט דעם

אַרויספּאָר פון קינדער אין דעם זומער־הויז אין שכנותדיקן דאָרף גאָצלאַוועק. פרוי ווילטשינסקאַ האָט געהאַט גלענצנדע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן. זי איז געווען אַ וווּנדערבאַרע פּעדאַגאָגין, באַליבט און געאַכטעט פון די הונדערטער אָבסאָלווענטן פון דעם אַנשטאַלט, געשעצט דורך הונדערטער דערציער און טויזנטער קינדער.

דער מוסטערהאַפטער אַנשטאַלט, באַרימט אין לאַנד און אין אויסלאַנד, האָט נישט אויסגעמיטן דער אַלגעמיינער גורל פון פאַרניכטונג, וואָס די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון וואַרשע בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע פון וואַרשע. עס זיינען געקומען די „יודען־זיגער", די ס. ס.־מערדער מיט די אוקראַינער און צוגענומען די קינדער מיט דעם דערציערישן און פיזישן פּערסאָנאַל מיט ד"ר קאָרטשאַק און פרוי ווילטשינסקאַ בראש.

דעם וועג פון קאָרטשאַקן קיין טרעבלינקע באַשרייבט דער געוועזענער סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער קהילה, דער רעטער פון הונדערטער וואַרטפולע מענטשן, נחום רעמבאַ אין זיין אַרבעט וועגן אומשלאַגפּלאַץ. „עס איז געווען אַ טאָג, וואָס האָט מיך אינגאַנצן דערשלאָגן. עס איז פאָרגעקומען די בלאָקאַדע פון „קליינעם געטאָ". מען האָט אונדז סיגנאַליזירט, אַז מען פירט די פלעגערינס־שול, די אַפּטייקן, קאָרטשאַקס יתומים־הויז, דעם אינטערנאַט אויף שליסקע און טוואַרדע און אַ סך אַנדערע. עס איז געווען אַ געפערלעך הייסער טאָג. איך האָב די קינדער פון די אינטערנאַטן — שרייבט רעמבאַ — אַוועקגעזעצט ביים סוף פּלאַץ ביי דעם מויער. איך האָב געגלויבט, אַז אפשר וועט זיי געלונגען אָפּצוראַטעווען דעם נאָכמיטאָג און איבערהאַלטן ביזן צווייטן טאָג. איך האָב פאָרגעלייגט קאָרטשאַקן צו גיין מיט מיר אין דער גמינע, כדי צו ווירקן אויף איר, זי זאָל אונטערנעמען אַן אינטערווענץ. ער האָט אָפּגעזאָגט, ער האָט נישט געוואָלט לאָזן די קינדער אַליין אויף אַ מינוט. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לאָדן (אין די וואַגאָנען קיין טרעבלינקע).

איך בין געשטאַנען ביים שפּאַליער פון אָרדנונגס־דינסט, וואָס האָט געפירט צו די וואַגאָנען, איך בין געשטאַנען און מיט האַרץ־קלאַפּעניש אָבסערווירט, צי מיין פּלאַן איז געלונגען. איך האָב זיך כסדר געפרעגט וועגן דעם שטאַנד פון די וואַגאָנען (ד. ה. צי זיי זענען נאָך נישט פול). מען האָט כסדר געלאָדן, אָבער עס האָט נאָך געפעלט צום קאָמפּלעט. עס איז געגאַנגען אַ צוזאַמענגעדריקטע, אַ געטריבענע מאַסע, אונטערגעיאָגט מיט נאַהייקעס. פּלוצים האָט דער ה' ש. (שמערלינג, דער יידישער קאָמענדאַנט פון אומשלאַגפּלאַץ, גערופן דורך די דייטשן „דער יידישער הענקער") געגעבן אַ באַפעל צו פירן די אינטערנאַטן. דעם צוג האָט געפירט קאָרטשאַק. ניין! דאָס בילד — שרייט אויס רעמבאַ — וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דאָס איז נישט געווען קיין מאַרש צו די וואַגאָנען, דאָס איז געווען אַן אָרגאַניזירטער, שטומער פּראָטעסט קעגן דעם באַנדיטיזם! אין קעגנזאַץ צו דער צוזאַמענגעדריקטער מאַסע, וואָס

איז געגאַנגען ווי בהמות צו דער שחיטה, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַרש, וואָס מען זעט נישט אין לעבן. אַלע קינדער אויסגעשטעלט צו פיר, קאָרטשאַק בראש מיט אויפגעהויבענע אויגן, האָט צוויי קינדער געהאַלטן פאַר די הענטלעך — האָט אָנגעפירט מיטן צוג. די צווייטע אָפּטיילונג האָט געפירט סטעפאַניאַ ווילטשינסקאַ, דעם דריטן — בראָניאַטאָווסקאַ, אירע קינדער מיט בלויע פּלעצאַקעס, די פערטע אָפּטיילונג — שטערנפעלד פון דעם אינטערנאַט אויף טוואַרדע.

דאָס זיינען געווען די ערשטע יידישע קאַדרען, וואָס זיינען געגאַנגען צום טויט מיט כבוד, צוואַרפנדיק די באַרבאַרן בליקן פול מיט פאַראַכטונג. זיי האָבן אָנגעזאָגט, אַז עס וועלן קומען די נקמה־נעמערס פון אונדזער טראַגעדיע, וואָס וועלן נקמה נעמען פאַר דער אָפּגעטועגער עוולה. אפילו די אָרדענונגס־דינסט האָט זיך געשטעלט „אויף אַכטונג“ און סאַלוטירט. דערזעענדיק קאָרטשאַקן, האָבן די דייטשן געפרעגט: „ווער איסט דער מאַן?“. איך האָב לענגער נישט געקאָנט אויסהאַלטן — דערציילט רעמבא — טרערן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פון מיינע אויגן, איך האָב באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט. עס האָט מיך דורכגעדרונגען אַ טיפער שמערץ, אַז מיר זענען אַזוי הילפלאָז, אַז איך קאָן גאָרנישט טאָן, נאָר שטיין הילפלאָז און צוקוקן זיך צום מאָרד.

ביינאַכט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך הער דאָס קלאַפּן פון קינדערישע פיסלעך, וואָס מאַרשירן צום טאַקט אונטער דער אָנפירונג פון זייער דערציער. איך האָב געהערט דעם געמאָסטענעם שריט, וואָס גייט כסדר אָן איבעררייס אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. און נאָך היינט זע איך דאָס בילד אין מיינע געדאַנקען. איך זע דייטלעך די געשטאַלטן און איך זע די פויסטן פון הונדערטער טויזנטער, וואָס וועלן אַראָפּפאַלן אויף די קעפּ פון די תלינים.

## ראָזאַ סימכאָוויטש — דער מלאך אויף דער ערד

אַ קרישטאָלריינע געשטאַלט, אַ גלענצנדע דערציערין און פאַרדינסטפולע קולטור־טוערין. אַ הויכע, אַ שלאַנקע מיט אַ האַרציקן פריילעכן פּנים, מיט אַ באַזילבערטן קאָפּ מיט האָר, אַלט אַן ערך 50 יאָר. זי איז געווען די שוועסטער פון באַקאַנטן היסטאָריקער ד״ר שמחון (סימכאָוויטש), וואָס איז געשטאָרבן אין די יונגע יאָרן. פרוי סימכאָוויטש האָט איר גאַנץ לעבן געווידמעט דעם יידישן קינד. אַדאַנק אירע גרויסע פּעדאַגאָגישע פעיקייטן איז זי לאַנגע יאָרן געווען אינספּעקטאָרקע פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע. זי איז געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט און געלערנט דעם יידישן לערער ליב צו האָבן דאָס יידישע קינד און דערציען עס אין גייסט פון וועלטלעכקייט און הומאַניטאַריזם.

איינגעטונקען אין יידישן עבר, האָט זי געוואָלט פאַרבינדן דעם עבר מיטן הוה. אַ באַשיידענע, אַ שטילע ווי אַ טויב, איז זי אַרומגעגאַנ־

נען אַ פֿאַרחלומטע ווי אַ מענטש פֿון אַן אַנדערן פּלאַנעט. עס איז פּשוט נישט צו באַשרייבן, וויפֿל עס פֿאַרדאַנקט איר דאָס יידישע וועלטלעכע שול=וועזן אין פּוילן, באַזונדערס אין דער פּראָווינץ, ווו די לערערשאַפֿט האָט מיט אַ פֿולער האַנט גענאָסן פֿון איר רייכער פּעדאַגאָגישער דערפֿאַרונג, פֿון איר גלענצנדער בקיאות און דערציערישע פּראַגן און דער עיקר פֿון דער רייכער אינטואיציע פֿון דער נאַטור=געבענטשטער פּעדאַגאָגין. אַן עלנטע, אַן איינזאַמע און די גוטסקייט אַליין, האָט זי זיך אינגאַנצן אויסגעלעבט אין דער וועלט פֿון קינדער.

נאָך פֿאַר דער מלחמה האָט פֿרוי סימכאָוויטש געמוזט אַוועקגיין פֿון דער שול=באַוועגונג. די ציש"א האָט נישט געהאַט די מיטלען און זיך נישט געקאָנט דערלויבן אַ ספּעציעלע אינסטרוקטאָרקע. די צאָל שולן האָט זיך צוליב פּאָליטישע רדיפֿות אין דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון די יידישע אַרבעטער=מאַסן כסדר פֿאַרקלענערט. זי האָט געלעבט פֿון ערטיילן לעקציעס פֿון פֿרעמדע שפּראַכן.

עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט=מלחמה, די פֿרוי סימכאָוויטש קערט זיך אום צו איר „ערשטער ליבע", צו דעם יידישן קינד. זי אַרבעט אין „צענטאָס". צוזאַמען מיט אַ גאַנצער ריי יידישע אַרטיסטן פּרוווט זי איינצופֿירן דעם לימוד פֿון דער יידישער שפּראַך אין די אַנשטאַלטן פֿון „צענטאָס". זי אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט די קינדערווינקלען אין די באַזונדערע הייזער, וואָס ווערן אָנגעפֿירט דורך די הויזקאָמיטעטן. זי זוכט אַריינצוגיסן אין זיי אַ געוויסן אינהאַלט.

די גרויסע ליבהאָבערין פֿון יידישן קינד קלויבט זיך אויס דאָס אָרעמסטע קינד, דאָס אַממייגסטן עלנטע, דאָס קינד פֿון דער גאַס, דעם קרבן פֿון דער מלחמה, וואָס האָט פֿאַרלוירן די עלטערן און געבליבן אַן עלנטער יתום, וואָס וואַלגערט זיך ערגעץ אויף אַ בוידעם, אויף די טרעפּ אָדער אין אַ קעלער. פֿרוי סימכאָוויטש נעמט איבער דעם רעפֿעראַט פֿון גאַסן=קינדער, וואָס פֿאַרנעמט אַן אַלץ=גרעסערן אָרט אין דער טעטיקייט פֿון „צענטאָס". די גאַסן=קינדער זענען געוואָרן אַ מכּת=מדינה. די פּוילישע פּאָליציי האָט זיי אין די הונדערטער יעדן טאָג געכאַפּט אויף דער אַרישער זייט, ווו זיי האָבן געלעבט פֿון שמוגל, פֿון האַנדל, פֿון בעטלעריי וכדומה. די פּוילישע פּאָליציי פֿלעגט זיי איבערגעבן אין די הענט פֿון דעם יודענראַט. דער, ווידער, פֿלעגט זיי איינזעצן אין דער יידישער תּפֿיסה.

אויף גאַסן פֿון געטאָ האָבן זיך געוואַלגערט הונדערטער גאַסן=קינדער, געבעטלט, אָנגעפֿילט די גאַסן מיט זייער געפּילדער, מיט זייערע געוויינען און אויסגעשרייען. נאָך דער פּאָליציי=שעה פֿלעגן זיי אין הונדערטער פֿאַרפֿילן די גאַסן און מיט זייער ביטערן געיאָמער אין דער שטילקייט פֿון דער אימהדיקער נאַכט, פֿלעגן זיי וואַרפֿן אַ שרעק אויף אַלעמען. זיי האָבן נישט קיין מורא געהאַט אפֿילו פֿאַר דעם זשאַנדאַרן=פּאַטרול, זיי זיינען געווען דער אויסגעשריי פֿון דער אָרעמקייט, פֿון די

נויט=לײדנדע, אַ פּראָטעסט קעגן דער פּאַסיװקײט פון [די] רײַכע, קעגן זײער שטײנהאַרציקײט.

אויסגעהונגערטע האָבן זיך די דאָזיקע קינדער געװאָרפן אויף די דורכגײער, אַרויסגעריסן בײַ זײ די פּעקלעך מיט שפּײַז=אַרטיקלען. די „כאַפּעריי" איז געװאָרן אַ מאַסן=דערשײנונג און האָט פון טאָג צו טאָג אָנגענומען אַלץ שאַרפערע פאָרמען. די דײַטשן האָבן באַפוילן אָפּצוטרײַבן די גאַסן פון די דאָזיקע קינדער. די יידישע פּאָליצײ פלעגט אײַנאָרדענען ספּעציעלע געיעגן אויף די גאַסן=קינדער, זײ פלעגן זײ אַרויפװאַרפן אויף די װאָגנס און אַװעקפירן אין די קאַראַנטין=פּונקטן. די באַהאַנדלונג פון דער יידישער פּאָליצײ איז געװען אַ רײן אַדמיניסטראַטיװע. מען האָט די קינדער געשלאָגן, נישט געגעבן צו עסן, זענען זײ װידער אַנטלאָפן פון די פּאָליצײאישע קאַראַנטינען=פּונקטן און דאָס געיעג האָט זיך אָנגעהויבן פונדאָסנײ. גלײַכצײַטיק איז פאָרגעקומען אַ געיעג פון דער פּוילישער פּאָליצײ אויף די גאַסן=קינדער אויף דער אַרישער זײַט. זײ האָבן דאָרט געהאַנדלט און געבעטלט, געלעבט אַלס גאַסן= און הויף=זינגער. אין די הונדערטער פלעגט מען זײ כאַפּן אויף דער אַרישער זײַט און אַריבערװאַרפן אין געטאָ.

װען די לאַגע פון די גאַסן=קינדער איז געװאָרן אַן אומדערטרעגלעכע, האָט זיך אַרײַנגעמישט דער „צענטאָס". עס איז געשאַפן געװאָרן אַ רעפעראַט פאַר גאַסן=קינדער. דער „צענטאָס" שאַפט ספּעציעלע אינטערנאַטן. חברטע סימכאָװיטש קװאַליפיצירט די קאַנדידאַטן, זי נעמט אויף יעדעס קינד באַזונדער, הערט עס אויס, באַקענט זיך מיט אים און באַשטימט דעם אינטערנאַט, אין װעלכן עס דאַרף אָנקומען. די גאַסן=קינדער זענען שמוציק, פאַרלײַזיקט, דער רוב אָנגעשטעקט מיט טיפוס. די באַאַמטע, װאָס האָבן צו טאָן מיט די גאַסן=קינדער, רוקן זיך פון זײ אָפּ װאָס װײַטער, שטעלן אַװעק אין ביוראָ באַריערעס, כדי נישט צו דאַרפן זיך צוזאַמענטרעפן מיט די גאַסן=קינדער און אויסמײַדן די געפערלעכע, אָנגעשטעקטע לײַ, װאָס זײַנען די הויפּט=טרעגער פון טיפוס.

דער גרויסער קינדער=פרײַנד, דער מלאך אויף גאָטס ערד, די פאַרחלומטע, מיטפילנדע און מיטלײדנדע ראָזאַ סימכאָװיטש פאַרשטײט נישט װי אַזוי מען קאָן פון מענטשלעכן, פּעדאַגאָגישן שטאַנדפּונקט זיך אָפּרוקן פון קינדער, פון די אָרעמע שעפעלעך, װאָס זוכן שוץ אין „צענטאָס" זי איז נישט אײַנפאַרשטאַנדן אַװעקצושטעלן אַ באַריערע צװישן זיך און די גאַסן=קינדער. װען די דאָזיקע צעבראָכענע, אומגליקלעכע קינדער קומען צו ראָזען, גלעט זי זײ איבער די קעפּלעך, טרײסט זײ און העלפט זײ מיט װאָס זי קאָן.

דאָס אומפאַרמײַדלעכע קומט, זי שטעקט זיך אָן מיט טיפוס. איר אָרגאַניזם איז אָפּגעשװאַכט צוליב דער שװאַכער דערנערונג. פון קײן „דזשױנט"=אונטערשטיצונג האָט זי נישט געװאָלט געניסן. זי האָט געהאַלטן — װי עס האָט מיר איבערגעגעבן דיר. גיטערמאַן — אַז עס זע=

ין דאָ וויכטיקערע פון איר, וואָס האָבן גרעסערע פאַרדינסטן פאַר דער זעלשאַפט. איר שוואַכער אָרגאַניזם האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן י שווערע קראַנקהייט און זי שטאַרבט אַוועק.

איר לוויה איז געווען אַ אימפּאָזאַנטע. הונדערטער פריינד, באַקאַנטע זיינען געקומען אָפּגעבן איר דעם לעצטן כבוד. עפּעס אַ מאָדנער פּאַטום האָט געוואָלט, אַז איר לוויה זאָל פאַר אונדז אַנטלויפן. די באַשיידענע ראָזאַ האָט זיך געשעמט פאַר דער גרויסער לוויה, וואָס מיר האָבן פאַר איר איינגעאָרדנט און זי איז פאַר אונדז אַנטלאָפן. געשען איז דאָס אַזוי. מיר האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין „קליינעם געטאָ“ פאַר איר דירה און אַרויסבאַגלייט די „עגלה“. דאָס „קליינע געטאָ“ האָט געהאַט צווייערליי פאַרבינדונגען מיט דעם „גרויסן געטאָ“. די פוסגייער זענען געגאַנגען דורך אַ הילצערנער בריק איבער דער כלאָדנע, וואָס איז געווען אַן אַרישע גאַס און אָפּגעטיילט דאָס קליינע געטאָ פון דעם גרויסן. די וועגן זענען געפאָרן דורך דער אַרישער זייט אויף כלאָדנע. מיר האָבן אָפּגערעדט מיט דעם פורמאַן פון דער „עגלה“, ער זאָל אויף אונדז וואַרטן אויף יענער זייט כלאָדנע. עס האָט אָבער אַנדערש פּאַסירט. ער איז דירעקט אַוועק אויפן בית=עולם, נישט וואַרטנדיק אויף אונדז אויף דעם אָפּגערעדטן אָרט. ראָזעס לוויה איז אפשר געווען די לעצטע, אויף וועלכער מען האָט געהאַלטן רעדעס. אַ קליינער טייל פריינד האָט זיך אַרויסגעריסן דורך דער וואַך פאַרן בית=עולם, וואָס איז שוין געווען אויף דער אַרישער זייט. די געזעלשאַפט „איקאָר“ האָט אַרויסגעגעבן אַ העקטאָגראַפישע אויסגאַבע געווידמעט ראָזען.

## ד״ר שמעון לובעלסקי — דער דערציער פון גאָטס־גנאָד

געבוירן אין יאָר 1898 אין דאָרף ניווקאַ (לעבן סאָסנאָוויעץ). אַ הויכער, אַ שיינער, מיט לאַנגע שוואַרצע האָר און ברענענדיקע אויגן איז ער פון די ייִנגסטע יאָרן געווען טעטיק געזעלשאַפטלעך לכתחילה אין דעם „השומר הצעיר“ און שפּעטער אין דער פּועלי=ציוניסטישער „יוגנט“. צום ערשטן מאָל האָב איך זיך מיט אים באַקענט אין יאָר 1919 אין טאָרנע אויף א קאָנפערענץ פון די פּועלי=ציוניסטישע שילער=קרייזן פון מערב=גאַליציע. דער פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ איז געווען שאול אַמסטערדאַם פון נײַ=סאָנדז, פון וואַנען איך בין אויך דעלעגירט געוואָרן. אַמסטערדאַם איז שפּעטער אַרויסגעטראָטן פון דער פּ״צ=באַוועגונג, אַריבער צו די קאָמוניסטן און אונטערן פּסעודאָנים הענריקאָווסקי=דונאַיעווסקי פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון לאַנד און אויסלאַנד. לובעלסקי האָט דעמלט באַגריסט די קאָנפערענץ אינעם נאָמען פון דער שילער=יוגנט פון קאָנגרעס=פּוילן. פאַר אונדז, שילער פון גאַליציע, אַ לאַנד אָן רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס, פאַרקערט, ווו די אַר=

בעטערשאַפט האָט טיף געזונקען אין אָפּאָרטוניזם — איז שימעק מיט די לאַנגע האָר און ברענענדיקע אויגן געווען די פאַרקערפּערונג פון דער רעוואָלוציאָנערישקייט, מיט וועלכער עס האָט זיך אויסגעצייכנט קאָנגרעס⸗פּוילן, דאָס לאַנד פון 1905 און רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון קאַמף מיטן צאַראַט און אַבסאָלוטיזם.

לובעלסקי ווערט אין יאָר 1919 דעלעגירט אין אַרבעטער⸗ראַט פון זאַגלעמביע, וואָס האָט דעמלט געהאַט אַ שם אַלס לאַנד פון רעוואָלוציאָנערער אַרבעטערשאַפט. די פּוילישע בורזשואַזיע דערשרעקט זיך פאַר דעם פאַנטאָם פון רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער⸗ראַטן און באַשליסט זיי צו דערשטיקן נאָך איידער זיי באַוויזן צו ווערן אַ יש אין דעם לעבן פון אומאָפּהענגיקן פּוילן. די אַרבעטער⸗ראַטן ווערן אין גאַנצן לאַנד אויפגעלעזט און די לינקע דעלעגאַטן אַריינגעוואָרפן אין תפיסות. צווישן די אַרעסטירטע אין סאָסנאָוויעץ געפינט זיך אויך ח. לובעלסקי צוליב זיינע דרייסטע אַרויסטרעטונגען אין אַרבעטער⸗ראַט. נאָך אַ האַלב יאָר זיצן אין תפיסה ווערט ח. שימעק באַפרייט. ער קומט קיין וואַרשע, ווייל אין סאָסנאָוויעץ ברענט אים דער באָדן אונטער די פיס. אויפן אוניווערסיטעט קאָן ער זיך נישט פאַרשרייבן, ווייל ער האָט — געטריי זיינע רעוואָלוציאָנערע אידעאַלן — נישט געמאָלדן זיך אין יאָר 1920 צום פרייוויליקן קאַמף קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד און דער פרייוויליקער מיליטער⸗דינסט אין יאָר 1920 איז געווען דער פאַרבאַדינג אָנגענומען צו ווערן אויף דעם אוניווערסיטעט. פּועלי⸗ציון זיינען דעמלט געווען אַ שטאַרקע פּאַרטיי מיט אַ באַדייטנדיקער השפּעה אויף אַלע געביטן פון לעבן. די פּועלי⸗ציון שטעלן דעמלט אויף אַ גאַנצע נעץ פון פאָלקס⸗שולן איבערן שטח פון לאַנד.

אין יאָר 1921 באַקאָן איך זיך נעענטער מיט שימעקן. מיר אַרבעטן צוזאַמען אויף איין געביט: אויפן שול⸗ און בילדונגס⸗געביט. איך בין דעמלט באַשעפטיקט אַלס סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט אָוונט⸗קורסן פאַר אַרבעטער, מיט וועלכער איך האָב אָנגעפירט זינט איר אַנטשטייונג אין יאָר 1921 ביז צו איר ליקווידאַציע דורך דער סאַנאַציע אין יאָר 1933. שימעק ווערט דעמלט צוליב זיינע גרויסע פּעדאַגאָגישע פעיקייטן נאָמינירט [אַלס] אינסטרוקטאָר פון די וועלטלעכע שולן. ער פאָרט אַרום פון שטאָט צו שטאָט און צינדט אָן די לערערשאַפט צו איר הייליקער אַרבעט פון דערציען די קינדער אין גייסט פון פּראָגרעס און סאָציאַליזם. לובעלסקי איז אַ גאָט⸗געבענטשטער פּעדאַגאָג. ער ווייסט ווי אַזוי צוצוגיין צו קינדערישע נשמות, וויאַזוי אָנצוצינדן אין זיי דעם פייער פון וויסנדורשט. לובעלסקי איז אַ זעלטענער אידעאַליסט. ער ווייסט נישט פון קיין האַלבער אַרבעט. דאָס, וואָס ער טוט, טוט ער בשלימות. אויב ער נעמט זיך צו אַן אַרבעט, ווייסט ער נישט פון קיין גרענעצן. שימעק געהערט צו די זעלטענע אידעאַליסטן, וואָס ברענען אַזוי לאַנג מיטן פייער פון אַרבעט ביז וואַנען זיי גייען אויס. דער אימפּעט פון דער הייליקער

אַרבעט פון מדריך זיין די לערערשאַפט, ווייזן איר דעם וועג, עפענען די סודות פון דער קינדערישער נשמה, טראָגט שימעקן איבער שטעט און שטעטלעך. ער פאָרט אַרום טאָג און נאַכט איבער די ווייטסטע ווינקלען פון לאַנד אָן אָפּרו. עס טרייבט אים דער הייליקער פייער פון קינדער=ליבע, דער הייליקער גלויבן אין דער וויכטיקייט פון זיין מיסיע.

דער זון פון קוילן=לאַנד (פון זאַגלעמביע) אַרבעט אַזוי לאַנג ביז וואַנען ער ווערט לונגען=קראַנק און פאַלט ווי אַן אונטערגעשניטענער בוים. שימעק איז אָרעם, צום גליק איז דאָ די ציש"אָ, אין וועמענס שליחות ער האָט אַוועקגעלייגט זיינע יונגע כוחות. די ציש"א שיקט אים אויף איר חשבון אַרויס אין סאַנאַטאָריע אין אָטוואָצק. עס העלפן מיט חברים און פריינד. נאָך לאַנגע, לאַנגע חדשים קומט שימעק צוריק, אָבער שוין אַן אַנדערער. די ביטערע קראַנקהייט האָט אויפגעגעסן דעם הייליקן ברען. ער, וואָס האָט נישט געקאָנט קיין מאָס און קיין גרענעצן אין דער אַרבעט, מוז איצט האַמעווען און באַגרענעצן זיין עקספּאַנסיע. ער מוז ווערן אַ „סטאַטעטשנער", רואיקער מענטש — אַנישט דראָט אים דער אומברחמנותדיקער טויט.

שימעק נעמט זיך איצט צו אוניווערסיטעט=בילדונג. ער שטודירט גערמאַניסטיק און דערגרייכט דאָ אַ הויכע מדרגה. ער שטודירט ביים פּראָפעסאָר לעמפּיצקי אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט, וואָס שטעלט גאָר גרויסע פאָדערונגען צו זיינע תלמידים און דאָך איז ער איינער פון זיינע פעיקסטע תלמידים, וואָס דערגרייכט אַ גאָר הויכע מדרגה אויף דעם געביט. לובעלסקי זאַמלט מאַטעריאַלן צו אַן אַרבעט וועגן שילערן. אַ פּאָר יאָר נאָכאַנאַנד פאָרט ער קיין ווין שטודירן דאָרט זיין טעמע אויפן יסוד פון אָריגינעלע מאַטעריאַלן. די אַרבעט ווערט אָנערקענט אַלס דאָקטאָרישע דיסערטאַציע. גלייכצייטיק הייבט אָן שימעק צו אַרבעטן אין די וואַרשעווער גימנאַזיעס. אַדאַנק זיינע אויסערגעוויינלעכע פעיקייטן קומט ער אָן אַלס לערער אין דער עקספּערימענטאַל=גימנאַזיע פון דעם פּוילישן סוחרים=פאַריין אויף פּראָסטע=גאַס. זיינע לעקציעס, געפירט לויטן מעטאָד פון „לערנען אונטער דער אָנפירונג" „nauczanie pod kierunkiem" רופן אַרויס דעם אינטערעס פון קוראַטאָריום פון בילדונגס=מיניסטעריום. לויט דעם דאָזיקן מעטאָד ווערט די ראָל פון לערער רעדוצירט צום געבן אָנווייזונגען צום קאָנטראָלירן די אַרבעט פון די שילער, צום איבערוואַכן און פעסטשטעלן די רעזולטאַטן. לובעלסקי אַרבעט אין אַ געמישטער גימנאַזיע, אין דער צייט, ווען די יידיש=פּוילישע באַציונגען זענען אָנגעשטרענגט ביז דער העכסטער מדרגה, ווען אין די שולן איז פאַרשפּרייט דער אַנטיסעמיטישער סם. אַלע געמישטע שולן האָבן דעמלט געפּלאַצט אין פּוילן. די לעצטע יידישע לערער, די משומדים, די האַלבע משומדים, די אַסימילאַנטן — האָבן אונטער דעם דרוק פון דער אַנטיסעמיטישער פּרעסע, פון די פאַשיסטישע עלטערן געמוזט פאַרלאָזן זייערע פּאָסטנס אין די געמישטע שולן. די עקספּערימענטאַלע גימנאַזיע אויף פּראָסטאַ

איז — אַדאַנק דעם גאָטגעזאַלבטן פּעדאַגאָג לובעלסקי — געוועזן דער ליבטיקער אויסנאַם, די איינציקע אָאַזיס פון יידיש-פּויליש צוזאַמענלעבן אין דעם אַרומיקן ים פון מענטשן-האַס און רשעות.

עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט-מלחמה. שימעק, דער איידעלער ריטער פון מענטשן-ליבע, דער אייביקער בעל-החלומות און אידעאַליסט, מעלדעט זיך צו דער פרייוויליקער, גישטגעצאָלטער אַרבעט אין דער יידישער סאָציאַלער אַליין-הילף. אַלס סעקרעטאַר פון דער אינסטיטוציע האָב איך שימעקן, מיט וועלכן עס האָט מיך געבונדן אַ 20-יעריקע פריינדשאַפט, איבערגעגעבן די אָרגאַניזירונג פון דער מלבושים-זאַמלונג. וואַרשע האָט אַקאָרשט איבערגעלעבט אין סעפּטעמבער 1939 אַ שרעקלעכע באָמבאַרדירונג. צענדליקער טויזנטער מענטשן זענען געבליבן אָן זאַכן, אָן פאַרמעגן, אָן גאָרנישט. לובעלסקי אָרגאַניזירט אַ גאַנצן שטאַב פון פרייוויליקע מיטאַרבעטער צווישן לערער, געוועזענע באַאַמטע פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און בכלל פון דער אַרבעטלאָזער אינטעליגענץ. לובעלסקי, דער וואונדערבאַרער פּעדאַגאָג, פאַרשטייט וויאַזוי מיטצורייסן זיינע מיטאַרבעטער און אַרויסבאַקומען פון זיי דאָס מאַקסימום לייסטונגען. די זאַמלונג גיט אַלץ בעסערע רעזולטאַטן און ווערט איינס פון די וויכטיקסטע נעביטן פון דער סאָציאַלער הילפס-טעטיקייט.

עס קומט דער טראַגישער יאַנואַר 1940. דער פרייהייט-קעמפער, דער משומד קאָט ווערט געכאַפּט ביים פירן אַן אומלעגאַלע טעטיקייט אין דעם קלויסטער פון „אַלע הייליקע“. מען געפינט ביי אים אַן אומלעגאַלע דרוקעריי, אַ ראַדיאָ-אַפּאַראַט, אַ ביוראָ א. ד. גל. עס געלינגט אים אָבער צו אַנטלויפן פון תפיסה קיין אויסלאַנד. אין אַ קורצער צייט אַרום האַלט ער שוין אַ רעדע צו דער פּוילישער באַפעלקערונג דורך דעם לאָנדאָנער ראַדיאָ. זיין פאָטער, מיעטשיסלאַוו קאָט, אַ פּראָגרעסיווער, געבילדעטער ייד, ווערט מיט זיין פרוי פאַרשיקט אין אַ לאַגער צום טויט. די דייטשן האָבן אויסגעהאָנגען פּלאַקאַטן מיט קאָטס פאָטאָגראַפיע און צוגעזאָגט אַ גרעסערע געלט-סומע פאַרן אָנווייזן קאָטס אויפהאַלט-אָרט. גלייכצייטיק האָבן די לייטער פון דער יידישער אָפּטיילונג אין געסטאַפּאָ — בראַנד און מענדע — געמאָלדן טשערניאַקאָוון, אַז אויב די יידן וועלן נישט אַרויסגעבן קאָטן, וועלן זיי דערשיסן 100 יידן. ווען דאָס וועט נישט האָבן קיין פּעולה, וועלן זיי דערשיסן ווייטערדיקע 100 אא״וו. עס הייבן זיך אָן מאַסן-אַרעסטן פון דער יידישער אינטעליגענץ. לויט אַ ליסטע ווערן אַרעסטירט אַדוואָקאַטן, אינזשינירן, דאָקטוירים, לערער א.ד.גל. אַגענטן פון געסטאַפּאָ קומען צו לובעלסקין אין שטוב. זיי געפינען אים נישט, קומען זיי אים זוכן אין ביוראָ. מען באַווייזט אים באַצייטנס צו וואָרענען און ער באַהאַלט זיך אויס. אַגענטן קומען נאָך אַמאָל און לאָזן איבער אַן איינלאַדונג אין געסטאַפּאָ. איך בין קעגן דעם, [אַז] שימעק זאָל זיך מעלדן אין געסטאַפּאָ. זיין פרוי איז אָבער שוואַנגער און דער איידעלער שימעק וויל נישט, די אַגענטן זאָלן זיין פרוי באַלעסטיקן. ער מעל-

דעט זיך אין געסטאַפּאָ און זייט דעמלט פאַרשווינדט יעדער שפּור וועגן אים.

לאַנגע חדשים האָבן די פרויען פון די אומגליקלעכע אַרעסטירטע באַלאַגערט די קהילה און געשטורעמט איר וועגן זייערע אַ־עסטירטע מענער. די וואַרשעווער געסטאַפּאָ האָט געטריבן מיט די פאַמיליעס פון די אַרעסטירטע אַ בלוטיקע חוזק-שפּיל. זי אַליין האָט אַלע איבער 100 פאַרהאַפטעטע אינטעליגענטן הינטער וואַרשע דערשאָסן און גלייכצייטיק האָט זי גענאַרט די פאַמיליעס, אַז זייערע מענער זענען פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגערן. לובעלסקים פרוי מיט צוויי קינדערלעך איז צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקי בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע-אַקציע פון די וואַרשעווער יידן.

## [נתן] סמאָליאַר — דער לייטער פון די באָראָכאָוו־שולן

אַלס איבער 40 יאָר, האָט געשטאַמט פון זאַמבראָוו. נאָכן פאַרענדיקן דעם ווילנער לערער-סעמינאַר אין דער רוסישער שפּראַך ווערט ה. סמאָליאַר לערער פון יידיש, יידישער ליטעראַטור אין די יידיש-וועלטלעכע שולן. סמאָליאַר, אַ מיטגליד פון די פּועלי-ציון לינקע, איז געווען איינער פון די איבערגעגעבנסטע און געטרייסטע לערער פון די באָראָכאָוו-שולן אין וואַרשע. אַדאַנק זיינע פעיקייטן אַלס דערציער און לייטער, נעמט ער איבער די אָנפירונג פון דער באָראָכאָוו-שול אויף נאָוואָליפּקי 68. סמאָליאַר איז אַ האַרציקער, אַ חברישער. ער געווינט צוליב דעם די אַלגעמיינע סימפּאַטיע פון די קינדער, פון די עלטערן, פון חברים, פון לערער און בכלל פון די אַלע, מיט וועלכע עס קומט אים אויס זיך ציזאַמענצוטרעפן און צוזאַמענצואַרבעטן. סמאָליאַר איז אויך געווען לערער פון יידיש אין די וואַרשעווער גמינע-שולן. סמאָליאַר געווינט דאָרט שטאַרק אָנזען און סימפּאַטיע און ווערט אַרויסגערוקט אין דער פאַרוואַלטונג פון דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון קהלה-אָנגעשטעלטע, איינער פון די גרעסטע פאַראיינען אין וואַרשע.

סמאָליאַר, אַלס לערער פון די ציש״א-שולן, לעבט אין שווערע באַדינגונגען. דאָס בירגערטום האָט פיינט די שולן צוליב זייער פּראָגרעסיוון, וועלטלעכן און סאָציאַליסטישן כאַראַקטער. צוליב דעם, וואָס פון זייערע רייען איז דער אַרבעטער-אַקטיוו, אָנפירער פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, פון קולטור-אָרגאַניזאַציעס, פון פּאָליטישע פּאַרטייען וכדומה. די קאָמונאַלע מאַכט, באַהערשט דורך רעאַקציאָנערע עלעמענטן, שטרייכט די סובסידיעס פאַר די דאָזיקע שולן. די פּאָלקספיינטלעכע קהלה, אָנגעפירט דורך אַן אַגודיש-אַסימילאַטאָרישן בלאָק, האָט נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר די דאָזיקע שולן. איז געבליבן די איינציקע הכנסה-קוועלע — דער שכר-לימוד, וואָס פלעגט איינגעמאָנט ווערן מיט גרוים מי פון די האַלב-פאַרהונגערטע אַרבעטסלאָזע און פּרנסהלאָזע אַרבעטער און פּאָלקס-מענטשן.

דעריבער זענען די אַרבעטס־באַדינגונגען אין אַזעלכע שולן געווען זייער שווערע, ממש הונגער־לוינען. דער ענטוזיאַסט, דער אייביק יונגער סמאָ־ליאַר, האָט געהאַט אין זיך דעם געהעריקן סכום אידעאַליזם צו בלייבן טריי די דאָזיקע שולן, הגם דאָס האָט געהייסן לעבן אין נויט און דחקות.

עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה. סמאָליאַר פאָרט קיין מזרח. ער באַזעצט זיך אין ביאַליסטאָק, וווּ ער אַרבעט אין די ניי־גע־גרינדעטע סאָוויעטישע שולן אין דער יידישער שפּראַך. סמאָליאַר מוז איבערלעבן דעם שווערן מאָמענט, ווען די דאָזיקע שולן גייען איבער אין רוסיש. נאָכן אָנקומען פון די דייטשן פאַרלאָזט סמאָליאַר ביאַליסטאָק און קומט צוריק קיין וואַרשע.

אויף אַ ספּעציעלער זיצונג פון „איקאָר" האָט ה. סמאָליאַר אָפּגע־געבן אַ באַריכט וועגן דעם מצב פון שול־וועזן אין ביאַליסטאָק און אין דער אומגעגנט. ה. סמאָליאַר וואַרפט זיך ווידער אַריין אין יידיש־וועלט־לעכן שול־וועזן, וואָס ווערט געפירט אונטערן דעקמאַנטל פון קינדער־קיכן. אַדאַנק זיין איבערגעגעבנקייט און פון דער חברטע הערצליכט ווערט די שול אויף נאָוואָליפּקי 68 איינע פון די בעסטע קינדער־קיכן אין וואַר־שע, וווּ די צאָל געראַטעוועטע קינדער איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג.

בשעת דער ערשטער פאַרניכטונגס־אַקציע גייט ה. סמאָליאַר אַרי־בער אין שאָפּ פון די ברידער לאַנדוי, אין א. ב. וו. (אָסטדויטשע בוי־ווערקשטעטען), וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס קאָנצענטראַציע פון גע־זעלשאַפטלעכע כוחות. ה. סמאָליאַר לערנט זיך אויס דעם סטאָליאַר־פאַך און ער גייט אויף אַ פּלאַצוווקע פון דער פירמע אויף דער אַרישער זייט, כדי צו האָבן אַזוי אַרום אויסהאַלטונג.

בשעת דער צווייטער ליקווידאַציע־אַקציע אין יאַנואַר 1943 ווערט דאָס הויז אויף מילע 56, וווּ עס וווינט ה. סמאָליאַר, באַלאַגערט דורך ס. ס. ה. סמאָליאַר באַהאַלט זיך אין דער דירה. אַ יידישער „אָרדנונגס־מאַן" אַנטדעקט זיין באַהעלטעניש און שטעלט אים צו צו די דייטשן. אַראָפּגייענדיק מיט די טרעפּ ווערט ה. סמאָליאַר נעלם אין איינער פון די ליידיקע דירות. ער באַהאַלט זיך אין אַ לאָך און הגם ס. ס. מיט דעם יידישן אָרדנונגסמאַן זוכן אים, געלינגט אים זיך אויסצובאַהאַלטן. אינ־צווישן האָבן מיר אין האַלמאַנס שאָפּ אויף נאָוואָליפּקי געשאַפן פאַרן ה. סמאָליאַר אַ באַהעלטעניש, וווּ אַ גרופּע פּאַרטיי־חברים מיט ה. ליכ־טענשטיין בראש האָט אויסגעבויט אַ „בונקער" אין דעם קעלער פון דער געוועזענער באָראָכאָוו־שול, אויף נאָוואָליפּקי 68.

מיר האָבן געוווּסט, אַז עס דערנענטערן זיך די לעצטע מינוטן פון יידישן ישוב אין וואַרשע. מיר האָבן פאַר יעדן פּרייז געוואָלט ראַטעווען אַזאַ ווערטפולן מענטש ווי ה. סמאָליאַר. געוויסע שריט זענען שוין גע־מאַכט געוואָרן. עס איז אָבער געווען צו שפּעט. צום לעצטן מאָל האָב איך זיך מיט די חברים סמאָליאַר און ליכטענשטיין צוזאַמענגעטראָפן אין ברויערס שאָפּ אויף נאַלעווקעס, זונטיק, דעם 17 אַפּריל 1943. ביי־

נאַכט איז אויסגעבראָכן די לעצטע אַקציע. ביים מאָרגן=גרויען האָבן מיר זיך געזעגנט. די חברים סמאָליאַר און ליכטענשטיין האָבן באַשלאָסן אַריבערצוגנבענען זיך צו האַלמאַנס שאָפּ. וואָס איז מיט זיי געשען אויפן וועג — ווייסט קיינער נישט. זיי זענען זיכער נישט דערגאַנגען ביז נאָוואָליפּקי 68, ווייל אויף שריט און טריט זענען געשטאַנען פּאָסטנס פון זשאַנדאַרן, ס. ס. און אוקראַינער. זיי זיינען וואַרשיינלעך אונטערוועגנס געהרגעט געוואָרן ווי טויזנטער וואַרשעווער יידן.

## הערצליכט

לייטערין פון דער באָראָכאָוו=שול אויף נאָוואָליפּקי 68, איז געווען געטריי דער זאַך פון יידישן אָרעמען קינד. אַדאַנק איר ענערגיע און איבערגעגעבנקייט איז די שול אויף נאָוואָליפּקי 68 געוואָרן איינע פון די בעסטע, וו די זאָרג פאַרן קינד איז געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה. זי איז אומגעקומען בשעת דער לעצטער אַפּריל=אַקציע. זי האָט פון ברויערם שאָפּ אויף נאַלעווקעס געפּרוווט אַדורכשמוגלען זיך דורכן קאַנאַל צו אירע 2 טעכטערלעך, וואָס זיינען געווען איינגעאָרדנט ביי אַ פּוילישער אַרבעטער=משפּחה אויף דער אַרישער זייט. די ס. ס. האָט אָבער געוווּסט וועגן דעם סוד פון די קאַנאַלן און זי האָט אַריינגעוואָרפן גאַז אין די קאַנאַלן. ח'טע הערצליכט איז דערשטיקט געוואָרן אין קאַנאַל.

## דר. אסתר מאַרקין

אַ יונגע, פעיקע פּסיכאָלאָגין, אַלט עטלעכע און דרייסיק יאָר, געווען פאַר דער מלחמה לערערין פון פילאָזאָפיע און פּסיכאָלאָגיע אין די וואַרשעווער גימנאַזיעס. אויסער דעם איז זי געווען אַסיסטענטקע פון פּראָפ. וויטוויצקי אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט. דער, וואָס קאָן די באַציונגען, וואָס האָבן געהערשט אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט, ווייסט, אַז צו אַ מדרגה פון אַן אַסיסטענטקע האָט געקאָנט דערגרייכן נאָר אַ יידישע סטודענטקע מיט אויסערגעוויינלעכע פעיקייטן. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז ד"ר מאַרקין אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט פון „צענטאָס". זי איז געוואָרן איינע פון די געטרייסטע אַרבעטערינס אויפן געביט פון קינדער=פאַרזאָרגונג. איר ליבלינגס=געביט זיינען געווען די „קינדער=ווינקלען" ביי די הויז=קאָמיטעטן. זיי זיינען געווען אַ נייס אין דער געשיכטע פון וואַרשע. צענדליקער טויזנטער קינדער זיינען געוואָרן פאַרוואָרלאָזט. דער אָקופּאַנט האָט אין משך פון 2 יאָר נישט געלאָזט עפענען קיין שולן. נישט אַלע האָבן זיך געקאָנט דערלויבן צו געבן זייערע קינדער דערציונג אין פּריוואַטע קאָמפּלעטן. זיינען טאַקע טויזנטער יידישע קינדער דערצויגן געוואָרן דורך דער גאַס. אָט מיט די קינדער האָבן זיך איצט פאַראינטערעסירט די הויז=קאָמיטעטן, וואָס האָבן די יוגנט פון די באַזונדערע הייזער אַריינ=

געצווינגען אין דער דערציונגס־אַרבעט פון די קינדער. די קינדער־ווינקלען זיינען אין אַ טייל הייזער געוואָרן דער צענטער פון דער אַלגעמיינער פאַראינטערעסירונג. אָט מיט דער דאָזיקער אַרבעט פון קינדער־ווינקלען האָט אָנגעפירט פרוי ד״ר מאַרקין. זי איז צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקע בשעת איינער פון די צאָלרייכע סעלעקציעס, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון דער צענטראַלע פון „צענטאָס“ אויף לעשנאָ 2.

# אהרן קאָנינסקי

אַלט אַן ערך 40 יאָר, איז פאַר דער מלחמה געווען מעטיק אין דער געזעלשאַפט „יעאָס“. אינעם נאָמען פון דער אינסטיטוציע האָט ער אָנגעפירט מיט דעם עמיגראַנטן־הויז אויף מילנאַ 18, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן אַ דאַנק די באַמיונגען פון דעם באַקאַנטן וואַרשעווער עסקן אברהם פּאָדלישעווסקי. דאָס עמיגראַנטן־הויז האָט טאַקע געטראָגן דעם נאָמען פון דעם אינצווישן פאַרשטאָרבענעם עסקן. קאָנינסקי איז געווען אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר און אַדאַנק זיין גוטער באַלעבאַטישקייט איז דאָס עמיגראַנטן־הויז געפירט געוואָרן אין מוסטערהאַפטער אָרדנונג, און די היפּאָטעקאַרישע חובות פון דעם הויז האָבן זיך בסדר פאַרקלענערט. אַזוי ווי דער עמיגראַנטן־שטראָם האָט זיך אין די לעצטע פאַר־מלחמה־יאָרן באַדייטנד פאַרקלענערט, איז דער בנין אויף מילנע 18 פאַרווענדט געוואָרן פאַר טוריסטישע צוועקן. צענדליקער אויספלוגן פון פאַרשידענע ווינקלען פון לאַנד האָבן געפונען אַ מקום מקלט אין דעם עמיגראַנטן־הויז, ווו זיי זיינען גוט אויפגענומען געוואָרן.

האַרט פאַרן אויסברוך פון דער איצטיקער וועלט־מלחמה זיינען אין דעם עמיגראַנטן־הויז באַזעצט געוואָרן די פּליטים פון זבאָנשין. קאָנינסקי האָט געזאָרגט פאַר די דאָזיקע פּליטים און געהאָלפן זיי מיט אַלעם מעגלעכן. אין די שווערסטע טעג פון דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע האָט ער פאַר זיי געשאַפן לעבנסמיטל. אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע פּליטים איז אומגעקומען בשעת דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע. אַ שראַפּנעל, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין דעם קעלער פון דעם הויז, ווו עס זיינען געווען באַהאַלטן די פּליטים, האָט דערהרגעט דעם רוב פון די דאָזיקע פּליטים. פאַר די איבערגעבליבענע האָט קאָנינסקי געטאָן וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. ער האָט געשאַפן געלט־מיטלען אויף הוצאות אין דער פּראָווינץ צו זייערע קרובים. אַנדערע האָט ער געהאָלפן שאַפן אַרבעט וכדומה.

דער „צענטאָס“ האָט אין די ערשטע צייטן נאָך דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע געזוכט לאָקאַלן אויף איינצואָרדענען דאָרט אינטערנאַטן פאַר די נייע מלחמה־קרבנות, פאַר די טויזנטער קינדער אָן אַ היים, אָן שום אויפזיכט. אויך אויף מילנאַ 18 איז געשאַפן געוואָרן אַן אינטערנאַט. קאָנינסקי האָט געהאַט די געהעריקע פּעדאַגאָגישע צוגרייטונג.

ער איז געווען יאָרנלאַנג לייטער פון אַ בורסע פאַר יוגנט. דער נייער קינדער-אינטערנאַט פון „צענטאָס“ איז געוואָרן איינער פון די בעסטע, ווו עס האָט געהערשט מוסטערהאַפטע אָרדנונג, ריינקייט און דיסציפּלין. די קינדער האָבן זיך אויף מילנאַ געפילט ווי אין אַן אייגענער היים. עס האָבן געהערשט אידעאַלע באַציונגען צווישן דעם לייטער קאָנינסקי, דעם פּעדאַגאָגישן פּערסאָנאַל און די קינדער. דאָס אָנפירן מיט דעם קינדער-אינטערנאַט אין די צייטן פון דייטשישער אָקופּאַציע איז געווען אַ שווערער ענין. די צענטראַלע האָט נישט שטענדיק געקאָנט באַזאָרגן אַלע אַנשטאַלטן מיט דעם נויטיקסטן. געווען אָפּט פאַלן, ווען די ליידיקע מאַגאַזינען פון „צענטאָס“ האָבן נישט געקאָנט שפּייזן די יתומים און קינדער פון די אינטערנאַטן און האַלבאינטערנאַטן. אין קאָנינסקיס אינטערנאַט האָבן אָבער קיינמאָל נישט געפעלט קיין פּראָדוקטן צוליב דער גוטער באַלעבאַטישקייט און גלענצענדיקער אָרגאַניזאַציע פון דעם אַנשטאַלט. קאָנינסקין איז אויך געלונגען צוצוציען צו דער הילף פאַרן אינטערנאַט עסקנים און פריינד, וואָס האָבן אונטערגעשטיצט דעם אַנשטאַלט מיט ספּעציעלע באַשטייערונגען.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די אויסזידלונג פון די וואַרשעווער יידן, האָט קאָנינסקי גוט געוווסט וווהין עס גייען די אויסגעזידלטע און וואָס עס דערוואַרט זיי דאָרט. קאָנינסקי האָט אויך גוט געוווסט, אַז די אינטערנאַטן זיינען אין אַלע שטעט די ערשטע קרבנות פון דער „אַקציע“. און דאָך איז ער פאַרבליבן אין דעם אַנשטאַלט ביז צום לעצטן מאָמענט, ביז וואַנען די ס. ס.-מערדער האָבן צוזאַמען מיט די קינדער אויך צוגענומען דעם גייסטיקן און פיזישן פּערסאָנאַל פון מילנאַ 18. אויפן אומשלאַג-פּלאַץ, פון וואַנען זיי זיינען אַוועק קיין טרעבלינקי.

קאָנינסקי איז געווען אַ מיטגליד פון די רעכטע פּועלי-ציון. ער איז געווען באַזונדערס טעטיק אין דער געז[עלשאַפט] „שולקולט“ (יידיש-העברעיש), אַלס לערער פון פאָלקס-שולן איז קאָנינסקי יאָרנלאַנג געווען טעטיק אין פאַריין פון פאָלקס-שול-לערער.

## ד"ר ל. טויבער

לייטער פון דעם מלוכה-סעמינאַר פאַר לערער פון רעליגיע אויף גענשע. האָט אָנגעשריבן אַ ריי לערנביכער פון יידישער רעליגיע אין דער פּוילישער און העברעישער שפּראַך. ער איז בשעת דער מלחמה אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט די פּוילישע גימנאַזיע-דירעקטאָרן. בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע-אַקציע פון די וואַרשעווער יידן איז ער צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקע אויף אַ צופעליקן אופן. ער איז בשעת דער פאַרניכטונגס-אַקציע געפאָרן אין אַ ריקשע. צופעליקערווייז איז אַדורכגעפאָרן עמעץ פון דעם אויסזידלונגס-שטאַב — דער ס. ס.-מאַן איז אויסגעשטיגן פון אויטאָ און צוגענומען טויבערן מיט זיין פרוי

אויפן אומשלאג־פלאץ און פון דארט קיין טרעבלינקע. ד"ר טויבער האט מיטגעארבעט און פארשיידענע העברעיסטישע געזעלשאפטן און פא־ריינען.

## דר. מיכאל בראנדשטעטער

אלט איבער 50 יאר, האט געשטאמט פון דער משפחה פון דעם באקאנטן העברעישן שרייבער בראנדשטעטער. פאר דער מלחמה איז ער געווען דירעקטאר פון א יידיש־פוילישער גימנאזיע אין לאדזש. בשעת דער מלחמה האט ער געארבעט אין דער יס"א און פארנומען דעם וויכטיקן אמט פון פערסאנאל־רעפעראט. בראנדשטעטער האט אין דער צייט פון דער מלחמה געשריבן מעמוארן וועגן זיין גרויסן פאטער. פאר דער צווייטער ליקווידאציע־אקציע, אין יאנואר 1943, איז ער קראנק געווארן אויף טיפוס. א קראנקן, א האלב־פארחלשטן האבן אים די ס. ס.־מערדער געהייסן אראפגיין פון שטוב און אים אויפן הויף זא־מענהאף 56, וו ער האט געוווינט, דערשאסן.

## מאריא קלעפפיש

לייטערין פון א מלוכהשער פאלקס־שול פאר יידישע קינדער אין דער פוילישער שפראך. קלעפפישאווא איז געווען איינע פון די מעטיק־סטע אנפירערס פון דעם לערער־פאריין. אדאנק איר איז דער פאריין פון מלוכה־לערער געווען איינער פון די בעסטע. באזונדערס שטארק איז געווען אנטוויקלט די זעלבסטהילף, וועלכע האט אפילו אויסגעבויט אן אייגן רעקאנוואלעסצענטן־הויז אויף דער ווארשעווער ליניע.

פרוי קלעפפיש האט א גאנצע צייט פון דער מלחמה געלייסטעט אן א שיעור פאר די הונדערטער ארבעטסלאזע לערער. זי האט געשאפן ארבעט אין פארשידענע אינסטיטוציעס און געזעלשאפטן, באמיט זיך וועגן שפייז־פעקלעך, געזארגט וועגן מלבושים, און אזוי אן איבערדרייס גאנצע חדשים אומדערמידלעך געארבעט לטובת די ארבעטסלאזע לע־רער, וואס האבן געלעבט אין גאר שווערע באדינגונגען. פרוי קלעפפיש איז צוזעמען געווארן קיין טרעבלינקע אין דער צייט פון דער ערשטער ליקווידאציע־אקציע.

## מ. קאפלאן

לערער פון העברעיש, אייגנטימער פון א פריוואטער פויליש־העב־רעישער פאלקס־שול אין ווארשע. קאפלאן האט יארנלאנג געפירט א טאגבוך אין דער העברעישער שפראך. דאס טאגבוך איז געווען פול מיט מליצה, האט אבער איבערגעגעבן א סך אינטערעסאנטע פאקטן פון דער צייט פון מלחמה. א טייל פון דעם טאגבוך איז איבערגעשריבן געווארן דורכן „עונג שבת" (ארכיוו פון געטא) און איבערגעגעבן געווארן

אין אַרכיוו. קאַפּלאַן איז אומגעקומען אין דער צייט פון דער ערשטער אויסזידלונג. זיין טאָגבוך איז פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט אים[206].

## מינע אַבעלמאַן

לערערין פון די „ציש"א-שולן. האָט אַ סך געטון פאַר דער פּאָפּולאַריזירונג פון וויסנשאַפט צווישן די יידישע אַרבעטער. זי פלעגט אינעם נאָמען פון דער „געזעלשאַפט אָוונט-קורסן פאַר אַרבעטער" אַרומפאָרן איבערן לאַנד און האַלטן דאָרט לעקצעס. זי איז אומגעקומען אין דער צייט פון דער ערשטער פאַרניכטונגס-אַקציע.

## יצחק וואָלפאָוויטש

איז געווען פאַר דער מלחמה לייטער פון אַ יידיש-פּוילישער גימנאַזיע און לערער פון געשיכטע אין וואַרשע. וואָלפאָוויטש איז געווען אַ טוער אין דער פאָלקס-פּאַרטיי. מצד איר איז ער געווען אַ געוויסע צייט ראַטמאַן אין וואַרשעווער שטאָטראַט.

אין דער צייט פון דער איצטיקער וועלט-מלחמה איז וואָלפאָוויטש נאָמינירט געוואָרן אַלס ראַטמאַן פון דעם יודענראַט. ער האָט אָנגעפירט מיט דער האַנטווערקער-אָפּטיילונג. בשעת דער לעצטער פאַרניכטונגס-אַקציע אין אַפּריל 1943 איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ווען די ס. ס. האָבן באַלאַגערט דאָס הויז מוראַנאָווסקאַ 40, וווּ עס האָבן געוווינט די ראַטמענער און באַאַמטע פון דעם יודענראַט.

## מאָסטקאָוו

גלענצנדע לערערין פון העברעיש אין די תרבות-שולן. זי איז אין דער צייט פון מלחמה געשטאַנען בראש פון דער קינדער-קיך אויף נאָוואָליפּקי 22, וועלכע איז געווען איינע פון די בעסטע קיכן אין געטאָ. די זאָרג פאַר די קינדער איז אין דער קיך געווען אַן אויסערגעוויינלעכע. זי איז אומגעקומען בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע-אַקציע פון די וואַרשעווער יידן.

## עוגעניוש ברוידע

אַ גלענצנדער לערער פון די ציש"אָ שולן איז בשעת דער מלחמה געווען לייטער פון אַ קינדער-קיך אויף קאַרמעליצקע 29 איז אומגעקומען אין דער ערשטער פאַרניכטונגס-אַקציע.

---

206 עס דאַרף זיין ת. א. קאַפּלאַן. דער טאָג-בוך איז נאָך דער מלחמה אָפּגעפונען געוואָרן.

## פרוי ליכטענשטיין

פרוי פון באַקאַנטן בונדישן טוער פון לאָדזש. אַ לערערין פון די ציש"אָ־שולן, איז זי געווען לייטערין פון דער קינדער־קיך אויף לעשנאָ 56. זי האָט געפירט אַן אינטערעסאַנט טאָגבוך פון די קינדער־איבער־לעבונגען.

## פרוי שפּאַצענקאָפּף

לערערין פון ציש"אָ.

## סטעפאַניאַ שווייגער

לייטערין פון דער גימנאַזיע „יהודיה". דאָס איז געווען אפשר די איינציקע פרויען־גימנאַזיע, וואָס האָט אין משך פון אַ פּאָר יאָרצענדלי־קער דערציִונג טויזנטער יידישע יוגנט אין גייסט פון געוויסן, אידעאַליזם און געזעלשאַפטלעכקייט. אין דער צייט פון דער איצטיקער מלחמה האָט זי אָנגעפירט מיט אַ קינדער־קיך. זי איז צוגענומען געוואָרן קיין טרעב־לינקע אין דער צייט פון דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע.

## עלע טענענבוים־קאַגאַן

אַ פעיקע דערציערין, לערערין פון אַ מלוכה־שול. איז געווען טע־טיק אין דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון מלוכה־לערער אַלס לאַנגיאָרי־קער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד. זי איז אומגעקומען אויף דער אַרישער זייט פון וואַרשע, האַרבסט 1943.

## די יידישע מאָלער

אין וואַרשע האָט געלעבט אַ גרעסערע גרופּע מאָלער, וואָס האָבן נאָך פאַר דער מלחמה געפירט אַ גאַנץ שווערן קאַמף פאַרן קיום. דאָס יידישע בירגערטום האָט זייער ווייניק געזאָרגט פאַר זייער עקזיסטענץ. „די געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט צווישן די יידן" האָט אין אַ גאָר באַשיידענער מאָס געהאָלפן די קינסטלער, איינגעאָרדנט אויסשטעלונגען, אָרגאַניזירט דעם פאַרקויף פון בילדער וכדומה.

עס איז געקומען די צווייטע וועלט־מלחמה. די יידישע קינסטלער האָבן איבערגעלעבט שווערע צייטן. עס איז איבערגעריסן געוואָרן דער קאָנטאַקט מיט דער אַרישער זייט, ביי וועלכער יידישע קינסטלער האָבן געהאַט טיילווייז אָפּזאַץ פון זייערע בילדער. אַ סך בילדער פון יידישע מאָלער זענען אין דער צייט פון באָמבאַרדירונג פאַרניכטעט געוואָרן.

אַ סך ווערטפולע בילדער האָבן צוגענומען די דייטשן, דערביי האָט זיי ווייניק געאַרט דער יידישער אינהאַלט פון די בילדער. די דייטשן האָבן אויך צוגענומען די לייוונטן פון די גרויסע מייסטער (ווייגלעז א״א), וואָס האָבן דעקאָרירט דעם גרויסן און קלײנעם זיצונגס־זאַל פון דער קהלה.

די יידישע קינסטלער האָבן זיך נישט פאַרלוירן אפילו אין די ביטערע צייטן. זיי האָבן אויסגעבויט אַ גאָר שטאַרקע זעלבסטהילפס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אָנגעקלאַפּט אין אַלע טירן וועגן הילף. כל זמן דער „דזשוינט“ האָט געהאַט געלט, האָט ער געשטיצט די מאָלער מיט אַ ברייטער האַנט. די יס״אַ האָט געעפנט פאַר די מאָלער אַ ספּעציעלע קיך, וואָס איז נאָך פאַרשידענע גלגולים איבערגעטראָגן געוואָרן אויף אָרלאַ 6. די דאָזיקע קיך איז געוואָרן אַ צענטער פון אַ ברייטער קולטור־אַרבעט. דאָרט פלעגן אָפט פאָרקומען די אַרויסטרעטונגען פון סאַקס, פּייווישעס און גלאַדשטיינס כאָר, ליטעראַרישע אָוונטן, דיסקוסיע־פאַרזאַמלונגען א״א. דער לאָקאַל האָט אויך געדינט פאַר קינסטלער אַלס קלוב, ווו זיי פלעגן זיך צונויפטרעפן און חבריש פאַרברענגען. אין איין צימער האָבן די מאָלער געהאַט אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן, וואָס האָט ביי דער שרעקלעכער ענגשאַפט פון געטאָ און שווערלעכע וווינונגס־באַדינגונגען געהאַט אַ גאָר גרויסע באַדייטונג.

אין יאָר 1942 איז די לאַגע פון די יידישע מאָלער געוואָרן אַ גאָר ביטערע. דער „דזשוינט“ האָט שוין נישט געהאַט קיין מיטלען, די יס״א האָט פאַר די קינסטלער געקאָנט געבן גאָר קליינע פעקלעך מיט לעבנסמיטל. די קינסטלער האָבן פשוט געהונגערט.

ווען עס זענען אָנגעקומען די שרעקלעכסטע יולי־טעג פון דער פאַרניכטונגס־אַקציע, זענען די יידישע קינסטלער, פונקט ווי די גאַנצע אינטעליגענץ, געבליבן אויף הפקר. דער עולם איז געלאָפן אין די שאָפּן, ווייל נאָר דאָס האָט אויף אַ קורצער צייט געגעבן אַ גאַראַנטיע פון ראַטעווען זיך פון די ס. ס.־נעגל. די שאָפּ־אייגנטימער: די דייטשן און זייערע יידישע מיטהעלפער האָבן אָבער פאַרלאַנגט געלט און דווקא גרויסע בייטראָגן פאַר יעדעם צוגענומענע „קעפּל“ אין שאָפּ. די יידישע אינטעליגענץ האָט אָבער נישט געהאַט קיין געלט און נישט געקאָנט זיך איינקויפן אין קיין בעסערע שאָפּן ווי טעבענס, שולץ א״א. די יידישע קינסטלער האָבן זיך דעריבער אויסגעזוכט אַ שוואַכערן שאָפּ פון דער פירמע מיללער אויף מילנאַ 18 און דאָרט זיך אינסטאַלירט. ווען עס האָבן אויסגעפעלט א״ג „ווילדע“, ד. ה. נישט פאַרשריבענע אין די שאָפּן, האָט מען גענומען שלעפּן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ מענטשן פון שאָפּן, וועלכע האָבן געהאַט קלענערע פּראָטעקציע אין דער „בעפעלשטעללע“, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער פאַרניכטונגס־אַקציע פון די יידן. די ערשטע קרבנות זענען געווען די שוואַכערע שאָפּן. אין אויגוסט

1942 האָט די ס. ס. מיט די אוקראַינער צוגענומען דעם גאַנצן שאָפּ פון מיללער. דעמאָלט זענען אומגעקומען די אָנגעזעענסטע קינסטלער:

שליוואַק, טרעמבאַטש, ראַבינאָוויטש, אַסטשענאַ, טיקאַטשינסקי, ראָמאַן ראָזענטאַל, אַדאַם הערשאַפט, ראָמאַן קראַמשטיק, אוזדאַנסקי, רעגינאַ מונדלאַק, מאַקסימיליאַן עליאָוויטש, פרידמאַן.

## אַדוואָקאַטן

## אַלעקסאַנדער מאַרגאָלים

באַרימטער יידישער אַדוואָקאַט אין וואַרשע, באַקאַנט פאַר דער מלחמה פון דעם פּאָליטישער פראָצעס, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס אין דער גאַנצער יידישער וועלט. אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק זענען געזעסן יידן, וועמענס „פאַרברעך" עס איז געווען דאָס פאַר־טיידיקן זיך קעגן די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס. מאַרגאָלים, באַוואָפנט מיט אַ גרויס יורידיש וויסן, מיט אַ גלענצנדן רעדנער־טאַלאַנט, האָט דעמאָלט מיט גרויס ווירדע פאַרטיידיקט די יידישע אָנגעקלאָגטע און דורך זיי די גאַנצע יידישע געזעלשאַפט.

בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז מאַרגאָלים אַוועק קיין לעמ־בערג, ווו ער האָט אונטער דער דייטשישער אָקופּירונג אָנגעפירט מיט דער קאָנטראָל־אָפּטיילונג פון דער קהילה. מאַרגאָלים האָט נאָך אין די סאָוויעטישע צייטן אַרויסבאַקומען פּאַפּירן פון האָנדוראַסער בירגער־שאַפט. אין ווינטער 1941/42 קומט פאַר אין לעמבערג די רעיעסטראַציע פון אויסלענדישע בירגער. מאַרגאָלים אַנטלויפט דעמאָלט קיין וואַרשע. אַ פּאָר טעג פאַר דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע ווערט פאַראָרדנט, אַז אַלע אויסלענדישע בירגער זאָלן זיך מעלדן אין דער הויפּט־קאָמענ־דע פון דעם יידישן אָרדנונגסדיינסט, פון וואַנען אַלע זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אויפן פּאַוויאַק. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט מען די אַלע אויסלענדישע בירגער אין איינעם פון די אַקציע־טעג אַרויס־געשיקט קיין טרעבלינקע. צווישן די אומגעקומענע האָט זיך אויך גע־פונען דער איידעלער און סימפּאַטישער אַדוו. מאַרגאָלים.

## לעאָן בערענסאָן — דער פאַרטיידיקער פון פּוילישע פרייהייטס־קעמפער

באַרימטער פאַרטיידיקער פון פּוילישע פרייהייטס־קעמפער פאַר די רוסישע געריכטן. בערענסאָן, אַ דרייסטער און מוטיקער, פלעגט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרויסטרעטן פאַר די געריכטן, איינשטעלנ־דיק זייער אָפּט דעם קאָפּ. בערענסאָן האָט די דאָזיקע לוימערע גע־שטאַלטן פון די פּוילישע פרייהייטס־קעמפער באַשריבן אין דעם אָרגאַן

פון פּ. פּ. ס. „Robotnik" און אין דעם ליטעראַרישן וואָכנבלאַט „Wiadomości Literackie" אונטער דעם קעפּל: „Ze sali śmierci" — די דאָזיקע סעריע אַרטיקלען האָט באַוויזן, אַז אין בערענסאָנען האָט די פּוילישע ליטעראַטור פאַרלוירן אַ שטאַרקן טאַלאַנט.

אין די צייטן פון אומאָפּהענגיקן פּוילן איז בערענסאָן ווייטער געווען פּאָליטישער פאַרטיידיקער. באַזונדערס באַרימט זענען געווען זיינע אַרויסטרעטונגען אין דעם בריסקער פּראָצעס, אין דעם פּראָצעס פון פּוילישן פאַשיזם קעגן די אַנטיפאַשיסטישע כוחות פון אַרבעטער און פּויערים. זיין לעבן פון אַן אידעאַליסט, דאָס ווידמען אַלע זיינע כוחות דער פאַרטיידיקונג פון די גערודפטע האָבן אים געוווּנען אַ שם. אין גאַנץ פּוילן. אַ שם פון אַ לויטערער, ריינער פערזענלעכקייט, פאַר וועלכער עס בייגן די קעפּ אַלע, אפילו די פאַרביטערטסטע קעגנער.

בערענסאָן אַלס אַסימילירטער ייד האָט ביז צו דער איצטיקער וועלט־מלחמה נישט געוווּסט גאָרנישט וועגן יידישן לעבן. ערשט די צווייטע וועלט־מלחמה האָט בערענסאָנען צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע אַסימילירטע יידן אַריינגעוואָרפן אין געטאָ. בערענסאָן, וואָס האָט שוין אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה זיך אַביסל דערנענטערט צו יידן און יידישע פראַגן, האָט זיך אין דער צייט פון מלחמה אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן ברען אין די יידישע געזעלשאַפטלעכע ענינים. בערענסאָן האָט זיך פאַרבונדן מיט די געזעלשאַפטלעכע קרייזן, וואָס האָבן גע־שטרעבט אַריינצוברענגען אַ טיפן שינוי אין דער טעטיקייט פון דער קהילה. צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון געזעלשאַפטלעכע קרייזן האָט בערענסאָן איבערגענומען — אינעם נאָמען פון די דאָזיקע עלעמענטן — די אָפּטיילונג פון קאָנטראָל, ווי אויך דעם אַרבעטסאַמט. נאָר אינגיכן האָט זיך אָבער בערענסאָן געקאָנט איבערצייגן, אַז דאָס איז אַ ברכה לבטלה, אַז דעם קאָרומפּירטן, דעמאָראַליזירטן קהילה־אַפּאַראַט קאָן מען נאָר פאַרגיכטן, צעברעכן, פולשטענדיק ליקווידירן, אָבער עס איז נישט מעגלעך אים צו רעפאָרמירן. בערענסאָן האָט דעריבער צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון פּאָליטישע ריכטונגען איבערגעריסן אַלע באַציונגען מיט דער קהילה.

אין ווינטער 1941 י. האָב איך זיך געווענדעט צום אַדוו. בערענסאָן וועגן מיטאַרבעט אין „עונג שבת" (אַרכיוו פון געטאָ). איך האָב אים פאָרגעלייגט צו שאַפן אַ יורידישע אָפּטיילונג, וואָס האָט געזאָלט פאָרשן דאָס רעכטלאָזע לעבן פון די יידן אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע, די דייטשישע געזעצגעבונג לגבי די יידן אין טעאָריע און פּראַקטיק, די באַציונג פון דער פּוילישער פּאַלעסטרע צו יידן און צו יידישע פראַגן אד"גל. בערענסאָן האָט מיט אַן אמתער צופרידנקייט אויפגענומען מיינע פאָרשלאַגן. ער האָט מיר גלייכצייטיק איבערגעגעבן, אַז ער פירט אַ טאָגבוך, וועלכעס ער וועט שטעלן צו דער דיספּאָזיציע פון „עונג־

שבת". בערענסאָן האָט גלייך געפֿונען צווישן זיינע פֿריינד און תּלמידים — יוריסטן, וואָס זענען צוגעטראָטן צו פֿאָרשן דעם ענין. אינצווישן איז אָבער אַדוו. בערענסאָן פּלוצים געשטאָרבן אויף אַ האַרצשלאַג אין ווינ־טער 1941.

## אַדוואָקאַט בריאַנסקי

איז פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען יוריסט־קאָנסול פֿון דער געזעלשאַפֿט „צענטאָס". ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, איז אַדוו. בריאַנסקי געווען איינער פֿון די געציילטע „צענטאָס"־מיטאַרבע־טער, וואָס זענען געבליבן אויפֿן פּאָסטן. אין די געפֿערלעכע טעג פֿון דער באָמבאַרדירונג פֿון וואַרשע איז בריאַנסקי צוזאַמען מיט פּרוי רחל שטיין און ד"ר בערמאַן געשטאַנען בראש פֿון די „צענטאָס"־אַנשטאַלטן. די דאָזיקע איבערגעבענע טוער האָבן מיט אַ הייפּל פּערסאָנאַל באַ־דינט די יתומים פֿון פֿאַר דער מלחמה, וואָס זענען געווען אין די אַנ־שטאַלטן פֿון „צענטאָס". אין דער צייט פֿון באָמבאַרדירונג זענען אויפֿ־געקומען טויזנטער נייע מלחמה־יתומים, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אויף די גאַסן, אויף די ביידעמער, אויף די טרעפּ, הייף, אין חורבות אאַ"וו. פֿאַר זיי האָבן עס בריאַנסקי, ד"ר בערמאַן א"א געשאַפֿן נייע אינטערנאַטן, א"ג פּליענדע אינטערנאַטן, גערופֿן אַזוי דערפֿאַר, ווייל צו־ליב דער באָמבאַרדירונג און דער פֿאַרניכטונג פֿון אַלץ נייע הייזער האָט מען כסדר געמוזט אויסגעפֿונען נייע לאָקאַלן פֿאַר די אינטערנאַטן. אי־נעם נאָמען פֿון „צענטאָס" איז ה. בריאַנסקי געווען באַטייליקט אין דער קאָאָרדינירן־קאָמיסיע פֿון די יידישע הילפֿס־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט געלייגט דעם יסוד פֿון דער גרויסער הילפֿס־אַרבעט אין וואַרשע. אַדוו. בריאַנסקי האָט נישט געהאַט די אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿעיקייטן פֿאַר אַזאַ גראַנדיעזער און פֿאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט פֿון אַזעלכע שווערע צייטן. ער האָט אָבער געהאַט דעם גוטן ווילן און דער עיקר האָט ער זיך נישט אָפּ־געשטעלט פֿאַר קיין שום סכנה, כדי צו העלפֿן די פֿאַריתומטע קינדער, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין היים און קיין אַדרעס צו ווענדן זיך צו ווענדן וועגן הילף.

עס איז געקומען דער שרעקלעכער יאַנואַר 1940. די ערשטע מאַסן־אַרעסטן פֿון דער יידישער אינטעליגענץ אין וואַרשע. איבער 100 פּער־זאָן פֿון דער יידישער אינטעליגענץ זענען פֿאַרהאַלטן און דערשאָסן גע־וואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ענין קאָט. דער לעצטער — אַ משומד — איז געכאַפּט געוואָרן ביי אַן אומלעגאַלער אַרבעט (ראַדיאָ, דרוקעריי א"א). עס איז אים אָבער געלונגען צו אַנטלויפֿן. די דייטשן האָבן פֿאַר־לאַנגט, אַז דער יודענראַט זאָל אויסגעפֿינען קאָט אויפֿהאַלטסאָרט. אַזוי ווי דאָס איז נישט געשען, האָט מען איבער 100 אַדוואָקאַטן, אינזשי־ניערן, דאָקטוירים, לערער א"א דערשאָסן. צווישן די קרבנות האָט זיך געפֿונען בריאַנסקי.

# אַדוו. ל. בוימבערג

פאַר דער מלחמה האָט ער געהערט צו די אַקטיוווסטע געזעלשאַפטלעכע טוער. ער איז געווען פאַרוואַלטונגס=מיטגליד פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, דער רוב פון בירגערלעכן כאַראַקטער. ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט מלחמה, איז אַדוו. בוימבערג אַוועק קיין מזרח. נאָכן אָקופּירן דעם מזרח=געביט דורך די דייטשן, איז ער צוריקגעקומען קיין וואַרשע. דאָ האָט אים דער אָבמאַן פון יודענראַט, טשערניאַקאָוו, איבערגעגעבן די אָנפירונג פון דעם קוואַרטיר=אַמט. אַדוו. בוימבערג, אַ מענטש מיט ריינע הענט, האָט געזאָלט אויסקערן דאָס מיסט פון דער אויגיאַש=שטאַל אין דעם קוואַרטיר=אַמט. דערצו איז אָבער נייטיק געווען אַ נייער הערקולעס און נישט קיין צוזאַמענגעבראָכענער, נישט פּראַקטישער אַדוואָקאַט. דאָס גאַנצע ביוראָ איז געווען פון גרונט אויס צעפוילט און דעמאָראַליזירט. פון דעם באַשיידענעם שבירות האָט קיינער נישט געקאָנט אויסלעבן. עס האָט דעריבער געבליט כאַבאַר אין אַלע קעמערלעך. כאַבאַר האָבן גענומען די קאָנטראָלערן, וואָס האָבן געדאַרפט פעסטשטעלן דעם שטח פון יעדער דירה און די צאָל איינגעמאָלדענע איינוווינער. איז נישט געלונגען אונטערצוקויפן דעם באַאַמטן ער זאָל אָנגעבן אַ גרעסערע צאָל איינוווינער ווי אין דער ווירקלעכקייט און אַ קלענערן שטח, האָט מען ביי אַ צווייטן באַאַמטן אויסגעפועלט מען זאָל דעם באַריכט פון דעם קאָנטראָלער באַהאַלטן אונטערן טישטוך. איז דאָס נישט געלונגען און דער רעפערענט האָט שוין באַשטימט נייע לאָקאַטאָרן אין אַזאַ דירה, האָט מען דורך כאַבאַר געקאָנט באַווייזן, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטענדעניש, אַז דער שטח איז אַ קלענערער אד״גל. עס איז געווען אַ געדיכטע נעץ פון פּראָטעקציע און כאַבאַר און דער בעסטער אויפטוער וואָלט זיך נישט געקאָנט אַרויספּלאָנטערן פון דער דזשונגלע. נישט קיין חידוש, אַז דאָס קוואַרטיר=אַמט האָט אין בוימבערגס צייטן גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן, אַלץ איז געבליבן ביים אַלטן. בוימבערג איז אין יאַנואַר 1943 צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקע.

# אַדוו. [מיכאַל] סוריץ

אַז אָנגעזעענער אַדוואָקאַט אין וואַרשע, מיטאַרבעטער פון „מאָמענט“, ווו ער האָט רעדאַגירט די יורידישע אָפּטיילונג. אַ רײ יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט=מלחמה האָט ער באַזוכט ראַטנפאַרבאַנד און אָנגעשריבן וועגן דעם אַ סעריע אַרטיקלען, וואָס זענען דערנאָך אַרויס אין בוך=פאָרם. סוריץ האָט אויך געשפּילט אַ געוויסע ראָל אין פּרילוצקים פאָלקיסטישער פאַרטיי.

נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט=מלחמה איז אַדוו. סוריץ געלונגען צו ווערן סאָוויעטישער בירגער און אַלס אַזעלכער פלעגט ער

אָפּט באַזוכן דאָס געטאָ און דערלייזיקן דאָרט פאַרשידענע געשעפֿטן. ווען עס איז אויסגעבראָכן די סאָוויעטיש־דייטשע מלחמה, איז סוריץ צוזאַמען מיט אַלע סאָוויעטישע בירגער אינטערנירט געוואָרן אויפן פּאַוויאַק. קיין איינער איז פון זיי נישט אַרויס קיין לעבעדיקער. און דאָך איז אַדוו. סוריצן געלונגען אַרויס אויף דער פריי און אפילו געלונגען צו קריגן אַ פּשעפּוסטקע אויף אַריינצוגיין אין געטאָ. שפּעטער איז ער אָבער ווידער געוואָרן פאַרהאַפטעט און זיכער אומגעבראַכט געוואָרן אויפן פּאַוויאַק פונקט ווי אַלע סאָוויעטישע בירגער.

## אדוו. סטאַניסלאַוו בענקעל

אַ באַקאַנטער אַדוואָקאַט אין וואַרשע. געשטאַמט האָט ער פון אַן אַלטאײַנגעזעסענער וואַרשעווער יידישער משפּחה, וועמענס נאָמען עס איז פאַרצייכנט אין די אַנאַלן פון דער יידישער געשיכטע אין וואַרשע. בענקעל האָט פאַר דער מלחמה געהערט צו דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.). ער איז געווען מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט און איינער פון די אָנגעזעענסטע פירער פון דער באַוועגונג. בענקעל האָט געהערט צום פאַרבאַנד פון סאָציאַליסטישע אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן פאַרטיידיקט פּאָליטישע אַרעסטירטע אָן אונטערשייד פון איבערצייגונגען. בענקעל איז באַקאַנט געוואָרן אין בריסקער פּראָצעס, בשעת וועלכן ער האָט פאַרטיידיקט די פּ. פּ. ס.־ישע באַשולדיקטע פאַר דעם געריכט פון דער פאַשיסטישער סאַנאַציע. פאַר דער מלחמה איז אַדוו. בענקעל געווען יוריסט־קאָנסול פון „דזשוינט" און פון געזעלשאַפטן געשאַפענע דורכן „דזשוינט". אַדאַנק דעם קומט דער אַסימילירטער בענקעל, וואָס איז ווייט געשטאַנען פון יידישן לעבן, אין קאָנטאַקט מיט דער יידישער געזעלשאַפט, מיט די פראַגן און פּראָבלעמען, וואָס זענען געשטאַנען פאַר איר.

ווען עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה, ווערט אַדוו. בענקעל אַריינגעצויגן אין דער קאָנקרעטער הילפס־אַרבעט. ער נעמט איבער די אָפּטיילונג פון פּליטים. ער דערנענטערט זיך צום יידישן לעבן און ער ווערט אַלץ מערער באַקאַנט מיט די אייגנאַרטיקע פּראָבלעמען און פראַגן פון דער יידישער קעגנוואַרט.

אין יאַנואַר 1940 קומען פאַר די ערשטע גרויסע אַרעסטן פון דער יידישער אינטעליגענץ אין וואַרשע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַנטלויפן פון דעם פרייהייטס־קעמפער, דעם משומד קאָט. בענקעל געפינט זיך אויף דער ליסטע פון די אַרעסטירטע. ער ווערט אַרעסטירט דורך דער געסטאַפּאָ און זינט דעמלט פאַרשווינדט וועגן אים יעדער שפּור. ער ווערט צוזאַמען מיט אַנדערע אַרעסטירטע דערשאָסן. זיין פרוי, אַ באַקאַנטע קינדער־דאָקטערין, באַגייט זעלבסטמאָרד נאָכדעם ווי איר ברודער, דער אַדוו. בוימבערג, איז אין יאַנואַר [1943] צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקע.

## אַדוו. גאַמאַרניקאָוו

אַ אָנגעזעענער אַדוואָקאַט פון וואַרשע, איז אין אָנהייב מלחמה פאַרהאַלטן געוואָרן אַלס ערבניק דורך די דייטשן. ער איז געווען פאַר־טרעטער פון אַ קהילה־ראַטמאַן. זיין אַרעסט איז געשטאַנען אין צו־זאַמענהאַנג מיט די טעראָר־שטימונגען, וואָס די דייטשן האָבן געוואָלט פאַרשפּרייטן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. אַדוו. גאַמאַרניקאָוו, אַ פיזיש־שוואַכער, איז סוף אין 1939 געשטאָרבן אין תפיסה (פּאַוויאַק).

## אַדוו. באָלעסלאַוו ראָזענשטאַט

איז געווען דער בייזער גייסט פון „אָבמאַן" טשערניאַקאָוו. ער איז דאָס געווען דער בעל־יועץ פון פּרעזעס טשערניאַקאָוו, וואָס האָט אים אונטערגערוקט די פאָלקס־פיינטלעכע שטייערן און אָפּצאָלן. ער האָט עס אָפּגעהאַלטן דעם פּרעזעס פון רעכענען זיך מיט דער מיינונג פון די געזעלשאַפטלעכע קרייזן. ראָזענשטאַט האָט געקעמפט מיט די אָנגע־שטעלטע, ער האָט באַקעמפט זייערע גערעכטע פאָדערונגען, אַ שלעכ־טער פון דער נאַטור, איז ער געווען די פאַרקערפּערונג פון פאָלקספיינט־לעכע כוחות אין דער וואַרשעווער קהילה. פון זיין קאָפּ איז אַרויסגע־שפּרונגען דער געדאַנק פון גלייכשאַלטן די לעצטע רעשטלעך פון גע־זעלשאַפטלעכקייט, כאַריטאַטיווע הילפס־געזעלשאַפטן. זיין פּראָיעקט איז עס געווען אונטערצוּוואַרפן די הויז־קאָמיטעטן אונטער דער השגחה פון דער קהילה. ער איז אומגעקומען בשעת דער יאַנואַר־אַקציע אין 1943.

## סעווערין שאַראָגראַדער

באַקאַנטער לאָדזשער אַדוואָקאַט, ער איז געווען פּרעזעס פון דער ציוויל־ער אָפּטיילונג פון קרייז־געריכט אין לאָדזש. צוזאַמען מיט די טויזנטער לאָדזשער פּליטים איז ער געקומען קיין וואַרשע. ער איז צוגענו־מען געוואָרן קיין טרעבלינקע בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע פון די וואַרשעווער יידן.

## פּערקאַל

אַ קאַלישער אַדוואָקאַט, געווען מעסיק אין דאָרטיקן געזעלשאַפט־לעכן לעבן (אין גמילות־חסדים־קאַסע, אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק, אין סוחרים־פאַריין א"א). קיין וואַרשע איז פּערקאַל געקומען גלייך ביים אָנהייב מלחמה צוזאַמען מיט טויזנטער יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון „רייך". ער איז געוואָרן לייטער פון דעם פּליטים־פּונקט פאַר דער חלו־צישער יוגנט אויף דזשיקע 27, וועלכן ער האָט אַוועקגעשטעלט אויף דער

געהעריקער מדרגה. שפּעטער איז ער געוואָרן קאָמיסאַר פון אַ הויז מצד דער „פאַרוואַלטונג פון די פאַרזיכערטע הייזער". ער איז געווען שטאַרק טעטיק אין דער קאַלישער לאַנדסמאַנשאַפט. פערקאַל איז צוגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקע בשעת דער ערשטער ליקווידאַציע-אַקציע פון די וואַרשעווער יידן.

## לעאָנאַרד הימעלפאַרב

באַקאַנטער וואַרשעווער אַדוואָקאַט. געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק ביי די אַלגעמיינע ציוניסטן. אין דער צייט פון דער מלחמה האָט ער געאַרבעט אין דער יורידישער אָפּטיילונג פון יודענראַט. ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין דער צייט פון דער לעצטער ליקווידאַציע-אַקציע אין אַפּריל 1943, ווען דאָס הויז מוראַנאָווסקע 40, וווּ ער האָט געוווינט, איז געווען אַרומגערינגלט דורך ס. ס. און עס איז נישט געווען קיין וועג צו ראַטעווען זיך.

# די פּויליש־יידישע באַציונגען
# אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

ווען אַ סופר טרעט צו איבערצושרייבן די תורה מוז ער — אין הסכם מיט די רעליגיעזע פּאָרשריפטן — גיין אין מקווה און זיך אָפּרייניקן פון אַלע זינד און שמוץ. דער סופר נעמט אין האַנט אַריין די פעדער מיט האַרצקלאַפּעניש, ווייל דער קלענסטער טעות ביים איבערשרייבן איז עלול קאַליע צו מאַכן דאָס גאַנצע ווערק. פּונקט מיט אַזאַ געפיל פון פחד בין איך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט אונטערן אויבן־אָנגעגעבענעם טיטול. איך שרייב די דאָזיקע אַרבעט אין אַ בונקער אויף דער אַרישער זייט[1]. צוויי מאָל האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין לעבן אין משך פון דער איצטיקער מלחמה דער הילף פון פּאָליאַקן: איין מאָל ווינטער, 1940, ווען אַ געבענטשטע האַנט פון דער פּוילישער אונטערערד האָט מיר אַרויסגעראַטעוועט פון אַ אומפאַרמיידלעכן טויט[2]; אַ צווייט מאָל — ווען די זעלביקע האַנט האָט מיר אַרויסגעצויגן פון אַן אַרבעטס־לאַגער פון עס־עס, וו עס האָט אויף מיר געוואַרט אַ טויט פון אַן עפּידעמיע אָדער פון אַ קויל פון אַן אוקראַאינער אָדער אַן עס־עס־מאַן[3]. מיין פּערזאָן איז אַ קאָנקרעטער באַווייז, אַז די פעסטשטעלונג פון געוויסע יידישע קרייזן, אַז די גאַנצע

---

[1] רינגעלבלום האָט זיך צוזאַמען מיט זיין משפחה אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער אויף גרויעצקע גאַס נ׳ 81, וו עס האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע און דרייסיק יידישע נפשות. גענויי וועגן דעם בונקער שרייבט רינגעלבלום אין דער דאָזיקער אַרבעט, זע זייטן: 361 — 368. דעם 7 מערץ 1944 איז דער בונקער אויפגעדעקט געוואָרן דורך געסטאַפּאָ. רינגעלבלום באַנאַנד מיט זיין פרוי און זון און אַלע יידן זיינען אין אַ צייט שפּעטער דערשאָסן געוואָרן, און צוזאַמען מיט זיי אייגער פון די פּאָלאַקן, וואָס האָבן געהאַט די אַפּוטרופּסות איבערן בונקער — מיעטשיסלאַוו וואָלסקי.

[2] אין נאָוועמבער 1940 האָבן צוויי פּוילישע אונטערערד־טוער מיטגעטיילט רינגעלבלומען אין נאָמען פון דער פּוילישער אונטערערדישער אויספירונג, אַז אויף דער פּאָסט איז פאַראַן אַ מסירה אויף אים. אַדאַנק דעם האָט רינגעלבלום אויסגעמיטן אַן אַרעסט אָדער דעם טויט. ער דערמאָנט וועגן דעם אין זיינע געטאָ־נאָטיצן (I באַנד).

[3] נאָכן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז רינגעלבלום אַרויסגעפירט געוואָרן אין דעם עס־עס־לאַגער אין טראַווניק (לובלינער געגנט). די יידישע אונטערערד האָט זומער־צייט 1943 אָרגאַניזירט מיט דער הילף פונעם פּוילישן אונטערערד־טוער טעאָדאָר מאַיעווסקי (רינגעלבלום שרייבט וועגן אים אין דער דאָזיקער אַרבעט (זע ז׳ 362 און 363) און פון דער יונגער יידישער פאַרבינד=

פּוילישע באַפעלקערונג זאָל זיך כלומרשט האָבן געפרייט פון דער פאַרניכטונג פון די פּוילישע ייִדן, אַז עס זאָלן נישט האָבן געווען אויף דער אַרישער זייט קיין מענטשן מיט הארץ, וועלכע ווייטיקן און ליידן צוליב דער טראַגעדיע פון ייִדישן פאָלק אין פּוילן — איז ווייט פון אמת. פון דער צווייטער זייט קענען די פּוילישע קרייזן זיך פילן געטראָפן מיט מיינע אויספירן, אַז פּוילן איז אין היגזיכט פון ראַטעווען ייִדן נישט געשטאַנען אויף דער זעלביקער הויך וואָס מערב־אייראָפּע. איך בין אַ היסטאָריקער, וועלכער האָט פאַר דער מלחמה אַרויסגעגעבן אַ ריי אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן. איך באַגער צו שרייבן אָביעקטיוו, אָן ליידנשאַפטן, וועגן דעם פּראָבלעם פון די פּויליש־ייִדישע באַציִונגען אין דער צייט פון דער איצטיקער מלחמה, נישט געקוקט דערויף וואָס אין אַזעלכע טראַגישע מאָמענטן פון מיין פאָלק איז נישט אַזוי לייכט זיך אויפצוהייבן איבער די ליידנשאַפטן און איינהאַלטן אַ קאַלטן אָביעקטיוויזם. איך בין אַליין אַ קרבן פון היטלעריזם, מען האָט מיר צוגענומען צוויי שוועסטער מיט זייערע משפּחות, דעם איינציקן ברודער מיט דער משפּחה, פיר שוואָגערס מיט זייערע משפּחות, שוין נישט רעכענענדיק די נאָענטערע און ווייטערע קרובים און נישט וויייניקער טייערע פריינט און מיטאַרבעטער. איך שרייב די האָזיקע אַרבעט, ווען עס דויערט נאָך די מערדערישע מלחמה, ווען עס איז נאָך נישט באַוווסט וואָס עס וועט ווערן מיט דער שארית הפליטה פון די אייראָפּעישע ייִדן. דער מאַטעריאַל צו דער האָזיקער אַרבעט איז נאָך זייער פריש, ער איז נאָך נישט רייף געוואָרן צו דער אָביעקטיווער אָפּשאַצונג פונעם היסטאָריקער. עס פעלט אַ סך אָפיציעלע מאַטעריאַלן, פּרעסע־מאַטעריאַלן און אַזוי ווייטער, מיט וועלכע מען וועט דאַרפן דערגענצן אָט די אַרבעט נאָך דער מלחמה. די מיינונגען וואָס ווערן דאָ אויסגעדריקט זענען אַן אויסדרוק פון דעם בליק, וואָס הערשט אין געוויסע פּראָגרעסיווע קרייזן פון צווישן דעם הייפל אָפּגעראַטעוועטע פונעם פאָגראָם פון אַ גאַנץ פאָלק, און ווי אַזעלכע וועלן זיי זיין אַ צושטייער פאַרן קינפטיקן היסטאָריקער פון דער ייִדישער געשיכטע אין פּוילן אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה.

*      *
*

פון די ניין מיליאָן ייִדן אין אייראָפּע זענען געבליבן בלויז צוויי־דריי מיליאָן, פון די דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן פּוילישע ייִדן איז געבליבן אַ פערטל מיליאָן, און עס איז נאָך נישט באַוווסט וואָס עס וועט מיט זיי געשען אין דער נאָענטסטער צוקונפט. מיליאָן ייִדן פון אַלע טיילן פון דער וועלט און בפרט די פּוילישע ייִדן פון אויסלאַנד, און צוזאַמען מיט

לערין עמילקע קאַסאָווער, אַן אַקציע אַרויסצושלעפּן רינגעלבלומען פונעם לאַגער. די אַקציע איז געלונגען און רינגעלבלום איז געבראַכט געוואָרן קיין וואַרשע.

זיי די גאַנצע וועלט, שטעלט די פראַגע, ווי האָט זיך פאַרהאַלטן דאָס פוילישע פאָלק אין אָט די טראַגישע מאָמענטן, ווען מיליאָנען יידן זענען געגאַנגען מיטן וועג פון דער פילפאַכיקער „גאָלגאָטע“, קיין טרעבלינקע, בעלזשעץ, אָשוויענטשים און כעלמנאָ? עס איז אַלגעמיין באַקאַנט, וואָס פאַראַ יסורים דאָס פוילישע פאָלק האָט אויסצושטיין פון דעם דייטשישן אונטערדריקער. אָשוויענטשים און מאַידאַנעק, דאַכאַו און אָראַניענבורג — די און אַנדערע ערטער, אין וועלכע מען קאַטעוועט און מען פאַרפייניקט אויף טויט אַלדאָס בעסטע פון פוילן, זענען באַקאַנט ווייט מחוץ די גרענעצן פון לאַנד. און פונדעסטוועגן, גישט געקוקט אויף די ליידן פון פוילישן פאָלק, שטעלט די וועלט אַ פראַגע: וואָס האָבן געטאָן די פאָליאַקן אין מאָמענט, ווען מיליאָנען פוילישע יידן זענען געפירט געוואָרן אויפן שייטער=הויפן, וואָס האָט געטאָן די פוילישע אונטערערד, דער פאַרטרעטער פון דער פוילישער רעגירונג אין לאַנד און זיינע עקספּאָזיטורן אין דער פּראָווינץ, כדי צו ראַטעווען כאָטש אַ טייל פון זייערע בירגער פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט. זינט טויזנט יאָר לעבן צוזאַמען מיט זיך דאָס פוילישע און יידישע פאָלק אויף איין ערד. וואָס האָבן געטאָן אונדזערע שכנים אין דעם מאָמענט, ווען דער באַוואָפנטער פון קאָפּ ביז פיס אָקופּאַנט האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן צוממערסטן שוצלאָזן פאָלק, אויף די יידן? שווין=זשע האָט מען, נישט געקוקט אויפן עקזיסטירנדיקן טעראָר, געגעבן אַן אַזיל די קרבנות פון היטלעריזם, וועלכע זענען געלאָפן פון די געטאָס צו דער אַזוי גערופענער אַרישער זייט? צי דער דאָזיקער אַזיל האָט עקזיסטירט בלויז דעמלט, ווען מען האָט פאַר אים גראָב באַצאָלט, און ער האָט זיך געענדיקט מיטן מאָמענט ווען עס האָט זיך געענדיקט דער מזומן? די גאַנצע וועלט פרעגט, צי אין דעם לאַנד ,אין וועלכן די יידן האָבן געהאַט ריזיקע פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און מסחר — אין דעם לאַנד, אין וועלכן די יידישע אַרבעט האָט אויפגעבויט ווין=הייזער און פאַבריקן, האַנטווערקער=וואַרשטאַטן און האַנדלס=אונטערנעמונגען, אין וועלכן גאַנצע פּראָדוקציע=צווייגן האָבן זיך אַנטוויקלט אין משך פון יאָר=הונדערטער אַראַנק דער מי פון יידישע דורות — האָט מען געטראַכט וועגן דעם אַלעמען אין מאָמענט פון דער גרעסטער סכנה פון די פוילישע יידן? האָס פוילישע פאָלק און די פוילישע רעגירונג זענען נישט געווען אומשטאַנד אָפּצוווענדן פון זייערע יידישע בירגער דעם צעשמעטערנדיקן היטלעריסטישן פרעס=אייזן. אָבער עס איז דערלויבט זיך צו פרעגן, צי די שטעלונג פון פוילישן פאָלק איז געווען אַנטשפּרעכיק צו דעם ריזיקן אומגליק וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די יידן? ווען די „טויט=צוגן“ זענען געלאָפן פון פאַרשידענע געגנטן פון לאַנד קיין טרעבלינקע אָדער אַנדערע אומקום=ערטער, צי דעמלט האָבן זייערע לעצטע בליקן אויף גאַסס וועלט געמוזט פאַלן אויף די גלייכגילטיקע אָדער אַפילו צופרידענע פּנימער פון זייערע שכנים? צי דעמלט ווען דעם פאַראַיאָריקן זומער זענען איבער די גאַסן פון דער הויפט=שטאָט

געפֿאָרן װעגענער אָנגעלאָדענע מיט געכאַפּטע ייִדישע מענער, פֿרויען און קינדער, האָט זיך געמוזט אויף יענער זייט פֿון די געטאָ־מויערן צעהילכן אַ געלעכטער פֿונעם צעווילדעוועטן המון? אָדער צי האָט געמוזט הערשן אַ טעמפּע גלייכגילטיקייט לגבי דער גרעסטער טראַגעדיע פֿון אַלע צייטן? עס שטעלט זיך נאָך איין פֿראַגע: צי האָט מען נישט געדאַרפֿט אין אַזעלכן עס איז נישט אופֿן ברענגען צום אויסדרוק די געפֿילן אין אָנבליק פֿון דער שחיטה איבער אַ גאַנצן פֿאָלק? פֿאַרוואָס — פֿרעגן מיר — האָבן די האָלענדער, בעלגיער און פֿראַנצויזן אָנגעטאָן בענדער מיטן מגן דוד אין מאָמענט ווען מען האָט זיי איינגעפֿירט פֿאַר די ייִדן, און אין פּוילן האָט מען דאָס נישט מאַניפֿעסטירט, בשעת מיליאָנען פּוילישע בירגער פֿון ייִדישן אָפּשטאַם זענען געפֿאַלן פֿון די הענט פֿון דעם תּלין פֿון אונטערן צייכן פֿון האַקן־קרייץ? פֿאַרוואָס — פֿרעגן מיר ווייטער — האָט מען געקענט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס פֿאַרקלענערן די גאַנגרענע פֿון מסירות, שפּיצלעריי און קאָלאַבאָראַציע מיט די דייטשן אינערהאַלב דער אייגענער געזעלשאַפֿט, און מען האָט גאָרנישט געטאָן כּדי צו פֿאַרקלענערן די ריזיקע כוואַליע פֿון שאַנטאַזשן און מסירות לגבי דעם הייפֿל פּוילישע ייִדן, וואָס זענען פֿאַרבליבן נאָך דעם פּאָגראָם פֿון גאַנצן פֿאָלק? אַזוינע און ענלעכע פֿראַגן שטעלט טאָג־איין טאָג־אויס דער לעצטער פֿערטל מיליאָן פֿון די פּוילישע ייִדן, וואָס כּדי זיי צו ראַטעווען איז נויטיק אַ נס. דאָס פּוילישע און ייִדישן פֿאָלק, וועלכע לעבן צוזאַמען זינט הונדערטער יאָרן, האָבן געהאַט — ווי דאָס טרעפֿט צווישן שכנים — קאָנפֿליקטן און סכסוכים אויפֿן ווירטשאַפֿטלעכן, קולטורעלן צי פּאָליטישן באָדן, אָבער עס איז דערלויבט צו פֿרעגן, צי אין אָנבליק פֿון אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע יסורים, וועלכע עס קען נישט די געשיכטע פֿון דער וועלט, האָט מען נישט געדאַרפֿט פֿאַרגעסן וועגן דעם אַלעם, וואָס טיילט אונדז, שוין־זשע האָט מען נישט געדאַרפֿט פֿאַרשיטן דעם תּהום וועלכן עס האָט אויסגעגראָבן די פֿיינטלעכע לאַפּע פֿון דעם היטלעריסטישן שרץ? צי וועט דאָס נישט זיין אַ שאַנד אויף אייביק, וואָס למשל אין אַזאַ טשענסטאָכאָוו האָט מען כמעט נישט געראַטעוועט קיין איינעם פֿון די ייִדישע איינוווינער בלויז דערפֿאַר, וואָס אין דער דאָזיקער שטאָט האָבן אויך פֿאַר דער מלחמה געהערשט ייִדן־פֿיינטלעכע שטימונגען? פֿאַרוואָס האָט די פּוילישע אַנטיסעמיטישע פּרעסע אויף קיין איין מינוט נישט אויפֿגעהערט צו העצן קעגן די ייִדן, און די רעגירונגס־פּרעסע האָט אַזוי זעלטן איבערגעריסן דאָס שטילשווייגן איבער דער ייִדישער פֿראַגע און טרעט אַזוי שוואַך אַרויס אין שוץ פֿון די ייִדן? פֿאַרוואָס טרעפֿן זיך אָן די געציילטע אידעאַליסטן, וואָס פֿאַרטיידיקן די ייִדן און גיבן זיי באַהעלטענישן, זעלטן מיט דער מיטאַרבעט מצד דעם כּלל אָדער זיין באַדייטנדיקער מערהייט? פֿאַר די, וואָס גייען טאָג־טעגלעך אין דעם דאַמף־קעסל אַריין אין טרעבלינקע, אין דעם גאַז־אויוון אין סאָביבאָר, אין דעם קרעמאַטאָריע פֿון קאָנצלאַגער אין

לובלין[4]) אָדער אין דעם טויט־לאַגער אין בעלזשעץ — איז גלייכגילטיק אַזאַ צי אַן אַנדערע שטעלונג מצד דער פוילישער געזעלשאַפט. אָבער פאַר די געציילטע — וואָס לעבן נאָך אין אַן אונטערערדישער הייל, אין אַ פאַרמאַסקירטן בונקער הינטער דער שטאָט, צי אַלס אַריער „אויפן אויבערפלאַך" — זענען די דאָזיקע פראַגן גישט קיין ריין טעאָרעטישע. פון דער איינשטעלונג פון דער פוילישער געזעלשאַפט איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק, צי אָט די קליין־צאָליקע שארית הפליטה וועט אויסדרייען אין אָנגעזיכט פון דער כוואַליע פון דער דייטשישער שנאה און פון דער פּאַסיווער גלייכגילטיקייט מצד דער פוילישער געזעלשאַפט.

וואַרשע — „קרישאַ"[5]) אין סעפּטעמבער 1943.

## 2. די פויליש־יידישע באַציונגען פאַר דער מלחמה

אין אַלץ זענען שולדיק די יידן. דער סטראַגאַן אָנשטאָט ערד פאַר די פויערים, באָיקאָט אָנשטאָט אַרבעט פאַר אַרבעטסלאָזע און יוגנט. דער ווירטשאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם. דער „קולטורעלער" אַנטיסעמיטיזם. די באַציונג פון די פויערים צו די יידן. דער אַרבעטער־קלאַס באַקעמפט דעם פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם.

כדי צו פאַרשטיין די פאָרמירונג פון די פויליש־יידישע באַציונגען אין דער מלחמה־צייט, מוזן מיר אָנהייבן פון דער פאַרמלחמהדיקער פאַרגאַנגענהייט. עס וועט זיך דעמלט אַרויסווייזן, אַז די פאַטאַלע פעלערן פון דער סאַנאַציע האָבן זיך אומגליקלעך אָפּגעשלאָגן אין לאַנד און געהאַט אַ דעצידירנדיקן איינפלוס אויפן גורל פון דער יידישער באַפעלקערונג פון פוילן. די פּאָליטיק פון דער הערשנדיקער סאַנאַציע האָט דערפירט דאָס לאַנד צו אַ ווירטשאַפטלעכן און פּאָליטישן חורבן. די דאָזיקע פּאָליטיק איז גורם געווען אַ צעבושעוועטע אַנטיסעמיטישע העצע פון אַזאַ גראַד, אַז פוילן איז פאַר דער מלחמה געווען — נאָך דייטשלאַנד — אַ לאַנד פון פאָרויס שפּאַנענדיקן אַנטיסעמיטיזם אין פאַרגלייך מיט אַנדערע אייראָפּעישע לענדער. די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון לאַנד זענען געווען פאַרוואָרלאָזט, אַלע פּראָבלעמען האָט מען געלייזט „פון אַנטיסעמיטישן שטאַנדפּונקט". אין אַלץ זענען שולדיק די יידן, אין אַלץ האָט מען געזען די האַנט פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער גרויסמאַכט", וואָס האָט געשטרעבט צו באַהערשן די גאַנצע וועלט. אין פוילן, אין אַ לאַנד, אַ דורכויס אַגראַרן, אין וועלכן צוויי דריטל פון דער באַפעלקערונג האָט געלעבט פון לאַנדווירטשאַפט, איז ז'ער אַגראַרער פּראָגראַם געווען דער וויכטיקסטער,

---

[4] געמיינט מאַידאַנעק.

[5] „קרישאַ" איז געווען דער פּסעוודאָנים פון רינגעלבלומס בונקער (זע הערה 1). ער שרייבט וועגן דעם ווייטער אין דער דאָזיקער אַרבעט, זע זייטן: 365 — 370.

פון זײַן לייזונג איז געווען אָפּהענגיק די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, די אורבאַניזאַציע פון לאַנד, די אַנטוויקלונג פון דער קולטור, די נאָרמאַליזירונג פון די סאָציאַלע פראַגן אין לאַנד א.א.וו. אָנשטאָט צו לייזן דעם אַגראַר־פּראָבלעם אין גייסט פון די פאָדערונגען פון מיליאָנען ערדלאָזע און ווייניק־באַזיצנדיקע פויערים, אָנשטאָט צו צעטיילן די מאַגנאַטישע לאַטיפונדיעס, האָט מען פּאַנאַנדערגעפּענטעט אַן אַגיטאַציע צו באַהערשן די קליין־שטעטלדיקע ייִדישע סטראַגאַנעס דורך די ווייניקערדיקע פויערים. סטראַגאַנעס אָנשטאָט ערד — אָט איז דער פּראָגראַם פון דעם פאַרייניקטן אַנטי־ייִדישן פראָנט פון דער ענדעקאָ־סאַנאַציע. אָט די אַגיטאַציע, וועלכע איז געווען געדיכט באַשפּריצט דורך די פּאָגראָמען אין פּשיטיק, בריסק ד׳ליטא, אין ביאַליסטאָקער, קעלצער און אַנדערע געגנטן, האָט געהאַט פאַר אַ ציל אָפּצווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דער געזעלשאַפט פון אירע אמתדיקע אָנגעווייטיקטע פראַגן, כדי זיי צו ריכטן אויף דעם אומווע פון ראַסיזם און נאַציאָנאַלן האַס. די פּוילישע שטעט האָבן איבערגעלעבט אַ פּערמאַנענטן עקאָנאָמישן קריזיס. די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט, די אַבסאָלווענטן פון די פאַר־שולן און פון די אַלגעמיינע שולן האָבן נישט באַקומען קיין באַשעפטיקונג אין דער שוואַך אַנטוויקלטער אינדוסטריע, וועלכע האָט צוליב מאַנגל אין קאַפּיטאַלן און דערפאַרונג נישט געקענט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פון אויסלאַנד. די אויסלענדישע קאַפּיטאַלן האָבן אויסגעמיטן פּוילן מחמת דעם וואָס עס זענען נישט רעגולירט געוואָרן די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע באַציונגען, וועלכע האָבן געשאַפן אַ צושטאַנד פון אומזיכערקייט, וואָס איז נישט געזונט פאַר דער נאָרמאַלערווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. דאָס פּראָבלעם פון אַרבעטסלאָזיקייט פון שטאָט און דאָרף, און בפרט דאָס פּראָבלעם פון אַרבעטסלאָזיקייט פון דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט איז געווען איינע פון די סאַמע ברענענדיקסטע פראַגן. אָנשטאָט זוכן אַ לייזונג פון דעם פּראָבלעם אין טיפע סאָציאַלע רעפאָרמען — האָט מען געזוכט די שולדיקע אין די ייִדן. אויך דעם פּראָבלעם פון דעם נישט־גענוגנדיקן אַנטוויקלטן דריטן שטאַנד, אַ פּראָבלעם, וואָס האָט געדויערט במשך דורות, האָט מען געוואָלט לייזן אויפן וועג פון טעראָר, פון צוואַנג און קראַפט. דער ווירטשאַפטלעכער באָיקאָט פון די ייִדן, וואָס איז געווען סאַנקציאָנירט און געשטיצט דורך די העכסטע מלוכה־פאַקטאָרן (דער טרויעריק־באַרימטער „אָוושעם" פון פּרעמיער סקלאַדקאָווסקי[6]) — האָט געדאַרפט לייזן די נאַציאָנאַלע און ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן געפאָדערט רו און קאָנסעקווענטיקע פאַרשטענדעניש. דער ווירטשאַפטלעכער באָיקאָט האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צום אויסברוך פון די ווילדסטע אינסטינקטן פון המון, וועלכער האָט

---

[6] דער סאַנאַציע־פּרעמיער גענ. סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי האָט אין יוני 1936 דערקלערט פון דער סיים־טריבונע, אַז פיזישער טעראָר לגבי ייִדן איז נישט כדאי, אָבער עקאָנאָמישער באָיקאָט — אָוושעם (פון פויליש: אדרבא).

שטראָפּלאָז געבושעוועט, צעקלאַפּנדיק סטראַגאַנעס און געוועלבער, מאַכנדיק פּאָגראָמען און עקסצעסן, אָן שום שטערונגען מצד דער זיכערקייטס־מאַכט. דאָס האָט דערפירט דאָס לאַנד צו אַ צושטאַנד פון כסדרדיקער ברויזונג, פאַרוואַנדלט פּוילן אין אַ מעקסיקע, אין אַ לאַנד, וווּ עס הערשט די פויסט און דאָס אומרעכט. מען האָט געשאַפן אַזעלכע באַדינגונגען, אַז אין לאַנד זאָל קענען אויפבליִען דאָס ווילדגראָז פונעם היטלעריזם, פון ראַסיזם אָדער פון מאָדערנער מענטשן־פרעסעריי. מען האָט נישט צוגעלאָזט די יידישע בעלי־מלאכות אָנצונעמען באַשטעלונגען אין מלוכהשע און קאָמונאַלע אינסטיטוציעס, אַפילו ווען דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט [דער געפאַר פון] העכערע פרייזן מחמת דעם קינסטלעכן באַזייטיקן די יידישע קאָנקורענץ. מען האָט באַזייטיקט די יידישע אַרבעטער פון די מלוכהשע און קאָמונאַלע אונטערנעמונגען, אַפילו אין אַזעלכע פּראָדוקציע־צווייגן, וועלכע זיי האָבן מיט זייער שוויים און מי אַנטוויקלט אין משך פון צענדליקער יאָרן (דער טאַבאַק־מאָנאָפּאָל אין גראָדנע און אין אַנדערע שטעט). די גאַנצע ווירטשאַפטלעכע געזעצגעבונג איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער טענדענץ צו עלימינירן די יידן פונעם עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד. דער אינדוסטריע־געזעץ און בפרט דער צעכן־צוואַנג האָבן באַצוועקט אַרויסצושטויסן די יידן פון דער מלאכה, וואָס געוויסע זיינע צווייגן זענען אין רוב בנין און מנין געווען זינט דורות באַהערשט דורך יידישע האַנטווערקער.

צוגלייך מיט דעם א. ג. ווירטשאַפטלעכן אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אין פּוילן צעבליט דער א. ג. „קולטורעלער“ אַנטיסעמיטיזם, וועלכער האָט דער עיקר געבראַכט שאָדן פּוילנס נאָמען אין אויסלאַנד. די יוגנט פון אָ.נ.ר. [7], אָנגעשטעקט מיטן סם פון ראַסן־האַס, האָט מיט כח באַהערשט די הויכשולן און מיט כח רעאַליזירט איר „קולטורעלן“ פּראָגראַם אין די הויכשולן. די כסדרדיקע עקסצעסן אין די אוניווערסיטעטן אין שייכות מיט דער א. ג. נאָוועמבער־יאָרצייט (דער יאָרטאָג פון טויט פון דעם סטודענט וואַצלאַווסקי דעם דערהרגעטן אין דער צייט פון די סטודענטישע עקסצעסן אין ווילנע), די צעטיילונג פון די זאַלן אויף דער לינקער (יידישער) און רעכטער (אַרישער) זייט, דער באָיקאָט און דאָס אָנווענדן פיזישע קראַפט לגבי ליבעראַלע פּראָפעסאָרן אָדער פּראָפעסאָרן פון יידישן אָפּשטאַם, די אוניווערסיטעט־שטרייקן לטובת דעם „נומערוס נוללוס“ [8] פאַר יידן — האָבן פאַרוואַנדלט די הויכשולן אין נעסט פון גזלנים, אין וועלכע עס האָבן געהערשט קאַסטעטן און ראַזיר־מעסערלעך, מעסערס און שטעקנס און עס האָט זיך יאָר־איין יאָר־אויס געגאָסן דאָס בלוט פון פאַרוואונדעטע און אַפילו דערהרגעטע יידישע סטודענטן.

7 אָבוז נאַראָדאָווא־ראַדיקאַלני — נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער לאַגער, פּוילישע פאַשיסטישע פּאַרטיי.

8 דאָס פולשטענדיקע פאַרמאַכן פאַר יידן דעם צוטריט צו די הויכשולן.

פּאַראַלעל צו דער „קולטורעלער“ אַקציע אין די הויכשולן האָט די עלטערע געזעלשאַפט פון די ענדעקעס און אָ.נ.ר. רעאַליזירט אין דער פּראַקטיק די לערעס פון ראַסיזם, אַרײַנגעפירט דעם נומערוס קלאַוזוס [9] אין די מיטעלע און העכערע לערן-אַנשטאַלטן. דער נומערוס קלאַוזוס און בעסער געזאָגט — דער נומערוס נוללוס אין באַצוג צו די ייִדן האָט פאַר-פליכטעט אין די מלוכהשע, קאָמונאַלע און עפנטלעכע אַמטן. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז דער הויפּט-אינספּעקטאָר פונעם אַלגעמיינעם שול-וועזן אין וואַרשע, וויאַטר, האָט אָפן גערעדט דער ייִדישער לערערשאַפט פון די מלוכהשע שולן זי זאָל זיך מאַכן אַ קאָלעקטיווע פּאָטאָגראַפיע, ווייל זי איז שוין די לעצטע ייִדישע לערערשאַפט, וואָס ווערט באַשעפטיקט אין מלוכהשן שול-וועזן. אַ סך סאַנאַטאָרישע און ענדעקישע געזעלשאַפטלעכע און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס האָבן אָנגענומען טומלדיקע באַשלוסן וועגן דעם אַריער-פּאַראַגראַף (די פאַרבאַנדן פון אינזשעניערן, דאָקטוירים, דענטיסטן, פּאָסט-באַאַמטע א. א. וו.). פון אָט די פאַרייִנען האָט מען באַ-זײַטיקט אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט די גרעסטע פאַרדינסטן, אָבער זייער אַרישער אָפּשטאַם איז געשטאַנען אונטער אַ ספק. אַנשטאָט אַרומרעדן די פראַגן פון הייבן דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון לאַנד מיט געמיינזאַמע כוחות, האָבן די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די אָרגאַניזאַ-ציעס זיך פאַרוואַנדלט אין פּראָפּאַגאַנדע-מיטינגען פון ראַסיזם, צו דער גרויסער שמחה פונעם מערבדיקן שכן [10].

אין די הויכשולן האָט מען גאַסטפרײַנדלעך אויפגענומען די פאַר-שטייער פון דער „וויסנשאַפט“ פונעם ראַסיזם און פיגצטערניש פון דײַטש-לאַנד. דער איצטיקער גענעראַל-גובערנאַטאָר ד״ר פראַנק איז געווען אַן אָפטער גאַסט אינעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט, וווּ ער האָט די צוגויפּ-געזאַמלטע וויסנשאַפטס-לייט געגעבן פאָרטראַגן וועגן די נייע טעאָריעס פון דײַטשן „רעכט“, וואָס ווערט רעאַליזירט אין די מאָרד-ערטער פון די נאַצי-צײַטיקע קאַניבאַלן. דער אַנטיסעמיטישער פּראָגראַם פון דער הערשנ-דיקער סאַנאַציע איז אָבער געווען בלויז אַ פראַגמענט פון דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַליטעטן-פּאָליטיק, וועלכע איז באַשטאַנען אין די רדיפות אויף די אוקראַאינער און ווייסרוסן, אין פאַרמאַכן זייערע שולן, געזעלשאַפטלעכע און קולטור-אינסטיטוציעס, אין די טרויעריק-באַרימטע „פּאַציפיקאַציעס“, אין קאַרטוז-בערעזע [11] אדגל. די סאַנאַציע האָט געקויפט פאַראַד-אוקראַ-אינער און [פאַראַד-]ווייסרוסן, און מיט זייער הילף פאַבריצירט „פאָר-שטייער“ פון אוקראַאינישן און ווייסרוסישן פאָלק, וועלכע האָבן אין סיים

---

9 פּראָצענט-נאָרמע פאַר ייִדישע סטודענטן.

10 פון היטלער-דײַטשלאַנד.

11 אין קאַרטוז-בערעזע איז געווען אַ קאָנצלאַגער, ווו די סאַנאַציע-מאַכט האָט פאַרשפּאַרט קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן, אוקראַאינישע און ווייסרוסישע רעוואָ-לוציאָנערע טוער און צום טייל אויך אַנדערע פּאָליטישע קעגנער און אויך פאַר עקאָנאָמישע „פאַרברעכנס“.

און סענאַט, אויף פורים=שפּילערישע סאַנאַציע=צוזאַמענפאָרן בייגעלייגט לאָיאַליטעט=דעקלאַראַציעס אין נאָמען פון זייער פאָלק. די סאַנאַציע האָט „געלייזט" אויך די יידן=פראַגע מיט דער הילף פון „אירע" יידעלעך פון צווישן דער אָרטאָדאָקסיע און סוחרטום, וועלכע האָבן ווי יוצר משרתים דערלאַנגט פאַר איר מאַנדאַטן און אין נאָמען פון יידישן פאָלק אָפּגעגעבן דערקלערונגען וועגן די מעשים טובים פון דער סאַנאַציע פאַר די יידן.

דאָס אויפרייסן די פוילישע געזעלשאַפט פון אינעווייניק, דאָס צעקלאַפּן אויף אַטאָמען און דאָס אָפּשוואַכן איר שוץ=פעיקייט, כדי צו טריאומפירן אויף די חורבות פון דער צעשלאָגענער מלוכהשער אייניקייט — אָט דאָס איז געווען דער פאַקטישער ציל פון די אַלע אויפטוען די באַקאַנטע אין לאַנד און אין אויסלאַנד. די פּראָפּאַגאַנדע פון ראַסן= און נאַציאָנאַליסטן=האַס — אָט דאָס איז געווען דאָס טראָיאַנישע פערד, וואָס מיט זיין הילף האָט דער היטלעריזם אריינגעבראַכט אין דער פוילישער געזעלשאַפט די באַקצילן פון דעמאָראַליזאַציע און אונטערגאַנג. די סאַנאַטאָרישע און ענדעקאָ=אָ.נ.ר.ישע רעדל=פירער, וועלכע האָבן געהאַלטן פון די פּרינציפּן פון ראַסיזם, זענען גיכטווילנדיק געווען אַ געציייג אין די הענט פון די פרעמדע אַגענטן, וועלכע די דאָזיקע „נאַציאָנאַלע פּאָליאַקן" האָבן געזוכט אומעטום און צווישן אַלעמען, אָבער נישט ביי זיך. אַלס ביישפּיל וועלן מיר דערמאָנען די אַגיטאַציע קעגן דער כשרער שחיטה, וועלכע איז געוואָרן פאַנאַנדערגעוויקלט דורך פרוי פּריסטאָר פון דעם סאַנאַציע=קלוב [12]. די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע איז געווען אַן אויסגעצייכנטער געציייג אָפּצונאַרן אַ גרויסן טייל פון דער געזעלשאַפט און אָפּצוציען זיין אויפמערקזאַמקייט פון דעם ווירקלעך=וויכטיקן און לעבנס=נויטווענדיקן פּראָבלעם פון דער פאַרטיידיקונג פון לאַנד און פון זיין אייגנהייטלעכער געשלאָסנקייט.

דער פאַראייניקטער פויערישער פראָנט („פּיאַסט", „וויזוואָלעניע" [13]) האָט אפשר פאַרשטאַנען די געפאַר פון ראַסיזם אָדער „סטראַגאַניזם" פאַר די אינטערעסן פון דער מלוכה און פון דעם אַרבעטנדיקן פאָלק פון דאָרף, אָבער דורכגעדרונגען מיט דער אַנטיסעמיטישער טראַדיציע פון „פּיאַסט" האָט ער נישט געהאַט אַזוי פיל ווילנסקראַפט, כדי אָפן אַרויסצוטרעטן אין קאַמף קעגן דעם פאַרבינדעטן פון די גרויסע ערד=אייגנטימער — דער פאַשיסטישער אָ.נ.ר., אויפן יידישן אָפּשניט. ער האָט מורא געהאַט, מען זאָל די פויערישע באַוועגונג נישט פאַרשרייען אַלס אַ יידישע באַוועגונג, און אירע פירער אַלס משרתים פון די יידן.

בלויז דער באַוווסטזיניקער אַרבעטער=קלאַס האָט אויפריכטיק און אָן פאָרבאַהאַלטן באַקעמפט דעם פוילישן פאַשיזם אין זיינע פאַרשיידנסטע

---

[12] דער אמתער ציל פון דער אַנטישחיטה=העצע אין די יאָרן 1936—1938 איז געווען דאָס אַרויסרייסן ביי די יידישע קצבים דעם פלייש=האַנדל.

[13] „פּיאַסט" — די רעכטע, אַנטיסעמיטישע פויערים=פּאַרטיי פון וויטאָס. „וויזוואָלעניע" — אַ לינק=ראַדיקאַלע פויערים=פּאַרטיי.

אויפלאַגעס: פון דער אָפן־היטלעריסטישער „בליסקאַוויצאַ“ [בליץ] ביז דער אָ.נ.ר.ישער „פאַלאַנגאַ“. די אַרבעטער־באַוועגונג פון פוילן, פון אַן אַגראַרן לאַנד, האָט אָבער נישט געהאַט גענוג כוחות, כדי צו צעשמעטערן די פאַשיסטישע הידרע, בפרט נאָך אַז די הערשנדיקע סאַנאַציע האָט אַלץ געטאָן, כדי אָפּצושוואַכן די באַוועגונג און צעקלאַפּן איר איינהייט דורך שאַפן סאַנאַטאָרישע קאָנקורענץ־פאַרייניגן[14].

רעאַסומירנדיק דאָס אַלץ, איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז היטלער, גרייטנדיק זיך צו דער קינפטיקער מלחמה, האָט אויסגעקליבן פוילן פאַרן לאַנד קעגן וועלכן עס האָט געדאַרפט זיין געווענדעט די אַגרעסיע אין דער ערשטער ריי. דעריבער האָט ער געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, כדי זי צו דעראָבערן פון אינעווייניק איידער ער וועט זי באַזיגן מיליטעריש.

די דאָזיקע אָנשטרענגונגען, וועלכע זיינען פולשטענדיק געוואָרן געשטיצט דורך די אָרטיקע פאַקטאָרן, האָבן געבראַכט פרוכטן אין דער צייט פון דער מלחמה. צעקלאַפּט געזעלשאַפטלעך, צעקריגט נאַציאָנאַל, דעמאָראַליזירט דורך דער אַקציע קעגן דער כשרער שחיטה, דורך דעם סטראַגאַניזם, דער באָיקאָט־אַקציע און ענלעכע אַנטיסעמיטישע מעשים תעתועים, איז פוילן געווען אַ לייכטער פרעס פאַר היטלערן. אַזוי אַרום איז דער אונטערגאַנג פון פוילן אין יאָר 1939 געווען אַ ווערק נישט בלויז פונעם אויסערלעכן שונא, נאָר אויך פון דעם אינערלעכן, וועלכער האָט צעזעצט די מלוכהשע איינהייט, איר שוצפעיקייט און געשלאָסנקייט, און געווען איז דאָס דער פוילישער פאַשיזם, דער פאַרבונדענער מיטן אַנטיסעמיטיזם.

## 4. סעפטעמבער 1939

די אויסניכטערונג. די יידישע פראַגע פאַרשווינדט פון אויבערפלאַך. די יידישע סאָלדאַטן אין דער סעפטעמבער־קאַמפּאַניע. די געזעלשאַפטלעכע פויליש־יידישע אַליינהילף. דער יידישער בירגער־קאָמיטעט. די יוגנט קעמפט מיט די שרפות. די לופט־שוץ־קאָמיטעטן און די הויז־קאָמיטעטן.

שוין אַ סך חדשים פאַר דער מלחמה פון יאָר 1939 האָט אויפן יידישן אָפּשניט קיין שום זאַך גאָרנישט געוויזן, אַז עס דערנענטערט זיך די מלחמה. דער אַנטיסעמיטיזם האָט געבליט ווי ביים טאָטן אין ווייגאָרטן; אַפילו אויף דעם אָפּשניט, אויף וועלכן מען האָט געדאַרפט אויסמיידן יעטוועדע אונטערשטרייכונג פון נאַציאָנאַלע אונטערשיידן, דהיינו אין מיליטערישן געביט. די באַציונג פון דעם יונגן אָפיציר־קאָרפּוס צו די יידן איז געווען אַזאַ, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט די מערהייט פון דער פוילישער אינטעליגענץ. יידן האָט מען נישט צוגעלאָזט צו זיין אָפיצירן,

---

14 די פּראָסאַנאַטאָרישע פראַפאַריינען פון יאַוואָרסקי („פּראַקעס“) און מאַראַטשעווסקי (ז.ז.ז.).

אַפילו ווען זיי האָבן פּאַרמאָגט די בעסטע פֿעיקייטן. אַ ייִד האָט אין דער מיליטערישער היעראַרכיע נישט געקאָנט גיין העכער פֿון אַ פּאָדפּאָרוטשניק. אין דער פּראָפֿעסיאָנעלער אַרמיי האָט מען ייִדן נישט אָנגענומען. דאָס זעלבע איז נוגע דער מיליטערישער צוגרייטונג, אין וועלכער עס האָבן געהערשט די זעלבע טענדענצן וואָס אויף די אַנדערע אָפּשניטן פֿון פּוילישן לעבן. די יוגנט, וועלכע איז אין די הויכשולן דערצויגן געוואָרן אין אַן אַנטיסעמיטישן גייסט, האָט די זעלבע טענדענצן איבערגעטראָגן אויפֿן געביט פֿון דער אַרמיי.

קורץ פֿאַרן אויסברוך פֿון דער מלחמה איז געקומען אַן אויסניכטערונג. מען האָט פֿאַרשטאַנען די ראָל פֿון אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן ווי אַ געצייג אין היטלערס האַנט. עס איז געקומען אַ געוויסע באַרויקונג. די אַנטיסעמיטישע פּרעסע האָט — קאָנטיק לויט אַ באַפֿעל פֿון אויבן — געביטן דעם טאָן, אויפֿגעהערט צו העצן קעגן די ייִדן. די ייִדן־פֿראַגע, וועלכע האָט אין געשטאַלט פֿון סטראַגאַנעס, שחיטה, נומערוס קלאַוזוס, דאָמינירט איבערן גאַנצן לעבן פֿון לאַנד און פֿאַרשטעלט אַלע באמת אַקטועלע פּראָבלעמען פֿון לאַנד, איז אַראָפּ פֿון סדר היום פֿון פּאָליטישן לעבן. אויבן אָן האָט זיך אַרויסגערוקט דאָס פּראָבלעם פֿון דער פֿאַרטיידיקונגס־פֿעיקייט פֿון לאַנד. מען האָט געפּריידיקט, אַז מען דאַרף מאָביליזירן אַלע כּוחות צו דער פֿאַרטיידיקונג פֿון לאַנד. דאָס אַלץ איז אָבער שוין געווען צו שפּעט. די דעמאָראַליזאַציע און די צעריסנקייט זענען געווען פֿאַרוואָרצלט צו טיף, אַז מען זאָל קענען מיט עפּעס וואָס ענדערן דעם לויף פֿון די קריגס־געשעענישן. דער אַנטיסעמיטיזם איז נעלם געוואָרן עלעהיי עס וואָלט זיך צו אים צוגערירט אַ כּישוף־שטעקעלע. אַפילו די פֿאַרביסנסטע אַנטיסעמיטן האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס מאָל האָבן די ייִדן און פּאָליאַקן אַ געמיינזאַמען שונא און אַז די ייִדן זענען אַן אויסגעצייכנטער פֿאַרבינדעטער, וועלכער וועט מאַכן אַלע באַמיִונגען און וועט געבן פֿון זיך אַלץ, כּדי צו דערדריקן דעם גרעסטן שונא פֿון די ייִדן. די אַנטשפּאַנונג לאָזט זיך פֿילן אויף טריט און שריט: אין גאַס, אין די טראַמווייען, אין די אַמטן, אומעטום הערשט אַ גייסט פֿון שלום און צוזאַמענאַרבעט. דער ייִד, וואָס האָט זיך פֿאַר דער מלחמה געפֿילט ווי אַ בירגער פֿון אַ צווייטער אָדער דריטער מדרגה, ווי אַ געשלאָגענער, געטראָטענער, באַליידיקטער פּאַריאַס אויף יעדן שריט, אַן עלימינירטער פֿון אַלע אַמטן, עפֿנטלעכע שטעלעס וכדומה, האָט זיך איצט אויפֿסניי דערפֿילט ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטער בירגער, צו וועלכן מען האָט זיך געווענדעט נאָך הילף לטובת דעם געמיינזאַמען פֿאָטערלאַנד. לשם אילוסטראַציע — אַ קליין בילד: אויפֿן הויף פֿון דעם הויז אָגראָדאָווע 7 קומט אָן אין סעפּטעמבער 1939 אַן אָפּטיילונג פֿון 20 זעלנער פֿון פּויזנער געגנט מיט אַ יונגן פּאָדפּאָרוטשניק אין שפּיץ. דאָס הויז איז ריין ייִדיש, און דאָך הערשט שוין נאָך עטלעכע מינוטן די בעסטע האַרמאָניע צווישן די פּויזנער לייט, וואָס זייער אַנטיסעמיטיזם איז אַלגעמיין באַקאַנט, און די ייִדישע לאָקאַטאָרן, די הויז־

אייגנוויגער נעמען אויף די זעלנער גאַסטפֿרייגדלעך, זענען מכבד מיט וואָס נאָר זיי קענען. אין משך פון לאַנגע שעהן דערציילן די זעלנער וועגן זייערע איבערלעבענישן אויפן פראָנט, די שכנים דערציילן וועגן דער באָמבאַרדירונג פון דער הויפּט־שטאָט א.א.וו. הקיצור, עס איז מקוים געוואָרן דער חלום פון ישעיהו הנביא: די שעפּעלעך האָבן געלעבט בשלום מיטן וואָלף. דאָס זעלבע געשעט נישט בלויז אין וואַרשע. די זעלבע ידיעות קומען אָן פון לאָדזש און אַנדערע פּראָווינץ־שטעט. די זעלבע שטימונגען פון האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט לטובת דער שוץ פון לאַנד כאַפּט אַרום דאָס גאַנצע לאַנד, אַלע שיכטן אָן אויסנאַם.

דער חודש סעפּטעמבער 1939 קען ווערן כאַראַקטעריזירט ווי אַ צייט פון זייער אַ לעבעדיקן אָנטייל פון דער געזעלשאַפט אין כלערליי מעשים לטובת דער פאַרטיידיקונג פון לאַנד. דער געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר, וועלכער איז אין די צייטן פון דער פאַשיסטישער סאַנאַציע־ממשלה געווען דערשטיקט, האָט אויפגעלעבט אויפסניי. די צוזאַמענאַרבעט פון מיליטער מיט דער געזעלשאַפט איז פאָרגעקומען אויף אַלע אָפּשניטן. די באַזע פון דער אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפט איז געווען די מוסטער־האַפט־פאַנאַנדערגעבויטע ליגע פון דער פאַרטיידיקונג קעגן לופט־אָנפאַליען און קעגן שרפות, וועלכע האָט אין אירע רייען צונויפגעזאַמלט די בעסטע און סאַמע ענערגישע יחידים פון איטלעכן הויז. דאָס וואַרשעווער הויז, וואָס איז געווען באַקאַנט פון דעם, אַז פאַר דער מלחמה האָבן זיינע שכנים זיך בכלל נישט געקענט און זיך נישט אָנערקענט צו קיין שום געמיינזאַמקייט, האָט ראַדיקאַל געענדערט זיין פרצוף. אַ דאַנק דער ליגע איז דאָס וואַרשעווער הויז געוואָרן אין סעפּטעמבער דאָס גרונט־קעמערל פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס האָט אַרויסגעוויזן זאָרג פאַר אַלע אָנגעווייטיקטע פראַגן פון זיינע איינוווינער, און נעמלעך — פאַר דער פערזענלעכער זיכערקייט, פאַר דער שוץ קעגן שרפות, געראַטעוועט פאַרווונדעטע פון דער באָמבאַרדירונג, געטיילט שפּייז פאַר הונגעריקע, צוגעטיילט דירות פאַר היימלאָזע און אַפילו זיך אַריינגעמישט אין די ענינים פאַר דער שטאָט־פאַרטיידיקונג, געזוכט פאַררעטער און שפּיאָנען. אינעם יידישן ראַיאָן אַנטשטייען הויז־קאָמיטעטן ווי אַ המשך פון די קאָמיטעטן פון לופט־שוץ, און זיי איז צוגעפאַלן די גרויסע ראָל אינעם געביט פון אָרגאַניזירן דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין צייט פון דער מלחמה.

חוץ די אויבן אָנגעוויזענע אויפגאַבן האָבן די דאָזיקע קאָמיטעטן געהאַט די השגחה איבער די היימלאָזע און פליטים, וועלכע זענען אין די טויזנטער אָנגעקומען קיין וואַרשע פון לאָדזש און אַנדערע שטעט, וואָס האָבן געליטן פון דער מלחמה. עס דערגייט צו אַ פויליש־יידישער דערנענטערונג אין אַ גאַנצער ריי געמישטע הייזער. און דערנאָך אַן אידעאַלע צוזאַמענאַרבעט לטובת דעם מיליטער און די קריגס־קרבנות אָן אונטערשייד פון גלויבן און נאַציאָנאַליטעט.

אין אַ גאַנצער רײ הײזער האָט די יוגנט און בתוכם אַ באַדײַטנדיקער טייל פון דער יידישער יוגנט אַרויסגעוויזן אין די טעג פון דער באַלאַגע־רונג פון וואַרשע אַ וווּנדערלעכע העלדישקייט. איך בין געווען אַן עדות, ווי די יידישע יוגנט פונעם הויז לעשנאָ 13 האָט אָן איבערריים געלאָשן די שרפות, וואָס האָבן כסדר אויסגעבראָכן אויפן בוידעם פון אָט דעם פינף־שטאָקיקן בנין. קיין וואַסער איז נישט געווען, דאָס פייער האָט מען פאַר־שאָטן מיט זאַמד און געלאָשן מיטן וואַסער וואָס מען האָט געשעפט פון די באָד־צימערן פון די באַזונדערע דירות. די יוגנט איז געגאַנגען אין אַ וועט־געיעג מיט די דײַטשישע פליער, וועלכע האָבן מאָנטיק דעם 25־טן סעפטעמבער, דעם טאָג פון דער באַרימטער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע, באַוואָרפן פון אַ הויך פון עטלעכע צענדליק מעטער די הייזער מיט אָנצינד־באָמבעס, און די אײַנוווינער, וואָס האָבן זיך באַמיט צו לעשן די אַנטשטאַ־נענע שרפות, האָבן זיי באַשאָסן פון מאַשין־ביקסן. פון דער הויכעניש פון דעם בוידעם, ווו צוזאַמען מיט אַנדערע האָב איך גענומען אָנטייל אין לעשן אַ שרפה, האָב איך געקענט גענוי אָבסערווירן די פליער. די פוילישע און יידישע יוגנט האָט אויפגעטאָן העלדישע מעשים ביים לעשן די שרפות, באַזייטיקנדיק טיילמאָל עטלעכע צענדליק אָנצינד־באָמבעס אָדער לאָקאַלי־זירנדיק דאָס פייער און נישט צולאָזנדיק, דאָס פייער זאָל זיך אויסשפרייטן אויף די ווייטערדיקע געבײַדעס אָדער שכנותדיקע הייזער. איך געדענק מיט וואָס פאַר אַן אויסדויער די פוילישע און יידישע יוגנט פון די הייזער לעשנאָ 18, 20 און 22 האָט געלאָשן אין משך פון עטלעכע די טעג די שרפה פונעם הויז לעשנאָ 24, כדי נישט צו דערלאָזן צו דער אויסשפריי־טונג פונעם פייער אויף די שכנותדיקע הייזער. די געמיינזאַמע סכנה, די געמיינזאַמע מי און אַרבעט פון דער יידישער און פוילישער באַפעלקערונג צווישן דעם האָגל פון קוילן, דעם רעש פון פּלאַצנדיקע באָמבעס און גע־קנאַל פון שראַפּנעלן — האָבן פאַרייניקט די איינוווינער פון יעדן הויז אינעם קאַמף מיטן בשותפותדיקן שונא, האָבן דערפירט צו דער דערנענ־טערונג פון ביידע פעלקער און פאַרשאָטן דעם תהום, וואָס איז געוואָרן אויסגעגראָבן דורכן געמיינזאַמען שונא.

אויפן סאַמע וויכטיקסטן אָפּשניט אינעם געביט פון דער לאַנד־פאַר־טיידיקונג האָבן די יידן דעמאָלט פון זיך אַרויסגעגעבן דעם מאַקסימום פון דעם, וואָס זיי זענען געווען אומשטאַנד צו טאָן. אין דער נאַכט פון 6־טן אויפן 7־טן סעפּטעמבער 1939, ווען די רעגירונג האָט זיך עוואַקואירט פון וואַרשע, האָט די יידישע באַפעלקערונג מאַסנווייז גענומען אַן אָנטייל אין גראָבן שוץ־גראָבנס אין וואָלע. צוזאַמען מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג שטעלן אויף די יידן באַריקאַדן פון די איבערגעקערטע טראַמווייען, פורן, קאַסטנס, צעבראָכענע מעבל א.א.וו. די יידישע יוגנט מעלדעט זיך מאַסנ־ווייז צום פולק פון פאַרטיידיקן וואַרשע, וואָס האָט זיך געשאַפן אויפן רוף פונעם שטאָט־פּרעזידענט מאַיאָר סטאַזשינסקי. די פרויען־קאָמיטעטן אין די יידישע הייזער אָרגאַניזירן אַזוי גערופענע עטאַפּ־פונקטן, און וועלכע די

מיליטערישע אָפּטיילונגען, וואָס קומען צוריק מידע און הונגעריקע פון פראָנט, האָבן באַקומען אַ הייסע זופּ, טיי, פּאַפּיראָסן, וועש, וכדומה. אין די מיליטערישע שפּיטעלער האָט שוין נאָך עטלעכע טעג אַלץ געפעלט, עס איז נישט געווען קיין באַנדאַזשן, רפואות, בעטן וכדומה. די יידן נעמען אַ טעטיקן אָנטייל אין דער זאַמל=אַקציע לטובת די שפּיטעלער, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורכן פּרעזידענט סטאַזשינסקי. עס אַנטשטייען סאַניטאַר=פּונקטן צו באַדינען די פאַרוווּנדעטע זעלנער, פאַר וועלכע עס איז שוין נישטאָ קיין פּלאַץ אין די עקזיסטירנדיקע שפּיטעלער און לאַזאַרעטן. די דאָקטוירים און סאַניטאַרן פילן אויס זייער חוב לגבי דעם לאַנד.

די וואַרשעווער יידן האָט אַרומגעכאַפּט אַ התלהבות, וואָס האָט זוילעבעדיק דערמאָנט דאָס יאָר 1861, דעם צייט=אַלטער פון דער פּויליש=יידישער פאַרברידערונג, ווען די יידישע יוגנט האָט מאַסנווייז אָנטייל גענומען אין די פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס, וואָס האָבן געטראָגן אַ רעליגיעזן כאַראַקטער, ווען מען האָט איינגעאָרדנט געמיינזאַמע פּאַטריאָטישע תּפילות אין די קירכעס און שולן, און די יידישע פרויען, אַפילו פון חסידישע היימען, האָבן אָנגעטאָן — אַזוי ווי די פּוילישע פרויען — טרויער=מלבושים נאָך די 5 דערהרגעטע[15]. מיר געדענקען גוט די אילוסטראַציעס פון די יאָרן 1861 — 1863 אויף די איינלאַדונגען צו די געמיינזאַמע תּפילות, אויף וועלכע אַ שליאַכטשיץ אין אַ קאָנטוש[16] האָט זיך געקושט מיט אַ ייד מיט אַ באָרד און אין אַ קאַפּעטע. דאָס בילד פון די שפּאַנענדיקע יידישע אָפּטיילונגען מיט די לאָפּאַטעס אויפן אַקסל, דאָס בילד פון דער יידישער יוגנט, וועלכע איילט זיך מאַסנווייז אין סעפּטעמבער 1939 צום מאָסטאָווסקי=פּלאַץ, וווּ עס איז פאָרגעקומען די ווערבירונג צום פרייוויליקן פּולק פון וואַרשעם פאַרטיידיקער — האָט ווי לעבעדיק דערמאָנט דאָס יאָר 1831, ווען די וואַרשעווער יידן האָבן געשאַפן די יידישע נאַציאָנאַלע גוואַרדיע[17]. די זעלנער, וואָס האָבן סטאַנציאָנירט אין די פּריוואַטע הייזער, בעת דער באַלאַגערונג פון וואַרשע, האָבן זיך אָנגעטראָפן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן קבלת פּנים מצד דער יידישער באַפעלקערונג. מען האָט זיי איינגעלאַדן און מכבד געווען אין די באַזונדערע וווינונגען. די זעלנער האָבן זיך רעוואַנזשירט מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט. זיי האָבן זיך געטיילט מיטן זעלנערישן ברויט, וועלכער איז דעמלט געווען אַ לוקסוס. ווען דאָס מיליטער האָט זיך געגרייט צו פאַרלאָזן די הויפּט=שטאָט, האָט מען געעפנט די מיליטערישע מאַגאַזינען און צעטיילט צווישן דער באַפעלקערונג די זאַפּאַסן. די יידן האָט מען באַהאַנדלט גלייך מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג. די אָוועקגייענדיקע זעלנער האָט מען באַזאָרגט מיט ציווילע מלבו=

---

15 די פינף דערהרגעטע דורך קאָזאַקן בעת אַ פּאַטריאָטישער מאַניפעסטאַציע אין וואַרשע.

16 אַ טראַדיציאָנעלער פּויליש=שליאַכטישער אויבער=ראָק.

17 אין דער צייט פונעם פּוילישן נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד, אין נאָוועמבער 1831.

שים, זיי זאָלן קענען אויסמיידן די דייטשישע געפאַנגענשאַפט. דעם מאָ=
מענט פון פאַרלאָזן די הויפט=שטאָט דורך דער אַרמיי, וואָס איז געווען
פאָרויסגעזען אין די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטולאַציע, האָט די יידישע
באַפעלקערונג איבערגעלעבט באַזונדערס טראַגיש. מען האָט געזעגנט מיט
געוויין די אַוועקגייענדיקע מיליטערישע אָפּטיילונגען.

עס איז נאָך נישט צייט אויף אַרומצורעדן די ראָל פון די יידישע
זעלנער אין דער סעפּטעמבער=קאַמפּאַניע פון יאָר 1939, עס איז נאָך
נישטאָ גענוג מאַטעריאַלן צו דער פראַגע, אָבער אַ געוויסן בליק קען
מען זיך שוין אויסאַרבעטן אויפן סמך פון די צאָלרייכע דערציילונגען פון
די אָנטיילנעמער פון דער סעפּטעמבער=קאַמפּאַניע. פון די אַלע גבית=
עדות, וואָס זענען בדרך כלל אייגשטימיק, דרינגט אַרויס אָן שום ספק,
אַז די יידישע זעלנער האָבן אויפן שלאַכט=פעלד ארויסגעוויזן אַ סך
שטאַרקן ווילן און אַנטשלאָסנקייט אין קאַמף מיט די דייטשן. די יידישע
זעלנער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער מוטיקער האַלטונג און אויס=
דויער. חוץ דעם ריין=בירגער=מאָמענט, חוץ דער צוגעבונדנקייט צום
לאַנד האָט אויף דער האַלטונג פון יידישן זעלנער געווירקט די שנאה
צו היטלערן. פאַר די אַלע אומגליקן, וואָס דער היטלעריזם האָט געבראַכט
אויף די קעפּ פון די אייראָפּעישע יידן, האָט די יידישע יוגנט — די דער=
צויגענע אין ספּאָרט= און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, די אויסגעאיבטע
מיליטעריש אין די אָרגאַניזאַציעס פון מיליטערישער צוגרייטונג און די
אויסגעשולטע אין דער אַרמיי — באַגערט איצט ווי געהעריק צו באַצאָלן.
די יידן האָבן מורא געהאַט פאַרן אריינמאַרש פון דייטשישן מיליטער
אין לאַנד און זענען גרייט געווען צו טאָן אַלץ, כדי דערצו נישט דער=
לאָזן. אויב מיר וועלן וועגן דעם אַלעמען געדענקען, וועט אונדז נישט
וואונדערן די אויסערגעוויינלעכע און ספּעציעל אויסגעצייכנטע האַלטונג פון
יידישן זעלנער אין דער סעפּטעמבער=קאַמפּאַניע.

בכלל האָבן אין דער אַרמיי געהערשט קאָרעקטע באַציונגען לגבי
יידן, הגם דאָ און דאָרטן האָבן געטראָפן פאַלן פון אַ צוריקקער פון גע=
ווויסע אַנטיסעמיטישע טענדענצן אין באַצוג צו די יידישע סאָלדאַטן. עס
זענען פאַראַן אין דער תקופה דערשיינונגען, וועלכע פאָדערן אַן אויפ=
קלערונג, עס זענען פאַראַן פאַלן, מיט וועלכע עס דאַרפן זיך פאַרנעמען
די געריכטן אין באַפרייטן לאַנד. דער סאַבאָטאַזש און דער אַנטיסעמי=
טיזם, ביידע ברידערלעך פאַרייניקט, האָבן גורם געווען, אַז אַפילו אויפן
אָפּשניט פון לאַנד=שוץ זענען פאָרגעקומען געוויסע פאַקטן, וועלכע זענען
ווערט מען זאָל זיי שטעמפּלען. די אַנטיסעמיטישע סאַבאָטאַזשניקעס
מאַכן אין וואַרשע שוועריקייטן ביים מאָביליזירן די יידן אין דער אַקטי=
ווער אַרמיי. מען האָט מאָביליזירט בלויז אַ געוויסע צאָל יידישע דאָק=
טוירים, אַזוי אַז די איבעריקע האָבן אַליין געמוזט זיך מעלדן צום מי=
ליטער. צוליב אומפאַרשטענדלעכע טעמים האָט מען גערופן אַ קליינעם
טייל אָפיצערן און זיך באַגרענעצט בלויז צו דער מאָביליזאַציע פון פאַכ=

לויט (לויט דער אינפאָרמאַציע פון אַ פּאָלקאָווניק פון מיליטערישן אַמט פון וואַרשע). אין מיטן סעפּטעמבער 1939 האָט מען געשאַפן אַ מין נייע יאַבלאָנגע[18]). פון אַ גאַנצער ריי באַטאַליאָנען האָט מען צוריקגעצויגן די ייִדישע זעלנער און זיי קאָנצענטרירט אין אַ ריין ייִדישן אַרבעטס=באַטאַליאָן. אין סעפּטעמבער 1939 אַנטשטייט דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון סאָציאַלער אַליינהילף, וועלכער האָט פאַר אַן אויפגאַבע צו געבן הילף די קרבנות פון דער מלחמה. די רעגירונג האָט באַשטימט גרעסערע פאָנדן לטובת דער סאָציאַלער אליינהילף. דער קאָמיטעט האָט געגעבן הילף קודם כל אין פאָרם פון שפּייז די פּליטים, וואָס זענען אָנגעקומען פון פאַרשיידענע געגנטן פון לאַנד, צוגעטיילט דירות די היימלאָזע קרבנות פון באָמבאַרדירטן וואַרשע און די פּליטים. די ייִדישע אָרגאַניזאַציעס פון סאָציאַלער שוץ (צענטאָס, דער צענטראַלער רעטונגס=קאָמיטעט א. א.) מיטן אַמעריקאַנישן דזשאָינט בראָש האָבן גלייך אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה געשאַפן אָפּטיילונגען פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט מיט ענלעכע אויפגאַבן ווי דער אַלגעמיינער קאָמיטעט, אונטערן נאָמען „קאָאָרדיניר=קאָמיסיע“[19]). דער פאַקט פון אַריינגעמען די ייִדישע הילפס=אָרגאַניזאַציעס אַלס אַ פיליע פונעם אַלגעמיינעם קאָמיטעט איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער תקופה פון דער פּויליש=ייִדישער דערנענטערונג. אין דער צייט ווען פאַר דער מלחמה האָבן די הערשנדיקע ספערן געשטרעבט אויסצושליסן די ייִדן פון די געמיינזאַמע אָרגאַניזאַציעס דורך דעם א. ג. אַריער=פּאַראַגראַף, האָבן איצט די אָפיציעלע פאַקטאָרן אויסגעדריקט זייער הסכם אויף איינשליסן די ייִדישע הילפס=אָרגאַניזאַציעס אין די ראַמען פון אַלגעמיינעם קאָמיטעט. די קאָאָרדיניר=קאָמיסיע, וועלכע האָט באַדינט די קאָמיסאַריאַטן מיט אַ ייִדישער מערהייט, האָט זיך פאַרנומען מיטן גורל פון די פּליטים אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט. די אויפזיכטס=פּונקטן פאַר פּליטים זענען לכתחילה געווען געמישטע (פּויליש=ייִדישע), אָבער אינגיכן איז די קאָאָרדיניר=קאָמיסיע געווען געצוווּנגען זיי פאַנאַנדערצוטיילן לויטן סימן פון נאַציאָנאַליטעט, ווייל די פּוילנער פּליטים, באַקאַנט פון זייער אַנטיסעמיטיזם,

---

18 אין יאָר 1920 האָט דער שעף פונעם גענעראַל=שטאַב פון דער פּוילישער אַרמיי גענ. קאַזשימיעזש סאָסנקאָווסקי אַרויסגעגעבן אַ געהיימען באַפעל, מען זאָל קרוב 10 טויזנט ייִדישע זעלנער, אָפיצירן און מיליטערישע דאָקטוירים אינטערנירן אין אַן איזאָליר=לאַגער ביים שטעטל יאַבלאָנגע (היינטער וואַרשע), וו מען האָט זיי געפּייניקט מיט הונגער. דעם לאַגער האָט מען וואַרשיינלעך געדאַרפט אויפרייסן צוזאַמען מיט די ייִדן. דער פּלאַן איז געוואָרן דעמאַסקירט, אָבער אינצווישן זיינען טויזנט טויזנט לאַגער=אסירים אומגעקומען פון הונגער און מגיפות און סך זיינען געבליבן בעלי מום.

19 רינגעלבלום איז טאַקע געווען, פון ערשטן מאָמענט, אַ מיטגליד פונעם צענטראַלן הילפס=קאָמיטעט און פון דער קאָאָרדיניר=קאָמיסיע.

האָבן נישט געקענט פאַרברענגען מיט די יידן אונטער איין דאַך. די הילפס=טעטיקייט פון דער קאָאָרדינירקאָמיסיע דויערט אין משך פון חודש סעפטעמבער ביזן אַריינמאַרשירן פון די דייטשן קיין וואַרשע, און איינע פון די ערשטע פאָדערונגען פון די דייטשן איז געווען דער פאַרבאָט פון באַדינען די הילפס=נויטיקע אַריער דורך יידן. די מיטאַרבעטער פון דער קאָאָרדינירקאָמיסיע האָבן געטראָגן בלויע קרייצן אַזוי ווי אַלע מיטאַרבעטער פון דער אינסטיטוציע. עס איז כדאי אונטערצושטרייכן מיט אָנערקענונג, אַז די צענטראַלע פון דעם אַלגעמיינעם קאָמיטעט האָט זיך באַצויגן אויסערגעוויינלעך לאָיאַל צו דער יידישער פּיליע. מען האָט אויסגעצאָלט אַ סומע פון קרוב 50 טויזנט זלאָטעס אויף די נויטן פון די יידישע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס. מען האָט צוגעטיילט שפּייז=פּראָדוקטן פאַר די יידישע פּליטים און היימלאָזע אין דער זעלביקער מאָס וואָס פאַר די קריסטלעכע. די מיטאַרבעטער פון דער קאָאָרדינירקאָמיסיע האָבן דעמאָלט אויסגעפירט זייער אַרבעט מיט מסירת נפש, שטייענדיק אין דער ריי פאַר דער געביידע פון דעם באַנק פּ.ק.אָ., וועלכע די דייטשן האָבן אָן אויפהער באָמבאַרדירט, נישט איין קרבן איז דעמאָלט געפאַלן פון צווישן די וואַרטנדיקע אין דער ריי. די קאָאָרדינירקאָמיסיע האָט אַנטוויקלט אַ לעבהאַפטיקע טעטיקייט אויפן וווינונגס=אָפּשניט. דאָס איז געווען זייער אַ שווערע, איבערמענטשלעכע אַרבעט. טאָג איין טאָג אויס האָט מען געדאַרפט איבערטראָגן די פּליטים און היימלאָזע פון איין „פּונקט" אין צווייטן, ווייל אינצווישן איז דער פריערדיקער „פּונקט" געוואָרן באָמבאַרדירט. נישט געקוקט דערויף, וואָס די פאַלנדיקע באָמבעס און שראַפּנעלן האָבן נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן יידן און קריסטן, נישט געקוקט דערויף וואָס טויזנטער יידן און פּאָליאַקן זענען געלעגן אין זייער אייביקער רו אין געמיינזאַמע פּראָוויזאָרישע בית עולמס, אויף סקווערן, אויף עפנטלעכע פּלעצער, אין גערטנער, אין הויפן א. א. וו. — האָט דער אַנטיסעמיטישער סם אָנגעהויבן אַריינצוטריפן פונדאָסניי, אַפילו אויף אַזאַ פולשטענדיק הומאַניטאַרן אָפּשניט ווי די הילפס=אַרבעט. די יידישע אינטעליגענץ און בפרט די לערערשאַפט פון וואַרשע האָט זיך אויפן רוף פון דער מאַכט צוגעשטעלט צו דער אַרבעט פון דעם אַלגעמיינעם קאָמיטעט. אַ סך האָבן דעמאָלט באַקומען צוטיילונגען צו באַזונדערע הילפס=קעמערלעך, וועלכע האָבן נישט גערן אויפגענומען די יידישע קאַנדידאַטן און די שוין אָנגענומענע האָבן זיי שיקאַנירט אַזוי שטאַרק, אַז די יידן האָבן געמוזט רעזיגירן פון דער מיטאַרבעט, וועלכע איז זיי באַשטימט געוואָרן דורך די אָרגאַניזאַציעס און מאַכט=אָרגאַנען.

מיטן מאָמענט פון מלחמה=אויסברוך איז אַנטשטאַנען דער יידישער בירגער=קאָמיטעט, וואָס אין זיין צוזאַמענשטעל איז אַריינגעגאַנגען דער שפּעטערדיקער פאָרזיצער פון דער וואַרשעווער קהלה אינזש. אַדאַם טשערניאַקאָוו. דער בירגער=קאָמיטעט, וואָס איז פאָרמירט געוואָרן איינ=

זייטיק, איז באַשטאַנען בלויז פון פאָרשטייער פון סוחרימטום און האַנטווערק, אָן דער באַטייליקונג פון די אַרבעטער, אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ וכדומה. די טעטיקייט פון דעם קאָמיטעט האָט זיך באַגרענעצט בלויז אָפּצוגעבן פאַרשיידענע דעקלאַראַציעס פון פּאָליטישן כאַראַקטער דעם שטאָט-פּרעזידענט סטאַזשינסקי. דער בירגער-קאָמיטעט האָט ניט איינגעהאַלטן קיין קאָנטאַקט מיט דער געזעלשאַפט און איז געווען וויניק פּאָפּולער. ער איז געשטאַנען פון דער ווייטנס פון דער גאַנץ גוט פאַנאַנדערגעצווייגטער הילפס-טעטיקייט. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן נאָכן אַריינמאַרשירן פון די דייטשן. דער „טויט" פון דעם קאָמיטעט איז פאָרגעקומען אומבאַמערקטערהייט פאַר דעם גאַנצן כלל.

נאָך איידער עס איז געפאַלן וואַרשע האָט די הידרע פון אַנטיסעמיטיזם אָנגעהויבן אויפהויבן חעם קאָפּ. עס האָט נישט איין מאָל געטראָפן, אַז אין די שוץ-קעלערס אין ריין פּוילישע הייזער האָט מען נישט אַריינגעלאָזט קיין ייִדן, אַפילו אין מאָמענטן פון באָמבאַרדירונג. אַזעלכע פאַקטן האָב איך אָבסערווירט אין אַ געוויסן הויז אויף לאַנגע-גאַס, וווּ איך האָב אין סעפּטעמבער 1939 אויסגעפירט די דינסט פון לופט-שוץ. דער קאָמענדאַנט פון אונדזער שוץ-קעלער האָט פּרינציפּיעל נישט אַריינגעלאָזט קיין ייִדישע דורכגייער אין דעם מאָדערן-איינגעאָרדנטן שוץ-קעלער. אַנטקעגן דעם הויז אויף לעשנאָ 18, וווּ איך האָב געוווינט אין דער צייט פון דער באָמבאַרדירונג, האָט זיך געפונען אַ שוץ-קעלער פון דער האָלץ-פירמע „פאַגעד" פון לעשנאָ 13. ווען אַ טייל פון אונדזער הויז איז געטראָפן געוואָרן פון אַ באָמבע האָבן די איינוווינער געזוכט אַ מקום מקלט אין דעם שוץ-קעלער אויף לעשנאָ 13. צוליב אַנטיסעמיטישע מאָטיוון האָט מען אונדז אָפּגעזאָגט, טראָץ דעם וואָס אין אונדזער הויז איז בכלל נישט געווען קיין שוץ-קעלער. דאָס זעלבע איז געשען אין אַ סך הייזער מיט אַ פּוילישער מערהייט.

עס איז העמלט דערגאַנגען צו קאָנפליקטן צווישן פּאָליאַקן און ייִדן אין די ענדלאָזע רייען פאַר די בעקערייען אָדער פאַר די וויניקע אָפענע שפּייז-געוועלבער, וווּ מען האָט פאַרקויפט נאָר געציילטע שפּייז-אַרטיקלען.

דער אַנטיסעמיטיזם איז געקומען צום אויסדרוק אין די לאַנגע רייען פאַר דער ווייסל, וווּ מען האָט די איינוווינער אַרויסגעגעבן וואַסער. אויף דער פאָדערונג פון די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס האָט מען געשאַפן באַזונדערע ייִדישע און אַרישע רייען. אויף 50 אַריער האָט מען צוגעלאָזט צום וואַסער 5 ייִדן. ייִדן, וואָס פלעגן גיין צוריק מיטן וואַסער, פלעגט מען אומוואַרפן, אויסגיסן דאָס וואַסער, שלאָגן, ממש. אין רעזולטאַט איז דער ייִד, נאָכן אָפּוואַרטן אַ גאַנצן טאָג אין דער ריי, געגאַנגען אַהיים אַ צעקיילטער, אַ צעשלאָגענער, אָן וואַסער. אין שטאָט האָט געהערשט הונגער. דער רוב בעקערייען איז געווען נישט טעטיק. פאַר די וויניקע

טעטיקע בעקרייען איז מען אויסגעשטאַנען אין דער ריי במשך לאַנגע שעהן. קיינעם האָט נישט אָפּגעשראָקן דאָס, וואָס די דייטשישע באָמבאַר־דיר־אַעראָפּלאַנען האָבן שטראָפּלאָז געהוליעט איבער דער שטאָט, וועלכע האָט נישט פאַרמאָגט קיין קעגן־לופט־אַרטילעריע, און געצילעוועט אין די לאַנגע רייען פאַר די בעקערייען. נאָך יעדער אַראָפּפאַלנדיקער באָמבע זענען געבליבן אויפן טראָטואַר קאַלוזשעס בלוט, אָבער שוין אין אַ מינוט שפּעטער האָט זיך די ריי געשאַפן פון דאָסניי. מען האָט ליבערשט גע־וואָלט שטאַרבן פון אַ באָמבע, איידער אַ פאַרשלעפּטן טויט צוליב הונגער.

## 4. נאָכן אַריינמאַרשירן פון די דייטשן

די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע סאָציאַלע שוץ. דאָס כאַפּן אויף אַרבעט. דער גאַסן־האַנדל. די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס באַהערשן די גאַסן. דאָס באַרויבן די איינוווינער. די דייטשן מאַכן פילמען און פאָטאָגראַפיעס. די אָנפאַלן אין די באַנען. דער פאָגראָם פון פעברואַר 1940. די לאַגע פון די יידישע קריגס־געפאַנגענע אין די דייטשישע לאַגערן און די באַציונג פון די פאָליאַקן.

נאָכן אַריינמאַרשירן פון די דייטשן האָט דער אַנטיסעמיטיזם אויפ־געלעבט אין דער פולער מאָס. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער הילפס־טעטיקייט, וועלכע עס האָט אָנגעהויבן דער „נאַציאָנאַל־סאָציאַ־ליסטישער פאָלקסוואָלפאַרט“. ריזיקע אויטאָמאָבילן פון דעם דאָזיקן נ.ס.פ. האָבן צעטיילט דעמלט אין די גאַסן דער אויסגעהונגערטער וואַרשעווער באַפעלקערונג בחינם ברויט און זופּ פון די פּראָדוקטן, וואָס זענען רעק־ווירירט געוואָרן אין פּוילן. אין די ערשטע טעג האָט מען נישט אויסגע־שלאָסן פון דער הילפס־אַקציע די יידן, אָבער מען האָט דאָס געמאַכט נ־כער פאַר די פילמען, וועלכע מען האָט אויפגענומען אין דער ניי דעראָ־בערטער הויפּט־שטאָט. איך בין געווען אַן עדות אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ ווי אַזוי די יידן, וועלכע האָבן באַקומען ברויט און זופּ, זענען גלייך נאָכן פילמירן געוואָרן אומברחמנותדיק געשלאָגן דורך דייטשישע זעלנער, וואָס האָבן צעטריבן די ריי, וועלכע זיי אַליין האָבן פריער איינגעשטעלט. דאָס אַנטיסעמיטישע פעבל האָט געכאַפּט הונגעריקע יידן, וועלכע האָבן געוואָלט אַריין אין די רייען פאַר די וועגענער פון נ.ס.פ., און אָנגעוויזן ווער עס איז אַ „יודע“ (דאָס איינציקע דייטשישע וואָרט, וואָס די זשוליקעס האָבן גלייך געקענט). בקרוב האָבן זיך אָנגעהויבן כאַפּערייען צו פאַרשיידענע מיליטערישע פאָרמאַציעס, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין פאַר־כוחות אויסצופירן פאַרשיידענע אַרבעטן. היות די יידן האָבן נאָך דעמלט נישט געטראָגן קיין ספּעציעלע צייכנס, איז די דייטשישע כאַפּונגעס שווער געווען צו אונטערשיידן יידן פון נישט־יידן. צוהילף זענען זיי געקומען די אַנטי־סעמיטישע אונטערוועלטניקעס, וועלכע האָבן חניפהדיק אָנגעוויזן די דייטשן, ווער עס איז אַ ייד. דאָס איז געווען דער ערשטער בונד, וואָס

האָט פאַרייניקט די פּוילישע אַנטיסעמיטן מיט די היטלעריסטן. די בריק, וואָס האָט זיי ביידע פאַרבונדן, איז ווי שטענדיק געווען דער ייִד. אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג האָבן די ערשטע מעשים תעתועים פון די פּוילישע אַנטיסעמיטן געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. מען האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז ווען אין דער דעראָבערטער נאָך אַזאַ העלדישער פאַרטיידיקונג הויפּט־שטאָט וועט אַריינמאַרשירן דער שונא, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך די געמיינקייט און פערפידיע פון די קרייץ־ריטער, די אכזריות פון פאַלשקייט פון די פּריסן, די ווילדקייט פון די וואַנדאַלן, די מאָראַל פון די האָטענטאָטן, די גרויזאַמקייט פון די מאָנגאָלן, די באַרבאַרישקייט פון די טאַטאַרן, די ברוטאַליטעט פון די הונען — וועט ער זיך אָנטרעפן מיט אַן אַלגעמיינער, שטומער פאַראַכטונג מצד דעם גאַנצן פאָלק. קיינער וועט נאַטירלעך נישט מאַכן שולדיק דאָס פּוילישע פאָלק, וואָס ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין געהעריקע האַלטונג לגבי דעם שונא. עס איז אָן ספק אַ פאַקט, און צוליב דעם מוזן די פעלקער בויגן די קעפּ פאַר די פּאָליאַקן, אַז נישט געקוקט אויפן שרעקלעכן טעראָר האָט זיך נישט געפונען אין פּוילן קיין איין באַדייטנדיקע פּערזענלעכקייט, וואָס זאָל וועלן פאַרנעמען דאָס אָרט פון אַ פּוילישן האַכא [20]). אָבער טאַקע דעריבער רופט ביי אונדז אַרויס נאָך מער טרויער דער פאַקט, וואָס אַזאַ ווירדיקע שטעלונג האָט נישט אָנגענומען דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס שוין אין אָקטאָבער און סעפּטעמבער האָבן זיך געפונען אַנטיסעמיטישע עלעמענטן, און דאָס גאַנץ צאָלרייכע, וועלכע האָבן צוזאַמענגעאַרבעט מיט די דייטשן אויפן אָפּשניט פון באַקעמפן די ייִדן. אָט די צוזאַמענאַרבעט איז געקומען צום אויסדרוק אויף אַ סך אָפּשניטן פון לעבן און געהאַט אַ ברייטערן אָדער שמעלערן פאַרנעם, אָפּהענגיק פון די אויסערלעכע אומשטענדן. די אַנטיסעמיטישע שטראָמען האָבן זיך פאַרשטאַרקט נאָכן צוריקקומען פון טויזנטער פּאָליאַקן פון די געביטן, וואָס זענען אָקופּירט געוואָרן דורך די סאָוויעטן [21]) און וואָס זענען שפּעטער פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן (דערציילונגען וועגן די אכזריות פון נ.ק.וו.ד., וועלכער איז פאַרשטייט זיך [22] געווען אַ ייִדישער). קאַטין — טראָץ דעם, וואָס אויף די רשימות זענען געווען אַ כּך ייִדישע נעמען — און די ריזיקע אַנטי־ייִדישע פּראָפּאַגאַנדע אין שייכות דערמיט, דאָס איבעררייסן די דיפּלאָמאַטישע באַציונגען צווישן דער עמיגראַנטישער פּוילישער רעגירונג און דער סאָוויעטישער א.א.וו. — האָבן אויך גורם געווען אַ וווקס פון אַנטיסעמיטישע שטימונגען. דער ערשטער שמייכל, וואָס האָט זיך צעבליט אויפן פּנים פון פּוילישן אַנטיסעמיט מיט

20 עמיל האַכאַ, דער פּרעזידענט פון העכסטן געריכט אין טשעכאָסלאָוואַקיע. נאָך דער באַפרייונג איז ער פאַרמשפּט געוואָרן, אין מאַי 1945, אַלס נאַציאָנאַלער פאַררעטער און קריגס־פאַרברעכער.

21 מערב־אוקראַינע, מערב־ווייסרוסלאַנד און ווילנער ליטע, וואָס זענען פאַראייניקט געוואָרן מיטן ראַטנפאַרבאַנד.

22 דער אויטאָר זאָגט דעם „פאַרשטייט זיך" אין איראָנישן זין.

סימפּאַטיע פאַרן דייטש, איז געווען דער ענטפער אויפן קלאַפּ, וואָס עס האָט באַקומען דער יידישער פאַרבייגייער, וועלכן די דייטשן האָבן געכאַפּט צו דער אַרבעט מיט דער הילף פון פּוילישן אַנטיסעמיט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־גזלה פון יידישן פאַרמעגן אין די געשעפטן און וווינונגען. באַנדעס דייטשישע זעלנער זענען געגאַנגען פון וווינונג צו וווינונג און דאָרטן אַלצדינג צוגענומען. עס איז דאָ גוויסיק געווען אַן אָרטיקער עלעמענט, וואָס איז באַקאַנט מיטן געביט און קען שפּילן די ראָל פון אַ פאַרמיטלער. אָט די בכבודיקע ראָל האָט אויסגעפירט דער אַנטיסעמיטישער ערב רב, וואָס האָט פאַרמסרט וווינונגען און געשעפטן פון פאַרמעגלעכע יידן. צוהילף, אַלס אינפאָרמאַטאָרן, האָבן זיי צוגעצויגן די וועכטער פון די הייזער און געשעפטן. עס האָבן נישט געפעלט צווישן די אינפאָרמאַטאָרן אויך אויסוואָרפן פון דער יידישער געזעלשאַפט. פון באַטייליקן זיך אין דער פרומער אַרבעט ביים ראַבירן די יידישע וווינונגען, קראָמען און מאַגאַזינען — האָט שוין געפירט בלויז איין טריט צו דער סטאַבילער צוזאַמענאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ, דייטשישער פּאָליציי וכדומה. אָט די פאַרשוינען, וועלכע האָבן נישט פאַרמאָגט קיין שום מענטשלעכן געפיל, האָבן שפּעטער אויסגעפילט די קאַדרען פון די פאַרשיידענע לאַגער־שוצן, וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען צו באַוואַכן די יידישע אַרבעטס־לאַגערן. זיי האָבן געממתט די יידישע „לאַגערניקעס" און בלית דין ודין זיך איזדעקעוועט איבער זיי, פאַרוואונדעט און געמאָרדעט אָן רחמנות יעדן איינעם, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט גענוג געלט זיך אויסצוקויפן פון די הענט פון די דאָזיקע תליינים.

פון דעם מאָמענט, ווען די פּוילישע אַנטיסעמיטן האָבן געהאָלפן די דייטשן אַוועקצוטרייבן די אויסגעהונגערטע יידן פון די זופּ־קעסלעך, איז די גאַס געוואָרן דער פאַרבינדונגס־געביט צווישן די פּוילישע אַנטיסעמיטן און די היטלעריסטן, די גאַס האָט זיי כסדר צוגעשטעלט קרבנות. פון אָט אַזעלכע פּראָפעסיאָנעלע מוסרים וועלן שפּעטער באַשטיין די קאַדרען פון די „שמאַלצאָווניקעס" [23]) און שאַנטאַזשיסטן, וועלכע וועלן טעראָריזירן די יידן אויף דער אַרישער זייט און — צוזאַמען מיט די פּאָליציי־אַגענטן און פּוילישער פּאָליציי — וועלן זיי זיין דער סאַמע געטרייער פאַרבינדעטער פון די דייטשן אין דער אַקציע פון פאַנגען יידן. זייער חוזק־שמייכל, זייערע עקלדיקע וויצן און צינישער אויסלאַכן און אַפילו קאָמפּאָנירטע לידלעך („דער טייערער היטלער, דער גאָלדענער היטלער האָט אויסגעלערנט יידן אַרבעטן") — וועלן באַגלייטן די יידישע „פּלאַצוווקאַזשעס" [24]) אויף זייער וועג צו דער אַרבעט. די גאַס איז פון איצט אָן געוואָרן די מלוכה

---

[23] דאָס וואָרט איז אַנטשטאַנען אין דער אָקופּאַציע־צייט און באַטייט: אָראָפּשינדן די שמאַלץ פונעם קרבן, ד. ה. באַרויבן ביים קרבן (ביים ייד) אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט.

[24] יידישע אַרבעטער באַשעפטיקטע אויף דייטשישע אַרבעטספּלעצער מחוץ דעם געטאָ.

פון די אַנטיסעמיטישע אונטערוועלטניקעס, וועלכע האָבן דאָרטן געהערשט אַבסאָלוט ביי דער הסכמה פון די דייטשן.

אין האַרבסט 1939 הערשט אין וואַרשע אַ זייער לעבעדיקער האַנדל. טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן פאַרלאָרן זייער פאַרמעגן בעת באָמבאַרדירן וואַרשע, גייען אַרום אויף די גאַסן, כדי אויסצופאַרקויפן דאָס לעצט ביסל זאַכן. די קראָמען זענען דעמאָלט לרוב געווען געשלאָסן צוליב דער מורא פאַר גזילה מצד די דייטשן, וואָס האָבן אונטערן כלומרשטן אייַנקויפן צוגענומען די בעסטע סחורות פאַר אַ שיבוש. אויפן גאַס האָט מען דעמאָלט געקאָנט באַקומען אַלץ פאַר שפּאָט ביליק. די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס האָבן זיך געמאַכט אַ געשעפט פון אָנפירן דייטשן אויף די יידישע גאַסן=פאַרקויפער, ביי וועלכע די דייטשן בשותפות מיט די דאָזיקע רויבער האָבן צוגענומען אַלץ אומזיסט אָדער פאַר לעכערלעכע גראָשנס. איך בין נישט איין מאָל געווען אַן עדות, ווי יידישע ווייבער (די הענדלער זענען באַשטאַנען אויסשליסלעך פון פרויען, ווייל די מענער האָבן מורא געהאַט אַרויסצוגיין אין גאַס) האָבן געיאָמערט הויך אויפן קול, ווייל די דייטש=פוילישע רויב=שותפים האָבן זיי צוגענומען אַלצדינג, באַרויבנדיק ביי זיי יעטוועדע מעגלעכקייט צו ציען חיונה. אָט דער אומאויפהערלעכער רויב אין די גאַסן האָט פאַרטריבן די יידן פון די גאַסן פון שטאָט. דער גאַסן=האַנדל איז כמעט פולשטענדיק אַריבערגעגאַנגען אין די הענט פון די פּאָליאַקן.

די כוליגאַנעס האָבן זיך נישט באַגרענעצט צו אַטאַקירן די גאַסן=פאַרקויפער, זיי האָבן געבראַכט די דייטשן אין די יידישע געשעפטן און מאַגאַזינען. די צוזאַמענאַרבעט פון די דייטשישע זעלנער, געסטאַפּאָ=לייט, פאָלקס=דייטשן[25]) מיט די פוילישע שונאי ישראל האָט אַרויסגעגעבן פעטע פירות און געשטאַלט פון אויסגעליידיקטע יידישע געשעפטן און מאַגאַזינען, וועלכע מען האָט אין משך פון גאַנצע חדשים אויסגעפּלינדערט און לעדיג געמאַכט ביזן סוף. די דייטשן האָבן דעמאָלט צוגענומען פאַרמעגנס פון פיל מיליאָניקן ווערט, וואָס זענען געזאַמלט געוואָרן אין משך פון הונדערטער יאָרן דורך דער מי און שווייס פון גאַנצע דורות. געוויסע יידישע געשעפט= און מאַגאַזינען=אייגנטימער האָט אין מאָמענט פון פאַרצווייפלונג צעטיילט בחינם זייערע סחורות צווישן די פאַרבייגייער. דער רויב פון די קראָמען איז געווען אויף דער טאָג=אָרדענונג. עס איז געווען גענוג, אַז עפּעס אַ דייטש זאָל מיט זיין פריינדין, אַ זונה, אַרייַנגיין אין אַ געוויסן געשעפט, איז גלייך נאָך אים אַריין דער ערב רב פון גאַס, וועלכער האָט אַזאַ געשעפט „אויסגערייניקט“ ביזן דנאָ. דער דייטשישער זשאַנדאַר איז נישט אין איין פאַל געוואָרן דער באַשיצער קעגן דעם איבערפאַל פון די היימישע אַנטיסעמיטן.

25 פאָלאַקן פון דייטשישן אָפּשטאַם, וועלכע האָבן זיך רעגיסטרירט אויף דער א. ג. „פאָלקס=דייטשישער ליסטע“ און געשפּילט אַ פאַרעטערישע ראָל לגבי דעם פּוילישן פאָלק.

די דייטשן האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דעם, וואָס פאַר אַן אויסגעצייכנטער פּראָפּאַגאַנדע=מאַטעריאַל איז די ראָל פון די דייטשן אַלס פאַרטיידיקער פון די יידן קעגן דער פּוילישער אַגרעסיע. דאָס איז געווען אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישער טריק מיט אַן אויסערגעוויינלעכן פּסיכאָלאָגישן רושם. די יידן זענען אַ שעדלעכער, דעסטרוקטיווער, נישט פּראָדוקטיווער עלעמענט — האָבן געזאָגט די דייטשן — זיי זענען פאַרהאַסט דורך דער פּוילישער באַפעלקערונג, וההראיה דער אָנפאַל פון פּאָליאַקן אויף יידן. די דייטשן זענען אַ פאַקטאָר פון רו און אָרדענונג — שטעלן זיי זיך אין שוץ פון די יידן, וועלכע זיי שפּאַנען איין אין פּראָדוקטיווער אַרבעט. די בילדער, וואָס שטעלן פאָר די דייטשן אין דער ראָל פון יידן=באַשיצער קעגן די אָנפאַלן פון די פּאָליאַקן — אמתע פאָטאָגראַפיעס און אָפט ספּעציעל פאַרעפאַרירטע און רעזשיסירטע — זענען געווען אַ באַווייז, וואָס פאַר אַ „קולטור=טרעגערישער עלעמענט“ עס זענען די דייטשן אויפן „ווילדן מזרח“, ווו זיי האָבן איינגעפירט די עלעמענטן פון ציוויליזאַציע און קולטור. די פאָטאָגראַפיעס פון דייטשן, וואָס ראַטעווען יידן קעגן דער אַגרעסיע פון פּאָליאַקן, וועלן זיך פון איצט אָן איבערחזרן אין די פאַרשיידנסטע מוטאַציעס. הערביי האָט מען דערגרייכט זייער אַ וויכטיקן פּראָפּאַגאַנדיסטישן עפעקט. אין אויסלאַנד זענען אָנגעקומען ידיעות וועגן די דייטשישע אכזריותדיקייטן אין די אָקופּירטע פּוילישע שטעט, וועגן מאַסן=מאָרד איבער דער ציווילער באַפעלקערונג און בפרט איבער די יידן, וועגן פאַרברענען שטעט וכדומה. די רעפּראָדוקציעס, וואָס האָבן די דייטשן פאָרגעשטעלט ווי פאַרטיידיקער פון די יידן, האָבן געדאַרפט דינען ווי אַ באַווייז פון זייער הומאַניטאַריזם. ווייזט אויס, אַז אין „היימאַט=לאַנד“ איז געווען אַ גרויסער נאָכפרעג אויף אילוסטראַציעס, וואָס שטעלן פאָר די פּאָזיטיווע ראָל פון דייטשלאַנד אויפן מזרח, ווארעם דאָס פאָטאָגראַפירן אַזעלכע סצענעס האָט נישט אויפגעהערט אויף קיין איין רגע. און מען דאַרף מודה זיין, אַז דער ניוואָ פון דעם „היימאַט=לאַנד“ איז משמעות נישט געווען זייער הויך, ווי באַלד מען האָט פאָטאָגראַפירט אַפילו דייטשן... געשלאָגענע דורך יידן.

דאָס פאָטאָגראַפירן און פילמירן איז פאָרגעקומען נישט בלויז אין דער הויפּט=שטאָט, נאָר אויך אין דער פּראָווינץ. אין לובלין האָט מען אין די ערשטע חדשים נאָך דער מלחמה געמאַכט אויף לובאַרטאָווסקע=גאַס אַ פילם. איינער פון די פראַגמענטן פון דעם פילם איז אַ סצענע ווי יידן שלאָגן דייטשן. אַ דייטש ליגט אויף דער ערד, און אַ ייד איזדעקעוועט זיך איבער אים. וועגן אָט דעם פילם האָט מען דערציילט די פאָלגנדיקע מעשה: אַ געוויסן טאָג האָבן די דייטשן צונויפגערופן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אויפן שטאָט=פּלאַץ און זיי געהייסן וואַרטן אַ גאַנצן טאָג מיט הוילע קעפּ. די שטימונג צווישן די צונויפגעזאַמלטע איז געווען זייער אַ שווערע, מען האָט מורא געהאַט פאַר אומאָנגענעמע רעפּרעסיעס. נאָך אַ לאַנגן וואַרטן האָט מען גענומען איינשטעלן דעם המון אין פאַרשיידענע

פּאָזעס, דערנאָך האָט מען זיי געהייסן זינגען. די קינאָ־אָפּעראַטאָרן איז צומבעסטן געפעלן געוואָרן אַ געווים זייער פּשוט פאָלקס־ליד מיט אַ נישט קאָמפּליצירטער, אַלעמען באַקאַנטער מעלאָדיע, וואָס הייבט זיך אָן פון די ווערטער „לאָמיר זיך איבערבעטן". די מאַסע האָט גענומען זינגען מיט אַן אַלץ מער שטייגענדיקן ענטוזיאַזם, וואָס איז אין מאָמענטווייז אַריבער אין עקסטאַז. עדי ראיה דערציילן, אַז די אויסערגעוויינלעכע שטימונג, וואָס האָט אַרומגענומען די לובלינער יידן, טייטשט זיך אויס דערמיט, וואָס אָנשטאָט די ווערטער „לאָמיר זיך איבערבעטן" האָבן די יידן געזונגען „מיר וועלן זיי איבערלעבן", וואָס איז אָבער — אויב עס גייט אין די לובלינער יידן — נישט מקוים געוואָרן...

עס איז אָנגעקומען דער ווינטער 1939 — 1940. די צעלאָזענע גאַסן־כוליגאַנעס האָבן געהוליעט שטראָפּלאָז אויף די גאַסן פון דער שטאָט. זיי זענען שטראָפּלאָז אָנגעפאַלן אויף יידישע פאַרבייגייער, בפרט אויף יידן מיט בערד און פאות. פאַר די דייטשן זענען די יידן אין קאַפּעטעס, אין די בערד, געווען אַן אויסערגעוויינלעכע אַטראַקציע. עס זענען געווען ספּעציאַליסטן, וואָס האָבן פאַרהאַלטן אָרטאָדאָקסישע יידן און זיי אָפּגעשניטן די בערד מיט שערן, עפּטער האָבן זיי אָפּגעשניטן די בערד מיט מעסערס צוזאַמען מיט שטיקער פלייש. נאָכן מוסטער פון די דייטשן זענען געגאַנגען די אָרטיקע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן מיט געלעכטער און וואָיעריי צוגעגעבן מוט די דייטשישע מעסער־ברידער צום „קולטורעלן" ווערק פון ציוויליזירן די יידן. די ראָלן זענען אַמאָל געווען צעטיילט. דער פּאָליאַק האָט אויסגעזוכט דעם ייד מיט דער באָרד, דער דייטש האָט אים פאַרהאַלטן, דער פּאָליאַק האָט אים צוגעהאַלטן און דער דייטש האָט אים אָפּגעשוירן אָדער אָפּגעשניטן די באָרד. לויטן ביישפּיל פון די דייטשן האָבן די פּוילישע אַנטיסעמיטן פאַרהאַלטן יידישע דורכגייער און זיי געשלאָגן אָן רחמנות. צוליב מורא פאַר „אָרנטלעכע" דייטשן, וועלכע האָבן זיך אַמאָל געשטעלט אין שוץ פון די יידן, האָבן די כוליגאַנעס געמוזט בייטאָג באַגרענעצן זייערע אויפטוען. דערפאַר איז אין אָוונט אַלץ געווען פאַר זיי הפקר. זיי האָבן דעמאָלט געהוליעט אָן שום שטערונג. עס זענען געווען גאַסן, וו קיין ייד האָט זיך נישט געטאָרט באַווייזן, אויב ער האָט נישט געוואָלט קומען אַהיים צעשלאָגן ביז בלוט, באַרויבט און אַפילו אָן זיינע מלבושים. דער זאַקסישער גאָרטן, וואָס איז געווען באַרימט פון די אַנטיסעמיטישע שטיק פאַר דער מלחמה, איז איצט געלעגן הפקר פאַר די אַנטיסעמיטישע באַנדיטן. דאָ האָט אַפילו בייטאָג אַ ייד זיך נישט געקענט באַווייזן אָן מורא, ער זאָל ווערן צעשלאָגן. עס האָט אים אָפּגעוואַרט איינע פון די שייקעס, וועלכע האָט אומברחמנותדיק געשלאָגן און באַרויבט יעדן איינעם. פון די גאַסן האָט זיך די אַקציע פון די כוליגאַנעס אַריבערגעטראָגן אין די טראַמווייען, אין וועלכע עס האָבן צוערשט עקזיסטירט וואַגאָנען „נור פיר יודען" און דערנאָך האָבן דאָ יידן בכלל נישט געטאָרט פאָרן. אויפן באַפעל פון די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס האָבן די קאָנדוקטאָרן

פאַרהאַלטן די טראַמוויען, די כוליגאַנעס האָבן אַרויסגעצויגן די יידישע פּאַסאַזשירן און אין דער צאָל פון עטלעכע צענדליק זיך געוואָרפן אויף די יידישע שוצלאָזע קרבנות. זעלטן ווען עס האָט געטראָפן, אַז די קאָנדוקטאָרן זאָלן אַרויסווייזן מוט און שטעלן אַ ווידערשטאַנד די כוליגאַנעס. עס איז באַקאַנט אַ פאַל, אַז אַ דייטש האָט געהייסן אין פראַגע דעם מאָטאָר=פירער איבערפאָרן אַ ייד, וואָס האָט זיך געמוזט אָנקלייגן אויף די שינעס. דער מאָטאָר=פירער האָט אָבער דאָס נישט געוואָלט טון, נישט געקוקט דערויף, וואָס דער דייטש האָט אים צוגעשטעלט דעם רעוואָלווער צום שלייף. דאָס זעלבע וואָס אויף די וואַרשעווער גאַסן, איז פאָרגעקומען אין די צוגן, די דייטשן פלעגן אַריינגיין אין די וואַגאָנען מיטן געשריי: „אַללע יודען ראַוס!“. עס האָבן זיך געפונען אַרישע יוצר משרתים, וואָס האָבן געמסרט די יידישע פּאַסאַזשירן, אויסגעגעבן זיי אין די הענט פון די דייטשן, און די האָבן בדרך כלל זיי געהרגעט אויפן אָרט. צום שאַפן אַ פיינטלעכע באַציונג לגבי די יידן האָבן זיך צוגעדינט די רעעמיגראַנטן פון די שטעט אין די מזרח=געביטן פון פוילן, וואָס זענען דעראָבערט געוואָרן דורך די דייטשן. לויט ווי עס גיט איבער אַן עד ראיה, דערציילן זיי אין די צוגן נישט געשטויגענע מעשיות וועגן דער אכזריות פון די יידן לגבי פּאָליאַקן אין די באָלשעוויסטישע צייטן און זיי פרייען זיך, אַז היטלער וועט איצט מאַכן אַ טאָלק מיט די יידן און זיי באַצאָלן פאַר אַלץ. הונדערטער יידן זענען דעמלט געפאַלן קרבנות פון אָט דער פּראָפּאַגאַנדע, די דייטשן האָבן זיי געכאַפּט אין די צוגן.

דערווייל איז די צאָל אַנטיסעמיטישע באַנדיטן געוואָקסן פון טאָג צו טאָג. פאַר די דעגענעראַטן איז דאָס געווען דער איינציקער אופן פון פאַרדינען. עס איז זיי שוין ווייניק געווען איינצעלנע אָנפאַלן. די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט פאַטראָנירט די דאָזיקע באַנדיטישע עלעמענטן, (בלי שום ספק איינע פון די פיליעס פון אָ.נ.ר.) האָט באַשלאָסן מכבד צו זיין וואַרשע מיט אַ סעפּקטאַקל, נאָך וועלכן די שונא ישראל האָבן פון לאַנג געלעכצט. פון דער „נאַציאָנאַל=סאָציאַליסטישער וואָלפארט“ האָבן זיי באַקומען ברויט, אַצינד האָבן זיי געוואָלט האָבן פאַרווײלונגען. אין משך פון ווינטער זענען פאָרגעקומען עטלעכע מאָל עקסצעסן, פון זיי איז דער סאַמע באַוווסטער געווען דער פּאָגראָם פון פעברואַר 1940. באַנדעס אַנטיסעמיטן, דער עיקר יוגנטלעכע, זענען אַרום אונטער דער לייטונג פון אַ דייטש, וואָס האָט זיי געשיצט פון הינטן און פאַטראָנירט די אַקציע. די באַוואָפענונג פון די באַנדעס איז באַשטאַנען פון שטעקנס, אייזנס א. א. וו. די לאָזונגען פון די אָנפאַלער זענען געווען: „אויסראָטן די יידן“, „גידערמיט די יידן“, „זאָל לעבן אַן אומאָפּהענגיק פוילן אָן יידן“ א. א. וו. אויפן וועג האָבן זיי געהאַקט שויבן פון די קראָמען, וואָס זענען געווען באַצייכנט מיטן מגן=דוד, אויסגעבראָכן די אייזערנע לאָדנס, געעפנט די געשעפטן און גערויבט, די אָנגעטראָפענע אויפן וועג יידן האָבן זיי געשלאָגן, אַנידערגעוואָרפן, געממתט ביז חלשות. דאָס באַרויבן די קראָמען

איז געווען דער פינאַל פונעם פּאָגראָם, זיין אייגנטלעכער ציל. די פּאָגראָמען האָבן געדויערט עטלעכע טעג, קיינער האָט נישט אינגערירט. עס האָט געשוויגן די פּוילישע פּאָליציי, די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער זיכערקייט פון דער באַפעלקערונג, עס האָבן געשטומט די פּוילישע פּאַטריאָטישע אָרגאַניזאַציעס. דער פּאָגראָם, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט אַ געהיימע האַנט, האָט זיך איינגעלאָשן ווי אויף עמעצנס אַ באַפעל. אַלץ האָט זיך אומגעקערט צום נאָרמאַלן צושטאַנד. אַן עד ראיה פון די עקסצעסן אויף פראַנציסקאַנער גאַס אין פעברואַר 1940 דערציילט: „עס איז געגאַנגען אַ המון פון 200 — 300 פאַרשוינען, באַוואָפנטע מיט פלעקענער, שטעקנס און אייזערנע שטאַנגען, פאָרויס זענען געגאַנגען יונגע פליער מיט רעוואָלווערן אין די הענט. דעם צוג האָבן געשלאָסן עטלעכע אַריער, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט די עקסצעסן און האָבן זיך כסדר פאַרשטענדיקט מיט די דייטשן און אַרויסגעגעבן דער באַנדע רויבער באַפעלן. דער המון האָט אויפן וועג אויסגעהאַקט די שויבן אין די הייזער. אין די טויערן זענען געשטאַנען גרופּעס יידן באַוואָפנטע אין פלעקענער און שטעקנס, גרייט צו פאַרטיידיקונג. אויפן עק פראַנציסקאַנער און וואָלאָווע האָט דער המון כוליגאַנעס זיך אָנגעטראָפן אויף עטלעכע צענדליק יידישע אַרבעטער, באַוואָפנטע אין אייזערנע שטאַנגען, מיט וועלכע זיי האָבן אויסגעהאַקט דעם אייז. עס איז געקומען צו אַ קאַמף, אין וועלכן עס זענען געפאַלן: איין כוליגאַן און צוויי יידן".

אויף גזשיבאָווסקע גאַס האָט אין דער זעלביקער צייט געהאַט אַן אָרט אַ פּאָגראָם, אין וועלכן עס האָט גענומען אָנטייל דייטשישע פליער, וואָס האָבן כסדר געשאָסן סתם אין דער וועלט אַריין. אַ באַנדע דייטשישע סאָלדאַטן איז געגאַנגען הינטערן צוג פון די כוליגאַנעס און געקליבן נחת פון זייערע אויפטוען. די כוליגאַנעס האָבן באַדעקט מיט שאַנד פּוילנס נאָמען, מאַכנדיק אויסרופן: „זאָל לעבן אַ פרייע פּוילן אָן יידן". עס איז דעמאָלט געפאַלן אַ שפּאָר ביסל יידישע קרבנות. אויך דאָ זענען די יידן געשטאַנען אין די טויערן גרייט צו זעלבשוץ. עס איז אַ יושר אונטערצושטרייכן די דרייסטע האַלטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך נישט געלאָזט טעראָריזירן פון די אַנטיסעמיטישע באַנדעס און זיך געגרייט צו אַ געהעריקער פאַרטיידיקונג.

דער פּאָגראָם פון פעברואַר 1940 האָט אויפגעטרייסלט ביז די טופעגישן דעם יידישן ציבור אין פּוילן. די יידן האָבן אויף להבא מורא געקראָגן פאַר אַ קאָאַליציע פון די פּוילישע צוררי היהודים מיט די דייטשן, וועלכע וועלן חשק האָבן אויסצונוצן דעם פאַרוואָרצלטן זינט דורות אַנטיסעמיטיזם פאַר אָפּקאָכן דאָס אייגענע געקעכטס מיט די הענט פון פּאָליאַקן. די וואַרשעווער יידן זענען פול געווען מיט פּחד, אַז די דייטשן וועלן אויסנוצן דעם תירוץ פון די פּאָגראָמען כדי צו באַזייטיקן די יידן פון וואַרשע. מען האָט מורא געהאַט, אַז די דייטשן וועלן נעמען פאַר גוט געלט דעם לאָזונג, וואָס הילכט אָפּ אויף דער וואַרשעווער גאַס: „מיר

ווילן וואַרשע אָן יידן", און זיי ווילן אַרויסיאָגן די יידן פון וואַרשע. די וואַרשעווער יידן האָבן זיך געקאָרטשעט פון ווייטאָג זעענדיק, אַז עס איז נישט געווען קיין שום קעגנווירקונג מצד דער פּוילישער געזעלשאַפט. עס פלעגט טרעפן, אַז אַן אַלטער קריסט האָט אָפּגעשטעלט אויף דער גאַס אַ ייד און אים געוואָרנט, אַז אויף דער אָדער אַנדערער גאַס שלאָגט מען, אָבער עס איז נישט געווען קיין פאַל, אַז די פאַרבייגייער זאָלן וואַגן אַקטיוו אַרויסצוטרעטן קעגן די כוליגאַנישע מעשים תעתועים. איך בין געווען אַן עדות פון פּאָגראָמען אין אַ ריי גאַסן, איך האָב אַראָפּגענומען דעם אָרעמבאַנד און בין געגאַנגען נאָכן פּאָגראָמירנדיקן המון און בלויז איין מאָל האָב איך געזען אַן עלטערע פרוי, וואָס האָט פאַרהאַלטן אויפן באַנק-פּלאַץ די פּאָגראָמטשיקעס און זיי געמאַכט פאָרווורפן, אַז זיי פאַרמיאוסן דעם גוטן נאָמען פון פּוילן, אַז זיי גייען די דייטשן אויף דער האַנט. דער ציגישער געלעכטער פון די זשוליקעס איז געווען דער איינציקער ענטפער אויף די נאָבעלע ווערטער פון דער פּוילישער פרוי.

לאָמיר מאַכן אַ סך-הכל: די תקופה פון אָקטאָבער 1939 ביז נאָוועמבער 1940, ד. ה. ביזן אַנטשטיין פונעם געטאָ, איז געווען אַ צייט פון בסדרדיקע עקסצעסן קעגן די יידן, דערביי איז די אַנטוויקלונגס-טענדענץ געגאַנגען אין דער הויך. עס האָט זיך אָנגעהויבן פון אָנפאַלן אויף איינצלנע יידן, און עס האָט זיך געענדיקט מיט אַ הפקרדיקן ראַבירן יידיש האָב און גוטס און מיט פּאָגראָמען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין פאַרשיידענע ראַיאָנען פון וואַרשע. קיינער וועט נישט באַשולדיקן דאָס פּוילישע פאָלק פאַר די פערמאַנענטע עקסצעסן און פּאָגראָמען פון דער יידישער באַפעלקערונג. אַ באַדייטנדיקע מערהייט פון פאָלק, זיין באַוווסטזיניקער אַרבעטער-קלאַס, די אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ — האָבן אָן שום ספק פאַרורטיילט די עקסצעסן, זעענדיק אין זיי אַ דייטשע געצייג אָפּצושוואַכן די איינהייטלעכקייט פון דער געזעלשאַפט, צו שאַפן אַ מיטאַרבעט מיט די דייטשן. מיר רוקן אָבער אַרויס דעם פאָרוווּרף, אַז נישט אין וואָרט (פּריידיקערייען אין די קירכעס וכדומה), נישט אין שריפט האָט מען זיך נישט אָפּגעגרענעצט פון דער אַנטיסעמיטישער בעסטיע, וואָס האָט קאָאָפּערירט מיט די דייטשן, אַז מען האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט אַקטיוו די אומאויפהערלעכע עקסצעסן, אַז מען האָט גאָרנישט געטאָן, כדי אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק, אַז די גאַנצע פּוילישע באַפעלקערונג, אַלע אירע שיכטן שטיצן די מעשים תעתועים פון די פּוילישע אַנטיסעמיטן. די פּאַסיווקייט פון דער פּוילישער אונטערערד לגבי דער שמוציקער כוואַליע פונעם אַנטיסעמיטיזם — אָט דאָס איז געווען דער גרויסער פעלער אין דער תקופה פאַרן אַנטשטיין פונעם געטאָ, אַ פעלער, וואָס וועט זיך נוקם זיין אין די ווייטערדיקע תקופות פון דער מלחמה.

* *
*

א כאַראַקטעריסטישער בייטראָג צו די פּויליש=יידישע באַציונגען איז די לאַגע פון די פּוילישע קריגס=געפאַנגענע פון דער סעפּטעמבער=קאַמפּאַניע פון 1939. פון אַ ריי קריגס=געפאַנגענע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין פאַרשיידענע „סטאַלאַגן“ (סאָלדאַטען=לאַגער) האָב איך געהערט באַריכטן, וועלכע זענען לחלוטין אידענטישע. בכלל זענען די דאָזיקע באַריכטן זייער טרויעריקע, ווייל זיי ווייזן אויף, אַז די פּוילישע אַנטיסעמיטן אין מיליטערישע מונדירן האָבן אַפילו אין אָנגעזיכט פון געמיינזאַמען שונא אָנגעווענדט אין דער פולער מאָס דעם אַנטיסעמיטישן פּראָגראַם. זיי האָבן פאַרגעסן, אַז דער מיליטערישער רעגולאַמין איז זיי ווייטער מחייב און פאַרלאַנגט אַ גערעכטיקע באַהאַנדלונג פון אַלע זעלנער אָן חילוק פון אָפּשטאַם און נאַציאָנאַליטעט. די מונדיר=אַנטיסעמיטן האָבן באַשלאָסן זיך „אָפּשלאָגן“ דעם חודשדיקן (סעפּטעמבערדיקן) איבעררייס אין דער אַנטי-יידישער אַקציע און מיט געטאָפּלטער ענערגיע זיך גענומען צו רודפן זייערע אחים לצרה. אויפן סמך פון שריפטלעכע רעלאַציעס, זייער בפּרטיותדיקע, מיטן אָנגעבן די ערטער, די דאַטעס, די גענויע אומשטענדן א. א. וו., קענען מיר זיך שאַפן אַ געוויסן באַגריף פון דעם גיהנום, וועלכן די יידישע קריגס=געפאַנגענע האָבן דורכגעלעבט אין די לאַגערן מצד זייערע פּוילישע קאָלעגן. עס זענען געווען אַ סך פאַלן, ווען די געפאַנגענע פּאָליאַקן האָבן צוגענומען ביי די יידן די מלבושים, די שיך וכדומה, וואָס איז אין די באַדינגונגען פון דעם ווינטערדיקן וועטער געווען דעמאָלט גלייך צו טויט. דער דייטשישער וואַכמאַן איז נישט איינמאָל געווען דער פאַרטיידיקער פון די יידן, ער האָט זיי געראַטעוועט פון די הענט פון דעם צעיושעטן פּוילישן אַנטיסעמיט. אַזאַ מין האַנדלען מצד די פּוילישע פאַשיסטן דאַרף אונדז נישט וונדערן, ווען מיר וועלן זיך דערמאָנען דעם הויפּט=פּרינציפּ פון אָ. נ. ר.: „שלאָג דעם ייד שטענדיק און אומעטום“. האָבן זיי אים דעריבער געשלאָגן און געקאַטעוועט אַפילו אין געפאַנגענשאַפט, פאַרשאַפנדיק אַ נחת רוח דעם שונא. בעסערע באַדינגונגען האָבן געהערשט אין די לאַגערן פאַר ציווילע געפאַנגענע, ווו די מערהייט האָט געשטאַמט פון אינטעליגענץ=ספערן. דאָ איז געווען אַ קעגנזייטיקע הילף און אַ גלייכע טראַקטירונג פון אַלעמען אָן אונטערשייד פון אָפּשטאַם. די לאַגע פון די יידישע קריגס=געפאַנגענע איז באַדייטנדיק בעסער געוואָרן ערשט דעמאָלט, ווען מען האָט זיי צוגעטיילט צו אַרבעט אין פאַבריקן, לאַנדווירטשאַפטן, ביי פּויערים א. א. וו. די דייטשן, נישט קענענדיק די יידן, האָבן זיך זיי פאָרגעשטעלט לויטן נוסח פונעם „שטירמער“ ווי ליכווע=טרייבער, פּאַראַזיטן, פּיאַווקעס און ענלעכע שעדלעכע עלעמענטן. דערווייל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די יידישע קריגס=געפאַנגענע שטעלן צו ערשטקלאַסיקע פאַכלייט אין אַלע געביטן פון מלאכה צי אינדוסטריע. די יידן האָבן זיך אויסגעצייכנט ביי דער אַרבעט אין לאַנדווירטשאַפט, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען זייער באַשעפטיקונג פון געבוירן אָן. אונטערן איינפלוס פון אָט דער לעבנס=פּראַקטיק זענען נעלם געוואָרן די פאָראורטיילן, און די באַציונג פון דער דייטשישער באַפעלקערונג לגבי

די יידישע קריגס=געפאַנגענע האָט זיך ראַדיקאַל געביטן. פון דעם דירעקטאָר פונעם „דזשאָינט“, גיטערמאַן, וועלכער איז געווען אין משך פון עטלעכע חדשים אין דייטשישער געפאַנגענשאַפט אַלס ציווילער געפאַנגענער, האָב איך געהערט די פאָלגנדיקע, זייער כאַראַקטעריסטישע פאָרמולירונג פון דער באַציונג=ענדערונג, לויט ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט אַ געוויסער דייטש: „איר זענט אַהער געקומען אַלס פאַרפלוכטע יודען, איר קערט זיך צוריק אַהיים ווי די געליבטע קינדער פון פאָלק ישראל“. די יידישע געפאַנגענע די פשוטע זעלנער האָבן איבגיכן פאַרלאָזט דייטשלאַנד און זיך אומגעקערט אין זייערע היים=שטעט מיטן אויסנאַם פון די געפאַנגענע פון די מזרח=קרעסן, וועלכע זענען געבליבן אין לובלינער געגנט, וווּ מען האָט אַ באַדייטנדיקן טייל פון זיי אויסגעמאָרדעט[26].

## 5. די פויליש-יידישע ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען

דאָס שאַפן דעם געטאָ. צילן און ווירקלעכקייט. דאָס געטאָ — אַ קאָנצענטראַציע=לאַגער. דאָס געטאָ אַרבעט פאַר דער אַרישער זייט. די „טשוכעס“[27] באַאיינפלוסן דעם צאָל=בילאַנס פון געטאָ. דאָס אויסבאַהאַלטן זאַכן און סחורות אויף דער אַרישער זייט. פאָליציי=אַגענטן. געלט=אויסטויש. כבוד פאַרן אומבאַקאַנטן שמוגלער. דאָס אויספאַרקויפן די יידישע אומבאַוועגלעכע גיטער. סך=הכל.

די אַנטשטייונג פון געטאָ עפנט אַ נייע ערע אין די פויליש=יידישע באַציונגען. מיט דעם שאַפן אַ געטאָ זענען די דייטשן אויסן געווען ראשית כל פולשטענדיק צו איזאָלירן די יידישע באַפעלקערונג און לגמרי זי אָפּצוטיילן פון דער אַרישער באַפעלקערונג. דאָס איזאָלירטע געטאָ האָט געדאַרפט דערפירט ווערן צו אַזאַ צושטאַנד, אַז די יידן זאָל אויספעלן לופט צו אָטעמען און אַז זיי זאָלן אויסגיין פון הונגער. דער פּראָצעס פון באַזייטיקן די יידן פון ווירטשאַפטלעכן און קולטור=לעבן פון לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם מאָמענט, ווען די דייטשן זענען אַריין אין לאַנד. מען האָט באַזייטיקט די יידן פון אַלע שטעלעס אין די מלוכהשע, קאָמונאַלע און עפנטלעך רעכטלעכע אינסטיטוציעס און אונטערנעמונגען. מען האָט פאַרווערט די אַרישע פירמעס צו באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. מען האָט פאַרבאָטן די יידן צו גענים פון די עפנטלעכע און פריוואַטע ביבליאָטעקן, פון די טעאַטערן, קינאָס וכדומה. זיי האָבן נישט געטאָרט זיך באַנוצן מיט קיין שום מלוכהשער צי קאָמונאַלער קאָמוניקאַ=

[26] אַ טייל האָט מען דערמאָרדעט באַלד, אַ טייל האָט מען פאַרשפאַרט אין לאַגער אין לובלין אויף ליפּאָווע=גאַס 7. פון זיי זיינען עטלעכע גרופעס אַנטלאָפן און געשאַפן פאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. עס שרייבט וועגן דעם רינגעלבלום ווייטער, ז' 353.

[27] פון פויליש, ווערטלעך: לאַבעס, פּאַקטיש: כלערליי אַלטוואַרג, מלבושים, שיכוואַרג, בעטגעוואַנט וכדומה.

ציע (אײַזנבאַן, הינטערשטאָטישע באַנען, אויטאָבוסן, טראַמווייען). פאַר דער ייִדישער יוגנט איז פאַרמאַכט געוואָרן דער צוטריט צו די עפנטלעכע שולן און — אַ קלאָרע זאַך — צו די פּריוואַטע אַרישע. יעטוועדער ווירטשאַפטלעכער און קולטור־קאָנטאַקט צווישן ייִדן און דער אַרישער זייט האָט געדאַרפט ווערן לחלוטין איבערגעריסן. מען האָט נישט געטאָרט אין דער פּראַקטיק אײַנהאַלטן מיט אַ ייִד קיין געזעלשאַפטלעכע באַציונגען; הגם אַזאַ פאַראָרדענונג איז קיינמאָל נישט דערשינען, האָט זי אָבער מחייב געווען אין דער פּראַקטיק. די שאַפונג פון געטאָ האָט געדאַרפט זיין די קרוינונג פון דעם פּראָצעס פון אָפּזונדערן די ייִדן, זיין פאַרענדיקונג. פון איצט אָן האָט דער ייִד געקאָנט זיך קאָמוניקירן מיט דער וועלט נאָר מיטן הסכם פון די מאַכט־אָרגאַנען, וועלכע האָבן געדאַרפט די דאָזיקע ווירטשאַפטלעכע קאָנטאַקטן קאָנטראָלירן און האָבן איבער זיי די השגחה. דאָס געטאָ האָט געדאַרפט זיין הערמעטיש פאַרמאַכט. די אַרישע וועלט איז לויט דער אָפיציעלער טערמינאָלאָגיע געווען אַן „אומוועלט" — אַ מין אויסלענדישע מלוכה, אַן אָפּגעטיילטע פון געטאָ דורך אַ צאָל־גרענעץ. צווישן די בײדע מלוכות איז פאָרגעקומען אַ ווירטשאַפטלעכער אויסטויש אויף די יסודות פון קלירינג. די קלירינג־אינסטיטוציע איז געווען די ספּעציעל דערצו געשאַפענע „טראַנספערשטעלע". דאָס געטאָ האָט געדאַרפט באַקומען אַזויפיל באַשפּייזונג, וויפל עס וועט צושטעלן אַרבעט. אין מאָמענט פונעם אויפקום פון געטאָ זענען געווען אויך אַנדערע פּלענער, וואָס ווען זיי וועלן פאַרווירקלעכט, וואָלט דאָס דערפירט זייער שנעל צו אַ קאַטאַסטראָפע. דאָס געטאָ האָט געדאַרפט פאַר די שפּייז־אַרטיקלען צאָלן מיט וואַלוטע, צירונג און געלד. צום גליק זענען בײדע פּלענער אָפּגעפאַלן. דער קאָמיסאַר פון דעם ייִדישן ראַיאָן, אויערסוואַלד, האָט זיך עפּעס נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט דעם פּראָבלעם און ער האָט די זאַך געלאָזט איר נאַטירלעכן לויף. אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס געטאָ געווען אַ מין אויטאָנאָמישער שטח מיט אַ לאָקאַלער שטאָט־פאַרוואַלטונג, מיט אַן אייגענער אָרדענונגס־דינסט, פּאָסט, אַרעסט, בא — אַפילו מיט אַן אייגענעם אַמט פון מאָס און וואָג. די ייִדן האָבן דאָס געטאָ באַצייכנט ווי אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, אַן אַרומגעריגלטן מיט אַ מויער און שטעכל־דראָט, מיט דעם אונטערשייד, אַז אין געטאָ האָבן די אײַנוווינער זיך געמוזט אויסהאַלטן אַליין.

דאָס שאַפן דעם געטאָ האָט אַרויסגערופן שרעקלעכע דאגות ביי דעם ייִדישן ציבור. מען האָט באַרעכנט, אַז מאַקסימום נאָך אַ יאָר וועט דאָס געטאָ בלייבן לחלוטין אָן צאָל־מיטלען, וועלכע וועלן אָפּפּליסן אויף דער אַנדערער זייט אַלס דעקונג פאַר די באַשפּייזונג־מיטלען. די אָפיציעלע אַפּראָוויזאַציע האָט געסטייערט העכסטנס אויף עטלעכע טעג אין חודש[28],

28 די שפּייז־קאַרטע פאַר אַ ייִד האָט באַטראָפן אַרום 300 קאַלאָריעס אַ טאָג, בעת צום לעבן איז געווען נייטיק מינימום 2.380 קאַלאָריעס.

די איבעריקע טעג האָט מען געדאַרפט רעקן דורך שמוגל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווי „גרוי“ עס איז די טעאָריע און ווי אַנדערש עס האָט אויסגעזען דער „עץ החיים“. מען האָט געוואָלט פאַרמאַכן דאָס געטאָ אין דעם סדום=בעטל פון דער פּראָדוקציע לטובת דער דייטשישער אַרמיי, און אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ניט געקוקט אויפן ספּעציעלן זאָנדערדינסט, וואָס האָט באַוואַכט דאָס געטאָ פון אויסן, ניט געקוקט אויף דער זשאַנדאַרמעריע, פּוילישער פּאָליציי, ס.ס., ס.ד.[29], טראַנספּערשטעללע און דער יידישער אָרדענונגס=דינסט — האָט די שפּאַנונגספולקייט פונעם יידישן לעבן, די ענערגיע און אונטערנעמערישע פעיקייט פון די יידן, זייער פאַכקענטעניש און דורותדיקע טראַדיציע, דער לעבנס=ווילן פון פירהונדערט טויזנט יידן — געוויזן וווּנדער, און דאָס געטאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פעיק צו אַ זעלבשטענדיק ווירטשאַפטלעך לעבן. אין אַ יאָר אַרום ווען מען האָט געפּרוווט אונטערצופירן אַ סך=הכל פונעם יערלעכן בילאַנס, האָבן די פאַרביסנסטע פעסימיסטן, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט די שוואַרצסטע נביאות (דאָס אויסשעפּן זיך פון די געטאָ=פינאַנסן און דער אַלגעמיינער הונגער פון דער יידישער באַפעלקערונג), געמוזט מאַכן מודה זיין, אַז זייערע פאָרויסזעונגען זענען געווען פאַלשע. דער הויפּט=פעלער אין זייער אַרטדענקען איז געווען די השערה, אַז דער סחורות=אויסטויש צווישן דעם געטאָ און דער אַרישער וועלט וועט אָנגיין בלויז אויפן אָפיציעלן וועג, ד. ה. דורך דער ספּעציעל געשאַפענער „טראַנספּערשטעללע“. אין דער פּראַקטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס פאַרהעלטעניש פון דעם אָפיציעלן טראַנספּאָרט צום ניטאָפיציעלן איז געווען אַזאַ ווי דאָס פאַרהעלטעניש פון דער אָפיציעלער באַשפּייזונג צו דער ווירקלעכער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס געטאָ האָט ווייטער איינגעהאַלטן לעבעדיקע ווירטשאַפטלעכע באַציונגען מיט דער אַרישער זייט, אַז די ווירטשאַפטלעכע קנופּ=בונדן, וואָס זענען פאַרקניפּט געוואָרן לאַנג פאַר דער מלחמה, האָבן זיך ניט איבערגעריסן אַפילו נאָכן אויפשטעלן די אַלץ העכערע מויערן, וואָס האָבן אָפּגעטיילט דאָס געטאָ פון דער אַרישער וועלט. פּאַראַלעל מיט דער אָפיציעלער פּראָדוקציע פאַר די באַדערפענישן פון דער דייטשישער אַרמיי און בכלל פאַר די באַדערפענישן פון דעם דייטשישן מאַרק, האָט דאָס געטאָ ווייטער פּראָדוצירט פאַרן פּוילישן אָפּזאַץ=מאַרק, באַנוצנדיק די רוישטאָפן, וואָס מען האָט אַריינגעשמוגלט אין געטאָ. די דאָזיקע רוישטאָפן פלעג מען באַקומען פון די קאָמיסאַרישע פירמעס אין טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק, טשענסטאָכאָוו, לאָדזש א.א.וו., פאַרשטייט זיך, אין אַן אומלעגאַלן אופן פון די רוישטאָף=צושטעלונגען פאַר אָט די פירמעס. אַן אומגעוויינלעכע איינפאַלערישקייט האָבן אַרויסגעוויזן די יידישע אינדוסטריעלער און בעלי מלאכות ביים אויסגעפינען פאַרטרעט=אַרטיקלען אויפן אָרט פון די פעלנדיקע רוישטאָפן. מען האָט פּראָדוצירט פאַר די באַדערפענישן

---

29 זיכערהייטס=דינסט.

פון צרישן מארק אלצדינג, אזוי ווי פאר דער מלחמה. די וועבערייען האבן אויסגעארבעט אויסגעצייכנטע סחורות פון וואל, וועלכע מען האט געגנבעט אין די טשענסטאכאווער פאבריקן, אין דער ווארשעווער „וואלא"-פאבריק און אין אנדערע שטעט. מען פלעגט פארבן טליתים און זיי איבערמאכן אויף שאלן, סוועטערס וכדומה. עס האט זיך אנטוויקלט די אויסארבעטונג פון דאמען-אפאשקעס, סוועטערס, פויערישע קורטקעס א.א.וו. מען האט זיי אויסגעארבעט פון „טשיוכעס", וועלכע מען פלעגט קויפן מאסנוויז אויפן ריזיקן פלאץ אויף גענשע-גאס (א. ג. גענשווקע), ווו עס איז פאר-געקומען א מאסן-אויספארקויף מצד דער פון טאג צו טאג אלץ מער ארעם ווערנדיקער יידישער באפעלקערונג. טאג-איין טאג-אויס האבן ספעציעלע אגענטן פון פארשיידענע פירמעס איינגעקויפט אויף דער „גענשווקע" טויזנטער קילאגראמען אלטע ליילעכער און בכלל כלערליי לאכעס.

די „גענשווקע" איז געווארן דער צענטער פון האנדל מיט לאכעס אויך פון אנדערע שטעט. די פוילישע סוחרים האבן א ווארף געטאן אויף דעם דאזיקן מארק א גרויסן טראנספארט פון אלטע זאכן, איינגעהאנדלטע אין דעם לובלינער „ווערטערפאסונג" [30] (20 טויזנט קילאגראם). די אלע „טשיוכעס" האט מען געפארבט אין א ספעציעל אינסטאלירטער פאר-בעריי אויף ניזקע-גאס אדער אין פריוואטע וווינונגען, און שפעטער האט מען אויף זיי געדרוקט פארשיידענע קאלירן. עס האט געבליט די טעקס-טיל-אינדוסטריע, ארגאניזירט דורך געוועזענע לאדזשער אונטערנעמער. מען האט אויסגעארבעט וואלענע זאקן און באנוול-העמדשקעס געמישטע מיט וואל. עס האט געבליט די באוול-גאלאנטעריע, די וואלענע און לעדער-גאלאנטעריע; פון פארשיידענעם אפפאלעכטס, פון אלטע האנדלס-ביכער האט מען געפרעסט טעקטור און געמאכט פון איר פיברע-וואליזקעס. עס האט זיך אין א גרויסן פארנעם אנטוויקלט די בערשטן-אינדוסטריע. די בערשטן האט מען אויסגעארבעט — חוץ פון שטשעטשינע — אויך פון אלטע קלאפערס, פון געוועזענע פעדערס און עגלעכן אפפאלעכטס, וועלכן מען האט פלייסיק געזאמלט אין געטא. די דאזיקע אינדוסטריע האט באשעפטיקט עטלעכע טויזנט ארבעטער. מען האט אויסגעארבעט פון פארשיידענע „ערזאצן" מאטעראצן פארן מיליטער און פאר דער ארי-שער זייט. אומלעגאלע גארבערייען האבן איבערגעארבעט די פעלן, וועלכע מען האט בדרך שמוגל אריינגעפירט אין געטא. קינדער פון 6 — 10 יאר האבן אויסגעארבעט מאסנוויז שפילצייג אין פריוואטע דירות, אויף בוי-דעמער אין קעלערס א. א. וו. פון אעראפלאנען-שפליטערס, וואס מען האט „אימפארטירט" אין געטא אריין, האט זיך אנטוויקלט אן אלומיניום-אינ-דוסטריע (שעלעכלעך, לעפל א. א. וו.). חוץ דעם האט מען איז געטא

30) „ווערטערפאסונג" — אן אינסטיטוציע פון ס.ס., וואס האט זיך פאר-נומען מיט זאמלען, סעגרעגירן און פארקויפן דאס האב און גוטס, וואס איז געבליבן נאכן דעפארטירן די יידן אין די טויט-לאגערן.

אויסגעאַרבעט פאַר דער אַרישער זייט אויוונס, זאַוויאַסעס און אַנדערע אַרטיקלען פון דער מעטאַלורגישער אינדוסטריע. מען האָט מאַסנווייז פראָדוצירט שטעק־שיך אויף הילצערנע פאָדעשוועס מיט כאָלעוועס פון געפרעסטער טעקטור. פון האָלץ האָט מען געמאַכט שיינע ליולקעס, ציגאַרן־שפיצן און בכלל די א. ג. האָלץ־גאַלאַנטעריע. עס האָט געבליט די כעמישע און פאַרמאַצעווטישע אינדוסטריע, אויסאַרבעטונגען פון פעטס, אייל־פראָדוקציע, אַ זייף־פאַבריק וכדומה. עס האָט זיך ווייטער אַנטוויקלט די האָלץ־אינדוסטריע (טאַרטאַקן, מעבל־אויסאַרבעטונג), די גומי־אינדוסטריע א. ד. גל. אַפילו נאָך דער יולי־אַקציע (1942), ווען די דאָזיקע גאַנצע אינדוסטריע האָט זיך איינגעבראָכן אין רעזולטאַט פון דעם גירוש פון 350 טויזנט וואַרשעווער יידן, האָט דאָס געטאָ פראָדוצירט ווייטער — אין אַ פאַרקלענערטן פאַרנעם — פאַר די באַדערפעגישן פון דעם פוילישן מאַרק. די דאָזיקע פראָדוקציע איז פאָרגעקומען אונטערן דעק־מאַנטל פון די ניי־אַנטשטאַנענע „שאָפּן“, וועלכע האָבן באַשעפטיקט די שארית הפליטה פון די וואַרשעווער יידן. פון זעלנערישע הויזן האָט מען אין די „שאָפּן“ אויסגעאַרבעט טויזנטער פאָר הויזן פאַר דער דאָרפישער באַפעלקערונג, נאַטירלעך נאָכן פריערדיקן איבערפאַרבן. פון הויזן האָט מען אויך אויסגעאַרבעט ספאָרט־בלוזעס. אַזוי איז געווען אין כמעט אַלע „שאָפּן“. סיי דאָס אַריינפירן רוי־שטאָפן, סיי דאָס אַרויספירן פאַרטיקע אַרטיקלען איז פאָרגעקומען אויפן וועג פון שמוגל, און אין דעם האָט קודם כל געהאָלפן די „טראַנספערשטעלע“, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן ספעציעל פאַרן סחורה־אויסטויש מיט דער אַרישער זייט. די דאָזיקע פאַבריקן, בעסער געזאָגט — פאַבריקלעך, זענען געווען פאַרקאָנספירירט אין קעלערס, אין פאַרמאַסקירטע צימערן, אין ספעציעל אויסגעבויטע פאַרשטעקערטער. ביי טאָג האָט מען בשום אופן נישט געקאָנט דערקענען, אַז ביינאַכט איז דאָרטן טעטיק אַ פאַבריק! די אייגנטימער פון אָט די אונטערנעמונגען האָבן געמוזט צאָלן כופר נפש פאַרשיידענע פיאַווקעס, וועלכע האָבן פאַראַזיטעוועט אויפןווירטשאַפטלעכן אָרגאַניזם פון דער יידישער באַפעלקערונג. צו די פיאַווקעס האָט געהערט די געסטאַפּאָ־פיליע אין דעם יידישן ראַיאָן א. נ. „אַמט צום קאַמף מיט ליכווע און פאַסעק־רייסער“ (דאָס א. ג. „דרייצנטל“), די פריוואַיבערוואַכונגסשטעלע און די פאָליציי־אַגענטן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די קאָמיסאַריאַטן פון דער פוילישער פאָליציי אין געטאָ. עס איז דאָרטן געווען מער אַגענטן ווי פאַר דער מלחמה. אינעם 4־טן קאָמיסאַריאַט, וו עס איז פאַר דער מלחמה געווען נישט מער ווי 4 אַגענטן, איז אין דער מלחמה־צייט געוואַקסן זייער צאָל ביז 12. עס האָבן זיך געמוזט ביי זיי אויסקויפן אַלע טעטיקע אויפן געביט פונעם קאָמיסאַריאַט האַנדלס־ און אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, הן די לעגאַלע, הן די אומלעגאַלע. אין דער צייט פון אַזאַ הפקרות זענען אַפילו די לעגאַלע קראָמען אָדער פאַבריקן געווען אויסגעשטעלט אויף רעוויזיעס מצד די אַגענטן, וועלכע האָבן אויסגעטראַכט נישט געשטויגנטע פאַרברעכנס. מיטן תירוץ, אַז זיי

זוכן געווער, האָבן די אַגענטן געגישטערט אומעטום און אַלץ צוגענומען. איטלעכע פאַבריק אויפן געביט פון 4־טן קאָמיסאַריאַט האָט געצאָלט לכל הפחות צו טויזנט זלאָטעס אַ חודש. געוויסע אונטערנעמונגען האָבן געצאָלט ביז 30 טויזנט זל. און אַפילו ביז 50 טויזנט זל. אַ חודש. די מיל אויף נאַלעווקעס 33, הגם זי איז געווען פולשטענדיק לעגאַל, ווייל זי האָט פּראָדוצירט פאַרן יודענראַט, האָט געצאָלט 20 טויזנט זל. חודשלעך. די אַגענטן זענען געגאַנגען פון דירה צו דירה און געזוכט פאַרשטעקטע סחורות. אויב די סחורה איז געווען אַ לעגאַלע, האָבן די אַגענטן געטענהט, אַז זי שטאַמט פון גנבה וכדומה. ווען עס איז אַרויס די פוטער־גזירה[31]), האָבן די אַגענטן אומעטום געזוכט פוטערס. די פוטער־בערזע אויף וואָלאָווע־גאַס האָט געמוזט זיי צאָלן צו טויזנט זל. אַ טאָג. די פּאָליציי־אַגענטן זענען געווען אַ היישעריק, וואָס האָט אין געטאָ אויפגעפרעסן אַלצדינג. דאָס אַלץ האָט זיך אָבער געלוינט. די אַרבעטס־קראַפט אין געטאָ איז געווען זייער ביליק, קיין שטייערן האָבן די אומלעגאַלע פאַבריקן נישט געצאָלט, האָט זיך דעריבער געלוינט די פּראָדוקציע.

לויט דער איניציאַטיוו פון עטלעכע אינדוסטריעלער אַנטשטייט אין געטאָ אַ ספּעציעלע געזעלשאַפט א. נ. „יידישע פּראָדוקציאָן“, וועלכע שאַפט „שאָפּן“ פאַר די באַדערפעגישן פון דער דייטשישער אַרמיי. די אינדוסטריע אַנטוויקלט זיך אין געטאָ אַלץ מער און גיט באַשעפטיקונג אַלץ גרעסערע מאַסן אַרבעטער און בעלי מלאכות. קורץ פאַר דער גירוש־אַקציע האָט זיך אין „וואַרשויער צייטונג“[32]) באַוויזן אַ ביז גאָר כאַראַקטעריסטישער אַרטיקל וועגן דער ווירטשאַפטלעכער ראָל פון וואַרשעווער געטאָ. מען האָט דאָרטן אָנגעוויזן אויף דעם, אַז 80 טויזנט יידן זענען פּראָפעסיאָנעל אַקטיוו און פּראָדוצירן פאַר דער דייטשישער אַרמיי און פאַרן לאַנד־מאַרק. אין אָנערקענונגספולע ווערטער איז געשריבן געוואָרן וועגן די פאַרשיידענע פּראָדוקציע־צווייגן, וואָס ווערן אַנטוויקלט אין געטאָ. אין הסכם מיט דער אַלגעמיינער ליניע פון דער דייטשישער פּראָפּאַגאַנדע איז דאָס אַלץ, פאַרשטייט זיך, געווען אַן אויפטו פון די דייטשן. ביז זייער אָנקומען האָבן די יידן געהאַנדלט, באַשווינדלט די קריסטן. ערשט די דייטשן האָבן אויסגעלערנט די יידן אַרבעטן. אַדאַנק זיי איז אַנטשטאַנען אַ פּראָדוקטיווע געטאָ. דאָס דערמאָנט שטאַרק די נאַיווע פּראָפּאַגאַנדע־אַרטיקלען פון דער דייטשישער פּרעסע, פון וועלכע עס איז אַרויסגעדרונגען, אַז אַלץ וואָס איז אין דער גענעראַל־גובערניע מאָדערן, בּאַ — אַפילו די עלעקטרישע באַלייכטונג וכדומה — האָט די פּוילישע באַפעלקערונג צו פאַרדאַנקען די דייטשן. דער אַרטיקל אין „וואַרשויער צייטונג“ האָט דעמאָלט געמאַכט

---

31 דעם 4־טן דעצעמבער 1941 איז אַרויס די פאַראָרדענונג פון דעם שעף פון זיכערהייטס־פּאָליציי און זיכערהייטס־דינסט אין דער גענעראַל־גובערניע שענגאַרט, וועגן קאָנפיסקירן ביי דער יידישער באַפעלקערונג אַלע פוטערס און פוטערוואַרג.

32 היטלעריסטישע צייטונג אין דייטש, אין וואַרשע.

אַ מעכטיקן איינדרוק. דאָס איז שוין געווען נאָך דעם יידן־גירוש פון לובלין, פון אָט דער ערשטער שטאָט אין דער גענעראַל־גובערניע, וואָס איז געטראָפן געוואָרן פון דער אַקציע[33]). דעם אַרטיקל אין „וואַרשויער צייטונג" האָט מען געהאַלטן פאַר אַ סימפּטאָם, אַז די דייטשן האָבן בדעה צו לאָזן צו רו די הויפּט־שטאָט [וואַרשע] טאַקע צוליב דעם פּראָדוקטיוון כאַראַקטער פונעם געטאָ. פון די האָפענונגען, וואָס מען האָט געלייגט אויפן אויבן־דערמאָנטן אַרטיקל, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. וואַרשע האָט גיכט אויסגעמיטן דעם גורל פון לובלין. דער אַרטיקל אין „וואַרשויער צייטונג" איז בלויז געווען אַ רעקלאַמע פאַר דער „טראַנספערשטעללע", וועלכע האָט זיך גערימט מיט איר פאַנאַנדערגעצווייגטער אַרבעט אינעם געביט פון טראַנספּאָרט.

דאָס זעלבע וואָס אויפן געביט פון פּראָדוקציע איז געשען אויפן שטח פון מסחר. די יידן האָבן איינגעהאַלטן לעבעדיקע האַנדלס־באַציונגען מיט דער אַרישער זייט. עס איז אָנגעגאַנגען אַ מסחר אין אַ גרויסן און קליינעם פאַרנעם. מען האָט פאַרקויפט די רעשטלעך פון די סחורות, וואָס זענען געוואָרן אָפּגעראַטעוועט פון דער דייטשישער גזילה, פון פאַרשיידענע רעקוויזיציעס. עס האָט זיך אויך דעמאָלט אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון אויספאַרקויפן דורך די באַזונדערע הויז־באַלעבאַטישקייטן זייערע וועש, מלבושים, שטוביקע חפצים וכדומה, וואָס זענען געוואָרן אָנגעזאַמלט דורך גאַנצע דורות. דער אויספאַרקויף פון די זאַכן פון שטוביקע ווירטשאַפט האָט פּאָזיטיוו משפּיע געווען דעם צאָל־בילאַנס פונעם געטאָ. עס איז אַ בלי־ספקדיקער פאַקט, אַז זינט דעמאָלט איז דער זאַכן־אויספאַרקויף געוואָרן איינע פון די וויכטיקסטע פּאָזיציעס אינעם געטאָ־בודזשעט. ביזן סאַמע לעצטן מאָמענט פון דער עקזיסטענץ פון געטאָ האָט דאָס געגעבן חיונה צענדליקער טויזנטער יידישע משפּחות. לויט ווי די צאָל פון אַזעלכע זאַכן געווען אַלץ גרעסער. וואָס מער יידישע משפּחות עס זיינען נעלם געוואָרן במשך די פאַרשיידענע אַקציעס, סעלעקציעס וכדומה, איז אַלץ מער זאַכן צוגעקומען די פאַרבליבענע משפּחה־מיטגלידער, און דאָס טראָץ דער אינטענסיווער טעטיקייט פון דער „ווערטערפאַסונג", וועלכע האָט אָפיציעל געירשנט דאָס האָב און גוטס פון די יידן, די דערמאָרדעטע אין טרעבלינקע. די „משיוכעס" זיינען זינט יולי 1942 געוואָרן דער סאַמע וויכטיקסטער אַרויספיר־אַרטיקל פון געטאָ. די „משיוכעס" זיינען געוואָרן דער וויכטיקסטער, ווייל אפשר דער איינציקער אַרטיקל פונעם האַנדל פון די יידישע „פּלאַצוווקאַזשעס", וועלכע האָבן טאָג איין טאָג אויס אַרויסגעפירט אויף זיך, אין רוקזעק, אין טאָרבעס אייגענע אָדער איינגעהאַנדלטע זאַכן. הונדערטער פּוילישע שמוגלערס זיינען געקומען אין געטאָ אַריין נאָך „משיוכעס", זיי האָבן זיך אַריינבאַקומען אין געטאָ דורך די לעכער

33 דער מאַסן־גירוש פון 30 טויזנט יידן אין לובלין אין דעם אומקום־לאַגער בעלזשעץ האָט זיך אָנגעהויבן דעם 20־טן אַפּריל 1942.

אין די מויערן אָדער פאַר עטלעכע צענדליק זלאָטעס כאַבאַר, דורך די וואַכן.

די „טשיוכעס“ זענען געווען דער פּרנסה-קוואַל פאַר הונדערטער פּוילישע אַרבעטער-פאַמיליעס, וועלכע האָבן געאַרבעט אין פאַרשיידענע „שאָפּן“ אין געטאָ („ברויער“ — נאַלעווקעס 28 — 38, „קורט רעריך“ — אייזן-גאַס 105, „ק. ג. שולץ“ — לעשנאָ 76 א. א. וו.). די דאָזיקע אַרבעטער זענען געקומען אין געטאָ אינדערפרי און אין אָוונט, נאָכן אייַנקויפן די לאַכעס זענען זיי אַוועק צוריק אויף דער אַרישער זייט. די פּערזענלעכע רעוויזיע אין די וואַך-פּאָסטנס איז געווען מילדער לגבי די מענטשן, וואָס האָבן נישט געטראָגן קיין אָרעם-בענדער. אין די פרימאָרגן-שעהן פאַרן צוטרעטן צו דער אַרבעט, אויף די גאַסן לעשנאָ און זשעלאַזנע, אויף די הייף פון די נאַלעווקע, ווו עס האָט זיך געפונען ברויערס „שאָפּ“ (נומערן 28 — 38), האָט מען געזען המונים פּאָליאַקן און יידן האַנדלען מיט „טשיוכעס“. די פּוילישע „טשיוכעס“-הענדלער פלעגן אָפט לאָזן אין גאַנג כלערליי קלאַנגען מיטן בפירוש ציל ביליקער צו מאַכן די פּרייזן אויף זאַכן, ווי למשל טערמינען פון דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ, פון די „שאָפּן“ א. ד. גל. עס איז געגאַנגען אין שאַפן אַזאַ שטימונג, אַז די יידן זאָלן — צוליב מורא פאַר אַ נייער אַקציע — וואַרפן אויפן מאַרק זייערע זאַכן, און דאָס וואָלט — אַ קלאָרע זאַך — וואָלוועלער געמאַכט זייער ווערט. אָפט פלעגן זיי זיך ווענדן צו די יידישע פּלאַצוווקעס-אַרבעטער: „סיי ווי סיי וועסטו גיין אויף געמזע[34]), פאַרקויף דעם רעקל און קויף זיך עפּעס צום עסן“. די דייטשן האָבן געפירט אַן ענערגישן קאַמף מיט אָט דעם האַנדל. די זשאַנדאַרמעריע-פּאַטראָלן פלעגן כאַפּן אין געטאָ די קריסטלעכע „טשיוכעס“-הענדלער, און נישט איינער פון זיי האָט דערפאַר באַצאָלט מיט זיין לעבן. חוץ האַנדל מיט לאַכעס האָט מען מיט דער אַרישער זייט אויך געמסחרט מיט וואַלוטע, צירונג, גאָלד, זילבער וכדומה. אין געטאָ איז געווען אַ שוואַרצע בערזע, וועלכע האָט טאָג-טעגלעך באַשטימט דעם קורס פון „האַרטע“ (גאָלדענע דאָלאַרן), „ווייכע“ (פּאַפּיר-דאָלאַרן), „חזירלעך“ (גאָלדענע רובלס) א. א. וו. עס זענען געווען קלאַנגען, אַז אויף פּאַוויע-גאַס, ווו עס האָט זיך — ביז דער גירוש-אַקציע — קאָנצענטרירט דער וואַלוטע-האַנדל, האָט עקזיסטירט אַ געהיימע מינצעריי, ווו מען האָט פּראָדוצירט גאָלדענע דאָלאַרן. וויפל אמת עס איז פאַראַן אין דער דאָזיקער ידיעה, האָב איך נישט געקאָנט פעסטשטעלן. די געטאָ-בערזע האָט אָפּגעשפּילט אַ גרויסע ראָל אַלס בערזע פאַרן גאַנצן לאַנד. דער וואַלוטע-האַנדל אין לאַנד איז פאָרגעקומען דורך דער פאַרמיטלונג פון די א. ג. בוקסן, ד. ה. קוריערן, וואָס פלעגן פאַנאַנדערפירן די וואַלוטע איבערן לאַנד „אויף זיך“ און אָפט „אין זיך“ (אַראָפּגעשלונגען) וכדומה. פון וואַרשע איז זיך די וואַלוטע צעגאַנגען נישט בלויז איבערן גאַנצן לאַנד.

---

[34] צום טויט.

נאָר אויך מחוץ זיינע גרענעצן. נישט איינמאָל האָבן די דייטשן, מורא האָבנדיק פאַרן פאַלן פון דעם מאַרק, איינגעקויפט דאָלאַרן אָדער צירונג. צווישן דער בערזע אין געטאָ און דער בערזע אויף דער אַרישער זייט זענען בדרך כלל געווען אונטערשיידן „אין מינום“ פאַרן געטאָ, ד. ה. אַז אויף דער אַרישער זייט איז דער דאָלאַר־קורס שטענדיק געווען העכער. מיט גאָלד־האַנדל האָבן זיך פאַרנומען סרוב: פוילישע פּאָליציאַנטן, אינקאַסענטן פון די גאַז־ און עלעקטרע־אַנשטאַלטן, שטייער־באַאַמטע און בכלל באַאַמטע פון פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, אונטערנעמונגען א. ד. גל., וועלכע האָבן געהאַט פּאַסיר־שיינען אין געטאָ אַריין.

איינער פון די סאַמע וויכטיקסטע ווירטשאַפטלעכע ענינים — אויפן גרונט פון די פויליש־יידישע באַציונגען — איז די פראַגע פון די יידישע זאַכן און סחורות, וואָס זענען געוואָרן אַוועקגעגעבן צו באַהאַלטן ביי פּאָליאַקן. די דאָזיקע דערשיינונג דאַטירט זיך שוין פון דער צייט פאַרן אויפקום פונעם געטאָ, און דאָס אין שייכות מיט די כסדרדיקע דייטשישע רעוויזיעס אין יידישע וווינונגען. די איינציקע רעטונג איז דעמאָלט געווען — אַוועקגעבן די זאַכן אָדער סחורות צו באַהאַלטן ביי אַריער, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ מאַסן־דערשיינונג. מען האָט באַהאַלטן זאַכן ביי געוועזענע קונדן און בכלל ביי באַקאַנטע קריסטן. סחורות האָט מען געמוזט אַוועקגעבן צו באַהאַלטן אין פרעמדע הענט אין שייכות מיט אַ ריי פאַראָרדענונגען, וואָס זענען געווען געווענדט קעגן יידן (דאָס רעגיסטרירן טעקסטיל־סחורות, לעדערוואַרג וכדומה). די יידישע סוחרים האָבן בעת די רעגיסטראַציעס געמאָלדן אַ מינימאַלע צאָל סחורות און די רעשט פאַרשטעקט ביי אַריער. ווען עס איז אַרויס די פאַראָרדענונג, אַז יידן מוזן אָפּגעבן די פוטערס, האָבן די יידן עס איבערגעגעבן זייערע אַרישע פריינט צו באַהאַלטן. אין אַ סך פאַלן האָבן די יידן געשלאָסן שותפות מיט קריסטן, זיי אָפּגעגעבן זייערע מאַגאַזינען און סחורות־לאַגערן מיטן באַדינג, אַז דער ייד וועט זיין אַ שותף פון די געשעפטן. די דערפאַרונג אויף דעם געביט איז געווען זייער אַ קלאָגעוודיקע. די מלחמה האָט דעמאָראַליזירט די מענטשן, וועלכע זענען אַ גאַנץ לעבן געווען ערלעך און אָרנטלעך, און איצט האָבן זיי אָן שום געוויסן־ביסן פאַרכאַפּט יידיש האָב און גוטס, און אין רוב פאַלן נישט געוואָלט זיך טיילן אַפילו מיט אַ חלק פון די זאַכן. די יידן האָט מען געהאַלטן פאַר „בר־מיננם אויף אורלויב“, וועלכע וועלן פריער אָדער שפּעטער אומקומען. עס איז דעריבער נישט כדאי זיך צו רעכענען מיט זיי. איך קען פאַלן, ווען אַריער האָבן נישט געוואָלט צאָלן די חובות בעת די אויסזידלונגס־אַקציעס, אין דער האָפענונג, אַז די יידישע מלוים וועלן סיי־ווי פריער אָדער שפּעטער אַריינפאַלן אין דער דייטשישער נעץ. אין דער איבערוויגנדיקער מערהייט פאַלן, כמעט אין 95 פּראָצענט, האָט מען נישט צוריקגעגעבן נישט די סחורות, נישט די זאַכן, מיטן סטערעאָטיפּישן תירוץ, אַז די דייטשן האָבן צוגענומען די זאַכן, אַז מען האָט עס צוגענגבעט וכדומה. די יידישע זאַכן זענען נישט איינמאָל געווען די סיבה

פון שאַנטאַזשן און מסירות. כדי פּטור צו ווערן פון אַן אומבאַקוועמען איינגעטימער פון די זאַכן, האָט מען אים געמסרט אין אַנטשפּרעכנדיקע אָמטן. מיר קענען אויך אַ סך פאַלן פון ערלעכן אויסבאַהאַלטן זאַכן, מעבל, סחורות, צירונג וכדומה. דאָס האָט נישט איינמאָל אויסגעשטעלט דעם אַריער אויף צרות אין פאָרם פון מסירות, רעוויזיעס א. א. וו. אָט די נאָבעלע פּאָליאַקן האָבן געראַטעוועט און ראַטעווען ביים היינטיקן טאָג דאָס לעבן פון יידן אויף דער אַרישער זייט, פאַר אָט די יידן זענען די זאַכן אָפטמאָל דער איינציקער קוואַל פון עקזיסטענץ. אָבער די געמיינקייט וועגט איבער, אַזוי ווי דאָס פּאַסירט אין מלחמה־צייט. די צאָל פון די נאָבעלע יחידים, וועלכע זענען בייגעשטאַנען דעם נסיון פון פאַרכאַפּן פרעמדע זאַכן, איז נישט קיין גרויסע, פּונקט ווי נישט גרויס עס איז די צאָל אידעאַליסטן, וועלכע באַהאַלטן אויס יידן.

בעת דער איצטיקער מלחמה האָט זיך געשאַפן אַזאַ צושטאַנד, אַז דער ייד איז אויף טריט און שריט געפּענטעט מיט פאַרשיידענע באַגרענעצונגען. יעדע פאַראָרדענונג פון די דייטשישע מאַכט־אָרגאַנען איז מיט איר שפּיץ געווען געווענדט קעגן די יידן. ווען מען האָט ווינטער־צייט 1940 באַפוילן אָפּצושטעמפּלען דאָס פּאַפּיר־געלט אינעם עמיסיע־באַנק, האָבן זיך טויזנטער יידן געפונען אין גאָר שווערע באַדינגונגען, ווייל אַ פאַראָרדענונג, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פריער, האָט געהייסן די יידן אָוועקצוגעבן די סומעס איבער 2 טויזנט זלאָטעס אין אַ „שפּערקאָנטאָ“. די יידן האָבן אַזוי אַרום נישט געטאָרט אויסטוישן מער ווי 2 טויזנט זל. און אויך דאָס איז, אגב, אָנגעקומען מיט גרויסע שוועריקייטן, ווייל מען האָט פון די רייען פאַרן עמיסיע־באַנק באַזייטיקט יידן. עס איז העריבער געבליבן בלויז די מעגלעכקייט צו געניסן פון דער הילף מצד אַריער. דאָס האָט געגעבן געוויסע מענטשן באַדייטנדיקע רווחים, ווייל מען האָט פון די אויסגעטוישטע סומעס גענומען לכתחילה 10, דערנאָך 20 און מער פּראָצענט פאַר אַן אויסטויש. צום סוף איז דערגאַנגען דערצו, אַז ¾ האָט צוגענומען דער אויסטוישער בשותפות מיט אַן אַנטשפּרעכיקן באַנק־אָנגעשטעלטן. טויזנטער יידן האָבן דעמאָלט פאַרלאָרן זייערע פאַרמעגנס, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַרישע פאַרמיטלער אויסצובייטן דאָס געלט.

* *
*

דער שמוגל פון שפּייז־פּראָדוקטן אין געטאָ אַריין און פון סחורות פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט איז געווען אַ וויכטיקער אָפּשניט פון דער פּויליש־יידישער צוזאַמענאַרבעט. דער שמוגל האָט זיך אָנגעהייבן מיטן מאָמענט פון שאַפן דעם [יידישן] ווין־באַצירק, וואָס זיינע איינוווינער האָבן געדאַרפט לעבן פון 18 דעקאָ ברויט אַ טאָג, 22 דעקאָ צוקער אַ חודש, 1 קילאָ מאַרמאָלאַדע און אַ האַלבן קילאָ האָניק א. א. וו. מען

האָט באַרעכנט, אַז די א. ג. אָפיציעלע באַשפייזונג האָט נישט געדעקט אפילו 10 % פון די נאָרמאַלע באַדערפעניש. ווען מען וואָלט זיך באמת געדאַרפט באַגרענעצן צו אָט דער אָפיציעלער באַשפייזונג, וואָלט די גאַנצע געטאָ־באַפעלקערונג געמוזט אין זייער אַ קורצער צייט שטאַרבן פון הונגער. און באמת האָט די אַפטייקערישע באַשפייזונג דערפירט, חוץ צו אַ טיפוס־עפידעמיע, צו אַ שרעקלעכן וווּקס פון שטערבלעכקייט (5.000 — 7.000 מענטשן אַ חודש), בעת פאַר דער מלחמה זענען ביי אַן עטוואָס קלענערער צאָל איינוווינער העכסטנס געשטאָרבן אין וואַרשע יערלעך עפּעס מער ווי טויזנט יידן. דאָס אויסהונגערן די יידישע באַפעלקערונג איז געווען דער פאַקטישער ציל פון שאַפן דאָס געטאָ. אויב אָט דאָס פּאַוואָליעדיקע אָפּטויטן דאָס געטאָ האָט זיך נישט איינגעגעבן, איז דאָס שוין נישט די שולד פון דעם קאָמיסאַר פונעם יידישן ראַיאָן אויערסוואַלד, וועלכער האָט געטאָן אַלץ, כדי צו רעאַליזירן אין 100 % דעם טייוולאָנישן דייטשישן פּלאַן. דאָס איז דער פאַרדינסט פון דעם שמוגל, וואָס עס האָבן אָרגאַניזירט יידן און פּאָליאַקן. און ווי עס זאָל נישט זיין אונדזער מיינונג וועגן דעם מאָראַלישן ווערט פון די מענטשן, וואָס האָבן באַזאָרגט דאָס געטאָ מיט שפּייז דורכן שמוגל (און וועלכע האָבן זיך נאָכן ליקווידירן דאָס געטאָ איבערגעוואָרפן צו שאַנטאַזשירן יידן אויף דער אַרישער זייט), גיבן מיר אונדזער הסכם צו דער שטעלונג פון דעם באַקאַנטן פּאַרטייידיקער פון די פּאַטריאָטן אין דער צייט פון די צעטיילונגען[35], דעם פאַרשטאָרבענעם בעת דער מלחמה אַדוואָקאַט לעאָן בערענסאָן. ער האָט פאָרגעלייגט אויפצושטעלן נאָכן קריג אַ דענקמאָל דעם אומבאַקאַנטן שמוגלער. אַן ענלעכע שטעלונג האָט פאַרנומען די פּוילישע אונטערערד, וועלכע האָט זיך זייער פּאָזיטיוו באַצויגן צו דעם ענין שמוגל. אין דער פּוילישער פּרעסע האָט מען אויפגעפאָדערט די פּאָליאַקן צו שטיצן דעם שמוגל, ווייל דאָס קרייצט די דערנערונגס־פּאָליטיק פונעם אָקופּאַנט, וועלכער שטרעבט אַרויסצופירן די שפּייז־מיטלען מחוץ די גרענעצן פון דער גענעראַל־גובערניע. אין דער אונטערערדישער פּרעסע האָט מען באַטאָנט, אַז אָן דעם שמוגל וואָלטן די פּוילישע שטעט געמוזט אומקומען און דעריבער דאַרף מען מיט אַלע כוחות שטיצן דעם שמוגל. די דייטשישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן געטאָן אַלץ צו פאַרמאַכן הערמעטיש דאָס געטאָ און נישט צוצולאָזן אַהין קיין איין דעקאָ שפּייז. מען האָט אַרומגעמויערט דאָס געטאָ פון אַלע זייטן, מען האָט נישט געלאָזט קיין איין מילימעטער פרייען שטח. מען האָט אויסגעשלאָסן פון געטאָ אַ ריי אָפּשניטן, ווו די גרענעצן האָבן זיך געפונען לענגאויס די הייזער־שפּיצן, און מען האָט דורכגעפירט די גרענעץ אין סאַמע מיטן פונעם ברוק! אויף די מויערן האָט מען צוגעפעסטיקט שפּיגל־דראָט און צעבראָכן גלאָז. ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט מען געהייסן דעם

[35] אין דער צייט, ווען פּוילן איז געווען צעטיילט צווישן רוסלאַנד, דייטשלאַנד און עסטרייך.

יודענראַט מאַכן די געטאָ־מויערן העכער, פאַרשטייט זיך אויפן חשבון פון די יידן, וועלכע האָבן געמוזט אָן אויפהער צאָלן טויזנטער זלאָטעס אויף די הוצאות פון בויען און קאָנסערווירן די מויערן. מען האָט באַשטימט עטלעכע מינים וועכטער פון די מויערן און דורכגענג, מען האָט כסדר געענדערט און פאַרגרעסערט זייער צאָל און קאַטעגאָריע. עס האָט געהיט די מויערן די זשאַנדאַרמעריע צוזאַמען מיט דער פוילישער פּאָליציי, ביי די געטאָ־מויערן איז געשטאַנען אַ טאָפּלטע קייט פון זשאַנדאַרמעריע, פוילישער פּאָליציי און יידישער אָרדענונגס־דינסט. דער „זאָנדערדינסט", וואָס איז פּאָפּולער אָנגערופן געוואָרן דורך דער געטאָ־באַפעלקערונג „יונאַקעס", האָט פּאַטראָלירט אין געטאָ גופא, זוכנדיק פורן מיט שמוגל. די באַאַמטע פון דער „טראַנספערשטעללע" האָבן אויך דורכגעפירט די קאָנטראָל פון דער סחורות־באַוועגונג ביי די טויערן. צו דעם דאַרף מען נאָך צוגעבן די געסטאַפּאָ, וועלכע האָט זיך אָפט באַוויזן ביי די געטאָ־טויערן, און די ס.ס., וועלכע האָט באַוואַכט דאָס געטאָ באַנאַנד מיט אוקראַאינער, לעטן און ליטווינער אין דער צייט פון די אומזידלונגס־אַקציעס.

לאָמיר מאַכן אַ סך־הכל: די מויערן פון געטאָ זענען באַוואַכט געוואָרן דורך 6 מינים פאָרמאַציעס פון דריי און אַמאָל 6 פעלקער (דייטשן, פּאָליאַקן, יידן, און בעת די אומזידלונגס־אַקציעס — אוקראַאינער, ליטווינער און לעטן). די קלענסטע שטראָף פאַר שמוגל איז געווען טויט־שטראָף, אויסגעפירט אויפן אָרט. אַ זשאַנדאַר, וואָס האָט עמעצן געכאַפּט אין דער נאָענט פון די מויערן אָדער אויף די מויערן, האָט אים דערהרגעט אויפן אָרט. צענדליקער און הונדערטער פאַרבייגייער זענען געפאַלן אלס קרבנות פון אָט דער דייטשישער אכזריות. עס זענען געווען זשאַנדאַרן, למשל דער טרויעריק־באַרימטער „פראַנקענשטיין" (מען האָט אים געגעבן אַזאַ צונעמעניש, ווייל ער איז געווען ענלעך צום באַרימטן פילם־געשטאַלט), וואָס האָבן טאָג־טעגלעך „קאַלט געמאַכט" עטלעכע אָדער מער ווי צען שמוגלער־קרבנות אָדער נאָך עפּעס פאַרבייגייער. אַזאַ מאָנסטער אין אַ מענטשלעכן געשטאַלט איז געווען דער שלעזיער באָרוטאַ, וועלכער האָט זיך שוידערלעך איזדעקעוועט איבער די פּלאַצוווקעס־אַרבעטער און אָפט געלייגט אַ טויטן פאַרן קלענסטן עובר זיין איבער דער „אָרדענונג", אַ שטייגער פאַר אָנגעבן נישט גענוי די געלט־סומע וכדומה. קרבנות פונעם שמוגל זענען געווען דער עיקר יידן, זיי האָבן אויך נישט געפעלט צווישן די אַריער. אויך ה' אויערסוואַלד האָט אָנגעווענדט שאַרפע רעפּרעסיעס, כדי צו האַמעווען דעם שמוגל. עטלעכע מאָל האָט מען דערשאָסן שמוגלערס אין דעם צענטראַלן אַרעסט אויף גענשע־גאַס. איינמאָל איז פאָרגעקומען אַ שחיטה בפועל ממש (100 פערזאָן דערשאָסן ביי וואַרשע[36]). צווישן די יידישע קרבנות פונעם שמוגל זענען געווען צענדליקער יידישע קינדער, 5—6 יאָר אַלט, וועלכע די דייטשישע באַנדיטן האָבן מאַסנווייז

36 אין באַביצע הינטער וואַרשע, אין יוני 1942.

דערשאָסן ביי די אַרויסגענג און ביי די מויערן. קאָנטיק אַז דער דיסעלדאָרפער מערדער האָט געהאַט מיליאָנען נאָכמאַכער אין דייטשלאַנד. און פונדעסטוועגן, נישט געקוקט אויף די קרבנות, האָט דער שמוגל נישט אויפגעהערט אויף קיין רגע. ווען דער ברוק איז נאָך געווען גליטשיק פון דעם פאַרגאָסענעם בלוט, זענען שוין אַנדערע קאָלעגן, אויפן געגעבענעם סימן דורך די „שוויעצעס" [37], אַז דער שטח איז פריי, צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. בלויז בעת דער גירוש־אַקציע, ווען די מויערן זענען געווען געדיכט באַשטעלט, און באַוואַכט האָבן זיי נייע וועכטער, נאָך נישט „באַאַרבעטע" דורך די שמוגלער, איז געווען אַ הפסקה אין דעם שמוגל דורך די מויערן, אָבער נישט קיין איבעררייס אין דעם שמוגל בכלל. דער שמוגל איז פאָרגעקומען: 1) דורך די מויערן, 2) דורך די טויערן, 3) דורך אונטערערדישע טונעלן, 4) דורך קאַנאַלן און 5) דורך גרענעץ־הייזער.

דעם גרעסטן באַטייט האָט געהאַט דער שמוגל דורך די טויערן, ער האָט זיך אָפּגעשפּילט כמעט אָפיציעל פאַר אַלעמען אין די אויגן. דער „גראַיעק" [38] (אַזוי האָט מען אָנגערופן דעם יידישן „אָרדענונגס־מאַן", וואָס האָט איבערגעקויפט די זשאַנדאַרן) האָט אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט דער זשאַנדאַרמעריע און פוילישער פּאָליציי און האָט זיך אָפּגערעדט אָדער אויף אַן אַלגעמיינער סומע אויף דער דינסט־צייט פון דעם געגעבענעם זשאַנדאַר, אָדער — וואָס האָט עפּטער פּאַסירט — אָפּהענגיק פון דער צאָל פורן מיטן אַריינגעפירטן שמוגל. די פור, וואָס איז אַריינגעפאָרן דורכן טויער, האָבן געגעבן דעם באַשטימטן פון פאָרויס פּאַראָל. עס האָט אָבער געטראָפן, אַז דעם זשאַנדאַר האָט געשטערט אַ פּלוצימדיקע אומגעריכטע קאָנטראָל פון געסטאַפּאָ אָדער ס. ס., דעמאָלט איז די פור געפאַלן אַ קרבן, אָדער — ווי עס פלעגן זיך אויסדריקן די שמוגלער — „פאַרברענט געוואָרן". דער גרעסטער טייל פונעם שמוגל איז געגאַנגען דורך די געטאָ־טויערן אויף ריזיקע לאַסט־אויטאָס, וועלכע זענען שנעל אַריינגעפאָרן אין עפּעס אַ טויער, ווו מען האָט בליץ־שנעל איבערגעלאָדן די סחורה אויף אַנדערע וועגענער. אַ סך סחורות האָט מען געשמוגלט אין געטאָ אַריין אויך דורך די מויערן, ס'רוב ביינאַכט אָדער באַגינען. עס זענען געווען דרייסטע יאָטן, וועלכע האָבן אויך בייטאָג געשמוגלט דורך די מויערן. אין דער ערשטער תקופה פונעם געטאָ האָט מען שפּייז־אַרטיקלען און סחורות געשמוגלט דורך די לעכער אין די הייזער, וואָס זענען געלעגן בשכנות מיט דער אַרישער זייט. די לעכער פלעגט מען יעדן טאָג פאַרמויערן, אָבער די שמוגלער פלעגן זיי טאָג־טעגלעך צעקלאַפּן אויפסניי. די שמוגלער זענען געווען אָרגאַניזירט אין פויליש־יידישע באַנדעס, וועלכע האָבן אָפּערירט אויפן יסוד פון געמיינזאַמען איינקונפט. די הכנסות זענען

---

37 פון פויליש: ליכט, פאַקטויש: אַ סיגנאַל, אַז עס דערנענטערט זיך אַ געפאַר.

38 פון פויליש: אַ שפּילער, אַ קלעזמער.

געווען גרויס, אָבער די ריזיקע אויך גענוג גרויס, ווייל עס איז געשטאַנען אין קאָן דאָס לעבן. דער פּרייז־אונטערשייד צווישן דער אַרישער און יידישער זייט איז געווען גענוג באַדייטנדיק און איז דערגאַנגען ביז 100 פּראָצענט, אָבער קיין עצה איז נישט געווען, ווייל דער שמוגל איז געווען דער איינציקער אופן צו באַשפּייזן די יידישע באַפעלקערונג אין געטאָ. נאָך דער אויסזידלונגס־אַקציע האָט זיך דער שמוגל באַדייטנדיק פאַרקלענערט און אַ טייל פון די שמוגלער האָט זיך איבערגעוואָרפן אויף „שמאַלצעריי“.

אינעם סך־הכל איז די פּויליש־יידישע צוזאַמענאַרבעט אויפן שמוגל־אָפּשניט איינס פון די שענסטע בלעטער אין דער געשיכטע פון די קעגנזייטיקע באַציונגען פון ביידע פעלקער בעת דער איצטיקער מלחמה. די דאָזיקע צוזאַמענאַרבעט האָט געהאַט אַן אָרט נישט בלויז אין וואַרשע, נאָר כמעט אין אַלע געטאָס פון דער גענעראַל־גובערניע, וועלכע וואָלטן זיכער אומגעקומען, ווען נישט די הילף פון די פּוילישע שמוגלערס.

אויפן מאַרגינעס פון די פּויליש־יידישע ווירטשאַפטלעכע באַציונגען איז כדאי צו דערמאָנען וועגן הונדערטער פאַלן פון פאַרקויפן צו אַריער יידישע אומבאַוועגלעכע גיטער אין וואַרשע. דאָס אומבאַוועגלעכע אייגנטום איז פאַר דער מלחמה געווען זייער אַ וויכטיקער קוואַל פון חיונה פאַר טויזנטער יידישע משפּחות. נאָכן אַרייַנדרינגען פון די דייטשן האָט דער דאָזיקער חיונה־קוואַל אויפגעהערט צו עקזיסטירן, ווייל לויטן באַפעל פון דער מאַכט איז אַנטשטאַנען אַ צוואַנגס־פאַרוואַלטונג פון די אומבאַוועגלעכע גיטער, וועלכע מען האָט ביי די יידן צוגענומען. די יידישע אייגנטימער פון די אומבאַוועגלעכע גיטער, מיטאַמאָל באַרויבט פון די ביז־איצטיקע חיונה־קוואַלן, זענען געצוווּנגען געווען צו פאַרקויפן זייערע אייגנטומס אינגאַנצן אָדער טיילווייז. אַזעלכע קאָנטראַקטן האָט מען געשלאָסן ביי אַדוואָקאַטן אָדער אַפילו ביי נאָטאַרן, וועלכע האָבן אַרייַנגעשריבן די דאָזיקע אָפּמאַכן אין די נאָטאַריאַלע ביכער מיט דער דאַטע פון פאַרן 1־טן סעפּטעמבער 1939: די קאָנטראַקטן האָט מען געשלאָסן אויפן סמך פון אַ קעגנזייטיקן צוטרוי. דער יסוד פון די אָפּמאַכן איז געווען אַ הלוואה פאַר אַ משכן (דאָס הויז), די הלוואה האָט מען געדאַרפט אָפּגעבן אַ יאָר נאָך דער מלחמה אין גאָלד אָדער לויטן פרייז פון תבואה צי אנדערע אַרטיקלען. אויב דער ייד וועט נישט אָפּגעבן דעם חוב אין באַשטימטן טערמין, האָט דאָס הויז אָדער זיין טייל געדאַרפט אַריבערגיין אַלס אייגנטום צום אַריער.

אין סך־הכל זענען די פּויליש־יידישע ווירטשאַפטלעכע באַציונגען געווען, טראָץ די כסדרדיקע שטערונגען און שוועריקייטן מצד דעם אָקופּאַנט, זייער לעבהאַפטיקע. עס האָבן נישט געהאָלפן די באַגרענעצונגען פון דער באַוועגונגס־פרייהייט פון די יידן אויף דער אַרישער זייט און אויך נישט די אַלץ העכערע מויערן. עס האָבן געזיגט די געזונטע און נאָרמאַלע ווירטשאַפטלעכע באַציונגען. די אַרישע זייט האָט פאַרגעסן וועגן ווירט־

שאפטלעכן באָיקאָט, וואָס איז אַזוי הייס פּראָפּאַגירט געווען פאַר דער
מלחמה און דערהייבן געוואָרן צו דער מדרגה פון די העכסטע פּאַטריאָ=
טישע טוגנדן. די סאַמע פאַרברענטע אַנטיסעמיטן האָבן זיך איבערצייגט,
ווי שוואַך עס איז געווען די באַריער וואָס עס האָבן אויפגעשטעלט אומ=
פאַראַנטוואָרטלעכע הענט. עס האָט אויך נישט געהאָלפן דער שלעכטער
ווילן פונעם אַגרעסאָר, וועלכער האָט געוואָלט אונטעריאָכן דאָס ווירט=
שאפטלעכע לעבן (פון געטאָ), אונטערוואַרפן צו זיך זיין אַרבעט, פאַר=
וואַנדלען זי אין אַ שקלאַפן=אַרבעט און ריכטן אויף די רעלסן פון א
פּראָדוקציע אויסשליסלעך פאַר דער דייטשישער אַרמיי עס האָבן גענוגט
די געזונטע ווירטשאַפטלעכע יסודות. די יידן האָבן באַוויזן זיך אַרויסצו=
ברעכן פון די אַלע מחיצות אין וועלכע מען האָט געוואָלט אייַנשרומפּן דאָס
ווירטשאַפטלעכע לעבן און זענען ממשיך געווען די פאַרמלחמהדיקע פּראָ=
דוקציע לטובת די באַדערפעניש פונעם אַרישן מאַרק. עס איז גובר געוואָרן
דער שלעכטער ווילן פון די פּוילישע אַנטיסעמיטן וועלכע האָבן געפּרייִדיקט אַ
ווירטשאפטלעכן באָיקאָט כלפּי די יידן, און דער שלעכטער ווילן פון די
אינוואַזאָרן, וועלכע האָבן געשטרעבט, די יידן זאָלן שטופנוויז אויס=
שטאַרבן אין געטאָ. דאָס ווירטשאפטלעכע לעבן קאָן נישט קיין אונטער=
שיידן פון נאַציאָנאַליטעט און ראַסע. ווען עס האָט נאָכן אַנטשטיין פון
געטאָ אויפגעהערט דער נאָרמאַלער סחורות=אויסטויש צווישן דעם געטאָ,
וואָס האָט עקספּאָרטירט פאַבריקאַטן און האַלב=פאַבריקאַטן, און דער
אַרישער זייט, וואָס האָט צוגעשטעלט שפּייז=מיטלען און געוויסע רוישטאָפן
אומבאַדינגט נייטיקע פאַר דער פּראָדוקציע אין געטאָ, האָט דאָס אַלץ
פאַרטראָטן אַזאַ אויסגעצייכנטער אינסטרומענט, ווי דער שמוגל. איבער
די מויערן און שטעכל=דראָט האָבן זיך דערלאַנגט די הענט פּאָליאַקן און
יידן, כדי אומצוברענגען דעם אוממענטשלעכן פּראָגראַם פונעם אָקופּאַנט
— צו פאַרפייניקן דורך הונגער 400 טויזנט מענטשן לעבעדיקערהייט
פאַרמויערטע אין די ענגע ד' אמות פונעם געטאָ. די אויסערגעוויינלעכע
אייַנפאַלערישקייט און ענערגיע פון ביידע צדדים, פאַראייניקט מיט דער
דעמאָראַליזאַציע פון דער „אומבאַזיגבאַרער“ דייטשישער אַרמיי און אירע
הילפס=פאָרמאַציעס, וועלכע זענען גובר געוואָרן דורך געלט — האָבן גורם
געווען, אַז דער נידערטרעכטיקער פּלאַן פון דעם קאָמיסאַר פונעם יידישן
ראַיאָן, אויערסוואַלד, האָט גלייך אין ערשטן מאָמענט נישט אויסגעהאַלטן
די פּרווו פונעם לעבן און האָט געפּלאַצט ווי אַ זייפן=בלאָז.

## 6. נאָכן אָפּשליסן דאָס געטאָ

דער טעלעפאָן — די איינציקע פאַרבינדונג מיט דער אַרישער זייט. דער עלעקטרישער שאַנטאַזש אין געטאָ. אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע פּאַסיר־שיינען. ווער גייט אַריבער אויף דער אַרישער זייט? די פּלאַצוווקעס אָרדענען איין יידן אויף דער אַרישער זייט. די דורכגענג דורך די וואַכן, מויערן, קאַנאַלן, טונעלן, מיט געסטאַפּאָ־אויטאָס, פורן פון דייטשישע פירמעס, מיט „באַגלייטער".

נאָכן פאַרמאַכן פאַר יידן דאָס צוקומען צו דער אַרישער זייט, נאָכן שאַפן דאָס געטאָ (15 נאָוועמבער 1940 [39]) האָבן די קריסטן נאָך געהאַט אין משך פון עטלעכע טעג אַן אַריינטריט אין געטאָ. די גאַסן זענען דעמלט פול געווען מיט מאַסן פּאָלאַקן, וועלכע זענען געקומען דאָס לעצטע מאָל זיך געזעגענען מיט די יידישע פריינט, ברענגענדיק זיי צו דער געזעגענונג לעבנס־מיטל. די הערשטווינטע זשאַנדאַרן האָבן ביי די געטאָ־דורכגענג געזען אַריער, וועלכע האָבן זיך געקושט מיט די טרעגער פון אָרעם־בענדער. פון דעמאָלט אָן האָט א קריסט געמעגט קומען אין געטאָ נאָר אויפן סמך פון אַ פּאַסיר־שיין. דער פאַרבינדלער איז פון איצט אָן געווען בלויז דער טעלעפאָן. די דייטשן האָבן גוט געוווסט, אז יידן פאַרשטענדיקן זיך מיט דער אַרישער זייט דורך דעם טעלעפאָן. זיי האָבן געוווסט, אַז דורכן טע־לעפאָן ווערן איינגעהאַלטן קאָנטאַקטן פוןווירטשאַפטלעכער נאַטור וכדומה. דורך דעם ווערן קאָמוניקירן זיך שמוגלער, סוחרים, אינדוסטריע־לע א. א. וו. דער טעלעפאָן איז שפּעטער געוואָרן א וויכטיקער פאַקטאָר ביים אַריבערגיין דורך די יידן אויף דער אַרישער זייט. ווען די פרוי און קינד זענען געווען אויף דער אַרישער זייט, און דער מאַן אין געטאָ, האָט דער טעלעפאָן פאַרבונדן די צעטיילטע משפחה. אין שייכות דערמיט האָבן די דייטשן זיך באַמיט צו באַגרענעצן אַלץ מער די צאָל טעלעפאָנען אין געטאָ, ביז עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז מיט דער צייט זענען פאַר־שטומט געוואָרן אַלע פריוואַטע טעלעפאָנען אין געטאָ, און עס זענען גע־בליבן בלויז אין געוויסע ביוראָען און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. עס זענען געווען גאַנצע בלאָקן, גאַנצע גאַסן אָן טעלעפאָנען, עס זענען נישט געווען קיין טעלעפאָנען אַפילו אין די אַפּטייקן. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אַן עצה געגעבן ווי נאָר זי האָט געקאָנט. עס זענען אַנטשטאַנען געהיימע טעלעפאָנען, אינסטאַלירטע אין דער טעלעפאָנישער צענטראַלע, און דאָך האָבן זיי פונקציאָנירט אָן אַ פגם. מען האָט אויף דער אַרישער זייט טעלעפאָנירט פון די אַמטלעכע טעלעפאָנען פון דער קהלה און גע־זעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס נאָך די אַרבעטס־שעהן. דער אָפּצאָל פאַר אַ טעלעפאָן־געשפרעך האָט באַטראָפן 5—10 זל., בעת אויף דער אַרישער

[39] די פאַראָרדענונג וועגן שאַפן אַ געטאָ פאַר די יידן אין וואַרשע איז גע־וואָרן אַרויסגעגעבן דורך דעם גובערנאַטאָר לודוויג פישער דעם 2 אָקטאָבער 1940.

זייט האָט אַ געשפּרעך געקאָסט נאָר 40—50 גראָשן. די מורא פאַר אונטערהערן האָט געפאָדערט אַ געוויסן מאַסקירן זיך בשעת דעם טעלעפאָן־געשפּרעך מיט דער אַרישער זייט. אין די געשפּרעכן האָט מען זיך באַנוצט מיט פּוילישע פאַמיליע־נעמען און נעמען, וואָס האָט דערפירט צו פאַרשיידענע קאָמישע סיטואַציעס. מען האָט נישט געוווסט, אין וועמען עס גייט, ווען מען האָט אָנשטאָט שיין גערופן צום טעלעפאָן סטאַניסלאַוון, און אָנשטאָט קירשענבוימען — ווישניעווסקין [40]. די יידן אָדער אַריער האָבן, פירנדיק דעם געשפּרעך מיטן געטאָ, זיך באַמיט מייסטערהאַפט אַריינצופּלעטן אין דעם באַנאַלן שמועס אַזעלכע וויכטיקע פראַגן, ווי דאָס איינאָרדענען א קינד אויף דער אַרישער זייט, דעם טערמין פון אַריבערגיין אַהין, די עקספּעדיציע פון זאַכן א. א. וו., און דורכצופירן דעם שמועס אַזוי, אַז מען זאָל נישט חושד זיין, אַז עס גייט וועגן געטאָ און וועגן יידן.

חוץ דעם טעלעפאָן זענען פאַרבינדלער צווישן דעם געטאָ און דער אַרישער זייט געווען די קאָמונאַלע באַאַמטע און די באַאַמטע פון די עפנטלעכע אינסטיטוציעס. זיי האָבן זיך אויפגעפירט נישט אַזוי איי איי און אָפטמאָל האָבן זיי אָנגעטאָן א שפּאָר ביסל צרות די געטאָ־איינוווינער. די עלעקטרע־אינקאַסענטן האָבן אויסגענוצט די איצטיקע געזעצן אויף צוריק און געשלעפּט אָפּצאָלן פאַר עלעקטרע פאַר די פאָריקע יאָרן. דאָס זעלבע האָבן געטאָן די אינקאַסענטן פון די שטאָטישע גאַז־איינריכטונגען, דראָענדיק מיט אָפּשטעלן דעם גאַז־שטראָם אין פאַל, ווען מען וועט נישט באַפרידיקן זייערע פאָדערונגען. די אָנגעשטעלטע פון דעם שטאָטישן עלעקטרע־אַנשטאַלט האָבן זיך אינעם ווינטער 1941 — 1942 געמאַכט אַ געשעפט פון אויסשליסן און אריינשליסן דעם עלעקטרע־שטראָם. כדי צו געניסן פון אַ שטענדיקן עלעקטרע־צושטראָם, האָט מען געדאַרפט צאָלן די עלעקטרע־מאָנטערן, וועלכע האָבן פאַר דעם גענומען צו עטלעכע הונדערט און אַמאָל אויך צו עטלעכע טויזנט זלאָטעס אַ וואָך. דאָס האָט אָבער נישט פאַרזיכערט דאָס הויז פאַר איבעררייסן דעם עלעקטרישן שטראָם, ווייל בעת איין מאָנטער האָט — פאַרן באַקומענעם שוחד — איינגעשלאָסן דעם שטראָם, האָט אַ צווייטער אויסגעשלאָסן ביז דער צייט, ווען ער האָט געקראָגן אַ געוויסע סומע. דאָס איז געווען אַזוי, ווי עס האָבן געזאָגט וויצלער אין אכצנטן יאָרהונדערט: אַ דעפּוטאַט, וואָס האָט געהאַלטן אַ רעדע לטובת די יידן, האָט עס געטאָן ווייל ער האָט באַקומען פון די יידן שוחד, און אַ דעפּוטאַט, וואָס האָט גערעדט קעגן די יידן, האָט געצילט צו באַקומען כאַבאַר. צום סוף האָבן זיך די שייקעס „עלעקטריקער“, וועלכע האָבן אָפּערירט אין געטאָ דערערדיש צווישן זיך, צעטיילט דאָס געטאָ אויף ראַיאָנען, און יעדע גרופּע האָט באַקומען א געוויסן אָפּשניט צו „עקספּלואַטירן“. די האַנדלס־ אָדער אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, וואָס

40 ווישניאַ אויף פּויליש איז דער טייטש — אַ קאַרש.

זייער טעטיקייט איז געווען אָפהענגיק פון עלעקטרישן שטראָם, האָבן געגעבן אַ גרעסערן כאַבאַר. די עלעקטרע-קאָנטריבוציעס האָבן די יידן געמוזט צאָלן אַזש ביז דער „אומזידלונגס-אַקציע". אין די ביי-געשאַפענע „שאָפן" איז שוין נישט געווען קיין עלעקטרישער שאַנטאַזש, ווייל די אָפצאָלן פאַרן גאַז און באַלייכטונג האָבן דערליידיקט די דייטשישע אונטערנעמער, און מיט זיי האָבן די אָנגעשטעלטע פון דעם עלעקטרע-אַנשטאַלט נישט געוואַגט זיך צו טשעפען.

אַן אמתער געשפענסט פון געטאָ זענען געווען די פינאַנס-באַאַמטע. זיי האָבן באַגזלט, אָן שום רחמנות די יידישע באַפעלקערונג, פאַרלאַנגט שטייערן פאַר די צוגערויבטע, פאַרברענטע אָדער באָמבאַרדירטע האַנדלס- צי אינדוסטריע-אונטערנעמונגען. זיי האָבן געפאָדערט שטייער-אָפצאָל פאַר פאַרגאַנגענע יאָרן, ווייסנדיק, אַז די מערהייט פון די קוויטירונגען איז אַוועקגעקומען בעת דער באָמבאַרדירונג פון דער הויפטשטאָט [וואַרשע]. אויב עמעצער האָט נישט געוואָלט, צי נישט געקאָנט איינצאָלן די שטייערן אויפן אָרט, האָבן די פינאַנס-באַאַמטע צוגענומען פון שטוב זאַכן און דורכגעפירט אייגנצייטיק אַ פערזענלעכע רעוויזיע. די שטייער-עקזעקוציעס האָבן געהאַט אַלע שטריכן פון פשוטן רויב. די רעוויזיעס האָבן זיי דורכגעפירט אין אַ פאָלגנדיקן אופן. זיי האָבן צונויפגעזאַמלט אַלע איינוווינער פון דער געגעבענער וווינונג אין איין צימער און אין דער אָפוועזנקייט פון באַלעבאָס אָדער אַנדערע עדות — אויף דער אייגענער האַנט צוגענומען וואָס עס איז זיי נאָר געפעלן געוואָרן. זיי האָבן זיך געיאָגט אין די הייף פון די יידישע הייזער, באַוואָפנט אין שיס-געווער צוליב מורא פאַר נקמה מצד די באַעוולהטע יידן. זיי האָבן זיך אויפגעפירט ווי די דייטשן, געשלאָגן מיט פייטשן אַלעמען אָן אויסנאַם. אין פאַל פון אַ ווידערשטאַנד זענען זיי געקומען צו פאָרן אויף דייטשישע אויטאָס און צוגענומען אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען אין שטוב צי אין מאַגאַזין. מיט אָט די פינאַנס-גזלנים האָט צוזאַמענגעאַרבעט די קאַסירערס פון די באַזונדערע שטייער-אַמטן, וועלכע האָבן אַזוי דערליידיקט די יידישע אינטערעסאַנטן, אַז די זאָלן נישט זיין אומשטאַנד צו באַצאָלן די שטייערן אין אַזאַ טערמין, וועלכן עס האָט באַשטימט דער שטייער-אַמט. פאַרשטייט זיך, אויף צו מאָרגנס האָבן זיך באַוויזן די פינאַנס-עקזעקוטאָרן און צוגענומען אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען אין שטוב. עס זענען געווען פאַלן, ווען שטייער-אינקאַסענטן, וועלכע זענען לגמרי נישט געווען באַרעכטיקט צו פונקציאָנירן אין געטאָ, האָבן איינגעהאַנדלט פאַר טויזנטער זלאָטעס „לינקע" פאַסירשיינען, כדי קענען אָן שטערונג פליגדערן אויפן געביט פון געטאָ. מיט אַ באַזונדערן אייפער אין דעם מין גזילות האָבן זיך אויסגעצייכנט די באַאַמטע פון 15-טן, 16-טן, און 17-טן פינאַנס-אַמט. לשם אילוסטראַציע פון דעם הפקרות פון די פינאַנס-באַאַמטע, וועל איך ברענגען איין פאַל. צו שענבערגן, וועלכער האָט געוווינט אויף מוראַנאָווסקע 14, זענען געקומען עטלעכע באַאַמטע פון 14-טן שטייער-אַמט און געפאָדערט צו באַצאָלן

אַ שטייער פאַר דעם הויז פון זיין שווער שערמאַן. ווען שיינבערגס פרוי האָט זיך אָפּגעזאָגט אויסצופּילן דעם פאַרלאַנג פון די באַאמטע, האָבן זיי זי אַנידערגעוואָרפן אויף דעם פּאָל און געשלאָגן ביז בלוט. נישט האָבנדיק קיין אנדער עצה, האָט מען די רויבער געגעבן 7000 זל. און געוויסע טייערע חפצים. זיי האָבן זיך דערמיט נישט באַפרידיקט און פאַרלאַנגט אַן אָפּצאָל אין נאַטור... דעם ה׳ שיינבערגס טאָכטער, וועלכע האָט זיך געדאַרפט צו זיי מעלדן. ווען די טאָכטער איז נישט געגאַנגען, זענען זיי ווידער געקומען דראָענדיק מיט קאָנסעקווענצן.

צווישן די באַאמטע פון די עפנטלעך=רעכטלעכע אינסטיטוציעס, די פאַרבינדלער מיט דער אַרישער זייט, האָט זיך געקאָנט, הגם זעלטן, געפינען אָרנטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן פאַרדינט צוטרוי, זיי האָבן נישט בלויז דערליידיקט די קאָרעספּאָנדענץ מיט דער אַרישער זייט, נאָר אויך זיך אונטערגענומען אַפילו אזעלכע געפערלעכע שליחותן, ווי קאָלפּאָרטאַזש פון דער אומלעגאַלער פרעסע.

יידן פלעגן זיך לאָזן אויף דער ארישער זייט איינצלווייז אָדער אין גרופּן. אינדיווידועלע פּאַסיר=שיינען אויף דער אַרישער זייט האָבן געהאַט דער עיקר די באַאמטע פונעם יודענראַט, ווייטער — אינדוסטריעלע, וועלכע האָבן געהאַט ווירטשאַפטלעכע באַציונגען מיט „יענער" זייט און „אחרון, אחרון" — די יידישע געסטאַפּאָ=לייט. לכתחילה איז געווען אַ שפּאָר ביסל אינדיווידועלע פּאַסיר=שיינען, אפשר ביז א טויזנט און אפשר מער. מיט דער צייט האָט די דייטשישע מאַכט, שטרעבנדיק אָפּצושוואַכן די קניפּ=בונדן פון געטאָ מיט דער אַרישער זייט, פאַרקלענערט אָן אויפהער די צאָל פּאַסיר=שיינען און זיי רעדוצירט ביז אַ מינימום. מיט דער צייט זענען די באַשווערנישן געוואָרן אַזוי גרויס, אַז סוחרים און אינדוסטריעלע, וואָס זענען געווען פאַראינטערעסירט צו זיין אויף דער אַרישער זייט, האָבן געמוזט פּאַסיר=שיינען קויפן ביי די יידישע געסטאַפּאָלייט, צאָלנדיק 10—15 טויזנט א חודש. קאָלעקטיווע פּאַסיר=שיינען פלעגט מען אַרויסגעבן די פּלאַצוווקעס, כדי זייערע יידישע אַרבעטער זאָלן קענען אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט.

איידער עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ האָט בלויז אַביסל יידן פיגורירט אין די מעלדונגס=ביכער ווי אריער, און דעריבער האָבן זיי נישט געטראָגן די יידישע אָרעמ=בענדער. אַ טייל האָט עס געטאָן, פאָרויסזעענדיק די שאַרפע אַנטיידישע גזירות. שוין דעמאָלט האָבן זיך געפונען געוויסלאָזע יחידים, וועלכע האָבן זיך געיאָגט נאָך די יידן אָן אָרעמ=בענדער און די יידן, וואָס האָבן פיגורירט אין די מעלדונגס=ביכער ווי אַריער. פאַר נישט טראָגן דעם אָרעמ=באַנד האָט געדראָט ביז 9 חדשים תפיסה, אָבער עס האָט פּאַסירט, אַז אַזאַ „פאַרברעכער" איז אַוועק מיטן טראַנספּאָרט קיין אָשוויענטשים, פון וואַנען עס איז אין עטלעכע וואָכן אַרום אָנגעקומען צו דער משפחה א טעלעגראַמע מיט די מעלדונג, אַז ער איז געשטאָרבן

פון א האַרץ־שלאַג, לונגען־אָנצינדונג א. א. וו. דאָס האָט אָפּגעשראָקן אַ סך פון זיך אויסבאַהאַלטן אלס אַריער.

נאָכן שאַפן דאָס געטאָ איז בלויז אַביסל יידן און משומדים אַריבער אויף דער אַרישער זייט. לגבי די משומדים זענען חל געווען די זעלביקע פאַרשריפטן וואָס לגבי די יידן, אויב ביידע צדדים האָבן געהאַט יידישע עלטערן. אויף דער אַרישער זייט זענען געגאַנגען צוריק די משומדים און די אַסימילירטע אינטעליגענץ פאַר וועלכער דאָס געטאָ איז געווען א לחלוטין פרעמדער געביט, וואוהין עס האָט זיי אַריינגעשליידערט דעם אָקופּאַנטס האַנט. עס זענען צוריקגעגאַנגען יחידים, פאַרבונדענע מיט דער אַרישער זייט דורך חתונות. אין פּוילן איז פאַר דער מלחמה געווען לפי ערך ווייניק פּויליש־יידישע געמישטע חתונות. מיר וועלן דאָ נישט אַנאַלי־זירן די סיבות פון דער דערשיינונג אין פּוילן אין אונטערשייד צום מערב; למשל אין אַזאַ ווין האָבן די געמישטע חתונות באַטראָפן 50% פון דער אַלגעמיינער צאָל יידישע חתונות. די דאָזיקע חתונות פון דער יידישער אינטעליגענץ האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אן אומגעווײנלעכער דויערהאַפ־טיקייט אין אונטערשייד צו דייטשלאַנד, וווּ די מערהייט פון אַזעלכע גע־מישטע חתונות איז זיך צעפאַלן, און די אַרישע מוטערס האָבן זיך נישט געוואַקלט — פאַרן פרייז פון זייער ערע — צו שיצן זייערע קינדער קעגן די געזעצן וואָס זענען חל געווען אויף מישלינגען. זיי פלעגן דערקלערן, אַז די קינדער זענען אומגעזעצלעכע, אַז זיי שטאַמען פון אַן אַרישן פאָטער מיט וועלכן זיי האָבן פאַרראַטן דעם יידישן מאַן. די אַנטיייִדישע פאַראָר־דענונגען פון די דייטשן זענען נישט געווען אומשטאַנד צו צעשטערן די דויערהאַפטיקייט פון די פּויליש־יידישע מאַן און ווייב. די אַרישע משפּחות האָבן זיך באַמיט צו שיצן זייערע יידישע מיטגלידער פאַר וועלכע מען האָט דערוואָרט אנטשפּרעכיקע אַרישע פּאַפּירן, אָדער מען האָט זיי פּראָסט פּשוט באַהאַלטן אָדער איבערגעפירט אין אַן אנדער ראַיאָן צי שטאָט, כדי צו פאַרווישן די שפּורן. מען קאָן אָננעמען פאַר אַ זיכערער זאַך, אַז אויב אַ ייד האָט געהאַט אין דער משפּחה פּוילישע קרובים, האָט ער געקאָנט רעכענען אויף זייער הילף, אַפילו ווען די משפּחה איז באַ־שטאַנען פון סאַמע אַנטיסעמיטן. די פּוילישע אַנטיסעמיטן האָבן נישט אָנערקענט דעם חאַסיזם, אויב עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זייערע קרובים אָדער באַקאַנטע. אין דער הינזיכט האָט געהערשט דער אַלטער כלל, אַז איטלעכער פּאָליאַק, אַפילו דער גרעסטער אַנטיסעמיט, האָט זיין ייד, וועלכן ער האָט ליב. אויף דער „צווייטער" זייט האָבן אויך געזוכט אַ פאַר־דינסטל הונדערטער יידישע קינדער, דערהויפּט יתומים אָדער א. ג. קינ־דער פון גאַס, וועלכע האָבן זיך אויסגעהאַלטן פון שמוגלען שפּייז־אַרטיק־לען אָדער פון בעטלעריי. מיטן מאָמענט פון אָנהייבן די גירוש־אַקציע, דעם 22־טן יולי 1942, האָבן יידן גענומען מאַסנווייז אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט. פון געטאָ גייען אַרויס צוויי קאַטעגאָריעס יידן: אַ צאָלרייכע גרופּע פון פאַרמעגלעכע, באַוואָפנט מיט פרעמדער וואַלוטע און טייערע

הפּצים, וואָס דאַרף זיי סטאַיען אויף אויסהאַלטן זיך ביז סוף מלחמה; און אַ ווייניקער צאָלרייכע גרופּע פּראָפֿעסיאָנעלע אינטעליגענץ, וועלכע איז געווען פֿאַרבונדן דורך פֿריינטשאַפֿט און לאַנגיאָריקע חברישע באַציונגען מיט דער אַרישער זייט. אויף דער אַרישער זייט איז אַוועק אַ הויז־אייגנטימער, זיך געלאָזט צו זיין הויז־וועכטער, מיט וועלכן ער האָט צוזאַמענגעלעבט במשך עטלעכע צענדליק יאָר; אַ דירעקטאָר פֿון אַן אונטערנעמונג — צו זיין ביוראָ־וועכטער און אָנגעשטעלטן, כלפּי וועלכע ער איז אַ גאַנץ לעבן געווען מענטשלעך און געטאָן זיי טובות; אַ פֿאַבריקאַנט אָדער אַ מייסטער — צו זיין אַרבעטער, מיט וועלכן ער האָט זיך אַ גאַנץ לעבן פֿאַרנומען; פּריוואַטע אָדער מלוכהשע באַאַמטע — צו זייערע קאָלעגן, מיט וועלכע זיי האָבן געאַרבעט צוזאַמען ביי איין טיש; מיט איין וואָרט — מענטשן, וואָס זענען געווען געבונדן מיט לאַנגיאָריקע באַנדן פֿון פֿריינטשאַפֿט, האָבן איצט אַרויסגעוויזן זייערע אמתדיקע געפֿילן. אַן אמתן פֿריינט דערקענט מען אין אַן עת צרה — זאָגט אַ פֿאָלקס־ווערטל. די ווירקלעכקייט האָט געוויזן, ווי ריכטיק עס איז אָט דאָס אַלטע שפּריכווערטל: די מערהייט פּוילישע פֿריינט האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן, האָט זיך דערשראָקן פֿאַר די קאָנסעקווענצן, וואָס עס קאָן מיט זיך ברענגען די אָנוועזנקייט פֿון די יידישע פֿריינט אין דער דירה אָדער אין אַן אַרישן באַהאַלט־אָרט, און מיט אַזאַ אָדער אַנדערן תירוץ זיי אָפּגעזאָגט. די תירוצים זענען געווען פֿאַרשיידענע: אַ שכן רע, אַ שכן אַ פֿאָלקסדויטש צי אַ געסטאַפּאָ־מאַן, די פֿרוי אָדער די קרובים זענען קעגן, צופֿיל געסט קומען אין דער וווינונג וכדומה. די פֿאַקטישע סיבה איז געווען איינע: די מורא פֿאַרן דייטש, דער פּחד פֿאַר אַ שטראָף פֿאַר באַהאַלטן יידן. בלויז אויסנאַמען, און דאָס דער עיקר נישט־פֿאַרמעגלעכע ספֿערן, האָבן אַרויסגעוויזן אַ מוטיק האַרץ און נישט געקוקט אויף גאָרנישט געראַטעוועט זייערע יידישע פֿריינט.

אויסער די טעלעפֿאָנען האָבן אַ דעצידירנדיקע ראָל ביים איינאָרדענען יידן אויף דער אַרישער זייט געשפּילט די פּלאַצוווקעס. צוליב מאַנגל פֿון אַרבעטס־קרעפֿטן אויף דער אַרישער זייט האָבן פֿאַרשיידענע מיליטערישע אינסטיטוציעס (דער פֿלי־פּלאַץ אינעם אָקענטשע־ראַיאָן, באַן־געביטן (אָסטבאַן), אַנדערע פֿאָרמאַציעס (ס. ס., געסטאַפּאָ, טראַנספּאָרט־שטעלע), אונטערנעמונגען וואָס האָבן געאַרבעט פֿאַר דער דייטשישער אַרמיי (שטייער־דאַימלער) א. ד. גל. — גערן גענאָמען פֿון דער אַרבעט פֿון יידישע אַרבעטער, וועלכע זענען טאָג־טעגלעך געקומען פֿון געטאָ צו די אַרבעטס־פּלעצער, ס'רוב אונטער אַ דייטשישן קאָנוואָי (די באַן־פּלאַצוווקעס אונטער דער השגחה פֿון די „שוואַרצע“, ד. ה. פֿונעם באַן־ווערקשוץ). חוץ סטאַבילע פּלאַצוווקעס זענען געווען צייטווייליקע, וועלכע האָבן זיך אויפֿגעלייזט נאָכן פֿאַרענדיקן אַ באַשטימטע אַרבעט. די באַלוינונג פֿון די פּלאַצוווקע־אַרבעטער איז געווען אַ פֿערטל ברויט און אַ זופּ, ד. ה. אַז די אַרבעט איז געווען כמעט בחינם, און דער איינציקער פֿאַרדינסט פֿון די

בּלאַצוווקע=אַרבעטער איז געווען דער שמוגל פון שפּיין=אַרטיקלען אין געטאָ אַריין און דער רווח פון פאַרקויפן לאַכעס, וואָס מען האָט אַרויס=געטראָגן אויף דער אַרישער זייט. די פּלאַצוווקע=אַרבעטער זענען אַרויסגע=גאַנגען אויף דער אַרישער זייט אַפילו בעת דער גירוש=אַקציע. פאַר אַן אָפּצאָל פון 50 — 100 זל. האָט דער גרופּן=פירער פון דער געגעבענער פּלאַצוווקע געלאָזט מיטגיין זייטיקע מענטשן. צום אַרבעטס=פּלאַץ פון דער געגעבענער פּלאַצוווקע פלעגן קומען אַרישע באַקאַנטע אָדער פריינט, וועלכע מען פלעגט באַשטעלן טעלעפאָניש אָדער דורך בריוו, און זיך טרעפן מיט אונדזער איינטאָגיקן פּלאַצוווקע=אַרבעטער און פעסטשטעלן מיט אים די באַדינגונגען פון האַלטן א יידישע משפחה אויף דער אַרישער זייט. דאָס אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט איז פאָרגעקומען מערסטנ=טייל דורך דער פאַרמיטלונג פון די פּלאַצוווקעס. נישט געקוקט דערויף, וואָס די וואכן האָבן ביים אַריינגיין און אַרויסגיין פון געטאָ געציילט די צאָל „קעפּלעך“, האָט מען זיך ווי נישט איז געגעבן מיט דעם אַן עצה. דער עצם דורכגיין איז פאָרגעקומען אין אַזאַ אופן, אַז אונדזער איינטאָ=גיקער „פּלאַצוווקאַזש“ האָט זיך „געדעקט“ פאַר דער פּלאַצוווקע אָדער גלייך אין וועג — אויב עס זענען אין דער נאָענט נישט געווען די א. ג. „שמאַלצאָווניקעס“, אָדער אויפן אַרבעטס=פּלאַץ. בדרך כלל פלעגן קומען אַרישע באַקאַנטע אָדער פריינט כדי צונעמען מיט זיך די געגעבענע פער=זאָן. כדי צו פאַרטושן די אויפמערקזאַמקייט פון די „שמאַלצאָווניקעס“, וועלכע פלעגן באלאגערן די פּלאַצוווקע, האָט מען די געגעבענע פערזאָן איבערגעטאָן אין אַן אַנדערן מלבוש, אָנגעטאָן אַ הוט אָנשטאָט אַ היטל, וועלכע די יידן האָבן געטראָגן אין געטאָ. אַמאָל פלעגט מען בלייבן אין דער פּלאַצוווקע א גאַנצע נאַכט און ערשט פאַרטאָג זיך לאָזן אין דער נייער דירה. עס פלעגט טרעפן, אַז א בלאָט=געמאַכטער [אונטערגעקויפטער] פּוי=לישער פּאָליציאַנט האָט באַגלייט די געטאָ=פּליטים צום אָנגעוויזענעם אַדרעס. מען האָט באַרעכנט, אַז אין משך פון אַ ריי חדשים האָבן יעדן טאָג פאַרלאָזט דאָס געטאָ צו עטלעכע הונדערט מענטשן דורך דער פאַר=מיטלונג פון די פּלאַצוווקעס. דער צוריקקער אין געטאָ אַריין פון די מענטשן, וואָס זייערע וווינונגען אויף דער אַרישער זייט זענען „פאַר=ברענט“ געוואָרן, איז אויכעט פאָרגעקומען דורך דער פאַרמיטלונג פון די פּלאַצוווקעס. טראָץ די כמאַרעס „שמאַלצאָווניקעס“, וואָס האָבן באַלאַ=גערט די גאַנצע טראַסע פון די פּלאַצוווקע=אַרבעטער, זענען טויזנטער יידן אַריבער אויף דער אַרישער זייט א דאַנק די פּלאַצוווקעס.

געוויסע יידן האָבן זיך אַריבערבאַקומען אויף דער אַרישער זייט ביי דער הילף פון די פּוילישע אַרבעטס=פּלעצער אין געטאָ. אין געטאָ זענען דעמאָלט געווען דייטשישע פאַבריקן, וואָס האָבן באַשעפטיקט אינייגעם מיט יידן אויך פּוילישע אַרבעטער (קורט רעהריך, ק. ג. שולץ, ברויער און אַנדערע): מען האָט געמיינט, אַז זיי וועלן אין דער צוקונפט פאַרנעמען די ערטער פון די יידישע אַרבעטער. יידן, וואָס האָבן זיך באַזאָרגט מיט

אַרישע פּאַפּירן, פּלעגן זיך פּאַרייניקן מיט די גרופּעס פּוילישע ארבעטער. עס האָבן זיך אָבער געטראָפן גאַנץ אָפטע פאַלן, ווען די פּוילישע קאָלעגן האָבן פאַרראַטן די יידישע אַרבעטער, אויסגעגעבן זיי צו די וואַכן, דעריבער האָט מען זיך זעלטן באַנוצט מיט דעם דאָזיקן מיטל פון אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט.

דער צווייטער אופן פון אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט האָט געפירט דורך די מויערן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דאָס געטאָ. אין דעם פאַל האָט מען געדאַרפט איבערקויפן די מויער־וואַך, וועלכע איז נאָך דער יולי־„אַקציע" באַשטאַנען פון פּוילישער פּאָליציי. מען פלעגט אַריבערגיין באַגינען־צייט אָדער אין אָוונט. אויפן סיגנאַל פון דעם אַריבערפירער איז מען דורכגעגאַנגען דורכן מויער דורך אַ צוגעשטעלטן לייטער אָדער דורך אַ לאָך אינעם מויער. פון דער צווייטער זייט האָט שוין געוואַרט אויף די אַריבערגייער אַן אַרישער שמוגלער און ער האָט זיי אַריינגענומען אין אַ געוויסער מלינה און פון דאַנען זענען זיי אַוועק אויף די אָנגעוויזענע אַדרעסן. אַ דריטער אַדורכגיין־אופן, אַ ווייניק פּאָפּולערער, האָט געפירט דורך אַן אונטערערדישן טונעל, וואָס איז געוואָרן אויסגעבויט אונטערן טראָטואַר און האָט פאַראייניקט צוויי קעלערס אויף ביידע זייטן מויער. דורך דעם וועג איז פאָרגעקומען אַ לעבהאַפטיקער סחורה־שמוגל. אַ פערטער אַדורכגיין־אופן האָט געפירט דורך די אונטערערדישע קאַנאַלן. די טעכניק פון אָט דעם אַריבערגאַנג איז געווען גענוג שווער. אונטער דער אָנפירונג פון א וועג־פירער האָט מען געדאַרפט אין משך פון א שעה אָדער צוויי, און אַמאָל אויך לענגער, גיין אונטער דער ערד אין אַן איינגעקאָרטשעטער פּאָזיציע (די הויך פונעם קאַנאַל האָט באַטראָפן 85 צענטימעטער), די פיס אין וואַסער און בלאָטע, פון די ווענט איז געפלאָסן וואַסער, אַזוי אַז די מלבושים זענען געוואָרן דורכגעווייקט און פאַרבלאָטיקט. ווערן פאַרלאָרן בעתן וועג האָט באַטייט א שרעקלעכן טויט. דאָס אַרויסגיין ביי דער קליאַפּע פונעם קאַנאַל אין אַ פאַרבלאָטיקטן און דורכגעווייקטן אָנצוג, אין מיטן גאַס, איז כלל נישט געווען קיין זיכערע זאַך. איך האָב אַמאָל געזען אַזאַ אונטערערדישן צוג. דער רושם איז געווען באמת אַ קאַטאַסטראָפאַלער: מענטשן אין פאַלטנס און היט אויסגעדרייטע מיט דער פאָדשעווקע אויף אויסן, כדי נישט צו פאַרשמוצן דעם אויסערלעכן טייל פון די מלבושים, מיט ליכט אין די הענט, מיט בלייכע, לייכט איבערגעשראָקענע פּנימער — דאָס אַלץ האָט דערמאָנט אילוסטראַציעס, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט אַ אונטערערדישע פאַרזאַמלונג פון עפּעס אַ פריימויערער־לאָזשע. בעת דער גירוש־אַקציע זענען אָפּגעפאַלן אַלע אַנדערע מעגלעכקייטן אַרויסצוגיין פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט, עס זענען געבליבן בלויז די קאַנאַלן. אָבער אויך מיט דעם האָט זיך דער אָקופּאַנט אַן עצה געגעבן בשעת דער אַפּריל־אַקציע [41], ער האָט אַריינ=

[41] בעת דעם אויפשטאַנד און געטאָ־ליקווידאַציע אין אַפּריל 1943.

געלאָזט אין די קאַנאַלן גאַז און באַשטעלט אַלע אַרויסגענג פון די קאַנאַלן. אין אַפּריל האָבן אַ סך מענטשן, וועלכע האָבן געפּרוּווט זיך ראַטעווען דורך די קאַנאַלן, געפונען דאָרטן דעם טויט: זיי האָבן זיך דערשטיקט דורך די גאַזן, מיט וועלכע די דייטשן האָבן אויסגעפילט די קאַנאַלן, אָדער זיי זענען דערטרונקען געוואָרן. דער קעניג פון די וועג־פירער אין די קאַנאַלן איז געווען שעמראַגי מאַניעק, וועלכער האָט אויף זיינע אייגענע פּלייצעס אַדורכגעטראָגן נישט איין מענטש פון געטאָ. ער האָט אין זיין רשות געהאַט די מונדירטע פּאָליציי פון דעם קראַשינסקי־פּלאַץ, ווו עס האָט זיך געפונען אַן אַרויסגאַנג פון קאַנאַל. וועג־פירער אין די קאַנאַלן זענען געווען אַרבעטער באַשעפטיקטע אין דער אונטערנעמונג פון ריייניקן די שטאָט אלס קאַנאַליזאַטאָרן, וואָס צו זייערע אויפגאַבן האָט געהערט די קאָנטראָל אונטער דער ערד אויף אַ געוויסן אָפּשניט.

אין דער צייט נאָך סעפּטעמבער 1942 איז אַן אויסגעצייכנטער וועג אַריבערצוגיין אויף דער אַרישער זייט געווען דער וועג מיט די א. ג. באַגלייטער, ד. ה. דייטשן, וואָס האָבן קאָנוואָירט די יידן אויף דער אַרישער זייט. די מאַכט האָט פאַראָרדנט, אַז יידן, וואָס פאַרמאָגן אַפילו פּאַסירשיינען, טאָרן זיך נישט באַוועגן אויף דער אַרישער זייט אָן אַן אַרישן „באַגלייטער". דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע געלעגנהייט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געקאָנט אדאַנק די „באַגלייטער" מאַסנוויין אַרויסגיין אויף דער אַרישער זייט און זיך דאָ פריי באַוועגן.

## 7. אויף דער אַרישער זייט

דער ייד „אונטער דער ערד". אַרישע פּאַפּירן. וואָס הייסט עס „אַ גוטער אויסזען"? אָנזאָגן און אָנווייזונגען פאַר אַ ייד „אויף דער אויבערפלאַך". באַהעלטעניש אויף דער אַרישער זייט. נישט גוט צו קרענקען, נאָך ערגער איז צו שטאַרבן. לייכטזין און בראַוור. שמאַלצאָווניקעס און שאַנטאַזשיסטן, וועספּעס און סעמפּן, מסירות. ערן־„שמאַלצאָווניקעס". „פּעלוש פון פּאַריסאָוו". די מאַסנהאַפטיקייט און שטראָפלאָזיקייט פון די שאַנטאַזשן. די אַנטיסעמיטן פעלן אויס קרבנות. דאָס אויסבאַהאַלטן יידן אויף דער פּראָווינץ. די רציחות פון דער פוילישער פּאָליציי.

ווען אַ ייד האָט זיך געפונען אויף דער אַרישער זייט האָט ער געהאַט פאַר זיך צוויי מעגלעכקייטן: בלייבן „אויף דער ערד" אָדער פאַרשטעקן זיך אונטער דער ערד. אין ערשטן פאַל פאַרוואַנדלט זיך דער ייד אין אַן אַריער, באַזאָרגט זיך מיט אַרישע פּאַפּירן און ווינט לעגאַל, געמאָלדן אין אַ אַנטשפּרעכיקן מעלדונגס־ביוראָ. אין צווייטן פאַל באַהאַלט זיך אַ ייד מיט אַ סעמיטישן אויסזען אין אַ בונקער אָדער אין אַ מאַסקירטן צימער,

ווו ער געפינט זיך אומלעגאַל, נישט געמאָלדן. די יידן אויף דער אַרישער זייט באַנוצן זיך אין סרוב פאַלן מיט רוימיש-קאַטוילישע דאָקומענטן. אין זעלטענע פאַלן מאַכן זיך די יידן פאַר פאָלקסדויטשן, נאַטירלעך ביי אַ געהעריקן אויסזען (בלאָנדינער) און אויסגעצייכנטן באַהערשן די דייטשישע שפּראַך. די יידן אויפן מזרח מאַכן דעם אָנשטעל פון אוקראַינער. אין גאָר זעלטענע פאַלן מאַכן זיך די יידן פאַר דייטשן. אין דעם פאַל גייט וועגן דייטשישע יידן, וועלכע זענען צוגעפּגעלעבט און אַסימילירט מיט דער דייטשישער סביבה.

דאָס לעבן „אויף דער אויבערפלאַך" האָט כלל נישט געהערט צו די לייכטע זאַכן. אַזאַ ייד לעבט אין כסדרדיקן פּחד, אין אַן אומאויפהערלעכער שפּאַנונג. אויף טריט און שריט לויערט אויף אים אַ סכנה. אין שטוב שנאַפּט דער באַלעבאָס אין יעדן נייעם סובלאָקאַטאָר אַ ייד (אפילו ווען די געגעבענע פּערזאָן שטעלט פאָר די גאַראַנטיע פאַר איר אַרישקייט דורך אַ פאַרטרוילעכער פּערזאָן); דער אינקאַסענט פון דער גאַז-לייטונג אָדער עלעקטרע-אַנשטאַלט און דערנאָך דער אַדמיניסטראַטאָר, דער הויז-וועכטער, דער שכן א. א. וו. — אַלע זענען זיי אַ געפאַר פאַרן ייד „אויף דער ערד", ווייל איטלעכער קאָן אפשר אין אים דערקענען אַ ייד.

אַזוינע סכנות איז פאַראַן אַ סך ווייניקער ווי עס דאַכט זיך אויס דעם ייד. די הויפּט-געפאַרן זענען טאַקע די אויסגעטראַכטע סכנות, די כלומרשטע אָבסערוואַציעס דורך דעם שכן, הויזוועכטער, אַדמיניסטראַטאָר צי פאַרבייגייער אין גאַס. דער ייד, וואָס איז נישט צוגעוווינט צום לעבן „אויפן אויבערפלאַך", פאַראַט זיך אַליין דורך אַרומקוקן זיך אויף אַלע זייטן, צי קיינער אָבסערווירט אים נישט, דורך אַ נערוועזן געזיכט-אויסדרוק, דורך א דערשראָקענעם אויסזען פון א געפלאָגטער חיה, וואָס שנאַפּט אין אַלעמען עפּעס אַ געפאַר. אַ צווייטער באַדינג פון האַלטן זיך אויף דער אַרישער זייט איז אַ באַשעפטיקונג. אַ ייד „אויפן אויבערפלאַך" מוז ערגעץ זיין באַשעפטיקט, אין קעגנפאַל וועט ער פריער אָדער שפּעטער זיך „פאַרשיטן". דעריבער איז דער רוב יידן אויף דער אַרישער זייט באַשעפטיקט אין פאַרשיידענע פאַכן. יידישע פרויען מיט העכערער בילדונג אַרבעטן ווי דינסטן, הויז-מיידלעך, אין פאַבריקן, שפּיטאָלן, קראָמען, אַפילו אין שולוועזן. היות לעצטנס איז אַלגעמיין באַקאַנט, אַז יידישע פרויען זוכן ארבעט אַלס דינסטן, פאָדערט מען פון די קאַנדידאַטינס אויף דינסטן באַשטעטיקונגען פון מענטשן, וועלכע גאַראַנטירן פאַר זייער אַרישקייט. יידישע פרויען אַרבעטן אויך אַלס ביוראָליסטנס, אין דייטשישע פירמעס. יידן האַנדלען, ארבעטן אין דער מלאכה, אינדוסטריע, באַ — אפילו אין עפנטלעך-רעכטלעכע אינסטיטוציעס. כדי אייַנצוהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיטן געטאָ האָבן געוויסע יידן געאַרבעט ביי די געטאָ-מויערן ווי אַריער אָדער אין דייטשישע פירמעס, וואָס האָבן באַשעפטיקט אַריער אין געטאָ. די,

וועלכע עס ברענט דער באָדן אונטער די פיס, זוכן אַ מקום מקלט מחוץ די גרענעצן פון דער גענעראַל־גובערניע. אַ סך יידישע פרויען האָבן זיך געמאָלדן פרייוויליק אויף אַרבעט אין דייטשלאַנד. אַזעלכע פאַלן איז דאָ זייער אַ סך, געוויס הונדערטער, און אפשר אויך מער. אין ארבעטס־אמט ווייס מען, אַז יידישע פרויען זוכן אַ וועג קיין דייטשלאַנד אַלס אַרבעטערינס, האָט מען דאָ דעריבער אַוועקגעזעצט אַ ספּעציעלן אַגענט אַ ייד, וועלכער דאַרף כאַפּן יידן און יידישע פרויען. די מענער פאָרן זעלטענער אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד מחמת די מעדיצינישע אונטערזוכונגען, וואָס קומען פאָר ערב דעם קוואַליפיצירן. אָבער אויך אויף דעם קאָן מען געפינען א עצה. מען קויפט פאַפּירן פון אַ שוין קוואַליפיצירטן אַריער אָדער פשוט מען שיקט אַן אַריער צו דער מעדיצינישער אונטערזוכונג. צוליב די שוועריקייטן אין שייכות מיטן אַרויספאָרן קיין דייטשלאַנד האָבן די יידן געזוכט אנדערע אופנים. זיי לאָזן זיך אַוועק אויף מזרח אויף פאַרשיידענע ווירטשאַפטלעכע אַרבעטס־פּלעצער. אָט די אַרבעטער ווערן טראַקטירט ספּעציעל. געוויסע מענטשן פאָרן אַרויס אין דער געוועזענער גאַליציע. לעצטנס זענען דאָרטן פאָרגעקומען אָפטע מעדיצינישע אונטערזוכונגען מיטן ציל צו כאַפּן יידן. אַ ייד „אויף דער אויבערפלאַך“ מוז פאַרמאָגן אַרישע פאַפּירן, וואָס אויף זייער סמך ווערט ער אָנגענומען אויף אַרבעט. די קריסטלעכע געבוירן־שיינען, וואָס ווערן פאַבריצירט אין וואַרשע, שטאַמען בדרך כלל פון די פאַרברענטע פאַראַפּיעס, דער עיקר אויף די מזרח־קרעסן. אויפן סמך פון אַזאַ געבוירן־שיין און באַשטעטיקונג, אַז מען איז געמאָלדן, באַקומט מען אַן אויטענטישע קען־קאַרטע אין אַ אַנטשפּרעכיקן ביוראָ אָדער מען קויפט זיך אין אַן עווידענץ־ביוראָ אַ פאַלשע קען־קאַרטע. דאָקומענטן פון אַן אַנדער מין, למשל אַן אַרבעטס־צייגניש, דיפּלאָמען פון הויכשולן וכדומה קריגט מען אויף באַשטעלונג אין געהעריקע דרוקערייען.

אויב א ייד אַרבעט נישט, מוז ער לכל הפחות מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער איז ערגעץ ווו באַשעפטיקט. אינדערפרי מוז ער אַרויסגיין פון שטוב, כדי נישט אַרויסצורופן ביי קיינעם קיין פאַרדאַכט. היות אין די פּאַרקן און עפנטלעכע ערטער קומען אָפט פאָר רעוויזיעס פון דאָקומענטן, פאָרן די יידן אַרום אין משך פון גאַנצענע שעהן אין טראַמווייען, כדי ווי נישט איז צו פטרן די צייט ביז מיטאָג אָדער ביזן אָוונט.

נאָך אין געטאָ האָבן זיך די יענע, וואָס האָבן זיך געגרייט אַרויסצוגיין אויף דער אַרישער זייט, באַמיט צוצופּאַסן צו דער נייער סביבה דורך... פאַרלאָזן וואָנסעס. אין געטאָ האָט קורסירט אַ וויץ, אַז אַ ייד דערקענט מען אויף דער אַרישער זייט לויט די וואָנסעס, שטיוול און „קען־קאַרטע“.

אויפן אויבערפלאַך קענען זיך האַלטן בלויז מענטשן מיט אַ „גוטן“, ד. ה. אַרישן אויסזען. די ווייסנשאַפטלעכע פאָרשונגען האָבן אויפגעוויזן, אַז צווישן דער יידישער באַפעלקערונג האָט נאָר אַ געוויסער פּראָצענט

סעמיטישע שטריכן. לויט די מאַטעריאַלן פון פּראָפ. טשעקאַנאָווסקי[42] געהערן ווינציקסטנס 20% פּוילישע יידן צו דער נאָרדישער ראַסע, אַ באַדייטנדיקער פּראָצענט געהערט צום מיטללענדישן טיפּ, און בלויז אַ טייל צו דער סעמיטישער גרופּע. אין געטאָ האָט מען געפירט „פאָרשונגען" צו באַשטימען, לויט וואָס דערקענט מען אַ ייד אָדער אַ יידישע פרוי. דער פועל יוצא פון די „פאָרשונגען", פון די כסדרדיקע שמועסן אין געטאָ איז געווען אָט אַזאַ: אַ ייד דערקענט מען לויטן נאָז, האָר און אויגן. וואָס איז שייך דעם יידישן נאָז, בדרך כלל אַ לאַנגן און מיט אַ הויקערל, האָבן געוויסע מענטשן דורכגעפירט ספּעציעלע כירורגישע אָפּעראַציעס. עס זענען אָבער דערצו נישט געווען קיין באַדינגונגען אין געטאָ, און איבעריקנס איז דאָס געווען זייער אַ טייערע אָפּעראַציע. דעם יידישן נאָז איז שווער געווען צו ענדערן, איז ער געבליבן ווי געווען, און אין געטאָ האָט ער זיך אויסגעצויגן מחמת דער שלעכטער דערנערונג און איז געוואָרן נאָך מער יידיש ווי פריער. די כאַראַקטעריסטישע פאַר יידן טונקעלע האָר האָט מען געפאַרבט, אָבער אויך דאָס האָט נישט קיין סך געהאָלפן, ווייל די אַגענטן האָבן קאָנטראָלירט די האָר=שפּיצן. אין דער פּראַקטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּלאַטינענע בלאָנדינקעס האָבן אַרויסגערופן מער חשד ווי די ברונעטקעס. די יידישע אויגן — שטעלן פעסט די זאַבקענער — דערקענט מען לויטן אומעט, לויט דער פאַרטראַכטקייט. עס איז אין זיי קאָנצענטרירט דער גאַנצער צער פון געטאָ, די יסורים פון די עטלעכע יאָרן און צוליבן פאַרלירן די נאָענטסטע. מען האָט מיר דערציילט, אַז אַ געוויסער אַריער האָט דערקענט אין צוג אַ ייד מיט אַן ערשטקלאַסיקן אַרישן אויסזען — לויט די אומעטיקע אויגן. אויך אויף דעם האָט מיין באַקאַנטער געפונען אַן עצה. ווען ער האָט זיך געקליבן אַרויסצוגיין פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט, האָט ער אויפן פנים געמאַכט אַ שטרענגן אָנשטעל, און די אויגן האָבן געוואָרפן — ווי ער זאָגט — בייזע בליקן. די פרויען מאַסקירן זיך דורך טרויער=קליידער, פאַרבן די האָר, גלאַט פאַרקעמטע האָר וכדומה. עס זענען פאַראַן מענטשן מיט אַן אויסערגעוויינלעך אַרישן אויסזען, אָבער מיט אַ שוואַכן קענטעניש פון דער פוילישער שפּראַך, זיי זענען נישט ביכולת אַרויסצוזאָגן ריכטיק אַפילו זייער אייגענעם אַרישן נאָמען. אויך דאָ גיט מען זיך אַן עצה. מען מאַכט זיך פאַר אַ טויב=שטומען, מען טוט אָן אַן אָרעם=באַנד „טאויבשטומם".

די יידן אויף דער אַרישער זייט מוזן זיך פאַרהאַלטן ווי אמתע קאָנספּיראַטאָרן. קיינער פאַרמאָגט נישט זייערע אַדרעסן. אַ ברודער קאָן נישט דעם אַדרעס פון דעם ברודער, קינדער קענען נישט די אַדרעסן פון זייערע עלטערן, זיי באַנוצן זיך מיט אומדירעקטע אַדרעסן. קעגנזייטיקע וויזיטן זענען נישט געווונטשן, ווייל זיי קאָנען גורם זיין אַ דעקאָנספּיראַציע. יידן

[42] יאַן טשעקאַנאָווסקי — פּוילישער פּראָפעסאָר פון אַנטראָפּאָלאָגיע צוערשט אויפן לעמבערגער, איצט אויפן פּויזנער אוניווערסיטעט.

טרעפן זיך בדרך כלל ביי טראַמוויי־סטאַנציעס, אין די קאַפע־הייזער א. א. וו. דעם אַדרעס פון אַן „אונטערערדישן“ ייד קאָן בלויז דער פאַרבינדלער, וועלכער דערלייזיקט די גאַנצע קאָרעספאָנדענץ, האַלט איין קאָנטאַקט מיט די קרובים א. א. וו. מען טאָר נישט איבערלאָזן קיין אַדרעסן, מען מוז זיי געדענקען אָדער פאַרנאָטירן אין אַ שיפרירטן אופן.

די יידן אויף דער אַרישער זייט גייען אַרויס צומגערנסטן נאָך בין־השמשות, ווייל דעמאָלט איז פאַר אַ „שמאַלצאָווניק“ שווער צו מאַכן אַן אונטערשייד צווישן אַ ייד און נישט־ייד. דאָס אריבערגיין אויף דער אַרישער זייט קומט פאָר נאָך זון־פאַרגאַנג אָדער קאַיאָר. געבענטשט זאָל זיין די פינצטערניש! זי האָט געראַטעוועט דאָס לעבן נישט איין ייד אויף דער אַרישער זייט. אָבער אויך אויף דעם האָבן די „שמאַלצאָווניקעס“ געפונען אַן עצה: זיי גייען אין אָוונט איבער די גאַסן און לייכטן אַריין די פאַרביי־גייער אין די פנימער. אָבער די יידן האָבן אויך דאָ געפונען אַ קעגנווירקונג: זיי דרייען אַוועק דאָס פנים אין אַ קעגנריכטונג ווי עס פאַלט די שיין.

עס זענען פאַראַן „אויף דער אויבערפלאַך“ יידן, וועלכע דרייען זיך אַרום נישט בלויז איבער דער שטאָט, נאָר פאָרן אַרום מיט צוגן איבערן לאַנד. געוויסע מענטשן שפילן זיך אין העלדישקייט, גייען אין רעסטאָראַ־נען, קאַפע־הייזער, פאָרן אין די טראַמווייען מיט די וואַגאָנען „נור פיר דויטשע“, אָבער סוף כל סוף פאַלן זיי אַריין.

לשם אילוסטראַציע וועל איך ברענגען די כאַראַקטעריסטיק פון עטלעכע מענטשן פון דער אַרישער זייט. איינער, א הויכער, 1.90 מ., אַז אויסזען נישט קיין ספעציעל אַרישער, וואָנסעלער, טראָגט אַ געלע קורטקע. באַנוצט זיך מיט אַרישע פאַפירן נאָך אַ פאָלאַק, וואָס איז אומ־געקומען בעת דער באָמבאַרדירונג. ער האָט פאַרבראַכט אַ געוויסע צייט אין קאָלאָמיי, ווו עס האָט אים אויסבאַהאַלטן אַן אוקראַינישע פרוי, וועלכער ער האָט געטאָן א סך טובות אין די באָלשעוויסטישע צייטן. ער האָט זיך פאַרנומען מיט איינקויפן דאָלאַרן, גאָלד און צירונג, וועלכע ער האָט געפירט פון קאָלאָמיי קיין וואַרשע. שפעטער האָט ער זיך אַריינ־געקראָגן אין דער „טאָהסטאָפערפאַסונג“[43] און באַקומען אַן אַרבעטס־קאַרטע און אויף איר סמך געהאַט דאָס רעכט צו פאָרן איבערן לאַנד. ער איז געוואָרן דעקאָנספירירט אין קאָלאָמיי און האָט זיך באַהאַלטן אין דער געגנט פון טשענסטעכאָוו, ווו ער געפינט זיך עד היום.

א וואַרשעווער אַדוואָקאַט פלעגט אויסאַרבעטן אַרישע פאַפירן ביי זיינע באַקאַנטע הויז־אַדמיניסטראַטאָרן, פאַרמיטלען אין טראַנזאַק־ציעס מיט פלעצער, געהאַנדלט מיט וואַלוטע, בוי־מאַטעריאַלן, זיך פאַר־נומען מיט פאַרקויפן הייזער וכדומה. די אינטערעסאַנטן פלעגט ער אויפנע־מען אין קאַפעען, און געהאַט האָט ער אַ ים מיט קליענטן. נישט קיין וווּנ־

43 אַ דייטשישע אונטערנעמונג, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט זאַמלען רוי־שטאָפן.

דער,. וואָס נאָך אַזוי פיל צאָלרייכע קאָנטאַקטן איז ער כוף כל סוף אַריינגעפאַלן, פאַראַטן געוואָרן דורך עמעצן פון די באַקאַנטע.

פריילן או. האָט אַ „גוטן" אויסזען, אַן אויטענטישע בלאָנדינקע, אַ געוואַגטע און מוטיקע. פאַר דער מלחמה האָט זי שטודירט אין אויסלאַנד. זי איז געקומען אין יאָר 1939 צופאָרן אהיים אויף פסח. די חכמים פון דער דעפענסיווע[44] איז דאָס אויסגעקומען פאַרדעכטיקט, זיי האָבן זי עטלעכע מאָל געפאָרשט און צום סוף נישט דערלויבט פאָרן צוריק. ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה האָט זי באַשלאָסן זיך פאַרנעמען מיט האַנדל. אַ געוואַגטע און דרייסטע איז זי נישט געבליבן אין געטאָ. זי האָט זיך איינגעמאָלדן אויף דער אַרישער זייט. אין משך פון אַ לאַנגער צייט פלעגט זי פאָרן קיין דעמבלין, פירנדיק אַהין פאַרשיידענע סחורות און ברענגענדיק פון דאָרטן צוריק שפּייז-מיטלען. די עלטערן האָבן געוווינט אין שכנות פון די [געטאָ]-מויערן, כדי צו קענען איינהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער טאָכטער, וועלכע האָט זיך פון צייט צו צייט אַריינגעגנבעט בייַנאַכט צו טאַטע-מאַמע. די עלטערן האָבן דורכן מויער געשמוגלט סחורות, וועלכע די טאָכטער האָט פאַרקויפט אויף דער אַרישער זייט. פריילן או. האָט „איינגעאָרדנט" אויף דער אַרישער זייט נישט בלויז די נאָענטסטע פאַמיליע, נאָר אויך חברטעס און פריינדינס. זי האָט זיי געהאָלפן מאַטעריעל לויט אירע כוחות און מעגלעכקייטן. ווען עס האָבן זיך נאָך דער ליקווידיר-אַקציע פון אַפּריל 1943 איבערגעריסן די קאָנטאַקטן מיטן געטאָ, האָט פריילן או. אָנגעקניפּט האַנדלס-באַציונגען מיט אַ געוויסער אויסלענדער-גרופּע. דורך זייער פאַרמיטלונג פירט זי אַריין סחורות און פאַרקויפט אין געוועלבער.

פרוי אי.[45] איז זייער אַ אינטערעסאַנטער טיפּ פון אַ יידישער פרוי „אויפן אויבערפלאַך". פון פאַך אַ ביבליאָטעקאַרין האָט זי געמאַכט אימערענטשלעכע אָנשטרענגונגען צו שאַפן אין געטאָ אַן עפנטלעכע ביבליאָטעק פאַר קינדער. זי האָט אירס דערגרייכט, נישט געקוקט אויף די וואַקסנדיקע אויף טריט און שריט שטערונגען. זי איז געווען טעטיק אין דער געזעלשאַפט „צענטאָס", וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט השגחה איבער קינדער. ווען עס האָט זיך אָנגעהייבן די אויסזידלונגס-אַקציע, האָט זי זיך עטלעכע מאָל געפונען אויפן אומשלאַג-פּלאַץ און על פּי נס אויסגעמיטן דעם אַרויספאָר אויף „מזרח", ווי מען האָט עס אין דער דייטשישער טערמינאָלאָגיע אָנגערופן טרעבלינקע. אַ טאָג פאַרן „קעסל" אויף ניסקע-גאַס — אַזוי האָט מען אָנגערופן די קאָנצענטרירונג פון דער גאַנצער וואַרשעווער [יידישער] באַפעלקערונג אינעם פירעק גענשע-ניסקע-סמאָטשע-זאמענהאָף[46] — האָט פרוי אי., אַזוי ווי זי וואָלט ממש נביאיש

[44] פּוילישע געהיימע פּאָליטישע פּאָליציי.

[45] באַשיע בערמאַן.

[46] דאָס איז פאָרגעקומען אין די טעג פון 6—12 סעפּטעמבער 1942.

עפּעס פֿאָרויסגעזען, אַריבער צוזאַמען מיט איר מאַן [47] אויף דער אַרישער זייט. די „שמאַלצאָווניקעס“, וואָס האָבן פּאַראַזיטירט אויפֿן אומגליק פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, האָבן געהיט דאָס געטאָ נישט ווינציקער וואַכזאַם ווי די אוקראַינער און לעטן. פֿרוי אי. האָט זיך געמוזט ביי זיי צוויי מאָל אויסקויפֿן. פֿאַרן צווייטן מאָל האָט זי אַפֿילו געטרונקען אין אַ קאַפֿעהויז קאַווע מיט די „שמאַלצאָווניקעס“=דזשענטעלמענער. טראָץ דעם נסיון האָט זיך פֿרוי אי. נישט איינגעבראָכן, ווי דאָס פֿלעג טרעפֿן אין אַזעלכע פֿאַלן, זי האָט זיך נישט פֿאַרשטעקט „אונטערן אויבערפֿלאַך“, זי איז אויך נישט אַוועק צוריק אין געטאָ. פֿרוי אי. איז אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, אַ דעצידירטער מענטש, וואָס גייט קאָנסעקווענט אין דער ריכטונג פֿון זיין ציל. זי האָט זיך געזאָגט: נישטאָ קיין צוריקגאַנג אין געטאָ, וואָס איז פֿאַרמשפּט צום טויט. פֿרוי אי. פֿאַרמאָגט נישט קיין באַזונדערס „גוטן“ אויסזען, אָבער זי ווייס, אַז נישט דאָס פּנים, נאָר דער אופֿן פֿון האַלטן זיך דעצידירט וועגן איינהאַלטן זיך אויף דער אויבערפֿלאַך. תמיד שמייכלט זי, טראָגט טרויער=קליידער, כדי אויסצוזען ערנסט. ווען עמעצער גיט אויף איר אַ קוק אין טראַמוויי, ענטפֿערט זי אים מיט אַ דרייסטן בליק, און בשעת ווער נישט איז טוט אויף איר אַן אויפֿמערקזאַמען קוק, גייט זי צו און פֿרעגט אים, וויפֿל עס איז דער זייגער. פֿרוי אי. אַרבעט די גאַנצע צייט, לחתחילה ווי אַ דינסט ביי אַ באַלעבאָס אַן אַנטיסעמיט, וועלכער האָט זיך באַמיט איינצוזאַפּן אין איר שנאה צו ייִדן. איר הויפּט=טעטיקייט באַשטייט אין ראַטעווען די גרויסע צאָל פּריוואַט=ייִדן אין געטאָ. פֿרוי אי. געהערט נישט צו די יענע, וואָס אַרויסגייענדיק אויף דער „צווייטער זייט“ פֿאַרמאַכן זיי זיך הערמעטיש, רייסן איבער יעטוועדן קאָנטאַקט מיטן געטאָ, כדי, גאָט באַהיט, נישט אויסשטעלן אויף אַ סכנה די אייגענע זיכערקייט. אונדזער „אַריערין“ אין די טרויער=קליידער איז זינט יאָרן אַן אַקטיווער מיטגליד פֿון אַן אַרבעטער=פּאַרטיי [48], און דאָרטן האָט מען זי דערצויגן אין גייסט פֿון אַלטרויזם און געזעלשאַפֿטלעכע התחייבותן. מען האָט זי דאָרטן געלערנט זיך מקריב צו זיין פֿאַר אַנדערע, מען האָט זי געלערנט אַרבעט לטובת הכלל. טריי די דאָזיקע געבאָטן ווירקט די אַקטיווע און גוטע, געמיטלעכע און רירעוודיקע פֿרוי אי. אָן אויפֿהער לטובת דער רעטונג פֿון אירע אַרבעטס=חברים, מיט וועלכע זי איז פֿאַרבונדן במשך הענטער צען יאָר אין דער געפֿערלעכער און ממסירת=נפֿשדיקער אַרבעט. די אַרבעט פֿון פֿרוי אי. איז גאָר אַ שווערע. אירע קליענטן זענען מענטשן צוגעוווינטע אַ גאַנץ לעבן צו געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט, אויסגעשטעלטע תמיד אויף די אייגענע כוחות, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט גענאָסן און ווילן נישט געניסן פֿון קיינעמס הילף. מענטשן פֿאַרבונדענע דורך טויזנטער פֿעדים מיט געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט קענען נישט און

47 ד״ר אַדאָלף (אברהם) בערמאַן.
48 לינקע פּועלי ציון.

ווילן נישט אַוועקגיין פון דער דאָזיקער אַרבעט, כדי זיך צו באַהאַלטן אויף דער „צווייטער זייט". און דאָך איז קיין אַנדער אויסוועג פאַר אָט די מענטשן נישטאָ — נאָר די אַרישע זייט קאָן זיי ראַטעווען. פרוי אי. איז זינט דעם 5 סעפּטעמבער 1942 נישט אַריבערגעטראָטן די געטאָ־טויערן. די גאַנצע אַגיטאַציע פירט זי דורכן טעלעפאָן. מען דאַרף באַוווּנדערן איר קונסט פון פירן דאָס געשפּרעך אַזוי, עס זאָל אים פאַרשטיין דער יידישער מיטשמועסער, און עס זאָלן לחלוטין נישט פאַרשטיין די אַריער, וועלכע הערן זיך צו די צו לאַנגע שמועסן פון דער באַרעדעוודיקער פרוי אי. פּראָפּאַגאַנדע איז דער ערשטער עטאַפּ, דערנאָך קומט די הילף פאַר די, וואָס זענען אַריבער. די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענטן, און די שאַפן דעם רוב בנין ומנין פון די קליענטן פון פרוי אי., האָבן נישט קיין געלט אויף דעם צו טייערן דירה־געלט, דאַרף מען זיך באַמיען ביי דער פּוילישער אינטעליגענץ וועגן א ביליק אָרט. און דערנאָך די פראַגע פון הילף פאַר די, וואָס זענען שוין אויף דער אַרישער זייט, דאָס אויסזוכן נייע דירות פאַר די, וואָס זייערע וווינונגען זענען „פאַרברענט" געוואָרן וכדומה טויזנטער עניינים פון טאָג־טעגלעכן שווערן לעבן פון די יידן „אויף" און „אונטער" דעם אויבערפלאַך. אַ וויכטיקער אָפּשניט פון דער טעטיקייט פון פרוי אי. איז די השגחה איבער קינדער, וואָס זייערע עלטערן זענען אומגעקומען בעת פאַרשיידענע „אַקציעס". אין משך פון אַ גאַנצן טאָג איז פרוי אי. אין באַוועגונג. צענדליקער מענטשן האָבן איר צו פאַרדאַנקען זייער רעטונג. דער מחבר האָט פון פרוי אי. באַקומען אַ לעקציע, ווי אַזוי זיך צו האַלטן „אויפן אויבערפלאַך", ער האָט צו פאַרדאַנקען זיין רעטונג פון אַן ארבעטס־לאַגער איר הילף.

איינע פון די אינטערעסאַנטסטע געשטאַלטן פון יידן „אויף דער אויבערפלאַך" איז ה' מיכאַל.[49] פאַר דער מלחמה איז ער געווען א באַשיידענער לערער אין וואַרשעווער גימנאַזיעס און איינציייטיק געאַרבעט אינעם קאָמיטעט פאַר די עניינים פון יידישער מלאכה, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורכן אַמעריקאַנער דזשוינט. ה' מיכאַל האָט געהערט צו אַ יידישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע און אין איר נאָמען אַנטוויקלט א לעבעדיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט, געהאַלטן רעפעראַטן וועגן סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע און ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון די יידן אין פּוילן. ה' מיכאַל איז אַ מענטש אַן ארבעטזאַמער, אַן אויסדויערנדיקער און גייט עקשנותדיק צו זיין ציל. נאָכן באַקומען דעם דאָקטאָראַט האָט ער געאַרבעט וויסנשאַפטלעך איבער זיין באַליבטער פּסיכאָלאָגיע, שטרעבנדיק זי צו באַלייכטן פון סאָציאַלן שטאַנדפּונקט. ער איז געווען אין קאָנטאַקט מיט זיין אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר און אונטער זיין אָנפירונג ממשיך געווען זיינע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. די מלחמה האָט אַרויסגערוקט דעם באַשיידענעם פּסיכאָלאָג אויף אַ וויכטיקער פּאָזיציע אין געזעלשאַפטלעכן

[49] ד"ר אַדאָלף בערמאַן.

לעבן פונעם וואַרשעווער יידנטום. ח' מיכאַל האָט פאַרן קריג אָנגעפירט מיטן רעפעראַט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַראַטונגס־שטעלע ביים צענטאָס און זיך אַקטיוו אינטערעסירט מיטן לעבן פונעם יידישן קינד, מיט זיינע נויטן און אָנגעווייטיקטע פראַגן. ווען עס איז אין יאָר 1939 אויסגעבראָכן די מלחמה, און די לייטונג פון „צענטאָס" האָט פאַרלאָזט וואַרשע אַוועקגייענדיק אויף מזרח, איז ה' מיכאַל געבליבן אויפן פּאָסטן. אין דער באָמבאַרדירונגס־צייט, ווען טויזנטער קינדער האָבן פאַרלאָרן די עלטערן, האָט ער אָרגאַניזירט „פּלי"־אינטערנאַטן, וועלכע האָבן געזאמלט די היימלאָזע יתומים, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט צווישן די חורבות פון די צעשמעטערטע הייזער, אויף טרעפּ, אין קעלערס א. א. וו. מען האָט די דאָזיקע אינטערנאַטן אָנגערופן „פּלי"־אינטערנאַטן, ווייל יעדע עטלעכע טעג האָט מען געדאַרפט טוישן די לאָקאַלן צוליב דער באָמבאַרדירונג. אין די סאַמע קאָכעדיקע טעג פון דער שטאָט־באָמבאַרדירונג איז ער געשטאַנען אויף דער פּאָזיציע אין הסכם מיט זיין סאָציאַליסטישן געוויסן, וואָס האָט אים באַפוילן נישט צו פאַרלאָזן די געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציע. נאָכן באָמבאַרדירן וואַרשע האָט זיך דאָס פּראָבלעם פון די יידישע יתומים און קינדער אַרויסגערוקט אויפן אויבן אָן פונעם יידישן לעבן. אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט האָבן זיך באַוויזן הונדערטער טויזנטער היימלאָזע פליטים, און מיט זייערע קינדער האָט זיך דער „צענטאָס" געמוזט פאַרנעמען. די עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק פון די דייטשן איז גורם געווען אַ וווקס פון שטערבלעכקייט, וועלכע האָט אָנגענומען אַ גרויליקן פאַרנעם. די צאָל פון יתומים האָט זיך פאַרגרעסערט און עס האָט געדראָט אַן אמתע [נאַציאָנאַלע] מפּלה. דער „צענטאָס" האָט געהאַט פאַר זיך אַלץ נייע פּראָבלעמען. די קינדער פון פליטים, די קינדער פון גאַס, מלחמה־יתומים א. א. וו. הער מיכאַל, אַלס דירעקטאָר פון „צענטאָס", האָט געשאַפן אַלץ נייע אינטערנאַטן און האַלב־אינטערנאַטן, אַנטוויקלט די טעטיקייט צוזאַמען מיטן וווקס פון די הילפס־אינסטיטוציעס. ווען עס האָט זיך אָנגעהייבן די אויסזידלונגס־אַקציע, איז איינגעפאַלן דער בנין, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורכן „צענטאָס". דעם ערשטן טאָג פון דער „אַקציע" זענען אַוועק די פליטים־קינדער. עס איז נישט ניצול געוואָרן אַפילו דער אינטערנאַט פאַר פליטים, און וועלכן די עלטערע קינדער האָבן געאַרבעט פּראָדוקטיוו. אין די ערשטע טעג פון דער „אַקציע" האָט די לייטונג פון „צענטאָס" באַקומען פון דער קאָמענדאַטור פון דער אָרדנונגס־דינסט אַ צוזאָג, אַז די קינדער־היימען, וועלכע זענען אויסגעצערטלט געוואָרן דורך די וואַרעמע הענט פון דעם פּעדאַגאָגישן און טעכנישן פּערסאָנאַל, וועלן פאַרבלייבן, אַז זיי וועלן נישט גיין „אויף שמעלץ" (ד. ה. קיין טרעבלינקע). דער מולך האָט אָבער געפאָדערט יעדן טאָג אַלץ פרישע קרבנות. עס זענען נישט געבליבן די קינדער־היימען, זיי זענען איניינעם מיטן פּערסאָנאַל אַוועק צום אומשלאַג־פּלאַץ. צוזאַמען מיט הונדערטער טויזנטער וואַרשעווער יידן, די צוגענומענע קיין טרעבלינקע, איז איינגע=

פֿאַלן די גאַנצע געבײַדע, װעלכע מען האָט געבױט במשך די דרײַ מלחמה־יאָר. הער מיכאַל איז געשטאַנען אױפֿן פּאָסטן ביז דער לעצטער רגע. עטלעכע מאָל איז ער שױן געװען אױפֿן אומשלאַג־פּלאַץ און נאָר על פּי נס האָט ער אױסגעמיטן די נסיעה אױף „מזרח“. צו דעם קומט צו נאָך אײן בײזע זאַך — דער יודענראַט האָט פֿאַרנומען אַ נישט־געהעריקע שטעלונג לגבי די אָנגעשטעלטע פֿון דער יידישער סאָציאַלער שוץ. בעת דער א. ג. סעלעקציע האָט מען געמאַכט אַ תל פֿון די מיטאַרבעטער פֿון די אינסטיטוציעס פֿון קינדער־שוץ, מען האָט רעדוצירט זײער צאָל ביז אַ מינימום, די רעשט האָט מען געשיקט אױפֿן אומשלאַג. הער מיכאַל האָט פֿאַרלאָזט דאָס געטאָ ערב דעם באַרימטן „קעסל“ אױף ניסקע. אַדאַנק דער הילף פֿון פֿרײַנט פֿון די װיסנשאַפֿטלעכע ספֿערן, האָט ער זיך געהאַלטן אױפֿן אױבערפֿלאַך. טרײַ זײַן װיסנשאַפֿטלעכן חוב האָט ער זיך נישט פֿאַרשלאָסן אין דער װױנונג, נאָר אָנגעהײבן אַן אױפֿקלער־אַרבעט צװישן די פּױלישע אינטעלעקטואַליסטן. ער האָט זײ באַקאַנט מיט דער טראַגעדיע פֿון װאַרשעװער יידנטום, רעפֿערירט װעגן די שחיטות איבער די יידישע קינדער און יוגנט, גערופֿן צו טראָגן הילף פֿאַר דער אונטערגײענדיקער אינטעליגענץ. הער מיכאַל איז געװאָרן דער שופֿר, דורך װעלכן דאָס װאַרשעװער געטאָ האָט גערעדט װעגן זײַנע אָנגעװײטאָגטע פֿראַגן און נױטן. אַדאַנק זײַנע נישט־דורכשניטלעכע פֿעיִקײטן, זײַן פֿערזענלעכן טאַקט און גײסטיקער קולטור האָט ער באַװיזן צו געװינען די אָנערקענונג פֿון די מאָסגיביקע ספֿערן. דאָס האָט װײניק געהאָלפֿן אױסצוקעמפֿן אַ געהעריקע באַציִונג מצד די רעגירנדיקע פֿאַקטאָרן[50] לגבי דער פֿראַגע פֿון באַװאָפֿענען דאָס געטאָ, אַ רעאַלע הילף פֿאַרן אומקומענדיקן פֿאָלק א. א. װ. הער מיכאַל איז פֿאַרקערפּערונג פֿון אַרבעטזאַמקײט און נישט־דורכשניטלעכער רירעװדיקײט. בשעת די פּלאַצװוּקעס זענען געװען די אײנציקע פֿאַרבינדונג צװישן געטאָ און אַרישער זײַט, איז הער מיכאַל געקומען עטלעכע מאָל אַ װאָך צו די פֿאַרשײדענע פּלאַצװוּקעס, נישט געקוקט אױף דער גרױסער געפֿאַר פֿון קאָנטאַקטירן זיך מיט די פּלאַצװוּקעס, װעלכע זענען געװען באַקלעבט מיט „שמאַלצאָװניקעס“. דאָרטן האָט ער זיך געטראָפֿן מיט פֿאָרשטײער פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס פֿונעם געטאָ, אױסגעהערט זײערע פּאָסטולאַטן, כדי פֿון זײַן זײַט קענען ראַפּאָרטירן די רעגירונגס־פֿאַקטאָרן. די אױפֿזיכט איבער 300 משפּחות פֿון יידישער אינטעליגענץ אױף דער אַרישער זײַט דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון 20 אומדירעקטע ריִנגען פֿאָדערט פֿון אים אַ כסדרדיקן באַװעגן זיך איבער דער שטאָט. אַדאַנק אים האָט די פּױלישע אונטערערד זיך דערװוּסט װעגן די פּרטים פֿון דעם קאַמף פֿון װאַרשעװער געטאָ, װאָס האָט פֿאַרטײדיקט דעם כבוד פֿון אומקומענדיקן פֿאָלק. לעצטנס האָט זיך הער מיכאַלס אַרבעטס־פֿאַרנעם באַדײַטנדיק אױס־

---

[50] ד. ה. מצד דער לאַנד־דעלעגאַטור פֿון דער פּױלישער עמיגראַנטישער רעגירונג אין לאָנדאָן און דער אָנפֿירונג פֿון א.ק.

געברייטערט. עס זענען צוגעקומען די אַרבעטס־לאַגערן אין לובלינער דיסטריקט און אין אַנדערע געגנטן פון לאַנד, וו עס האָט זיך געפונען דער לעצטער פערטל מיליאָן פּוילישע יידן, וואָס זענען ניצול געוואָרן פון דער שחיטה פונעם גאַנצן פאָלק. הער מיכאַל שיקט אַרויס עמיסאַרן אין די לאַגערן. ער שלעפּט פון דאָרטן אַרויס די ווערטפולסטע מענטשן, אָרגאַניזירט די פאַרטיידיקונג פון די לאַגערן, אינפאָרמירט וועגן לעבן פון די יידן אין לאַנד, דערמונטערט און שיצט פאַר אַ גייסטיקן צוזאַמענברוך. הער מיכאַל איז די נשמה פונעם יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט. וועלכער רעפּרעזענטירט די שארית הפליטה פון פּוילישן יידנטום צוזאַמען מיט ה' מ.[51], און ער רעפּרעזענטירט כלפּי די פּוילישע פאַקטאָרן. די יידישע עפנטלעכע מיינונג אין נאָמען פונעם ייד. נאצ. קאָמ., רעדאַגירט די יידישע פּאָסטולאַטן, מאָנט די רעכט פון דער יידישער באַפעלקערונג. הער מיכאַל איז אַ פּרעכטיקער טיפּ פון אַ געזעלשאַפטלעכן אַקטיוויסט „אויפן אויבערפלאַך", וואָס דויערט אויס אויפן פּאָסטן נישט געקוקט אויף די באַדראָענדיקע פון אַלע זייטן געפאַרן.

די מערהייט יידן אויף דער אַרישער זייט לעבט „אונטערן אויבערפלאַך", וווינט אין בונקערס אָדער פּשוט אין לעצטן צימער. פון אַ פּערזאָן, וואָס האָט אין משך פון אַ האַלב יאָר געוווינט אין לעצטן צימער, האָב איך געהערט, מיט וואָס פאַר אַ קונציקע איינפאַלן דאָס איז פאַרבונדן; די שכנים און באַקאַנטע טאָרן נישט וויסן, אַז אין דער וווינונג געפינט זיך אַ ייד. אין דער צייט פון עמעצנס אַ באַזוך דאַרף מען אַזוי מאַנעווירן, אַזוי אַריבערגיין פון צימער אין קיך אָדער אין בית הכסא, אַז דער גאַסט זאָל קאָנען באַקוקן די גאַנצע דירה און נישט דערזען די באַהאַלטענע האָרטן יידישע משפחה. איך האָב געהערט וועגן אַ יידישער משפחה, וועלכע האָט במשך 5 חדשים געוווינט אין אַ דירה פון צוויי צימערן, און עס איז קיין איין מאָל נישט געקומען צו קיין דורכפאַל נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די קרובים און באַקאַנטע פון די באַלעבאַטים זענען אָפט געקומען צו גאַסט. יענער ייד האָט געמוזט פאַרלאָזן די וווינונג, ווייל די מוטער פון די באַלעבאַטים האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן די נערוון־שפּאַנונג מחמת דעם, וואָס עס האָט דאָרטן געוווינט אַ ייד. חוץ דעם זענען אויף דער גאַס פאָרגעקומען אָפטע בלאָקאַדעס מצד דער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט געזוכט געווער, און אין דער דירה איז נישט געווען קיין באַהעלטעניש.

אַזעלכע בונקערס ווי אין געטאָ איז נישט געווען במצא אויף דער אַרישער זייט. אין געטאָ זענען געווען פּאַלייט, וואָס האָבן זיך ספּעציאַליזירט אינעם געביט פון בויען בונקערס און דערגרייכט אויסערגעוויינלעכע רעזולטאַטן אין דעם שטח. געוויסע בונקערס אין געטאָ זענען געווען פּשוט אונטערערדישע וווינונגען מיט בתי כסא, וועש־צימערן, גאַז, באָד־

---

51 ד"ר לעאָן פיינער („מיקאָלאַי") פון „בונד".

צימערן, ראַדיאָ, עלעקטרישער באַלייכטונג א. ד. גל. בויען אַזעלכע בונקערס אויף דער אַרישער זייט איז געווען אַן אוממעגלעכע זאַך צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים. דעריבער האָט מען געבויט בונקערס אין שטוב, און דאָס דערהויפּט אין דעם ראַיאָן, וווּ עס האָבן פריער געוווינט יידן, קודם כל אינעם א. ג. קליינעם געטאָ. די האָזיקע וווינונגען האָט צוגעטיילט דער וווין־אַמט, און זיי זענען געווען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז זיי האָבן זיך גענייטיקט אין אַ ערנסטן רעמאָנט; האָט מען דאָס אויסגענוצט, כדי צו בויען א בונקער אין דער וווינונג. צו די פּאָפּולערסטע האָבן געהערט אָפּגעשניטענע טיילן פון די צימערן אָדער פאַרמאַסקירטע צימערן, אַלקערס, אָפּגעשניטענע טיילן פון בוידעם, פון קעלערס; א. ד. גל. אין די פּאַרטער־וווינונגען האָט מען קעלערס איבערגעמאַכט אויף בונקערס, מען האָט זיי דורך קלאַפּעס פאַרייניקט מיט דער וווינונג. אין אַנדערע שטאָט־ראַיאָנען האָט דאָס בויען בונקערס אָנגענומען אויף גרויסע שוועריקייטן. די ציגל האָט מען געדאַרפט איבערטראָגן אין אַ טעקע, כדי אויסצומיידן כלערלייקע פאַרדאַכטן מצד די שכנים. אַ געוויסער מויערער, אַ ספּעציאַליסט פון בויען בונקערס, האָט געפירט די ציגל אויף אַ וועגעלע, וווּ מען האָט אַוועקגעלייגט אַן אייזערן אויוועלע צו באַרעכטיקן די באַדערפעניש פון די ציגל. דאָס בויען אַ בונקער האָט געפאָדערט אַ גרויסן פינאַנסיעלן אָנשטרענג. מען האָט געדאַרפט מאָביליזירן עטלעכע צענדליק טויזנט זלאָטעס און אמאָל אויך מער... די הוצאות זענען געווען איינמאָליקע און שטענדיקע. איינמאָליקע — זענען געווען קודם כל די הוצאות פון לא יחרץ־געלט פאַר די באַאַמטע פונעם וווינונגס־ביוראָ פאַר צוטיילן אַ דירה, ווייטער די קאָסטן פון רעמאָנטירן די הייזער, אַן איינמאָליקע באַלוינונג פאַר דער אַרישער משפּחה, וועלכע „דעקט" די געגעבענע וווינונג א. א. וו. אין תוך גענומען פאַרברענגט מען אין וווינונג דעם גאַנצן טאָג, נאָר אין מאָמענט ווען עס קומט אַ פרעמדער (די אייגענע קלינגען אין אַן אָפּגעשמועסטן אופן), גייען די יידישע לאָקאַטאָרן אַריין אין בונקער. עס זענען פאַראַן בונקערס איינגעאָרדנטע אין ווילעס הינטער דער שטאָט; אגב האָבן די יידן אָפטמאָל געקויפט די ווילעס פאַר זייערע קריסטלעכע „פירמאַנטן". א „פירמאַנט" איז בדרך כלל אַ קריסט, אמאָל א ייד מיט אַ „גוטן" אויסזען. אויסער אַ סטאַבילן חודש־לוין (בדרך כלל צו 1000 — 2000 זל. פון אַ פּערזאָן) האַלטן חוץ דעם די יידישע סובלאָקאַטאָרן אויס זייערע באַלעבאַטים. אַמאָל איז דער בונקער אַ תפיסה. דאָס איז נישט קיין שום פאַנטאַזיע, נאָר אַ רעאַלע ווירקלעכקייט. אין אַ וואַרשעווער תפיסה זיצט אַ ייד אלס אַן אַריער אונטער אַ קרימינעלער באַשולדיקונג. זיין פּראָצעס דויערט אַ לענגערע צייט און ווערט כסדר אָפּגעלייגט ביזן... סוף פון דער מלחמה.

די יידן פון „אונטער דער ערד" וווינען אָפט ביי פּאַרטיי־מענטשן[52].

52 מיטגלידער פון אַרבעטער־פּאַרטייען, אָדער פון דער פּוילישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

אין אַזאַ וווינונג לעבט מען אין אַ סביבה פון נאָבעלע מענטשן, וועלכע וועלן זיך נישט דערשרעקן פאַר די דייטשישע דראָונגען און נישט אויסגעבן דעם ייִד, טראָץ דעם וואָס עס דראָט זיי פאַר דעם דער טויט. ווען עס „פאַלט אַריין" אַזאַ דירה אין שייכות מיט דער אומלעגאַלער טעטיקייט, וואָס עס ווערט דאָרטן געפירט, קומען אום די יידישע סובלאָקאַטאָרן איינענעם מיט די אַרישע באַלעבאַטים. נישט געקוקט אויף אָט דער געפאַר זוכן די יידן גערן דירות, וואָס עס רעקאָמענדירט זיי די פאַרטיי, ווייל די סכנה פון שאַנטאַזש און מסירה איז הונדערטפאַכיק שרעקלעכער ווי די געפאַר אַריינצופאַלן צוליב פּאָליטישע טעמים.

אָנגעהייבן פון מערץ ד. י. קומען פאָר אין אַ סך הייזער רעוויזיעס פון געווער אָדער פון נישטאייגעמאָלדענע. די זשאַנדאַרמעריע בלאָקירט די הייזער און פירט אַדורך רעוויזיעס אין די וווינונגען. אַזעלכע בלאָקאַדעס חזרן זיך איבער זייער אָפט און אין אַלץ גרעסערער צאָל הייזער. צוליב די בלאָקאַדעס פאַלן אַריין אַ סך נישטגעמאָלדענע יידן. די געפאַר פון ווינען אומלעגאַל אין אַ דירה אָן אַ באַהעלטעניש ווערט אַלץ מער געפערלעך.

באַזונדערס שווער ווערט די לאַגע פון דעם ייד אויף דער אַרישער זייט, ווען ער ווערט קראַנק. עס טרעפן פאַלן פון פאַרראַט מצד אַרישע דאָקטוירים, צו וועלכע די יידן מוזן זיך ווענדן נאָך הילף. אין אַ געוויסן פאַל האָט אַ ייד, אַ געוועזענער הויכער באַאַמטער פון לאַנדווירטשאַפטסמיניסטעריום, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט, געקראָגן אַ שווערן האַרץ-אַטאַק. מען האָט גערופן אַן אַרישן דאָקטאָר, וועלכער האָט די גאַנצע נאַכט געוואַכט ביים קראַנקן. פאַרטאָג האָט דער דאָקטאָר אַרומגערעדט מיט דער פרוי פון יענעם באַאַמטן, ווי אַזוי דער קראַנקער דאַרף אויף להבא זיך פירן. דער דאָקטאָר האָט געגעבן אַן עצה אַריינצוגעבן דעם קראַנקן אין אַ שפּיטאָל, אויף וואָס די פרוי, האַלב פאַרחלשט נאָך דער שלאָפלאָזער נאַכט, האָט געזאָגט, אַז זי קאָן אים דאָרטן נישט אַריינגעבן צוליב געוויסע טעמים. אין אַ האַלבע שעה אַרום איז געקומען געסטאַפּאָ און אַוועקגעשיקט דאָס פאָרפאָלק אויפן אומשלאַג, אין שייכות מיט דער דויערנדיקער אויסזידלונגס-אַקציע. דער מאַן איז אַוועק קיין טרעבלינקע, דער פרוי איז געלונגען ניצול צו ווערן. נאָך ערגער איז אין פאַל, ווען אַ ייד שטאַרבט אויף דער אַרישער זייט. אין אַ געוויסן בונקער האָט מען מקבר געווען אַ פאַרשטאָרבן מיידל אין שכנותדיקן גאָרטן. בשעת עס האָט עקזיסטירט דאָס געטאָ, האָבן די קריסטלעכע קבורה-אַנשטאַלטן געשמוגלט יידישע בר-מינגנס אויפן יידישן בית עולם. נאָך דער ליקווידירונג פון געטאָ איז די לאַגע געוואָרן שווערער. אָבער פאַר אַ פאָר טויזנט זלאָטעס קאָן אויך אַ מת „אויפן אויבערפלאַך" געפינען זיין אייביקע רו „אונטערן אויבערפלאַך".

אין דער טראַגעדיע פון די יידן אויף דער אַרישער זייט פעלן אויך נישט קיין קאָמישע מאָמענטן. איך האָב געהערט וועגן אַ געוויסן יידישן

אינזשיניער, וואָס האָט געאַרבעט ביי דער באַן געשיקט דורך אַ געוויסער בוי־פירמע. ער האָט געהאַט געהעריקע פּאַפּירן און איז אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד ווי אַ פאָרשטייער פון אַ געוויסער פירמע. אין כעלם האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויף אַ דייטשישן באַן־אינספעקטאָר, וועלכער האָט זיך גערימט, אַז ער וועט אַנטדעקן יעטוועדן ייד. צוליב קאָלעגיאַלע טעמים האָט אונדזער אינזשיניער געמוזט גיין מיט זיינע קאָלעגן אין באָד. דער אינזשיניער האָט געמוזט באַנוצן כלערליי מיטלען, כדי צו פאַרדעקן זיין „חרפּה". ער האָט געזייפט דאָס מיאוסע אָרט, זיך אויסגעדרייט, קיינער זאָל נישט זען, און דאָרטן ווו מען האָט געדאַרפט, כדי מען זאָל אים נישט אַנטפּלעקן. די קאָלעגיאַלע פאָרם איז באַפרידיקט געוואָרן, און דעם אינזשיניערס „יידישקייט" איז נישט געוואָרן דעקאָנספּירירט. דעם אינזשיניער האָט מען אַנטפּלעקט שפּעטער, ער איז קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן, ער האָט געמוזט רעזיגנירן פון דעם וויכטיקן און זיכערן פּאָסטן און געצוווּנגען געווען צו זוכן אַ מקום מקלט אין אַ באַהעלטעניש.

דאָס לעבן פון אַ ייד אויף דער אַרישער זייט איז אַן אייביקער פּחד, וועלכער מאַטערט אָן אויפהער טאָג און נאַכט. יעדער שאָרך ביים טויער נאָך דער פּאָליציי־שעה, דער קלאַנג פון אַן אויטאָמאָביל־טרייבל, דאָס גלעקל ביי דער טיר און יעדער רעש רופט אַרויס אַ האַרץ־קלאַפּעניש און מורא פאַר אַ שפּיצעל, שאַנטאַזשיסט צי זשאַנדאַר. דאָס אַריינפאַלן פון יידן אויף דער אַרישער זייט איז אויף דער טאָג־אָרדענונג. די דייטשישע מאַכט האָט באַפוילן זוכן די יידן אויף דער אַרישער זייט די פּוילישע אַגענטן פון דער קרימינאַל־פּאָליציי, די געסטאַפּאָ־אַגענטן און דער פּוילישער פּאָליציי. די אַגענטן און די מונדירטע [פּוילישע] פּאָליציי, וועלכע האָבן פאַרלאָרן די אַמאָליקע הכנסות אין דעם יידישן ראַיאָן, ווו דער פּאַרנעם פון זייער טעטיקייט האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרקלענערן, האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די יידן פון דער אַרישער זייט. עס איז זיי נישט געגאַנגען אַזוי פיל אין אַרויסגעבן די יידן אין די הענט פון די דייטשן, ווי גיכער אין שעפּן פאַר זיך איינקונפטן, און דאָס זייער פעטע. אין די הענט פון געסטאַפּאָ האָט מען אַרויסגעגעבן אומפאַרמעגלעכע יידן, וועלכע זענען נישט געווען אומשטאַנד זיך אויסצוקויפן פון די הענט פון די תלינים. די יידן אויף דער אַרישער זייט פלעגן אַריינפאלן צוליב פאַרשיידענע סיבות. די וויכטיקסטע זענען געווען די מסירות. זיי שטאַמען פון פאַרשיידענע סביבות. צומאָפּטסטן מצד פיינטלעכע לגבי יידן שכנים, מצד פאָלקסדויטשן, שפּיצלעס, געסטאַפּאָ־אַגענטן וכדומה. זייער אָפט שטעקן די סיבות פון די אַריינפאַלן אין די מעלדונגען, בפרט צו פרישע מעלדונגען. עס זענען פאַראַן באַאַמטע פון דער פּוילישער פּאָליציי, וואָס באַזוכן סיסטעמאַטיש באַזונדערע הייזער און קוקן דורך די מעלדונגס־ביכער, וועלכע דינען זיי ווי אַ יסוד צו פאַרשיידענע פאָרשונגען. דאָס יידישע האָב און גוטס איז אָפט אַ קוואַל פון שאַנטאַזש אָדער אַריינפאַל. דער יענער, ביי וועלכן עס געפינט זיך דאָס יידישע פאַרמעגן

זוכט א מיטל פטור צו ווערן פון זיין איינגעטימער, און דאָס איינפאכסטע איז מעלדן ווען מען דארף וועגן דעם אָרט, ווו עס איז אויסבאַהאַלטן דער ייד. דאָס פאַרמעגן איז אַ קוואַל פון אומגליקן אויך מחמת אן אַנדער סיבה. די שאַנטאַזשיסטן גייען אין די שפורן פונעם פאַרמעגן פון געטאָ, וועלכע פירן צו דער ווינונג פון די יידן אויף דער אַרישער זייט.

דער סאַמע אָפטער קוואַל פון אַריינפאַלן איז אַ צופאַל. עס איז געווען אַ פאַל, אַז די שכנים האָבן געהערט עפעס אַ פאַרדעכטיקטן שאָרך אין אַ פאַרמאַכטער ווינונג. חושד זייענדיק, אַז דאָרטן זענען פאַראַן גנבים, האָבן זיי אויפגעבראָכן די טיר און אַנטפלעקט יידן. אין איין פאַל איז די סיבה פונעם דורכפאַל געווען אַ רעוויזיע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין די הייזער צוליב אַן אַטענטאַט אויף אַ דייטש. אין אַ צווייטן פאַל איז דער דורכפאַל געקומען אין רעזולטאַט פון אַ קריגעריי צווישן די באַהאַלטענע יידן; די שכנים האָבן עס דערהערט. אמאָל נעמט זיך דער דורכפאַל צוליב ראָמאַנטישע סיבות: אַ פויליש=יידישער מאַן=פרוי=דרייעק, אַ אַנטוישטע ליבע, אייפערזיכט וכדומה.

די יידן ווערן אָפט דעקאָנספּירירט צוליב זייער נישט געהעריקן לעבנס=אופן. פאַרמעגלעכע יידישע פרויען אַפישירן זיך אָפט מיט זייערע רייכע און זעלטענע פוטערס, מיט בריליאַנטן אויף די פינגער, וואַרפן זיך מיט געלט אויף לינקס און רעכטס, פאָרן אַרום א סך מיט ריקשעס און דראָזשקעס. דער רעזולטאַט פון אַזאַ אופן פון לעבן זענען אָבסערוואַציעס, רעוויזיעס און לסוף אַרעסטן. יידן פאַלן אָפט אַריין צוליב זייער איינענעם לייכטזין און בראַוור. אַזאַ לייכטזין איז דאָס זאַמלען זיך פון יידן אין געוויסע רעסטאָראַנען אָדער קאַפעען. אַנדערע שלעפן זיך אָפט איבער די גאַסן, ביז עס וועט זיך געפינען עפעס אַ באַקאַנטער אַריער, וואָס וועט אויסגעבן די יידן אין די הענט פון דער מאַכט. צו דעם מין בראַוור=אויפטועכצן דאַרף מען פאַררעכענען די יידישע חתונה אין דער קירך פון הייליקן אַלעקסאַנדער אויפן פלאַץ פון די דריי קרייצן. ווען די געסטאַפאָ האָט באַקומען די ידיעה וועגן דער חתונה, האָט זי אַרומגערינגלט די קירך און צוגענומען אַלע אָנוועזנדיקע אין תפיסה. דעם יונגן פאָרפאָלק, וואָס איז שוין פון לאַנג געווען פאַראייניקט דורך א יידישן חופה וקדושין, איז אין געגעבענעם פאַל געגאַנגען אין דעראָבערן ערשטן, אויטענטישן דאָקומענט, וואָס וואָלט זיי לעגאַליזירט כלפי די באַלעבאַטים און שכנים. צו דער קאַטעגאָריע בראַוור=אויפטועכצן פאַררעכענען מיר אויך דעם געמיינזאַמען מיטאָג פון 11 יידן אין שווידער הינטער וואַרשע. מען האָט וועגן דעם צוגעטראָגן דער דייטשישער מאַכט, וועלכע האָט אַרעסטירט אַלע אָנוועזנדיקע און דערנאָך זיי דערשאָסן.

די אַגענטן און פאָליציי האָבן געמאַכט גרויסע פאָרשריטן אין אויסגעפינען יידן. אויב עס גייט וועגן מענער, איז דער ענין נישט קיין שווערער: מען לאָזט אַראָפּ די הויזן און דער באַוויז איז פאַרטיק. און די הויזן הייסט מען אַראָפּלאָזן אָן שום שהיות ביי יעדער געלעגנהייט,

אָפּטמאָל קאָנטראָלירט מען אַזוי אַרום אַריער, פֿאַרעכטיקטע אין יידישן אָפּשטאַם. מען האָט געזוכט אַן עצה אויך אויף דעם. עס זענען פֿאַראַן מיינונגען, אַז דורך אַ מעדיצינישער אָפּעראַציע קאָן מ׳צי׳ דעם סעקסועלן אָרגאַן פֿון אַ ייד מאַכן ענלעך צו אַ נישט־געמלהטן. צוליב די סעקסועלע קאָמפּליקאַציעס, וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט אַזאַ זייער טייערער אָפּעראַציע, האָט מען בדרך כלל פֿון דעם רעזיגנירט. אין געוויסע פֿאַלן באַפֿוילט די מאַכט דאָקטוירים צו אונטערזוכן דעם סעקסועלן אָרגאַן פֿון אַ פֿאַרדעכטיקטער אין יידישקייט פּערזאָן. אויב מען טרעפֿט אָן אויף אַן אָרנטלעכן מענטש, גיט אַזאַ דאָקטאָר אַרויס אַ פּסק, אַז עס האָט אַן אָרט א phimosis. ד. ה. אַראָפּפֿאַלן פֿונעם שפּיצל מחמת ווענערישע קראַנקהייטן. אַזאַ מעדיצינישע פֿעסטשטעלונג האָט געראַטעוועט דאָס לעבן נישט איין ייד. נישט איין יידישער „אַריער“ טראָגט זיך אַרום מיט א באַשטעטיקונג וועגן א דורכגעמאַכטן phimosis.

דאָס פֿעסטשטעלן די יידישקייט פֿון יידישע פֿרויען קומט אָן די אַגענטן אַ סך שווערער, נישט געקוקט דערויף, וואָס עס גייט אַ קלאַנג צווישן פֿאָלק, אַז די אַגענטן דערקענען די יידישע פֿרויען לויט די ביינדלעך, וואָס שטעקן אַרויס אויפֿן האלדז אָדער לויט די אויערן... דאָס דערמאָנט אינגאַנצן די פֿאָלקס־גלויבונג פֿון 18־טן יאָרהונדערט, בכן די יידישע פֿרויען געבוירן קינדער נאָכן טויט... אָבער די אַגענטן גיבן זיך אויך מיט זיי אַן עצה. אַ יידישע פֿרוי, וואָס האָט אַפֿילו דעם בעסטן אויסזען, קאָן זיך זעלטן ווען פֿאַררופֿן אויף אַ משפּחה. די אַגענטן ווייסן וועגן אַן אַנדער שוואַכן פּונקט פֿון די יידישע פֿרויען, דהיינו — וועגן דער ריין־אויסערלעכער קענטעניש פֿון די קאַטוילישע צערעמאָניעס און רעליגיעזער פּראַקטיק. אויף דער פֿראַגע, וואָס עס טוט אַ גלח נאָכן ווידוי [ספּאָוויעדוש], וועט זעלטן ווען אַ יידישע פֿרוי ענטפֿערן, אַז ער טוט אַ קלאַפּ אין שטענדער [קאָנפֿעסיאָנאַל]. אַמאָל פֿאַרהאַט אַ יידישע פֿרוי אַזאַ איינפֿאַכע פֿראַגע: ווען איז אייער נאָמען־טאָג [אימיעניִנעס]? די נייבאַקריסטלטע מאַריאַ צי סטעפֿאַ האָט נאָך נישט באַוויזן אַריינצוקוקן אין קאַלענדאַר נאָכצוקאָנטראָלירן, ווען עס איז איר נאָמען־טאָג.

חוץ פּאָליציי־אַגענטן זענען די שאַנטאַזשיסטן און „שמאַלצאָווניקעס“ די אייביקע זמאָרע פֿון די יידן אויף דער אַרישער זייט. עס איז בוכשטעבלעך נישטאָ קיין ייד „אויף דער אויבערפֿלאַך“ צי „אונטער דער ערד“, וואָס זאָל נישט האָבן געהאַט מיט זיי צו טאָן איינמאָל אָדער עטלעכע מאָל און זאָל זיך נישט מוזן פֿון זיי אויסקויפֿן מיט אַ גרעסערער אָדער קלענערער געלט־סומע. עס איז אַפֿילו אויף דער טעמע אַנטשטאַנען אַ וויץ: אַ ייד טרעפֿט אויף דער אַרישער זייט אַ באַקאַנטן ייד מיט אַ וואַליזקעלע אין האַנט. אויף דער שאלה פֿונעם ערשטן ייד: „ווו גייט איר? וואָס איז געשען?“ ענטפֿערט דער צווייטער: „גאָרנישט, דאָס איז נאָר אַ קליין שאַנטאַזשעלע“. דאָס „שמאַלצערייַ“ הייבט זיך אָן מיטן מאָמענט, ווען דער ייד גייט אַדורך דעם געטאָ־טויער אָדער בעסער געזאָגט — גע=

פינט זיך שוין ביים געטאָ־טויער, אַרום וועלכן עס שמאיען אַרום סטאַיעס „שמאַלצאָווניקעס". אין יעדן ייד, וואָס פאַרלאָזט דאָס געטאָ, זעט דער „שמאַלצאָווניק" פאַר זיך אַ ביסן. דער ייד אין דער טערמינילאָגיע פון די „שמאַלצאָווניקעס" איז אַ „קאַץ", וואָס גנבעט זיך אַדורך די שטאָט־גאַסן. די פרייוויליקע פּאָליציי־אַגענטן, די „שמאַלצאָווניקעס" לאָזן נישט אַראָפּ פונעם ייד קיין אויג, כדי אין פּאַסיקן מאָמענט, ווען דער ייד נעמט אַראָפּ דעם אָרעם־באַנד און גייט אַריין אין עפּעס אַ טויער, אים כאַפּן אויף דער הייסער מינוט און פאָדערן געהעריקע אויסקויף־געלט. דער מער געשיקטער „שמאַלצאָווניק" אָבסערווירט דעם נומער פון דער וווינונג און בשותפות מיט אַ פּאָליציאַנט פאַלט ער אָן אויפן ייד און זיינע קריסטלעכע גאַסטגעבער. די „שמאַלצאָווניקעס" אָפּערירן אומעטום דאָרטן, וווּ די יידן האָבן אַ קאָנטאַקט מיט דער אַרישער זייט, ובכן ביי אַלע מעטעס אַרום די מויערן, ביי די טויערן, אויף דער טראַסע פון די פּלאַצוווקעס, אויף די פּלאַצוווקעס א. א. וו., הקיצור: אומעטום, וווּ די יידן פּרווון „אַרויסרייסן זיך", ד. ה. אַוועקגיין פון דער פּלאַצוווקע און זיך לאָזן אין די וווינונגען פון דער אַרישער זייט. די „שמאַלצאָווניקעס" שלעפּן זיך אויף די גאַסן און פאַרהאַלטן אַלע, וואָס האָבן אַן אויסזען אַ נאָענטן צו אַ סעמיטישן. זיי באַזוכן די עפנטלעכע פּלעצער, בפרט דעם פּלאַץ ביים הויפּט־וואָקזאַל, קאַפע־הייזער, רעסטאָראַנען און אויך די האָטעלן, וווּ עס זענען געווען אינטערנירט די יידן אויסלענדישע בירגער, זוכנדיק יידן. די „שמאַלצאָווניקעס" אַרבעטן אין אָרגאַניזירטע שייקעס. דאָס אויסקויפן זיך ביי איינעם הייסט נאָך נישט, אַז אין אַ רגע שפּעטער וועט נישט אָנקומען קיין צווייטער, קיין דריטער א. א. וו., אַ גאַנצע קייט פון „שמאַלצאָווניקעס", וועלכע גיבן איבער דעם קרבן פון האַנט צו האַנט, ביז ער וועט פאַרלירן דעם לעצטן גראָשן. די „שמאַלצאָווניקעס" אַרבעטן מיט מיט די פּאָליציי־אַגענטן, מיט דער מונדירטער פּאָליציי, און בכלל מיט אַלעמען, וואָס לויערן אויף יידן. זיי זענען אַן אמתער היישעריק, וועלכער פאַלט אַהאָפּ אויף די יידן פון דער אַרישער זייט און די הונדערטער און אפשר טויזנטער און לאָזט זיי „אדם נאַקעט" צונעמענדיק דאָס געלט, צירונג און אָפט אויך דאָס גאַנצע האָב און גוטס. עס פּאַסירט אַמאָל, אַז אַ ‚שמאַלצאָווניק", ווי אַן אמתער גאַסן־באַנדיט, נעמט צו ביי זיין קרבן נישט בלויז דאָס געלט, נאָר אויך די זאַכן. דאָס גאַנצע גליק איז, וואָס דער „שמאַלצאָווניק" באַפרידיקט זיך דערהויפּט מיט אַ קליינעם רויב, געניוער — מיט וויפל איינער פאַרמאָגט. די „שמאַלצאָווניקעס" דאָס זענען ס'רוב דעמאָראַליזירטע יונגט ביז 20 יאָר, וועלכע האָט זיך, צוליב מאַנגל אין באַשעפטיקונג, גענומען צום געיעג אויף יידן. למען האמת דאַרף מען צוגעבן, אַז צווישן די „שמאַלצאָווניקעס" געפינען זיך א. ג. ערנווירדיקע. באַקומענדיק ביים יידישן קליענט „אויף בראָנפן" פירט אַזאַ „שמאַלצאָווניק" אָפּ זיין קרבן אַפילו אהיים און שיצט אים קעגן די אָנפאַלן פון זיינע קאָלעגן. צווישן די „שמאַלצאָווניקעס" געפינט

זיך אַפילו אַמאָל אויך אַ דזשענטעלמען. אַזאַ איז געווען דער הערשט פֿון די „שמאַלצאָווניקעס“ אויפֿן „פּאַריסאָווער פּלאַץ“ — „פּעלוש פֿון פּאַריסאָוו“. אַ געוויסע יונג מיידל, אַ טעטיקע אין דער [יידישער] קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז פֿאַרטשעפּעט געוואָרן דורך פּעלושן, זי האָט זיך מיט אים נישט געדונגען און אָן אַ וואָרט אים באַצאָלט די 1000 זל., וואָס ער האָט געפֿאָדערט. פּעלוש, אַ דערשטוינטער צוליב דער אויסערגעוויינלעכער האַנדלונג פֿון דעם יידישן מיידל, וועלכע האָט דורכגעפֿירט אויף דער אַרישער זייט פֿאַרשיידענע געפֿערלעכע שליחותן (אַריבערגעטראָגן געווער אין געטאָ אַריין וכדומה), האָט איר צוגעזאָגט אַ פֿרייען דורכגאַנג דורך „זיין ראַיאָן“. אין פֿאַל, ווען עמעצער וועט זי פֿאַרטשעפּען, האָט זי זיך געדאַרפֿט פֿאַררופֿן אויף אים.

די „שמאַלצאָווניקעס“ האָבן אַ גרויסן רעספּעקט פֿאַר דער “פּאַרטיי“[53], זיי ציטערן פֿאַר איר ווי פֿאַר פֿייער. זיך קען אַ פֿאַל, אַז אַ יידישע פֿרוי, וועלכע איז פֿאַרטשעפּעט געוואָרן דורך „שמאַלצאָווניקעס“, האָט נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג און זיי אַ דראָע געטאָן מיט נקמה מצד דער „פּאַרטיי“, וואָס האָט נאָך איר אַרויסגעשיקט אַ שמירה. כדי צו באַשטעטיקן דאָס אויבן געזאָגטע האָט זי אַ ווונק געטאָן צו אַ פֿאַרבייגייענדיקן מאַנצביל, און אַזוי אַרום האָט זי זיך אַרויסגעדרייט פֿון די „שמאַלצאָווניקעס“. עס פּאַסירט, אַז מענטשן באַדראָטע פֿון אַ מסירה מצד דעם הויז־וועכטער אָדער שכנים, ווענדן זיך באמת צו דער „פּאַרטיי“, וועלכע אינגערירט און פֿאַרזיכערט מיט איר אויטאָריטעט די רו פֿון דער יידישער משפּחה, לטובת וועלכער עס איז פֿאָרגעקומען די אינטערווענץ. עס איז קלאָר, אַז אַזעלכע פֿאַלן זענען גאָר זעלטענע.

דאָס „יידישע פֿערדל“ איז זייער באַקוועם פֿאַר די „שמאַלצאָווניקעס“ און שאַנטאַזשיסטן. גאַנץ אָפֿט באַנוצן זיך מיט אים שאַנטאַזשיסטן לגבי אַריער באַשולדיקטע דורך זיי אין אַ יידישן אָפּשטאַם. דער ציל פֿון זייער שאַנטאַזש זענען סרוב איינזאַמע פֿרויען, וועלכע קאָנען זיך נישט באַשיצן קעגן דער צודרינגלעכקייט און חוצפּה פֿון אָט די רויבער פֿון דער מלחמה־צייט. אין זומער 1943 האָט זיך אַזאַ שאַנטאַזש־ענין פֿאַרענדיקט, לויטן „נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי“, מיט אַ געריכט. צו צוויי איינזאַמע פֿרויען זענען געקומען שאַנטאַזשיסטן און אונטער דער דראָונג פֿון באַשולדיקן זיי אין יידישן אָפּשטאַם אויסגענאַרט ביי זיי 5000 זל. ווען זיי האָבן אין עטלעכע טעג אַרום פֿאַרלאַנגט 20 טויזנט זל. האָבן די פֿרויען אָנגעגעבן אין געריכט. די שאַנטאַזשיסטן האָט מען פֿאַרמשפּט אויף אַ יאָר תפֿיסה.

דעם יידישן מאָמענט נוצן אויס דייטשן, אַגענטן, די מונדירטע פּאָליציי א. א. וו. אינעם געיעג נאָך פּאָליטיש אַנגאַזשירטע מענטשן. עס איז גענוג אַ געשריי צו טאָן: אַ ייד אַנטלויפֿט! — און עס וועלן זיך

53 פֿאַר דער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

געפינען צווישן די פאַרבייגייער יוצר משרתים, וואָס וועלן איבערגעבן
דעם „יידישן פאַרברעכער" אין די הענט פון די פאָרשטייער פון דער
פיינטלעכער מאַכט, וואָס יאָגן זיך נאָך אים. נאָך אַלעמען דערווייסן זיך
די דורכגייער, אַז זיי זענען געפאַלן אַ קרבן פון אַ מיסטיפיקאַציע, אי־
בערגעבנדיק אַ קעמפער פון פוילן אין דעם שונאס הענט. אָט די כיט־
רע שטיק ווערן לעצטנס אָנגעווענדט אַזוי מאַסנהאַפטיק, אַז די אומ־
לעגאַלע פרעסע האָט געהאַלטן פאַר נייטיק אויפמערקזאם צו מאַכן אויף
דעם די גאַנצע געזעלשאַפט. די מאַסנהאַפטיקייט פון אַזעלכע פאַלן איז
דער בעסטער באַווייז פון דער אַקטיוויטעט פון דעם אַנטיסעמיטישן
ערב רב און פון דער צוצי־קראַפט פון די אַנטיסעמיטישע לאָזונגען אין
דער געזעלשאַפט. אַ נאָך מער סכנותפולע מכה פאַר יידן אויף דער אַרי־
שער זייט זענען די שייקעס שאַנטאַזשיסטן. דער אונטערשייד צווישן די
„שמאַלצאָווניקעס" און שאַנטאַזשיסטן באַשטייט אין דעם, וואָס דער
געביט פון דער טעטיקייט פון די „שמאַלצאָווניקעס" איז די גאַס, דאַ־
קעגן פון די שאַנטאַזשיסטן — די וווינונג. דורך אָבסערוואַציע אין גאַס,
אין קאַפע־הויז, דורך דער מיטאַרבעט מיט די „שמאַלצאָווניקעס" גע־
פינען אויס די שאַנטאַזשיסטן זייערע קרבנות, וועלכע זיי באַזוכן אין
דער היים צוזאַמען מיט אַגענטן און מונדירטער פאָליציי. אויב די
„שמאַלצאָווניקעס" זענען וועספעס, וואָס גריזשען זייערע קרבנות, זענען
די שאַנטאַזשיסטן סעמפן, וואָס פרעסן אויף די קרבנות. די פאָדערונגען
פון דעם שפיצל־פאָליציייש־שאַנטאַזש־שותפות זענען זייער הויכע און
דערגרייכן וויניקסטן ביז טויזנטער זלאָטעס, און עפטער ביז צענדליקער
טויזנטער. עס איז באַקאַנט אַ פאַל, אַז 16 יידן, וועלכע מען האָט גע־
כאַפט אין אַ הינטערשטאָטישער ווילע, האָבן באַצאָלט אַ האַלבן מיל־
יאָן זלאָטעס. נאָר גרויסע עושרים קאָנען זיך דערלויבן אויסצוקויפן זיך
ביי די שאַנטאַזשיסטן, סרוב בלייבט דער איינציקער וועג — אַנטלויפן
און איבערלאָזן אַלע זאַכן די באַלעבאַטים, וועלכע קאָאָפערירן בדרך
כלל מיט די שאַנטאַזשיסטן. כל זמן עס האָט עקזיסטירט האָס געטאָ,
האָט מען באַמערקט אַ מאַסן־צוריקקום פון קרבנות פון די שאַנטאַ־
זשיסטן אינעם יידישן ראַיאָן אַריין. זיי זענען געקומען צוריק גייסטיק
איינגעבראָכענע, באַרויבטע פון האָב און גוטס און פון געלט, מיט אַ
קללה אויף די ליפן אויפן אַדרעס פון דער אַרישער זייט, וועלכע האָט
ביי זיי צוגענומען די לעצטע רעטונגס־ברעט. די צוריקגעקומענע האָבן
געקושט די ערד פון געטאָ, געבענטשט יעדן טאָג, וואָס זיי האָבן אויף
איר פאַרבראַכט, און געטענהעט, אַז דאָ קאָנען זיי אָפרוען, אַז דאָ וועלן
זיי נישט מוזן אונטערהערן, צי עס קומט נישט אָן די פאָליציי, צי עס
פאַרפאָרט נישט די „בויד" מיט זשאַנדאַרמעריע. געוויסע מענטשן זע־
נען געקומען צוריק אין געטאָ אַריין אפילו נישט צוליב שאַנטאַזש, נאָר
פון בלויזן פחד פאַר דעם געשפענסט, וואָס האָט פאַרטריבן די יידן
אויף דער אַרישער זייט דעם שלאָף פון די אויגן און אָנגעוואָרפן אויף

זיי אַ שרעקלעכע מורא. געוויסע מענטשן זענען צוריקגעקומען אין געטאָ אויף אורלויב, כדי אויסצורוען די צעשרויפטע נערוון, וועלכע האָבן מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן די כסדרדיקע געשפּאַנטקייט. נאָך אַ קורצער צייט, ווען די נערוון האָבן אויסגערוט און עס איז געקומען צוריק האָס גייסטיקע גלייכגעוויכט, האָט מען אַנאַליזירט די לאַגע און מען איז גע־קומען צום פּאַראַדאָקסאַלן אויספיר, אַז פאַר דעם ייד איז נישטאָ קיין רעטונג און עס איז פאַראַן נאָר איין מעגלעכקייט — אויסצוקלייבן דעם מין און אָרט פון טויט. עס זענען געווען פיר אַזעלכע מינים: 1) טויט אין אַ געטאָ־בונקער, 2) טויט אויף דער אַרישער זייט, 3) טויט אין די אַרבעטס־לאַגערן פון ס. ס. אין טראַוונִיק אָדער פּאָניאַטאָוו, און 4) טויט אינעם אינטערניר־לאַגער וויטעל (עלזאַס). געוויסע מענטשן, אַנטוישטע אין דער אַרישער זייט, נישט־האָבנדיק נישט קיין כח, נישט קיין געלט אויף גיין צוריק, זענען פרייוויליק אַוועק אין די ס. ס.־לאַגערן, וואָס עס האָבן געשאַפן טעבענס און שולץ[54]. אַ הייפל אויסדערוויילטע, וואָס האָבן געהאַט אין זייער רשות באַדייטנדיקע סומעס, האָבן געזוכט אַ וועג קיין וויטעל אַלס אויסלענדישע בירגער[55]. געוויסע מענטשן, קו־מענדיק צו זיך נאָכן [ערשטן] פּחד, האָבן זיך אָבער אַרומגעזען, אַז אויף דער אַרישער זייט האָבן די יידן גרעסערע פּערספּעקטיוון איבער־צולעבן די מלחמה איידער אין דעם אויף אומקום פאַרמשפּטן געטאָ. אַזעלכע וואָגלעניש אַהין און קריק האָבן פון דעמאָלט אָן געדויערט אָן איבעררייס. מען איז אין די טויזנטער געגאַנגען אויף „יענער" זייט, מען איז אָבער אין די טויזנטער געקומען צוריק אין געטאָ צוליב מורא פאַר די שאַנטאַזשיסטן. די שאַנטאַזשיסטן האָבן ראַפינירטע טעטיקייט־מע־טאָדן, אייגנאַרטיקע אופנים אַרייַנצוכאַפּן די יידן אין נעץ. איינער פון זיי איז געבן באַקאַנטמאַכונגען אין דער פּרעסע וועגן פרייע צימערן. ווען עס שטעלט זיך אין רעזולטאַט פון דעם אַנאָנס אַ יידישע משפּחה, קומען אָן די אַנדערע מיטגלידער פון דער באַנדע און זיי צווינגען די יידן דורך דראָען מיט מסירה צום אַנטלויפן, נאַטירלעך נאָכן באַצאָלן אַ גרויסע סומע און נאָכן איבערלאָזן אַלע זאַכן. נאָכדעם ווי די יידן מאַכן פּיס, גיט מען אַ פרישע באַקאַנטמאַכונג און אַזוי ווייטער אָן אַן עק.

די שאַנטאַזשיסטן, „שמאַלצאָווניקעס", אַגענטן, פּאָליציי און כלער־ליי אויסוואורפן האָבן געבושעוועט און בושעווען הפקרדיק אין די גאַסן פון וואַרשע. זייער ווערק איז דער מאָרד פון טויזנטער יידן, וואָס ווערן נאָכן כאַפּן פאַרמשפּט דורך דער געסטאַפּאָ צום טויט. און פונדעסטוועגן געשעט זיי גאָרנישט. זיי ווייסן, אַז אין באַצוג צו יידן הערשט אַ פול־

---

54 צוויי דייטשישע פאַבריקאַנטן אין געטאָ, אייגנטימער פון שאָפּן.

55 אין דעם לאַגער וויטעל (פראַנקרייך) איז אָנגעקומען אַ קליינער טייל פון די יידן, וואָס האָבן אַלס „אויסלענדער" זיך רעגיסטרירט אין יוני 1943 אין „האָטעל פּאָלסקי" אין וואַרשע.

שטענדיקע הפקרות, אַז קיינער וועט זיך פאַר זיי נישט אָננעמען. די יידישע פאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס פאָדערן אָן אויפהער צו באַקעמפן די „שמאַלצאָווניקעס“ און שאַנטאַזשן. די פוילישע אונטערערד[56] האָט אָבער ביז אַצינד גאָרנישט געטאָן כדי צו ראַטעווען דאָס הייפל פוילישע יידן אויף דער אַרישער זייט. דער פאָרשטייער פון דער פוילישער רעגירונג אין לאַנד האָט טאַקע אַרויסגעגעבן — הגם זייער אַ פאַרשפעטיקטע — וואָרענונג, אַז דאָס שאַנטאַזשירן יידן איז אַ פאַרברעכן, וועלכן די רעגירונג וועט באַשטראָפן איצט און נאָך דער מלחמה. נאָך די ווערטער זענען קיין מעשים נישט געקומען. נישט געקוקט, וואָס מען האָט אָנגעהייבן קעגן די מוסרים און שפיצלעס אַן ענערגישע ליקווידיר-אַקציע, האָט מען אויפן אָפשניט פון באַקעמפן די שאַנטאַזשן כלפי יידן קנאַפ וואָס אויפגעטאָן. אָט די אַבסאָלוטע שטראָפלאָזיקייט פון די שאַנטאַזשיסטן און „שמאַלצאָווניקעס“ האָט זייער ווי געטאָן און טוט ווי דעם הייפל יידן, ווייל זיי זעען אין דעם א בפירושן סימן, אַז קיינעם גייט נישט אָן דאָס ראַטעווען די פוילישע יידן.

דעם פאַרייניקטן אַנטייידישן פראָנט פון די אַגענטן, פאָליציי, שאַנטאַזשיסטן און „שמאַלצאָווניקעס“ העלפט זייער שטאַרק די אַנטיסעמיטישע פראָפאַגאַנדע, וועלכע שאַפט די אידעאָלאָגישע באַזע פאַר די נידערטרעכטיקע מעשים פון די פאַרייניקטע אויסוואורפן. די אַנטיסעמיטישע פראָפאַגאַנדע, וועלכע מיר רעדן אַרום אין אַ צווייטן אָרט, גרייט מאַטעריאַל פאַר דער דאָזיקער באַנדע, פאַרקלענערנדיק אין די אויגן פון דער פוילישער באַפעלקערונג די פאַרברעכערישקייט פון דעם אַרויסגעבן יידן אין די הענט פון די דייטשן. און וואָס שייך דעם פראָפאַגאַנדע-מאַטעריאַל גייט עס איצט שלעכט די אַנטיסעמיטן. עס פעלט זיי דער פרעם פאַר זייער פראָהיטלערישער אַנטייידישער פראָפאַגאַנדע. אין פוילן איז שוין כמעט קיין יידן נישטאָ, און די וואָס זענען געבליבן זענען פאַרמאַכט אין די ס. ס.-לאַגערן אָדער באַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט. איצט איז שווער פאָרצוואַרפן די יידן, אַז זיי קויפן אויס שפייז, אַז זיי זענען שולדיק אין דעם יקרות, אַז זיי נעמען צו די פאָלאַקן דאָס ברויט, אַז זיי האָבן פאַרכאַפט אַלע שטעלעס א. ד. גל. אָבער די פוילישע אַנטיסעמיטן וואָלטן פאָרט געוואָלט העלפן דער געסטאַפאָ אין אויסגעפינען די יידן, זיי וואָלטן געוואָלט אויספירן היטלערס פראָגראַם אין 100%! דעריבער זוכן זיי אַרגומענטן קעגן די יידן. זיי בלאָזן דעריבער פאַנאַנדער און טראַכטן אויס פאַרשיידענע מעשיות וועגן יידישע פאַרטיזאַנער, וואָס באַרויבן פוילישע פויערים און לאָזן זיי „אָדם נאַקעט“. נישט געקוקט אויפן זייער שוואַכן אָנטייל פון די יידן אין דער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג[57], לייגן זיי אויף

---

56 די רעכטע דעלעגאַטור און א.ק.-אָנפירונג.

57 אין דער הינזיכט איז זיך רענגעלבלום טועה געווען, וואָרעם שוין זינט האַרבסט 1942 און אין משך פון 1943 איז די צאָל יידישע פאַרטיזאַנער אין

זיי אַרויף אַלע חטאים פון די פוילישע פאַרטיזאַנער. זיי פאַרשפּרייטן לעגענדעס, אַז די יידן, וואָס ווערן געכאַפּט דורך די דייטשן, פאַרראַטן זייערע אַרישע באַלעבאַטים, טענהענדיק, אַז יענע האָבן כלומרשט געוווסט וועגן דעם יידישן אָפּשטאַם פון זייערע סובלאָקאַטאָרן. די און ענלעכע קלאַנגען ווערן אָן אויפהער פאַרשפּרייט דורך אַ געהיימער האַנט.

אין רעזולטאַט ווערט די לאַגע פון די יידן „אויפן אויבערפלאַך" און „אונטער דער ערד" אויף דער אַרישער זייט פון טאָג צו טאָג ערגער. די צאָל יידן, וואָס ווערט אָן רחמנות דערשאָסן, האַלט זיך אין איין פאַרגרעסערן. ווי צו דעם ייד, וועמען עס האָט זיך „פאַרברענט" די וווינונג. אַפילו פאַר געלט איז שווער צו געפינען אַן אַריער, וואָס וואָלט חשק געהאַט צו באַהאַלטן ביי זיך אַ ייד, וועלכע האָט פאַרלאָרן די וווינונג; ער וועט נישט געפינען אין ערגעץ קיין מקום מקלט, אַפילו אויף אַ טאָג אָדער צוויי. ער מוז זיך באַהאַלטן אין חורבות, אויפן פעלד, איינשטעלנדיק דאָס לעבן, ביז ער וועט געפינען אַ וווינונג, וועלכע ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ טייערער. אין יאַנואַר ה. י. [1943] האָט מען געקאָנט קריגן א דירה מיט אויסהאַלטונג פאַר 100 זל. אַ טאָג פאַר אַ פערזאָן. איצט פאָדערט מען 200 זל. און מער. דאָס שטריקל אויפן האַלדז פון די לעצטע וואַרשעווער יידן ווערט אַלץ מער ענגער, און פון ערגעץ זעט מען נישט קיין הילף. אין אויגוסט ד. י. האָבן די [פוילישע] פאַטריאָטישע אָרגאַניזאַציעס אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, אין וועלכער עס ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז די דייטשן באַמיען זיך אַריבערצוװאַרפן אויף דער פוילישער באַפעלקערונג די מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן מאָרד איבערן יידישן פאָלק אין פוילן. פאַררופנדיק זיך אויף אַ פריערדיקן אויפרוף פון דעם פאַרטרעטער פון דער פוילישער רעגירונג אין לאַנד, אַפּעלירט דער אויפרוף צו די פּאָלאַקן, זיי זאָלן אַקטיוו שטיצן די יידן. די דאָזיקע אויפרופן דערגרייכן אָבער נישט צום ברייטן כלל און רופן נישט אַרויס קיין געהעריקן ווידערקול, און דאָס צוליב די סיבות, וועלכע מיר וועלן באַהאַנדלען אין אן אנטשפּרעכיקן קאַפּיטל.

די פוילישע פּאָליציי, וועלכע מען האָט פּאָפּולער גערופן גראַנאַטאָווע אָדער מונדירטע, כדי אויסצומיידן די באַצייכענונג „פוילישע", האָט אָפּגעשפּילט אַ טרויעריקע ראָל אין דער אַקציע פון אויסראָטן די יידן אין פוילן. די מונדירטע פּאָליציי איז געווען אַ פרומע אויספירערין פון אַלע דייטשישע פאַראָרדענונגען לגבי די יידן. די קאָמפּעטענצן פון דער מונדירטער פּאָליציי אינעם געביט פון צוזאַמענאַרבעט מיט די דייטשן לגבי יידן זענען אָט אַזעלכע:

1) היטן די אַרויסגאַנג־טויערן פון געטאָ און די פּלייטן, וואָס רינגלען אַרום די געטאָ אָדער יידישע ראַיאָנען;

---

פוילן געווען גרויס. די סיבות, וואָס האָבן געשטערט די יידן איינצוגלידערן זיך אין דער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין פוילן, באַהאַנדלט רינגעלבלום ווייטער אין דער דאָזיקער אַרבעט.

2) אָנטייל אין די אויסזידלונגס־אַקציעס אַלס באַפֿוגעס, קאָנוואָיענטן וכדומה;

3) אָנטייל אין כאַפּן יידן, וואָס באַהאַלטן זיך אויס נאָך די אויס־זידלונגס־אַקציעס;

4) דערשיסן יידן פֿאַרמשפּטע דורך די דייטשן צום טויט.

אין וואַרשע און אין אַ ריי אַנדערע שטעט האָט די פּוילישע פּאָליציי באַוואַכט די אַרויסגאַנג־טויערן פֿונעם ערשטן מאָמענט ווי דאָס געטאָ איז אַנטשטאַנען. אין דער תקופה נאָך דער ערשטער גירוש־אַקציע איז די פּוילישע פּאָליציי געווען פֿאַנאַנדערגעשטעלט אַרום די געטאָ־טויערן; אגב האָבן די פּאַטראָלן פֿון דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריע קאָנטראָ־לירט איר טעטיקייט און געהיט, אַז די פּאָליציי זאָל נישט פֿאַרנאַכלעסיקן אירע פֿליכטן און נישט דורכלאָזן קיין שמוגל אין יידישן ראַיאָן. די גראַ־נאַטאָווע פּאָליציי האָט זיך באַצויגן צו די יידן, וואָס פֿלעגן דורכגיין די אַרויסגאַנג־טויערן, מיט אַ בפֿירושן אומווילן, זיי טראַקטירט ברוטאַל, כדי נושא חן צו זיין אין די אויגן פֿון די דייטשישע אָבסערוואַטאָרן. פֿאַרן פּרייז פֿון אַ פֿעטן כאַבאַר האָט אָבער די פּוילישע פּאָליציי זיך געלאָזט איבערקויפֿן און גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם שמוגל סיי ביי די אַרויסגאַנג־טויערן, סיי ביי די מויערן און פּאַרקנס. דעם גרעסטן טייל פֿון דעם שוחד פֿאַרן שמוגל האָט איינגעשלונגען די פּוילישע פּאָליציי, צו־גענעמענדיק קרוב 60% פֿון דער אַלגעמיינער „פּוליע".

די פּוילישע פּאָליציי האָט אָפּגעשפּילט אַ טרויעריקע ראָל אין די אויסזידלונגס־אַקציעס. אויף איר קאָפּ פֿאַלט דאָס בלוט פֿון טויזנטער פּוילישע יידן געכאַפּטע ביי איר מיטהילף און אַריינגעטריבענע אין די „טויט־וואַגאָנען". די טאַקטיק פֿון די דייטשן איז בדרך כלל געווען אַ פֿאָלגנדיקע: בעת דער ערשטער גירוש־אַקציע האָט מען זיך באַנוצט מיט דער יידישער אָרדנונגס־דינסט, וועלכע איז אין עטישן הינזיכט נישט גע־שטאַנען העכער פֿון אירע פּוילישע קאָלעגן. בעת די ווייטערדיקע „אַק־ציעס", ווען מען האָט ליקווידירט אויך די יידישע אָרדנונגס־דינסט, האָט מען גענומען צו הילף די פּוילישע פּאָליציי. אַזוי איז למשל געווען אין ביאַלע פּאָדלאַסק, וווּ די פּוילישע פּאָליציי האָט געפֿירט די ליקווידיר־אַקציע פֿון די יידן אין אָקטאָבער 1942. איך האָב געהערט פֿון אן עד ראיה פֿון אָט דער „אַקציע", אַז אינעם הויז, וווּ דער דאָזיקער מענטש איז געווען, האָבן די אָרטיקע פּייערלעשער צוזאַמען מיט דער פּוילישער פּאָליציי אַנטדעקט 60 יידן, בתוכם די פֿרוי, וואָס האָט עס מיר איבערגע־געבן. די פּוילישע פּאָליציי איז זיך זייער שלעכט באַגאַנגען מיט די גע־כאַפּטע יידן. מען האָט זיי געשלאָגן און געממיתט אָן רחמנות און אלצ־דינג צוגערויבט. די געכאַפּטע האָט די פּוילישע פּאָליציי איבערגעגעבן אין די הענט פֿון די דייטשן, וועלכע האָבן זיי דערשאָסן אויפֿן אָרט. דאָס מאָל האָט מען, אַדאַנק אַ גרויסן כאַבאַר, נישט דערשאָסן די געכאַפּטע,

נאָר זיי געשיקט קיין מעזריטש פּאָדלאַסק, ווו מען האָט קאָנצענטרירט די רעשטלעך פון די יידן פון ביאַלע פּאָדלאַסק. אין טשענסטעכאָוו האָט די פּוילישע פּאָליציי איניינעם מיט אוקראַינער געהיט בעת דער „אויסזידלונגס־אַקציע“ אַלע אַרויסגענג, עסקאָרטירט די אויסגעזידלטע צום וואָקזאַל, און נאָך דער „אַקציע“ געכאַפּט יידן, זיי אַנטדעקט און אויב זיי האָבן נישט געגעבן קיין כאַבאַר, אויסגעגעבן אין די הענט פון די דײַטשן.

אין לובלין האָט די פּוילישע פּאָליציי גענומען אַ טעטיקן אָנטייל אין דער „אויסזידלונגס־אַקציע“. די פּאָליציאַנטן האָבן שפּיאָנירט און געכאַפּט יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זײַט. זיי האָבן זייער ענערגיש אויסגעראָטן די יידן, פאַרהאַלטן אויף די גאַסן דורכגייער פאַרדעכטיקטע אין יידישן אָפּשטאַם און זיי געפירט אין די פּוילישע קאָמיסאַריאַטן.

אין לוקאָוו האָט די פּוילישע פּאָליציי רעווידירט בעת דער „אויסזידלונגס־אַקציע“ די יידישע וווינונגען און צוגענומען די אויסבאַהאַלטענע. דאָס זעלבע איז געשען אין אַנדערע ערטער. אומעטום האָט די פּוילישע פּאָליציי גענומען זייער אַ טעטיקן אָנטייל אין די „אויסזידלונגס־אַקציעס“. און עס איז געווען א כלל, אַז נאָך די ליקווידיר־אַקציעס האָט זי געזוכט יידן אין די באַזונדערע ערטער. אָן דעם אָרטיקן עלעמענט וואָלט די דײַטשן שווער געווען צו זוכן די אויסבאַהאַלטענע יידן. מען האָט געדאַרפט זוכן אין בוידעמער, קעלערס, שאַפעס, שטעלער א. א. וו., און צו דעם האָט געטויגט די פּאָליציי, וועלכע האָט געקאָנט דעם געביט, דעם אופן פון דעם דירות־בוי א. א. וו. די קאָנטראָל־אַקציע האָט געדויערט במשך גאַנצענע וואָכן, און טיילמאָל חדשים, און איר רעזולטאַט איז געווען דאָס אויסגעפינען אַלץ גרעסערע צאָלן יידן. עס האָבן דערין געהאָלפן — ווי איך האָב שוין דערמאָנט אין אַן אַנדער אָרט — די שטראָפן פאַר באַהאַלטן יידן און די באַלוינונג פאַר אַרויסגעבן זיי. עס איז שווער צו באַרעכענען די צאָל יידישע קרבנות, וואָס זענען געפאַלן פון די הענט פון דער פּוילישער פּאָליציי, דאָס זענען יעדנפאַלס געווען צענדליקער טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון די הענט פון די דײַטשישע תלינים.

וואָס שייך דעם אויספירן דורך דער פּוילישער פּאָליציי טויט־שטראָפן איבער יידן, איז אונדז באַקאַנט א קאָנקרעטער פאַל פון ווינטער־צײַט 1941 — 1942. עטלעכע צוואַנציק פערזאָן, כמעט אויסשליסלעך פרויען און א 10־יעריק קינד, זענען באַשולדיקט געוואָרן אין אַריבערגיין אומלעגאַל די גרענעץ פון וואַרשעווער געטאָ; די פּוילישע פּאָליציי האָט זיי דערשאָסן אויפן הויף פונעם צענטראַלן [געטאָ־]אַרעסט אויף גענשע־גאַס. מיר ווייסן נישט, צי דער פאַקט איז געווען א פאַראייִנצלטער אין וואַרשע, צי עס האָט אויך אַזוינס פּאַסירט אויף דער פּראָווינץ. וועגן דעם

באַדייטנדיקן אָנטייל פון דער פוילישער פּאָליציי אין שאַנטאַזשירן ייִדן איז שוין געווען אַ רייד פריער.

באַנאַנד מיט דער פוילישער פּאָליציי האָבן אין די „אויסזידלונגס־אַקציעס“ אויף דער פּראָווינץ גענומען אַ טעטיקן אָנטייל די פייערלעשער, וועלכע האָט בלאָקירט ייִדישע הייזער, נאָכגעשפּירט די אויסבאַהאַלטענע אויף בוידעמס, אין קעלערס א. א. וו. קאָנקרעט איז אונדז באַוווסט וועגן אָנטייל פון די פייערלעשער אין די ליקווידיר־אַקציעס אין קאַלושין, ביאַלע פּאָדלאַסק. למען האמת דאַרף מען זאָגן, אַז די פייערלעשער האָבן אין וואַרשע געראַטעוועט אַביסל ייִדן בעת דעם א. ג. קעסל אויף ניסקע־גאַס, זיי באַהאַלטן אין די פייערלעשער־וועגענער און אַרויסגעפירט פונעם באַדראָטן שטח.

דאָס אויסבאַהאַלטן ייִדן אויף דער פּראָווינץ טרעפט אָן אויף גרויסע שוועריקייטן, ווייל אין די קליינע שטעטלעך, און בפרט אין האָרף, קענען זיך אַלע, און אַ פרעמדער רופט אַרויס אַן אַלגעמיינע פאַראינטערעסירונג. די דייטשן האָבן געוווסט, אַז נאָך איטלעכער „אויסזידלונגס־אַקציע“ אויף דער פּראָווינץ, באַהאַלט זיך אויס אַ טייל ייִדן ביי קריסטלעכע שכנים אָדער אין דער נאָענטסטער געגנט. כדי „אויסצורייניקן“ די געגנט פון ייִדן האָבן די דייטשן אָנגעווענדט צוויי מעטאָדן: אַ מעטאָד פון באַלוינונגען און אַ מעטאָד פון דראָונגען. מען האָט באַשטימט פאַר אַ קאָפּ פון אַ געכאַפּטן ייִד באַלוינונגען פון געלט און אין נאַטור, דערביי האָבן צו די כאַפּונעס געהערט אויך דאָס אָנטאָן און די זאכן פון די געכאַפּטע. אין מערב־קליינפוילן [מערב־גאַליציע], למשל אין באָרעק פאַלענצקי, וויעליטשקע, באָכניע און סוואָשאָוויץ האָט מען פאַר אַ קאָפּ פון אַ ייִד געגעבן צו 500 זל. און 1 קילאָ צוקער. דער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער „אַקציע“ איז געווען זייער גינסטיק פאַר די דייטשן. די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט אַרויסגעגעבן די ייִדן אין די הענט פון די דייטשן, וועלכע האָבן אַזעלכע „באַנדיטן“ דערשאָסן אָן שום קווענקל. אין וואָלין האָט מען פאַר יעדן אויסגעגעבענעם ייִד געגעבן הריי ליטער בראָנפן. בראָנפן ווי אַ שכר פאַר אויסגעבן ייִדן חזרט זיך איבער אויך אין אַנדערע געגנטן פון לאַנד. חוץ באַלוינונגען האָבן די דייטשן באַשטימט אַ סיסטעם פון שטראָפן פאַר אויסבאַהאַלטן ייִדן. די פאַראָרדענונגען וועגן טויט־שטראָף פאַר אַזאַ מין „פאַרברעכן“ האָבן זיך באַוויזן יעדעס מאָל נאָכן צוטרעטן צו דער ליקווידיר־אַקציע אין געגעבענעם אָרט. די דראָונגען און באַלוינונגען האָבן אָבער נישט שטענדיק געהאַט אַ פּעולה. די ייִדן פון די קליינע שטעטלעך זענען דורותלאַנג געווען פאַרבונדן מיט דער (אָרטיקער) קריסטלעכער באַפעלקערונג און האָבן געפונען אַ מקום מקלט ביי פוילישע שכנים, פריינד און באַקאַנטע, מיט וועלכע זיי האָבן זיך געקאָנט און געחברט אין משך פון יאָרן, און אַפילו במשך גאַנצע דורות. אַזאַ פויער צי שטאָט־תושב האָט אַריינגענומען דעם ייִדישן פליט אין אַ באַהעלטעניש, אָבער די צייט פון אויסבאַהאַלטן אַ ייִד איז געווען אָפּהענגיק

פון צוויי פאקטאָרן: פונעם דייטשישן טעראָר און פון דער ארומיקער אַט=
מאָספער. דאָרטן, ווו די באַפעלקערונג איז פאַר דער מלחמה געווען אָנ=
געשטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם, האָט דאָס אויסבאַהאַלטן יידן אָנגעטראָפן
אויף גרויסע שוועריקייטן, מען האָט מורא געהאַט מער פאַר מסירות
מצד די אַנטיסעמיטישע שכנים ווי פאַרן דייטשישן טעראָר. און דער טע=
ראָר האָט זיך פאַרשטאַרקט פון טאָג צו טאָג. מען האָט גאַנצע געגנטן
גרינטלעך „אויסגעריי̆ניקט“ פון די דאָרטן אויסבאַהאַלטענע יידן, מען
האָט דורכגעפירט מאַסן=רעוויזיעס און מען האָט באַשטראָפט די באַלע=
באַטים, וואָס האָבן אויסבאַהאַלטן יידן. די לעצטע האָט מען דערשאָסן
אָן שום קווענקל. אין קעלצער געגנט, וועלכע איז געווען באַקאַנט פון איר
זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם און פון די אַנטיסעמיטישע עקסצעסן, האָט
די אָרטיקע באַפעלקערונג מאַסנווייז אויסגעגעבן די יידן, וואָס האָבן
זיך דאָרטן אויסבאַהאַלטן. אין משענסטעכאָוו און אומגעגנט האָט זיך
נאָך דער „אויסזידלונגס=אַקציע“ באַהאַלטן אַביסל יידן, צאָלנדיק צו 50
זל. און מער פאַר א נאַכטלעגער אין אַ שייער, בית הכסא א. א. וו. צוליב
דער פייגטלעכער באַציונג פון אָט דעם באַסטיאָן פונעם פוילישן אַנטי=
סעמיטיזם צו יידן, האָט די פוילישע באַפעלקערונג געכאַפּט די דאָרטן
באַהאַלטענע יידן. משענסטעכאָוו, אַ שטאָט ווו עס איז בעת דער מלחמה
געווען 40 טויזנט יידן, איז היינט — ווערליק דער אינפאָרמאַציע פון אַ
קענער פון דעם געביט — פריי פון יידן. אין לוקאָוו האָבן יידן, נאָך דער
„אויסזידלונגס=אַקציע“, זיך באַהאַלטן במשך א געוויסער צייט אין די
אַרומיקע וועלדער. עס האָט דאָרטן אָפט פאַסירט, אַז די פוילישע קינדער,
וואָס האָבן זיך דאָרט געשפּילט, אויסגעלערנטע פון קליינווייז אָן פיינט
צו האָבן יידן, האָבן אויפגעדעקט אַזעלכע גרופּן און מודיע געווען וועגן דעם
די אָרטיקע מאַכט, וועלכע האָט פון איר זייט אויסגעגעבן די יידן אויף
טויט אין די הענט פון די דייטשן. אין הרוביעשאָווער געגנט האָבן איבער
צען יידישע משפחות, וואָס האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון פאַרשיידענע
„אויסזידלונגס = אַקציעס“, געפונען א באַהעלטעניש אין די דאָרטיקע
שטיין=האַקערייען. זיי האָבן איינגעקויפט שפּיין ביי דער דאָרפישער באַ=
פעלקערונג, וועלכע האָט טאָלערירט דעם פאַקט, וואָס די יידן האָבן זיך
אויסבאַהאַלטן. אויך די דאָרפישע וואַך האָט וועגן דעם געוווסט. איינער
פון די דאָזיקע יידן, וועלכן עס האָט פאַרראַטן א פויער, זאָל האָבן אָנגע=
געבן בעת דער אויספאָרשונג, אַז יענער פויער פאַרמאָגט א ראַדיאָ, און
פאַר דעם האָט מען אים אַריינגעזעצט אין קאָזע. אַלס נקמה פאַר דעם
פאַרראַט האָט די דאָרפישע וואַך אַרויסגערופן די פוילישע פּאָליציי, וועל=
כע האָט אַרעסטירט די יידן און קודם כל צוגערויבט ביי זיי די זאכן און
צירונג. אין די גרעסערע פּראָווינץ=שטעט באַהאַלט זיך אוים אביסל יידן.
אין קראָקע איז פאַראַן אַ נישטקשהדיקע צאָל אויסבאַהאַלטענע יידן, נישט
געקוקט דערויף, וואָס דאָרטן איז פאַראַן א גרויסע צאָל שפּיצלעס און
מוסרים, וועלכע שפּירן נאָך די יידן אומברחמנותדיק. אין קליינפוילן

[גאַליציע] זענען די פּויליש־יידישע באַציונגען פון אַלטע צייטן זייער גוטע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געהאַט אַ השפעה אויף דער אַקציע צו ראַטעווען די קראָקעווער יידן.

עס איז דאָ כדאי צוצוגעבן, אַז אַ שפּאָר ביסל יידן פון די גרעסערע פּראָווינץ־שטעט (פון לוואָוו, קראָקע, גראָדנע און אַנדערע) באַהאַלט זיך אויס זינט אַ יאָר און אפשר לענגער אויף דער אַרישער זייט אין וואַרשע.

## 8. יידישע קינדער אויף דער אַרישער זייט

די קינדער באַהאַלטן אויס דעם סוד פון זייער אָפּשטאַם. אַ פּאַראַט צוליב דעם פערד־טראַמוויי. די עפּאָפּייע פון די קינדער־שמוגלער אויף דער אַרישער זייט. די דעציזירנדיקע פאַקטאָרן טראַכטן ווייניק וועגן די יידישע קינדער. אַ דיסקוסיע וועגן די קלויסטערס.

יידישע משפּחות זענען זעלטן געגאַנגען צוזאַמען אויף דער אַרישער זייט. צוערשט זענען אַוועק די קינדער, די עלטערן זענען פאַרבליבן אין געטאָ, כדי צו מאָביליזירן די פאָנדן, וואָס זענען נויטיק געווען פאַרן „איינאָרדענען זיך" אויף דער אַרישער זייט. זייער אָפט האָבן די עלטערן רעזיגנירט פון אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין געלט איינצואָרדענען די גאַנצע משפּחה. די קאָסטן פון אויסהאַלטן קינדער זומער־צייט 1942, ווען עס איז געווען דער הויכפּונקט פון איבערשיקן קינדער אויף דער אַרישער זייט, זענען געווען זייער גרויס און האָט באַטראָפן אַרום 100 זל. אַ טאָג. מען האָט פאַרלאַנגט פאַר אַ האַלב יאָר און פאַר אַ יאָר פאָרויס צוליב דער מורא, אַז בינו לבינו וועט מען די עלטערן צונעמען. כדי איינצואָרדענען אַ קינד אויף דער אַרישער זייט איז דעריבער נייטיק געווען אַ סכום פון עטלעכע צענדליק טויזנט זל., און אויף דעם האָבן זיך געקאָנט דערלויבן נאָר זייער פאַרמעגלעכע מענטשן. אומפאַרמעגלעכע עלטערן, און בפרט די אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ, האָבן געמוזט מיט ווייטאָג אין האַרצן קוקן אויף זייערע קינדער, די ערשטע קרבנות פון די פאַרשידענע סעלעקציעס און אַקציעס. נישט אַלע יידישע עלטערן האָבן געוואָלט אָפּגעבן זייערע קינדער אויף דער אַרישער זייט. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געטראַכט, צי עס איז כדאי, אַז די קינדער, בפרט די יינגסטע, זאָלן בלייבן לעבן, בעת עס איז נישט באַוווסט, וואָס עס וועט ווערן מיט די עלטערן אין דער צייט פון דער נאָענטסטער סעלעקציע. געוויסע עלטערן האָבן געהאַלטן, אַז אַ קינד אָן דער עלטערנס השגחה וועט פאַרוועלקן ווי אַ בלום אָן זון. געווען קינדער, וואָס האָבן זיך שאַרף קעגנגעשטעלט זייער איינאָרדענונג אויף דער אַרישער זייט. זיי האָבן נישט געוואָלט אַליין גיין אויף דער „צווייטער זייט". זיי האָבן ליבערשט געוואָלט אומקומען צוזאַמען מיט די עלטערן. מיין אייגענעם זון האָב איך געמוזט לאַנג איבערצייגן, אַז אונדזער פאָלק

איז פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז עס זאָלן איבערלעבן די מלחמה וואָס מער קינדער. איך קען אַ צווילינג (פון 10 יאָר), וואָס האָט אין משך פון לאַנגע חדשים געשטעלט אַן אַנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד און נישט געוואָלט אריבערגיין אויף דער אַרישער זייט, טראָץ דעם וואָס עס האָט זיך שוין געפונען אַן אַרבעטער־משפחה, וועלכע האָט זיך גערדאַרפט פאַרנעמען מיט די קינדער אויפן חשבון פון אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. די קינדער האָבן אַנטשלאָסן דערקלערט, אַז אָן דער מאַמען וועלן זיי נישט גיין אויף דער אַרישער זייט, ווייל זיי ווילן נישט אַליין איבערלעבן די מלחמה. נאָך אַ לאַנגן „בירגער־קריג" האָט געזיגט די מוטער, די קינדער זענען אַוועק אויף דער אַרישער זייט, וו זיי געפינען זיך ביזן היינטיקן טאָג. די מוטער איז אומגעקומען אין אַ קאַנאַל, באַמיענדיק זיך אַדורכצורייסן צו די קינדער, בעת דער אַפּריל־אַקציע פון 1943.

אין אַלגעמיין זענען אָבער קינדער מסכים געווען צו גיין אויף דער אַרישער זייט, ווייל אין געטאָ האָבן זיי געלעבט אין שוידערלעכע באַדינגונגען. זיי האָבן נישט געטאָרט פאַרלאָזן די וווינונגען, פאַרבראַכט במשך גאַנצן וואָכן אין דעמפּיקע, אומבאַקוועמע בונקערס, גאַנצענע חדשים נישט אָנגעזען גאָטס וועלט. עס איז דעריבער נישט קיין וונדער, וואָס פאַרן צוזאָג, אַז זיי וועלן קאָנען אַרויסגיין אין גאַס, מאַכן אַ שפּאַציר אין גאָרטן וכדומה, האָבן זיי זיך געלאָזט איינרעדן און מסכים געווען צו גיין אַליין אויף דער אַרישער זייט.

איך האָב געקענט אַ 12־יעריק יינגל, וואָס איז ביים געטאָ־מויער, דורך וועלכן ער האָט גערדאַרפט איבערגיין אויף דער אַרישער זייט, געשפּרונגען פון פרייד און גערופן: „איך וועל איבערלעבן די מלחמה". דאָס יינגל האָט זיך זייער אָנגעליטן אויף דער אַרישער זייט. ווייט פון די עלטערן, וועלכע ער האָט נישט געזען, במשך חדשים איז ער בכלל נישט אַרויסגעגאַנגען אין גאַס. ער האָט פאַרבראַכט אין אַן איינציממערדיקער דירה ביי זייער נאָבעלע מענטשן, ווען עמעצער איז געקומען, האָט ער זיך פאַרשטעקט אין אַ שאַנק, הינטערן טאַפּעטשאַן, אין בית הכסא א. א. וו., ער האָט דאָרט געמוזט שטעקן במשך לאַנגע שעהן אָן באַוועגונג, ביז די געסט זענען אַוועקגעגאַנגען. נישט געקוקט דערויף, וואָס מען האָט זייער ליב געהאַט דאָס יינגל, האָט ער געמוזט פאַרלאָזן די וווינונג מחמת דער אַנטיסעמיטישער משפחה פון די באַלעבאַטים, וועלכע האָט נישט איינגעשטימט צו באַהאַלטן אַ ייד, האַלטנדיק דאָס פאַר אַ חטא לגבי דעם פוילישן פאָלק. דאָס יינגל איז דאָרטן געווען אין דער סאַמע ברענענדיקער צייט פאַר יידן, אין דער צייט פון דער אַפּריל־אַקציע. דאָס געטאָ, וו עס איז געווען דעם יינגלס־פאָטער, האָט געברענט, עס זענען דערגאַנגען די געקנאַלן פון די מיט דינאַמיט אויפגעריסענע הייזער; דאָס יינגל האָט געמוזט זיך צוהערן צו די אַנטיסעמיטישע שמועסן, אין וועלכע עס איז געוואָרן אָן שום זשענירונג אויסגעדריקט די געוואַלטיקע צופרידנקייט מיטן היטלעריסטישן לייזן די יידן־פראַגע. דאָס אינטעליגענט און אָריענ־

טירט אין פּאָליטישע פראַגן יינגל האָט געמוזט אויסהערן די אַנטיסעמיטישע בבאַ-מעשׂיות און איז נישט געווען אומשטאַנד צו רעאַגירן אויף זיי. דאָס יינגל געפינט זיך אַצינד צוזאַמען מיט די עלטערן אין אַ בונקער אויף דער אַרישער זייט, ווו ער איז ווידער פאַרמאַכט זינט חדשים. ער געפינט זיך דאָרטן אין אַ סביבה פון נערוועישע, דערשעפּטע מענטשן נאָך אַזוי פיל איבערלעבענישן, ער דעגענערירט פיזיש, אָבער דערפאַר האָט ער אַ גרויס גליק — ער האָט געבן זיך די עלטערן.

איך קען אַן 8-יעריק יינגל, וואָס געפינט זיך אויף דער אַרישער זייט אָן די עלטערן. דאָס יינגל באַהאַלט זיך אויס ביי דעם פּאָטערס פריינט, וועלכע באַהאַנדלען דאָס יינגל ווי אַן אייגן קינד. דאָס קינד רעדט שעפּטשענדיק און גייט גאָר שטיל ווי אַ קאַץ, די שכנים זאָלן גאָרנישט וויסן וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ יידיש קינד. ער מוז אָפטמאָל אויסהערן אַנטיסעמיטישע ריידערייען פון יונגע פּאָלאַקן, וועלכע קומען צוגאַסט צו די טעכטער פון די באַלעבאַטים. דאָס יינגל מאַכט זיך דעמאָלט, אַז ער הערט כלומרשט נישט דאָס, וואָס מען רעדט, און פאַרשטעקט די נאָז אין ביכער, וועלכע ער שלינגט אין אַ ריזיקער צאָל. איינמאָל איז ער געווען דערביי, ווי די יונגע געסט האָבן זיך געריימט, אַז היטלער האָט די פּאָלאַקן אויסגעלערנט ווי זיי דאַרפן זיך פירן מיט די יידן, און אַז זיי וועלן די פאַרבליבענע רעשטלעך נאָך דער היטלעריסטישער שיטה דערליידיקן אין אַן ענלעכן אופן. דאָס יינגל האָט זיך געשטיקט פון געוויין. און היות ער האָט נישט געוואָלט, עמעצער זאָל באַמערקן זיין אויפרעגונג, האָט ער זיך באַהאַלטן אין קיך, ווו ער האָט זיך גוט אויסגעוויינט. אַצינד געפינט זיך דאָס יינגל אין אַן ענגן, דושנעם בונקער, אָבער ער איז גליקלעך, ווייל ער וווינט דאָרטן צוזאַמען מיט די עלטערן.

אַ סך ערגער איז מיט די קינדער, וועלכע האָבן פאַרלאָרן די עלטערן, וועלכע מען האָט אַוועקגענומען קיין טרעבלינקע. אַ טייל פון די אַרישע אַפּוטרופּסים האָט דערווייל ליב באַקומען די קינדער און זיי פאַרהאַלטן ביי זיך אויף די אייגענע הוצאות. אַזוי האָט אָבער געטאָן אַ קלייניער פּראָצענט פון די אַפּוטרופּסים, בפרט אומפאַרמעגלעכע, ביי וועלכע דער קולט פאַר געלט האָט נאָך נישט אַוועקגעהרגעט די מענטשלעכע געפילן. מאַטערן זיך אַזעלכע אַפּוטרופּסים מיט די יידישע קינדער, אָבער זיי וואַרפן זיי נישט אַרויס אויפן ברוק. די מער ענערגישע האָבן באַוויזן זיך אַ דריי צו טאָן און באַקומען געלט-אונטערשטיצונגען פון אַנטשפּרעכיקע אָרגאַניזאַציעס. עס זענען אונדז באַקאַנט פאַלן, ווען די דערציערינס פון פאַרמעגלעכע קינדער האָבן זיך פאַרגומען מיט זיי נאָכן אַוועקפירן די עלטערן קיין טרעבלינקע. זיי האַלטן אויס די קינדער פון זייערע הונגערפאַרדינסטן, און ווילן זיי נישט לאָזן אויפן באַראָט פון גורל. אַ טייל פון די יידישע יתומים האָט מען באַזעצט אין קינדער-היימען און זיי פאַרשריבן ווי געקומענע פון ערטער, פון וואַנען מען האָט פאַרטריבן די פּוילישע באַפעלקערונג (זאַמאָשטש, הרוביעשאָוו, פּויזן, לובלין א. א. וו.),

אַ באַדייטנדיקער טייל פֿון די יתומים איז געקומען צוריק אין געטאָ אַריין, ווו דער יודענראַט האָט זיי אַרייַנגעגעבן אין די אינטערנאַטן, פֿון וואַנען מען האָט זיי צוגענומען בעת די „אויסזידלונגס־אַקציעס“. עס האָבן פּאַסירט פֿאַלן, און לײַדער אפֿילו גאַנץ אָפֿטע, אַז די „אַפּוטרופּסים“ האָבן נאָכן באַקומען אַ גרעסערע געלט־סומע פֿאַרן קינד אים פּשוט אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן ברוק. עס האָט פּאַסירט נאָך ערגער. עס האָבן זיך געפֿונען „אַפּוטרופּסים“, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן ייִדישע קינדער אין די הענט פֿון דער פּוילישער פּאָליציי אָדער פֿון די דײַטשן, וועלכע האָבן — כּל־זמן עס האָט עקזיסטירט דאָס געטאָ — זיי געשיקט אין געטאָ אַריין. עס פֿעלן אויך נישט קיין פֿאַלן פֿון אַדאָפּטירן ייִדישע קינדער, בפֿרט פֿון די ייִנגסטע, דורך קינדערלאָזע פֿאַרפּעלקער אָדער איידעלע יחידים, וועלכע זענען אויסן געווען צו דאָקומענטירן אַזוי אַרום זייער באַציִונג צו דער טראַגעדיע פֿון ייִדישן פֿאָלק. אַ ביסל קינדער האָט זיך אָפּגעראַטעוועט אין די הײַזער פֿאַר אונטערגעוואָרפֿענע קינדער, ווו זיי קומען אָן ווי קריסטלעכע קינדער, זיי ווערן אַהין געבראַכט דורך פּוילישע פּאָליציאַנטן, וועלכע מעלדן זיי איין, פֿאַרשטייט זיך פֿאַר אַ באַלוינונג, אַלס געפֿונענע אויף שטיגן, אין טויערן א. ד. גל.

עס זענען נישט געווען קיין צרות מיט די ייִדישע קינדער אין דעם ענין פֿון פֿאַרדעקן זייער ייִדישן אָפּשטאַם. די ייִדישע קינדער האָבן אַדורכגעמאַכט די שווערע שול פֿון לעבן אין געטאָ. זיי האָבן איבערגעלעבט די שבעה מדורי גיהנום, וואָס האָבן נישט קיין גלייכנס אין דער געשיכטע פֿון דער וועלט. זיי האָבן געוווּסט און געפֿילט, אַז דער שאַרפֿער שפּיץ פֿון דער היטלעריסטישער שנאה איז געווענדט קעגן זיי. די ייִדישע קינדער האָבן דורכגעלעבט די שווערע שול פֿון בלאָקאַדעס און סעלעקציעס. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט צו הערשן איבער זיך, באַ — זיי האָבן איבערגעשטיגן אין דער הינזיכט די דערוואָקסענע. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט צו שווײַגן שטום במשך גאַנצענע שעהן און אפֿילו אײַנהאַלטן דעם אָטעם, ווען עס דערנעענטערט זיך דער שונא. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט זיצן אָן אַ ריר במשך גאַנצענע שעהן, ווײַל דער קלענסטער ריר קאָן ווערן דערהערט דורך דעם אוקראַינער אָדער ס.ס.־מאַן, וועלכער פּירט דורך די רעוויזיע, און קאָן ברענגען אַן אומגליק אויפֿן גאַנצן בונקער. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט זיצן אין בונקער במשך גאַנצע חדשים און נישט אָנקוקן די ליכטיקע שײַן צוליב מורא פֿאַר די ס.ס.־ישע הענקער. זיי האָבן אויפֿגעהערט צו זײַן קינדער, זענען שנעל רייף געוואָרן און נישט אין איין פּרט איבערגעשטיגן די דערוואָקסענע. און טאַקע דערפֿאַר האָבן די ייִדישע עלטערן, ווען מען האָט די קינדער אַריבערגעשיקט אויף דער אַרישער זײַט, געקאָנט פֿאַרזיכערן זייערע אַרישע פֿריינט אָדער באַקאַנטע, אַז זייער טעכטערל אָדער זונעלע וועט נישט אַרויסלאָזן קיין פּיפּס, וועט זיך נישט פֿאַרראַטן, אַז עס איז אַ ייִד, און וועט האַלטן דעם סוד ביזן קבר. איך קען אַ יונג מיידל, וועלכע איז געשטאָרבן ווײַט פֿון די עלטערן,

אין אַן אַרישן שפּיטאָל. זי האָט געהאַלטן דעם סוד פון איר אָפּשטאַם ביזן טויט, אפילו בעת דער גסיסה, ווען דער מענטש, אַ באַפרייטער פון די ערדישע התחייבותן, הערשט שוין נישט איבער זיך, האָט זי זיך נישט פאַרראַטן מיט קיין איין וואָרט, מיט דער מינדסטער באַוועגונג. ווען די שוועסטער, וועלכע איז געווען ביים טויטן-בעט, האָט זיך צו איר געווענדט מיט איר יידישן נאָמען דאָרקע, האָט זי נישט געענטפערט, ווייל זי האָט געדענקט, אַז זי מעג ענטפערן בלויז אויפן קלאַנג פון דעם אַרישן נאָמען עוואַ. אפילו די ייִנגסטע קינדער האָבן באַוויזן זיך צוצופּאַסן צו די אָנווייזונגען פון די עלטערן און קונציק באַהאַלטן זייער יידישן אָפּשטאַם. איך געדענק אַ 4-יעריק נפשל, וואָס האָט אויף מיין פאַרפירערישער פראַגע (וואָס ווערט אָפט געשטעלט דורך פּאָליציי-אַגענטן), ווי ער האָט געהייסן פריער, אָנגעגעבן זיין אַרישן פאַמיליע-נאָמען און נאָמען און אַנטשלאָסן דערקלערט, אַז ער האָט זיך קיינמאָל נישט אָנגערופן אַנדערש.

נישט געקוקט דערויף, טרעפט זיך, קינדער זאָלן אַריינפאַלן, און דאָס צוליב די פאַרשיידנסטע סיבות. איך קאָן אַ פאַל מיט אַ 5-יעריק יידיש קינד, וואָס האָט זיך במשך אַ לאַנגער צייט געפונען אויף דער אַרישער זייט און גוט געשפּילט די ראָל פון אַ קריסט. איינמאָל האָט מען ביים טיש גערעדט וועגן פערד-טראַמווייען. דער זיידע האָט דערציילט, אַז פאַר זיינע יוגנט-צייטן האָבן אַזעלכע טראַמווייען קורסירט איבער די גאַסן פון דער הויפּט-שטאָט. דאָס יידיש קינד, וואָס איז געזעסן ביים טיש, האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגערופן, אַז ער האָט אויך געזען אַ פערד-„טראַמוויי" אויף... זאַמענהאָף-גאַס [אין געטאָ]. נאָך דעם „אַריינפאַל" האָבן די עלטערן געמוזט אַוועקנעמען דאָס קינד און איינאָרדענען ער.עץ אַנדערש.

אַ 7-יעריק מיידעלע מיט אַ „גוטן אויסזען", וועלכע איז געווען אַ לענגערע צייט אין דאָרף, איז דורכגעפאַלן אין שייכות מיט די זינגלאָזע קלאַנגען — דורך וועמען פאַרשפּרייטע, נישט באַוווסט — בכן יעדער ייד פאַרמאָגט ריזיקע אוצרות פון גאָלד, צירונג, דאָלאַרן א. א. וו. מיטאַמאָל האָט מען גענומען דערציילן אין דאָרף, אַז דאָס מיידעלע פון וואַרשע איז אַ יידישע און אַז מען האָט פאַר איר אויסבאַהאַלטונג געגעבן עטלעכע קילאָגראַם גאָלד. מורא האָבנדיק פאַר אַ מסירה, האָט מען דאָס מיידעלע געמוזט וואָס שנעלער אַוועקשיקן צו די עלטערן אין וואַרשע.

דער „דורכפאַל" מיט אַ יידיש קינד קאָן אַמאָל טרעפן צוליב דער אַזוי אומשולדיקער פראַגע: „צי לערנסט זיך אין שול?" דאָס יידישע קינד, וואָס האָט נישט געהאַט זינט דעם אָנהייב פון דער מלחמה קיין רעגולערע שול-דערציונג, פאַרמאָגט גרויסע בלויזן אין לערנען און עס איז אים שווער זיך אַרויסצופּלאָנטערן אין די שאלות, וואָס עס שטעלט אים אַ גאַסט אָדער אַ באַקאַנטער.

איך האָב געהערט וועגן אַ פאַל מיט אַ 4-יאָריק יידיש קינד, וואָס האָט זיך אויסגעקעמפט דעם צוריקקער צו די עלטערן דורך... אַ ספּעציעלן

מין שאַנטאַזש. דאָס קינד איז געווען במשך אַ לאַנגע צייט אָפּגעריסן פֿון די עלטערן און זייער אויסגעבענקט נאָך זיי, האָט ער אַ שיינעם טאָג דערקלערט, אַז אויב מען וועט אים נישט לאָזן צו די עלטערן, וועט ער „גיין" צום דייטש און זאָגן, אַז ער איז פֿון געטאָ. דער „שאַנטאַזש" האָט געהאַט אַ פּעולה, די עלטערן האָבן געמוזט צונעמען דאָס קינד.

ליידער האָבן שאַנטאַזשן נישט אויסגעמיטן אויך די יידישע קינדער. עס זענען באַקאַנט פֿאַלן פֿון קידנעפּעריי, פֿון פֿאַרכאַפּן יידישע קינדער דורך שאַנטאַזשיסטן, פֿון האַלטן זיי ביז די עלטערן האָבן זיי נישט אויסגעקויפֿט פֿון די הענט פֿון דעם ערגסטן טיפּ פֿאַרברעכער.

דאָס מל זיין יידישע קינדער איז אַ גרויסע שטערונג ביים איינאָרדענען די יידישע קינדער אויף דער אַרישער זייט. די צאָל פֿון נישטגעמלהטע יידישע קינדער איז זייער אַ קליינע. דער דרוק פֿון די רעליגיעזע עלטערן און קרובים, די יורידישע שוועריקייטן מצד דער יידישער קהלה און דער קאָמונאַלער מאַכט — זענען געווען אַזוי גרויס, אַז זייער ווייניק עלטערן, אפילו זייער פּראָגרעסיווע, האָבן געקאָנט אויסקעמפֿן דאָס נישט מל זיין זייערע קינדער. מען האָט פּראָסט פּשוט נישט געקראָגן קיין גע־בוירן־מעטריקע און מען האָט אויסגעשטעלט דאָס קינד אויף שיקאַנעס און אומאַנגענעמלעכקייטן אין שול. איך קען אַ נישט־געמלהט יידיש יינגל, וואָס איז אויף דער אַרישער זייט אויסגעשטאַנען אַ סך צרות. ער געפֿינט זיך דאָרטן זינט 10 חדשים, און ער איז שוין אויפֿן 15־טן אָרט. עפּעס האַלט אין איין קאַליע ווערן. אויך ער האָט זיך געקלאָגט, אַז די אַנטיסעמיטן זיינען אים דערגאַנגען די יאָרן. ער האָט געמוזט אויסהערן נישט איין יידנפֿרעסערישע לעקציע פֿון זיינע אַפּוטרופּסים, וועלכע האָבן נישט געוווּסט וועגן זיין יידישן אָפּשטאַם.

מיר טרעפֿן אויך אויף דער אַרישער זייט קינדער פֿון אומפֿאַרמעגלעכע עלטערן. דאָס דאַטירט זיך פֿונעם ערשטן מאָמענט פֿון אַנטשטיין פֿונעם געטאָ. אַ סך אומפֿאַרמעגלעכע עלטערן האָט געצויגן חיונה פֿון דעם שמוגל פֿון זייערע 4—5־יאָריקע קינדער, וועלכע פֿלעגן מאַסנווייז אַרויסגיין אויף דער אַרישער זייט. טאָג איין טאָג אויס האָט מען געזען הונדערטער יידישע קינדער, וואָס האָבן מאַסנווייז באַלאַגערט די אַרויסגאַנג־טויערן, כדי זיך אַריבערבאַקומען אויף דער אַרישער זייט. די קינדער האָבן געוואַרט אויף אַ „גוטער וואַך", כדי זיך אַריבערצוכאַפּן אויף דער „צווייטער זייט". טייל קינדער איז אַדורכגעגאַנגען דורך די לעכער אין מויערן אָדער פּלויטן. כדי צו פֿאַרדעקן די געשמוגלטע פּראָדוקטן, האָבן די קינדער געטראָגן רעקלעך אָדער קליידלעך מיט אַ טאָפּלטער פֿאָדשעווקע, וואָס האָבן נאָכן אָנפּאַקן זיי מיט קאַרטאָפֿל אָדער אַנדערע פּראָדוקטן אויסגעזען ווי קרינאָלינעס. די קינדער פֿלעגן דורכגיין עטלעכע מאָל אַ טאָג, באַלאָדן מיט סחורה, וואָס האָט אָפּטמאָל געוויגן מער ווי זיי אַליין. דער שמוגל איז געווען דער איינציקער קוואַל פֿון אויסהאַלטן

די קינדער און זייערע עלטערן, וועלכע וואָלטן אין קעגנפאַל אויסגעגאַנגען פון הונגער. קיין שום זאַך האָט נישט אָפגעשראָקן די קינדער פון פירן דעם שמוגל. עס האָבן נישט געהאָלפן די פאַלקעס פון די יידישע „אָרדנער“, וואָס זענען געפאַלן אויף די קינדערשע קעפלעך; זיי זענען נישט אַנטלאָפן פאַר די שאָסן פון די זשאַנדאַרן, וועלכע זענען געווען אויפגערייצט צוליב דער צודרינגלעכקייט פון די קינדער, וואָס האָבן געוואָלט פאַר יעדן פרייז זיך אַריבערכאַפן אויף דער אַרישער זייט. אפילו ווען אַ זשאַנדאַר פון דער וואַך האָט געשאָסן אין דעם המון, און דער טראָטואַר האָט זיך געווייקט אין דעם בלוט פון די אומשולדיקע הרוגים, האָבן די קינדער אויף אַ קורצער רגע זיך פאַרשטעקט אין די שכנותדיקע טויערן, כדי אין אַ מינוט אַרום ווידער גיין אין אַטאַקע אויף דעם געטאָ-טויער. נאָר אַזאַ רוצח ווי „פראַנקענשטיין“, דער חבר פון דעם דיסעלדאָרפער מערדער, האָט געקאָנט גלייכגילטיק פאַרבייגיין לעבן די טויטע גופים פון די אומשולדיקע קינדער. די אומברחמנותדיקע זשאַנדאַרן האָבן אָפט געכאַפט די יוגנטלעכע שמוגלער, זיי אַריינגעשלעפט אין די וואַך-בודקעס, ווו זיי האָבן ביי זיי צוגענומען אַלץ און געשלאָגן אָן אַ ברעקל רחמנות. די געוואַלדן און האַרצרייסנדיק געוויין פון אָט די אומשולדיקע קינדער האָט מען געהערט אין גאַנצן אַרום, אָבער דאָס האָט נישט גערירט די דייטשישע זשאַנדאַרן, וועלכע זענען געווען פאַרזיהשט ביזן ביין און האָבן נישט פאַרמאָגט קיין ברעקל מענטשלעך געפיל.

די קינדער — שמוגלער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער, ממש פאַנטאַסטישער דרייסטקייט, וועלכע איך האָב נישט איינמאָל באַוואונדערט ביי די אַרויסגאַנג-פונקטן פון געטאָ. איינמאָל האָב איך געזען אויפן עק פון די גאַסן זשעלאַזנע און כלאָדנע אפשר אַ 16-יאָריק יינגל, ביי וועלכן דער זשאַנדאַר האָט צוגענומען די געשמוגלטע סחורה. דאָס יינגל האָט ביטער געוויינט און טראָץ די קלעפ, וואָס זענען געפאַלן אויף זיינע יונגע פלייצעס, האָט ער געהאַלטן אין איין צוריקקערן זיך צו דער וואַך-בודקע, ווו עס איז געלעגן זיין אוצר, וואָס ער האָט איינגעקויפט אפשר פאַר די לעצטע גראָשנס. דער אַרישער ערב-רב, וואָס איז זיך צונויפגעקליבן ביי דער צווייטער זייט פונעם אַרויסגאַנג, האָט מיט הנאה אָבסערווירט דעם געראַנגל פון דעם זשאַנדאַר מיטן יידישן יינגל. דער געלעכטער פון דער גאַסן-לאָבוזעריע האָט צוגעגעבן דעם זשאַנדאַר מוט און ער האָט אַלץ ענערגישער אָפגעטריבן דאָס יינגל.

נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס יינגל האָט געהאַט קעגן זיך אַלעמען: דעם זשאַנדאַר, די פוילישע פאָליציי, דעם אַרישן המון, אפילו די יידישע אָרדנונגס-דינסט, האָט ער זיך אָבער נישט מיאש געווען און אָן אויפהער באַנייט זיינע אָנשטרענגונגען צוריקצובאַקומען די קאָנפיסקירטע סחורה. אין משך פון אַ לענגערן מאָמענט האָב איך אָבסערווירט דעם דאָזיקן אומגלייכן קאַמף און איך האָב אין דעם דערזען די ענערגיע און דעם ווילנס-כוח פון דער יידישער מאַסע, וועלכע שטעלט זיך צום שוץ פון

אירע רעכט מיט עקשנות און אויסדויער, אפילו דעמלט, ווען זי ווייסט, אַז אַ צו גרויסע צודרינגלעכקייט קאָן איר ברענגען אַ קויל אין קאָפּ.

דאָס האַרטע לעבן פון די שמוגל־קינדער שפּיגלט אָפּ דאָס ליד פון דער יונגער יידיש־פּוילישער דיכטערין הענריקאַ לאַזאַווערט, וועלכע איז צוגענומען געוואָרן בעת דער „אויסזידלונגס־אַקציע“ אין יולי 1942 קיין טרעבלינקע.

*       *
*

פון די „צענטאָס־מיטאַרבעטער האָב איך געהערט אַ באַריכט וועגן דעם לעבן פון אַ יונגטלעכער שמוגלער־גרופּע. די דאָזיקע גרופּע ציילט איבער צען [מיטגלידער] און וווינט אויף מילע־גאַס נ' 28. זיי שפּרודלען מיט ענערגיע און לעבנספרייד און האָבן מיט הומאָר און הנאה דער־ציילט וועגן זייער עמאָציעפול לעבן. לכתחילה האָבן זיי פאַרדינט 200—400 זל. אויף אַ פּערזאָן אַ טאָג. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט „שאַבער“[58]) אין קליינעם געטאָ (די געגנט פון די גאַסן וויעלקע, טשעפּלע, טוואַרדע און שעננע). ווינטער־צייט האָבן זיי געלעבט פון האַנדל מיט האָלץ, וועלכן זיי האָבן אַראָפּגעריסן פון בוידעמער, פּאָלן א. א. וו. אין נישטבאַוווינטע הייזער און דעמאָלט פאַרדינט 40—50 זל. אויף אַ פּערזאָן אַ טאָג. די קינדער האָבן געפירט אַ געמיינזאַמע באַלעבאַטישקייט. צוויי פּלעגן בלייבן אין דער היים צוגרייטן ס'עסן און אויפצורוימען דעם צימער. ווען די „צענטאָס“־מיטאַרבעטערין האָט זיי פאָרגעלייגט אַריבער־צוגיין אין קינדער־היים, האָבן די קינדער אָפּגעזאָגט, טענהענדיק, אַז זיי גיבן זיך אַליין אויסגעצייכנט אַן עצה. זאָל דער „צענטאָס“ — האָבן זיי געזאָגט — נעמען אין די אינטערנאַטן קינדער, וואָס שטאַרבן פון הונגער.

אַ סך קינדער, היימלאָזע, יתומים, וואָס זייערע עלטערן זענען אומ־געקומען אין די א. ג. „פּונקטן“ פאַר פּליטים אָדער אין די א. ג. טויט־הייזער, וווּ עס האָט געוווינט די גרעסטע אָרעמשאַפט, זענען געגאַנגען בעטלען אויף דער אַרישער זייט. מען האָט זיי דאָרטן זייער גוט אויפגע־נומען, נישט אָפּגעזאָגט צו געבן אַ נדבה און עפּעס צו עסן. אפילו דייטשן פּלעגן זיי געבן נדבות. טייל קינדער זענען ביינאַכט געקומען צוריק אין געטאָ, אַנדערע האָבן גענעכטיקט אויף בוידעמער, אין הייף וכדומה. מיט דער הילף פון דער פּוילישער פּאָליציי און די היימישע אַנטיסעמיטן האָבן די דייטשן ענערגיש באַקעמפט די מחנות יידישע קינדער אויף דער אַרי־שער זייט. טאָג איין טאָג אויס האָט מען זיי געפירט אין די מאַסן אינעם אַרעסט אויף גענשע גאַס. אין „גענשוווקע“ האָט דער תפיסה־לייטער

---

58 אַ וואָרט פונעם פּוילישן פאָלקס־זשאַרגאָן, וואָס באַטייט אויספּלינדערן אַ פאַרוואַרלאָזט אָדער נישטבאַוווינט הויז אָדער שטוב.

רודניאַנסקי, וועלכער איז שפּעטער דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן, זיך באַמיט צו שאַפן פאַר די קינדער מענטשלעכע לעבנס=באַדינגונגען, ער האָט זיי געלערנט גערטנערייַ און געגרייט צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די „אויסזידלונגס=אַקציע“ פון יולי 1942 איז די „גענשוווקע“ געווען דער ערשטער קרבן פון די ס.ס.=באַנדיטן, וועלכע האָבן אַוועקגעשיקט די קינדער קיין טרעבלינקע. ווען עס האָבן ווייניק וואָס געהאָלפן די טאָג=טעגלעכע אָבלאַוועס אויף קינדער, און די צאָל שמוגל=קינדער האָט זיך פאַרגרעסערט פון טאָג צו טאָג, האָט מען אָנגעווענדט שאַרפע רעפּרעסיע=מיטלען. מען האָט זיי דערטרונקען אינעם סטאַוו אין טשערניאַקוו [59] — אַזאַ קלאַנג האָט אַלנפאַלס קורסירט.

דער „שאַבער“, ד. ה. דאָס צונעמען זאַכן פון אומבאַוווינטע הייזער, מיט וועלכן עס האָבן זיך פאַרנומען די שמוגל=קינדער, איז געווען זייער אַ געפערלעכער עסק. די דייטשן האָבן געהאַלטן דאָס פאַרמעגן פון די יידן, וואָס זענען געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע, פאַר זייער אייגנטום, און דעריבער האָבן זיי דעם „שאַבער“ באַשטראָפט מיט טויט. די ס. ס.=לייט אָדער זשאַנדאַרן, וואָס האָבן עמעצן געכאַפּט ביים „שאַבער“, האָבן אים באַשטראָפט אויפן אָרט מיט טויט. דעריבער איז מען אַרויסגעגאַנגען „אויף דער אַרבעט“ פאַרטאָג אָדער ביינאַכט. די אויסגעשאַבערטע זאַכן האָבן די קינדער דערנאָך פאַרקויפט אויף דער אַרישער זייט בחצי חינם. טיילמאָל האָט זיך אַזאַ היימלאָז קינד אַקלימאַטיזירט אויף דער אַרישער זייט, ווו מען האָט אים געגעבן אַ שטיקל אָרט. איך האָב געקענט אַ 5=יעריקן יתום, וואָס האָט פאַרלאָרן די עלטערן בשעת אַן „אַקציע“. ער האָט סטאַביל געוווינט אויף דער אַרישער זייט און געצאָלט 5 זל. פאַר אַ נאַכטלעגער. דאָס ייִנגעלע האָט געהאַנדלט מיט צייטונגען געשמוגלטע פון דער אַרישער זייט אין געטאָ אַריין, פאַרדינענדיק צו עטלעכע זלאָטעס פון אַן עקזעמפּליאַר. טייל קינדער האָבן פאַרדינט פון זינגען אין די גאַסן און הייף. זיי זענען אַזוי ווייט ענלעך געוואָרן צו דער סביבה, אַז זיי האָבן אפילו געזונגען אַנטיסעמיטישע לידלעך, פּראָדוצירטע פאַר דער מלחמה. טייל קינדער האָבן געלעבט אויף דער אַרישער זייט אַ דאַנק די יידישע פּלאַצוווקעס, וואָס האָבן זיך באַדינט מיט די דאָזיקע קינדער ווי פאַרבינדלער, געשיקט זיי אַ גאַנג, איינצוקויפן אין די געוועלבער א. ד. גל.

עס זענען געווען פּרוון איינצואָרדענען אַ געוויסע צאָל קינדער אין [פּוילישע] קינדער=היימען. נאָך אַ קורצער צייט האָט מען געמוזט איבעררייסן די אַקציע צוליב מורא פאַר מסירות מצד דעם פּערסאָנאַל פון די אַנשטאַלטן. אין אָט די אַנשטאַלטן האָט מען אַרייַנגעזעצט אַ ביסל מיידלעך. אויך דער [קאַטוילישער] קלער האָט איינגעאָרדנט אַ ביסל קינדער, בפרט די יינגסטע, אין זייַנע אַנשטאַלטן. דער רעזולטאַט פון

---

[59] אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע.

דער דאָזיקער אַקציע איז אָבער געווען זייער אַ באַשיידענער. עס זענען אין דעם שולדיק — פּונקט ווי אין דער פראַגע פון די דערוואַקסענע — די פּוילישע פאַשיסטן און אַנטיסעמיטן, וועלכע האָבן געשאַפן אַ שטימונג, וואָס איז נישט געווען גינסטיק פאַר דער אַקציע צו ראַטעווען קינדער. דער פּחד פון דער באַפעלקערונג פאַר דער אַנטיסעמיטישער העצע איז געווען גרעסער ווי די שרעק פאַר די דייטשן און דאָס דאָט דעצידירט וועגן די נישטיקע פאָלגן פון דער קינדער-רעטונגס-אַקציע.

מיר באַלעסטיקן דאָס געוויסן פון די פּוילישע אַנטיסעמיטן און פאַשיסטן מיטן בלוט פון די אומשולדיקע וועזנס, וועלכע מען האָט געקאָנט אַרויסרייסן פון די הענט פון די נייצייטיקע הונען.

לשם געשיכטע איז כדאי צו דערמאָנען דעם פּראָיעקט פון איינאָרדענען עטלעכע הונדערט יידישע קינדער אין קלויסטערס אויף די פּאָלגנדיקע באַדינגונגען: מען וועט אָננעמען קינדער פון 10 יאָר אָן, באַצאָלן פאַר אַ יאָר פאָרויס — 8000 זל., שאַפן אַ קאַרטאָטעקע פון די קינדער און אַן עווידענץ פון זייער צעשפּרייטונג אין לאַנד, כדי מען זאָל זיי קאָנען אָפּנעמען נאָך דער מלחמה. דער פּראָיעקט איז געווען דיסקוטירט אין די יידישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן און האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אַ קעגנערשאַפט מצד די אָרטאָדאָקסישע און געוויסע נאַציאָנאַלע ספערן. מען האָט אַרויסגערוקט פאָרווורפן, אַז די קינדער וועלן ווערן אָפּגעשמדט און וועלן אויף אייביק פאַרלאָרן גיין פאַרן יידישן פאָלק. מען האָט אַרגומענטירט, אַז די קינפטיקע דורות וועלן אונדז פאָרוואַרפן, אַז מיר זענען נישט געשטאַנען אויף דער געהעריקער הויך און נישט געלערנט אונדזערע קינדער דעם „קידוש השם“, וואָס אין זיין נאָמען זענען אונדזערע אבות אומגעקומען אויף די שייטער-הויפנס פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. די באַראַטונג פון די כלל-טוער אין דער פראַגע האָט נישט געבראַכט צו קיין איינהייטלעכן אויספיר, מען האָט נישט אָנגענומען קיין שום באַשלוס און געלאָזט די יידישע עלטערן פרייע הענט. דער אויבן-דערמאָנטער פּראָיעקט איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן צוליב פאַרשידענע שוועריקייטן, קודם כל מחמת דער קליינער פאַראינטערעסירונג מצד דעם פּוילישן קלער מיטן ענין פון ראַטעווען די יידישע קינדער.

## 9. די שטראָפן פאַר אויסבאַהאַלטן יידן

אין מאָמענט פון שאַפן דאָס געטאָ איז דערשינען אַ פאַראָרדענונג, וועלכע האָט פאַרווערט די יידן — אונטער דער דראָונג פון טויט-שטראָף — זיך צו געפינען אויף דער אַרישער זייט; עס איז פאַרווערט געוואָרן די יידן צו קויפן קיין שום זאַך אין אַרישע געשעפטן. אַזאַ שטראָף האָט געדראָט סיי די קויפער, סיי די פאַרקויפער. די דאָזיקע פאַראָרדענונג האָט מען איבערגעחזרט שפּעטער בעת די גירוש-אַקציעס: אין יולי

1942, אין יאַנואַר און אַפּריל 1943. אויף דער אַרישער זייט האָבן זיך עטלעכע מאָל באַוויזן פּאַראָרדענונגען, וואָס האָבן געדראָט די פּאָלאַקן מיט שווערער תּפיסה אָדער טויט=שטראָף פאַר באַהאַלטן באַוווסטזיניקן יידן, פאַר דערמעגלעכן זיי צו אַנטלויפן אָדער פאַר געבן אַ וועלכע נישט איז הילף. די איינגעמאָלדענע יידן האָבן נישט פאַרגעשטעלט מיט זיך קיין שום געפאַר פאַר די פּוילישע באַלעבאַטים, ווייל אין דער אויספאָרשונג האָבן זיי זיך פאַרטיידיקט, אַז זיי האָבן נישט געוווסט וועגן דעם יידישן אָפּשטאַם פון זייערע שכנים, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן מיט אַרישע פּאַפּירן. עס איז מיר נישט געלונגען פעסטצושטעלן, צי עס זענען געווען אין וואַרשע פאַלן פון אויספירן די טויט=אורטיילן איבער פּאָלאַקן פאַר אויסבאַהאַלטן יידן. עס איז מיר באַוווסט וועגן פאַרשיקן אַ פּוילישע משפּחה אין קאָנצענטראַציע=לאַגער אין מיידאַנעק און קאָנפיסקירן אַלץ אין איר וווינונג, אַלס פּועל יוצא פון אויפדעקן דאָרטן אַ יידישע דאָקטוירים=משפּחה.

עס איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז ערב יעדער גירוש=אַקציע אין געטאָ האָבן זיך געשפּרייט קלאַנגען וועגן דער קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון יעדן הויז אין פאַל פון אויפדעקן דאָרטן אַ ייד; עס איז נישט באַוווסט ווער עס האָט עס פאַרשפּרייט. בעת דער אַפּריל=אַקציע האָבן קורסירט אין וואַרשע קלאַנגען, אַז די קאָלעקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַלט אויף 2 שכנותדיקע הייזער: זיי וועלן ווערן פאַרברענט. מען האָט אפילו אויסגערעכנט קאָנקרעטע פאַלן פון פאַרברענען אַרישע הייזער ווי אַ שטראָף פאַר אויפדעקן דאָרטן יידן. ווי אַ יסוד פאַר די קלאַנגען האָט אָן שום ספק געדינט דער פאַקט, וואָס מען האָט פאַרברענט די אַרישע אום=זייט פון שוויענטאָיערסקע גאַס אויפן אָפּשניט צווישן נאַלעווקעס און נאָוויניאַרסקע גאַס. עס קאָן זיין, אַז די הייזער האָט מען פאַרברענט צוליב דער זייער נאָענטער שכנות פון די יידישע הייזער פון דער גראָד=זייט מיט די אַרישע פון שוויענטאָיערסקע גאַס. עס איז נישט שווער צו פאַרשטיין, אַז אין פאַרשפּרייטן די דאָזיקע קלאַנגען האָט געשטעקט די פינגער די געסטאַפּאָ מיטן ציל צו באַשווערן אָדער אוממעגלעך מאַכן די יידן צו געפונען אַ מקום מקלט אויף דער אַרישער זייט. אונטער דער ווירקונג פון אַזעלכע קלאַנגען האָבן די אַנטיסעמיטישע שכנים דורכגעפירט אויף דער אייגענער האַנט רעוויזעס ביי די [אַנדערע] שכנים, זוכנדיק דאָרטן באַהאַלטענע יידן. מער אייפעריקע שכנים, למשל די איינוווינער פון דעם הויז אויף פּאַנסקע=גאַס נ. 39, האָבן אויסגעגעבן די יידן אין די הענט פון די דייטשן. כאַראַקטעריסטיש, אַז אין דעם פאַל זענען די „פאַרשאָלטענע" יידן שוין געקומען צו אַ הסכם מיט דער זשאַנדערמעריע, וועלכע איז איינגעגאַנגען לאָזן זיי צו רו פאַר אַ פעטן מטבע. די אייפעריקע יוצר משרתים פון די היטלעריסטן האָבן אָבער אַוועקגעשלעפּט די געכאַפּטע יידן צום נאָענטסטן קאָמיסאַריאַט, אויפן וועג האָבן זיי באַגעגנט צוויי דייטשן אין מונדירן און אַ פּוילישן

פּאָליציאַנט, וועלכע האָבן נישט געוואָלט זיך אינטערעסירן מיט די פאַרהאַלטענע ייִדן. אויך דאָס האָט נישט אָפּגעקילט דעם ייִדן=פרעסערישן התלהבות פון די איינוווינער פון דעם הויז פון פּאַנסקע נ. 39, וועלכע האָבן סוף כל סוף אַוועקגעפירט די ייִדן אויף דער געסטאַפּאָ דורך דעם קאָמיסאַריאַט פון דער פּוילישער פּאָליציי.

די שטראָפן פאַר ייִדן, וואָס זענען דורכגעגאַנגען אויף דער אַרישער זייט אָן אַ פּאַסיר=שיין, זענען געווען אָן אַן ערך שטרענגער ווי פאַר די פּאָלאַקן. אין וואַרשע זענען געווען אָנגעווענדט די פּאָלגנדיקע שטראָפן:

1. אַרעסט,
2. טויט=שטראָף דורך דערשיסן,
3. פאַרשיקן קיין טרעבלינקע, אָדער טויט לויטן גערמאַנישן מוסטער,
4. איבערגעבן אין רשות פון ווערטערפאַסונג אין געטאָ,
5. פאַרשיקן אין די אַרבעטס=לאַגערן אין טראַווניק און פּאָניאַטאָוו, ד. ה. טויט דורך שטופּנווייזער גסיסה.

אין דעם אופן, ווי די דייטשישע מאַכט=אָרגאַנען האָבן באַהאַנדלט די ייִדן, וואָס מען האָט געכאַפּט אויף דער אַרישער זייט, איז נישט געווען קיין איינהייטלעכקייט. דער מידת הדין איז געווען אָפּהענגיק פון דער טאָגקאָניונקטור אָדער פּשוט פון דעם איינפאַל פון די מאַכט=אָרגאַנען אין געגעבענעם מאָמענט. טויט=שטראָף דורך דערשיסן אויפן הויף פונעם צענטראַלן [געטאָ=] אַרעסט אויף גענשע=גאַס האָט מען אָנגעווענדט גלייך עטלעכע חדשים נאָכן שאַפן דאָס געטאָ. אין מערץ 1941 האָט דער קאָמיסאַר פון ייִדישן ראַיאָן אויסערוואַלד אויסגעפירט מיט דער הילף פון דער פּוילישער פּאָליציי אַ טויט=אורטייל איבער עטלעכע צענדליק מענטשן (דערהויפּט פרויען, בתוכם אַ 10=יאָריק קינד), וועלכע מען האָט געכאַפּט אויף דער אַרישער זייט מיט שמוגל און אַרייַנגעזעצט אין דעם צענטראַלן אַרעסט אויף גענשע=גאַס. דער דאָזיקער אורטייל האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. פאַר זוכן ברויט אויף „יענער“ זייט — טויט; אפילו לויט דעם היטלעריסטישן יושר איז דאָס דעמאָלט געווען צו פיל. אין דער צייט פון פאַרשטאַרקטן טעראָר, וואָס איז געווען פאַר דער יולי=אַקציע (1942), האָט די געסטאַפּאָ אָפטמאָל געבראַכט ביינאַכט ייִדן, געכאַפּטע אויף דער אַרישער זייט, און זיי דערשאָסן פאַר די הויז=טויערן, דער עיקר אין דער שכנות פון פּאַוויאַק. אין יענער צייט איז דאָס געטאָ בכלל געווען אַ געביט פון עקזעקוציעס, נאַכט ביי נאַכט האָט מען דאָ אויסגעפירט טויט=אורטיילן איבער אַריער. די קערפּערס פון די דערשאָסענע אַריער האָט מען באַגראָבן אין מאַסן=קברים אויפן ייִדישן בית עולם ווי באָמענלאָזע מענטשן.

בעת די ערשטע חדשים נאָכן שאַפן דאָס געטאָ האָט מען די געכאַפּטע ייִדן אויף דער אַרישער זייט אַרייַנגעזעצט אין צענטראַלן אַרעסט אויף גענשע=גאַס. אין די ערשטע טעג פון דער יולי=אַקציע פון יאָר 1942 האָט מען אויסגעליידיקט דעם אַרעסט אויף גענשע און די אַרעסטירטע

האָט מען אָװעקגעשיקט קיין טרעבלינקע. פון דעמאָלט אָן איז געווען
אַ פּרינציפּ, אַז אַ געכאַפּטן ייד אויף דער אַרישער זייט בשעת דער
גירוש=אַקציע שיקט מען צום אומשלאַג=פּלאַץ און פון דאָרטן קיין טרעב=
לינקע. בעת די הפסקות צווישן דער יולי=אַקציע (1942) און דער יאַ=
נואַר=אַקציע (1943) האָט מען די יידן [די אַרעסטירטע אויף דער אַרישער
זייט] אָפּגעגעבן צום רשות פונעם יודענראַט, וועלכער האָט זיי אַרויסגע=
לאָזט אויף דער פריי אָדער אָפּגעשיקט דירעקט צום ווערטערפאַסונג,
וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט „רייניקן“ די וווינונגען נאָך די אויסגע=
זידלטע יידן. דאָס אָפּשיקן אין געטאָ אַריין די יידן, וואָס זענען אויפגע=
דעקט געוואָרן אויף דער אַרישער זייט, האָט אַרויסגערופן טרויעריקע
מחשבות. מען האָט געזען דערין אַ סימן, אַז דאָס געטאָ איז פאַרמשפּט
אויף ליקווידאַציע. ווען עס האָבן פאַרפעלט מענטשן אין די טראַנספּאָרטן
פאַר די אַרבעטס=לאַגערן אין טראַווניק און פּאָניאַטאָוו, האָט מען געשיקט
אַהין מענטשן, וואָס זענען אָפּגעזעסן תפיסה=שטראָף פאַר געפינען זיך
אויף דער אַרישער זייט אָן אַ דערלויבעניש. פון אַפּריל 1943 ביזן ליקווי=
דירן דאָס געטאָ אין וואַרשע, האָט מען יעדן געכאַפּטן ייד אויף דער
אַרישער זייט דערשאָסן אָן שום טענה ומענה. אין יולי 1943 האָט מען
דורכגעפירט אַ שטרענגע קאָנטראָל אין האָטעל פּאָלסקי אויף דלוגע=
גאַס, וווּ עס האָבן זיך געפונען יידן אינטערנירטע אַלס אויסלענדישע ביר=
גער. פון די 400, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, האָט מען 340 דערשאָסן,
זיי האָבן זיך נישט געקאָנט אויסווייזן מיט אויסלענדישע פּעסער אָדער
פּערמיטן. זיי האָבן געוווינט אויף דער אַרישער זייט, און זייערע דירות
זענען „פאַרברענט“ געוואָרן. ביז יולי 1942 איז לגבי די געכאַפּטע יידן
אויף דער אַרישער זייט געווען חל די מאַכט פון דעם קאָמיסאַר פון יידישן
ראַיאָן. מיטן מאָמענט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די גירוש=אַקציע, האָט
דער קאָמיסאַריאַט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. פון דעמאָלט אָן איז דער
איינציקער אָרגאַן, וואָס האָט געהאַט די מאַכט איבער די יידן, געווען די
ס. ס. און געסטאַפּאָ, פאַרייניקט אין דער א. ג. בעפעלשטעללע אויף
זשעלאַזנע=גאַס נ. 103. פון דעמאָלט אָן איז דאָס לעבן פון יעדן געכאַפּטן
ייד אויף דער אַרישער זייט געווען אָפּהענגיק פון דער פאַראָרדענונג פון
דער בעפעלשטעללע מיטן טרויעריק=באַרימטן הערשט בראַנדט בראש [60] .
די טויט=אורטיילן פון דער בעפעלשטעללע האָט מען בדרך כלל אויסגע=
פירט אויפן הויף פון דעם הויז אויף זשעלאַזנע נ. 101. די אורטיילן האָט
מען אויסגעפירט לויטן טעווטאָנישן מוסטער; די פאַראורטיילטע האָט מען
געהייסן זיך לייגן אויף דער ערד און מיט אַ רעוואָלווער=שאָס אין נאַקן
געמאַכט אַ סוף צו זייערע יסורים. אָפּטמאָל האָט געטראָפן, אַז נאָכן
כאַפּן אין די שטאָט=פּעריפעריעס עטלעכע יידן, האָבן די זשאַנדאַרן זיי

60) ס.ס.=אונטערשטורמפירער אַנטאָן בראַנדט איז געווען דער לייטער פונעם
רעפעראַט פאַר יידישע ענינים ביי דער געסטאַפּאָ אין וואַרשע

דערהרגעט אויפֿן אָרט. פֿון צייט צו צייט זענען די קרבנות פֿון אַזעלכע עקזעקוציעס געווען פּאָליאַקן. עס איז גענוג אַ מסירה אויף עמעצן, אַז ער האַלט ביי זיך אַ ייד, און עס דראָען גלייך שטרענגע רעפּרעסיעס. נישט לאַנג צוריק האָט מען הינטער וואַרשע על פּי טעות דערהרגעט די משפּחה פֿון אַ פּוילישן דאָקטאָר פֿון וואַרשע (דר. מראָטשקאָ) אין רעזולטאַט פֿון אַ פֿאַלשער באַשולדיקונג, אַז זיי זענען יידן.

## 10. די אומזידלונגס־אַקציע אין וואַרשע און די באַציונג פֿון דער פּוילישער באַפֿעלקערונג

די גלייכגילטיקייט פֿון דער פּוילישער באַפֿעלקערונג לגבי דער יולי־אַקציע. פֿאַרוואָס האָט זיך דאָס געטאָ נישט פֿאַרטיידיקט? די אויסניצטערונג נאָך דער יולי־שחיטה. די [יידישע] קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע גרייט קאַדרען. ווי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט דער יידישער אַרסענאַל? גענעראַל סטראָאָפּ — דער איבער־תּלין פֿון די וואַרשעווער יידן. „קליין־סטאַלינגראַד“ פֿאַרטיידיקט זיך. די קלאַנגען וועגן דעם געטאָ־קאַמף. די צוזאַמענאַרבעט מיט דער אַרישער זייט. די קאַמפֿן אויף דער אַרישער זייט. די געשפּרעכן פֿון פּאָליאַקן וועגן דער אַפּריל־אַקציע. דאָס אַנטיסעמיטישע לידל: „די וואַנצן ברענען“.

ביים אָנהייב פֿון דער יולי־אַקציע, בשעת די פּוילישע געזעלשאַפֿט האָט זיך נאָך נישט אָריענטירט, וואָס עס קומט פֿאָר מיט די אויסגע־זידלטע יידן, און ווען מען האָט געמיינט, אַז די טראַנספּאָרטן גייען ווירקלעך קיין מזרח, האָט זיך די פּוילישע באַפֿעלקערונג ווייניק אינ־טערעסירט מיטן גירוש. די לאַגע האָט זיך געביטן, ווען מען האָט זיך איבערצייגט, אַז די אויסגעזידלטע יידן פֿירט מען קיין טרעבלינקע. אויף דער אַרישער זייט האָט מען זיך דעמאָלט אויסגעדריקט זייער שלעכט וועגן די וואַרשעווער יידן, מען האָט זיי פֿאַראורטיילט, פֿאָרגעוואָרפֿן פּחדנות, מאַנגל אין נאַציאָנאַלער ווירדע. פֿאַרוואָס האָט איר זיך נישט פֿאַרטיידיקט? פֿאַרוואָס זענט איר געגאַנגען ווי שעפּסן צו דער שחיטה? הלמאי האָט איר זיך נישט געוואָרפֿן אויף די דייטשן, ווען איר האָט געזען, אַז דער טויט איז אומפֿאַרמיידלעך? מיר וואָלטן זיך נישט גע־לאָזט אַוועקפֿירן צו דער שחיטה, מיט אונדז וואָלטן זיי געהאַט אַ שווער לייען, און זיי וואָלטן זיך נישט דערוואַגט דאָס צו מאָן — האָט מען געטענהט צו די יידן. אַזעלכע און ענלעכע מיינונגען האָט מען געהערט אויף טריט און שריט, בפֿרט אויף די פּלאַצוווקעס, ווו יידן האָבן זיך געטראָפֿן מיט פּאָליאַקן, ווו מען האָט זיך קעגנזייטיק אינפֿאָרמירט מכח דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אויף ביידע זייטן פֿון די מויערן. דער דאָזי־קער ענין פֿאָדערט אַן אַלזייטיקע באַלייכטונג, און דעמאָלט וועט זיך אַרויסווייזן, אַז הגם די פֿאָרווורפֿן, וואָס זענען געוואָרן אַרויסגערוקט

קעגן די וואַרשעווער יידן, זענען אין אַ געוויסער מאָס ריכטיק, טאָר מען אָבער נישט פאַרגעסן, אַז אַ טייל שולד פאַלט אויף דער אַרישער זייט. זינט עטלעכע חדשים האָט די יידישע געזעלשאַפט געפאָדערט פון די רעגירונגס-פאַקטאָרן געווער פאַרן געטאָ. נאָך לאַנגע, זייער לאַנגע באַמיונגען האָט מען עס באַקומען אין אַזאַ מינימאַלער צאָל, און חוץ לזה אין אַזאַ געמיינער קוואַליטעט, אַז עס איז נישט געווען מעגלעך אונטערצונעמען אַ וועלכע נישט איז פאַרטיידיקונגס-אַקציע. אין משך פון 44 טעג האָט געדויערט די אויסזידלונגס-אַקציע, און פונעם אַרישן צד איז נישט געווען קיין שום אָפּקלאַנג, אַ טויבע שטומקייט האָט געהערשט אויף דער אַרישער זייט און אָנגעזיכט פון דער דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר די אויגן פון הונדערטער טויזנטער פּאָלאַקן. עס איז נישט געווען קיין שום אויפרוף מצד דער רעגירונג, וואָס זאָל רופן צו פאַרטיידיקונג, נישט געווען קיין טרייסט-וואָרט. נישט געווען אפילו קיין צוזאָג פון הילף, אפילו מאָראַלישער. בלויז די פּ. פּ. ס. האָט אַרויסגעלאָזט צו דער יידישער באַפעלקערונג אַן אויפרוף, וואָס איז קאָלפּאָרטירט געוואָרן אינעם „קליינעם געטאָ" און האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „לאָזט זיך נישט!"[61]) דער אויפרוף קלערט אויף די יידן, וואָס עס איז דער אמתער ציל פון דעם גירוש, אינפאָרמירט זיי, אַז אין טרעבלינקע האָט מען שוין פאַרגאַזט 70 טויזנט יידן און רופט די יידישע מאַסן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. אויב עס גייט אין באַזאָרגן דאָס געטאָ אין געווער, האָבן די מיליטערישע קרייזן[62]) פאַרנומען אַ נעגאַטיווע שטעלונג, וועלכע האָט זיך נישט געענדערט ביזן היינטיקן טאָג. מען האָט עס אויסגעטייטשט דערמיט, וואָס די אָפיציעלע פאַקטאָרן האָבן נישט קיין צוטרוי צו דער לאָיאַליטעט פון די יידן, זיי האָבן מורא, אַז מיט אָט דעם געווער זאָל מען זיך נישט באַנוצן קעגן פּוילן. איך ווייס נישט, וויפל אמת עס איז פאַראַן אין די דאָזיקע קלאַנגען, אָבער מיט וואָס-זשע זאָל מען זיך אויסטייטשן אַזאַ קאָנטעקווענטן שטאַנדפּונקט אין דער פראַגע פון געווער פאַרן געטאָ? אין שיין רעדאַגירטע רעזאָלוציעס האָט מען געפּריידיקט, אַז דער חוב פון די מיליטערישע פאַקטאָרן איז צו העלפן, באַוואָפענען דאָס געטאָ צום קאַמף קעגן אָקופּאַנט, אין דער פּראַקטיק זענען די באַשלוסן געבליבן אויפן פּאַפּיר.

נישט דאָ איז דאָס אָרט אַרומצורעדן די אינערלעכע סיבות פון דער פּאַסיווקייט פון די יידן בעת דער יולי-אַקציע. דער בעסטער באַווייז, אַז די פּאַסיווקייט איז געווען אַן איבערגייענדיקע דערשיינונג, באַ-

---

61 דער טעקסט פון דעם דאָזיקן אויפרוף איז נישט באַקאַנט. דאַקעגן איז יאָ באַקאַנט דער טעקסט פונעם אויפרוף פון דעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון פּ.פּ.ר. פון אויגוסט 1942, אין וועלכן די יידן ווערן גערופן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד און די פּאָלאַקן צו געבן הילף די יידן, וואָס אַנטלויפן פון געטאָ.

62 די אָנפירונג פון א.ק.

דינגט דורך אויסערלעכע פאַקטאָרן, איז די יאַנואַר-אַקציע און די אַפּריל-אַקציע פון 1943. דער יידישער ווידערשטאַנד פון דער דאָזיקער צייט האָט אַרויסגערופן אָנערקענונג ביי אַלעמען.

די וויכטיקסטע סיבה פון דער פאַסיווקייט פון די יידן אין יולי 1942 איז געווען די ערשטקלאַסיקע סטראַטעגיע פון די דייטשן, וועלכע איז באַשטאַנען אין אַריינפירן די יידישע באַפעלקערונג אין אַ טעות בנוגע די פאַקטישע צילן פון דעם גירוש. די בבא מעשה וועגן דער איבערזידלונג אויף מזרח, וועלכע איז געוואָרן אונטערגעהאַלטן דורכן יודענראַט, דורך דער כנופיא אַראָפּגעבראַכטע פון לובלין געסטאַפּאָ-אַגענטן[63]), האָט אַזוי טיף איינגעוויגט די יידן, אַז טויזנטער מענטשן, אויסגעהונגערטע מחמת די פּערמאַנענטע בלאָקאַדעס און דעם פּול-שטענדיקן אָפּשטעל פונעם שמוגל, האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן צום אומשלאַג-פּלאַץ, כדי צו פאָרן אויף אַרבעט אויף מזרח. איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען, ווי עטלעכע שוואַכליגע פון דער יידישער אָרדענונגס-דינסט, אָן דער באַגלייטונג פון אוקראַיינער און ס. ס.-מענער, האָבן געפירט צום אומשלאַג אַ גרופּע טרעגער ריזיקע ווי די דעמבעס, מיט ברייטע פּלייצעס און מוסקולן ווי שטאָל. וואָלטן אָט די מענטשן חושד געווען אין דער קלענסטער מאָס, אַז זיי גייען אויף טויט, וואָלט גענוג געווען, אײנער פון זיי זאָל אַ ריר טאָן מיטן פינגער, און די חברה-לייט פון דער אָרדנונגס-דינסט זאָל עוקר זיין און פאַרשווינדן. עס איז צו באַדויערן, וואָס די רעגירונגס-פאַקטאָרן, וועלכע זענען געווים געווען אינפאָרמירט וועגן דעם גורל פון די לובלינער יידן, די אויסגעזידלטע אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג עטלעכע חדשים פון וואַרשע, און זיכער געווען אָריענטירט בנוגע די אמתע פּלענער פון די ס. ס. כלפּי די יידן פון וואַרשע, האָבן וועגן דעם נישט געוואָרנט די יידישע געזעלשאַפט. פּריוואַטע פּערזאָנען, די יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געקאָנט נישט וויסן, וואָס עס פּאַסירט מיט די וואַרשעווער יידן, וועלכע ווערן אַרויסגעשיקט אויף מזרח, אָבער דער פאָרשטייער פון דער רעגירונג אין לאַנד האָט דאָך געהאַט עקספּאָזיטורן צעוואָרפענע איבער דער גאַנצער טעריטאָריע, און פון זיי האָט ער געקאָנט האָבן אינפאָרמאַציעס, וואָס עס איז אַזוינס טרעבלינקע. פאַרוואָס האָט מען נישט געוואָרנט די יידישע באַפעלקערונג, אַז די א. ג. אויסזידלונג איז אין דערווירקלעכקייט אַ מאָרד אין אַ גרויסן פאַרנעם, אַ מאָנסטרועזער מאָרד. דאָס איז געווען אַ קאַרדינאַלער פעלער, וואָס האָט זיך שווער אָפּגערופן אויפן גורל פון דער 400-טויזנטקעפּיקער, גרעסטער יידישער קהלה אין אייראָפּע. ערשט דאָס אַנטלויפן פון עטלעכע מענטשן פון טרעבלינקע, וווּהין מען האָט געשיקט אַלע טראַנספּאָרטן פון וואַרשע, האָט געעפנט ביי

[63] דאָס איז געווען אַ גרופּע יידישע געסטאַפּאָ-אַגענטן מיטן טרויעריק-באַרימטן שאַיע גראַיער אין שפּיץ.

די יידן די אויגן אויפן פּאַקטישן ציל פון די דאָזיקע נסיעות. די [יידישע] קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אויפגעקומען אין מאָמענט פונעם גרעסטן פּסיכישן צוזאַמענברוך פון די וואַרשעווער יידן, האָט ארויסגעלאָזט אין אויגוסט 1942 עטלעכע אויפרופן, וועלכע האָבן אויפגעקלערט, וואָס עס איז אַזוינס טרעבלינקע, און גערופן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. דער דייטשישער טעראָר, די מידקייט צוליב די אומאויפהערלעכע בלאָקאַדעס, די רעזיגנאַציע און פּאַראַליז ביז משוגע ווערן ביי די ברייטע יידישע מאַסן — זענען געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די נישטקאָנטראָלירטע ידיעות פון טרעבלינקע. נאָרמאַל דענקענדיקע מענטשן איז שווער געווען מסכים צו זיין מיטן געדאַנק, אַז עס קאָן זיך געפינען אויפן ערד־קיילער אַ רעגירונג, וואָס האַלט זיך פאַר אַן אייראָפּעישער און וואָס מאָרדעט אויס מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן בלויז דערפאַר, וואָס זיי זענען יידן. דער געזונטער, נאָרמאַלער שכל האָט נישט געקאָנט תופס זיין די קרענקלעכע, אַפּאָקאַליפּטישע בייזע חלומות פון דעגענעראַטן, סאַדיסטן און נאָטאָרישע דיסעלדאָרפער מערדער. עס איז אַזוי אַרום נישט קיין וואונדער, וואָס די אויפרופן פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָבן געוועקט צום ווידערשטאַנד, האָט מען אָנערקענט פאַר אַ פּראָוואָקאַציע פון די דייטשן, וועלכע ווילן אַרויסרופן אַ ווידערשטאַנד, כדי אונטער אָט דעם אויסרייד פאַרניכטן ביזן סוף דאָס וואַרשעווער יידנטום. די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, אָן געווער, פאָרלויפיק אָן אַן אָפּקלאַנג אין דער געזעלשאַפט, האָט געמוזט מיט וויי און פאַרצווייפלונג זיך צוקוקן פּאַסיוו, ווי מען פירט צו דער שחיטה טויזנטער אַרבעטס־מענטשן, פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ, דעם געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן אַקטיוו, די בעסטע יוגנט, אומשולדיקע קינדער, פרויען א. א. וו. מיר זענען דאָ נישט אויסן צו באַרעכטיקן דעם פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו פון די וואַרשעווער יידן, אַז ער איז נישט געשטאַנען אויף דער הויך פון דער אויפגאַבע, אַז ער האָט זיך געלאָזט טעראָריזירן און צוגעלאָזט, אַז דער מאַסן־מאָרד פון וואַרשעווער יידנטום זאָל ווערן דורכגעפירט אָן אויסצאַפּן דורכן קרבן דייטשיש און היידאַמאַקיש בלוט. מיר שטעלן אַנטשלאָסן פעסט, אַז ווען די מאָסגיביקע פּוילישע פאַקטאָרן וואָלטן געגעבן אַ מאָראַלישע הילף און געשטיצט מיט געווער, וואָלטן די דייטשן געמוזט באַצאָלן פאַרן ים יידיש בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן אין יולי, אויגוסט און סעפּטעמבער 1942. איך שטרייך אונטער, אַז איך האָב נישט אויסגעשעפּט דעם גאַנצן פּראָבלעם פון ווידערשטאַנד, איך האָב זיך בלויז באַגרענעצט צו באַלייכטן דעם פּראָבלעם פון דער שטעלונג פון די פּוילישע פאַקטאָרן.

ווען עס האָבן זיך אין סעפּטעמבער 1942 אָפּגעשטעלט די בלאָקאַדעס און עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אַ סך רעלאַציעס פון עדי ראיה וועגן דער מאַסן־שחיטה אין טרעבלינקע, איז געקומען אַ שרעקלעכע אויסניכטערונג. די יידישע באַפעלקערונג האָט פאַרשטאַנען, אַז מען איז

באַגאַנגען אַ שרעקלעכן פעלער, נישט שטעלנדיק קיין ווידערשטאַנד דער ס. ס. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען אינעם טאָג פון פּראָקלאַמירן אין וואַרשע די גירוש=אַקציע וואָלטן אַלע אויפגעשטאַנען, ווען זיי וואָלטן זיך געוואָרפן אויף די דייטשן מיט מעסערס, פלאָקנס, לאָפּאַטעס, האַקמעסערס, ווען מען וואָלט באַגאָסן די דייטשן, אוקראַינער, לעטן און די יידישע אָרדנונגס=דינסט מיט וויטריאָל, הייסער סמאָלע, קאָכעדיק וואַסער א. א. וו., הקיצור: ווען די מענער, פרויען און קינדער, יונג און אַלט וואָלט אַרויס פרייוויליק און אַלע צוזאַמען, וואָלט נישט געווען קיין דריי הונדערט פופציק טויזנט דערמאָרדעטע אין טרעבלינקע, און עס וואָלט געווען בלויז 50000 דערשאָסענע אויף וואַרשעם גאַסן. די האָר פון קאָפּ האָבן זיך געריסן די מענער, וואָס זיי האָבן געלאָזט שטראָפלאָז **צונעמען ביי זיי זייערע טייערסטע, זייערע פרויען און קינדער. ס'האָבן** זיך בקול רם געמאַכט פאָרווורפן די קינדער, וואָס זיי האָבן געלאָזט זיך צונעמען די עלטערן. מען האָט בקול רם בייגעלייגט אַ שבועה: קיינמאָל מער וועט דער דייטש אונדז נישט רירן שטראָפלאָז פון אָרט, מיר וועלן אומקומען, אָבער אויך דער אָקופּאַנט וועט באַצאָלן מיט בלוט פאַר אונדזער בלוט. אונדזער גורל איז געחתמעט — האָט מען געזאָגט. יעדער ייד האָט אין קעשענע אַ טויט=אורטייל, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם גרעסטן מערדער פון אַלע צייטן. מוזן מיר דעריבער טראַכטן נישט אַזוי פיל וועגן ראַטעווען דאָס אייגן לעבן — וואָס איז זייער פּראָבלעמאַטיש — ווי גיכער וועגן אַ ווירדיקן טויט, אַ טויט מיט געווער אין האַנט. די שבועה אין נאָמען פון דעם אָנדענק נאָך די טייערסטע מאַרטירער האָט מען געהאַלטן. דאָס געטאָ האָט זיך גענומען באַוואָפענען און גרייטן אויפצונעמען די נייע קלעפּ, אויף וועלכע מען האָט זיך גערעכנט אין יעדער מינוט. מען האָט געגראָבן אונטערערדישע בונקערס, מען זאָל זיך קענען אין זיי באַהאַלטן אין מאָמענט פון געפאַר. מען האָט אויסגערייניקט דאָס געטאָ פון די היימישע פאַררעטער, יידישע געסטאַפּאָ=לייט; זיי האָבן עס, כדי נישט דערלאָזן, עס זאָל געבוירן ווערן דער געדאַנק וועגן ווידערשטאַנד, פאַרשפּרייט בעת דער גירוש=אַקציע פאַלשע ידיעות וועגן דעם, אַז די אַקציע ענדיקט זיך, געשפּרייט בבא מעשיות וועגן אַרויספאָרן אויפן מזרח, ווו מען קאָרמעט די קינדער מיט „פּריש מילך“. מען האָט זיי דערשאָסן ווי די הינט פאַר דעם, וואָס זיי האָבן קאָלפּאָרטירט מעשיותלעך וועגן לאַגערן פאַר וואַרשעווער יידן אין פאַרשיידענע ערטער, וועגן לאַגערן פאַר וואַרשעווער קינדער א. ד. גל., כדי צו אַנטוואָפענען די יידישע באַפעלקערונג. די קאַמפס=אָרגאַניזאַציע האָט זיך קודם כל אָפּגערעכנט מיט די מענטשן, וואָס האָבן אַדורכגעפירט די גירוש=אַקציע. דער לייטער פון דער יידישער אָרדנונגס=דינסט, פּולקאָווניק שערינסקי, אַ משומד, אַ געוועזענער אָפיציר פון דער פּוילישער פּאָליציי, אַ לאָיאַלער משרת פון די דייטשן, איז דערפאַר, וואָס ער האָט ענערגיש אָנגעפירט מיט דער גי=

דוש-אַקציע, געוואָרן שווער פאַרוווּנדעט דורך אַ קעמפער. זיין פאַרטרעטער, אַדוואָקאַט לעיקין, וואָס די מאַכט האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ און וועלכער האָט אין דער לאָיאַליטעט לגבי די דייטשן איבערגעשטיגן יעדע מאָס, איז געוואָרן „אָפּגערוימט“ דורך דער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע צו דער ריזיקער אַנטציקונג פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. די קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע האָט צוגעגרייט קאַדרען פאַר די קינפטיקע קאַמפן מיטן אָקופּאַנט. מען האָט ווידער אַפּעלירט צו די רעגירונגס-פאַקטאָרן וועגן הילף, וועגן געווער. עס האָבן דעמאָלט געווירקט אין געטאָ און אין די שאָפּן צוויי קאַמפּס-אָרגאַניזאַציעס: די קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע פון דער קאָאָרדינירקאָמיסיע, וועלכע האָט פאַראייניקט אַלע יידישע גרופּירונגען מיטן אויסנאַם פון די ציוניסטן-רעוויזיאָניסטן (השומר הצעיר — אַ יידישע סקויטן-אָרגאַניזאַציע, החלוץ, פועלי ציון לינקע, פועלי ציון רעכטע, בונד, גורדוניה — די יוגנט-אָרגאַניזאַציע פון התאחדות, די לינקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן[64]) און דער יידישער מיליטערישער פאַרבאַנד, וואָס האָט זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון די רעוויזיאָניסטן, וועלכער האָט גראַוויטירט צום פאַשיזם לויטן איטאַליענישן נוסח. עס איז קלאָר, אַז די קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע פון דער קאָאָרדינירקאָמיסיע האָט געהאַט אַ גרעסערן אויטאָריטעט אין דער געזעלשאַפט ווי דער ייד. מיליטערישער פאַרבאַנד; מיטן מאָמענט פונעם אויסברוך פון דער אַקציע איז געקומען צו אַ קאַמפּס-קאָאָרדינאַציע פון ביידע אָרגאַניזאַציעס. עטלעכע טעג פאַר דער אַקציע האָב איך געזען אַ קאָשאַרירטן קאַמפּס-פונקט פון דער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען אַ לאָקאַל פון צוויי צימערן מיט אַ קיך אויף שווינטאָיערסקע-גאַס נ. 32, דריי שטאָק נידעריקער האָט זיך געפונען די וואַך פון דייטשישן ווערקשוץ. אינעם לאָקאַל האָבן זיך טאָג און נאַכט געפונען 10 דעצידירטע אויף אַלץ מענטשן. געווער איז געווען אויפן אָרט. די קעמפער האָבן נישט געטאָרט פאַרלאָזן דעם לאָקאַל, באַשפּייזונג האָבן זיי באַקומען אויפן אָרט. דער אַריינגאַנג אין לאָקאַל האָט געפירט דורך די בוידעמער פון די שכנותדיקע הייזער, אין טיר האָט מען אָנגעקלאַפּט לויט אַן אָפּגערעדטן סימן. אין שטוב זענען געווען דריי קעמפערינס, וועלכע האָבן געגרייט עסן און אויסגעפירט פאַרשיידענע געפערלעכע שליחותן און אינסטרוקציעס פון דער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע. די דיסציפּלין און אָרדענונג זענען געווען מוסטערהאַפטע. די דאָזיקע גרופּע איז געווען פון די לינקע פועלי ציון און זי האָט געהאַט אויף איר חשבון אַ ריי געלונגענע עקספּראָפּריאַציע-אַקציעס (א. ג. עקסן) לטובת דער באַוואָפענונג פון געטאָ א. א. וו.

אין דער זעלביקער צייט האָב איך אויך באַטראַכט דעם אַרסענאַל פון דער ייד. מיליטערישער אָרגאַניזאַציע. דער לאָקאַל האָט זיך גע-

64 אונטער דעם נאָמען זיינען אַרויסגעטראָטן די פּ.פּ.ר. (קאָמוניסטן) אין געטאָ.

פונעץ אין אַ נישטבאַווינטן הויז, אין אַן א. ג. ווילדן הויז אויף מוראַנאָווסקע נ. 7, אין אַ לאָקאַל פון 6 צימערן אויפן ערשטן שטאָק. אינעם צימער פון דער אָנפירונג איז געווען אינסטאַלירט אַן ערשטקלאַסיקער ראַדיאָ, וואָס האָט געבראַכט ידיעות פון דער גאַנצער וועלט, דערנעבן איז געשטאַנען אַ שרייב-מאַשין. די מיטגלידער פון דער אָנפירונג פון דעם מיליטערישן פאַרבאַנד, מיט וועלכע איך האָב געפירט אַ שמועס במשך עטלעכע שעה, זענען געווען באַוואָפנט אין רעוואָלווערן פאַרשטעקטע הינטערן פאַס. אין די גרויסע זאַלן האָט אויף אַ הענגער געהאָנגען געווער מכל המינים, ד. ה.: האַנטמאַשין-געווער, ביקסן, פאַרשיידענע מינים רעוואָלווערן, האַנט-גראַנאַטן, קוילן-טאַשן, טאָרבעס מיט אַמוניציע, דייטשישע מונדירן, מיט וועלכע מען האָט זיך אַזוי דערפאָלגרייך באַנוצט בעת דער אַפּריל-אַקציע א. ד. גל. אין דעם צימער פון דער אָנפירונג איז געווען אַזאַ גרויסע באַוועגונג ווי אין אַן אמתדיקן אַרמיי-שטאַב; מען האָט דאָ אָפּגענומען באַפעלן פאַר די קאָשאַרירטע „פונקטן", ווו מען האָט געזאַמלט און געשולט די קינפטיקע קעמפער. מען האָט געבראַכט ראַפּאָרטן וועגן די עקספּראָפּריאַציעס, וואָס די באַזונדערע גרופּן האָבן דורכגעפירט ביי גבירים לטובת דער באַוואָפענונג פון דער ייד. מיליטערישער אָרגאַניזאַציע. אין מיין אָנוועזנהייט האָט מען דאָרטן איינגעקויפט ביי אַ געוועזענעם אָפיציר פון דער פוילישער אַרמיי געווער פאַר אַ פערטל מיליאָן זלאָטעס, אויף וואָס מען האָט געסילוקט אַן אַדערויף פון 50 000 זל.; מען האָט איינגעקויפט צוויי מאַשין-געווערן צו 40 000 זל., אַ גרעסערע צאָל האַנט-גראַנאַטן און באָמבעס. איך האָב געפרעגט, פאַרוואָס איז דער לאָקאַל נישט פאַרקאָנספּירירט, האָט מען מיר געענטפערט, אַז עס איז נישטאָ קיין מורא פאַר אַ פאַרראַט מצד די אייגענע אָנהענגער, אָבער אויב עס וואָלט אַהער פאַרבלאָנדזשעט אַ נישט-געוווּנטשענער גאַסט, למשל אַ זשאַנדאַר, וואָלט ער קיין לעבעדיקער פון דאַנען נישט אַרויס.

חוץ דער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע האָבן זיך באַוואָפנט פאַרשיידענע גרופּן און באַזונדערע מענטשן. אין געטאָ אַריין איז געפלאָסן געווער אין פאַרשיידענע צאָלן. אין די באַזונדערע שאָפּן האָבן זיך באַוואָפנט אַרבעטער-גרופּן צוזאַמען מיט די מייסטערס, עס האָבן זיך באַוואָפנט טרעגער, בעלי-עגלות, שמוגלער, פלאַצוווקע-אַרבעטער א. א. וו. אַ סך בונקערס האָבן חוץ ראַדיאָ פאַרמאָגט געווער, וועלכן מען האָט געקויפט פאַרן געלט פון די א. ג. אַלגעמיינע בונקער-פאָנדן. די קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע האָט חוץ געווער צוגעגרייט אַ גרויסע צאָל פלעשער מיט אויפרייס-פליסיקייטן, וועלכע האָבן געדאַרפט דינען אַרויסצורופן אַ פּאַניק ביי די דייטשן, אונטערצוצינדן הייזער, פאַבריק-מאַגאַזינען א. ד. גל. די פלעשער מיט די אויפרייס-פליסיקייטן האָט מען דערפאָלגרייך באַנוצט אין געווויסע שאָפּן נאָך פאַר דער אַפּריל-אַקציע. אַזוי האָט, למשל, די קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע אונטערגעצונדן און צעשטערט אין האַללמאַנס

שאָפּ( נאָוואָליפּקי 83=55) אַ גרויסן מאַגאַזין, ווו עס האָט זיך געפונען גרייטע מעבל פאַר דער דייטשישער אַרמיי. באַזונדערע בונקערס האָבן אויך פאַבריצירט אַזעלכע פלעשער און צוגעגרייט אַ פאַרטרעטונגס-וואָפן, ווי העק, האַמערס א. ד. גל. די קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע האָט נישט געהאַלטן בסוד אָט די סטיכיישע באַוואָפענונגס-אַקציעס, זי איז אַרויסגעגאַנגען פון שטאַנדפּונקט, אַז די דייטשישע טאַקטיק וועט פאַראַליזירן אַלע עווענטועלע פאַרטיידיקונגס-פּרווון פון די באַזונדערע בונקערס. די קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע האָט גערעכנט, אַז די דייטשן וועלן אָנווענדן די טאַקטיק פון אומגעריכטן אָנפאַל, און דעריבער זענען די קאַמפּס-גרופּן אין משך פון עטלעכע חדשים געווען אין אַלאַרם-צושטאַנד, גרייט יעדע רגע אַרויסצוטרעטן. מען האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געגלויבט, אַז דאָס געטאָ וועט באַווייזן זיך צו פאַרטיידיקן אין משך פון אַ לענגערער צייט. מען האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין והשבון, אַז דאָס וועט זיין אַ קאַמף פון אַ פליג מיט אַ העלפאַנד, אָבער די נאַציאָנאַלע ווירדע האָט דיקטירט די יידן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד און נישט לאָזן זיך פירן הפקרדיק צו דער שחיטה. מיר וועלן דאָ נישט באַשרייבן די געשיכטע פון דער אומזידלונגס-אַקציע פון יאַנואַר 1943. אויף 10 000 אַרויסגעפירטע[65] איז געווען קרוב 1000 דערשאָסענע אויפן אָרט, מחמת דעם ענערגישן ווידערשטאַנד, וואָס עס האָט געשטעלט די באַפעלקערונג פון גאַנצע וווין-בלאָקן. צום לויב פון דער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע דאַרף ווערן באַטאָנט, אַז די ס.ס.-מענער האָבן זיך געלאָזט אין געטאָ אַריין אַזוי ווי אויף אַ שלאַכט-פעלד, באַוואָפנט אין קליינע טאַנקן, פעלד-האַרמאַטלעך, האַנט-גראַנאַטן, קליינע און שווערע מאַשין-געווערן וכדומה. אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ האָט זיך איינגעאָרדנט דער אַרמיי-שטאַב מיט די מאַפּעס פון געטאָ צעלייגט אויף טישן, און קוריערן אויף מאָטאָציקלעך און ראָווערן האָבן געאיילט אַהין און קריק מיט באַפעלן פאַר די באַזונדערע מיליטערישע אָפּטיילונגען, וואָס זענען געווען לאָקירט אין די הייזער און פלעצער פונעם געטאָ. דער פּחד פאַר די [יידישע] קעמפער איז געווען אַזוי גרויס, אַז די זשאַנדאַרן און ס. ס.-מענער, וואָס האָבן אָפּערירט אין געטאָ, האָבן מורא געהאַט אַריינצוגיין אין די יידישע וווינונגען און געשיקט אויף אויסשפּירונג די מיטגלידער פון דער יידישער אָרדנונגס-דינסט. ווען די לעצטע האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין דעם הויז זענען באַוואָפנטע יידן נישט בנמצא, איז ערשט דעמאָלט אַריין די זשאַנדאַרמעריע, כדי דורכצופירן אַ גענויע רעוויזיע. די געכאַפּטע יידן האָט מען געהייסן אויפהויבן די הענט אין דער הויך, אַזוי ווי געפאַנגענע אויפן פראָנט. מיר קענען נישט די גענויע ציפער פון די קרבנות פון די דייטשן און פון זייערע אוקראַינישע יוצר משרתים, אָבער זיכער איז, אַז עס זענען געווען צענדליקער [קרבנות].

65 סטראָאָפּ גיט אָן אין זיין רעפּעראַט אַ קלענערע ציפער — 6.500 אַרויסגעפירטע בעת דער אַקציע פון יאַנואַר 1943.

די פּוילישע עפֿנטלעכע מיינונג האָט שטאַרק רעאַגירט אויפֿן ווידערשטאַנד אין געטאָ. די אונטערערדישע פּרעסע האָט זיך אויסגעדריקט מיט גרויס אָנערקענונג וועגן דער העלדישער האַלטונג פֿונעם געטאָ. מען האָט פֿאַרגליכן דעם יאַנואַר 1943 מיטן יולי 1942, די פּאַסיווקייט פֿון די וואַרשעווער ייִדן דעמאָלט מיט זייער אַקטיוון אַרויסטריט איצט נאָך די דערפֿאַרונגען פֿון יענער תּקופֿה. דאָס אַלץ האָט אָבער נישט געהאַט קיין ווירקונג אויף דער ענדערונג פֿון דער באַציִונג פֿון די רעגירונגספֿאַקטאָרן צו די ייִדן אין הינזיכט פֿון דעם ווידערשטאַנד. נישט געקוקט אויף די אומאויפֿהערלעכע אַפּעלן מצד די ייִדן, האָט מען צוגעשטעלט געווער אין אַן אַפּטייקערישער צאָל.

עס האָט זיך דערנעענטערט אַפּריל 1943, די געדענקפֿולע דאַטע אין דער געשיכטע פֿון וואַרשעווער ייִדנטום, די דאַטע פֿון ליקווידירן די ייִדן אין וואַרשע. די קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, אָט די אומלעגאַלע רעגירונג פֿונעם געטאָ, האָט געמאַכט ענערגישע צוגרייטונגען צו דער זעלבשוץ. מיט טעראָר האָט מען דעראָבערט גרויסע פֿינאַנס־מיטלען ביי די מלחמה־עשירים, וועלכע האָבן מיטן גוטן ווילן נישט געוואָלט געבן אַ גראָשן. די עקשנים אָדער זייערע משפּחות האָט מען אַרעסטירט אין מיטן העלן טאָג און געהאַלטן אין קאָנספּיראַטיווע דירות ביז מען האָט געסילוקט די אַרויפֿגעלייגטע סומע, וועלכע האָט דערגרייכט ביז צענער טויזנטער און אַמאָל אויך הונדערטער טויזנטער זלאָטעס. מען האָט דערקלערט אַ מלחמה די שפּיצלעס, געסטאַפּאָ־אַגענטן, די יוצר משרתים פֿון די דייטשן אויפֿן פּראָדוקציע־געביט, די מייסטערס וואָס עקספּלואַטירן די ייִדישע אַרבעטער, כּדי צו פֿאַרגרעסערן די דייטשישע פּראָדוקציע, די ווערקשוצן, וואָס דריקן די שאָפּ־איינגעווייער, די שאָפּ־דירעקטאָרן און די אַנדערע, וואָס האָבן אַגיטירט פֿאַרן פֿרייוויליקן אַרויספֿאָר אין די אַרבעטס־לאַגערן פֿון ס. ס. אין טראַווניק צי פּאָניאַטאָוו. די טויט־אורטיילן, וואָס זענען פּלאַקאַטירט און באַגרינדעט געוואָרן אויף די מויערן פֿון די שאָפּן און פֿון געטאָ און וואָס זענען געוואָרן אויסגעפֿירט בפּרהסיא, האָבן געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אויף אַלעמען. עס איז געוואַקסן דער אויטאָריטעט פֿון דער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט מיט פּראָפּאַגאַנדע און קוילן־שאָס באַוויזן די געזעלשאַפֿט זיך צוצוהערן צו איר. מיט דעם פֿאַקט האָבן זיך געמוזט רעכענען די „קעניגן" פֿון דער דייטשישער אינדוסטריע טעבענס און שולץ, וועלכע האָבן אויף די שאָפּן־מויערן פּלאַקאַטירט מיט דער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, רופֿנדיק זייערע אַרבעטער אַרויסצופֿאָרן קיין פּאָניאַטאָוו און טראַווניק. איך געדענק אַ שמועס, וואָס איך האָב געהאַט מיטן געפֿאַלענעם בעת דער אַפּריל־אַקציע קאָמענדאַנט פֿון דער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, דעם מיטגליד פֿונעם הויפּט־ראַט פֿון השומר הצעיר מרדכי אַניעלעוויטש (פּסעוודאָ: „מאַריאַן"־מרדכי). ער האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די שאַנסן פֿון דעם אומגלייכן קאַמף, ער האָט פֿאָרגעזען די פֿאַרניכטונג פֿון געטאָ און פֿון די

שאָפּן, ער איז געווען זיכער, אַז נישט ער, נישט זיינע קעמפער וועלן איבערלעבן די געטאָ=ליקווידאַציע, אַז זיי וועלן אומקומען ווי היימלאָזע הינט, און קיינער וועט נישט וויסן אפילו, וווּ זייער געביין איז אַהינגעקומען. נאָך אַ ריי העלדישע מעשים אין יאַנואַר און אַפּריל 1943 איז ער אומגעקומען עטלעכע וואָכן נאָכן אויסברוך פון דער אַפּריל=אַקציע אין אַ בונקער מיט 5 אַריינגענג, אַ דערשטיקטער פון די גאַזן, וואָס די דייטשן האָבן אַריינגעלאָזט פאַרן אַריינרייסן זיך פון 5 זייטן אין בונקער אַריין.

עס איז אויסגעבראָכן די אַפּריל=אַקציע. איבער די גאַסן פון געטאָ האָבן אין דער נאַכט פון זונטיק אויף מאָנטיק (פון 17=טן און אויפן 18=טן אַפּריל[66]) געקרייזט די פּאַטראָלן פון דער קאַמפּס=אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן גערופן די באַפעלקערונג צו פאַרשטעקן זיך אין באַהעלטענישן. עס האָט זיך באַוויזן אַ זעקסטויזנטקעפּיקע דייטשישע אַרמיי, באַוואָפנט אין מאָדערנעם מאָטאָריזירטן געווער. קעגן דער דאָזיקער מאָדערנער אַרמיי איז אַרויסגעטראָטן אַ הייפל טויט=גרייטע מענטשן, באַוואָפנט אין רעוואָלווערן נישט פון בעסטער קוואַליטעט, אַ הייפל פון דער בעסטער, נאָבלסטער יוגנט, פול מיטן באַוווסטזיין, אַז עס דערוואַרט זי דער טויט. מיר וועלן דאָ נישט שילדערן בפרטיות דעם פאַרלויף פון דעם קאַמף מיט די דייטשן אין אַפּריל 1943. עס האָבן געקעמפט אין געטאָ פאַרשיידענע גרופּן, אין דעם בערשטער=שאָפּ אויף שווינטאָיערסקע=גאַס, אין די שאָפּן פון שולץ, טעבענס א. א. וו. מען האָט געקעמפט אויף די דעכער פון די הייזער, איבער וועלכע עס האָבן געפלאַטערט די פּוילישע און ציוניסטישע (ווייס=בלויע) פאָן[67]. מאָנטיק, דעם 18 [19] אַפּריל, אין די נאָכמיטאָג=שעהן, בין איך געווען אַן עד ראיה פון דעם פערטן שטאָק אויף נאַלעווקעס נ. 32 — פון אַזאַ קאַמף אויף מוראַנאָווסקע=גאַס. די טראָפּעען אין דעם געשטאַלט פון די פענער האָבן די דייטשן געוויזן מיט שטאָלץ אין דער קאָמענדאַנטור פון דער אָרדנונגס=דינסט און זיך גערימט מיט אָט דער דעראָבערונג. די קעמפער האָבן באַשאָסן די פאַרביימאַרשירנדיקע טיילן פון ס. ס. און אוקראַינער (למשל פונעם הויז לעשנאָ נ. 76, וווּ עס האָט זיך געפונען דער שאָפּ פון ק. ג. שולץ). מען האָט געשאָסן אין די דייטשן און היידאַמאַקעס פון רעוואָלווערן און מאַשין=געווער, מען האָט זיי באַוואָרפן מיט האַנט=גראַנאַטן און באָמבעס. גענעראַל סטראָאָפּ, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אָפּערירנדיקער אין געטאָ אַרמיי, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ צווייטן סוואָראָוו, מיט דעם אונטערשייד, וואָס די שחיטה אין פּראַגע[68]) איז געווען אַ קינדער=שפּיל אין פאַרגלייך מיט דעם. וואָס עס האָבן

66 אַ טעות, עס דאַרף זיין: אין דער נאַכט פון 18=טן אויפן 19=טן אַפּריל.

67 אויף מילע=גאַס איז אויך אַרויסגעהאָנגען געוואָרן אַ רויטע פאָן.

68 בעת דעם קאָשטשיושקאָ=אויפשטאַנד אין יאָר 1794, אין וועלכן עס האָבן אָנטייל גענומען יידן (בערעק יאָסעלעוויטשעס פּולק).

דאָ אויפגעטאָן די דייטשישע סאָלדאַטאָנען. די „פּילקע"־שפּיל פון די קאָזאַקן, וועלכע האָבן אויף פּיקעס אונטערגעהויבט יידישע קינדער אין פּראַגע, איז באמת אַ שפּילעכל לגבי די מעשים תעתועים פון דעם דייטשישן סאָלדאַט אינעם יאָר 1943. מיט דער דייטשישער סיסטעמאַטישקייט האָט מען צוגעגרייט אַ געהעריקן באָדן פאַר דער אכזריות. די דייטשישע אָנפירונג און פּרעסע האָבן טאַקע צוליב דעם געטענהעט, אַז עס גייט אין דערשטיקן אַ בונט פון די יידן; זיי [די יידן] האָבן אָרגאַניזירט פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, וועלכע הרגענען דייטשישע זעלנער. מען האָט אויפגעקלערט די דייטשישע סאָלדאַטן, אַז אין געטאָ זענען פאַראַן פאַרשטעקטע אין „בונקערס" באַנדיטן, וועלכע פאַלן אָן פון דאָרטן אויפן דייטשישן מיליטער. פון אָט די קוואַלן שטאַמען די קלאַנגען, אַז צוזאַמען מיט די יידישע קעמפער זענען אין געטאָ פאַראַן סאָוויעטישע פּאַראַשוטיסטן, באָלשעוויסטישע געפאַנגענע אַנטלאָפענע פון געפאַנגענשאַפט און דייטשישע דערזערטערן; זיי זענען אַלע אויסגעצייכנט אויסגעשטאַט דורך סאָוויעטישע אַעראָפּלאַנען, וואָס באַזאָרגן זיי סיסטעמאַטיש אין געווער און שפּייז. די זעלביקע קוואַלן האָבן אויך אינפאָרמירט, אַז עס איז צו דערוואַרטן סאָוויעטישע הילף פאַרן געטאָ; געווער און מענטשן. דער גלויבן אין אָט דער הילף איז געווען אַזוי פאַרשפּרייט, אַז לויט דער דערציילונג פון אַן עד ראיה האָט די גאַנצע געטאָ־באַפעלקערונג דעם „גרויסן פרייטיק"[69]) געווענדט די אויגן צו אַ געוויסן פּונקט אין הימל, מיינענדיק, אַז דאָס איז אַ פאַראַסאָל פון סאָוויעטישע פּאַראַשוטיסטן. דאָס איז געווען דער איינציקער האָפענונגסשטראַל פון די טויט־פאַרמשפּטע מענטשן אין געטאָ און פאַר דער שארית הפליטה פון די קעמפער, וואָס האָבן זיך פאַרטיידיקט אין די נאָך נישט פאַרברענטע הייזער.

אויף דער אַרישער זייט האָט מען זיך זייער שטאַרק אינטערעסירט מיט די געשעענישן אין געטאָ. מען האָט דערציילט, אַז די דייטשן האָבן מורא זיך צו ווייזן אין דעם אויסגעברענטן שטח און רוקן זיך פאָרויס אונטערצינדנדיק איין הויז נאָכן אַנדערן. מען האָט זיך אויסגעדריקט מיט פאַראַכטונג וועגן די דייטשן פאַר זייערע גרויזאַמקייטן, מען האָט געחוזקט פון זיי, אַז זיי קאָנען זיך נישט קיין עצה געבן מיט אַ הייפל יידן, וועלכע קעמפן פאַר זייער כבוד. פון מויל צו מויל האָט מען זיך איבערגעגעבן ידיעות וועגן די פאַרלוסטן פון די יידן אינעם קאַמף מיט די דייטשן, וועגן טאַנקן באַגאָסענע דורך די יידן מיט בענזין און אַזוי אַרום אונטערגעצונדענע, און וועגן אַנדערע מינים געווער דעראָבערטע דורך די יידן. מען האָט דערציילט וועגן טויזנטער דייטשן און אוקראַינער דערהרגעטע אין קאַמף מיט די יידן. עס זענען געווען קלאַנגען וועגן

---

69 אַ פרייטיק פאַרן קאַטוילישן פּסחא, וואָס איז אויסגעפאַלן טאַקע אין דער צייט פונעם געטאָ־אויפשטאַנד (וועלכער איז אויסגעבראָכן דעם ערשטן טאָג פּסח).

דעראָבערן דעם פּאַוויאַק און באַפרייען די אַרעסטירטע, וועלכע זענען
צוגעטראָטן צום קאַמף[70]). אין שטאָט האָט קורסירט אַ ידיעה וועגן
אַ הייפל יידן, וואָס האָט דעראָבערט אַ טאַנק, האָט זיך אַרויפגעזעצט
אויף אים און איז אַרויסגעפאָרן מחוץ דעם געטאָ=תחום. די פאָלקס=פאַנ=
טאַזיע האָט אויך געזען אַ יידישע זשאַן ד׳אַרק. אויף שווענטאָיערסקע
נ. 28, וווּ עס איז געווען דער בערישטער=שטאָב, וואָס האָט זיך אויסגע=
צייכנט בשעת די אַפּריל=קאַמפן, האָט מען געזען אַ שיין אַכצניעריק
מיידל אין ווייסן, וועלכע האָט אויסערגעוויינלעך טרעפלעך געשאָסן פון
אַ מאַשין=געווער אין די דייטשן. און איר האָט קיין שום קויל נישט גע=
שאַדט, זי האָט קאָנטיק געטראָגן עפּעס אַ פּאַנצער —אַזוי האָט מען
דערציילט צווישן פאָלק. אין משך פון זעקס וואָכן האָט געהילכט אין
געטאָ אַ כסדרדיקע שיסעריי, די בראַנד שריפה האָט געצייכנט די שפּורן
פון דעם פאָרויסרוקן זיך פון די דייטשן. די דייטשן האָבן זיך מיט כל
האופנים באַמיט אָפּצוטיילן דאָס קעמפנדיקע און בלוט=אָפּגייענדיקע
געטאָ פון הער אַרישער באַפעלקערונג, אַז קיין שום ידיעות פון שלאַכט=
פעלד זאָלן זיך נישט אַריבערקריגן און אַז פון געטאָ זאָל זיך נישט
אַרויסבאַקומען קיין לעבעדיקער נפש. צוליב דעם האָט מען פאַרבאָטן
די אַריער צו גיין אין די גאַסן, וואָס האָבן געגרענעצט מיטן געטאָ, ד.
ה.: אויף לעשנאָ, באָניפראַטן, שווענטאָיערסקע א. א. מען האָט אָפּגע=
שטעלט דעם טראַמוויי=פאַרקער אויף אָט די גאַסן און אים געווענדט
דורך אַרומיקע גאַסן. אין די פאַרשפּרייטע דעמאָלט אויף דער אַרישער
זייט קלאַנגען איז געווען אַ שפּאָר ביסל פאַנטאַזיע, אָבער זיי האָבן אויך
פאַרמאָגט אויטענטישע פאַקטן, הגם אַביסל פאַרדרייטע. די לעגענדע
וועגן דעם יידישן אָרלעאַן=מיידל איז געבוירן געוואָרן דערפאַר, וואָס די
יידישע מיידלעך האָבן גענומען אין דער קאַמפס=אַקציע אַן אָנטייל גלייך
ווי די מענער. איך האָב געקענט די דאָזיקע העלדישע מיידלעך פון די
צייטן פאַר דער אַקציע, זיי האָבן סרוב געהערט צו די אָרגאַניזאַציעס
השומר הצעיר און החלוץ. אין משך פון דער גאַנצער צייט פון דער
איצטיקער מלחמה האָבן זיי געאַרבעט געזעלשאַפטלעך מיט גרויס אי=
בערגעגעבנקייט און אויסערגעוויינלעכן מסירת נפש, אומעטום האָבן זיי
דערגרייכט מיט די אינסטרוקציעס פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט,
געקויפט און אריבערגעפירט געווער, אויסגעפירט טויט=אורטיילן פון דער
קאַמפס=אָרגאַניזאַציע, געשאָסן צו זשאַנדאַרן און ס. ס. אין דער צייט
פון דער יאַנואַר=אַקציע, זיי האָבן מיט זייער דרייסטקייט, רירעוודיקייט
און קאַמפסגרייטקייט פאַרשטעקט אין אַרבל די מענער. איך האָב אַליין
געזען, ווי יידישע פרויען האָבן געשאָסן פון אַ דאַך פון אַ מאַשין=גע=
ווער. איינע פון אָט די העלדישע מיידלעך האָט זיך מסתמא אויסגע=

---

70 אָט די ידיעה, וועלכע עס האָט אויך געבראַכט די פּוילישע אונטערערדי=
שע פּרעסע, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט ריכטיק.

צייכנט אין אַ שווערער שלאַכט פון דער קאַמפּס=אָרגאַניזאַציע אויף שווינטאָיערסקע=גאַס, און פון דאַנען די לעגענדע וועגן דער יידישער זשאַן ד'אַרק.

די אַפּריל=אַקציע פון 1943 האָט זיך קונה שם געווען אפילו אויסער די גרענעצן פון לאַנד. די אַמעריקאַנישע און ענגלישע ראַדיאָסטאַציעס, וועלכע זענען דורך אַ קורץ=כוואַליע=אַפּאַראַט אינפאָרמירט געוואָרן וועגן פאַרלויף פון די אַפּריל=קאַמפן, האָבן גערופן דאָס פּוילישע פאָלק צו געבן די יידן מאַטעריעלע הילף און צו באַהאַלטן יידן (די אווידיציע פון 5 צי 6 מאַי 1943). בעת דער אַפּריל=אַקציע איז שוין געווען אַ געוויסע צוזאַמענאַרבעט מיט דער פּוילישער זייט. מען האָט צוגעשטעלט געווער מיטן אַלטן טראַקט, ד. ה. דורך די מויערן און קאַנאַלן, מען האָט אַביסל געהאָלפן די קעמפער און אַנטלאָפענע פון געטאָ. דער רעגירונגס=דעלעגאַט אין לאַנד האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף פול מיט אָנערקענונג פאַר די וואַרשעווער יידן, וועלכע קעמפן פאַר זייער כבוד מיט געווער אין האַנט. ער האָט דאָרטן גערופן די פּוילישע באַפעלקערונג צו דערטיילן הילף די אַנטלאָפענע פון געטאָ, וואָס שטייט אין פלאַמען. די פּ. פּ. ס. האָט אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף מיט אַן ענלעכן אינהאַלט.

די יידישע קעמפער האָבן איבערגעטראָגן דעם קאַמף אויפן אַרישן שטח. דער אָנפירער פון דער קאַמפּס=גרופּע אויף שווינטאָיערסקע=גאַס האָט פונעם געטאָ=מויער געהאַלטן אַ רעדע צו דער פּוילישער באַפעלקערונג און זיי גערופן מיטקעמפן. די דאָזיקע פּרעכטיקע רעדע האָט ער — לויט אַ רעלאַציע פון אַן עד ראיה —פאַרענדיקט מיטן אויסרוף: זאָל לעבן פּוילן! בייגאַכט האָבן זיך די קעמפער מיט רעוואָלווערן אין די הענט דורכגעריסן דורך די מויערן, געהרגעט אוקראַינישע וועכטער אָדער ליטווישע שאַוליסן און זיך באַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט. אויף די פּלעצער, וואָס האָבן געגרענעצט מיטן געטאָ, איז נישט איינמאָל געקומען צו אַ קאַמף מיט די דייטשן און אפילו מיט דער פּוילישער פּאָליציי. אַזעלכע אַרויסרייס=שלאַכטן פון קאַמפּס=„פינפטלעך“ ביי די מויערן, אָדער דורך די אונטערערדישע דורכגענג האָבן געהאַט אַן אָרט אויפן פּלאַץ ביים אייזערנעם טויער, אויפן קראַשינסקי=פּלאַץ, טעאַטער=פּלאַץ, מוראַנאָווער פּלאַץ א. א. וו. אויפן טעאַטער=פּלאַץ האָט די פּוילישע פּאָליציי געכאַפּט עטלעכע קעמפער, וועלכע האָבן אַ שליידער געטאָן אַ גראַנאַט און געוואָלט אַנטלויפן. מען האָט זיי געכאַפּט און דערשאָסן אין איינעם פון די צעשטערטע הייזער אויף קרולעווסקע=גאַס. אַ גרעסערע קעמפער=גרופּע (קרוב 100 מאַן) איז — נאָכן אָפּהאַלטן אַ שלאַכט מיט די מויערוואַכן — אַנטלאָפן אין דער קאַמפּינאָסער פּושטשע, צו די דאָרטיקע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. איינע פון די טעטיקע אין לאַנד פּאָליטישע פּאַרטייען[71] האָט אָרגאַניזירט דאָס אַנטלויפן [פון אַ גרופּע יידישע קעמפער]

[71] די פּ.פּ.ר. און די פאָלקס=גוואַרדיע, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט צוויי מאָל דאָס אַרויספירן קרוב 100 יידישע קעמפער דורך קאַנאַלן אין די ווישקעווער

אויף אַ לאַסט־אויטאָ. חוץ קעמפּער זענען געלאָפן אויף דער אַרישער זייט אויך אַנדערע געטאָ־איינוווינער, הגם אומבאַוואָפנטע האָט זיך האָס אײַנגעגעבן זעלטן. מען האָט מיר דערציילט אַ מעשה שהיה, אַז אַ גרופּע 60 ייִדן האָט זיך אַרויסבאַקומען דורך די חורבות פון עפּעס אַ הויז אויף גזשיבאָווסקע־גאַס אויף דער אַרישער זייט דורך די שטעכל־דראָטן און צעקאַלטשעט זיך די הענט. די שכנים פון דעם הויז האָבן געזען די טראַגישע סצענע, אָבער צום גליק האָט קיינער נישט אויסגעגעבן די ייִדן די אַנטלאָפענע פון געטאָ. ווען די „גוטע גייסטער" האָבן אַפּעלירט צו דער פּוילישער באַפעלקערונג, זי זאָל אויסבאַהאַלטן ייִדן, האָבן די „בייזע רוחות" אין געשטאַלט פון שמאַלצאָווניקעס־באַנדעס, פון פּאָליציי־אַגענטן און פּאָליציי אין מונדירן זיך געוואָרפן אויף די געטאָ־פּליטים ווי היענעס אויף אַ פּגר. דאָס געטאָ איז געשטאַנען אין פלאַמען, מען האָט דאָרטן לעבעדיקערהייט געברענט די געכאַפּטע קרבנות, עס האָט כסדר געהילכט די געקנאַלעריי פון די מיט דינאַמיט אויפגעריסענע בונקערס און אָט די מנוולים און אויסוואָרפן האָבן געפּראַוועט געיעגן אויף ייִדן. אַן עד ראיה האָט מיר דערציילט די פאָלגנדיקע געשיכטע: דעם פערטן טאָג פון דער אַקציע איז דורכגעגאַנגען איבער לעשנאָ־גאַס אַ קאָלאָנע ייִדישע אַרבעטער, וועלכער עס איז געלונגען איבערצוקויפן דעם דייטשישן קאָנוואָיענט און באַקומען אַ דערלויבעניש צו פאַרלאָזן די קאָלאָנע און אַריבערצוגיין אויף דער אַרישער זייט. איבער צען פערזאָן האָבן געוואָלט געניסן פון דער זעלטענער געלעגנהייט זיך אַרויסצורייסן פון די נעגל פון טויט. אויף עק קאַרמעליצקע און לעשנאָ האָבן זיי זיך אָפּגעטיילט פון דער איבעריקער גרופּע און געוואָלט זיך אַריבערבאַקומען אויף דער אַרישער זייט. עס זענען גלייך צוגעשפּרונגען באַנדעס „שמאַלצאָווניקעס", וואָס האָבן פאַראַזיטעוועט אויפן ייִדישן אומגליק, און זיי צוריק פאַרטריבן אין ברענענדיקן געטאָ. אַן אַנדערער ענלעכער פאַל האָט פּאַסירט אויף שווינטאָיערסקע־גאַס. זעקס ייִדן האָבן זיך דורכגעריסן דורכן קאַנאַל אויף דער אַרישער זייט. דאָס האָט באַמערקט אַן אַריש ייִנגל, וועלכער האָט זיך דאָרטן געשפּילט. דערצויגן אין דער היים, אַז אַ ייִד איז אַ מאָנסטער, מיט וועלכן מען שרעקט צעלאָזענע קינדער (אַ זשיד וועט דיר נעמען אין זאַק אַריין), האָט ער געגעבן צו וויסן דער אָפּערירנדיקער אין שכנות „שמאַלצאָווניקעס"־באַנדע. די פּליטים האָבן זיך אויסגעקויפט פאַר אַ סומע פון 5000 זל., אָבער דאָס האָט זיי נישט געראַטעוועט, ווייל אַ צווייטער שאַנטאַזשיסט האָט אויסגעגעבן די ייִדן אין די הענט פון דער מאַכט. אין יענע טעג האָט מען פאַרהאַלטן אין די גאַסן אויך אַ סך

---

וועלדער, וו עס איז פון זיי געשאַפן געוואָרן די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג א. נ. פון אַניעלעוויטש. די פאָלקס־גוואַרדיע האָט חוץ דעם צוויי מאָל אַטאַקירט די דייטשן ביי די געטאָ־מויערן פון דרויסן. אויך אַ גרופּע פון א.ק. האָט אַטאַקירט די דייטשן ביי די מויערן אין דער געגנט פון סאַפּיעזשינסקע־גאַס.

אַריער פאַרדעכטיקטע אין יידישן אָפּשטאַם. די פאַרהאַלטענע אויף די גאַסן האָט מען עלעהיי פּראָצעסיעס אָפּגעפירט אין די קאָמיסאַריאַטן פון דער פוילישער פּאָליציי.

די אַפּריל-אַקציע, די דייטשישע אכזריותדיקייטן, די פאַרטיידיקונג פון געטאָ, דאָס ברענען הייזער און מענטשן — זענען געווען דער געשפּרעך פון טאָג אין די גאַסן, טראַמווייען א. א. וו. מיר ברענגען אַ ריי אַזעלכע אויטענטישע שמועסן. אַ פרומע אַלטע באָבע: בעת דער גרויסער וואָך[72] האָבן די יידן פאַרפייניקט קריסטוסן. אין דער גרויסער וואָך ווערן די יידן פאַרפייניקט דורך די דייטשן. אַ זיבעציק יאָריקער גלח: עס איז גוט געשען. די יידן האָבן אין געטאָ געהאַט אַ גרויסע מיליטערישע קראַפט. ווען זיי וואָלטן עס נישט געווענדט קעגן די דייטשן, וואָלטן זיי עס פאַרנוצט קעגן אונדז. אַ געשפּרעך אין אַ טראַמוויי: די קליינע יידעלעך ברענט מען, און די גרויסע רעגירן אין אַמעריקע און נאָך דער מלחמה וועלן זיי מיט אונדז רעגירן. אַ קליינבירגערלעכע באַלעבאָסטע: עס איז אַ מורא צו קוקן, וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ, שרעקלעכע זאַכן. און אפשר איז גוט, וואָס עס איז אַזוי געשען. די יידן זויגן אונדזער בלוט, זיי האָבן געזאָגט: אייערע גאַסן און אונדזערע הייזער. זיי האָבן צו אונדז געזאָגט: איר וואָלט געוואָלט האָבן פוילן אָן יידן, האָט איר יידן אָן פוילן. צוויי סוחרים פון גזשיבאָווער פּלאַץ: איינער באַדויערט, וואָס צוליב די שריפות אין געטאָ וועט דאָס צוקונפטיקע פוילן אַ סך פאַרלירן, אַ סך מלוכה-אייגנטום איז אַוועק מיטן רויך. זאָגט אויף דעם דער צווייטער: באַדויערט נישט, דאָס געטאָ איז געווען אַ שטיקנדיקער ראַיאָן און עס איז גוט געשען, וואָס מיר האָבן עס מער נישט. מיר וועלן אָפּבויען דעם ראַיאָן אַ סך שענער, ריינער, אָבער שוין אָן יידן. אַ לערערין, אַ פאַרזעסענע מויד: דער מענטש האָט רחמנות אויף אַ קאַץ, אָבער אַ ייד איז דאָך אויכעט אַ מענטש, הגם ער איז אַ ייד. ווען זי האָט אָבער אינצווישן באַקומען אַ בריוו פון אַ קרובה פון דעם מיידאַנעקער לאַגער, בכן די יידישע קריגס-געפאַנגענע באַגייען זיך שלעכט מיט די פּאָלאַקן, האָט זי געזאָגט: איך באַדויער די יידן, אָבער איצט, ווען זייערע ברידער באַגייען זיך אַזוי שלעכט מיט אונדזערע, זאָלן זיי די דייטשן אויסשחטן ביז איינעם. אַ אָ. ג.

ר.-חברהמאַן האָט קורץ און שאַרף פאָרמולירט זיין אני מאמין בנוגע דער אַפּריל-אַקציע: עס איז נאָך ווייניק, וואָס מען ברענט די זשידעס. אַ צווייטער מענטשנפרעסער האָט עס פאָרמולירט נאָך קירצער: „עס ברענען וואַנצן“.

בנוגע הילף, וואָס דאָס געטאָ האָט פאַרלאַנגט פון דער אַרישער זייט: אַ פרוי פון אַ קאַפּיטאַן, אַ פּאָסט-באַאַמטין: פאַר דער מלחמה האָבן די יידן שפּיאָנירט לטובת די שונאים, און איצט פאָדערן די אויסוואורפן פון אונדז הילף. עס איז נישטאָ פאַר וועמען צו פאַרגיסן בלוט. אַ פּ. פּ. ס.-

72 די וואָך פאַרן קריסטלעכן פסחא.

מיטגליד: די אָרגאַניזאַציע איז נישט צוגעגרייט צום באַוואָפנטן אַרויסטריט. מיר פילן מיט מיט די יידן אין זייער טראַגישער לאַגע. מען דאַרף זיי צושטעלן געווער, אָבער אַקטיווע צוזאַמענאַרבעט איז נישט מעגלעך. לשם אַ העכערער זאַך, לשם דער זאַך פון דער אומאָפּהענגיקייט מוזן אַלע ליידן. די פּאַרטיי מוז אויסקלייבן אַ באַקוועמען פּאַר איר מאָמענט צום קאַמף, און זיך נישט ריכטן מיט אַ סענטימענט, אפילו מיטן סאַמע איידלסטן(?). נאָבעלע יחידים זענען געווען אויפגעבראַכט, ווען מען גייט גלייכצייטיק פאַרביי אַזאַ גרויסע טראַגעדיע, וואָס שפּילט זיך אָפּ בפרהסיה פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג: „מיר לעבן ווייטער נאָרמאַל, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען. מיר עסן אַ געשמאַק אָוונט-ברויט און דערנאָך גייען מיר אַרויס אויפן באַלקאָן צו זען די פייער-פלאַמען אין געטאָ. מיר הערן דעם געקנאַל פון די אויפרייס-באָמבעס און דינאַמיט, מיט וועלכן מען צעזעצט הייזער און בונקערס — און מיר שווייגן".

אין די שמועסן צווישן פּאָלאַקן וועגן די געשעענישן אין געטאָ האָט בכלל געהערשט אַן אַנטיסעמיטישער טאָן, אַ צופרידנקייט, אַז וואַרשע איז סוף כל סוף געוואָרן „יודענפריי", אַז די סאַמע דרייסטע חלומות פון די פּוילישע אַנטיסעמיטן וועגן וואַרשע אָן יידן זענען מקוים געוואָרן. אייניקע האָבן אויסגעדריקט בקול רם זייער צופרידנקייט, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעפירט די שמוציקע אַרבעט פון אויסמאָרדן די יידן, אַנדערע האָבן עס געזאָגט אין אַ דיסקרעטערן אופן. מען האָט אויסגעדריקט מיטלייד אין דעם זין, אַז „הגם די דערמאָרדעטע זענען יידן, זענען זיי דאָך מענטשן". מען האָט באַדויערט מער די פאַרברענטע הייזער ווי די לעבעדיקערהייט געברענטע מענטשן. די שמחה פון דעם „אויסרייניקן" וואַרשע פון די יידן האָט נאָר קאַליע געמאַכט די מורא פאַרן מאָרגן, די מורא, אַז נאָכן ליקווידירן די יידן וועלן זיך די דייטשן נעמען צו די פּאָלאַקן. מכח דעם, וואָס די יידישע קעמפער האָבן אַרויסגעהאָנגען פּוילישע פענער, האָבן די אַנטיסעמיטן געזאָגט אָט וואָס: „זיי ווילן געפעלן ווערן די פּאָלאַקן". די אַנטיסעמיטן האָבן געריבן די אויגן פון שטוינונג, אַז יידן זיינען אומשטאַנד צו פאַרטיידיקן זיך און שיסן, אַז זיי האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דעם שונא.

די פּוילישע עפנטלעכע מיינונג האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער העלדישער האַלטונג פון געטאָ. מען האָט אים אָנגערופן „קליין סטאַלינגראַד", פאַרגליכן מיט דער פאַרטיידיקונג פון וועסטערפּלאַטע[73]. מען האָט פאַרבונדן איבערגעטריבענע האָפענונגען מיט דער געטאָ-זעלבשוץ, מען האָט אין דעם געזען אַן אָנהייב פון אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין לאַנד, אַן אָנגעהויבענעם דורך די יידן.

דער אָקופּאַנט האָט דעם 4-טן מאַי אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער פּוילישער באַפעלקערונג, אין וועלכן ער האָט מיט טריומף מיטגעטיילט,

73 בעת דער דייטש-פּוילישער מלחמה (סעפּטעמבער 1939) האָט זיך דער פּוילישער גאַרניזאָן אין וועסטערפּלאַטע ביי גדאַנסק העלדיש פאַרטיידיקט.

אַז „די נעסט פון באָלשעוויזם, קאָמוניזם און באַנדיטיזם איז געוואָרן אויסגעגליכן מיט דער ערד“. איינציייטיק האָט ער גערופן די פוילישע באַפעלקערונג — אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף — אַרויסצוגעבן יידן. ער האָט געדראָט מיט טויט די, וואָס וועלן האָבן די העזה זיי אויסצובאַהאַלטן.

די גאַנצע אונטערערדישע פרעסע („ביולעטין אינפאָרמאַציני“, „פּאָלסקאַ זבראָינאַ“, „אַרמיאַ אי פּאַנסטוואָ“, „שיעווי“ און אַנדערע[74]) האָט זיך אויסגעדריקט מיט אַ געוואַלדיקער אָנערקענונג וועגן דער יידישער גבורה. דער „ביולעטין אינפאָרמאַציני“ האָט געשריבן: „ענדלעך האָבן די יידן אַ נעם געטאָן דאָס געווער. ביז איצט פרעמדע בירגער פון געטאָ, זענען זיי ענדלעך געוואָרן אונדז נאָענט. זיי האָבן זיך אָפּגעריייניקט לגבי דער געשיכטע, מיט געווער אין האַנט פאַרטיידיקט זייער לעבן. דער זיג וועט זיין זייער צושטייער, אויב אפילו אַ טייל פון זיי וועט געלונגען אַנטלויפן פון פלאַקערנדיקן געטאָ; דער זיג וועט זיין זייער צושטייער, אויב זיי וועלן פאַלן מיט געווער אין האַנט“ (די ציטאַטן פון זכרון). דער אַרטיקל ענדיקט זיך מיט אַן אַפּעל צו געבן הילף די יידן, מיט אַ רוף זיי צו באַהאַלטן.

דער דירעקטער פועל יוצא פון דער ליקווידירונג פונעם וואַרשעווער געטאָ איז געווען דאָס מאַסנווייזע אָפּזאָגן די יידן די דירות אויף דער אַרישער זייט. מען האָט מורא געהאַט, אַז נאָך דעם ליקווידירן דאָס געטאָ מיט פייער און שווערד וועט קומען אַ ענלעכע אַקציע אויף דער אַרישער זייט. עס האָט אָנגעכאַפּט אַ מורא, אַז די דייטשן וועלן אויספירן זייערע דראָונגען, אַז אַ הויז, וו זיי וועלן געפונען אַ ייד, וועט ווערן אויסגעגליכן מיט דער ערד. דער וויטערדיקער פועל יוצא פון דער אַפּריל־אַקציע זענען געווען די גאַסן־אָבלאַוועס אויף יידן, וועגן וואָס איך שרייב אין אַן אַנדער אָרט.

## 11. שיכטן, פּאַרטייען, די רעגירונג און די יידן

דער פראָנט פון פאַשיזם און דער פראָנט פון אַרבעט. די דייטשן פאַרטיפן דעם אַנטיסעמיטיזם. די אומלעגאַלע פרעסע וועגן יידן. דער ראַדיאָ און די פּלאַקאַטן קעגן די יידן. וואָס האָט געוונען דאָס בירגערטום נאָכן ליקווידירן די יידן. די אַרבעטער, די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ העלפן יידן. פוילישע באַן־אַרבעטער ראַטעווען אַנטלאָפענע פון טרעבלינקע. דאָס דאָרף און די יידן. די פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג. דער פוילישער קלער און דער מערב־אייראָפּעישער קלער אין דער יידן־פראַגע. משומדים. די רעגירונגס־פּאַקטאָרן און די יידן.

פאַר דער מלחמה האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט אין פוילן, פונקט ווי אין גאַנץ אייראָפּע, צוויי גרויסע לאַגערן: דער לאַגער פון פאַשיזם און

[74] אָרגאַנען פון א.ק. און רעכטער פוילישער אונטערערד. מיט אַ סך מער וואַרעמקייט און אויספירלעכע ידיעות האָט זיך אָפּגערופן די פרעסע פון פ.פ.ר., פון די פוילישע סאָציאַליסטן און דעמאָקראַטן.

דער לאַגער פון אַנטיפאַשיזם. די ענדעציע און די סאַנאַציע האָבן איינגעזאַפּט אין זיך אַלץ מער פאַשיסטישע טענדענצן. די אָנגעשטעלטע=טיילן פון דער סאַנאַציע האָבן גראַוויטירט צום גרויסן אַרבעטס=פראָנט, וואָס האָט זיך פאָרמירט אין פאַרמלחמהדיקן פוילן. דער הויפּט=אָטוט פונעם פוילישן פאַשיזם איז געווען אויסגעכאָליעט אין משך פון גאַנצע יאָרהונדערטער דורך די מיטשינסקים, גיעמאָיעווסקים, יעסקע=כאָינסקים און אַנדערע אַנטיסעמיטישע אויטאָרן, וועלכע האָבן געשעפּט זייער חכמה פון די ווערק פון די דייטשישע אַנטיסעמיטן אייזענמענגער, ראָהלינג, ליגער, שטעקער און אַנדערע. אינעם לאַגער פון פוילישן פאַשיזם האָבן זיך אויסגעטיילט צוויי ריכטונגען: אַ מעסיקער און אַ ראַדיקאַלער. די ערשטע, רעפּרעזענטירט דורך דער אַלטער ענדעציע, האָט געוואָלט לייזן דעם יידן=פּראָבלעם אויף אַ געזעצלעכן וועג, דער פוילישער סיים האָט געדאַרפט אָננעמען אויסנאַם=געזעצן פאַר די יידן אין ווירטשאַפטלעכן, קולטור= און אַנדערע געביטן. באַשרענקט אין דעם צוטריט צו האַנדל, מלאכה, אינדוסטריע, פרייע פּראָפעסיעס א. א. וו., וואָלטן די יידן געווען געצוווּנגען צו זוכן אַרבעטס=מעגלעכקייטן אין אויסלאַנד, ובכן דורך עמיגראַציע. די ראַדיקאַלע פאַשיסטן האָבן זיך נישט באַגרענעצט צו רעכטלעכע מאָסמיטלען, זיי האָבן געזוכט אַ מוסטער אין היטלער=דייטשלאַנד. זיי האָבן געשטרעבט צו פיזישער פאַרניכטונג פון די יידן, צו שאַפן אין פוילן אַזאַ גיהנום, אַז ביי די יידן זאָל ברענען דער באָדן אונטער די פיס, זיי זאָלן זיין געצוווּנגען צו זוכן רעטונג אין אויסלאַנד. די עקסטערמינאַציע=אַקציע פון די יידן האָבן זיי געפירט מיט פאַרשיידענע מיטלען, אפילו דורך אָרגאַניזירן פּאָגראָמען און עקסצעסן. דער אַנטיסעמיטישער טעראָר אין פוילן, וואָס זיין קרוינונג זענען געווען פשיטיק, אָדזשיוואָל, בריסק ביים בוג א. א. וו.[75]), האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג צוזאַמען מיטן וווּקס פון פאַשיזם.

דער אַנטיפאַשיסטישער לאַגער, וואָס איז באַשטאַנען פון אַרבעטער, פויערים און אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ, האָט פאַרשטאַנען, אַז די לייזונג פון דער יידן=פראַגע, פונקט ווי די לייזונג פון אַלע סאָציאַלע פּראָבלעמען בכלל, איז אוממעגלעך אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. דער געירשנטער נאָך די יידן סטראַגאַן איז נישט מסוגל געווען צו באַפרידיקן דעם ערד=הונגער פון די מיליאָניקע ערדלאָזע מאַסן, און די צעמוזיקטע קעפּ פון די יידישע סטודענטן און דער באָיקאָט זענען נישט געווען אומשטאַנד צו געבן אַרבעט די הונדערטער טויזנטער אַרבעטסלאָזע, נישט געקאָנט איינאָרדענען אין דער אינדוסטריע די ריזיקע פאַלאַנגע פון דער אַרבעטסלאָזער יוגנט פון שטאָט און דאָרף.

---

75 אין אָט די שטעט און אַנדערע זיינען אין די יאָרן 1936—1938 פאָרגעקומען אַנטי=יידישע פּאָגראָמען. אין פשיטיק איז אויך געווען אַ יידישע זעלבשוץ.

אין אַן אַנדער אָרט האָבן מיר דערמאָנט, אַז בשעת דער פויליש־דייטשישער מלחמה אין סעפּטעמבער 1939 איז געקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין די פויליש־יידישע באַציונגען. דער אַנטיסעמיטיזם איז פאַרשוווּנדן פון ערד־אויבערפלאַך ווי היטלערס אַ געצייג ביים צעקלאַפּן פוילן. אָבער די אויסניכטערונג האָט געדויערט קורץ. די דייטשן, זענדיק אין דעם אַנטיסעמיטיזם די איינציקע בריק, וואָס קאָן פאַרשיטן דעם תהום, וואָס איז אויסגעגראָבן געוואָרן דורך אָשוויענטשים, דאַכאַו, אָראַניענבורג, מיידאַנעק א. א., האָבן געטאָן אַלץ צו פאַרטיפן די שנאה צו די יידן. אין אַלע וויכטיקסטע שטעט פון דער גענעראַל־גובערניע זענען אַנטשטאַנען דייטשישע פּרעסע־אָרגאַנען אין דער פוילישער שפּראַך („נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי", „גלאָס לובעלסקי", „גאָניעץ טשענסטאָכאָווסקי", „קוריער קראַקאָווסקי", „גלאָס ראַדאָמסקי" א. א. וו.), וואָס זייער הויפּט־אויפגאַבע איז געווען צו שפּרייטן אַנטיסעמיטישן סם צווישן דער פוילישער באַפעלקערונג, נישט געקוקט דערויף, וואָס די פוילישע אונטערערד האָט געהייסן באָיקאָטירן אָט די שרצדיקע פּרעסע. נישטאָ קיין טאָג, עס זאָלן נישט זיין אין אָט דער פּרעסע אַרטיקלען, ידיעות אָדער נאָטיצן קעגן יידן. די דאָזיקע פּרעסע איז ענלעך צו דער פאַרמלחמהדיקער אַנטיסעמיטישער פּרעסע ווי צווילינג־ברידער און שעפּט בשפע פון דעם פאַרמלחמהדיקן אַרסענאַל פון פוילישן פאַשיזם, פון דער פוילישער פאַרגאַנגענהייט א. א. וו. אין דער צייט פון דער גירוש־אַקציע איז אין אָט דער יהודה־איש־קיריות־פּרעסע געשטיגן די אַנטיסעמיטישע העצע, כדי אָוועקצוהרגענען ביי דער פוילישער באַפעלקערונג יעטווערע הומאַניטאַרע געפילן. ווען עס פעלן אויס אַרטיקלען, פאַבריצירט מען א. ג. „שטימען פון לעזער", וועלכע זאָגן זיך אַרויס קעגן די יידן. די הויפּט־טעמע פון די אַלע אַרטיקלען איז די אַלטע קליאַטשע פון דער זשידאָ־קאָמונאַ, אויף וועלכער עס רייטן די אַנטיסעמיטישע שרייבער. דער גלח טשעטשיאַק[76], דער מחותן פון אַלע אַנטיסעמיטישע קאָנגרעסן, איז אַן אָפטער גאַסט אויף די שפּאַלטן פון אָט דער פּרעסע (אָפטע ציטאַטן פון זיינע שריפטן און אַרטיקלען). קאַטין איז אַן אויסגעצייכנטער מאכל פאַר די העץ־צייטונגען, הגם אפילו דער סאַמע טעמפּער אַנטיסעמיט האָט דאָך געקאָנט אין די רשימות געפינען הונדערטער יידישע נעמען. קיין יידן זענען אין פוילן שוין נישט בנמצא, די יהודה־איש־קיריות־פּרעסע גיט דעריבער כמעט טאָג־טעגלעך פאַרשיידענע אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען, נאָטיצן און אינפאָרמאַציעס פונעם לעבן פון די יידן אין פראַנקרייך, אין איטאַליע, אין גריכנלאַנד, אין אונגאַרן, אין רומעניע א. א. וו. מיט גרויס הנאה נאָטירט זי דאָס איינפירן דורך דער איטאַליענישער רעגירונג די אָרעמבענדער מיטן מגן דוד פאַר די איטאַליענישע יידן (אָקטאָבער 1943 אין „נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי"), וועגן דער רעגיסטרירונגס־פליכט פאַר יידן

76 אַן אַלטער יידן־פרעסער אין פאַרמלחמהדיקן פוילן.

אין גריכנלאַנד און יוגאָסלאַוויע, וועלכע איז געוואָרן איינגעפירט דורך דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט. דער „נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי" האָט זיך ברייטלעך צעשריבן מכח דעם אַנטיסעמיטיזם פון די פּראַנצויזן. אַנ־שטאָט שעלטן בענטשט גאָר אַמאָל די דאָזיקע פּרעסע. אַזוי למשל לייענען מיר אין „נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי" (פון 19 סעפּטעמבער 1943) אינעם אַרטיקל „דער ציון־שטערן אינעם פּאַריזער געטאָ": „אויך די יענע נישט־יידן, וואָס האָבן לשם סימפּאַטיע פּאַרן יידנטום געטראָגן די ציון־שטערנס, האָבן שוין רעזיגנירט פון זייערע אומזיניקע מאַניפעסטאַציעס". אין אַן אַנדער אַרטיקל (פון סעפּטעמבער ד. י.) גרייכן זיי צו פראַנק־רייכס פּאַרגאַנגענהייט, כדי צו ברענגען דער וועלט די בשורה, אַז „די פּראַנצויזן זענען געווען און פּאַרבליבן אַנטיסעמיטן", וואָס איז נאַטירלעך אין סתירה מיטן אַרטיקל פון 19 סעפּטעמבער.

חוץ דער פּרעסע רופט אויך דער ראַדיאָ (די א. ג. בילערקע) כסדר צו רודפן יידן און ווייזט אויף זייער שעדלעכקייט פאַר גאַנץ אייראָפּע ווי מלחמה־העצער, ווי פּאַראַזיטן א. א. וו. מען אָרדנט איין אַנטיסעמיטי־שע אויסשטעלונגען מיטן ציל צו באַפעסטיקן די שנאה צו יידן. אין סעפּ־טעמבער ד. י. האָט מען אין די קראָקעווער סוקעניצעס אָרגאַניזירט אַן אויסשטעלונג א. ג. „די יידישע וועלט־פּעסט", וועלכע האָט געדאַרפט דערווייזן, אַז די יידן זענען „וועלט־פּיינט". אָנגעזעענע מענטשן פון אַל־טערטום, מיטלאַלטער און נייצייט זאָגן זיך אויף דער אויסשטעלונג אַרויס קעגן די יידן. אפילו נאַפּאָלעאָנען האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון קבר, כדי ער זאָל עדות זאָגן קעגן די יידן. דער ציל פון דער אויסשטעלונג איז „צו אַנטפּלעקן די צעשטערערישע כחות פון יידנטום".

‚Die zersetzenden Kräfte des Judentums werden in ihren mannigfaltigsten Erscheinungen widergespielt —

(„וואַרשעווער צייטונג" פון 27 סעפּטעמבער ד. י.).

חוץ ראַדיאָ, פּרעסע, אויסשטעלונגען א. ד. גל. גיט די דייטשישע פּראָפּאַגאַנדע אַרויס כמעט יעדן טאָג פאַרביקע פּלאַקאַטן און אויפרופן קעגן די יידן. אויף די קאָלירטע אַנטיטיפוס־פּלאַקאַטן זעט מען אַ ייד מיט אַ באָרד — לויטן נוסח „שטירמער" — מיט אַ ריזיקער לויז. אויף אַ פּלאַ־קאַט פון אַ גרויסן פאַרנעם — אַ ריזיקע אויפשריפט: „יידן, לייז, טיפוס". אין טראַמווייַ און גאַס האָט מען פאַנאַנדערגעקלעבט פּלאַקאַטן, וואָס שטעלן פאָר אַ ייד ווי ער וואַרפט אַריין אַ שטשור אין געהאַקטן פלייש, ווי ער גיסט צו וואַסער צו מילך, ווי ער פירט אַריין אַ לויז אין טייג אָדער ווי ער קנעט דאָס טייג מיט שמוציקע פיס. אויף אַן אַנדער פּלאַקאַט פיגורירט אַן אויפשריפט: „די יידן באַהערשן די וועלט". אויפן פּלאַקאַט זעט מען אַ טייוול, וואָס נעמט אַרום מיט זיינע נעגל די גאַנצע וועלט. אויף אַן אַנדער פּלאַקאַט האָט פיגורירט אַ לאָזונג: „ווער עס העלפט יידן —

העלפט דעם שטן“. דער לעצטער פּראָפּאַגאַנדע־פּלאַקאַט האָט פאַרגעשטעלט ליטווינאָוון און יידן ווי זיי טרייבן אונטער און צווינגען צו האַלטן מלחמה די מידע סאָוויעטישע זעלנער און פאַריאושטע אַרבעטער.

אין אַ קאָלירפול אילוסטרירטן אויפרוף א. ד. ט. „צו וואָס די דאָזיקע מלחמה?“ ציטירט דער מחבר פאַרשיידענע פרעפאַרירטע שטימען פון יידן, וואָס זאָגן זיך אַרויס פאַר מלחמה, אָנהייבנדיק פון יאָר 1884. עס פעלן דאָרט נישט, פאַרשטייט זיך, די „פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון“, עס איז דאָרטן פאַראַן אַפילו איליאַ ערענבורגס פאַנטאַסטישער ראָמאַן א . ד ט . „טרעסט ד. ע. ליקווידירט אייראָפּע“, וואָס ווערט געבראַכט ווי אַ באַווייז פון די בלוטדורשטיקע אינסטינקטן פונעם וועלט־יידנטום. די אונטערשטע שורה פונעם אויפרוף־מחבר איז אַזאַ: „דאָס יידנטום האָט נישט קיין שום אַנדער ציל ווי אויסמאָרדן די פעלקער פון אייראָפּע און איינשטעלן זייער ענדגילטיקע ממשלה איבער דער וועלט“. ווען נישט די יידן וואָלט נישט געווען די מלחמה — אָט איז דער ענדגילטיקער אויספיר פון דעם אויפרוף, וואָס זיין פולן טעקסט ברענגען מיר אין די אַנעקסן [77].

אין דער צייט, ווען די דייטשישע פרעסע אין דער פוילישער שפּראַך העצט סיסטעמאַטיש קעגן די יידן, איז די קעגן־ווירקונג פון דער אונטערערדישער [פוילישער] פרעסע אַ שוואַכע. די אַרבעטער־פרעסע (וו.ר.נ., פאָלקס־גוואַרדיע און אַנדערע) פירט אויס איר חוב אַזוי ווי פאַר דער מלחמה. זי אינפאָרמירט סטאַביל וועגן די רדיפות אויף יידן אין פאַרשיידענע שטעט, זי באַהאַנדלט אין ספּעציעלע אַרטיקלען די געפאַר פון אַנטיסעמיטיזם, זי שילדערט בפרטיותדיק דעם קאַמף פון וואַרשעווער געטאָ וכדומה. די רעגירונגס־פרעסע ווידמעט זייער ווייניק פלאַץ די יידישע ענינים. אַ סך זייער וויכטיקע געשעענישן פונעם יידישן לעבן גיט זי איבער מיט גרויס פאַרשפּעטיקונג. דערפאַר ווידמעט די אָנגעריש־פאַשיסטישע פרעסע שוין דווקא אַ סך אָרט די פראַגן פון די יידן און העצט קעגן זיי אָן אויפהער אַזוי ווי די קאָלאַבאָראַנטישע פרעסע. די דאָזיקע פרעסע באַהאַנדלט דעם פּראָגראַם פון קינפטיקן פוילן, אין וועלכן עס וועט נישט זיין אָרט פאַר די יידן ווי גלייכבאַרעכטיקטע בירגער. און מען דאַרף מודה זיין מיט חרפּה און צער, אַז די יהודה־איש־קיריות־פרעסע, אונטערגעהאָלפן דורך דער אומלעגאַלער אַנטיסעמיטישער פרעסע, געפינט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין דער געזעלשאַפט. אונטער דער השפּעה פון דער אַנטיסעמיטישער העצע אין „נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי“ אין אַפּריל און מאַי (1943), האָט די הענ־קאַמפּאַניע פון די דייטשן קעגן די יידן פון דער אַרישער זייט געפונען אַ ווידערקול אין ברייטע מאַסן פון דער געזעלשאַפט. די יידישע פלאַצוווקע־אַרבעטער האָבן בשעתן אַרויסגיין אויף דער אַרישער

---

[77] אין די אַנעקסן איז דער אויפרוף נישט פאַראַן.

זייט געוווסט פון פריער, אַז נאָך אַ וועלכן נישט איז אַנטשיידן אַרטיקל אין דער פרעסע אָדער אַפילו אין „אַ שטימע פון די לעזער“, וואַרט אויף זיי אַ ביטערער טאָג פון אָנפאַלן, פון ווערן באַוואָרפן מיט שטיינער דורכן ערב רב א. ד. גל.

די אויסגיכטערונג פון אַנטיסעמיטישן פסיכאָז האָט, צום באַדויערן, אַרומגענומען נאָר זייער אַ קליינעם פראָצענט פון די פאַרמלחמהדיקע אַנטיסעמיטן, בפרט צווישן דער אינטעליגענץ. אַזוי האָט למשל דער דעקאַן פונעם אַדוואָקאַטן־ראַט, אַדוו. נאָוואָדוואָרסקי נישט געוואָלט, סוף 1939, באַזייטיקן די יידן פון דער אַדוואָקאַטור, ווייל אַזאַ פאָדערונג האָט אַרויסגערוקט די אָקופּיר־מאַכט. נאָוואָדוואָרסקי, אַן אַנטיסעמיט און אַ קעמפער פאַרן אַריער־פּאַראַגראַף אין דער אַדוואָקאַטור פאַר דער מלחמה, האָט אַצינד פאַרשטאַנען די קאַטאַסטראָפאַלע פאָלגן פון דעם אַנטיסעמיטיזם פאַר פוילן. די לייזונג פון דער יידן־פראַגע האָט ער אָפּגעלייגט אויף דער נאָכמלחמה־צייט. דאָס זעלבע לאָזט זיך באַמערקן ביי אַ געוויסן טייל אַנטיסעמיטישער אינטעליגענץ, וועלכער עס זענען נמאס געוואָרן די מעשים תעתועים פון די היימישע אַנטיסעמיטן און עס פילט אָן מיט עקל די באַרבאַריי פון די היינטצייטיקע הונען.

דאָס פוילישע בירגערטום האָט בדרך כלל ווייטער געהאַלטן פון דער אַנטיסעמיטישער אידעאָלאָגיע און זיך געפרייט מיטן לייזן דורך די היטלעריסטן די יידן־פראַגע אין פוילן. אַדאַנק היטלערן איז דאָס פוילישע בירגערטום, וואָס איז געווען פאַרשולדיקט ביי יידישע באַנקירן, סוחרים א. א. וו., פּטור געוואָרן מיט איין מאָל פון די אומגעוווּנטשענע מלווים. אַדאַנק דעם מאַסן־מאָרד איבער די יידן איז דער פּראָגראַם פון „נומערוס נוללוס“ אין דער אינדוסטריע, מלאכה, מסחר און בכלל אין ווירטשאַפטלעכן לעבן געוואָרן רעאַליזירט פולשטענדיק. אַ דאַנק דער ליקווידירונג פון די יידן זענען די קריסטלעכע „קויפמענער“ תיכף געוואָרן אייגנטימער פון אַ סך האַנדלס־ און אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, און די שותפים זענען פּטור געוואָרן פון די יידישע מיטאינהאָבער. אַדאַנק דער ליקווידאַציע פון די פוילישע יידן זענען די אַרישע שומרי חינם און שומרי שכר געוואָרן די אייגנטימער פון די זאַכן און סחורות, וואָס זענען איבערגעלאָזט געוואָרן ביי זיי דורך די יידן. אַדאַנק דעם האָבן צענער און הונדערטער טויזנטער אַריער געקאָנט קויפן בחצי חינם זאַכן פון טעגלעכן געברויך, מלבושים, מאַשינען, אַרבעטס־געצייג א. א. וו. אַ דאַנק דעם האָט דאָס פוילישע קליינבירגערטום געקאָנט פאַרכאַפּן אָן קאַמף די סטראַגאַנעס און באַהערשן דעם קליין־האַנדל נאָך די יידן. אַ דאַנק טרעבלינקע זענען די יידישע מיליאַרדיקע פאַרמעגנס, די אָנגעזאַמלטע במשך דורות, אַריבער אָן שום אָנשטרענג אין אַרישע הענט. עס האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן באַהאַלטן יידן, וועגן ראַטעווען יידישע קינדער דורך דעם אַנטיסעמיטישן בירגערטום, ווי באַלד אין זיין אינטערעס איז געווען פּטור צו ווערן פון די יידן. די אָ. נ. ר. האָט אומעטום געפּריידיקט, אַז

אויסבאַהאַלטן אַ ייד איז אַנטינאַציאָנאַל, אַ זאַך וואָס שלאָגט אין די אינטערעסן פון קינפטיקן פּוילן. אַזאַ מין פּראָפּאַגאַנדע האָט נישט געקאָנט בלייבן אָן ווירקונג אויף דער האַלטונג פון דער ריזיקער מערהייט פון פּוילישן בירגערטום. דער בעסטער סימפּטאָם, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט די שטימונגען פון אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער פּוילישער געזעלשאַפט, זענען נישט בלויז די שמועסן מכח דער אַפּריל-אַקציע, וועלכע איך ברענג אין אַ געהעריקן אָרט, נאָר דער טרויעריקער פאַקט, וואָס דער אָקופּאַנט באַנוצט זיך מיטן לאָזונג „כאַפּ דעם ייד“, ווען ער וויל כאַפּן אויף די גאַסן פּוילישע פּאַטריאָטן. אויב דער יינגערער דור ענדעקעס האָט אָן בושה אָנגענומען היטלערס פּראָגראַם בנוגע די פּוילישע יידן, האָט דער עלטערער דור פאַרדעקט זיין צופרידנקייט, אַרויסווייזנדיק אפילו אַ געוויסן מיטגעפיל. אָבער די יידן נייטיקן זיך נישט אין דעם מיטגעפיל, זיי האָבן זיך קודם כל גענייטיקט אין הילף אין פאָרם פון אַ באַהעלטעניש. אין דער הינזיכט האָט אָבער געהערשט אַ איינשטימיקייט ביים עלטערן און יינגערן דור, ביים ראַדיקאַלן און מעסיקן פליגל פון פּוילישן פאַשיזם. אפילו די סאַמע אָרנטלעכסטע מענטשן פון צווישן דעם פּוילישן בירגערטום, אפילו די סאַמע באַפריינדעטע מיט יידן, האָבן זיי נישט געגעבן קיין באַהעלטעניש. נישט צוליב דעם האָבן זיי דעראָבערט ריזיקע אוצרות בעת דער מלחמה, כדי זיך אויסצושטעלן אויפן ירגזון פונעם אָקופּאַנט, וועלכער האָט געדראָט מיט האַרבע שטראָפן פאַר אויסבאַהאַלטן יידן.

אַנדערש האָט זיך צו דעם פּראָבלעם באַצויגן די פּוילישע אַרבעטסוועלט: די אַרבעטער און אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ. די לעצטע, אַן אַריינגעצויגענע אין דער אַקטיווער אונטערערדישער אַרבעט, האָט געהאָלפן די יידן, אפילו ווען זי האָט געהאַלטן פון דער אַנטיסעמיטישער אידעאָלאָגיע. מסירות-נפשדיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך טאָג-טעגלעך מפקיר געווען פאַר אַ גרויסער זאַך, האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויסבאַהאַלטן יידן, איז נישט בלויז אַ מענטשלעכער געבאָט, נאָר אויך אַ בירגער-פליכט, וואָרעם דאָס איז אַן אַרבעט אויף צו להכעיס די דייטשן, וועלכע ווילן פאַרטיליקן אַלע יידן. דער רוב יידן, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט, געפינט זיך אין דירות פון מענטשן אַנגאַזשירטע אין דער פּאַטריאָטישער טעטיקייט. עס איז פאַראַן נאָך איין זייער וויכטיקער פאַקטאָר, וואָס פאַרבינדט די פּוילישע אינטעליגענץ מיט די יידן: די געמיינזאַמע ליידן, וואָס קומען פון דעם געמיינזאַמען אונטערדריקער. עס איז נישט בנמצא אַזאַ פּוילישע אינטעליגענטישע משפחה, וועלכע זאָל נישט האָבן עמעצן פאַרלאָרן אין אָשוויענטשים, דאַכאַו, מיידאַנעק צי אָראַניענבורג. ליידן לייטערן, ליידן מאַכן איידל, ליידן דערנענטערן. מיר קענען פּוילישע אינטעליגענץ-משפחות, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין פאַרשטייעניש פאַר דעם ענין פון אויסבאַהאַלטן יידן אין זייערע וווינונגען, און זיי האָבן זיך געענדערט, ווען זיי זענען אַליין אַדורך די שול פון יסורים, ווען זיי האָבן

באַקומען אַ ידיעה וועגן דעם אומקום פון אַ באַנעטן אין אָשוויענטשים צי אין אַן אַנדער היטלעריסטישן פיין=אָרט.

די פוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן לאַנג פאַר דער מלחמה פאַרשטאַנען דעם קלאַסן=פּרצוף פון אַנטיסעמיטיזם ווי אַ מאַכט=געצייג אין די הענט פון דער היימישער בורזשואזיע, האָבן בשעת דער מלחמה פאַרטאָפּלט זייערע אָנשטרענגונגען צו באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם. די יידן=רעטונג האָט אַנטשפּראָכן זייער אידעאָלאָגישער שטעלונג, הגם אויך זי איז נישט געווען פריי פון די אַנטיסעמיטישע באַצילן אין דעם לאַנד, ווו די מוטערס דראָען די צעלאָזענע קינדער מיט אַ ייד אַזוי ווי מיט אַ טייוול („אַז דו וועסט נישט זיין רויק, וועט קומען אַ זשיד און דיר נעמען אין זאַק“). די מעגלעכקייטן פון די אַרבעטער צו נעמען צו זיך יידן זענען געווען נישט קיין גרויסע. אַן ענגע דירה איז געווען דער גרעסטער שטער ביים אַריינגעמען יידן. טראָץ דעם האָבן אַ סך יידן געפונען אַ מקום מקלט אין די אַרבעטערישע וווינונגען. פוילישע באַן=אַרבעטער האָבן געהאָלפן אין אַ סך פאַלן די דעפּאָרטירטע, געעפנט וואַגאָנען פון די צוגן, וואָס זענען געגאַנגען קיין טרעבלינקע, געגעבן געצייג צו עפענען די וואַגאָנען, געהאָלפן די יידן, וואָס זענען געשפּרונגען פון די וואַגאָנען. אַ באַן=אַרבעטער האָט געראַטעוועט אַ יידישן אינזשיניער פון טשענסטעכאָוו, אַן אַנטלאָפענעם פון אַ טרעבלינקע=צוג, ער האָט דערביי צעבראָכן אַ האַנט. דער באַן=אַרבעטער האָט געבראַכט אַ דאָקטער, געגעבן אַ מלבוש און אַוועקגעשיקט קיין וואַרשע. אַן אינטערעסאַנטער פאַל האָט פּאַסירט מיט אַ יידישן אַדוואָקאַט, וועלכער איז געווען באַשעפטיקט אין טעבענסעס שאָפּ און איז אַנטלאָפן אין יאַנואַר 1943 אויפן וועג קיין טרעבלינקע. ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן, אין וועלכן עס האָט געהערשט, הגם עס איז געווען יאַנואַר, מחמת דעם איבערפולונג (150 מענטשן אַנשטאַט 40—60 אין אַ וואַגאָן) אַזאַ היץ, אַז די מענטשן האָבן זיך אויסגעטאָן נאַקעט. פאַר אים האָבן צוויי מענטשן געפּרווט זיך ראַטעווען דורך אַנטלויפן, זיי זענען דערהרגעט געוואָרן דורך די אוקראַינער. דער אַדוואָקאַט האָט מיט מזל אויסגעמיטן די קויל פונעם אוקראַינישן קאָנוואָיענט, אָבער צעבראָכן ביים אַרויסשפּרינגען פון וואַגאָן אַ פוס. מיט גרויס מי האָט ער צוגעפּויזעט צו דער נאָענטסטער וועג=בודקע, ווו ער האָט דערקלערט, אַז ער האָט זיך אין צוג אָנגעשיכורט און איז אַרויסגעפאַלן פונעם וואַגאָן. דער וועג=אַרבעטער האָט גערופן אַ פעלדשער און אין דער זעלביקער צייט מודיע געווען דעם פּאָסטן פון דער פוילישער פּאָליציי. צום גליק פאַרן אַדוואָקאַט האָט זיך דער פעלדשער אַרויסגעוויזן פאַר זיינעם אַ קליענט, ער האָט אים צוגעזאָגט הילף. זיי האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז אויב דעם אַדוואָקאַט וועט נישט געלונגען איבערצוצייגן דעם פּאָליציאַנט, אַז ער איז אַן אַריער, וועט ער אים ווייזן „אַ בפירושן סימן“, ד. ה. ער וועט אַראָפּלאָזן די הויזן, אָבער דער פעלדשער וועט פאַרשטייט זיך, אין דער לעצטער מינוט צו דעם נישט דערלאָזן. דער

פלאַן האָט זיך איינגעגעבן. ווען דער פּאָליציאַנט האָט נאָך אַלע אויפקלע=
רונגען פונעם באַרעדעווודיקן אַדוואָקאַט נישט געוואָלט גלויבן, אַז ער איז
אַז אַריער, האָט דער אַדוואָקאַט געבעטן די פּרויען, זיי זאָלן פאַרלאָזן
דעם צימער, כדי קענען פאָרשטעלן „אַ בפירושן באַווייז" פון זיין אַריש=
קייט... אויף דער אינטערוועניץ פונעם פּעלדישער האָט מען אין דער לעצ=
טער מינוט רעזיגנירט פון אַראָפּלאָזן די הויזן, און אונדזער אַדוואָקאַט
איז ניצול געוואָרן. מיר קענען לייִדער אויך אַנדערע פאַקטן. די אָ.נ.ר.=ישע
באַן=אַרבעטער האָבן געכאַפּט יידן אַנטלאָפענע פון די „טויט=וואַגאָנען"
און נאָכן באַרויבן זיי פון אַלצדינג אָפּגעגעבן אין די הענט פון די
דייטשן. די דייטשישע מאַכט=אָרגאַנען, וויסנדיק, אַז אַ סך יידן אַנטלויפן
פון די וואַגאָנען, נישט געקוקט אויף די קוילן פון די אוקראַינישע קאָנ=
וואָיענטן, האָבן באַשטימט געלט=פּרעמיעס (צו 1000 זל.) פאַר כאַפּן די
אַנטלויפנדיקע יידן. גלייכצייטיק האָבן זיי געדראָט מיט טויט=שטראָף פאַר
העלפן אָדער אויסבאַהאַלטן יידן. אין רעזולטאַט פון אַזעלכע פאַראָרדע=
נונגען איז דער שליאַך וואַרשע—טרעבלינקע אַן אמתער „גאָלגאָטע=וועג",
באַצייכנט געווען מיט הונדערטער דערהרגעטע יידן, וועלכע האָבן ליבערשט
געוואָלט דעם טויט פון אַן אוקראַינישער קויל איידער דערשטיקט ווערן
אין דער „טויט=פאַבריק" אין טרעבלינקע. די וועג=אַרבעטער אויף דעם
בלוטיקן שליאַך און בכלל די אָרטיקע אַנטיסעמיטישע איינוווינער האָבן
איוף זייער געוויסן אַ סך יידן. עס איז באַקאַנט אַ פאַל מיט אַן אַרבעטערין
פון טעבענסן אויף פּראָסטע=גאַס, אויף וועלכער — נאָכן אַרויסשפּרינגען
פונעם צוג, וואָס איז געגאַנגען קיין טרעבלינקע — אַ וועג=אַרבעטער
האָט אָנגערייצט הינט, ווייל זי האָט זיך אויף זיין אויפפאָדערונג נישט
אָפּגעשטעלט. דעם וועג=אַרבעטערס הונט האָט צעריסן די קלייד אויף איר,
און דאָך איז איר געלונגען צו אַנטלויפן און אָנקומען אין געטאָ אַריין
אין איין שוד און אַ צעפליקטער קלייד. מען האָט זי ווידער געכאַפּט און
געשיקט קיין טרעבלינקע, זי איז נאָכאַמאָל אַנטלאָפן פון וואַגאָן. דאָס
מאָל האָט זי זיך אָנגעטראָפן אויף אָרנטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן איר
געהאָלפן זיך אַריינצובאַקומען קיין וואַרשע.

גוט האָבן זיך איינגעשטעלט די באַציונגען צווישן די פּוילישע באַן=
אַרבעטער און די יידישע פּלאַצוווקע=אַרבעטער, די באַשעפטיקטע אויפן
אָסט=באַן [מזרח=וואָקזאַל]. אַ 2 וואָכן פאַר דער אַפּריל=אַקציע האָט מען
דאָרטן צונויפגענומען אַלע באַשעפטיקטע יידישע אַרבעטער, אויפגעלאָדן
זיי אין וואַגאָנען און אַוועקגעפירט אין אַן „אומבאַקאַנטער" ריכטונג
(טרעבלינקע אָדער לובלין). די פּוילישע באַן=אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך
צונויפגעלעבט מיט די יידישע פּלאַצוווקע=אַרבעטער, האָבן געפּועלט ביי
געוויסע פאַקטאָרן צו אינטערווענירן ביי דער מאַכט, אָנגעבנדיק ווי די סיבה
דעם פאַקט, אַז דאָס באַזייטיקן די יידישע אַרבעטער וועט באַשווערן די
נאָרמאַלע פונקציאָנירונג פון דער באַן אויף דעם אָפּשניט. ביגו לבינו
האָט מען נישט צוגעשטעלט קיין לאָקאָמאָטיוון און אויף 2 טעג פאַרהאַלטן

דאָס אָפּפאָרן פונעם טראַנספּאָרט. די מאַכט האָט אָפּגעזאָגט און דער
טראַנספּאָרט האָט געמוזט אַוועקגיין, אָבער אַ טייל יידישע אַרבעטער
איז אַנטלאָפן אַדאַנק דער הילף פון די פּוילישע באַן=אַרבעטער.

די באַן=אַרבעטער האָבן פאַרלייכטערט די יידן דאָס פאָרן פון שטאָט
צו שטאָט אין דער צייט, ווען די יידן איז געווען פאַרבאָטן צו פאָרן מיט
דער באַן. טויזנטער יידן זענען אַדאַנק דער הילף פון די באַן=אַרבעטער
געקומען צוריק פון די באַזעצטע דורך די דייטשן געביטן, וואָס האָבן
פריער געהערט צום ראַטנפאַרבאַנד. פּוילישע באַן=אַרבעטער זענען גע=
ווען פאַרבינדלער צווישן באַזונדערע שטעט, האָבן אינפאָרמירט וועגן דער
לאַגע אין באַזונדערע שטעט, וועגן גירוש=אַקציעס, אַנטיידישע גזירות
א. ד. גל. וואַרשע האָט צו באַרדאַנקען די באַן=אַרבעטער די ערשטע ידיעות
וועגן דעם גורל פון די דעפּאָרטירטע יידן קיין טרעבלינקע. מיר קענען
פאַלן, ווען פּוילישע באַן=אַרבעטער האָבן אויפגעקלערט די אויסלענדישע
יידן, אַז טרעבלינקע איז נישט קיין שום לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניע,
נאָר אַ היטלעריסטיש אומקום=אָרט. באַן=אַרבעטער קאָנטאַקטירן צווישן
זיך יידישע משפּחות, וואָס זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער פאַר=
שיידענע אַרבעטס=לאַגערן, פירן אַדורך בריוו, פּעקלעך, געלט א. א. וו.

יידישע קינדער, וואָס ווערן אַריינגעזעצט צו אַרבעטער=משפּחות,
ווערן אויפגענומען ווי אייגענע. מען האָט מיר דערציילט, אַז אַ פּוילישע
אַרבעטער=משפּחה האָט גענומען, לויט דער רעקאָמענדאַציע פון אַן אַר=
בעטער=אָרגאַניזאַציע, צוויי יידישע קינדער. דער זון פונעם באַלעבאָס,
אַן אַקטיווער טוער פון פּ.פּ.ס., האָט זיך מסירת נפשדיק אַריינגעגנבעט
אין געטאָ און פערזענלעך איבערגעפירט די קינדער אויף דער אַרישער
זייט. כדי די קינדער זאָלן נישט מורא האָבן אַריבערצוגיין דעם מויער,
איז ער אַליין צוויי מאָל אַדורכגעגאַנגען, צו איבערצייגן זיי, אַז מען קאָן
זיכער אַריבערגיין. די יידישע קינדער האָבן זיך איינגעלעבט און אַריינ=
געוואָקסן אין דער פּוילישער סביבה, גלייך זיי וואָלטן אין איר פאַר=
בראַכט פון געבוירן אָן. זיי האָבן געפּועלט ביי די באַלעבאַטים צו פאַר=
בעטן זייער מוטער, זי זאָל וווינען מיט זיי צוזאַמען. עס איז כדאי צו
באַטאָנען, אַז בכלל טרוימען יידן אַריינצובאַקומען זיך אין אַרבעטער=
ווינונגען, ווייל דאָס גיט אַ גאַראַנטיע, אַז זייערע באַלעבאַטים וועלן נישט
פּרוּוון אויסצונוצן אָדער שאַנטאַזשירן.

די באַציונג פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג איז אָפּהענגיק פון
די שטימונגען, וואָס האָבן פאַר דער מלחמה געהערשט אין דער קאָנ=
קרעטער געגנט. דאָרטן, וווּ עס האָט זיך פאַרפלאַנצט דער זאָאָלאָגישער
אַנטיסעמיטיזם, איז די באַציונג פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג צו
די אַנטלאָפענע פון אונטערן היטלערישן חלף יידן געווען נישט קיין גוטע.
אין אַזעלכע קאַנטן האָט די דאָרפישע באַפעלקערונג געכאַפּט יידישע גע=
טאָ=פּליטים און פאַר יודאַש=זילבערגעלט אַרויסגעגעבן אין די הענט פון
די דייטשן. אַ טרויעריקע ראָל האָבן דערין אָפּגעשפּילט די „דאָרפס=

וואַכן" צום קאַמף מיט די פּאַרטיזאַנער; זיי האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין יאָגן ז'ך נאָך יידן אַנטלאָפענע פון די גירוש=אַקציעס. די איינציקע זעלבשוץ פון די יידן קעגן די כאַפּערייען מצד די פּויערים זענען די באַוואָפנטע יידישע גרופּן, וועלכע קעמפן זיך אויס מיט געווער אין האַנט זייער רעכט צום לעבן. איך האָב געהערט גענויערע באַריכטן וועגן אַזעלכע באַוואָפנטע גרופּן אין לובלינער געגנט. זיי באַשטייען פון איבער צען אָדער עטלעכע צענדליק מיטגלידער אונטער דער אָנפירונג פון געוועזענע זעלנער פון דער פּוילישער אַרמיי, וואָס זענען אַנטלאָפן פון דער דייטשישער געפאַנגענשאַפט אין לובלין אָדער פון געוועזענע רוסישע קריגס=געפאַנגענע. באַוואָפנט אין „לאַנגע" (ביקסן) און „קורצע" (רעוואָלווערן), אַמאָל אויך אין מאַשין=ביקסן, לעבן זיי פון א. ג. שפּרונגען, ד. ה. פון איבערפאַלן אויף בהמות, וואָס זיינען באַשטימט פאַרן [דייטשישן] קאָנטינגענט. געוויסע גרופּן קויפן איין שפּייז ביי דער דאָרפישער באַפעלקערונג. אין שכנות מיט אַזויגע גרופּן און אונטער זייער שוץ באַהאַלטן זיך אין לובלינער געגנט הונדערטער יידן אַנטלאָפענע פון פאַרשיידענע אַקציעס. אַ פּויער, וואָס וואָלט אַרויסגעגעבן אַ ייד אין די הענט פון די דייטשן, דראָט אַ „רויטער האָן", ד. ה. דאָס פאַרברענען פון זיין כאַטע. יידישע באַוואָפנטע גרופּן אָפּערירן אויך אין אַנדערע געגנטן פון לאַנד. באַזונדערע יידישע משפּחות באַהאַלטן זיך אויס ביי פּויערים אין בונקערס, וואָס זענען אויסגעבויט אין שייערס, קעלערס א.א.וו. די דייטשישע מאַכט באַקעמפט די פּויערים, וואָס באַהאַלטן אויס יידן. צו דעם צוועק האָבן זיי אַרויסגעגעבן זייער האַרבע פאַראָרדענונגען, וואָס דראָען די אומגעהאָרכזאַמע מיטן „רויטן האָן" און זאָגן צו פּרעמיעס פאַר כאַפּן יידן. די אַקציע קעגן די יידן בינדט זיך מיט דעם קאַמף, וואָס די דייטשישע מאַכט פירט קעגן די פּאַרטיזאַנער און בכלל קעגן די פרעמדע, וואָס קומען אין דאָרף. דערמיט קלערט זיך אויף, וואָס אין די דערפער געפינען אַ מקום מקלט אַלץ ווייניקער יידן. בעסער איז געווען די לאַגע אין די יאָרן 1940—1941, די פּויערים האָבן געהאַלטן ביי זיך יידישע יוגנט ווי פאַראָבקעס און זיך באַצויגן צו זיי מענטשלעך. מיר קענען אויך פאַלן פון געבן הילף די יידישע לאַגער=אסירים דורך דער אַרומיקער דאָרפישער באַפעלקערונג. איצט האָט דער פּויער מורא צו געבן אַ באַהעלטעניש די יידישע לאַגער= און געטאָ=פּליטים. דער פּויער גיט הילף אַזאַ פּליט, אָבער מורא האָבנדיק פאַר אַ מסירה ציטערט ער אים צו באַהאַלטן ביי זיך. עס טרעפט, אַז דער פּויער איז אַזוי אָפּגעשראָקן, אַז ער גיט די אַנטלאָפענע עסן, אָבער נישט אין שטוב, אַפילו נישט אויפן הויף, נאָר אויפן ברעג פונעם וואַלד.

נישט געקוקט אויף אָט דער פאַרשאַרפטער לאַגע און אויף די שוועריקייטן, איז נאָך פאַראַן אַ שפּאָר ביסל יידישע פאַמיליעס, וואָס באַהאַלטן זיך אויס אין דאָרפישע שטיבער און אין ספּעציעל אויסגעבויטע בונקערס.

דער פּױלישער קלער האָט זיך אױפֿגעפֿירט כמעט גלײַכגילטיק לגבי דער נישט געזעענער אין דער געשיכטע טראַגעדיע פֿון אױסמאָרדן דאָס גאַנצע ייִדישע פֿאָלק. פֿאַר דער מלחמה האָט זיך דער פּױלישער קלער אױסגעצײכנט מיט אַ בולטער אַנטיסעמיטישער שטעלונג. װען עס האָט זיך יאָר אײַן יאָר אױס געגאָסן אין די הױכשולן בלוט פֿון ייִדישע סטודענטן, װען די אַנטיסעמיטישע װילדע האָרדע האָט געבושעװעט אין פּשיטיק, בריסק און אַנדערע שטעט, האָט דער פּױלישער קלער געשװיגן אָדער צוגעשטימט צו די אַנטיסעמיטישע מעשׂים תּעתּועים. די רבנים, װעלכע האָבן זיך נישט אָריענטירט אין דער לאַגע, האָבן זיך געװענדט צום קראָקעװער קאַרדינאַל מיט אַ בקשה, ער זאָל זיך קעגנשטעלן דער פּאָגראָמען־כװאַליע און נעמען אין שוץ די ייִדישע באַפֿעלקערונג. דער גדול פֿון דער קאַטױלישער קירך האָט אױפֿגענומען די דעלעגאַציע אין אַ באַלײדיקנדיקן אופֿן און אָנשטאָט אַן ענטפֿער געעצהט די רבנים צו דערציִען װי געהעריק די ייִדישע יוגנט, װעלכע שפּרײט — לױטן קאַרדינאַל — אין לאַנד דעם קאָמוניזם און פֿאַרסמט די פּױלישע יוגנט. פֿאַר דער מלחמה האָט די מערב־אײראָפּעיִשע גײסטלעכקײט באַקעמפֿט דעם ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם װי אַן אידעאָלאָגיע אַ פֿרעמדע דעם קריסטנטום, װאָס אָנערקענט נישט קײן נידעריקע און העכערע ראַסן. דער פֿאַשיזם איז געװאָרן ענערגיש באַקעמפֿט דורך אַ באַדײטנדיקן טײל פֿון דעם מערבדיקן קאַטױלישן קלער װי אַן אידעאָלאָגיע, װאָס איז קעגן די יסודות פֿון דער קריסטלעכער רעליגיע. אין דער זעלביקער צײַט האָט זיך דער פּױלישער קלער פֿאַרהאַלטן נײטראַל לגבי דער אַנטיסעמיטישער אַקציע, און די דאָזיקע נײטראַליטעט איז געװען על־פּי אַ צושטימונג צו דער פּאָגראָמען־ און עקסצעסן־כװאַליע, װעלכע האָט געשלאָגן אַלץ העכער און העכער. דער קאַטױלישער קלער האָט מאָלערירט די כוליגאַנישע אַרױסטרעטונגען פֿון למשל אַזאַ גלח טשעטשאַק, װעלכער האָט קאָלאַבאָרירט מיט די היטלעריסטישע אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס. פֿון אַזאַ מין קלער איז שװער געװען זיך צו ריכטן אַ גרעסערע הילף לטובֿת די ייִדן בעת דער איצטיקער מלחמה, װי באַלד ער האָט קײן הילף נישט געגעבן אַפֿילו דעמאָלט, װען ער איז געװען ביכולת עס צו טאָן. טרײַ דער פֿאַרמלחמהדיקער באַציִונג פֿונעם האָלענדישן קלער צו ייִדן האָט ער — װי מיר האָבן געהערט — אױך במשך פֿון דער איצטיקער מלחמה אַרױסגעװיזן אַ העלדישע שטעלונג און איז אַרױסגעטראָטן אין שוץ פֿון די ייִדן. זײענדיק אױסגעשטעלט אױף דעפּאָרטאַציע אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, איז דער דאָזיקער קלער דרײסט און מוטיק אַרױסגעטרעטן מיט פּרײדיקערײען קעגן אַרײַנפֿירן אין האָלאַנד די נירנבערגער געזעצן. אַן ענלעכע שטעלונג האָט פֿאַרנומען די קאַטױלישע גײסטלעכקײט אין פֿראַנקרײַך. כּדי צו אילוסטרירן די פֿראַנצױזישע שטימונגען גיט אָן די צײַטשריפֿט „דזשואיש רעקאָרדס“ (אין יאָר 1940) דעם פֿאָלגנדיקן פֿאַקט, װאָס האָט פּאַסירט אין אַ שטאָט אין דרום־פֿראַנקרײַך. דער גלח

האָט איבערגעלייענט דעם ספר אסתר אין אין שייכות דערמיט געהאַלטן אַ דרשה, וועלכע ער האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „מיר האָבן איבערגעלייענט דעם ספר אסתר און געזען דעם טרויעריקן סוף פון דעם יידן־אונטערדריקער המן. דאָס זעלבע וועט געשען מיט די היינטיקע המנס, וואָס רודפן די יידן. עס דערוואַרט זיי אַן ענלעכער טרויעריקער סוף". אין די בעלגישע קירכעס האָט מען אָפּגעריכט תפילות לטובת די יידן און בשעת מעשה געקליבן געלט לטובת די יידישע קינדער. דעם קלערס באַציונג צו יידן איז, אגב, אַרויסגעדרונגען פון דער אַלגעמיינער אַטמאָספער, וואָס איז געווען פריינטלעך לגבי יידן. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין אַ מאַסנהאַפטיקן אָנטאָן יידישע אָרעמבענדער דורך אָנזעעוודיקע טיילן פון דער פראַנצויזישער, בעלגישער און האָלענדישער געזעלשאַפט ווי אַ צייכן פון פּראָטעסט און סאָלידאַריטעט מיט די אונטערדריקטע יידן. אין פוילן טרעפן מיר זיך אָן בלויז אין אויסנאַם־פאַלן מיט אַזאַ שטעלונג פונעם קאַטוילישן קלער, וואָס דערמאָנט דעם מערב־אייראָפּעישן קלער. אַ יוצא מן הכלל איז אין דעם פרט געווען ווילנער געגנט, ווו דער קאַטוילישער קלער האָט געגעבן שוין אַ געוויסע צאָל יידישע יוגנט, וואָס איז אַנטלאָפן פאַר דעם טרויעריק־באַרימטן פאָנאַר, ווו מען האָט דערשאָסן צענער טויזנטער יידן.

מיר ווייסן וועגן אַזאַ ספּאָראַדישן נאָבעלן אַקט אין דער געגנט פון פ. ק. [78]), ווו דער אָרטיקער פּראָבאָשטש האָט געראַטעוועט די יידישע לאַגער־אסירים, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער נאָענטסטער געגנט אין די סאַמע שווערסטע באַדינגונגען. דערוווסט זיך וועגן דעם, אַז דער לאַגערשויץ [לאַגער־וואַך] פּייניקט די אסירים מיט הונגער און דערשיסט זיי פאַר דער קלענסטער נאַרישקייט, האָט דער גלח געהאַלטן עטלעכע דרשות צו די גלויביקע, אויפפאָדערנדיק זיי צו ברענגען הילף די מיטמענטשן. אין רעזולטאַט פון די דרשות האָבן די פויערים שטאַרק געהאָלפן די לאַגער־אסירים, אַריבערגעוואָרפן ברויט איבער די דראָטן, געשפּייזט די לאַגער־אסירים א.א.וו. אין די יתומים־הייזער פונעם קלער און אין די קלויסטערס האָט מען איינגעאָרדנט אַ ביסל גאָר יינגיטשקע יידישע קינדער. אין דער שטאָט ט״ש. [79]) האָט דער קלויסטער אָנגענומען יידישע קינדער יינגער פון 6 יאָר. דאָס באַגרענעצן דעם עלטער פון די אָנגענומענע קינדער ווייזט אויף בפירוש, אַז אין דעם פאַל איז גיכער געגאַנגען וועגן „ראַטעווען נשמות" און נישט וועגן ראַטעווען יידישע קינדער. דאָס זעלבע איז נוגע די משומדים. אין געטאָ האָט זיך מיט זיי פאַרנומען דער קאַטוילישער קלער, וועלכער האָט געשטעלט אין זייער רשות די פאַראַפיע־הייזער אויף לעשנאָ און גזשיבאָוו. אין דער קירך פון „אַלע הייליקע" אויף גזשיבאָוו און אין דער קירך פון דער „הייליקסטער

78 וואַרשעווער פּיעקלאָ־קאַמפּינאָס.
79 טשענסטאָכאָוו?

מאַריע" אויף לעשנאָ זענען פאָרגעקומען קאַטוילישע תפילות דורכגע=
פירט דורך גלחים=משומדים און מיטן אָנטייל פון אַ משומדים=כאָר. אין
די קירכעס האָט מען געזען באמת פרומע מענטשן. פאַרפרומטע פרויען
זענען געלעגן אויף דער ערד און היים גערדאַווענט. געשטאָרבענע האָט מען
אַרויסגעפירט מיט אַ קירכלעכן לויה=וואָגן צום קאַטוילישן אָדער עוואַנ=
געלישן בית עולם, די משפחה האָט געקאָנט באַגלייטן דעם לויה=צוג נאָר
ביז דעם געטאָ=טויער. די קאַטוילישע געזעלשאַפט „קאַריטאַס" האָט זיך
ענערגיש פאַרנומען מיט די משומדים, געשאַפן פאַר זיי גאָרקיכן און
זיך באַמיט וועגן פראָדוקטן=צושטעלונגען פון דעם באַשפּיין=אַמט ביים
יודענראַט . סיי דער פאָרזיצער פונעם יודענראַט אינזש. אַדאַם טשער=
ניאַקאָוו, סיי דער פאָרזיצער פונעם באַשפּיין=אַמט אברהם געפּנער האָבן
פאַוואָריזירט די משומדים, זיי געגעבן גרויסע שפּייז=צוטיילונגען, צו=
געלאָזט זיי צו די העכסטע פאָסטנס אין די קהילה=אינסטיטוציעס א.א.וו.
די יודענראַט=אָנפירונג האָט איבערגעבויגן דעם שטעקן אין דער השגחה
איבער די משומדים, געשאַפן פאַר זיי אפילו אַ ריי פּריווילעגיעס. עס
איז דערגאַנגען דערצו, אַז כדי צו ווערן אָנגענומען אויף אַ פּאָסטן אין
געוויסע אָפּטיילונגען פון דער קהלה, האָט מען גערדאַרפט ברענגען
אַ שמד=באַשטעטיקונג. דער באַשפּיין=אַמט האָט אַזוי ווייט פאַוואָריזירט
די משומדים, אַז ער האָט זיי געגעבן גרויסע פראָדוקטן=צוטיילונגען אפי=
לו דעמאָלט, ווען עס האָט אויסגעפעלט שפּייז פאַר די יתומים=היימען.
דאָס פּריווילעגירן די משומדים האָט מען אין געוויסע ספערן באַגריג=
דעט דערמיט, בכן דער יודענראַט אַלס די שטאָט=פאַרוואַלטונג אויפן גע=
ביט פונעם געטאָ מוז זאָרגן וועגן אַלע איינוווינער פונעם יידישן ראַיאָן,
און אַ וועלכע נישט איז עוולה קאָן פאַרשטאַנען ווערן ווי אַ נקמה=אַקט,
ווי אַ באַקעמפונג פון פּוילישקייט. דער קלער האָט געמאַכט אָנשטרענגונ=
גען, מען זאָל די משומדים פאַרזיכערן געוויסע פּריווילעגיעס. די
R.G.O [80] האָט אינטערווענירט ביי דער מאַכט, מען זאָל די משומדים
לאָזן בלייבן אויף דער אַרישער זייט, אין אַן אויסגעטיילטן שטח. ווען
עס האָט זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונגס=אַקציע, האָט די ס.ס. נישט
געלייגט קיין אַכט אויפן צלם, וואָס האָט געשיצט די משומדים=דירות.
אַלע איינוווינער פון די פאַראַפיע=הייזער האָט מען צוגענומען אויפן אומ=
שלאַג=פּלאַץ און פון דאַנען אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע. אַ ביסל משו
מדים זענען — אַדאַנק זייערע קריסטלעכע קרובים — אַנטלאָפן אויף
דער אַרישער זייט. געוויסע משומדים האָבן זינט צענדליקער יאָר געוווינט
אויף דער צווייטער זייט, זיי זענען געווען פאַרבונדן דורך קרובהשאַפט=
פעדים מיט דער פּוילישער באַפעלקערונג, זיי האָבן געהאָלפן זייערע יידי=
שע קרובים איינאָרדענען זיך מחוץ דעם געטאָ. איך קען אַ משומדת,

---

80 „ראַדאַ גלוונאַ אָפּיעקונטשאַ" — לעגאַלער פּוילישער פילאַנטראָפּישער
הויפּט=ראַט.

װעלכע האט נאך מיט עטלעכע צענדליק יאר צוריק איבערגעריסן מיט איר יידישער משפחה, בעסער געזאגט — די יידישע משפחה האט זיך געהאט אפגעזאגט פון איר. איצט בעת דער אויסזידלונגס-אקציע האט זיך די משומדת אליין געמאלדן און אויסגעצויגן א הילפס-האנט צו איר יידישער משפחה. צו געבן אזא מין הילף איז אויך מסכים געװען די אנטיסעמיטישע פאמיליע פון אונדזער משומדת. מאכנדיק א סך הכל פון דעם אלץ װאס מיר האבן געזאגט װעגן די משומדים איז כדאי אונטערצושטרייכן, אז די הילף לטובת די משומדים איז א שיין בלאט אין דער טעטיקייט פון פױלישן קלער, אבער דאס האט נישט קיין געמיינזאמס מיט דער הילף פאר יידן.

אויף דעם ארט דארף מען זאגן עטלעכע װערטער װעגן דער באציונג פון די רעגירונגס-פאקטארן צו דער יידן-פראגע אין פױלן. מיר האבן נישט אונטער דער האנט די רעגירונגס-דעקלאראציעס אין דעם ענין. עס איז באװוסט, אז די שיקארסקי-רעגירונג האט ארויסגעגעבן א ריי דערקלערונגען בנוגע דער יידן-פראגע אין פױלן. עס איז דארטן געװען א רייד װעגן דער גלייכבארעכטיקונג פון די יידן, װעלכע װעלן אין קינפטיקן פױלן װערן באלוינט פאר די יסורים בשעת דער מלחמה. מיר האבן שוין אין אן אנדער ארט אונטערגעשטראכן, אז די רעגירונגס-פאקטארן האבן געהאט בנוגע דעם ענין פון פארטיידיקן דאס געטא א לחלוטין נישט פאסיקע באציונג. מיר מיידן אויס דעם פראבלעם: שוין-זשע האט מען געדארפט די זעלבשוץ פון געטא איבערלאזן די יידן אליין? צי האט מען נישט געדארפט ארויסהעלפן פון דער ארישער זייט, לכל הפחות צוליב מאראלישע טעמים? געבן מאראלישע הילף אין פארם פון געװער איז געװען סוף כל סוף מעגלעך. מאראלישע הילף האט מען געגעבן ערשט אין אפריל 1943, מען האט דעמאלט ארויסגעלאזט אן אויפרוף פון דעם רעגירונגס-דעלעגאט, מען זאל אויסבאהאלטן יידן. אין משך פון די 50 טעג, װאס עס האט געדױערט די אקציע אין יולי, אויגוסט און סעפטעמבער 1942, אין דער צייט פון דער יאנואר-אקציע אין 1943, האט די רעגירונג געשװיגן. די זעלבע פארװורפן רוקן מיר ארויס אין דער פראגע פון געװער, װעלכע מען האט געפאדערט לאנג פאר דער אויסזידלונגס-אקציע אין װארשע. די אומפארשטענדלעכע האלטונג פון די אפיציעלע פאקטארן, װעלכע האבן במשך פון לאנגע חדשים אפגעזאגט ארויסצוגעבן געװער, און לסוף עס געגעבן אין מיקראסקאפישע פארציעס, האט געגעבן א יסוד צו פארשיידענע השדים, אז אזוי איז עס געשען, װייל עס איז געװען א מורא, מען זאל אפשר אין דער צוקונפט נישט באנוצן דאס געװער אין א נישט-פאסיקער ריכטונג. צום ענין פון ראטעװען יידן און בפרט װערטפולע יחידים פון צװישן די יידן איז אויך נישט געװען קיין געהעריקע באציונג. מען האט געשאפן דעם ראט צו העלפן יידן, װאס איז באשטאנען פון מענטשן פון גוטן װילן, אבער מען האט אים נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט צו אנטװיקלען א טעטי-

קייט אין אַ גרעסערן פאַרנעם, און דאָס מחמת מאַנגל אין געלט און הילף מצד די רעגירונגס־פאַקטאָרן. מיר האָבן אונטערגעשטראָכן אין אַן אַנדער אָרט, אַז דאָס ראַטעווען יידן דורך אַרויספירן זיי פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט איז אין פוילן געווען אַ פועל יוצא פון אַ ריי אינדיווידועלע אַקטן און נישט קיין רעזולטאַט פון אַ קאָלעקטיווער אָנשטרענגונג. די רעגירונגס־פאַקטאָרן האָבן באַשטימט לעכערלעך קליינע סובסידיעס לטובת דער הילף פאַרן פּאָליטישן און קולטור־אַקטיוו פון די וואַרשעווער יידן. און אין הינזיכט פון פאַרזיכערן פאַר ווערטפולע מענטשן דירות, וואָס איז געווען וויכטיקער פון געלט, האָט מען גאָרנישט געטאָן. אין רעזולטאַט איז דאָס הייפל געלערנטע, שרייבער, אַקטיאָרן, פּאָליטישע טוער א.אַ.וו., וואָס זענען ניצול געוואָרן בעת די פריערדיקע אַקציעס, אומגעקומען אין דער לעצטער אַפּריל־אַקציע אָדער אַוועק אין די אַרבעטס־לאַגערן פון ס.ס. אין טראַווניק, פּאָניאַטאָוו, בודזין און אַנדערע, אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער לובלין [מיידאַנעק] א.אַ.וו., ווו עס איז איבער זיי יעדע רגע געהאָנגען די געפאַר פון סעלעקציע אָדער אומקום פון די הענט פון די ס.ס.־לייט און אוקראַינער. כדי צו כאַראַקטעריזירן, ווי טראַגיש עס איז די לאַגע פון דער יידישער אינטעליגענץ, איז גענוג צו דערמאָנען, אַז דער ראַט צו העלפן די יידן האָט אפילו נישט געהאַט קיין מיטלען איינצואָרדענען דעם באַוווסטן יידישן היסטאָריקער, געוו. סיים־דעפּוטאַט ד"ר ש.[81], וועלכער האָט נישט פאַרמאָגט די עטלעכע צענדליק טויזנט זל. אויף דינגען אַ דירה און לעבן אויף דער אַרישער זייט און איז אַריינגעפאַלן בעת דער אַפּריל־אַקציע אין די הענט פון די ס.ס. מען האָט אים צוגענומען זיין פרוי און קינדער, וועלכע זענען אַוועק אינעם „קעסל" אין לובלין, און אים פייניקן זיי זינט לאַנגע חדשים אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין לובלין, ווו ער מוז, אויף די עלטערע יאָרן, שווער אַרבעטן פיזיש.

עס איז אויך נישט געווען קיין געהעריקע הילף מצד דער רעגירונג, אויב עס גייט אין די שאַנטאַזשן און טעראָר לגבי יידן אויף דער אַרישער זייט. די פולשטענדיקע שטראָפלאָזיקייט פון די שאַנטאַזשיסטן און „שמאַלצאָווניקעס" האָט זיי דערפירט צו הפקרות און צו פּראַווען שאַנטאַזש און טעראָר אין אַ גרויסן מאַסשטאַב; דאָס באַדראָט דאָס לעבן פון דער שארית הפליטה פון די וואַרשעווער יידן. אויך אויף דעם געביט איז געקומען הילף — און דאָס אין אַ נישט־גענוגנדיקער מאָס — ערשט אין מערץ ד. י. [1943]; מען האָט דעמאָלט פאַרעפנטלעכט אַ וואָרענונג פון די אָפיציעלע פאַקטאָרן, אַז שאַנטאַזשירן יידן איז אַ שטראָפבאַר פאַרברעכן אין גייסט פון די געזעצן פון דער רעפּובליק. דער פאַסוס אין דעם דאָזיקן אויפרוף, אַז די שטראָף פאַר שאַנטאַזשירן יידן וועט אין געוויסע פאַלן ווערן אויסגעפירט שוין אין איצטיקן מאָמענט, איז געבליבן אויף

---

81 ד"ר יצחק שיפער.

פּאַפּיר. ווען מען וואָלט אויסגעפירט א גרעסערע צאָל טויט-אורטיילן איבער שאַנטאַזשיסטן, וועלכע האָבן אויף זייער געוויסן צענער טויזנטער יידישע קרבנות און ווען מען צעקלעפּט די באַקאַנטמאַכונגען וועגן דעם אויף די שטאָט-מויערן און מען פאַרעפנטלעכט עס אין דער אַלגעמיינער פּרעסע — וואָלט דאָס געוויס געגעבן אַ געוויסן עפעקט. אָבער ווי ביז איצט, האָט מען אויך זייער ווייניק אויפגעטאָן אויך אויף דעם געביט, וואָס איז אַזוי וויכטיק פאַר דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פון דער שארית הפּליטה פונעם וואַרשעווער יידנטום.

דאָס זעלביקס קענען מיר זאָגן וועגן דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. מיר האָבן צאָלרייכע קאַדרען פון אַ מיליטעריש אויסגעשולטער יוגנט און פון דערוואַקסענע; זיי זענען גרייט זיך אונטערצונעמען די סאַמע געפערלעכסטע מיסיעס, כדי נאָר גורם צו זיין שאָדנס דעם שונא און צו פאַרקלענערן זיין פאַרטיידיקונגס-קראַפט. אין אַלע שטעט איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון די יידן און גרויסע גרופּן פון יוגנט און מיליטער-לייט זענען מיט געווער אין האַנט אַוועק אין וואַלד, כדי נישט אומצוקומען פון די תלינישע הענט. די דאָזיקע גרופּן האָט מען לייכט געקענט איינשפּאַנען אין דעם פּאַרטיזאַנישן קאַמף קעגן שונא, אָבער אַנשטאָט אַזוי צו האַנדלען, האָט מען דערקלערט אַ קריג די דאָזיקע גרופּן און אַזוי אַרום זיין פאַרמשפּט אויף אַ לעבן פון באַנדיטן, וועלכע מוזן זיך אויסהאַלטן פון רויבעריי. אַנשטאָט אַרויספירן די דאָזיקע גרופּן אויפן וועג פון קאַמף מיטן אָקופּאַנט, האָט מען זיי אַראָפּגעשטויסן אויף גזלנישע אומוועגן. וואָס פאַר אַ ממשותדיקע באַדייטונג האָט דער באַשלוס וועגן באַוואָפענען די געטאָס,[82] אויב מען וויל זיי נישט אויסנוצן צום ווירקזאַמען קאַמף מיטן שונא? אַזאַ האַנדלונג מצד די רעגירונגס-פאַקטאָרן לגבי די באַוואָפנטע יידישע גרופּן צווינגט די לעצטע צום קאַמף קעגן אַלעמען, דערפירט צו דעם, אַז די גרופּן ווערן אין אַן אומברחמנותדיקן אופן ליקווידירט דורך די פּוילישע פּאַרטיזאַנישע גרופּן[83] און דורך דער דאָרפישער באַפעלקערונג, וועלכע כאַפּט זייערע מיטגלידער און גיט איבער אין די דייטשישע הענט. אין אַזאַ אופן קומען איצט אום טויזנטער יידן, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך די צאָלרייכע יידישע קהלות אויף דער פּראָווינץ, וועלכע מען האָט לגמרי „אָפּגערייניקט“ פון דער יידישער באַפעלקערונג. די פּוילישע באַפעלקערונג ענדיקט אויס אַזוי אַרום די פאַרבליבענע רעשטלעך יידן פון די גרויסע יידישע קהלות. די פּוילישע פּאַרטיזאַנישע

---

[82] דאָס איז געווען אַן אינסטרוקציע פונעם הויפּט-קאָמענדאַנט פון א.ק., גענעראַל סטעפאַן ראָוועצקי („גראָט“) פון פעברואַר 1943 צו באַוואָפענען די יידן אין די געטאָס. די אינסטרוקציע איז אָבער סאַבאָטירט געוואָרן דורך דעם רוב אָרטיקע קאָמענדאַנטן פון א.ק.

[83] דורך די נ.ס.ז. און רעאַקציאָנערע א.ק.-גרופּן.

גרופן געמען אין פרינציפ נישט אָן קיין יידן,[84] און עס איז נישט באַוווסט צוליב וועלכע סיבות. ווי ווייט דאָס איז פאַלש, ווייזט אויף די פראַקטיק פון די לינקע פוילישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע ווענדן נישט אָן קיין שום באַגרענעצונגען לגבי יידן. די צוקונפט וועט באַווייזן, וויפל העלדישע אויפטוען אין קאַמף מיטן אָקופּאַנט דאָס אונטערערדישע פוילן האָט צו פאַרדאַנקען אירע יידישע מיטגלידער, וועלכע פירן אויס מיט גרויס מסירת נפש זייערע פליכטן לגבי די אָרגאַניזאַציעס.

אַן ערנסטן פאָרוווּרף רוקן מיר אַרויס אויפן אַדרעס פון די רעגירונגס-פאַקטאָרן, אויב עס גייט וועגן ראַטעווען יידישע קינדער. די א. ג. אויסזידלונגס-אַקציע איז געווען ראשית כל געצילט אין די פרויען און קינדער, וואָס זענען די ערשטע אַוועק קיין טרעבלינקע. עס איז פאַרבליבן בלויז אַ נישט גרויס הייפל יידישע קינדער. מיר האָבן זיך גערעכנט, אַז די רעגירונגס-פאַקטאָרן וועלן אונטערנעמען אַן אַקציע מיטן ציל צו ראַטעווען אָט דאָס קליינע הייפל קינדער, וועלכע האָבן אויסגעמיטן דעם אומקום פון די הענט פון די נייצייטיקע פרעהס. ליידער האָט נישט די רעגירונג, נישט די פוילישע געזעלשאַפט גאָרנישט געטאָן אין דער זאַך, נישט אַרויסגעלאָזט אפילו קיין אַפּעל צו דער געזעלשאַפט.

יידן ווערן נישט אָנגענומען אין די מיליטערישע רעגירונגס-אָרגאַניזאַציעס, אַ יוצא מן הכלל זענען ווייניקע פערזאָנען, וועלכע זענען פערזענלעך באַקאַנט דער אָנפירונג פון דער געגעבענער גרופע. עס זענען אונדז באַקאַנט פאַקטן, ווען מען האָט געוויסע מענטשן באַפוילן צו קאָנטראָלירן די אַרישקייט פון די מיטגלידער פון אַ געוויסער רעגירונגס-אָרגאַניזאַציע. אין פאַל, ווען עס ווערט פעסטגעשטעלט דער יידישער אָפּשטאַם, רוקט מען אַוועק מיט פאַרשיידענע תירוצים די געגעבענע פערזאָן.

די אונטערשטע שורה: אין מאָמענט, ווען איבערן יידישן פאָלק האָט זיך אויפגעהויבן די שווערד פון אומברחמנותדיקער פאַרניכטונג, וואָס עס האָט זיך פון איר אַרויסגעדרייט נאָר אַ קליין הייפל יידן, האָבן די רעגירונגס-פאַקטאָרן גאָרנישט געטאָן, כדי צו ראַטעווען לכל הפחות די דאָזיקע רעשטלעך פוילישע יידן. די באַציונג פון די אָפיציעלע פאַקטאָרן צום ענין פון דעם הייפל פוילישע יידן איז געווען גאָר נישט קיין פאַסיקע, בפרט אין אָנבליק פון דער אומגעזעענער אין דער געשיכטע טראַגעדיע, וועלכע עס לעבט אַדורך דאָס יידישע פאָלק אין פוילן.

---

84 די א.ק. האָט בדרך כלל נישט אָנגענומען קיין יידן (געווען אויך אויסנאַמען). דאַקעגן די ג.ל. (פאָלקס-גוואַרדיע) האָט אָנגענומען יידן סיי קאָלעקטיוו, סיי אינדיווידועל.

## 12. אידעאַליסטן

דאָס שווערע לעבן פון אַ פּאָליאַק, וואָס באַהאַלט אויס אַ ייד. די פיר=און=צוואַנציק שעה פון דעם באַן=אַרבעטער טעאָדאָר. די משפחה מ. ראַטעוועט 34 יידן. רויזן אויפן מיסטקאַסטן. די פּוילישע וויסנשאַפטלעכע וועלט. דער פויער פון גראָדנע גאַוועל ה. די פּוילישע סעקטאַנטן היטן אָפּ די טראַדיציעס פון טאָלעראַנץ. אַ פּוילישער דאָקטער העלפט יידישע פּאַרטיזאַנער. אַ הויז=דינסט וואָס איז טריי ביזן טויט.

דאָס לעבן פון אַ פּאָליאַק, וואָס באַהאַלט אויס אַ ייד, געהערט נישט צו די לייכטע. אין לאַנד הוליעט אַ ווילדער טעראָר. אין דער הינזיכט פאַרנעמט פּוילן דאָס צווייטע אָרט אין אייראָפּע, נאָך יוגאָסלאַוויע. דעם בעסטן טייל פון דער געזעלשאַפט, די סאַמע איידלסטע און קרבנות=גרייטע מענטשן פירט מען אַרוים מאַסנווייז אין קאָנצענטראַציע=לאַגערן אָדער תפיסות. אין לאַנד בליט שפּיאָנערייי און מסירה, וואָס מיר פאַרדאַנקען אין אַ געוויסער מאָס דער מאַסע אמתע און פאַלשע פאָלקס=דויטשן. אויף טריט און שריט אַרעסטן און אָבלאַוועס. אין די צוגן כסדרדיקע רעוויזיעס פון געווער און שמוגל, אויף די שטאָטישע גאַסן — דאָס זעלביקע. די פאָלקס=מאַסן ווערן טאָג=טעגלעך פאַרסמט מיטן גיפט פון אַנטיסעמיטיזם — פון די פרעסע=שפאַלטן, דורכן ראַדיאָ א. א. וו. אין אַזאַ מין אַטמאָספער פון אומרו און טעראָר, פון פאַסיווקייט און אינדיפערענטיזם איז דאָס אויסבאַהאַלטן יידן אין שטוב, בעת אַלין אַרום האָט געשאַפן אַ פאַרשווערונג קעגן די יידן, זייער אַ שווערע זאַך. אַ ייד אין שטוב פון אַן אינטעליגענט, אַרבעטער אָדער פאָלקס=מענטש איז דינאַמיט, וואָס קאָן יעדע רגע אויפרייסן און צעזעצן די שטוב. בלי שום ספק שפילט ביים באַהאַלטן יידן אַ גרויסע ראָל געלט. די חיונה למשל פון אומפאַרמעגלעכע משפחות איז באַזירט אויף די געלטער, וואָס די יידן צאָלן איין טאָג=טעגלעך דעם אַרישן באַלעבאָס. אָבער שוין=זשע זענען פאַראַן אויף דער וועלט אַזוינע גרויסע סומעס, וואָס זענען ביכולת צו באַלוינען דעם אומאויפהערלעכן פחד פאַרן „אַריינפאַלן“, פאַר שכנים, פאַרן הויז=וועכטער, פאַרן אַדמיניסטראַטאָר א. א. וו. אַנדערע למשל — דאָס זענען אידעאַליסטן, וועלכע זענען מקריב זייער גאַנץ לעבן פאַר זייערע יידישע פריינט, מיט וועלכע זיי האָבן אָן אַ שיעור קאָפּ=פאַרדרייעניש. אַ ייד איז אַ קליין קינד, וואָס קאָן אַליין נישט טאָן קיין טריט. אַ ייד קאָן נישט גיין איבערן גאַס. דער אַרישער פריינט מוז אים אָפט באַזוכן און דערליידיקן פאַר אים צענדליקער ענינים. דער ערשטער ענין דאָס איז די מאָביליזאַציע פון קאַפּיטאַלן אויף די טייערע לעבנס=קאָסטן. ער מוז דערנאָך איינקאַסירן דאָס געלט ביי די קליענטן, אָדער פאַרקויפן דאָס האָב און גוטס פונעם ייד, אָדער רעאַליזירן זיינע טייערע חפצים א. א. וו. כסדר און שטענדיק ענינים צו דערליידיקן, בקשות, וועלכע עס

מוז אויספירן דער קריסטלעכער פריינט. דער ייד ווינט זעלטן צוזאַמען מיט דער משפּחה, בדרך כלל ווינט יעדער משפּחה=מיטגליד ערגעץ אַנדערש. דאָס איינהאַלטן די קאָנטאַקטן מיט די באַזונדערע משפּחה=מיטגלידער געהערט אויך צו די אויפגאַבן פונעם אַרישן פריינט. די יידישע דירות האַלטן אין איין „ברענען“. זעלטן ווען מען טרעפט אַ ייד, וואָס זאָל אויף דער אַרישער זייט ווינען אַ לענגערע צייט אין איין און דער זעלביקער דירה. אין אַ קורצער צייט אַרום הייבט תמיד אָן עפּעס קאַליע צו ווערן. עס איז נישט באַוווּסט ווי אַזוי עמעצער כאַפּט זיך, אַז די באַלעבאַטים באַהאַלטן עפּעס אין שטוב, אַז זיי נעמען אָפּט אויף אין קיך איידער אין צימער, אַז זיי קויפן אַ סך מער שפּייז ווי פריער, אַז זיי האָבן געביטן דעם לעבנס=אופן, אַז זיי טוען זיך בעסער אָן... און טויזנטער אַנדערע קלייניקייטן און צופאַלן. קיינער האָט נאָך נישט אַריינגעטראָגן קיין מסירה, אָבער עפּעס הענגט שוין אין דער לופט, עפּעס פילט מען שוין. אָט האָט דער הויז=וועכטער אַ וואָרף געטאָן עפּעס אַ ווערטל, אַז עפּעס אַ פרעמדער האָט זיך געפרעגט דאָס און יענץ; אָט האָט אַ שכנטע אַריינגערוקט אירע זיבן גראָשן מכח אויסבאַהאַלטן עפּעס א.א.וו. בקיצור: די דירה „ברענט“ און מען דאַרף וואָס שנעלער מאַכן ויברח. טיילמאָל קומען פּשוט שכנים און צוליב מורא פאַר אַן אויסגעטראַכטער קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרלאַנגען זיי מען זאָל באַזייטיקן די יידן. און עס הייבט זיך אָן אויפסניי די עבודת פרך פונעם אַרישן פריינט. מען דאַרף געפינען אַ דירה, צורעדן עמעצן אויפצונעמען יידן, איבערצייגן, אַז דאָס איז אַ מענטשלעכער חוב, אַז דאָס איז אַ פּאַטריאָטישער אויפטו. א. א. וו. דאגות, כסדר נייע דאגות. און וואָס זאָל מען נאָך זאָגן, אַז עס הייבט זיך אָן אַ שאַנטאַזש, אַז מען ווערט פאַרהאַלטן דורך פּאָליציי, אַז מען ווערט קראַנק וכדומה. דעמאָלט וואַקסט דער עול פון אויפגאַבן, וואָס פאַלן אויף אונדזער פריינט, אָן אַ שיעור און אָן אַ מאָס. יעטוועדער ייד אויף דער אַרישער זייט מוז האָבן אַזאַ פריינט; בעסער געזאָגט — אַ סך פריינט, וועלכע דאַרפן שאַפן אַרום אים אַן אַטמאָספער פון סימפּאַטיע און זאָרגן פאַר אים און לעזן מיט האַרץ זיינע טאָג=טעגלעכע, כסדרדיקע דאגות.

איך קען אַזאַ אידעאַליסט, אַ פּוילישן באַן=אַרבעטער, זיין נאָמען איז טעאָדאָר[85]). איך וועל אין עטלעכע ווערטער דערציילן, וואָס איך האָב געזען אין משך פון די 24 שעה, וואָס איך האָב מיט אים פאַרבראַכט. אָקאָרשט איז ער געקומען פון אַן ערנסטער מיסיע אויף דער פּראָווינץ. ער איז געווען אין אַן ס.ס.=לאַגער, וווהין ער האָט אַוועקגעפירט געלט און אינסטרוקציעס און פון דאָרטן האָט ער, איינשטעלנדיק דאָס

---

[85] טעאָדאָר פּאַיעווסקי, אַ מיטגליד פון א.ק.

לעבן, אַרויסגעבראַכט אַ געוויסן געזעלשאַפטלעכן טוער אַ ייד[86]). יענער באַן=אַרבעטער האָט אין וואַרשע אַ פּאַרטער=וווינונג. אין קעלער, וואָס איז פאַרבונדן מיטן פּאַרטער, האָט ער אַ באַהעלטעניש, וו עס באַהאַלט זיך אויס אַ יידישע אינטעליגענטן=משפּחה. דער הויז=וועכטער, אַ פאַרברענ= טער אַנטיסעמיט, רודפט טעאָדאָרן ווי נאָר ער קאָן. ער איז אים חושד, אַז ער באַהאַלט אויס יידן, האָט ער דעריבער צוזאַמען מיט די לאָקאַטאָרן דורכגעפירט אין זיין דירה אַ רעוויזיע; זי האָט נישט געגעבן קיין שום רעזולטאַט. דאָס באַהעלטעניש האָט מען נישט אַנטפּלעקט. דער הויז= וועכטער שיקאַנירט ווייטער טעאָדאָרן. זומער=צייט האָט ער געלאָזט אָפן די טיר און אָבסערווירט איטלעכן איינעם וואָס איז אַריינגעגאַנגען אין דעם באַן=אַרבעטערס וווינונג, שנאַפּנדיק אין אַלעמען יידן. טעאָדאָר דער= לײדיקט אַלע ענינים פון זיינע יידישע סובלאָקאַטאָרן, ער שאַפט פאַר זיי געלט, באַזאָרגט שפּייז, האַלט איין דעם קאָנטאַקט מיט די פריינט א.א.וו. אונדזער באַן=אַרבעטערס משפּחה געפינט זיך אין דאָרף, דאָרטן באַהאַלטן זיך אויס צוויי יידישע פאַמיליעס. בלויז אייניקע מיטגלידער פון די פאַ= מיליעס זענען געמאָלדן. און אויך מיט אָט די פאַמיליעס האָט מען צרות, טאָג=טעגלעכע דאגות, וועלכע מען דאַרף דערליידיקן. אונדזער אַרישער פריינט האָט נאָך יידישע באַקאַנטע, וועלכע באַהאַלטן זיך אויס ערגעץ הינטער דער שטאָט. דעם טאָג, ווען איך בין ביי אים געווען, האָט זיך „פאַרברענט" זייער וווינונג. טעאָדאָר איז צוגעפאָרן אַהין, געפונען אַ נייע דירה, אויסגעפונען אַן אַנדער אַרישע משפּחה, וועלכע האָט זיך אונטער= גענומען זיי אויסצובאַהאַלטן, ער האָט איבערגעטראָגן די זאַכן א. א. וו. און אַזוי כסדר, אָן אויפהער קאָפּ=פאַרדרייעניש און ענינים צו דערליי= דיקן. אַזעלכע גאָמענלאָזע העלדן, וועלכע אַרבעטן לטובת די יידן טראָץ דעם טעראָר, טראָץ דער גלייכגילטיקייט און אפילו פיינטלעכקייט פון אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער געזעלשאַפט, איז פאַראַן אַ סך.

צו אָט דער גרופּע אידעאַליסטן פאַררעכענען מיר אויך די משפּחה מ.[87]), וואָס האָט אין משך פון אַ יאָר צייט געשיצט דאָס לעבן פון 34 יידן, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן אונטער אירע השגחה=פליגל. די מ. — אַ משפּחה הינטערשטאָטישע גערטנער (14 קילאָמעטער הינטער וואַרשע) קאָן יידן פון אַלטע צייטן. אין זייער צווישטאָקיקן הויז האָבן פאַר דער מלחמה געוווינט יידן, מיט וועלכע זיי האָבן געלעבט אין גוטע שכנישע באַציונגען. די פּראָדוקטן פון גאָרטן און סאָד האָט געקויפט אַ יידישער גרינס=סוחר און אַ יידישער פירות=הענדלער. דער אַלטער מ. איז געווען

---

86 עמנואל רינגעלבלומען גופא, וועלכן פּאַיעווסקי און די יידישע פאַר= בינדלערין עמילקאַ קאָסאָווער האָבן אַרויסגעשלעפּט פונעם ס.ס.=לאַגער טראַווניק און געבראַכט קיין וואַרשע.

87 מאַרטשאַק. איינער פון אָט דער משפּחה, לודאָמיר מאַרטשאַק, אַ פאַר= מלחמהדיקער קאָמוניסט, האָט געהאָלפן יידן. ער איז אומגעקומען פון דעם אָקופּאַנטס הענט.

באַקאַנט פון זיין ליבעראַלער באַציונג צו יידן. ער איז געווען אַן ערלעכער מאַן, באַוווּסט פון זיין איידעלן כאַראַקטער. די „נייצייטיקע" שטראָמען האָבן צו אים נישט דערגרייכט, ער האָט נישט פאַרשטאַנען די שנאה צו יידן און אין דעם גייסט האָט ער דערצויגן זיינע קינדער, אין וועלכע ער האָט אַריינגעטריפּט די פּרינציפּן פון יושר און גלייכער טראַקטירונג פון אַלע אָן אונטערשייד פון גלויבן און נאַציאָנאַליטעט. די העלדן פון אונטערן צייכן פון די „דוואַ גראָשע"[88]) האָט נישט געשמעקט, וואָס אַזאַ ערנסטער און געשעצטער מענטש ווי מ. געהערט נישט צו זייער חדר; האָבן זיי אים מיט חוזק אָנגערופן „יידישער וואָיטעק". אָבער די דאָזיקע אָנפאַלן פון די היימישע אַנטיסעמיטן האָבן נישט געווירקט אויף אַ האָר אויף דעם אויפפירן זיך פון הער מ. די משפחה-טראַדיציע האָט — נאָכן מאַנס טויט — איבערגענומען די פרוי מ. אירע גוטמוטיקע קלוגע אויגן, איר ערנסטער גרויער קאָפּ, איר גלייכגעזעצטער, מאַיעסטעטישער גאַנג פון אַ רוימישער מאַטראָנע — דאָס אַלץ זאָגט עדות, אַז דעם רודער פון דער הויז-אָנפירונג האָט איבערגענומען אַ ווירדיקע, ענערגישע פּערזאָן, וועלכע ווייס וואָס זי וויל און איז ביכולת איינצוהאַלטן אין צוים אירע צאָלרייכע משפחה.

בעת עס האָט זיך אָנגעהויבן די יידן-אויסזידלונג פון וואַרשע און די זוכענישן פון באַהאַלט-ערטער אויף דער אַרישער זייט, האָט אַ געוויסע געזעלשאַפטלעכע גרופּע זיך געווענדט צו אַט דער משפחה מיט דער ביטע אויסצובויען אַ בונקער. די דאָזיקע גרופּע האָט זיך מיט דעם געווענדט צום ה' מ. נישט בלויז צוליב זיין משפחה-טראַדיציע, נאָר אויך צוליב אַ שפּאָגל נייעם פאַקט, וועלכער האָט דערוויזן די נאָבלקייט און הילפסגרייטקייט פון דער דאָזיקער משפחה. וואָרעם די משפחה מ. האָט אַריינגענומען אומפאַראינטערעסירטערהייט אַן אומפאַרמעגלעכע יידישע שניידערקע, וועלכע זיי האָבן באַהאַנדלט ווי אַן אייגן קינד. מען איז זיך משער געווען, אַז די משפחה מ. פאַרמאָגט אַלע די מאָראַלישע מידות, מען זאָל קענען זיי אָנטרויען דאָס לעבן פון עטלעכע צענדליק נפשות. און מען האָט זיך נישט אַנטוישט. אַ געוויסע צייט שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עס איז פאָרגעקומען אַ משפחה-באַראַטונג, אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן צוצוטרעטן אויפצובויען אַ בונקער. אויף דער באַראַטונג האָבן זיך אייניקע מיטגלידער פון דער משפחה מ. אַרויסגעזאָגט קעגן דעם פּלאַן צוליב דער מורא, אַז דער בונקער קאָן ווערן אַנטפּלעקט. עס האָט אָבער געזיגט די משפחה-טראַדיציע פון ה' מ., די טראַדיציע פון הומאַניטאַריזם און טאָלעראַנץ. צום זיג האָט גורם געווען די מיינונג פון ה' וו.[89]), אַ פּאַטריאָט, וואָס איז זיך טאָגטעגלעך מפקיר פאַר דער פּאַטריאָטישער אידעע. ה' וו., מיט וועמענס

88 אַן אַלט און ביליק כוליגאַניש-אַנטיסעמיטיש בלעטל.

89 מיעטשיסלאַוו וואָלסקי, אַ טוער פון פּ.פּ.ס.

מיינונג די משפּחה מ. רעכנט זיך, האָט געפּסקנט: אויסבאַהאַלטן יידן איז דער חוב פון יעדן פּאָלאַק, דאָס איז אַ פּאַטריאָטישער חוב. אָבער היט זיי ווי אַן אויג אין קאָפּ — האָט צום סוף געזאָגט ה' וו. דער זאַץ איז געוואָרן דער פּרינציפּ פון דער משפּחה, בפרט פון דעם בן יחיד פון ה' מ. — דעם ה' וולאַדיסלאַוו. און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָפּייע פון צוזאַמענאַרבעט, וועלכע דויערט במשך לאַנגע חדשים. דעם רודער פונעם בונקער האַלט אין זיין האַנט דער „שעף", ה' וולאַדיסלאַוו מ., אַלט 37 יאָר, פון פאַך אַ גערטנער. ער האָט באַשלאָסן צו ראַטעווען צענדליקער יידן אויף צו להכעיס דעם אָקופּאַנט, וועלכער האָט אויף זיי אַרויסגעגעבן אַ טויט=אורטייל. ה' וו. איז מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן זיין טייערסטער געליבטער, דער פרוי „קרישיאַ" (אַזוי האָט מען אָנגערופן דעם בונקער, פון וואָרט „קריוווקאַ") 90). ער געדענקט וועגן איר בייטאָג, ער חלומט וועגן איר ביינאַכט. איידער מען האָט אויספּראָבירט דעם בונקער, האָט מען געדאַרפט דורכפירן אַ מייסטערשטיק, און עס האָט אים דורכגעפירט ה' וולאַדיסלאַוו ביי דער מיטהילף פון זיין שוועסטערזון, דעם ליבן און סימפּאַטישן ה' מאַריוש. אין משך פון עטלעכע וואָכן האָט מען אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער, איבער וועלכן עס האָט געוווינט אַ פּאָלקסדויטש, קרוב צוואַנציק צוקונפטיקע איינוווינער פון „קרישיאַ". מיט זייער הילף האָט ה. וו. אויסגעבויט אַן אונטערערדישע וווינונג מיט אַ קיך און קלאָזעט, אַן ענגע, אַן אומבאַקוועמע, אָבער דערפאַר אַ זיכערע, ווייל אין סאַמע מיטן פעלד, ווייט פון מענטשלעכע אויגן. פון אָט דער צייט איז דאָס לעבן פון ה' וו. און זיין סימפּאַטישן מיטאַרבעטער ה' מאַריוש געווען אויסגעפילט מיט דער זאָרג פאַר „קרישיאַ". נישט געקוקט אויף די אויסערלעכע גוטע באַדינגונגען איז פאַראַן אַ שפּאָר ביסל פאַקטאָרן, וועלכע באַדראָען די זיכערקייט פון „קרישיאַ". די אַרעסטירטע אין דעם ענגן צימער און אייגנטלעך קעלער קינדער שפּילן זיך צו רוישיק, די דערוואַקסענע פאַרמאַכט אין 28 קוואַדראַט=מעטער (די הויך 1,83 מ.) שמועסן צו הויך, טיילמאָל כאַפּט זיי אָן די א. ג. שטאַכעלדראַהט=קראַנקהייט 91), און זיי קריגן זיך. ה' וו. מוז האָבן אַן אויג אויף אַלץ. די באַשעפטיקטע אויפן שכנותדיקן פעלד אַרבעטער דערנענטערן זיך צו שטאַרק צום בונקער און קאָנען דערהערן די הויכע שמועסן, עפּעס אַ שכן קאָן ווידער דערזען דאָס ליכט, וואָס שלאָגט זיך אַדורך דורך דער קליאַפּע פונעם בונקער. עס זענען דאָ נאָך צרות: ווי אַזוי אַרום באַזאָרגן מיט שפּייז עטלעכע צענדליק מענטשן, און דאָס זאָל נישט דערוועקן קיינעמס אויפמערקזאַמקייט? אויך דערויף האָט דער איינפאַלערישער ה' מ. און זיינע נישט וויניקער פלינקע שוועסטער געפונען אַן עצה. זיי האָבן אָפּגעדונגען אַ שפּייז=געוועלב, און אויף זיין חשבון קויפן זיי איין פאַר „קרי=

90 קריוווקאַ אויף פויליש איז דער טייטש — באַהעלטעניש.

91 אַ נערוועישע קראַנקהייט פון לאַגער=אסירים.

שיאַ“. די טייערסטע געליבטע פון ה׳ וו. איז אייפערזיכטיק אויף אירע רעכט, זי פאָדערט אַלץ אויסשליסלעך פאַר זיך. צוליב איר וועגן האָט ה׳ וו. געמוזט איבעררייסן זיינע פריינדשאַפט= און האַנדלס=קאָנטאַקטן. ער קאָן נישט דערלויבן, אַז צופיל געסט אָדער קליענטן זאָלן קומען אין גאָרטן, ווייל איטלעכער גאַסט קאָן באַמערקן עפעס אומנייטיקס, עפעס אַזוינס וואָס ער האָט נישט געקאָנט פאַרויסזען אין זיין אויסגעצייכנט באַאַרבעטן פּלאַן פונעם בונקער.

די „קרישיאַ“=איינוווינער זענען אויף טויט און לעבן געקניפּט און געבונדן מיט דער משפחה מ. עס בינדט זיי דאָס טאָגטעגלעך, גרויע, אָבער רייך אין געשעענישן לעבן, עס בינדט זיי דער טויט פון איינער פון די „קרישיאַ“=איינוווינערינס. אין „קרישיאַ“ איז פאַרוויאַלעט געוואָרן אַ 14=יעריק מיידל, פאַרוויאַלעט, ווייל דער דייטש האָט מיט אַ יאָר צוריק צוגענומען איר געליבטע מוטער, און אין אַפּריל ה. י. האָט זי פאַרלאָרן דעם פאָטער, וועלכער איז אומגעקומען אין אַ געטאָ=בונקער. באַסיע האָט זיך אָנגעהערט שרעקלעכע געשיכטעס וועגן די געשעענישן אין געטאָ. אין די פלאַמען פון ברענענדיקן געטאָ האָט זי געזען איר פאָטערס פּנים, אינעם געקנאַל פון די אויפגעריסענע הייזער האָט זי געזען און געהערט איר פאָטער. דאָס אַמביציעזע מיידל האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן, אַז זי איז אויף דער אויסהאַלטונג פון פרעמדע. זי האָט דערקלערט אַ הונגער=שטרייק. אין משך פון דריי וואָכן האָט זי נישט אָנגענומען קיין דערנערונג און איז געשטאָרבן. מען האָט זי מקבר געווען אין גאָרטן. איר טויט האָט שיעור נישט גורם געווען, דער בונקער זאָל אַנטדעקט ווערן. איינמאָל איז אַ פרעמדער אַרבעטער געגאַנגען אין פעלד נאָך ליים. דער צופאַל האָט געוואָלט, ער זאָל נעמען גראָבן אין דעם אָרט, וווּ מען האָט באַגראָבן מרימען (אויף אַריש: באַסיאַ). צום גליק האָט דאָס באַמערקט די „וואַד“, וואָס האָט געהיט אָן איבעררייס דעם בונקער. מען האָט געגעבן צוווּיסן דער פרוי מ., וועלכע האָט אויסגעזוכט עפעס אַ תירוץ און געהייסן דעם אַרבעטער איבעררייסן דאָס ווייטערדיקע גראָבן ליים.

ה׳ וולאַדיסלאַוו איז אַ חברה=מאַן מיט פאַנטאַזיע, ער האָט ליב מאַכן אַ כוסה און איז תמיד גרייט זיך צו כאַפּן שלאָגן. ער האָט אין זיך עפעס פון אַ מאַזור[92]), ער איז דרייסט, מוטיק, האָט ליב צו ריזיקירן און איינצושטעלן לשם איינשטעלעניש. ה׳ וולאַדיסלאַוו האָט פאַריאָגט די באַקאַנטע און פריינט, זיי זאָלן נישט צופיל אַריינשמעקן אין גאָרטן, וווּ ער באַהאַלט זיין „טייערע“ „קרישיאַ“. אָבער ה׳ וו. האָט זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן פון אָפּטאָן אַ שטיק, מיט וועלכן ער קאָן שטאָלצירן. ה׳ וו. האָט פון פאַר דער מלחמה אַ טרייען קונה, דעם ה׳ ר., אַ פאָלקסדויטש, וועלכער האָט בעת דער מלחמה שטאַרק אַוואַנסירט אין דער אָרטיקער

---

92 מאַזורן — פּאָלאַקן פון דער געגנט מאַזאָווישע, וואָס זענען באַקאַנט אין דער טראַדיציע מיט זייער לוסטיקייט און שלאָגפערטיקייט.

געסטאַפּאָ. ה׳ ר. איז פֿאַרליבט אין גערטנעריי, האָט ליב צו באַקוקן בלומען, ספּעקטן־געוויקסן א.ד.גל. איינמאָל איז ער געקומען צו גאַסט צו אונדזער ה׳ וו. און געבעטן, ער זאָל אים ווייזן דעם גאָרטן אין זיין פּרילינגס־פּראַכט. ה׳ מ. האָט זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן דעם פֿאַרגעניגן, נישט צו פֿאַרבעטן דעם דייטש אויפֿן „קרישיאַ“־געביט. די שטיק איז געלונגען. ווען ה׳ וו. האָט אַרומגעפֿירט דעם ה׳ ר. איבער זייערע קעפּ, זענען די „קרישיאַ“־איינוווינער געבליבן לחלוטין שטום. דער דייטש, וואָס איז ביז איצט געגאַנגען איבער יידישע טויטע גופים, האָט דאָס מאָל געשפּאַנט איבער לעבעדיקע יידן. ה׳ וו. איז אַן אויסערגעוויינלעך דרייסטער מאַן. ווען מען האָט געדאַרפֿט ראַטעווען די איצטיקע „קרישיאַ“־תושבים פֿון געטאָ, איז ה׳ וו. פּערזענלעך פֿאַרפֿאָרן מיט אַ וואָגן צו דער „מעטע“, פֿאַרלאָדן די טשעמאָדאַנעס און פּעקלעך אויף דער פֿור, אַרויפֿגעזעצט די מענטשן אויף די פּעק, און איז געפֿאָרן אַהיים. איינמאָל האָט ער אַרויפֿגעזעצט אַכט מענטשן, פֿרויען און קינדער, און פֿאַר די אויגן פֿון דער פּאָליציי, „שמאַלצאָווניקעס“ און שכנים דורכגעפֿירט זיכער דורך די הויפּט־גאַסן פֿון דער שטאָט אין שטוב אַריין. ה׳ וו. האָט ליב אַ כוסה. זינט ער האָט אויסגעבויט די „קרישיאַ“ שמעקט ער זעלטענער אַריין אין גלעזל, ער טענהט, אַז אפֿילו זייער זעלטן. נישט וויכטיק, צי „זעלטענער“, צי „זעלטן“. אָבער אפֿילו ווען ער כאַפּט אַ טרונק, כאַפּט זיך ביי אים נישט אַרויס קיין וואָרט וועגן „קרישיאַ“, ער מאַכט אַ ביסל שטיק אין גאָרטן אָבער גייט קיינמאָל נישט צו צו „קרישיאַ“, אפֿילו שיכורערהייט, ווייל דאָס איז טאַבו. ער געדענקט וועגן דעם נישט בלויז ווען ער איז ביים קלאָרן באַוווסטזיין, ווען ער איז ניכטער, נאָר אויך אינעם אונטערבאַוווסטזיין, ווען ער איז בגילופֿין.

פֿרוי מ. איז אַן אמתע מאַמע פֿאַר „קרישיאַ“. זי שלאָפֿט נישט צוליב איר גאַנצענע נעכט, פֿאַרטאָג גייט זי צו „קרישיאַ“, כדי צו זען צי אַלץ אַרום איר איז כשורה. זי וואַכט איבער „קרישיאַ“, לעבט מיט אירע ליידן און פֿריידן. אינדערפֿרי און אין אָוונט זידט זי מילך פֿאַר „קרישיאַ“. זי רינגלט אַרום אירע איינוווינער מיט השגחה, דערליידיקט צענדליקער עסקים און קאָנטאַקטן. ווען זי גייט אַריין אין בונקער, האָט זי פֿאַר יעדן איינעם אַ גוט וואָרט, אַ מילדן שמייכל. זי אינטערעסירט זיך מיט די קינדער, איז זיי מכבד מיט פּירות פֿון איר גאָרטן, טרייסט די דערוואַקסענע, גיט צו מוט. אין שטורמישע מאָמענטן, בשעת עס ברעכט אויס אַ סיכסוך צווישן „קרישיאַ“ און עמעצן פֿון דער משפּחה מ., איז פֿרוי מ. דער בורר, איר אָביעקטיווער און יושרדיקער פּסק־דין ווערט דורך אַלעמען אָנגענומען אָן טענות. פֿרוי מ. אינטערעסירט זיך מיט די דאגות פֿון אַלע „קרישיאַ“־איינוווינער, וועלכע זענען עלעהיי מיטגלידער פֿון דער פֿאַמיליע מ. אָט איז אַ מוטער, וואָס איר בן יחיד בייט כסדר דאָס אָרט. די מוטער איז פֿאַרמאַכט אין „קרישיאַ“ און לעבט אָן אויפֿהער איבער אַ טראַגעדיע, שטענדיק דאַכט זיך איר, אַז דער זון איז אויף

דער גאַס און עס געשעט אים אַן עוולה. פרוי מ. באַרואיקט די מוטער, שטעלט איין אַ קאָנטאַקט מיטן זון, פאַרשטענדיקט זיך מיט די אַפּטורופּסים, גלייך זי וואָלט אַליין געווען די מאַמע פונעם קינד. און אָט איז אַן אַנדער „קרישיאַ"־איינוווינערין. דער מאַן, וואָס האָט שוין געוווינט אין „קרישיאַ", איז אַוועק אין געטאָ אין געזעלשאַפטלעכע ענינים. ער איז דאָ אַריינגעפאַלן אינעם סאַמע פייער פון די אַפּריל־קאַמפן און איז אַרויסגעפירט געוואָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער פון ס.ס. עס האָט געקאָסט אַ סך מי און מאַטערניש און אַ סך געלט, ביז דער מאַן, וועלכן מען האָט שוין געהאַלטן פאַר אַ פאַרהאַלטענעם, איז געקומען צוריק אין „קרישיאַ". פרוי מ. איז געווען איבערגעגעבן דער זאַך מיט דער גאַנצער נשמה, האָט אַרויסגעשיקט בריוו, זיך פאַרשטענדיקט מיט קוריערן א.א.וו. און עס איז כדאי געווען צו זען, מיט וואָס פאַר אַ פרייד פרוי מ. האָט אויפגענומען דעם מאַן פון יענער לערערין, זי וואָלט זיכער מער האַרציק נישט באַגריסט איר אייגענעם פאַרלאָרענעם זון[93].

פרוי מ. איז דאָס האַרץ פון „קרישיאַ", ה' וולאַדיסלאַוו איז איר מוח, די אויגן איז דער אייניקל פון פרוי מ., ה' מאַריוש — דער מלאך פון „קרישיאַ", איר אומצערייסבאַרער חבר. זיין פונקציע איז זייער אַ פשוטע, אָבער פון איר איז אָפּהענגיק דאָס לעבן פון 34 מענטשן. ה' מ.[94]) ברענגט די באַשפּייזונג פאַר „קרישיאַ", טראָגט אַרויס די עמערס א. א. וו., אָבער דער עיקר — ער היט זי אין משך פון גאַנצן טאָג, קיינער זאָל זיך צו איר צופיל נישט דערנענטערן. פון סאַמע אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט שטייט ה' מאַריוש אויף דער וואַך פונעם לעבן און זיכערקייט פון 34 מענטשן. ווען מען דערהערט דעם ערשטן סטראָף פון דעם פּאָפּולערן לידל „וואַרום?", ווערן אַלע אַנטשוויגן און עס ווערט טויטשטיל. אַזוי אַרום גיט ה' מאַריוש צוּוויסן, אַז עס דערנענטערט זיך דער „שונא". ווען ער נעמט זינגען דעם צווייטן סטראָף, איז דער טייטש, אַז די געפאַר איז נאָענט, אַז דער „בויד" (דער אויטאָ מיט זשאַנדאַרמעריע) איז פאַרפאָרן ערגעץ אין דער נאָענט, אַז מען האָט געמוזט אַריינפירן אַ פרעמדן אויפן „קרישיאַ"־שטח, און ער טאָר נישט וויסן, אַז אונטער דער ערד באַהאַלטן זיך אויס 34 לעבעדיקע מענטשן, וועלכע וואָלטן געוואָלט איבערלעבן די מלחמה. אויף דעם טימן גייען אַלע אַראָפּ אונטערן אויבערפלאַך, פאַרמאַכן די קלאַפּע און האַלטן איין דעם אָטעם. ה' מאַריוש האָט אָפּט זייער אַ שווערע אויפגאַבע. ער מוז אַזוי מאַנעווירן און דרייען מיט דער אַרבעט אין גאָרטן, אַז קיין שום פרעמדער זאָל זיך נישט דערנענטערן צום בונקער; ער איז מחויב כסדר אָבסערווירן, צי פון די דעכער פון די שכנותדיקע הייזער זעט מען נישט עמעצן פון די „קרישיאַ"־איינוווינער; ער מוז לעזן אַזוינע פּראָבלעמען, ווי גע=

---

93 דאָס איז געווען טאַקע רינגעלבלום גופא.

94 מאַריוש.

פינען אַן אָרט פאַרן מיסט, פאַרן שמוץ, פאַר די פעקאַליען א.ד.גל. טאָג=
טעגלעכע, אָבער וואָס אַ וויכטיקע פראַגן פאַר 34 לעבעדיקע מענטשן.

חוץ דעם השגחה=דרייילינג (די באָבע, דער זון און דער אייניקל)
העלפן שטאַרק אויך די טעכטער פון פרוי מ. די „קרישיאַ“=איינוווינער
צו דערליידיקן זייערע טאָג=טעגלעכע ענינים, איינקויפן שפּייז=אַרטיקלען,
פאַרקויפן זאַכן, איינהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער דרויסנדיקער וועלט.
פאַר מענטשן לחלוטין אָפּגעריסענע פון דער וועלט איז דאָס זייער אַ וויכ=
טיקע זאַך. יעדע פאַרשפּאַרטע אין דעם תפיסה=בונקער משפחה איז
אַ וועלט פאַר זיך. די השגחהדיקע אויפגאַבן פון די שוועסטער זענען אַזוי
אַרום זייער גרויסע, פאַרשיידנאַרטיקע און בייטן זיך יעדן טאָג. איינע
פון די „קרישיאַ“=איינוווינערינס האָט אַ זון אַ „פליענדיקן ייד“, וואָס
ענדערט זייער אָפט זיין אויפהאַלט=אָרט, ווייל כסדר „ווערט עפּעס קאַ=
ליע“ אין זיינע ווינקלען. דאָס שאַפט אַ סך שוועריקייט, עס פאַרנעמט
זיך מיט זיי איינע פון די שוועסטער מ. און אַזוי צענדליקער און הונ=
דערטער ענינים: דאָ דאַרף מען אָפּגעבן אָדער טויִשן געלט, דאָרטן
דאַרף מען אָפּנעמען זאַכן פאַרשטעקטע ביי פרייַנט. אַזעלכע ענינים איז
דאָ אָן אַ שיעור, און די שוועסטער מ. דערליידיקן זיי מיט האַרץ, גערן,
פלינק און ענערגיש.

ווען אין אַפּריל ד. י. האָט געפלאַקערט דאָס געטאָ, ווען די נייציי=
טיקע נעראָנס האָבן געברענט לעבעדיקע מענטשלעכע שטורקאַצן, ווען
דויטשע פלאַקאַטן האָבן פון אַלע מויערן אַראָפּגעשריגן: „פּאָלאַקן! ווייי
צו יעדן איינעם פון אייך, וואָס באַהאַלט אויס יידן. מיר וועלן מיט אייך
מאַכן דאָס זעלביקע, וואָס מיט די יידן“, האָט אין דער דאָזיקער צייט
געהערשט אין „קרישיאַ“ אַ פינצטערע פאַרצווייפלונג. נישט איינער האָט
געזען אין די פלאַמען פון ברענענדיקן געטאָ זיין ברודער, שוועסטער
א. א. וו. פרוי מ. און ה' וולאַדיסלאַוו האָבן דעמאָלט אָפט באַזוכט די
„קרישיאַ“ און צוגעגעבן מוט. בעת גייסט=שוואַכע מענטשן האָבן זיך
דערשראָקן פאַר די דייטשישע דראָונגען און אָפּגעזאָגט די יידן די
דירות, פאַרמשפּטנדיק זיי אַזוי אַרום אויף אַן אומפאַרמיידלעכן אומקום,
האָט זיך די משפחה מ. פעסט געהאַלטן ביי איר באַשלוס צו ראַטעווען
יידן. די געלאַסענע און רואיקע רוימישע מאַטראָנע, פרוי מ. און איר
היציקער זון ווילן אויף צו להכעיס די דייטשן באַהאַלטן זייערע יידן
און זיי וועלן דורכפירן זייער פלאַן טראָץ אַלץ און אַלעמען.

„קרישיאַ“ און די משפחה מ. זענען איין משפחה, וועלכע לעבט
מיט איין געדאַנק: די מלחמה זאָל וואָס שנעלער זיך ענדיקן. די פריידן
און ליידן זענען בשותפותדיקע. יעדע געשעעניש אין דער משפחה מ. האָט
אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג אין „קרישיאַ“, די פריידן און ליידן פונעם בונקער
ווערן שטאַרק קאָמענטירט אין שטוב פון די מ. דאָס אויספאַרטיקן די
בויונג פון „קרישיאַ“ האָבן פייערלעך געפראַוועט ביידע פאַרבונדענע

משפחות. ווען איינער פון די „קרישיא“־איינוווינער האָט אָנגעבונדן צו דער געשיכטע פון פוילן, ווען ער האָט דערמאָנט, אַז מיט דורות צוריק האָט פוילן גאַסטפריינדלעך אויפגענומען די פון דייטשלאַנד פאַר־טריבענע יידן, און אַז אַצינד גייט די משפחה מ. אין די שפורן פון אַט די שענסטע טראַדיציעס פון פּיאַסטישן פוילן, ראַטעווענדיק יידן פון אומקום — האָבן זיך טרערן באַוויזן אין די אויגן פון דעם פאַרהאַר־טעוועטן ה. מ.

אַזוינע בונקערס איז אויף דער אַרישער זייט פאַראַן מער. עס שטעקט אין זיי די אייביקע פריינטשאַפט און דאַנקבאַרקייט פון די מענטשן, וואָס זענען געוואָרן אַרויסגעריסן פון די לאַפּעס פונעם פאַשיס־טישן שרעק. די נעמען פון אָט די מענטשן, וועלכע דאָס קינפטיקע פוילן דאַרף דעקאָרירן מיטן אָרדער „פאַר הומאַניטאַריזם“, וועלן אונדז בלייבן אויף אייביק טייער ווי העלדן, וועלכע האָבן אין קאַמף מיטן גרעסטן שונא פון דער מענטשהייט געראַטעוועט טויזנטער מענטשן פון אומפאַר־מיידלעכן אומקום.

פאַרדינסטפולע מענטשן אויפן געביט פון ראַטעווען יידן טרעפן מיר אויך אין אַזאַ סאָציאַלער גרופּע, אויף וועלכער מען האָט זיך צומווי־ניקסטן געקאָנט ריכטן. איך האָב דאָ אין זינען די פוילישע לייטערס פון די דייטשישע „שאָפּן“ אין געטאָ. אין דער צוקונפט דאַרף זיך מיט דעם פאַרנעמען די פּראָקוראַטור איידער עס וועלן זיך צו דעם נעמען די היסטאָריקער. קאָניונקטור־מענטשן (דייטשן, יידן און פּאָלאַקן), אָדער ווי די דייטשן זאָגן: „קאָניונקטורשוויינע“, האָבן אָרגאַניזירט „שאָפּן“ פאַר די באַדערפענישן פון דער דייטשישער אַרמיי; די דאָזיקע „שאָפּן“ האָבן געדאַרפט ראַטעווען פון טויט די דאָרטן באַשעפטיקטע יידן. דעם דאָזיקן ציל האָבן די „שאָפּן“ נישט דערגרייכט, דערפאַר זענען זיי גע־וואָרן פלעצער פון שקלאַפן־אַרבעט. נישט דאָ איז דאָס אָרט אַרומצו־רעדן די טעטיקייט פון די „שאָפּן“, עס איז גענוג צו זאָגן, אַז די רעקי־נען פונעם קאַפּיטאַל זענען געווען אַ נול אין פאַרגלייך מיט די לייטערס און אייגנטימער פון די „שאָפּן“. זעלטן ווען מען האָט געקאָנט אָנטרעפן צווישן אָט די גענגסטער איידעלע מענטשן. צו אָט די אויסנאַמען האָט געהערט הער ק—טש [95]), דער צושטעלער פון בערשטלעך פאַר דער דייטשישער אַרמיי. ער האָט געוואָלט ראַטעווען פון אומקום די יידישע אינטעליגענץ און איז מסכים געווען אָנצונעמען די אויסאַרבעטונגען פון דעם ניי־אַנטשטאַנענעם בערשטער־„שאָפּ“ אויף שווענטאָיערסקע־גאַס. פון זיין איניציאַטיוו האָט מען אָנגענומען אָן געלט עטלעכע הונדערט מענטשן, דערהויפּט פון צווישן דער אינטעליגענץ (פאַרדינסטפולע מענטשן, רעדוצירטע אָנגעשטעלטע פון דער קהלה א. א. וו.), בעת אין אַנדערע „שאָפּן“ האָט מען פאַר אָננעמען אַרבעטער גענומען טויזנטער און

---

[95] יוליאַן קודאַשעוויטש.

אַמאָל אויך צענדליקער טויזנטער זלאָטעס. אַ לעגיטימאַציע פֿון אַ דייטשישן „שאָפּ“ איז אין דער ערשטער צייט פֿון דער גירוש־אַקציע געווען ווי אַ פּאַנצער, וואָס האָט פֿאַרהיט קעגן טרעבלינקע. ה׳ ק. האָט זיך נישט באַגרענעצט צו דעם, וואָס ער האָט אַריינגענומען מענטשן אין „שאָפּ“, ער האָט דערנאָך געזאָרגט, עס זאָל זיי נישט פֿעלן קיין ברויט. דער אינטעליגענץ, די פֿאַרדינסטפֿולע טוער האָט ער געגעבן גרעסערע הלוואות, ער האָט געמאַכט באַמיונגען וועגן אַ גרעסערער פּראָדוקטן־צוטיילונג און בכלל געדאַגהעט וועגן באַזאָרגן זיי מיט פּרנסה. בשותּפֿות מיטן הויפּט־צושטעלער פֿון בערשטלעך, אַ ייד עמיל וויץ, האָט ער געגרינדעט אַ קיך פֿאַר דער אינטעליגענץ אויף גענשע־גאַס. אַ שיין בלאַט אין דער טעטיקייט פֿון ה׳ ק. איז געווען זיין השגחה איבער יידישע קינדער אין געטאָ. מען האָט אים טאָג־טעגלעך געזען אויף די געטאָ־גאַסן אַרומגערינגלט מיט אַ סטאַיע „גאַסן־קינדער“, צווישן וועלכע ער האָט מיט דער ברייטער האַנט געטיילט נדבות. קענענדיק גוט דאָס לעבן פֿון די דאָזיקע קינדער, די אַרויסגעשליידערטע פֿון דער געזעלשאַפֿט, האָט ער ברייט געשטיצט די איניציאַטיוו פֿון די דעמאָלטיקע געזעלשאַפֿטלעכע קרייזן, באַזונדערס פֿון צענטאָס, אויפֿצושטעלן היימען פֿון די „גאַסן־קינדער“. איינע פֿון די קינדער־היימען א. נ. „דאָבראַ וואָליאַ“ [גוטער ווילן], אויף דזשעלנע־גאַס נ׳ 61, איז געווען איינגעאָרדנט מאָדערן און אויסגעהאַלטן דורך דעם בערשטער־שאָפּ פֿון ה׳ ק., וועלכער האָט אויף דעם צוועק געגעבן צענדליקער טויזנטער זלאָטעס. אויף דעם פֿייערלעכן חנוכּת הבית פֿון „דאָבראַ וואָליאַ“, וואָס איז פֿונדירט געוואָרן אויך דורך דעם באַקאַנטן קינדער־פֿריינט, פֿרעזעס אברהם געפּנער, האָט זיך ה׳ ק. בפֿועל ממש איבערצייגט, וואָס פֿאַר אַ וווּנדער מען קאָן אויפֿטאָן דורך שאַפֿן נאָרמאַלע מענטשלעכע לעבנס־באַדינגונגען פֿאַר אָט די געוועזענע גנבים, שנאָרער, „כאַפּער“ (פֿון שפּייז־פּעקלעך). ה׳ ק. האָט זיך הויז דעם איבערצייגט, אַז די „גאַסן־קינדער“ זענען טאַקע די סאַמע פֿעיקסטע מענטשן, אַז זיי האָבן זיך באַוויזן אויפֿצוהאַלטן אויפֿן אויבערפֿלאַך אין שווערן קאַמף פֿאַרן לעבן אין דער צייט פֿונעם געטאָ און פֿון דער דייטשישער אָקופּאַציע. די „גאַסן־קינדער“ האָבן זיך אין משך פֿון עטלעכע וואָכן — פֿון דעם מאָמענט, ווען עס האָט זיי געכאַפּט די יידישע אָרדנונגס־דינסט, ביז דעם פֿייערלעכן חנוכּת הבית — פֿאַרוואַנדלט אין ליבע, סימפּאַטישע קינדער מיט אַ שפּרודלדיקן הומאָר, און דאָס וויכטיקסטע — מיט נישטדורכשניטלעכע קינסטלערישע, מוזיקאַלישע און ענלעכע טאַלענטן. דער איידעלער קינדער־אַפּטורופּוס ה׳ ק. האָט [דערנאָך] איבערגעלעבט אַ טראַגישן מאָמענט: דער אויסזידלונגס־שטאַב האָט אין אַ שיינעם טאָג צוגענומען אויפֿן אומשלאַג־פּלאַץ אַלע קינדער פֿונעם אינטערנאַט צוזאַמען מיטן פּערסאָנאַל. דער בנין פֿון דעם אינטערנאַט האָט געפּוסטעוועט, אין די [אויסגעהאַקטע] שויבן האָט געהוליעט אַ ווינט, וועלכער האָט געיאָמערט צוליבן מאָרד איבער די קינדער. מען האָט אין

אים געהערט דעם געוויין פון דער מוטער רחל, וועלכע באַוויינט אירע קינדער...

בעת דער ערשטער סעלעקציע ביי די בערשטער האָט זיך ה' ק. געשטעלט אין שוץ פון די קינדער (איבער 10 יאָר), וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין די בערשטער־וואַרשטאַטן. דער ס.ס.־מאַן איז אים דערפאַר מכבד געווען מיט אַ קללה: „דו פאַרפלוכטער לומפ", אָבער ה' ק. האָט רואיק אויפגעקלערט, אַז אין הסכם מיטן מנהג, וואָס הערשט אין דעם בערשטער־פאַך, באַשעפטיקן די בעלי־מלאכות זייערע קינדער פון 6 יאָר אָן, דעריבער דאַרף מען נישט — לויט ה' ק. — צונעמען די קינדער קיין טרעבלינקע, ווייל זיי זענען נייטיק אינעם „שאָפּ".

ה' ק. האָט זיך אויך פאַרנומען מיט די יידישע פּליטים און געגעבן אויף דעם צוועק גרויסע סומעס. ה' ק. האָט זיך קעגנגעשטעלט דער יידישער „שאָפּן"־פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט צוגענומען פאַר זיך די סחורות פון די קליינע האַנטווערקער, וואָס האָבן זיך מאַסנווייז פאַרשריבן אין די „שאָפּן" און איינצייטיק אַריינגעטראָגן זייער רוישטאָף און מאַשינען. ווען דער ווייטערדיקער גורל פונעם בערשטער־„שאָפּ" איז געוואָרן אַלץ מער נישט זיכער, האָט ה' ק. זיך באַמיט אָנצושפּאָרן די קינפטיקע פּראָדוקציע אויף אַנדערע יסודות (דער „שאָפּ" האָט געדאַרפט ווערן איינגעגלידערט אין דער אָרגאַניזאַציע טאָדט). ה' ק. אָפּאָנירט קעגן דער יידישער פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט געהאַט ביי דער געלעגנהייט השק צו שאַפן פאַר זיך אַ רווחימדיקן אינטערעס. ער איז אַריין אין גרימצאָרן, זעענדיק ווי אַ יידישער ווערקשויץ שלאָגט די יידישע בערשטער־אַרבעטער אָן רחמנות פאַר דעם קלענסטן חטא. פאַר אָט דער איידעלער טעטיקייט האָט ער געוואונען די פולע סימפּאַטיע פון די „שאָפּ"־איינוווינער. זאַבקענער האָבן באַרעכנט, אַז די הוצאות פון ה' ק. אויף פילאַנטראָפּישע צוועקן האָבן אין משך פון איין יאָר אויסגעמאַכט קרוב אַ מיליאָן זלאָטעס; עס האָבן אים דערין מיטגעהאָלפן די שוין אויבן דערמאָנטע [יידישע שותפים זיינע] עמיל ווייץ און קאַראָל זילבערשטיין.

אַ צווייטער אַזאַ איידעלער מענטש צווישן די פּוילישע „שאָפּ"־לייטער איז רישאַרד ג.[96]), דער מיטאינהאַבער פון אַ בערשטער־„שאָפּ", וואָס טרעט אַרויס כלפּי חוץ אונטער דער פירמע פונעם דייטש מיללער. דער רישאַרד האָט אָן געלט אַריינגענומען אינעם „שאָפּ" אַ סך יידישע מאָלער און פּלאַסטיקער. ווען עס זענען אויפן „שאָפּ"־געביט אַנטשטאַנען אַפּראָוויזאַציע־שוועריקייטן (און דער „שאָפּ" איז געווען ווי אַ יידיש אינדזעלע צווישן די אַרומיקע „ווילדע" אָדער אַרישע הייזער), האָט ה' רישאַרד יעדן טאָג געבראַכט פּראָדוקטן, וועלכע ער האָט בחינם צעטיילט די אָרעמע און פאַר מעסיקע פּרייזן די אַנדערע „שאָפּ"־מיטגלידער. די גאַנצע טעטיקייט פון אָט דעם „שאָפּ" איז — אַדאַנק דער נאָבלקייט פון

---

96 גאַדזיוסקי?

רישאַרד ג. — געווען בכלל איינגעשטעלט אויף ראַטעווען מענטשן פון די נעגל פון די ס.ס.-לייט, וועלכע האָבן דעמאָלט געבושעוועט אין וואַרשע. קיין סך האָט דאָס נישט געהאָלפן. איינעם אַ שיינעם טאָג איז מיללערס גאַנצער „שאָפּ“ אין די אַרבעט-שעהן צוגענומען געוואָרן אויפן אומשלאַג-פּלאַץ, און אַזוי אַרום זענען מיט איין קלאַפּ אומגעקומען כמעט אַלע יידישע פּענדזל-מייסטער (טרעמבאַטש[97]), שליוואַניאַק, ראַבינאָוויטש און אַנדערע). דאָס פאַרקלענערט לחלוטין נישט רישאַרדס פאַרדינסטן ביים ראַטעווען [יידן]. ראַטעווען יידן איז בכלל אַן אמתע עבודת פּרך. קוים האָט אַ פּאָלאַק צי אַ ייד אַרויסגעראַטעוועט עמעצן פון די ס.ס.ישע הענט, קומט גלייך אַ צווייטע אַקציע, וועלכע נעמט צו דעם זעלביקן מענטש צוריק אויפן אומשלאַג-פּלאַץ, דאָס מאָל שוין אויף אייביק.

* *
*

אין דער גאַלעריע אידעאַליסטן, וואָס ראַטעווען יידן, פאַרנעמען דעם מזרח-אָרט פּערזענלעכקייטן, וועלכע זענען באַקאַנט פון זייער וויכטיקער וויסנשאַפטלעכער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. זיי געהערט דאָס סאַמע בכבודיקסטע אָרט אין דער היעראַרכיע פון קרבנותגרייטקייט און מסירת נפש. דער ערשטער איז פּראָפעסאָר „איקס“[98]), וועלכער איז פאַר דער מלחמה געווען באַקאַנט פון זיין דרייסטקייט און ריטערלעכקייט. פון ערשטן מאָמענט פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט האָט ער זיך געשטעלט צום קאַמף פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן. ער האָט געקעמפט מיט וואָרט און שריפט, נישט דורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט אַרויסצוטרעטן קעגן דער רעכטלעכער באַגרענעצונג פון די יידן. ווען די הויכשולן זענען געוואָרן די הויפּט-אַרענע פון די אַנטיסעמיטישע קאַמפן, האָט זיך אונדזער פּראָפעסאָר געשטעלט בראש פון דעם קליינעם הייפל פוילישע געלערנטע, ווען עס איז טייער געווען פּוילנס נאָמען און וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט די מעסער- און קאַסטעט-העלדן. אויף אַלע צוטריטלעכע פאַר אים טריבונעס האָט דער פּראָפעסאָר געשטעמפּלט דעם היימישן פאַשיזם, גערופן צו באַזינונג, פאַרטיידיקט די גאָבלסטע, שענסטע טראַדיציעס פון פּוילן. דער פּראָפעסאָר האָט נישט אָנערקענט קיין שום נאַציאָנאַליטעט-אונטערשיידן. אויף זיינע פאָרטראַגן האָבן די אָנערישע כוליגאַנעס נישט געקאָנט אַדורכפירן די חלוקה אויף אַרישע און יידישע בענק, די אַטאַקעס פונעם פאַשיזם און ראַסיזם האָבן זיך אויף זיינע סעמינאַרן אָנגעטראָפן אין אַ גראַניט-מויער. בשעת עס איז אויסגעבראָכן

97 דאָס איז געווען אַ ברודערזון פון דעם באַקאַנטן יידישן מאָלער מוריצי טרעמבאַטש, געווען אויך אַ מאָלער.

93 פּראָפ' טאַדעוש קאָטאַרבינסקי.

די מלחמה איז דער פּראָפעסאָר געבליבן אָן מיטלען צום לעבן, ער האָט זיך אויסגעהאַלטן פון פּריוואַטע לעקציעס און איז געבליבן טריי זיינע הומאַניטאַרע איבערצייגונגען. ער האָט ווייטער איינגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די יידישע תּלמידים אין געטאָ, וועלכע האָבן אים אַרומגערינגלט מיט אַן אויסערגעוויינלעכן קולט. ער האָט צו זיי געשריבן בריוו, פולע מיט האַרציקייט און מיטגעפיל, צוגעגעבן מוט און גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונגס־אַקציע, האָט ער אויסגעשטרעקט אַ הילפס־האַנט צו זיינע שילער און באַקאַנטע. ער האָט אַליין געוויזן דעם ערשטן ביישפּיל, נאָך אים זענען געגאַנגען אַנדערע, זיי באַהאַלטן אויס אין זייערע וווינונגען די יידישע אינטעליגענץ. דער פּראָפעסאָר איז נישט געווען ביכולת צו ראַטעווען די פּריילן ד״ר מאַרקין, די אַסיסטענטקע פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט, אויף וועלכער מען האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען ווי אַ וויסנשאַפטלערין; זי איז אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע תּחילת דער „אַקציע“. ער האָט אָבער באַוויזן צו ראַטעווען עטלעכע ווערטפולע וויסנשאַפטלער, וועלכע לעבן עד היום אַדאַנק דער דורך אים אָרגאַניזירטער הילף. דעם ביישפּיל פון פּראָפ' „איקס“ האָבן נאָכגעטאָן אַנדערע. מען האָט אַרויסגעראַטעוועט פון וואַרשעווער געטאָ צוויי פּראָפעסאָרן פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט יידן, קאָריפעען פון דער פּוילישער וויסנשאַפט. מען האָט אַרויסגעראַטעוועט אַ ביסל מענטשן פון דעם יונגן וויסנשאַפטלעכן נאָכוווקס. נאָכן מוסטער פון פּראָפעסאָר „איקס“ זענען געגאַנגען געוויסע פאָרשטייער פון דער וויסנשאַפט, קונסט א. א. וו. זייערע וווינונגען שטייען אָפן פאַר די אַנטלאָפענע פון געטאָ, זיי גיבן אַוועק זייער צייט, ענערגיע, זיי נוצן אויס זייערע באַקאַנטשאַפטן און באַציונגען לטובת זייערע קאָלעגן און פריינט יידן, זיי ראַטעווען זיי פון היימלאָזיקייט, הונגער און נויט.

*　*

*

גאַוועל ה.,[99] אַ פּויער פון הינטער גראָדנע, ווו ער פאַרמאָגט אַ מיטעלע לאַנדווירטשאַפטלעכע באַלעבאַטישקייט, געהערט צו די אידעאַליסטן, וואָס האָבן זיך זייער צוגעדינט אויפן געביט פון ראַטעווען יידן. זומער־צייט 1941 האָט אין זיין היים־דאָרף פאַרבראַכט אויף דאַטשע אַ יידישע משפּחה, וועלכע איז באַשטאַנען פון אַ מאַן, אַ פרוי און אַ קינד פון עטלעכע חדשים. ווען די דייטשן זענען אַריין אין גראָדנע, האָט די אַנטיסעמיטישע באַפעלקערונג געוואָלט אַרויסגעבן די יידן אין די הענט פון די דייטשן. גאַוועל איז דעמאָלט איינער אַליין אַרויסגעטראָטן אין שוץ פון דער משפּחה מיטן אַרגומענט, אַז דאָס אויסגעבן יידן איז אין

---

99 פאַקטיש: פאַוועל האַרמושקאָ.

סתירה מיט דער רעליגיע און מאָראַל. ער האָט געקעמפּט קעגן גאַנצן דאָרף און איז באַשטאַנען אויף זייניקע. פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אויפן פעלד פון ראַטעווען יידן. ער איז אַ לענגערע צייט געפאָרן פון גראָדנע קיין וואַרשע און דורכגעפירט יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פאַרן טויט. רייכע ראַטעוועט ער פאַר געלט, אומפאַרמעגלעכע פירט ער דורך אומזיסט און שטיצט זיי נאָך פון אייגענע פאַרדינסטן. מען קאָן אים אין וואַרשע און אין גראָדנע, מען טרויט אים גרענעצלאָז, מען טרויט אים אָן גרויסע סומעס און בעיקר — מענטשלעכע לעבנס. ה׳ גאַוועל איז זייער אַ באַשיידענער מענטש, ער טוט עס אין נאָמען פון הומאַניטאַריזם און מחמת דעם געפיל פון אַ פּאַטריאָטישן חוב. בעת זיין לענגערן פאַרברענגען אין וואַרשע האָט ער געהאָלפן דער יידישער יוגנט אָנצוקניפּן אַ פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער. יידן, געוועזענע זעלנער האָט ער קאָנטאַקטירט מיט אַנטשפּרעכיקע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס, ער האָט געהאָלפן „איינאָרדענען“ באַקאַנטע יידן אויף דער אַרישער זייט. ער האָט זיך באַמיט וועגן אַרישע פּאַפּירן, אויסגעזוכט דירות, איבערגעטראָגן זאַכן פון געטאָ און בכלל „איינגעאָרדנט“ אויף דער אַרישער זייט.

צו אונדזערע אידעאַליסטן פאַררעכענען מיר אויך דעם ה׳ ז.[100], אַ געוועזענעם עוואַנגעלישן גייסטלעכן, אַ פּאָלאַק מיט אויסערגעוויינלעכע מאָראַלישע מידות. ער באַהאַלט אוים ביי זיך אין שטוב פיר יידישע קינדער, בתוכם צוויי בחינם און צוויי פאַר אַן אָפּצאָל פון 600 זל. אַ הודש. ער האָט געאַרבעט אין אַ דייטשישער פירמע אין געטאָ. גייענדיק איינמאָל אויף זאַמענהאָף־גאַס האָט ער געפונען אַ יידיש קינד פון עטלעכע חדשים, וואָס זיינע עלטערן זענען צוגענומען געוואָרן בעת אַן „אַקציע“. ער האָט זיך מיט אים פאַרנומען, אָנגערופן מיטן ביבלישן נאָמען משה און געזאָגט: „אפשר וועט פון דעם קינד אַרויסוואַקסן אַ גרויסער מענטש, אפשר טאַקע אַ צווייטער משה“. ער האָט דאָס קינד אָפּגעגעבן צו דערציען אַ יידישער פרוי און דערפאַר פון איר גענומען צו דערציען אירע צוויי קינדער. אונדזער עוואַנגעליקער האָט זיך זייער אינטערעסירט מיטן יונגן משה, יעדן טאָג געבראַכט פאַר אים מילך, מאַנע־קאַשע און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען. בינו לבינו איז ה׳ ז. קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. די יידישע פרוי, נישט באַקומענדיק [צוליב דעם] קיין הילף פון אויסן, איז געווען געצוווּנגען אָפּצוגעבן דאָס קינד אין אַן אינטערנאַט, און פון דאַנען האָט מען אים בעת דער ערשטער סעלעקציע צוגענומען קיין טרעבלינקע. ווען ה׳ ז. האָט זיך — נאָכן געזונט ווערן — דערוווּסט, אַז משה איז שוין נישטאָ, האָט ער זיך פאַנאַנדערגעוויינט ווי אַ קינד. אונדזער איידעלער עוואַנגעליקער האָט געהאָלפן נישט בלויז קינדער, ער האָט אויך, ווי ווייט ער האָט געקאָנט, געהאָלפן דערוואַקסענע. אין זיין הילפס־

---

[100] עס איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן דעם נאָמען.

אַרבעט האָט ער אָנגעטראָפן אויף שטערונגען מצד זיין פרוי, אַן אמתע קסאַנטיפּע, און צוליב איר האָט ער געמוזט באַהאַלטן זיינע הוצאות אויף די דערמאָנטע צוועקן.

ה׳ וויטאָלד[101], פון פאַך אַן אַדוואָקאַט, פון גלויבן אַ מעטאָדיסט, האָט געקאָנט צוליב זיין דייטשישן אָפּשטאַם פאַררעכנט ווערן פאַר אַ פאָלקסדויטש און געניסן פון די פּריווילעגיעס, וואָס האָבן זיי געקומט. ער האָט עס נישט געטאָן, ער איז געבליבן אַ פּאָליאַק, געבליבן טריי די פּרינציפּן פון הומאַניטאַריזם, וואָס ער האָט באַשטעטיקט מיט אַ סך מעשים. אין רעזולטאַט פון אַ מסירה פונעם יידישן געסטאַפּאָ־אַגענט יאָסל ערליך איז ער אָפּגעזעסן 9 חדשים אין פּאַוויאַק. נישט געקוקט אויף דעם האָט ה׳ וויטאָלד נישט איבערגעריסן זיין הילפס־טעטיקייט, ער איז געווען עמפּינדלעך אויף דעם ווייטאָג און ליידן פון די יידן. ה׳ וויטאָלד האָט נישט געקאָנט גלייכגילטיק פאַרבייגיין נעבן די יידישע יסורים און עינויים. גייענדיק איינמאָל אויף באָניפראַטן־גאַס האָט ער געזען אַן אָנגעלויף. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ זשאַנדאַר האָט געכאַפּט אויף דער צווייטער זייט מויער אַ 15־יעריקן יידישן שמוגלער און געוואָלט אים דערשיסן, ער האָט אים שוין געהייסן זיך אויסדרייען מיטן פּנים צום מויער. קעמפנדיק פאַר זיין לעבן האָט דער ייד זיך געראַנגלט מיטן זשאַנדאַר. אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען ה׳ וויטאָלד, ער האָט זיך געשטעלט אין שוץ פון דעם שמוגלער און געבעטן דעם זשאַנדאַר רחמנות האָבן אויף אים. דער צעיושעטער זשאַנדאַר האָט אויסגעקערעוועט די לופע אין זיין זייט, אָבער אין דער לעצטער רגע אים אַ פרעג געטאָן: „ביסט דו יודע?“ באַקומענדיק אַ נעגאַטיווע תשובה, האָט ער אַראָפּגעלאָזט די ביקס און פאַרנומען דעם ה׳ וו. אויף דער וואַך. דאָ האָט מען אים גוט אַריינגעזאָגט (הלמאי נעמט ער זיך אָן פאַר יידן?) און נאָך עטלעכע שעה אַרעסט אים באַפרייט. ה׳ וויטאָלד, באַשעפטיקט אין אַן אַרישער פירמע אין געטאָ, העלפט נאָכאַנאַנד די יידן. ער האָט פאַר זיי אויסגעזוכט ערטער אויף דער אַרישער זייט, געהאָלפן אַריבערגיין אויף דיר אַרישער זייט, אַריבערגעפירט זאַכן און טייערע חפצים. וויטאָלדס טעטיקייט לטובת יידן האָט זיך אָנגעהויבן תיכף נאָכן באָמבאַרדירן וואַרשע. ער האָט דעמאָלט צונויפגענומען ביי באַקאַנטע אַ גרעסערע געלט־סומע און צעטיילט היימלאָזע. אין דער געטאָ־תקופה האָט ער, לויט זיינע מעגלעכקייטן, געהאָלפן דער פאַראָרעמטער אינטעליגענץ, זי געראַטעוועט פון אַ הונגער־טויט. נאָכן אָנהייב פון דער אויסזידלונגס־„אַקציע“ האָט ה׳ וויטאָלד אַנטוויקלט זייער אַ ברייטע טעטיקייט. ער האָט מציל געווען אַ סך מענטשן, העלפנדיק זיי זיך איבערטראָגן אויף דער אַרישער זייט, אויסזוכנדיק פאַר זיי דירות, איבערטראָגנדיק זאַכן א.א.וו. נאָך דער אַפּריל־„אַקציע“ האָט ער געראַטעוועט אַנטלאָפענע פון געטאָ,

101 וויטאָלד בענעדיקטאָוויטש.

אויסגעזוכט זיי אין די שכנותדיקע הייזער און „איינגעאָרדנט“ אויף דער אַרישער זייט. זיין שוועסטער זאָשיע העלפט אים גאָר שטאַרק. זי באַהאַלט אויס זינט אַ לענגערער צייט יידן און נעמט נישט ביי זיי קיין גראָשן. אַ לענגערע צייט האָט זי זיך פאַרנומען, אָן שום מאַטעריעלן אינטערעס, מיט יידישע קינדער. זי ליידט פשוט הונגער, אָבער זי וויל נישט נעמען קיין שכר פאַר אויסבאַהאַלטן יידן. אַ יידישער פרוי, וואָס געפינט זיך ביי איר פון אַ לענגערער צייט, כאַראַקטעריזירט זי אָט אַזוי: „איך לעב שוין 50 יאָר און איך האָב נאָך נישט געזען אין לעבן אַזאַ מענטש“.

*    *
*

דער גייסטלעכער, דער מעטאָדיסט ה' אי.[112]) ווינט הינטער וואַרשע, ער האָט דאָרטן אַ ווילע, וועלכע די מיליטערישע מאַכט פאַרנעמט פון צייט צו צייט אויף אָפּרו־צוועקן. דאָס שטערט אים לגמרי נישט צו ראַטעווען יידן, וועלכע זענען זיך נאָך די אויסזידלונגס־„אַקציעס“ צעלאָפן אין די וועלדער, ווו זיי באַהאַלטן זיך אויס פאַר די דייטשן. באַזונדערס האַלטן זיך אויס אין דער געגנט אַ סך יידישע קינדער, וועלכע געניסן פון דער הילף פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג. כאַראַקטעריסטיש, אַז אפילו פאָלקסדויטשן, וואָס ווינען אין דער געגנט, זאָגן נישט אָפּ קיין שטיצע די יידישע קינדער. דער דערמאָנטער גייסטלעכער פאַרנעמט זיך מיט דערוואַקסענע און קינדער, גיט זיי אַ דאַך איבערן קאָפּ, גיט זיי עסן און באַשיצט זיי. זיין ווייב, פון אָפּשטאַם אַ לעטין, האָט זיך דערוווסט וועגן די שרעקלעכע מעשים פון די לעטן, וועלכע האָבן גענומען אויף זיך די טרויעריקע ראָל פון די הענקער פון די וואַרשעווער יידן. זי האָט באַשלאָסן וואַרפן זיי אַזאַ באַשולדיקונג אין פנים אַריין. זי איז אַוועק אין די לעטישע קאַזאַרמעס און דאָרטן געזאָגט אירע לאַנדסלייט אַלץ, וואָס זי האָט געטראַכט וועגן זייערע אכזריותדיקייטן. זי האָט געזאָגט, אַז זי שעמט זיך געהערן צו אַ פאָלק, וואָס פירט אויס אַזעלכע רציחות; זי האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „איר קענט מיר דערשיסן, אָבער איך האָב אייך געזאָגט דעם גאַנצן אמת“. די לעטן, אַטאַקירט דורך זייער לאַנדספרוי, האָבן זיך שטאַרק פאַרטיידיקט, אַז עס איז געווען אַ באַפעל, אַ צוואַנג א. א. וו.

*    *
*

אַזעלכע מין אידעאַליסטן צווישן מעטאָדיסטן און מיטגלידער פון אַנדערע סעקטעס איז דאָ אַ סך. דאָס איז אין גייסט פון פוילנס היסטאָרישער טראַדיציע. די פוילישע אַריאַנער, וואָס האָבן זיך מיט עטלעכע

102 איגנאַצי קאַספּשיקאָווסקי.

יאָרהונדערט צוריק, געשטעלט אין שוץ פונעם פוילישן פויער, האָבן גלייך ווי אַנדערע סעקטעס פאַרטיידיקט די פוילישע יידן, מיט וועלכע זיי זענען געווען אין ענגן קאָנטאַקט, פּאָלעמיזירנדיק מיט זיי אויף רעליגיעזע טעמעס. די טאָלעראַנץ־טראַדיציע פון די פוילישע סעקטעס האָט אויסגעדויערט במשך פון יאָרהונדערטער, הייגט ראַטעווען די אייניקלעך פון די אַריאַנער די פוילישע יידן אין מאָמענט פון טויט־געפאַר.

* *
*

צווישן די פוילישע דאָקטוירים באַגעגענען מיר מענטשן, וועלכע דערטיילן די יידן מעדיצינישע הילף, נישט געקוקט אויף די קאָנסעקווענצן; איינעם קאָרעקס פון די היטלעריסטישע האַטענטאָטן ווערט דאָס באַטראַכט פאַר אַ פאַרברעכן. אין דער הינטערשטאָטישער אָרטשאַפט מ. [מיכאַלין] האָט אָפּערירט אַ פאַרטיזאַנישע גרופּע אין דער צאָל פון פופצן מאַן. איינמאָל זענען זיי, פאַרגעסנדיק אין פאָרזיכט־מיטלען, אַוועק צום נאָענטן טייך, כדי זיך אויסצובאָדן. מען האָט זיי געמסרט אויפן פּאָסטן פון דער אָרטיקער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע איז תיכף ומיד אָנגעקומען צום טייך. עס האָט זיך מיט די אָנגעקומענע זשאַנדאַרן פאַרקניפּט אַ שלאַכט, בשעת וועלכער אַ טייל פאַרטיזאַנער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן. אינמיטן נאַכט האָבן די יידישע פאַרטיזאַנער אָנגעקלאַפּט צום אָרטיקן פוילישן דאָקטאָר, וועלכער האָט זיי תיכף ומיד דערטיילט מעדיצינישע הילף און געגעבן דעם אַדרעס פון אַ כירורג. ער האָט נישט געוואָלט נעמען קיין האָנאָראַר, אפילו נישט די קאָסטן פון די באַנדאַזשן. ווען מען האָט אים געמאַכט די באַמערקונג, אַז ער שטעלט איין דעם קאָפּ, געבנדיק הילף יידן און דערצו נאָך פאַרטיזאַנער, האָט ער דערקלערט, אַז ער איז אַ דאָקטאָר און מוז אין הסכם מיטן געבאָט פונעם געוויסן געבן הילף יעדן איינעם, וואָס ווענדט זיך וועגן דעם צו אים.

* *
*

אידעאַליסטן, וואָס שיצן יידן, געפינען מיר נישט בלויז צווישן דער פאַרפּייניקטער, געקרייציקטער פוילישער אינטעליגענץ, נאָר אויך ביי די נידעריקסטע שיכטן, צווישן דער ה ו י ז ־ ד י נ ע ר ש אַ פ ט. פאַרן שאַפן דאָס געטאָ האָט די דייטשישע מאַכט אַרויסגעגעבן אַ פאַרבאָט צו באַשעפטיקן קריסטלעכע דינסטן דורך יידן. דער אַרבעטס־אַמט אין יידישן ראַיאָן האָט אין באַזונדערע פאַלן געגעבן אַ דערלויבעניש צום ווייטערדיקן באַשעפטיקן דינסטן־אַריערינס. די איבערוועגנדיקע מערהייט פון די פוילישע דינסטן האָט זיך געזעגנט מיט זייערע ברויטגעבער נישט איבעריק פריינטלעך. זיי האָבן אויסגענוצט די לאַגע, וואָס דער ייד האָט נישט קיין שום רעכט און וואָס מען וועט אים נישט געבן רעכט אין די

סיכסוכים מיט אַריער, און זיי האָבן פאַרלאָזנדיק די אַרבעט אַרויסגערוקט אַ ריי איבערגעטריבענע פאָדערונגען. טיפּיש איז געווען די פאָדערונג אויסצוצאָלן שכירות פאַר אַ האַלב יאָר און מער, די פאָדערונג פון אַ טייל פון וועש פון די ברויטגעבער, פון אַ טייל פון די פּראָוויאַנטן, פון דעם הייץ=מאַטעריאַל א. א. וו. ווילנדיק נישטווילנדיק האָט דער ייד געמוזט באַפרידיקן אַלע פאָדערונגען, אויב ער האָט נישט געוואָלט ריזיקירן צו האָבן צו טאָן מיט אַן אינטערווענץ פונעם ערשטן בעסטן פאַרבייגייענדיק געסטאַפּאָ=מאַן אָדער פון אַן אַנדער חברה=מאַן אין אַ מונדיר. געוויסע דינסטן, בפרט די, וואָס זענען געוואָרן שמעלקעם מיט מוסרים, געסטאַפּאָ=לייט און ענלעכע פאַרשוינען, האָבן נישט איינמאָל געבראַכט אַן אומגליק אויף זייערע יידישע באַלעבאַטים, צוטראָגנדיק די דייטשן וועגן באַהאַלטענע סחורות, טייערע חפצים א. א. וו. צווישן דער הויז=דינערשאַפט איז אָבער געווען אַ הייפל נאָבעלע פרויען, וועלכע זענען געגאַנגען קעגן שטראָם. די דאָזיקע דינסטן, וועלכע זענען אין משך פון לאַנגע יאָרן באַהאַנדלט געוואָרן דורך זייערע ברויטגעבער גלייך מיט די משפחה=מיטגלידער, האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך האַרץ זייערע יידישע באַלעבאַטים. די קרבנותגרייטקייט און מסירת נפש פון די דאָזיקע פשוטע מענטשן האָבן דערגרייכט אַ הויכע עטישע מדרגה און האָבן איבערגעשטיגן די נאָרמאַלע מענטשלעכע צוגעבונדנקייט. די דאָזיקע פרויען זענען נישט געווען קיין רעאַלע געשטאַלטן, נאָר עלעהיי געשטאַלטן פון אַ ראָמאַן. אַ סך קריסטלעכע דינסטן זענען אַוועק קיין טרעבלינקע צוזאַמען מיט זייערע באַלעבאַטים, וועלכע זענען צוגענומען געוואָרן דורך די ס.ס.=מענער און זייערע אוקראַאינישע יוצר משרתים. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום אויפקלערונגען, אַז זיי זענען אַריערינס און אַז אויף זיי איז נישט חל דער גירוש. די ס.ס.=מענער און זייערע אוקראַינישע יוצר משרתים האָבן נישט געהאַט קיין צייט אויף אַזעלכע נאַרישקייטן, ווי דורכקוקן פּאַפּירן, פון וועלכע עס איז אַרויסגעדרונגען, אַז די געגעבענע פערזאָן האָט רעכט צו וווינען אין געטאָ אויפן סמך פון אַ דערלויבעניש פונעם אַרבעטסאַמט. מיר קענען אָבער אַנדערע פאַלן: די אַרישע דינסטן האָבן געקאָנט זיך אַרויסרייסן פון די נעגל פונעם אומזידלונגסשטאַב, זיי האָבן געקאָנט נישט פאָרן קיין טרעבלינקע, ווען זיי וואָלטן געוויזן זייערע אַרישע פּאַפּירן, אָבער זיי האָבן עס נישט געטאָן מיטן פולן באַוווסטזיין. דאָס האָט זיך גענומען פון זייער צוגעבונדנקייט צו דער משפחה, מיט וועלכער זיי האָבן צוזאַמען געלעבט און צוזאַמען געליטן אין משך פון צענדליקער יאָרן. די דאָזיקע דינסטן (לשם בײַשפּיל — די דינסט פונעם ראַטמאַן ראָזענטאַל, וועלכע איז נאָך 20 יאָר טרייער דינסט אַוועק צוזאַמען מיטן באַלעבאָס קיין טרעבלינקע) האָבן געוואָלט טיילן דעם גורל פון זייערע באַלעבאַטים, צו וועלכע זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַ צוגעבונדנקייט, וואָס האָט איבערגעדויערט דעם קבר, פּונקט ווי הונדערטער און טויזנטער יידישע עלטערן, באַפרייטע דורך די היטלערים=

טישע הענקער בעת דער סעלעקציע, וואָס זענען פון אייגענעם ווילן אַוועק מיט זייערע קינדער צום טויט. אַ סך האַרץ און גרענעצלאָזע ליבשאַפט האָבן אַרויסגעוויזן די דינסטן אויף דער אַרישער זייט, שוין אויף זייערע נייע פּאָסטנס ביי קריסטן. די דאָזיקע דינסטן זענען געוואָרן פאַרבינדלערינס צווישן דער אַרישער זייט און דעם געטאָ. איך האָב געקאָנט די דינסט פון אַדוואָקאַט מ., זי פלעג זיך — איינשטעלנדיק דאָס לעבן — אַריינגנבענען דורך די געטאָ־מויערן צו איר אַמאָליקן באַלעבאָס, ברענגען די איבערגעלאָזטע ביי איר זאַכן, אײַנקאַסירן געלט ביי בעלי חובות א. א. וו. איך בין געווען אַן עדות פון איר גרויסער אויפרעגונג, ווען דער אַדוואָקאַט האָט איר געוואָלט באַלוינען.

די דינסטן האָבן געהאָלפן זייערע אַמאָליקע באַלעבאַטים זיך „איינאָרדענען" אויף דער אַרישער זייט, דערלייִדיקט טויזנטער דערמיט פאַרבונדענע ענינים. למשל די דינסט פרוי ב.[103] האָט געדונגען אויף דער אַרישער זייט אַ וווינונג פאַר אירע געוועזענע יידישע באַלעבאַטים. דאָס דערלייִדיקן די פאָרמאַליטעטן אין שייכות מיטן דינגען אַ דירה אויף דער אַרישער זייט האָט געקאָסט דורכשניטלעך אַן עטלעכע צענדליק טויזנט זל., און איר האָט דאָס געקאָסט בלויז 3.000 זל. פרוי ב. „דעקט" די וווינונג, דערלייִדיקט פאַר אירע געוועזענע באַלעבאַטים אַלע ענינים; היות זייער געלט האָט זיך אויסגעשעפּט, העלפט זי די ברויטגעבער, פאַרקויפט אויס אירע אייגענע זאַכן. זי העלפט זוכן דירות אויף דער „צווייטער זייט". ווען מיין באַקאַנטער האָט איר געזאָגט, אַז ער האָט נישט קיין געלט, האָט פרוי ב. געענטפערט: „ווען איר וואָלט געהאַט געלט, וואָלט איך אייך נישט געהאָלפן". אַזעלכע מינים געשיכטעס וועגן דינסטן האָב איך געהערט זייער אַ סך.

אַזעלכע אידעאַליסטן פון דער אינטעליגענץ, אָדער צווישן די אַרבעטס־מענטשן, וועלכע העלפן די יידן מיט גרענעצלאָזער מסירת נפש, שטרעקנדיק דאָס אייגענע לעבן, זענען פאַראַן אין די טויזנטער אין וואַרשע און אין גאַנצן לאַנד. יעדער ייד, וואָס איז געוואָרן אַרויסגעריסן פון די בלוטדורשטיקע לאַפּעס פון דער היטלעריסטישער בעסטיע, האָט געמוזט האָבן אַזאַ אידעאַליסט, אַזאַ מלאך, וואָס האָט געהאַט די השגחה איבער זיין טאָג־טעגלעכן לעבן. די איבערוועגנדיקע מערהייט פון אָט די מענטשן האָט גענומען אַ באַלוינונג פאַר איר אַרבעט, אָבער שוין־זשע זענען פאַראַן אַזוינע געלטער אין דער וועלט, וואָס וואָלטן געקאָנט באַלוינען דעם מסירת נפש פון די דאָזיקע מענטשן... די פּערזאָנען, וואָס האָבן געהאַלטן יידן בלויז פאַר געלט און האָבן נישט געהאַט קיין פעסטע מאָראַלישע שטויס־קראַפט, האָבן זיך פריער אָדער שפּעטער באַפרייט פון דעם געפערלעכן באַלאַסט, „אַרויסגעביסן" די יידן פון זייער וווינונגען. איבערגעלאָזט ביי זיך יידן האָבן יענע, וואָס האָבן דאָס

103 וואַרשעווינלעך באַרבאַראַ ווישניעווסקאַ.

געטאָן נישט בלויז צוליב יידיש געלט. די שענסטע ראָמאַנען וועט מען קאָנען אָנשרייבן וועגן דער העלדישקייט פון די פּאָלאַקן, וועגן די נאָבעלסטע אידעאַליסטן, וועלכע האָבן זיך נישט דערשראָקן נישט פאַר דעם שונאס דראָונגען, נישט פאַר דער בייז־פיינטלעכער טעמפּקייט און טפּשות פון די פּוילישע פאַשיסטן און אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן דאָס ראַטעווען יידן געהאַלטן פאַר אַן אַנטינאַציאָנאַלע זאַך.

## סיום

מיר פאַרענדיקן שוין אונדזערע באַמערקונגען און באַטראַכטונגען מכח די פּויליש־יידישע באַציונגען. נאָך דער מלחמה, ווען עס וועלן זיין צוטריטלעך די אַרכיוואַלע קוואַלן, ווען מען וועט קאָנען מאַכן אַ בילאַנס פון דעם, וואָס עס איז געבליבן נאָך די 3,5 מיליאָן פּוילישע יידן, וועט מען זיין ביכולת צו באַלייכטן אַלזייטיק די פּויליש־יידישע באַציונגען. אונדזערע באַמערקונגען אויף דער טעמע זענען אַ דאָקומענט פון מאָמענט, זענען אַן אויסדרוק פון דער מיינונג פון דעם הייפל יידן, וואָס איז פאַרבליבן נאָך דער היטלעריסטישער שחיטה אין פּוילן און וואָס זייער גורל אין דער נאָענטסטער צוקונפט איז נאָך נישט באַקאַנט און זייער רעטונג איז זייער פּראָבלעמאַטיש. מיר האָבן אין אַן אַנטשפּרעכיקן אָרט אָנגעוויזן, אַז די באַציונג פון דער פּוילישער געזעלשאַפט לגבי די יידן איז נישט געווען קיין איינהייטלעכע; אַנדערש האָט זיך צו זיי באַצויגן דער לאַגער פונעם פּוילישן פאַשיזם, און לגמרי אַנדערש דער לאַגער פון אַרבעט. דער פּוילישער פאַשיזם, פאַרקערפּערט אין דעם אויפגעפּוישטן, חיהשן אַנטיסעמיטיזם, האָט געשאַפן אומגינסטיקע באַדינגונגען פאַר דער אַקציע צו ראַטעווען יידן, וועלכע זענען מאַסנוויז געוואָרן אויסגעשוחטן דורך די הענקער פון ס.ס., אוקראַינער, שאוליסן און לעטן. דער דייטשישער טעראָר, די מאַסן־אַרעסטן און אָבלאַוועס, די שטרענגע שטראָפן פאַר אויסבאַהאַלטן יידן, די אַנטיסעמיטישע אַטמאָספער, וואָס איז פאַרטיפט געוואָרן דורך די אָ.נ.ר.־לייט און דער דייטשישער פּראָפּאַגאַנדע — דאָס אַלץ האָט געשאַפן אומגינסטיקע באַדינגונגען פאַר אַ מאַסנהאַפטיקן אויסבאַהאַלטן יידן. אין מערב־אייראָפּע, בפרט אין האָלאַנד, האָט די אַרישע באַפעלקערונג אויסבאַהאַלטן יידן, האַלטנדיק דאָס נישט בלויז פאַר אַ הומאַניטאַרן אויפטו, נאָר פאַר אַ פּאַטריאָטישן אויפטו, וואָס איז געווענדט קעגן דייטשישן אָקופּאַנט. לויט לחלוטין זיכערע אינפאָרמאַציעס פון מענטשן געקומענע פון האָלאַנד אין די לעצטע חדשים, האָט זיך אַ באַדייטנדיקער פּראָצענט האָלענדישע יידן באַהאַלטן ביי דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וועלכע באַציט זיך צו יידן מיט סימפּאַטיע מחמת די אַפּעלן פון די אומאָפּהענגיקייטס־אָרגאַניזאַציעס און פון דער קירך. אפילו פאַר די האָלענדישע פאַשיסטן

אין נישט באַראַקטעריסטיש דער אַנטיסעמיטיזם לויטן נוסח אָ.נ.ר. דאָס זעלביקס קומט פאָר אין בעלגיע און פראַנקרייך, וווּ די אַרישע באַפעלקערונג האָט פראָטעסטירט קעגן די געלע לאַטעס, אָנטוענדיק עס מאַסנווייז אַליין ווי אַ צייכן פון סאָלידאַריטעט מיט די ייִדן. די ליידן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג טרעפן זיך דאָרטן אָן מיט גרויס מיטגעפיל, די אַרישע באַפעלקערונג גיט זיי הילף. נעמענדיק אין אַכט די ספּעציעלע באַדינגונגען אין פוילן, מוזן מיר אָנערקענען די האַנדלונג פון דעם טייל פוילישע אינטעליגענץ, אַרבעטער און פויערים, וועלכע באַהאַלטן ביי זיך אויס ייִדן, פאַר אויסערגעוויינלעך נאָבל, אין גייסט פון די טאָלעראַנץ־טראַדיציעס אין פוילנס געשיכטע. די נאָבעלע מענטשן האָבן קעגן זיך נישט בלויז דעם דייטשישן טעראָר, נאָר אויך די פיינטלעכע באַציונג פון די פוילישע פאַשיסטן, וועלכע האָבן גאָרנישט געלערנט נאָך די דערפאַרונגען פון סעפּטעמבער 1939. עס איז שווער פעסטצושטעלן גענוי די צאָל ייִדן, וואָס באַהאַלט זיך אויס אין לאַנד. אין וואַרשע רעדט מען פון אַ 10.000—15.000 באַהאַלטענע ייִדן, געוויסע מענטשן שאַצן עס אויף 20.000—30.000, וואָס איז לפי דעתי שטאַרק איבערגעטריבן. וואַרשיינלעך באַהאַלטן זיך אויס אין וואַרשע נישט מער ווי 15.000 ייִדן, וועלכע זענען פאַנאַנדערגעשפּרייט ביי אַ 2.000—3.000 פוילישע משפּחות. נעמענדיק אין אַכט, אַז די דאָזיקע 2.000—3.000 פוילישע משפּחות ווירקן מיטן וויסן און הסכם פון זייערע נאָענטסטע קרובים, וועלן מיר קומען צום אויספיר, אַז לכל הפּחות 10.000—15.000 פוילישע משפּחות אין וואַרשע העלפט די ייִדן זיך אויסבאַהאַלטן, וואָס באַטרעפט נאָכן איבררעכענען אַ 40.000—60.000 מענטשן, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז אַ משפּחה באַטרעפט אין דורכשניט 4 נפשות. אין גאַנצן לאַנד וועט אפשר זיין — צוזאַמען מיט וואַרשע — נישט מער ווי מאַקסימאַל אַ 30.000 באַהאַלטענע ייִדן. צווישן די פוילישע פאַמיליעס וואָס באַהאַלטן ייִדן פעלט נישט מסתמא אויך אַ געוויסע צאָל אַנטיסעמיטן. אָבער דער כלל אַנטיסעמיטן, אָנגעשטעקט מיט דער פּעסט פון ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם, האָט מיט דער הילף פון די דייטשן געשאַפן אַזעלכע באַדינגונגען, אַז נאָר אַ קליינער פּראָצענט פון די פוילישע ייִדן, וועלכע וווינען אין פוילן זינט אַ יאָרטויזנט, האָט געקאָנט ניצול ווערן פון די לאַפּעס פון די דייטשישע הענקער. דער פוילישער פאַשיזם פאַרבונדן מיטן אַנטיסעמיטיזם, האָט באַהערשט די מערהייט פון דער פוילישער געזעלשאַפט[104]. דעם דאָזיקן [פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם] באַשולדיקן מיר, אַז אין דער אַקציע פון ראַטעווען ייִדן האָט פוילן נישט פאַרנומען אַזאַ פּלאַץ, ווי די לענדער פון מערב־אייראָפּע. די טעמפּקייט

---

104 דער מחבר פעלט דאָ אַריין אין אַ געוויסער איבערטרייבונג, וואָרעם דער פאַשיזם האָט קיינמאָל נישט באַהערשט די מערהייט פון דער פוילישער געזעלשאַפט.

פון די פוילישע אַנטיסעמיטן, וועלכע האָבן גאָרנישט געלערנט, איז שולדיק פאַרן טויט פון הונדערטער טויזנטער ייִדן, וועלכע מען האָט געקאָנט ראַטעווען אויף צו להכעיס די דייטשן. אויף זייערע קעפּ זאָל פאַלן די באַשולדיקונג, אַז זיי האָבן נישט געראַטעוועט די צענדליקער טויזנטער ייִדישע קינדער, וועלכע מען האָט געקאָנט איינאָרדענען ביי פּוילישע משפּחות אָדער אין אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס. דאָס איז זייער שולד, וואָס פּוילן איז געווען אַן אַזיל פאַר מאַקסימום 1% ייִדן, די קרבנות פון היטלערס רדיפות.

פון פּויליש: **ב. מאַרק**

## ניִשט פֿאַרעפֿנטלעכטע און ניי אָפּגעפֿונענע נאָטיצן
## און פֿאַרצייכענונגען פֿון עמנואל רינגעלבלום

אָפּקלויב פֿון יוסף קערמיש, יד־ושם, ירושלים

## 1. נאָטיצן

[1941]

22 יוני — ערשטער מלחמה טאָג, טאָג פון שווערע איבערלעבונגען. דער הילכער וועגן יידן. וואָס וועט מיט אונדז זיין? דער גורל פון די גליקלעכע יידן פון יענער זייט? וואָס מיט דער אַפּראָוויזאַציע?

פאַר מיטאָג — רואיק — נאָך מיטאָג אַ באַנייטער יקרות.

מיר פילן, אַז עפּעס גראַנדיעזעס קומט פאָר. מיר פאַרשטייען אָבער נישט דעם צוזאַמענהאַנג.

ווי וייט וועלן זיי גיין? צי איז די אַרמיי אַ פעסטע. איינגעישביט סאָוו[יעטישע]־בירגער, געצאָלט צו עטלעכע טויזנט זל.

23/6. דער ערשטער אַלאַרם — פאַרווונדעטע אויף פּראַגע. זיי שלאָגן אויך אָקענטשע ווייל נאַלאָט — דער עולם אָפּגעאָטעמט, אָבער גלייכצייטיק אַ שטיקל דענערווירונג — מען רעדט אַפילו וועגן אַ פּויל.[ישע] מלוכה — מען פאַרבעסערט די באַשפּייזונג פון דער פּויל[ישער] באַפעלקערונג. רויבע־ רייען אין פּראַגע — דאָס גליק פון די מויערן — די מורא פאַר אָפּשאַפן די מויערן — די ירידה פון פרייזן פון 28 זל. אויף 23 זל. אַ ברויט.

דער פּלוצלינגדיקער אַלאַרם, באָמבאַרדירונג פון גרויסער הייך. דער רעזולטאַט פון זיין רעדע וועגן יידן[ן] באָלשעוו[יקעס]. דאָס יאָגן דורך די וואַכן, אַראָפּנעמען די היט וכדומה.

עדות פון אַ גרויסן געראַנגל פון צוויי וועלטאָנשויונגען. די פליִענדיקע אַוטאָס וואָס היילן אַזוי יאָמערלעך וואַרפן אַן [אימה], אָבער גלייכצייטיק אַ האָפענונג אויף אַן אויסלייזונג — קאָמפּראָמיטאַציע: די ערשטע באָמבע געפאַלן אָן אַן אַלאַרם און דאָס ביי אַ ליכטיקן טאָג (אַ זייגער 18.15) ביי אַ בלויען, נישט פאַרוואָלקנטן הימל, אָבער געטראָפן פּריוואַטע דירות.

[יוני 1941]

דאָס אויפהערן פון פעקלעך פון רוסלאַנד אַ טראַגעדיע פאַר פרויען, וואָס האָבן מענער דאָרט — דאָס גליק פון די מויערן ביי דער אַגיטאַציע קעגן יידן — הילכער וועגן יידן און באָלשעוויקעס. די מורא פאַר עקסצעסן. פרייער אָפגעטעמט, — די מלחמה מיט רוסל[אַנד] וועט דערנענטערן דעם סוף, אָבער ווי אַזוי וועט זיך געשטאַלטן דער ווייטערדיקער גורל — איז דאָס נישט די פאַרווירקלעכונג פון העס׳ס פראָגראַם. צי וועט נישט געשאַפן אַ קאָאַליציע קעגן רוסלאַנד. — שומרים פאָרן ווייטער קיין ניי סאָנץ.

דער טויש אין די דערפער מיט קופאָנען — ער פאַרקויפט מיט פאַר־מלחמהדיקע פרייזן און פאַר ביליק.

מיר פילן אַז מיר זיינען אַריין אין אַ נייע עפּאָכע אָבער מיר פאַרשטייען נישט די „טראַגוויטעט" פון דעם שריט — מיר בלאָנדזשען אַרום — עס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ טויבן וואָס זעט די באַוועגונגען פון די שפּילער, די מינעס פון זייער פּנים, זייער טיפע קרעכצעניש, ער פאַרשטייט אָבער נישט וואָס ער פילט.

די סצענע אין סכראַן. מען רעכנט, אַז מען וועט נישט באָמבאַרדירן דעם יידן[ישן] פערטל מען כאַפּט כסדר צו דער אַרבעט.

[יוני 1941]

דער אַנדערער שפּיזפּונקט פון זיי בנוגע די מיטאָגן — פאַר אַרבעטנדע בלויז. ביי אונדז די קראַנקע און די קינדער — ווענדאָרף געמאַכט די פּאַפּירן אויף אַרישקייט — די טאָכטער 80%, דער זון 100% לויט [שאַצט] — דער זון אין 7־טן.

קיין שום פראַגע נישט מעגלעך צו לייזן אָן אַ גרינדלעכן שינוי: די מאַטע [ריעלע] עגזיסטענץ פון אַלע באַפרייט אָבער נישט קיין גרינדלעכע ענדערונג: קאַמף מיט קראַנקהייטן אָן רעקוויזיציעס פון בעטן, וועש.

קאַמף מיט אָבדאַכלאָזיקייט אין דעם ווײַנונגסאַמט — פיקטיווע איינמעלדונגען — דיכטונג און וואָרהייט — די בבא מעשיות וועגן יענע אויסגעדאַרטע — דערווייל פעסטע, געזונטע אין שפּאָגל־נייע מונדירן — ווונדערבאַרע טעכניק, גלענצנדע אָרגאַניזאַציע, עלעגאַנטע קליידונג ממש אוםבאַזיגטבאַר — נישט [משפּיע] אויף באַנייען [די שול דורך קאַנען] — 46 טעגלעך טיפוס פאַר בעת העכסטנס 32. קריסטן, וואָס האָבן קאָנטאַקט מיט יידן — פויערים אומזיסט געגעבן צו עסן. קראַסנע — שאָסיי אַרבעטן אַ טשעכישע פירמע.

שפּיטאָל נייער, פאַר רייכע, פאַרן דאָקטער.
מען וויל נישט ענטפערן.
22 יוני אַקציע קעגן ייִד[ישן] בעטלער. אויף יענער זייט 10.000 זל.
שטראָף לייז־טיפוס.
בלאָקאַדע פון שטובן — שוועריקייטן — מען גייט אַרויס פון אַ צווייטער זייט.
מען באַזייטיקט די פּאָליציאַנטן.

95% באָדט זיך נישט — פּיבער [בנוגע ידיעות] — אַבאָלד אַרויף, אַבאָלד אַראָפּ. די מעשׂה מיט די 22.

טייל [בענקט] אויף יענער זייט — סטאַלינס רעדע וועגן גאַזן.
ייִדן פירן אייגענע סטראַטעגיע — לאַגערן — טאַרנע, קראַקע עוואַקואירט.

[25/6] די שטימונג אַ געענדערטע ביי ייִדן — אַלאַרמען בלויז אויף דער אַרישער זייט — זיי וועלן נישט מודיע זיין וועגן אַלאַרמען — האַלטן אייגענע פייערלעשער — טיפוס קראַנקע אויף איין בעט — דער שפּיטאָל אַ מאַרדאָוו־ניע דערקלערט דר׳ שטיק — ער איז שלעכט געשטימט ווייל גוט [נישט] געשלאָסן די נאַכט.

קלאַנג וועגן דערשיסן אַ ייִדישע פרוי אָן אַ אַפּאַסקע אויף דער אַרישער זייט — מאָטיוו יעדער ייִד אַ שפּיאָן.

פּעקלעך פון חסידים צו זייערע רביים אין וואַרשע.

27/6 קלאַנגען וועגן קאַסטראַציע פון יונגע ייִדן אין רוסלאַנד.

28/6 זול אויף פּראָדוקטן — סיבה געעפנט די גרענעצן פון רייך. די בעט־לערײ נישט אויפגעהערט הגם די מיטאָגן — שטאַרקע פאַרבעסערונג פון די קיכן. קאָלאָסאַלער דראַנג פון דער אינטעליגענץ. פּראָפּאַגאַנדע: ייִדן קאָמו־ניסטן — פראַנק פאַרטיידיקט דאָס קריסטלעכע איראָפּע, — דער געדאַנק וועגן אַ פּוילישן רעגענט. דאַנק דערפאַר וואָס די מויערן אַרום געטאָ צוליב מורא פאַר פּאָגראָמען — ענלעכקייט מיט וועראָנאַ 1599 [פּאַדואַ] 980.

פּאָגראָם־שטימונגען לגבי די ייִדן אין די ערשטע טעג פון מלחמה מיט רוסלאַנד — לעצטנס נאָך שיקאָרסקיס רעדע און דער געענדערטער באַציִונג פון ענגלאַנד אַ סימפּאַטיזירנדיקע — זיי ווינטשן אַז ביידע זאָלן איינעמען אַ מפּלה. — גלויבן אין דעסאַנטן פון ענגלאַנד.

2/7 מען האָט אויפגעהערט צו רויבן צוליב די 300 שפּיצלעס — רוסישע קריגס־געפאַנגענע „מאַנכע אַראָפּגענומען די שיך״.

[סוף יולי—אויגוסט 1942]

מען גייט פאַר 5 אַ זייגער פאַר דער וואָך...
כּדי דערשאָסן צו ווערן.
די סיבה טשערניאַקאָווס טויט: ...
ערובניקעס, 10.000 אַ טאָג.
די לעגענדע וועגן די 10.000 קינדער יתומים־הייזער
די אויפפירונג פון דער פּאָליציי געוואָרפן
קראַנקע אויף די וואַגנס
מען גייט פרייוויליק צוליבן הונגער ...
(אַ ברויט 70 זל.)
די פרייוויליקע כאַפּערס פון באַאַמטן
120 דערשאָסן דעם 26 יולי אויפן אומשלאַג־פּלאַץ — קראַנקע און שוואַכע
שרעקלעכע באַדינגונגען אויף סטאַווקי
מען קויפט זיך אויס צו טויזנטער זל.
44 ערובניקעס
דער ליגן — אַ טאָג פריִער אָפּגעלייקנט
אַ טאָג פריִער

[נאָך דער אַקציע]

דער פּלאַקאַט וועגן אומזידלונג, אַז די פּאַרן קיין אָסטלאַנד.
צי ווייסט מען נישט וועגן דעם אַז מען גייט צום טויט
די קינדער וועלן האָבן מילך
די בריוו פון בריסק מסתּמא פאַבריצירט
געשיקט 1500 געזונטע קיין סמאָלענסק
פאַלשע באַשטעטיקונגען פון שאָפּעס
וווּנדערבאַרע צופּאַסונגספעאיקייט פון די מאַסן.
שאָפּן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן — צענדליקער טויזנטער אַריין אין די שאָפּן.
הייזער פראַנט דירות.
די אַגראַדאָווע 5 געמאַכט אַ שאָפּ.
שאָפּן פאַר קריגסאינדוסטריע.
די פּוילישע פרוי געשריגן אויף זשאַנדאַרמען — מערדער — דערשאָסן געוואָרן.
קאַמאַסירונג פון הייזער — פון שאָפּן, גאַנצע בלאָקן אַרויסגעוואָרפן.
אויסזידלונג און אומזידלונג.

[נאָך דער אַקציע]

ד י י ט ש ן

קריפּא. אַלענדערס [אַלענדאָרפס] קומען וועלן דערציילן נישט בלויז די ס.ס.
מען גלויבט נישט.

ווי זיינען אַהינגעקומען די מענטשן פון די הייזער.

די ס.ס. — די ווערמאַכט

אויך ביי זיין טיש אַזעלכע ווערטער

די קוריאָזן פון דער טראַגישער שוואַכקייט —

הונגער גלידער — דערקלערן ספּעציאַליסטן.

אַ ציגנבידל — אַליין געשטעלט, ווייל נישט אַלע גאַסן זעלבסט אַ באַהעלטעניש.

ליקווידאַציע פון אַלע געוועלבן — אויסער שפּייז געוועלבן

(איין זאַך נישט לייענבאַר).

ט ר ע ב ל י נ ק י

אין וואַגאָן געהאַנדלט

אַ שטאַרקער גענומען געלט פאַר אַרויסשפּרינגען פון וואַגאָן.

די ברכה פון רבי פאַרן טרונק וואַסער

גרויסע געלדער פון די אַנטלאָפענע פון טרעבלינקי.

קינדער פאַרזאָרגונג אין שאָפּן — פאַראַגנען קינדערווינקלען, זעלבסט הילפס־קאָמיטעטן.

אַ ייִד דערקענט מען דורך שטיוול, קענקאַרטע און וואָנסעס.

[נאָך דער אַקציע]

פאַרמעגן פון די צוגעקומענע — נישטאָ קיין פאַרמעגן מען טראַכט נאָר וועגן ווילן זיך, שכרות.

ג ר ש ו ן סיראָטא אָוונט WERKE — LIPA —

מען אַנטלויפט פון געטאָ — פאַכלייט. מען פאַרהאַלט ביזן פאַרענדיקן דעם קאָנטינגענט. מען לאָזט נישט אָננעמען קיין פּריוואַטע אַרבעט.

נומ. 86 זוכן מיר... 41 פאַר לאַגעריסטן. ביי שילינגן אויף 300 באַקומען 70 קאַרטן, דעם רעשט נעמען צו. העלער צו 10.000 זל. אַ אָוונט — פריינדיק, שטיפעריש התגודדו — טענדענץ אָפּצוטיילן זיך פון דער קהלה — דער־נענטערן די געטאָ צו די שאָפּן.

צענטראַל קאָמיטעט פון די שאָפּן.

[נאָך דער אַקציע]
אומנויטיקע מענטשן געזו. טוער וואָס טוען און וויסן נישט צוליב וואָס און פאַר וועמען.
באַהעלטענישן אויף יענער זייט
דערציאונג פון דער יוגנט, צו ביכער און נישט צו שטילעסן.
שיסן — שיסן!
נ אָ כ ן „י י ד י ש ן  ק ר י ג" (אויסזידלונג)
לעבנס שטאַנדאַרד
לאָזן שלאָגן די באַפרייטע
פּאַגאַטאָוויע ראַטונקאָווע
גאַדזינאַ פּאָליציינאַ — שולץ מיטגעטיילט
בשעת בלאָקאַדעס פון הייזער אַוועקגעשטעלט גאַנצווייכס מכּבי. געמאסערט ר'יען אויף דער גאַס
אויב געפעלט צום קאָנטינגענט ברענגט מען צו די וואַגאָנען אַן סעלעקציע — בעסטע פּאַפּירן, רויטע שטעמפּלען. די וואַך — באַשטעטיקונגען פון ס"ס — אויבערפלעכלעכע סעלעקציע אין די וואַגאָנען.
י ח י א ל  ל ע ר ע ר,  ק י ר מ אַ ן
אַ גוטער אַרבעט[ער] געוועזן אַ גוטער אַרבעטער אין צוקער־לעך פאַבריק
ז ש אַ ק  ל ע ו ו
אין הויז
ג ו ט ק ע ו ו י ט ש
געלאָזט זיך שיסן

[נאָך דער אַקציע]
באַאַרבעטן גרינדלעך — די שוואַכע פּאָליטישע טעטיקייט פאַר דער איבער־זידלונג. — די יוגנט געבילדעט אין פּאָל[יטישע] עקאָנאָמיק, שטאַט סטראַ־טעגיק — עם הספר, געטאָ... אאָו. ג"ג בוג־שטעט, וועגן אַרב[עטס] לאַגערן אין דאָרף.
צושטאַנד פון שגעון פון — האָרץ — יתרום כּסף. אמת, ווייניק האַרץ. מענער גּעטייט עלטערן כּדי זיך צו ראַטעווען, דערוועקט נישט ליבע, פאַ־שטאַרקט דעם חיישען אינסטינקט — פאַרלוירן אַלע מאָראַלישע העמונגען. פּאָליציי געמעגט הרגענען אַנדערע.

[גאָך דער אַקציע]

די באַדיטונג פון צוקער, ברויט און וואַסער.

דער הונגער, אין טאָג פון אָנהויב פון איבערזידלונג — אויפגעהערט דעם שמוגל.

בעקערייען אָפּגעשטעלט די אַרבעט. צוגענומען ס׳פּערסאָנאַל פון די בעקע־רייען, פון קיכן. מענטשן נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג.

פּריווילעגיע

שענדלעכער דאָקומענט פון דער קהילה — וועגן די קלאַגנען, אַז די אויס־געזידלטע קיין מזרח. דער אַרבעטס־אַמט ווייזט אַז אויף טויט. דער זעלבסט־מאָרד פון טשערניאַקאָוו. צו שפּעט — צייכן פון שוואַכקייט.

מ׳ברענגט רוסן, צו ווידערשטאַנד שוואַכע, אָבער אָרנטלעכע מענטשן.

דער מעמאָריאַל, די מורא.

דער גלויבן אַז אין וואַרשע וועט מען נישט וואַגן.

באַציאונג פון די פּאָלאַקן — האָבן נישט געהאָלפן.

דער מאַנגל אין פּאָליטישע פירער.

געדאַרפט אין משך פון די 3 יאָר

מאַנגל אין כלי־זין.

געניאַלע טאַקטיק פון אַ טייל אין [באַרשטער]ש[אַפט]

די אומבאַוווּסטקייט וועגן גורל פון די איבערגעזידלטע.

די שולד פון דער פּאָלי[טישער] פירונג.

באַליידיקט זיך צוליב דעם ווייל געזאָגט דעם אמת וועגן טרעבלינקי

דער עגאָיזם פון דער וואַרש[עווער] קהלה, פּאַרמונגסקי סט. די נישט רייפקייט פון דער וואַרש[עווער] קהילה ראַטמענער.

די חרפה פון געטאָ.

וואַרשע און טשענסטאָכאָוו.

דער ייד[ישער] אָרדנונגסדינסט, זיין איינשטעלונג צו אַרבעטסלאַגערן. קיין פּאַקט פון הילף נישט... [דער זאַץ אַ נישט פאַרענדיקטער].

שאָפּע שפּילט — אַ קאַפּיטל. — יידיש לשון געווען פאַרהאַסט אין פּוילן — געמוזט זוכן אין גאַנצן לאַנד. — 3 טויזנט היצלעס — די ראַל פון ייד[ישער] פּאָליציי — אַרויסגעשלעפּט פון די באַהעלטענישן. געכאַפּט איינצלנע קינדער אין גאַס, זקנים, פרויען. אַכזריותדיק געשלאָגן, געשלעפּט, צוגענומען וואָס בידיהם. די ברודיקע אַרבעט פון די אוקראַינער. האַרציקע צוזאַמענאַרבעט צווישן אוקראַינער און יידן — צוזאַמען געראַבעוועט — אויך גאַנצע ייד[ישע] פּאָליציי אָנגעשטאָפּט אַ סך געלט. — צירונג — דער ייד[ישער] פּאָליציאַנט מיט דער האַנט, די זקנה אָבער שלאָגט זיך און שטעלט זיך אנטקעגן. אָבער טרעגערס [לאָזן נישט אָפּ]. אויף פּשעיאַזד זיך געלאָזט נעמען דורך דער פּאָליציי. רושם נאָך אַ קעפּל. קאַפּלינסקי זיך געראַטעוועט. געווען טעג ווען געמוזט צושטעלן 5—10 קעפּלעך. האַנדל מיט קעפּלעך — געכאַפּט אַן איבע־ריק קעפּל כדי צו באַפרייען פון אומשלאַגפּלאַץ פאַר גראָבע געלט. איין מוטער גענומען צונעמען קינדער נישט.

[נאָך דער אַקציע]

**כמות אָדער איכות**

דעזינפעקציע — גייסטיקע קאַראַנטין.
ווי האָט זיך באַוואַרטיקט די ייִד[ישע] פאַמיליע. נישט געוואָלט זיך צושיידן. [פאַלן] קינדער [האָבן] אומגליקלעך געמאַכט עלטערן — [אַ טאַטע צווינגט קינדער].

גראַייער
שמעון
וויזענפעלדער
ווינאַגראַן
[דעם לעצטן פאַליציאַנט]
לאַדוש.
פולאַוסקיעגאַ
קאַרמעליצקאַ 1
דר' לובינגער
ברייטזאַן

[אָקטאָבער–נאָוועמבער 1942]

זיי ווילן נישט איבערגעבן קיין ע נ ד ג י ל ט י ק ע ציפערן.

דאָס אָפיציעלע ערן־וואָרט פון [וואָרטהאָף] וועגן נישט הרגענען די אויסגעזידלטע.

געקומען זיך אַנטשולדיקן אַז נישט שולדיק אין טויט פון טשערניאַקאָוון.

די לובלינער געסטאַפּאָווצעס געוווסט פר?ער וועגן דער אויסזידלונג.

דאָס געטאָ הודזשעט — מען גייט פון 6 פרי — טויזנטער מענטשן גייען אויף די גאַסן.

צוליב אַן אַראָפּגעפאַלענעם ציגל — זשעלאַזנע 80 — 12 דערשאָסן — אַלע איינוווינער גענומען אויפן אומשלאַג.

באַשפּייזונג אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. די פּליטים הויפּט קר[בנות].

דער געלויף אין גאַס צוליבן פּלאַצן פון אַן [נישט פאַרענדיקט].

4/11[1942]

4/11 300 אויף אָקענטשע — פּאָליציי האָט מורא

צו כאַפּן — דער רושם פון לייקינס הריגה

[די שורה פאַרווישט]

גאַנצוויכס ליגנט

דאָס רחמנות איבער קינדער

**26 דעצ. 1942**

26/XII. מיט 3 וואָכן לעמבערג 10.000 אויסגעזידלט, געבליבן 35.000 — אין אַ לאַגער ווו מער ווי 8 טעג בלייבט מען נישט.

60—70 אין לוקישקער מען זאָל [דעמאָלט] געווען 400—500.

וואהלשטאַנד [... 1 וואָרט]. 700—800 פון אַרבעטסלאַגערן צוריקגעקומענע — געפאַר אָפּטיש־בעטלער.

פלעקטיפוס 550 אין שפּיטאָל — מען שרייבט אויס גלייך נאָכן קריזיס — בויטווענדיקייט פון שאַפן [אַ ]הויז פאַר רעקאָנוואַלעסצענטן — 200 קיילעכ־דיקע יתומים; קינדער פון יענער זייט — אַרבעט פאַר נישט אַרבעטנדיקע.

7.000—8.000 —— 3.000 אין ווערטערפאַסונג.

מעגלעכקייט פון עפענען נייע שאָפּן — געפלאַנט. ליקווידירט ק.א.ס. — אָפּטיילונג צו טראָגן הילף.

מען פילט זיך שולדיק וואָס מיר זענען געבליבן.

געגלויבט אַז מיר זענען אַ פאָלק פון רחמנות.

די אונטערשיידן צווישן רייך און אָרעם.

ב ר ו י ע ר 4.000—5.000 [געגעבן 500 נומערן]. — אָפּגענאַרט, אַז בלייבן וועט 2.000 קריסטן, פאַרקלענערט געטאָ.

צוגענומען עטלעכע טויזנט מענטשן — 3 מאָל אַזויפיל ווילדע ווי מיט נומערלעך — ביזן 1־טן מוזן זיך אַרויסציִען.

ז ע ל ב ס ט ה י ל ף נאָר פאַר נומערלעך — די רעדוצירטע מיט נומערלעך פריִער באַקומען — מען נעמט צו ברויטקאַרטן ווייל זיי באַשפּייזן 700 און מוזן האָבן ריווח — קאַטעגאָריע A נאָר פאַר מלחמה צוועקן — ציווילע באַקומט מער.

טאָרבלעך, וואַליזקעס. [2 מילך] — וועכנטלעכער [אָפּצאָל] פאַר זעלבסטהילף. האָפמאַן מיט די לעצטע — אַלע פרויען און קינדער צוגענומען — צוגעזאָגט מיטגענומען קינדער מיט פּלעצאַקעס. זעק, טאָרבעס — 1.200 קאָנטינגענט. געקומען 700 — צוגעגעבעט די זאַכן בשעת סעלעקציע.

אַ סך אַרבעט מיט קריסטן. מען אַרבעט איבער מלבושים פון קריסטן, די גויִם נישט קיין גרויסע.

גיבן הלוואות — געוואָלט צו אַסעקורירן מיטן [פעלט דער סוף].

[סוף 1942]

## ווער איז געבליבן?

פאַרוואָס אַזוי ווייניק? ייִד. אינטעליגענץ. שרייבער, ליטעראַטן
אויסקויפגעלט — הונגער — ברויט 10 זל. אַן זאַפּאַסן, אַן הילף
זקנים, קראַנקע — אַן נומערלעך — די בעסטע פּאַפּירן ס.ד.
ספּראַווּי סיען דאָברזשע [Sprawuj się dobrze]

## די אַרישע זייט

די באַציאונג פון דער פּוילישער באַפעלקערונג ...
1000 זל. אַ טאָג פאַר 2 פּערזאָן — ייִד. פרויען אַלס
די מורא פאַר דעם ביישפּיל — דינסטמיידלעך
די ערשטע פראַגע פאַרוואָס האָט איר זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט
אַריער קלינגען צו ייִדישע פריינט
די מורא פאַרן טויט־אורטייל
שמאַלצאָווניקעס ביי די וואַכן און מויערן
פּאָליציאַנטן וואָס נעמען חודש געלט פון ייִדן
דער האַנדל מיט ייִדישע קינדער: 3000 זל. אַ חודש — די בעל הביתטע
איבערגעגעבן אַ 4־יעריק קינד אין די הענט פון יענע —
דאָס קינד אין דאַרף 1 קילאָ גאָלד — מאַסן שמד פון
ייִד. קינדער — אַ טייל אין קלויסטערס, אין דער פּראָווינץ —
אַקציע פון פּ.פּ.ס. — אינטערנאַט געראַטעוועט נאָר רייכע ...
זייער ווייניק אינטעלעקטואַליסטן וואָס געהאַט באַציאונגען אויף
יענער זייט
וויפיל האָבן זיך באַהאַלטן אויף יענער זייט? איבער צען טויזנט — עטלעכע
הונדערט צוריק אויפן אומשלאַגפּלאַץ
פּראָפ. הירשפעלדן געזאָלט דערשיסן
האַנדל מיט דער ייִדישער זייט — אויספאַרקויף פון ייִד. ...
פאַרמעג — פּאָליציי קאָמיסאַריאַטן — האַנדלסצענטערן
שפּאָט ביליק — סחורה 4–5 מאָל ביליקער ווי פאַר דער איבערזידלונג.

[סוף 1942]

אויספיר־קאָמיטעט: טעבענס 1, שולץ 1,

ב ו ר ש ט י י ן — קהלה האָט קאָנטראָל־רעכט איבער דער אָפּראָוויזאַציע. מיטאָגן 1.50 ביז 1 זל. גוטע פּראָדוקטן, פּרײַער וועכנטלעכע פּרעמיעס לויט גרופּן־לייטער. די וואָס געבן איבער די נאָרמעס — פאָרן סיסטעם פון פּרעמירונג אַרבעטסשעהן: פרייטיק, שבת, זונטיק אַ האַלבער טאָג שבת און זונטיק אַ האַלבער טאָג פרײַ ביי האַפמאַנען.

כ אַ ל אַ ד ע נ ק אָ קעגן פּרעמיעס. מיטגלידער פון צ.ק. דאַרפן זיך באַ־קענען מיט דער לאַגע אין די שאָפּן. שוועריקייטן פון וועש וואַשן, פון באָדן זיך.

ל אַ נ ד ו י — מען מוז צוצאָלן אין געוויסע שאָפּן אויב ער אַרבעט נישט אויס דעם געהעריקן סכום צוליבן מאַנגל אין רוישטאָפן.

ו ו ע ג מ י י ס ט ע ר ברויער: באַקומען נישט די באָנעס.

ב ר אַ נ ד מעסטער פון אַרבעט קען זײַן די פּרעמיעס. אַ פאָרשטייער פון דער קהלה מאַכער [אין] דער הויפּטאָפּטיילונג

מען פאַרהאַלט אַרבעטער נאָך דער אַרבעטסצייט צוליב נישט פאַרענדיקט דעם קאָנטינגענט.

ג י ט ע ר מ אַ ן — פראַגע פון אַרבעט — הילף פאַר [אַ נישט פאַרענדיקטער זאַץ]

ו ו י ע ל י ק אָ ו ו ס ק י פּרינציפּיעל האָבן מיר רעכט פון קאָנטראָל איבער די שאָפּן — דערלויבעניש פון אַדורכפירן אַ מלבושים זאַמלונג אין אַלע שאָפּן — אינטערעסירט זיך וויפל געזאַמלט, די מאַכט גענומען צו קענטעניש די באַשאַפונג פון קאָמיטעט. מיר האָבן רעכט אַריינצומישן זיך אין די שאָפּן.

ש ט אָ ל צ מ אַ ן — אָפּראָוויזאַציע יסוד פון פאָרדינסטן פון די אייגענטימער — אָבער נישט געגעבן אומזיסט.

אַקטן [?] — פּרינציפּיעלע, [פאָרשטעלט] און אַזוי אַ צוגאָב צוטיילונג.

[סוף 1942]

מלינעק — געפונען געלד, וואַלוטע — טויער פון „בונד“ — דער עלטסטער סקיפּיסט. הערא:שער פאַרוואַלטער פון קיד מוראַנאָוו 34. געשטיצט די צישאַ מיט גרעסערע געלטער

לויפער געהרגעט אַן עמלק — יוגנטבאַוועגונג

פערלע שיע

סאַמבערג

מאַזאַ

אסתר גאָלדענבערג

אַרושעך מוריצי

מענדל קירשענבוים

ד״ר שיפּער

פּראָפ׳ באַלאַבאַן

דאָצ. שטיין

סאָכאַטשעווער רבי

פּיאַסעטשנער רבי

סאָקאָלאָווער רבי

זיסיע פרידמאַן

פּראָפ. סאַק

אַבראַשע בלום

בערלינסקי

מנחם קאַן

ג ע פ נ ע ר קאַמיטעט פאַר שאַפּן.
מיסטיש — מיר דאַרפן דאָך צוזאַמענווירקן.
יעדער אַ פאַרשטייער פון אַ קאָרידאָר.
ש ט אָ ל צ מ אַ ן צי מיר זיינען לעגאַלע
געמאָלדן דער מאַכט וועגן אַנטשטיין פון דער קאָמיסיע ...
אַנגערופן קאָמיסיע פאַר אַרבעט. אויפגאַבן: שאַפן אין קינעמס אייגנטום, ...
ער געהערט צו אַלע וואָס זיינען דאָרט באַשעפטיקט.
אין שׂכירות [טאָר נישט זיין] גרעסער ווי 5 זל', 3 זל' פאַר ס"ס־מאַן און
2 זל' אויף דערנערונג. — קאָסט איבערהויפּט נישט, אַזוי בלייבט 24 זל',
מיט באַנוצן אונדזערע קיכן. — עס בלייבט 5 זל' אויף ירקות אאַ.

ערשטע אויפגאַבע די דערנערונג. אַ פאַראָרדענונג פון דער מאַכט, זאָל אָפּגעהיט ווערן, ער זאָל פאַרצייכענען וואָס פאַרוואָס ער האָט באַצאָלט מיט זיין אַרבעט.

האַנט אַרבעט — וועטעראַנען — קינדער ביי די וואַרשטאַטן. דעק אַרבעט.

דער בונד געווען דער באַשולדיקער פון דער קהי[לה] אין פאַרטיפן ווירט. דעמאָראַליזאַציע. מיר לעבן פאַר די וואָס זיינען אַוועק.

ט ע ב ע נ ס, ש ו ל ק נ י ש ט אַ

געשריבן עס פונקט וועגן אַרבעט — כּדי נישט צו רייצן וועגן די אומלעגאַלע. דיסקוסיע ביז דער צווייטער קאָדענץ.

1/01.43 שאַברונעק מיט דער שפּילקע.

סילוועסטער אין וואַרשע.

געננ[עראַל] פֿאַן זאַמערן גערעדט היינט זיין אין דער קהילה. וויצלער זאָגן צו ווינטשן אַ גוט יאָר. מען האַלט ביים גרינדן אַ ייִדיש טעאַטער.

קלאַנגען וועגן באַלאַבאַנס זעלבסטמאָרד.

קאַטשקעס וועגן אַן אַרטיקל אין „שוואַרצן קאָרפּ" וועגן דער אויסזידלונג פֿון די פּוילישע ייִדן, אַז זיי האָט זיך נישט איינגעגעבן — ייִדן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַ נישט אַנטשפּרעכנדער עלעמענט צו דער אויסזידלונג. דערי־בער זיינען 120 טויזנט פּרויען, קינדער און זקנים געשטאָרבן. דעריבער זיינען 120 טויזנט פּרויען, קינדער און זקנים געשטאָרבן. דעריבער וועט שוין מער נישט פֿאָרקומען קיין אויסזידלונג. אויסגעזידלט איז געוואָרן דער נישט פּראָדוקטיווער עלעמענט.

קלאַנגען וועגן גוטע בשׂורות וואָס דערוואַרטן ייִדן. די קלאַנגען ווערן פֿאַרשפּרייט אינם נאָמען פֿון גאַנצוויכן. וואָס פֿאַראַ שייכות ער האָט דערצו איז נישט באַוווסט. די בשׂורות זיינען אַזעלכע, אַז די ייִדן וועלן פֿאַרנעמען 20% פֿון די פּוילישע פּראָדוקציע. ייִדן וועלן קענען [וווינען] אויף יענער זייט און וועלן באַפרייט ווערן פֿון טראָגן אָפּאַסקעס. ווייַן פֿאַרציילט אויך, אַז די ייִדן פֿון קראָקע, לעמבערג טראָגן נישט קיין אָפּאַסקעס. אין לעמבערג טראָגן זיי אַ וו, וואָס באַדייט וועהרמאַכט. דער עולם האָט מורא פֿאַר די גוטע בשׂורות, ווייל פֿאַר דער אויסזידלונג אין וואַרשע האָבן זיך אויך פֿאַרשפּרייט אַזעלכע גוטע בשׂורות.

אַ מאַיאָר [פֿון דער] וועהרמאַכט, אַ וויכטיקע מיליטערישע שישקע אין וואַרשע האָט געהאַלטן היינט אַ רעדע פֿאַר די אַרבעטער, לרבים ניי־באַש. [עפּטיקטע] פֿון דער פֿירמע „טראַנסאַוויאַ" (לופטפלי) געגעבן אַן איבערבליק איבער [נישט פֿאַרענדיקט]

## 2. פאַרצייכענונגען פון יאָר 1942

(מיט הערות פון י.ק.)

[יוני 1942] די דייטשן טוען אַלץ אין דער וועלט אויסצוגראָבן וואָס אַ טיפערן תהום צווישן דער יידישער און פוילישער באַפעלקערונג. זי האָט [זיי האָבן] אויפגעשטעלט מויערן מיט גלאָז און שטעכיקן דראָט, זי פאַרסמט [זיי פאַרסמען] טאָג־טעגלעך די פוילישע באַפעלקערונג דורך אירע [זייערע] שמאַטע־אָרגאַנען ווי נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי[1], זי שיט [זיי שיטן] פעך און שוועבל דורך די הילכערס אָדער „בילערס", ווי עס רופט זיי די יידישע באַפעלקערונג. מען פאַרקלענערט די צאָל טעלעפאָנען אין געטאָ. מען גיט בלויז איינצלנע פערזאָנען פשעפוסטקעס אויף יענער זייט און דאָך זענען די [פאַרבינדונגען] צווישן יידן און פאָליאַקן פאַראַן[2].

די יידישע מוזיק, פאַרטריבן פון די אַרישע קאַפעען, פון ראַדיאָ, ווערט ווידער דער פאַרבינדער צווישן י[2]דן און קריסטן. וועגן איינעם [אַזאַ] פאַר־בינדונגס־פלאַץ צווישן געטאָ און דער אַרישער זייט האָב איך געהערט די טעג. אויף ראָג פאַנסקע און זשעלאַזנע קומט זיך יעדן זונטיק, דריי אַזייגער, צונויף אַ יידישער סימפאָנישער אָרקעסטער, וואָס שפּילט ביי די שטעכיקע דראָטן, וואָס טיילן אָפּ דאָס געטאָ פון יענער זייט. צו דער מוזיק הערן זיך צו הונדערטער און הונדערטער אַריער, וואָס גייען יעדע האַלבע שעה אַוועק, לאָזנדיק דעם פלאַץ פריי פאַר נייע מחנות פאָליאַקן, וואָס גייען הערן די פאַרבאָטענע מוזיק. ביי די צוהערערס זאַמלט אויף דאָס געלט דער פוילישער פאָליציאַנט, וועלכער גיט עס דערנאָך איבער דעם אָרקעסטער. די זאַך דויערט אַזוי אַ גאַנצן נאָכמיטאָג ביז דער פאָליציי־שעה און עס קומען כסדר נייע מחנות קריסטן צו הערן יידישע מוזיק.

דאָס זעלבע געשעט אויך אויף אַנדערע ערטער ווו עס איז נאָר דאָ אַ מעגלעכקייט פון אַ קאָנטאַקט צווישן יידן און קריסטן. אַזוי, למשל, קומט יעדן אָוונט אַ גרופּע מוזיקאַנטן פאַרן שפּיטאָל פון הייליקער זאָפיע, כדי משמח צו זיין די דאָרטיקע קראַנקע אַרעסטאַנטן[3]. מוזיק אָנערקענט אויך ניט קיין אונטערשיידן פון ראַסע און רעליגיע. זי פאַרבינדט די מיט געוואַלד צעטיילטע צוויי פעלקער. זי איז אַ סימבאָל פון אומצערייסבאַרקייט פון יידיש־פּוילישן גורל.

און איצט, אַ קאָמישע פּאַסירונג. די ס.ס. האָט זיך געפילט געטראָפן הלמאַי די ייִד. סאָצ[יאַלע] זעלבסטהילף באַנוצט זיך מיטן קיצור י.ס.ס. דער עולם קאָן דאָך אויסטייטשן עס אַלס יידישע ס.ס. און דאָס וואָלט דאָך געווען פאַר זיי אַ באַליידיקונג, על־כן האָבן זיי אינטערוועניִרט דאָרט ווו מען דאַרף און זיי האָבן געפועלט. עס איז אַרויס (אָנהייב יוני) אַ מינדלעכע פאַראָרדענונג אַז מען טאָר ניט באַנוצן דעם קיצור י.ס.ס. דאָס מאָל האָט

די ייִדישע באַפעלקערונג גערנווילּיק זיך אונטערגעוואָרפן דער פאַראָרדע־נונג פון דער מאַכט[4]. אונדז שטייט באמת ניט אָן מען זאָל אונדז, חלילה, אידענטיפיצירן מיט דער ס.ס. פאַר אַזאַ כבוד דאַנקען מיר זייער!

אַ צווייטע הומאָריסטישע פאַראָרדענונג איז וועגן דעם אויטאָ פון „גיכער הילף". דער מגן־דוד פון אויטאָ, מיט וועלכן קראַנקע ווערן איבערגעפירט קיין אַטוואָצק, מוז באַדייטנדיק פאַרגרעסערט ווערן, און דער עיקר מוז זיין אַ געלער יודען־געלב. עס וועט לאַנג ניט דויערן וועט מען וועט אונדז הייסן די טראַמווייען, די הייזער, די גאַסן, די פנימער און אפשר אויך דעם הימל — פאַרמאָלן אויף געל.

[17טן יוני 1942]. ציגיינער. מען האָט אונדז איצט מזכּה געווען מיט אַ נייער אָנשיקעניש — מיט ציגיינער. ווי אַזוי וועט מען זיך מיט זיי אַן עצה געבן ווייסט קיינער ניט. זיי טראָגן ווייסע אָרעמבענדער מיט רויטע אויפ־שריפטן Z, ד"ה ציגיינער אָדער ווי די פּאָליאַקן זאָגן „זלאָדזשעיע". וואָס איז דער זין פון אַריינשיקן אין געטאָ ציגיינער? צו ערשט אין דער תפיסה ווו עס איז ביז איצט געזעסן די באַקאַנטע „קעניגלעכע" פאַמיליע קוויעק. (דער קעניג פון די ציגיינער אין פוילן, קוויעק — זיין קרוינונג איז עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה פאָרגעקומען אין וואַרשע מיט גרויס פאַראַד אויף אַ ריזיקן ספּאָרטפּלאַץ מיט טויזנטער אָנוועזנדיקע און מיט אַ גרעסערער צאָל ציגיינער).

עס קען זיין, אַז דאָס „הערנפּאָלק" טוט עס צוליב פשוט „עסטעטישע" טעמים, זיי פאַרטראָגן ניט די פּנימער פון די שמוציקע שלעפּערס. עס קען אויך זיין, אַז זיי האָבן מורא פאַר שפּיאָנאַזש מצד די „ציגיינער־יודען" (ווי עס רופט זיי אָן אַוערסוואַלד), וועלכע וואַנדערן אַרום איבערן לאַנד און קענען איבערגעבן פאַרשיידענע, מיליטערישע סודות. עס איז אויך מעגלעך, אַז מען וויל אַריינוואַרפן אין געטאָ אַלץ וואָס טראָגט דעם כאַראַקטער פון עפּעס שמוציקס, לומפּיקס, אויסטערלישס, וואָס מען דאַרף פאַר דעם מורא האָבן און וואָס דאַרף ממילא פאַרניכטעט ווערן. צוליב דעם טעם האָט מען די ציגיינער אַריינגעוואָרפן אין לאָדזשער געטאָ, פון וואַנען מען האָט זיי געפירט קיין כעלמנאָ און דאָרט פאַרסמט מיט גאַזן.

דערווייל האָט מען 240 פאַמיליעס אַריינגעבראַכט אויף פּיעקאַרנע 5. דער עולם האָט פאַר זיי מורא. זיי וועלן ראַבעווען, גנבענען, האַקן שויבן און אַרויסנעמען ברויט פון די שויפענצטער. זיי וועלן ניט אויסגיין פאַר הונגער שטילערהייט ווי ייִדן[5].

גערעדט די טעג מיט אַ חבר פון ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ, וואָס שטייט בראש פון דער סאָציאַלער הילף. דער חבר האָט מיטגעהאָלפן אַדורכפירן די „איבער־זידלונג" (ריכטיקער. געזאָגט: „איבערזידלונג אויף יענער וועלט")[6] קיין סאָביבאָר לעבן כעלם ווו ייִדן ווערן מיט גאַזן דערשטיקט. מיט כּעס האָט דער חבר געפרעגט: עד מתי... ווי לאַנג וועלן מיר גיין ווי שאָף צו דער שחיטה? פאַר וואָס שוויגט מען? פאַר וואָס וואַרפט מען ניט דעם לאָזונג צו גיין אין די וועלדער, פון אַנטקעגנשטעלן זיך? די דאָזיקע פראַגע עקבערט

אַלעמען[7] אָבער קיין תשובה דערויף קען ניט געגעבן ווערן, ווייל יעדער ווייס, אַז דאָס אַנטקעגנשטעלן זיך און בפרט דאָס דערהרגענען איין דייטש קען דערפירן צו אַ שחיטה פון דער גאַנצער קהילה אָדער אַפילו פון אַ סך קהילות. די וואָס ווערן אין דער ערשטער ריי אַרויסגעפירט צו דער שחיטה זענען אַלטע, שוואַכע, קינדער, וואָס קענען זיך ניט אַנטקעגנשטעלן. די שטאַרקע, די אַרבעטנדיקע, זיי לאָזט מען דערווײַלע איבער, ווייל אין זיי נייטיקט מען זיך נאָך. די „אויסזידלונגען" קומען פאָר אויף אַזאַ אופן, אַז ניט תמיד און ניט אַלע אָריענטירן זיך, אַז דאָ קומט פאָר אַ שחיטה. דער אינסטינקט פון לעבן איז אַזוי שטאַרק ביי די אַרבעטנדיקע, ביי אָט די גליקלעכע מיט די קאַרטן, אַז ער איז גובר דאָס קאַמפסגעפיל, דאָס געפיל פון פאַרטיידיקן דעם כלל און ניט רעכענען זיך מיט די פאָלגן פון אַזאַ פאַרטיידיקונג — און מען לאָזט זיך פירן ווי שאָף צום שעכטהויז. איבעריקנס שפילט דאָ אַ גרויסע ראָל דער פולשטענדיקער גייסטיקער צוזאַמענבראָך, די „צעמירבונג" אַ דאַנק דעם אומדערהערטן טעראָר וואָס ווערט שוין אָנגעווענדט זינט דריי יאָר לגבי די ייִדן און וואָס דערגרייכט זיין העכסטע מדרגה אין די צייטן פון אַזאַ מין אויסזידלונג. דאָס אַלץ צוזאַמען דערפירט [צו דעם], אַז אין מאָמענט ווען מיר דאַרפן אַרויסווייזן אַ געוויסן ווידערשטאַנד זענען מיר פולשטענדיק אַנטוואָפנט און דער שונא טוט מיט אונדז וואָס ער וויל. ווען דאָך עס בלייבן לחלוטין אומפאַרשטענדלעך הלמאַי מען האָט ייִדן פון די דערפער אַרום הרוביעשאָוו געפירט אונטער דער וואַך פון ייִדישע פאָליציאַנטן צו דער „אויסזידלונג" און קיין איינער איז אויפן וועג ניט אַנטלאָפן, הגם אַלע האָבן געוווּסט צו וואָס און וואוהין מ׳פירט זיי. ווען דאָך קיין בר־דעת ניט קענען דערקלערן פאַר וואָס האָבן זיך געלאָזט פירן צו דער שחיטה פערציק חלוצים פון אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן קיבוץ[8] הגם זיי האָבן שוין יאָ געוווּסט וועגן ווילנע, סלאָנים, כעלמנאָ א״אַ. עס איז גענוג איין זשאַנדאַרם אויף אויסצוקוילן אַ גאַנצע שטאָט... אין לובלין זענען געווען פיר געסטאַפּאָוצעס, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער גאַנצער „אַקציע". עס וועלן דאָ ניט העלפן די ליגנס וואָס ווערן פרעפּאַרירט וועגן נאָוואָגרודעק[9], אָדער לעצטנס וועגן קאָוועל[10] — ייִדן האָבן זיך אין ערגעץ ניט אַנטקעגנגעשטעלט דער שחיטה, זיי זענען געגאַנגען פּאַסיוו דעם טויט אַנטקעגן און געטאָן האָבן זיי עס כּדי צו לאָזן לעבן די איבעריקע, ווייל יעדער ייִד האָט געוווּסט, אַז אויפהייבן אַ האַנט קעגן דעם דייטש הייסט איינשטעלן די ברידער פון אַן אַנדער שטאָט און אפשר אויך פון אַן אַנדער לאַנד. דאָס האָט באַוויזן דריי הונדערט קריגסגעפאַנגענע זיך לאָזן אויסשעכטן אויפן וועג פון לובלין קיין ביאַלע[11], הגם דאָס זענען דאָך געווען זעלנער, וואָס האָבן, ווי באַוווּסט, זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין קאַמף פאַר פּוילנס פרייהייט. זיין פּאַסיוו, ניט אויפהייבן אַ האַנט קעגן דייטש איז געוואָרן דאָס שטילע פּאַסיווע העלדנטום פון דעם ייִדישן מאַסנמענטש. דאָס איז, ווייזט אויס, געווען דער שטילער לעבנסאינסטינקט פון דער מאַסע, וואָס האָט דיקטירט אַלעמען ווי אַפּגערעדט צו האַנדלען אַזוי און ניט אַנדערש. און מיר דוכט, אַז קיין שום אַגיטאַציע,

קיין שום אויפקלערונג וועט דאָ גאָרניט העלפן: מיט אַ מאַסן־אינסטינקט איז ניט מעגלעך צו קעמפן, מען מוז זיך אים אונטערוואַרפן.

[22סטן יוני 1942], די טעמע „אויסזידלונג" פון וואַרשע גייט ניט אַראָפּ פון דער טאָג־אָרדענונג פון יידישן וואַרשע. דער עולם פרעגט זיך: מיט וואָס זענען עפּעס די וואַרשעווער יידן מער יחסנים וואָס זיי זאָלן אויסמיידן די מגפה פון איבערזידלונג? האָט מען דאָך אין דער הויפּטשטאָט פון דער „גובערניע", אין קראָקע, פאַר די אויגן פון דער העכסטער מאַכט אויסגעפירט אַן אַכזריותדיקע אויסזידלונג! — פאַר וואָס זאָלן די כוואַליעס פון גירוש, וואָס גרייפן שוין גאָר נאָענט אָן וואַרשע, אויסמיידן אונדז?[12] דער פּרעזעס פון יידנראַט פאַרציילט, אַז אים האָט מען געגעבן די פעסטע הבטחות אַז דער ענין אויסזידלונג איז ניט חל אויף וואַרשע. ער מאָטיווירט עס אויף אַ גאַנץ נאַיוון אופן: די אָנפירערס פון טראַנספערשטעלע, דער קאָמיסאַר איבערן יידישן ווינקפערטל, זענען יונגע מענטשן, וואָס ווילן אויסמיידן [דעם] פראָנט. און דאָס געשעט נאָר דעמאָלט ווען דאָס געטאָ וועט בלייבן עקזיס־טירן. דאָס איז אָבער אַ גאַנץ קנאַפּע באַזע פאַר אונדזער עקזיסטענץ. פאַראַן אַנדערע, וואָס ווייזן אָן אויף די אַלע אימפּאָזאַנטע ציפערן פון צענדליגער טויזנטער יידן באַשעפטיקטע אין די שאָפּן וואָס אַרבעטן פאַרן דייטשן מילי־טער. די „ריסטונג־קאָמאַנדאָ" איז דעריבער פאַראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פון אַזאַ וויכטיקן רעזערוואַר פון ביליקע, אומזיסטע, אַרבעטס־כּוחות ווי דאָס וואַרשעווער געטאָ. עס ווערט געבראַכט אַזאַ מין כאַראַקטע־ריסטישער פאַל: דער אָנפירער פון דער וואַרשעווער אָפּטיילונג ביי דער טראַנספּערשטעלע, היינזען, זאַמלט צונויף ביי די באַזונדערע מיליטערישע פלאַצוווקעס באַשטעטיקונגען וועגן דער גוטער קוואַליטעט פון די יידישע אויסאַרבעטונגען. דער עולם, אָנגעלערנט דורך דער טרויעריקער דערפאַרונג פון דער פּראָווינץ, זוכט מיט אַלע כּוחות איינצודרינגען אין די שאָפּן ווו די צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער (פאַקטישע און פיקטיווע) וואַקסט פון טאָג צו טאָג. עס אַנטשטייען איבעריקנס כּסדר נייע שאָפּן, וואָס אַרבעטן ניט בלויז פאַר די באַדערפעגישן פון דייטשן מיליטער[13] נאָר בכלל פאַר די באַדערפע־נישן פון דער ציווילער באַפעלקערונג.

די טעמע אויסזידלונג פון וואַרשע נעמט אָן טייל מאָל אַ גאַנץ הומאָ־ריסטישן אָדער, בעסער געזאָגט, טראַגי־קאָמישן כאַראַקטער. ניט לאַנג (אין מיטן יוני, 1942) האָט גאַנץ וואַרשע (פוןביידע זייטן מויער) געקלונגען מיט פערציק טעג וואָס איז נאָך געבליבן די יידן צו לעבן. דערביי האָט מען זיך פאַררופן אויף אַ פּלאַקאַט וואָס איז געהאַנגען אויף יענער זייט מויער. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן: — אַ פּלאַקאַט איז טאַקע געהאַנגען אויף יענער זייט מויער מיט דער אויפשריפט: פערציק טעג לעבן פון יידן. דאָס איז אָבער געווען אַ רעקלאַמע פון דעם פילם, וואָס איז אין משך פון פערציק טעג „געדרייט" געוואָרן (ריכטיקער „פאַרדרייט" געוואָרן) אין געטאָ. די מעשׂה מיט די פערציק טעג וואָס האָט אַלעמען דערמאָנט די פערציק טעג פון מוסאַ־דאַג איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די פּאַניק־שטימונגען וואָס באַהערשן

דאָס ייִדישע לעבן אין געטאָ. די קלענסטע קלייניקייט ברענגט אַרויס פון די כּלים דאָס געטאָ און וואַרפט עס אַריין אין אַן אמתן קדחת.

וועגן דער טעמע אויסזידלונג איז היינט דעם 22סטן יוני פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון אייניקע טוערס. עס זענען געווען פאַרשיידענע פאָרשלאָגן ווי אַזוי אַנטקעגנצווווירקן דער דראָענדיקער סכּנה. עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דער איינציקער אויסוועג איז שאַפאַרבעט פאַר ייִדן. פאַקטיש — אָדער לכל הפּחות — שיינען. דער לאָזונג דאַרף זיין: דער ראש פון דער משפּחה מוז זיין באַשעפטיקט אין אַ שאָפּ אָדער אין אַ וואַרשטאַט, וואָס וועט אָנערקענט ווערן דורך די מאַכטפאַקטאָרן. עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דאָס אויסקויפ־געלט וועט אין וואַרשע דעם ציל ניט דערגרייכן ווי דאָס האָט געקענט, למשל, פּאַסירן אין קליינע שטעטלעך ווו די פאַרניכטונגס־בריגאַדע האָט פאַרן פּרייז פון עטלעכע קילאָ גאָלד אויסגעמיטן אַזאַ שטעטל. פאַרקערט, דער ביישפּיל לובלין האָט באַוויזן דאָס פאַרקערטע: דאָרט האָבן די עטלעכע הונדערט צונויפגעזאַמלטע גאָלדרובל נאָך מער פאַרשאַרפט די סיטואַציע.

די גדולים פון י.ס.ס., וויעליקאָווסקי, יאַשונסקי, האָבן נאָך זייער צוריק־קומען פון קראָקע דערקלערט, אַז דער אָנפירער פון דער אָפּטיילונג „בעפעלקערונגסוועזן־אונד פירזאָרגע”, טירק[14] האָט זיי דערקלערט, אַז דער ענין אויסזידלונג פון וואַרשע איז ניט אַקטועל. דאָס געטאָ איז אַ באַזונדערע מלוכה, אַרומגערינגלט מיט מויערן — אַזוי וועט פאַרבלייבן די גאַנצע צייט פון מלחמה. ערשט נאָך דער מלחמה וועט פאָרקומען די אויסזידלונג.

נאַיווע פאַרבינדן געוויסע האָפענונגען מיט אַזעלכע הבטחות אָבער מיר וויסן דאָך גאַנץ גוט אַז די אויסזידלונג פלעגט ניט אין איין שטאָט פאָר־קומען אין גאַנצן אומדערוואַרט, אַפילו פאַר דער אָרטיקער מאַכט. די מער רעאַלע טראַכטן וועגן אַן אויסוועג. מען אַרבעט איבער די מעטריקעס פון קינדער אונטער צען יאָר, אָדער מען מאַכט פּאַפּירן אַלס דרום־אַמעריקאַנער בירגער. נאַטירלעך, דאָס לעצטע קענען זיך לייסטן נאָר גאָר רייכע מענטשן. דער רוב בנין און מנין וואַרט רעזיגנירט וואָס דער גורל וועט ברענגען.

אַ צווייטע פראַגע, וואָס האָט אַ ביסל אָוועקגערוקט אין אַ זייט די פראַגע פון אויסזידלונג, איז דער ענין רעגיסטראַציע קיין א״י. קינד און קייט רעדט וועגן דער רעגיסטראַציע פון פּערזאָנען וואָס האָבן קרובים אין א״י און רעגיסטרירן זיך אַוועקצופאָרן קיין א״י. דער עולם איז אָבער פול מיט ספקות, צי זענען די כּוונות פון געסטאַפּאָ ריינע. מען קען זיך ניט [פאָרשטעלן אַז] פון דער דאָזיקער שרעק־אינסטיטוציע זאָל קענען אַרויסקומען עפּעס גוטס פאַר ייִדן. מען האָט מורא צי שטעקט ניט הינטער דעם אַ שפּיצל פון געסטאַפּאָ, וואָס וויל אַרייננאַרן די ייִדן, זיי פאַררעגיסטרירן און דערנאָך פאַרשיקן ערגעץ ווו[15]. די מער מיושבדיקע פרעגן אָבער [ערשטנס], פאַר וואָס האָט מען דאָס ניט געטאָן אין דער פּראָווינץ און, צווייטנס, שוין זשע דאַרפן די דייטשן האָבן אַ פּרעטעקסט כּדי צו פאַרשיקן ייִדן, אַז דעם טוען זיי עס דען ניט אין דער פּראָווינץ?

# הערות

1. **דער הויפּטציל פון די דייטשישע צייטונגען אין דער פּוילישער שפּראַך איז געווען צו פאַרשפּרייטן דעם אַנטיסעמיטישן סם צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג.** גענוי ווי די דייטשישע פּרעסע האָט אויך די אַנטיסעמיטישע פּוילישע אונטערערד־פּרעסע געהעצט קעגן ייִדן. אויך דער ראַדיאָ (דער „בילער", ווי מ'האָט אים גערופן) האָט באַרעכטיקט און דערמוטיקט די ייִדן־רדיפות, אָנווייזנדיק אויף די ייִדן אַלס מלחמה־העצערס, פּראָוואָקאַטאָרן אאַז"וו.

2. קודם־כל דאַרפן אָפּגעמערקט ווערן די ענגע עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען צווישן דעם געטאָ און דער אַרישער זייט. דער ייִדישער בעל־מלאכה האָט באַקומען רוי־מאַטעריאַלן אויף אַן אומלעגאַלן וועג, דורך שמוגל פון דער אַרישער זייט. דער קשר פונעם געטאָ מיט דער דרויסנדיקער וועלט איז געווען אַזוי פאַרצווייגט, אַז פאַרשיידענע רוי־מאַטעריאַלן, וואָס פלעגן זיך באַווייזן פון מאָל צו מאָל אויף דער אַרישער זייט, זענען תיכף־ומיד אַרייַנגעשמוגלט געוואָרן אין געטאָ און דאָ האָט מען זיי באַאַרבעט. געווען צייטן, ווען די פּראָדוקציע אין געטאָ האָט אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער. די אויסגעאַרבעטע סחורות זענען פאַרקויפט געוואָרן צו די פּוילישע הורט־סוחרים אויף דער אַרישער זייט. דאָס געלט פאַרן פדיון האָט מען אַרייַנגעשמוגלט צוריק אין געטאָ ווי אויך אַרטיקלען וואָס מען האָט פאַרן געלט אייַנגעקויפט. אין זייַן טאָגבוך ברענגט טשערניאַקאָוו, אַז אין דער צייט ווען דער לעגאַלער אימפּאָרט פון געטאָ האָט אָנגעטראָפן אין דעצעמבער 1941 אַ צוויי מיליאָן זלאָטעס, איז דער שמוגל־אימפּאָרט דערגאַנגען ביז אַכציק מיליאָן. דער אַ עקספּאָרט פון געטאָ אויף אומלעגאַלע וועגן האָט, אין אַ געוויסער מאָס, געדעקט דעם קאָלאָסאַלן דעפיציט אין שפּייַזפּראָדוקטן.

ווען די ייִדן אין וואַרשע וואָלטן געווען אָנגעוויזן נאָר אויף די ברויטפּאַרציעס וואָס די דייטשן האָבן זיי צוגעשטעלט, וואָלט קיין זכר ניט געבליבן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג שוין אין דעם ערשטן יאָר פון געטאָ — זי וואָלט אויסגעשטאָרבן פון הונגער.

מען דאַרף נאָך צוגעבן, אַז די ייִדישע באַפעלקערונג אין געטאָ האָט זיך אַ לאַנגע צייט אויפגעהאַלטן פון אויספאַרקויפן דאָס האָב און גוטס. ייִדן האָבן אויסגעטוישט מעבל, בגדים, שיך און צירונג אויף ברויט און שפּייַזפּראָדוקטן. ווערדליק די ציפערן פונעם געהיימען געטאָ־אַרכיוו, זענען אין האַרבסט 1941 פאַרקויפט געוואָרן מעבל און בגדים פאַר צוואַנציק מיליאָן זלאָטעס אַ חודש.

3. דער אָרקעסטער פלעגט אויך דערשייַנען אין די גאַסן פון געטאָ. אַזוי, למשל, שרייבט טשערניאַקאָוו אין זייַן טאָגבוך אַז דעם 20סטן יוני 1941 האָט דער אָרקעסטער געשפּילט ביי פּינקערטס לוויה־ביוראָ.

4. לויט דער אינטערווענץ פון דער ס.ס. האָבן די דייטשן אין גאַליציע (מייַ 1942) באַפוילן דעם י.ס.ס. (אין דייטש — "Juedische Soziale Selbsthilfe" — J.S.S.) צו באַנוצן זיך נאָר מיט די איניציאַלן J.S.

5. די ציגייַנער האָבן זיך פאַרנומען מיט גניבות ביי ייִדן, זייערע געטאָ־ברידער. „היינט האָט אַ ציגייַנער פאַר די אויגן פון טויזנטער דורכגייערס אַרויסגעריסן ביי אַ ייִדן פון די הענט אַ בגד און גאַנץ קאַרמעליצקע־גאַס האָט געקאָכט ווי אַ קעסל", ח. א. קפלן, יומן גיטו ורשה, ירושלים, עם עובד–יד־ושם, תשכ"ו, עמ' 515.

6. **דער ערשטער גירוש פון די ייִדן אין ביאַלאַ־פּאָדליאַסקאַ קיין סאָביבאָר איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 10טן און 11טן יוני 1942 (ניט דעם 10טן מאַרץ ווי ס'איז אָנגעגעבן אין בוך כּתבים פון געטאָ, באַנד א', ז' 374).**

7. **נאָך די גירושים אין לובלין און אין די ערשטע טעג פון יוני אין קראָקע**

און הרוביעשאָוו — ווענען די ייִדן פון וואַרשע געוואָרן אויפגעשווידערט און זיי האָבן אָנגעהויבן צו מאַכן אַ חשבון־הנפש. אָבער נאָר אין די קרייזן פון דער אָרגאַניזירטער יוגנט האָט מען אָנגעהויבן פרעגן : „צי וועט זיך ניט געפינען קיין איינער צווישן די צענדליגגער טויזנטער וואָס וועט שטאַרבן בכּבוד, וואָס וועט צווינגען די דייטשישע רוצחים צו צאָלן בלוט פאַר בלוט ? ידיעות, נומ' 6, 9טער יוני 1942.

8. וועגן דער אַקציע אין הרוביעשאָוו זען : חייקה פולמן — „קשרים ודרכים" אין ספר מלחמת הגיטאות, זז' 11–43. ריידנדיק וועגן די פערציק חלוצים פון אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן קיבוץ, האָט רינגעלבלום אַוודאַי געמיינט דעם חלוצישן קיבוץ פון „דרור", וואָס האָט געאַרבעט אין טאַרטאַק, אין דאָרף ווערבעקאָוויטש, אין דער געגנט פון הרוביעשאָוו. פאַרגלייך די באַמערקונג צום נאָטיץ „האירגון היהודי הלוחם", ספר מלחמת הגיטאות, עמ' 106.

9. אין מאַרץ 1942 האָט זיך אין געטאָ פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז אין נאָוואָ־גרודעק האָבן די ייִדן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, דערהרגעט צען דייטשישע זשאַנ־דאַרמען און זענען געפאַלן אין קאַמף. די דאָזיקע ידיעה האָט אויפגעשטורעמט די יוגנט און איז געוואָרן אַ טעמע פאַר אַ סך אַרטיקלען אין דער אונטערגרונט־פּרעסע און איז באַהאַנדלט געוואָרן אין פאַרשיידענע קרייזן. „נאָוואָגרודעק" איז געוואָרן אַ פּאָפּולערער לאָזונג אין די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און אין די אַרבעטער־פּאַרטייען. אַ. בערמאַן „על תנועת המרי בגיטו ורשה" — אין בוך — המרי והמרד בגיטו ורשה, ירושלים, יד־ושם, תשכ"ה, עמ' 53. פאַרגלייך „די העלדן פון נאָוואָ־גרודעק" אין יוטשניאַ, פון דעם 28סטן מאַרץ 1942. אַ העברעיִשע איבערזעצונג אין ספר מלחמות הגיטאות, עמ' 63.

10. אָנהייב יולי 1941 איז אין מעלניצע, ניט ווייט פון קאָוועל, געווען אַ ווידער־שטאַנד־פּרווו. אַברהם וויינטרויב האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַ גרופּע וואָס מ'האָט געפירט צום טויט, זיך אַ וואַרף געטאָן אויף אַ געסטאַפּאָ־אָפיציר, אים געגעבן אַ שטאַרקן קלאַפּ אין פּנים און צעבראָכן אים די ציין. וויינטרויב איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. ספר מלחמות הגיטאות, עמ' 494.

11. אין זיינע נאָטיצן פון 17–18טן יאַנואַר 1940, גיט רינגעלבלום איבער וועגן 167 געהרגעטע זעלנער (זיי זענען באַגראָבן געוואָרן אין וולאַדאָווע) און וועגן בערך 200 וואָס זענען געבליבן לעבן. כּתבים... 77, 78, כּרך ב', עמ' 90. עס דאַרף פאַר־צייכנט ווערן, אַז אַ שאַרפער קער אין דעם געמיט־צושטאַנד און די געדאַנקען פון די ייִדן אין וואַרשע איז געקומען נאָכן גרויסן גירוש, זומער 1942 און נאָכן באַקומען ידיעות וועגן דעם גורל פון די פאַרטריבענע וואָס זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע. דעמאָלט האָט דאָס געטאָ זיך אָנגעהויבן צו באַוואָפענען און זיך גרייטן צום אויפשטאַנד.

12. קלאַנגען וועגן גירוש פון די ייִדן אין וואַרשע האָבן זיך אַלץ מער פאַר־שטאַרקט. צו ערשט האָט מען גערעדט וועגן 150 טויזנט ביז 200 טויזנט פּליטים און אַפילו וועגן אַ טאָטאַלן גירוש. אין די ערשטע טעג פון פעברואַר 1942 האָבן זיך פאַרשפּרייט ידיעות וועגן דעם טויטלאַגער כעלמנאָ און דערנאָך וועגן די גירושים אין די גרענעצן פון גענעראַל־גווערנעמענט — פאַרגלייך רינגעלבלום כּתבים, עמ' 292–293, 348. אויך טשערניאַקאָוו האָט אין זיין טאָגבוך פאַרצייכנט די קלאַנגען וועגן די גירושים.

13. אין זיינע נאָטיצן פון 8טן מיַי 1942 באַהאַנדלט רינגעלבלום דעם ענין פון צוואַנגס־אַרבעט אין געטאָ פאַר די דייטשן. ער האָט געזען אין דעם אַ נאַציאָנאַלע טראַגעדיע. „אַ פאָלק וואָס האַסט דעם דייטש מיט אַלע זיינע רמ"ח אברים קאָן בלייבן לעבן נאָר אַ דאַנק דער אַרבעט וואָס ער שענקט דעם שונא, כּדי ער זאָל דערגרייכן אַ נצחון, הגם דאָס באַדייט פולשטענדיקע אויסראָטונג פון די ייִדן אין אייראָפּע און אפשר אין דער גאַרער וועלט". כּתבים, דאָרט, עמ' 348–349.

14. דער דירעקטאָר פון דעם „בעפעלקערונגסוועזן־אונד־פירזאָרגע" אין גענע־ראַל־גוווערנעמענט איז געווען מאַיאָר ראַגער; טירק איז געווען דער ממונה אויף דער זעלבער אָפּטיילונג אין לובלינער ראַיאָן. ביידע האָבן פון אָנהייב מאַרץ 1942, אַקטיוו מיטגעהאָלפן דעם גענעראַל גלאָבאָצניק אין דעפּאָרטירן די ייִדן פון לובלינער קרייז אין די טויטלאַגערן בעלזשעץ און סאָביבאָר. זייער „הבטחה" אַז די דעפּאָר־טאַציע פון ייִדן אין וואַרשע שטייט ניט אויפן סדר־היום איז געווען אַן אָפּנאַרעריי און איז געווען באַשטימט אָפּצוטעמפּן די וואַכזאַמקייט פון דער ייִדישער באַפעל־קערונג אין געטאָ.

15. די ידיעה וועגן דעם אַז מען קאָן זיך רעגיסטרירן צום אַרויספאָרן קיין א״י און דרום־אַמעריקע האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אויפברויז אין געטאָ. טויזנטער און צענדליקער טויזנטער זענען געשטאַנען אין די רייען גאַנצע דריי טעג פון אין דער פרי ביז ביי נאַכט (דעם 21סטן, 22סטן און 23סטן יוני 1942)ביים רעגיסטראַציע־ביוראָ אין דער קהילה. אָבער קורץ נאָך דעם האָט מען זיך אַרומגעזען אַז די רעגיסטראַציע איז נאָר אַ נעץ אין וועלכער די דייטשן ווילן אַריינגנאַרן די ייִדן — און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעריי אויסצומעקן די נעמען פון די רעגיסטראַציע־ליסטעס. פאַרגלייך דעם טאָגבוך פון טשערניאַקאָוו (נאָטיצן פון דעם 3טן און 13טן יוני 1942); א. קפּלן, עמ׳ 522.

## 3. טעמעס און טעזן צום פּראָיעקט 2½ יאָר געטאָ

ע״ש

צושרייבן: ביז 21 מערץ 1942, 2½ יאָר

וועלכע צוועקן — פאָטאָגראַפיע פון לעבן
נישט ליטעראַטור נאָר וויסנשאַפט.

2½ יאָר

יוגנט

פרויען מאַנגל

[זשיטאָס ?] סלאָפּאַק

קהילה

אָרדנונגסדינסט

שאָפּן

שמוגל

דאָס רעליגן[יעזע] לעבן

קולטור און געזעלש[אַפטלעך]-לעבן,

ביבליאָטעקן

ווירט[שאַפטלעכע] אַנקעטעס

פאַרמעסט — ווירקלעכקייט

שול־וועזן — מאַלאָוויסט

געטאָ אַלס ווירט[שאַפטלעכער] פענאָמען

ביילייגן דעם ברייטן פּלאַן

קאָרופּציע און דעמאָראַליזאַציע

מאָנאָגראַפיעס

פאַנאַר פאַרדעק אַלץ

סלאָנים דאָס זעלבע

דעריבער נישט מעגלעך קיין מאָנאָגראַפיע

טאָפּאָראָל

טאָג־ביכער

די מאָדע פון טאָגביכער

ווער געשריבן

פּריוואַטע אַרכיוון

בערענסאָן

באַשרייבונג

פּראָזע

אַנקעטע 2½ יאָר ס״ה און

זאַמלונג פון דאָקומענטן

אָפיציעלע און נישט אָפיציעלע

געשיכטע פון שאָפּן

אויסזידלונג פון וואַרשע

דערפאַרונגען

קריגגעפאַנגענע

1939 מלחמה

תפיסות [מענטשן] געל[יטענע]

אַרבעטס־לאַגערן (קאַמפּינאָס,
בעלזשעץ)

פאָלקלאָר

קינד

יוגנט

צייט[ונגען], פאָטאָג[ראַפיעס]

זאַמלונג פון בריוו

איינצלנע פּאַסירונגען

נאַלעווקי 9

לאָדזש

פאָלקס־קיכן

סאַניטאַרע קאָלומנע

פּאָסט

טעאַטער

דאָקטוירים — פליטים פּונקטן

כעלמנאָ

וואַלוטע

**מאַטעריאַלן**

בריוו

ראַדיאָ קאָמוניקאַטן

מודעות

פּרעסע אַרכיוו — (לאָד.[זשער] געטאָ צייטונג)

**אויפרופן**

אומלעגאַלע ייִד. און פּויל. פּרעסע, סאָלדאַט

מעמאָריאַלן פון הירשפעלד, [מאָוועס]

ביכער בראָשורן וועגן ייִדן

אַרבעטס־אַמט

פון יאָסל קאַפּאָטעס אַרכיוו

געלט פון לאָדזש

אויפרופן צו דייטשע סאָלדאַטן, צו רוסישע

בריוו פון דייטשע זעלנער

**געראַטעוועט**

סקאַלאָוו

מאַנגער

רחל קאָרן

פּיאַסעטשנער רבי

לאַזאָווערט

[עקשטיין]

[אינפאָרמאַציע]

אומלעג[אַלע] ייִד[יש] פּויל[ישע] פּרעסע

באַציאונג פון פּויל[ישער] פּרעסע צו אינפאָרמאַציעס

[אַנדערע אָוואַנטורעס]

ערשטער באַריכט 700

צווייטער,

וועכנטלעכע קאָמוניקאַטן.

שוואַרץ בוך

בראָשור וועגן טרעבלינקע.

**טאָגביכער**

לעווין

שוואַרצבאַרד

רחל אויערבאַך

רינג[עלבלום]

א. קאַפּלאַן

י. קאַפּלאַן

טשערניאַקאָוו

י. קאַפּלמאַן

[קרימסקי]

קאַרטשאַק

שײנקינדער

בערנסאַן

טשערניאַקאָוו

אויערבאַך

קיפּניס

לייפּונער

באַלאַבאַן

גאַנצוויך

**אויסזידלונג**

שאָפּן

פּאַרלויף

ווערקשוץ

טרעבלינקע

[סוף 1942]

**טעזן צו פּראָבלעמען**
ייִד. פּויל. באַציִונגען
אָרדנונגסדינסט
**מאָנאָגראַפיע פון אַ שטעטל**
לערערשאַפט
ווערקשוץ
**אויסזידלונג**
שאַפּן
יוגנט
קינדער
משומדים

**שפּראַך**
ייִדיש־פּויליש

**פינאַנסן**
דזשאָינט
פּ.צ.
פּריוואַטע נדבנים
שוואַך באַלוינט
**איבערזידלונג געאַרבעט אָן לוין**
פּראָדוקטן־באַפרידיקונג

**אָקופּירטע געביטן**
נסיעות קיין ביאַליסטאָק, מינסק,
פון וויטעבסק קיין וואַרשע
פון מאַריופּאָל

**ווערט פון מאַטעריאַלן**
קיין איין דורכפאַל
אָביעקטיוו לגבי פּאָלאַקן,
דייטשן
משפּטן די קהלה

**טאָלעראַנץ :**
רעליגיעזע (הובערבאַנד, סקאָפּ : רבי
לינקע און רעכטע.
**איניקע מאָנאָגראַפיעס פון דערזעלבער שטאָט. יוגנט און אַפילו קינדער**

**קאָלעקטיווער מעטאָד־אופן**
דער העלד אַליין באַשריבן
נישט סכעמאַטיש
**געשריבן אין דער קעגנוואָרט**
**געביטן זיך**
געשריבן שפּעטער
**גאַנצע וואָכן ווי למשל וואַרשע**

**מיטאַרבעטער**
די וואָס זיינען אַוועק
ביז דער מלחמה
בשעת דער אויסזידלונג
סלאָפּאַק
פליגעלמאַן
דעלעגאַטן פון פּראָווינץ
זשורנאַליסטן
**באַציאונג פון בונד**

**ביאָגראַפיעס**
וואַסער
גוטקאָווסקי
מנחם קאָן
מאַזאָ    **יוגנטלעכע**
גוזיק    **קינדער**
גיטערמאַן    **ווינקלער**
גורני
**לעווין**
**ראַבינאָוויטש**
**לאַנדוי**
ווינטער    **קאַגינסקי**
**טיטעלמאַן**
**שיינקינדער**
**אָפּאַטאָווסקי**
**ראָזען**
**לינדער**
**שמואל**
באַפּאַרבונג
**לינקע**

[1941 ?]

## טעמעס

די עקאָנ[אָמישע] צופאַסונג פון ייִדן צו די נייע באַדינגונגען
אַרבעטערשאַפט
טאַפּאַראַל — לאַגע
געש[יכטע] פון טאַפּאַראַל
בית־עלמינס

## טעריטאָריע

וואַרשע
קאָנגרעס פּוילן
אַביסל ביאַליסטאָק, לעמבערג
גאַליציע, וואָלין אאַ. שוואַך
ווייט ביז קיין אַרשע

## מאָנאָגראַפיעס

צאָל, וועלכע
ווער די פאַרשרייבער
רעליגיעזע וועגן שולן
פערזענלעכע מיט אַלגעמיינע
נסיעה קיין ביאַליסטאָק און קיִעוו באַראַנאָוו[יטש]
די געשיכטע פון ייִדן אויף פאַרשידענע ערטער
לאָדזש 40
וואַרשע, סלאָנים, ווילנע
וואַרשע — נאַלעווקי 9

## וואַנדערונגען

פון איינצלנע פּערזאָנען.

**פאָטאָגראַפיעס**

געטאָ
פּאָליצײ
דרייצנטל
[מאָדעל] פון ייִדן
בעטלער
קינדער
אינסטיטוציעס געזעלש[אַפטן]
סיים
בילדער פון געסטאַפּאָווצעס
אין פליסגראַנט.
פעטריקאָווער געטאָ

**מאַטעריאַלן**

באַנדעראָלן פון צוקערלעך מיט מגן־דוד

**בריוו**

געזעגענונגס בריוו
באַשרייבונגען פון געשעענישן
בריוו פון לאַגערן אין דייטשלאַנד צו פּוילן.
פאַרשטעלטע בריוו קיין אויסלאַנד מיט אַ שיפער
אַמטלעכע באַריכטן פון קהילה
רשימה פון 300 ביאַלער
רשימה פון יאַנואַר
רשימה פון 17 אַפּריל

די לעצטע צייט — צייט פון באַשרייבן אכזריות נישט מעגלעך געווען צו שרייבן מאָנאָגראַפיעס ווייל די שאַנס פון פאַנאַר, די 9000 פון סלאָנים — די אויסזידלונגען — די טראַגעדיע לובלין, אָקצע ג.[עטאָ] פילץ, פּאַפּירגעלט.

כעלמנאָ — גאַזן
טרעבלינקי
דעריבער פאַרגעסן וועגן שולן, קהילות
וויפל נישט געשריבן דער שם פון אכזריות.
צייט פון רדיפות איצט צייט פון אכזריותן.

**טעזן צו פּראָבלעמען**

ייִד.[יש] פויל.[ישע] באַציִונגען
אָרדנונגסדינסט
מאָנאָגראַפיע פון אַ שטעטל

**מיטאַרבעטער**

די וואָס זענען אַוועק ביז דער אויסזידלונג
בשעת דער אויסזידלונג

ליפּעוועס שאָפּן
אָטאָ איינגעלסקין
אַרעסט פון לעווינסקי
ליכטענבוימס טאָן

וואָס איז דער אומשלאָג
דעם 30־אָקט. אָפּגעשאַפן דעם אומשלאָג — בלאָק

אַלץ געהער צו דער פּאָליצײ — ראַוורן ריקשעס ראַבעווען לעבנסמיטל, סחורה.

לאַנדויס שאָפּ
פינקלשטיין

די פּאָליטיק פון די י.ק. [יידישע קהילה] מיינט מען נישט.

די באַציִונג פון פּאָלאַקן צו ייִד[ישע] פּאָליציאַנטן

אויף דעם אָסט באַנהאָף פויל[ישע] אַרבעטער

צי האָט די פּראָווינץ געלייענט פון וואַרשע?

[7]

אומווילדונג נאָכן ייד. איבערזידלונג. אויסזען פון דעם געטאָ, איינצלנע יידן[ישע] אינזלען. אויסזען פון מענטשן — אַרבעטס מלבושים, אַלץ נומערירט און געצייכנט Hallman, Schulltz W.G.T. א.אַ.וו. אויסזען פון די גאַסן — טויטשטילקייט. גייען נאָר גרופּן.

**דריי געטאָס**

קליינע
אַלטע
נייע

רעכטלעכע לאַגע — אויפגעהערט דער קאָמיסאַר פאַר יידן[ישע] ענינים. אומזידלונגסשטאַב — בעפעהלשטעלע — די גוטע באַציִונגען צווישן דער יידן[ישער] פּאָליציי און די ס.ס. — די ראָל פון פירסטן און זיינס גלייכן.

[8]

**פּראָווינץ**

אינספּיראַציע
קראָקע — ראָזענבערג
טשענסטאָכאָוו
ווילנע — ייווא קאַלמאַנאָוויטש — אַרכיוו
עקסקורסיעס אין פּראָווינץ
לעמבערגער קהלה לאַנדוי

**אַלע שרייבן**

אויסערגעוויינלעכע צייטן
פאַרדינסטן אין אַמעריקע
אַנטשולדיקן זיך פאַר מעשׂים
ווירקונג פון ע"ש
[מסתּמא] אַ פאַרפלייצונג פון מאַטעריאַלן
יעגע זוכן נישט קיין מאַטעריאַלן נאָר וואַלוטע

**מעטאָד**

וואַרשע פאַר געטאָ, געטאָ, זייט איבערזידלונג

## 4. בִיאָגראַפישע פאַרצייכענונגען

ט ש ו ד נ ע ר  ה ע ב ר ע י ש ע ר  פ א ע ט  ליריקער דיכטער
רעדאַקטאָר פון בדרך
לערער אין שולן
איינע פון די שענסטע ביבליאָטעקן
געהונגערט
געהאַנדלט מיט ביכער ייִדישער גלויבן אין שטוב
באַפרייט. אַ צווייט מאָל געקומען.
געדרוקט אין אויסגאַבן שירים איבערזעצונגען פון ר[וסיש].

י ק י ר  ו ו אַ ר ש אַ ו ו ס ק י
העבר[עיִש] ייִדישער נאָוועליסט — באַשריבן נסים פונעם שטעטל.
ייִדיש העבר[עיִשער] סטיליסט.
אויפן קאָנקורס פון אַב קאַהאַן פון 10 נאָוועלן.
זאַמלביכער אין העברעיִש. פעלעטאָניסט און שירים.
ליטעראַרישע צייטשריפטן הצפירה בדרך.
לאַנגיאָריקער לערער אין קאָוונער שולן.
עסקן פון קרן היסוד. [בעאַמטער] פון אַרבעטס־אַמט.
געשריבן מעמואַרן

ג ו ט ק ע ו ו י ט ש  תרבות טוער
געפאָרן קיין אַמעריקע
אויסגעבויט די תרבות שולן אין זיין שטאָט.

ר אַ ק אָ ו ו ס ק י  מ אַ ר ע ק, רעדאַקטאָר פון הצפירה.
טיפיש אינטעלעקטואַליסט, גרויסער ייִדישער און אַלג[עמיינער] עסקן
אויסגעצייכנטער העבראַיסט — געשריבן אין היינט, נאָש פשעגלאָנד
טעטיק אין זש.ט.ס. — תקומה קולט[ור] אָרגאַניזאַציע.
אַרויסגעטראָטן אויף פּאַר[זאַמלונגען].
לענגערע צייט אין שפּיטאָל — נישט געלונגען צו באַפרייען.

ד ר' מ י י ז נ ע ר — קוראַטאָריום פון ייִד[ישן] אינסטיטוט.
פרנס [אין קהילה]

י פ ת (ש אַ פ י ר אָ) מיטאַרבעטער פון מאָמענט
פון אַלטן אוצר, פון אַלע קוואַלן.
טעטיק אין מזרחי אויפן קולטור געביט — שול וועזן
מאָדער[נע] וויסנשאַפט
שענסטע ביבליאָטעק אין וואַרשע

ל. פ י י ן יונגער זשורנאַליסט מיטאַרב[עטער] פון היינט
אַ סך הומאָר און סטיל — געאַרבעט וויסנשאַפטלעך איבער אַ ווערטערבוך
העב[רעיש]־יידיש. בעת מלחמה — געהונגערט — לערער פון העבר[עאיש],
קופּלעטן פאַרן טעאַטער.
ח י ל י נ אָ ו י ט ש — בעסטער זשורנאַליסט, סיים קאָרעספּאָנדענט.
סינדיקאַט — אַ בוך וועגן אַ רייזע קיין א[רץ] י[שׂראל].
דזשאָינט — מאַטעריאַלן וועגן פּראָווינץ. זשורנאַליסט[יש] לעבן.
פּראָבלעמען לעבעדיקער — [3 ווערטער נישט לייענבאַר]
ל י ס — פּוס בשעת באָמבאַרדירונג
א י י נ ה א ָ ר ן — סאָרבאָגע, מיטגרינדער פון היינט, שטאַמט פון פּראָווינץ,
פּילזייטיק געבילדעט
רעדאַק[טאָר] פון היינט, קאָרעספּאָנדענט פון טאָג
קאָרספּ[אָנדענט] פון פּראָווינצ[ער] צייטונגען, וועכנטלעכע איבערזיכטן
ה ל ל צ י י ט ל י ן נסתר
ק ר י מ ס ק י מיטאַרבעטער פון מאָמענט טאָג־בוך — [מחבר ביליסטוק]
מערדער — פון מאָמעס, קינדער.
געגאַנגען פריי אַלס מאַרישאַ
ספרים וועגן ציוניזם, אַוטאָבּיאָגראַפיע
סעקרעטאַר פון שמואל מאָהילעווער
[רב] נ י ס ע נ ב ו י ם — יי.ס.א. בית ועד לחכמים — אַנטייל אין געזעל.
לעבן, פירער פון מזרחי — פריש און מונטער, און זיך געראַטעוועט
פּאַרזיצער פון ציוניסטישער פּאַסט מונטער
רעדאַקטאָר פון הצפירה.
קאַפּלאַן דלוגאַ 27, לופט־שוץ וואַרשטאַטן
[מאַטעריאַלן בוך און ג[עטאָ]ס]
צעמענטירט די גרופּע
אין די צייט פון ג[רע]סטע סכנות געלעגן אויף לעשנע 7
געווען אַ קרבן פון קינד.
ל ו י [ג ו ט ג ע ל ד] באַוווסטער [ציונ.] אין געטאָ געביט.
תּרבות שול
וואַרשע — יידישער קולטור טוער [און פירער פון] פּאָל[יטישע] פּ[אַרטייען]
יוגנט תּקומה. זש.ט.ס. רעוויר
ש ט ש ע ר אַ נ ס ק י — הייזער אין קה[ילה], מיט[גליד] פון יו[דן] ר[אַט].
[פ ע ל ס ט י אַ ן] קולטור אַרבעט, אַקטיווער [טוער פון] קרן יסוד
געזעלשאַפטלעך טעטיק
פּאָדסקאָטש ? — מיטבויער פון די סאָוויעט. — פליטים.
פּויסט מיטגליד צום סאָוויעט. לאָדזשער לאַנדסמאַנשאַפט
גוט גאַטליב [געגעסן אין] קיך מ.ס.
קוראַט. פון יידישן אינסטיטוט.

אייזערנער בריוו פון דייטש. איבעזידלונגס־
אַמט.

בראַז חנה רעציטירט

בערענשטיין — קריטיקער מאָמענט היינט
שריפטשטעלעריש — אַ טייל אויפגעהיט

לובאַשיצקי — עלטסטער העבר[עיִשער] שריפטשטעלער — ליטעראַטור.
ערצויגן אַ גאַנצן דור פון גרויסע שריפטשטעלער און טוער.
רעדאַקט[אָר] פון קינדערצייטונגען (כּוכב, בן כּוכב אאַ.)
משורר — פיינע פעלעטאָנען אין דער העברעיִשער ליטעראַטור. — קינדער
פעדאַגאָג — מחבר פון אַ ריי ביכער שירים
מטיף פון אוהל יעקב אין לאָדזש.
צענדליקער יאָרן פעד.[אַגאָגישע] טעטיקייט
קרישטאָל ריינע פערזענלעכקייט — דינע נאַטור, מסירת נפש
ריין מאָראַלישער מענטש — אַרבעטסזאַם
פליט מלחמה געלעבט פון לעקציעס — געקויפט דירע געשפּאַרט פון מויל

ראָזענצווייג — מאָדערנער יִיד[ישער] פעדאַגאָג.
אויסגעצייכנטער מיט שפּראַכלעכע פעאיִקייטן — העבר[עיִשער] סטיל
איבערגעזעצט אין שויין פלאַוויוסעס געש[יכטע] וווּנדערבאַר.
אַווטאָר פון לידער פאַר דערוואַקסענע און קינדער.
לאָדזש איינע פון די שענסטע פּאָזיציעס אין דער פעד[אַגאָגישער] וועלט
[ליטעראַטור]
פליט אין וואַרשע — לעקציעס — קאָמפּלעטן.

די לערער — באַאַמטע פון קהלה.

מ אָ ס ט ק אָ ו — ווילנער סעמינאַר.
געז.־טוער פון תּרבות. ליבע צו העברעיִש.
אָרג. פעאיקייטן פאַר געזעלש. טעטיקייט
אָרגאַניזירט אוונטן
אויפגעבויט די שול, די קיך, די [אַשראַדעק]
געשאַפן די שוויעטליצע
אויסגעצייכנט מיט רייפקייט, איניציאַטיוו.
אונטערנעמונגס גייסט.

בלאָקאַדע פון נאָוואָליפּקי 69

43 יאָר
שושנה קערסען — איינע פון די לערער העברעאישע.
נאָוו[אָליפּקי] 68, אַ פּראָמינענטע פּל[עגעריך]

מיט דעם העראָיִשן אַריינפירן [היל]ף ב״פ מאמש

מיט דעם אידעאישן אַריינפירן ליבע צו העברעאיש
אַלס לימוד אַלס אָרג[אַנישן] טייל פון דער דערציאונג.

קינדערלאַז, עסט אַלע איבעריקע
צניעותדיקער מענטש
באַשיידענער — קיך, נאָוו[אָליפּקי] 68.
מסירת נפש.
נאָוואָליפּקי 57.

עסקנים

## 5. רשימות פון עסקנים פון אַלע פּאַרטייען

**ליססעק (לינקע פּ״צ), רינגעלבלום לעאָן (לינקע פּ״צ), לויפּער (לינקע פּ״צ), שוואַרצבאַרד מאָרדקאָ** (לינקע פּ״צ — לאָדזש), פּראָוואַלסקי אברהם (קאָאָפּעראַטיסט), קראַמאַרזש (לינקע פּ״צ), סלוצקי (אָרט — בונד), אַלמנה נאָך יוסף לעשטשינסקי, מ. קאַלקשטיין (עסקן פון סאָציאַלער זעלבסטהילף), פרוי מאַקרסקאַ, גלינער (עסקן פון ערשטן רעוויר), פאַמיליע פון דיר. גוזיק, נוישטאַט לייב (?), פּשעדעצקי דוד (דודל פּאַלעסטיניעץ), שטיינבערג מלך, ווינער, אדוו. (זעלבסטמאַרד), מלאָווער ברײַנדל, אינזש. קונאָווסקי, קלינגבייל (רעוויזיאָניסט), נעכאַמקעס, וואָלקאָוויטש סעם, ווידע משה, ווידע העלענאַ, בער געניע, פּערעלמאַן דאָרע, וואָלק, געליבטער, פיש שמואל, ליליענטאַל דוד, גאַנצשטאַק שבתי, אַקסעלראָד פּ., מאַניע וואַסער (פרוי פון חיים וואַסער), קאַרטש, זשיכלינסקי, לערמאַן, באַראַנאָוויטש, דר׳ יעקב ליכטענבוים (פּרייווויליק), פרוי פון יאַן קירשראָט, שערעשעווסקאַ (?), בירקענהיים, אינזש. זיססאַק, פרוי פון רעדאַקטאָר שוואַלבע (זעלבסטמאָרד), פרוי פון אַדוואָקאַט בענקעל (זעלבסטמאָרד), שטיינבערג מלך, גליקליך לייזער, וואָלאַנאָוו שרה, יצחק גיטערמאַן, כאַלאַדענקאָ, זונדעלעוויטש, יאַשונסקי יוסף און ווישאָ [מישאָ?], ראַטמאַן הורוויטש זיגמונט, דר׳ מילייקאָווסקי, עקערמאַן, קראַנראָד אברהם מאיר (צעירי אגודת ישראל), פאַליק לאַנצבערג — פּאַרזיצער פון פועלי אגודת ישראל, שמואל [סענאַק] (פועלי אגודת ישראל), האַלזשטאָק (אָסטראָווצער רבי) מיט 3 וואָכן צוריק אומגעקומען, ראַדזינער רבי, חנן האָפּמאַן (האַנטווערקערטוער), מערמעלשטיין — דערשאָסן אויף פּראָסטאָ, פּליטים טוער, מאַקרסקי, מגר. נאַז, אינזש. היפּאָליט וואָהל (טאָפּאָראָל), מיעטשיסלאַוו הערץ — וויצע־פּאַרזיצער פון לאָדזשער שטאָטראָט, וויצע־פּרעזעס פון האַנדלסקאַמער, רובינשטיין הירש.

סאַניע נאָוואָגרודזקאַ („בונד"), ש. סאַגאַן (לינקע פ"צ), יוסף קאַפּלאַן (השומר הצעיר) — דערשאָסן אויפֿן פּאַוויאַק, קאַפּלאַן סאַמעק (הנוער הציוני), רחל שטיין — ראַטמאַן פֿון וואַרשע (זעלבסטמאַרד), יהודה שטשעראַנסקי (מזרחי), לוי גוטגעלד (אַלגעמיינער ציוני), אינזש. לעאָן פֿייגנבוים (רעכטע פּ"צ), יעקב דוד סיטנער (מיטגליד פֿון צ.ק. פֿון פּ"צ רעכטע), ד"ר ש. שענקער — וועטעראַן פֿון פּ"צ רעכטע, אברהם פישעלזאָן (רעכטע פּ"צ), משה ליכטשטיין (רעכטע פּ"צ), ד"ר פּאָדסקאָטש לייזער (רעכטע פּ"צ), מאַגיסטער לויפֿער (פּ"צ רעכטע), מאַג. שיינדל העכטקאָפּ (פּ"צ רעכטע), יצחק ווישינסקי (פּ"צ רעכטע), דאָבראָשקלאַנקאַ כאַסקל (אַלג. ציונ.), ישׂראל זעלצער (החלוץ), אברהם פראַנק (אַלג. ציוניסטן), ד"ר ליכטענבוים שפּילפּאָגעל (החלוץ), מאיר מאָרגענשטערן (פּ"צ רעכטע), מאַג. בראָווערמאַן אַרנאָלד שמואל (אַלג. ציוניסטן), ש. פויסט („אָרט"), ד"ר מייזנער („אָרט"), אופּפּאַל (אַלג. ציוניסטן), באַרטענשטיין („בונד"), אורבאַך (מזרחי). טשערניאַקאָוו אַדאַם, ציונ. כל. (זעלבסטמאָרד), דיוואַן זאַנוועל (בונד), לעוואַר־טאָווסקי־פינקעלשטיין (קאָמוניסט), בעלאַבראָוו (רעוויזיאָניסט), יוסף מאיר האַבער (אגודה), שמואל רובינשטיין (ל. פּ.צ.), שלמה לויפער (ל. פּ.צ.).

